פערלאַג „יהודיה".



# אידישע פאלקס-געשיכטע

פון



פראפעסאר צבי גרעטץ.

(אילוסטרירט).

איבערזעצט פון דייטש.

ערשטער באנד



ווארשא

תרע"ד—1914.

דרוקעריי „ענערגיע" חלאָדנא 8.

# אינהאלטס־פערצייכניס פון ערשטען באנד.

## דער ערשטער פעריאָד:

### פון דער גאַנץ אַלטער צייט ביז גלות־בבל.

### ערשטעס קאַפּיטעל:

**ווי אַזוי אידען זענען געוואָרען אַ פאָלק און זיך בעזעצט אין זייער לאַנד.**

דאָס לאַנד כנען. — דער אָנפאַנג פון אידישען פאָלק און דאָס אריינפּיה־רען אידען אין ארץ ישראל דורך יהושע בן נון. — דאָס איינגעהמען פונ'ם לאַנד דורך די פערשידענע שבטים. — דער טויט פון יהושע. — די געצענדינערייַ צווישען אידען און איהרע סבות. — די עפּאָכע פון די שופטים.— דער משכן אין שילה. — — — 1—27

### צווייטעס קאַפּיטעל:

**די ערשטע צייט פון די קעניגען.—שמואל און שאול.**

דער נביא שמואל און זיין ערציהען דאָס אידישע פאָלק. — די ערשטע שולע פון די יונגע נביאים. — שמואל אויף דער עלטער און די אבשוואַכונג פון דער אידישער אחדות. — די פאָדערונג פון פאָלק צו בעשטימען אַ מלך. — שמואל'ס בעגריף וועגען אַ אידישער קאָנסטי־טוציע. — דער מלך שאול און זיינע ערשטע מלחמות. — יונתן און דוד.— דוד ווערט געזאַלבט פאַר אַ קעניג.— די רדיפות פון דוד'ן דורך שאול'ן.— דער העלדישער טויט פונ'ם ערשטען אידישען קעניג און זיין זוהן. — — — — — — 27—57

### דריטעס קאַפּיטעל:

**דער קעניג דוד.**

די ערשטע עפּאָכע פון דוד'ס מלוכה אין יהודה. — אבנר און דוד דוד ווערט אַנערקענט פאַר אַ קעניג איבער'ן גאַנצען אידישען פאָלק. — דוד נעהמט־איין ירושלים און מאַכט זי פאַר אַ הויפּט־שטאָדט. —

# די ערשטע עפּאָכע פון דער אידישער געשיכטע.

---

## ערשטעס קאפּיטעל:

## ווי אַזוי אידען זענען געוואָרען אַ פאָלק און זיך בעזעצט אין זייער לאַנד.

אַ געבענשט ווינקעל איז געווען דאָס לאַנד כנען. דער רוישעני־דיגער ים וואשט זיינע ברעגען; הויכע בערג, וואָס זייערע שפּיצען פערליערען זיך אין די וואלקענס, בעציערען עס; קלענערע בערג און טהאלען לויפען איבער'ן גאנצען לאנד, עס טוישען זיך די ליניעס און פאָרמען אונטער אַ הייסער זון. אזא לאנד וועקט די בעפעלקערונג, אויב זי איז נאָר נישט אינגאנצען טעמפּיג, צו גרויסע מעשים, וועלכע שטעהען העכער פון טאָג־טעגליכען לעבען. דאָס לאנד כנען איז נאָך דערצו גע־בענשט געוועזן מיט בעזונדערע אייגענשאפטען און מעלות, ווי, למשל, רעגעלמעסיגע רעגענס, פריהלינג און זומער, הערבסט און ווינטער — שטענדיג אין דער בעשטימטער צייט, אַ דורכשניטליכע הויכע טעמפּע־ראַטור און, ממילא, אויך אַ גרויס גערעטעניש פון אלערליי פרוכטען, וועניג פערוואלקענטע טעג אין יאהר. רייך איז אויך דאָס לאנד געוועזן אין נאָך ערשיינונגען, וואָס דערוועקען שטענדיג די אויפמערקזאמקייט פונ'ם מענשען. פון דער נאטור אליין איז דאָס לאנד בעשטימט געוועזן צו דערהויבען די בעפעלקערונג צו אַ העכערער מדרגה און צו ענטוויקלען אין איהר אַנ'אייגענעם גייסטיגען לעבען. געדענקען מיר דערצו, אַז דאָס פאָלק, וואָס וואָהנט אין אַזאַ לאנד, האָט שוין דערצו, אין זיין פריהער יוגענד, געטראָגען אין זיך געזונדע קערנער פון רייכע און גרויסע גע־וויקסען, אַז געטראָגען האָט דאָס פאָלק אין זיך, האָטש נאָך אונבעוואוסט, דאָס געפיהל, אַז עס איז בעשאפען געוואָרען אויפצוטהון גרויסע מעשים, — וועלען מיר דאָן פערשטעהן, אַז אַזאַ פאָלק אין אַזאַ סביבה מוז אויסארבייטען אַ פעסטען נאציאנאלען כאַראַקטער, וועלכער בלייבט שוין ביי איהם אויף אייביג.

## פיערטעס קאפיטעל:
## דער קעניג שלמה.



## פינפטעס קאפיטעל:
## די שפאלטונג אין דער אידישער מלוכה.



## זעקסטעס קאפיטעל:
## די לעצטע מלכים פון מלכות ישראל און דער אונטערגאנג פון שומרון.

אויסער די דאזיגע זכרונות פון די גרויסע עלטערן, איז געווען נאך אנ'אומשטאנד, וועלכער האט שטענדיג דערמאהנט די אידען, אז די עגיפּטער האבען נישט קיין רעכט זיי צו פערקנעכטען: אידען האבען געוואוסט, אז זייערע גרויסע אבות האבען דערקענט און פערעהרט דעם איינציגען גאט, דעם בעשעפער פון הימעל, פון דער ערד און פון אלץ, וואס איז אויף איהר פאראן, דעם גאט, וועלכער ליעבט גערעכטיגקייט, וועהרענד די עגיפּטער האבען זיך געבוקט צו זייערע אבגעטער, צום אזירים*), צו דער איזים, צו די רינדער, בעק און קעץ. די גרויסע אידישע מאסען האבען אפילו אונטער'ן שווערען יאך פון דער קנעכטשאפט בּיסלעכווייז פערגעסען דעם איינציגען גאט; פיעל פון זיי האבען שוין אויך געהאט אנגענומען די עגיפּטישע אבגעטער; צווישען אידען איז אבער נאך געווען איין שבט לוי, וועלכער האט געטריי אבגעהיט די אלטע טראדיציע פון די גרויסע אבות, און שטענדיג געדענקט אן דעם איינציגען גאט. פון אט דעם שבט לוי זענען ארויסגעקומען צוויי ברידער, די זיהן פון עמרם און יוכבד, וועלכע האבען אין טיעפען הארצען אבגעהיט די אלטע אנדענקונגען פון'ם גרויסען איינציגען גאט, וואס די אידישע אבות האבען צו ערשט דערקענט. דער איינגערער פון די דאזיגע צוויי ברידער, משה, דער „איש האלהים“, אדער דער געטליכער מאן, דער ערשטער און גרעסטער פון אלע נביאים, איז געווען א פאלקס-ערציהער, וועלכער האט אין דער וועלט זיין גלייכען נישט, וועלכער שטייגט אריבער, שוין אלס געזעצגעבער אליין, אויך אלע שפּעטערדיגע מענער, וועלכע האבען פאר זייער פאלק געשריבען געזעצען, און וועלכער, צו אלע זיינע גרויסע מעלות און גוטע מדות, נאך אויך געווען א גרויסער עניו און האט געהאט א ליעבענד הארץ. זיין עלטערער ברודער, אהרן, האט געהאט א געשליפענערע שפראך פאר איהם, און איז, אין א געוויסער מאס, געווען זיין פערטרעטער, וואו מען האט געדארפט אנווענדען די רעדנערישע קונסט. בּיידע ברידער, משה און אהרן, האבען אומזיסט זיך בעמיהט ביי איינעם פון די עגיפּטישע מלכים **), אז ער זאל ערלויבען אידען אויסצוואנדערען פון עגיפּ-

*) אזירים איז געווען דער גרעסטער גאט ביי די אלטע עגיפּטער. ער איז געווען דער בעשיצער און אנפיהרער פון די געשטארבענע גרויסע לייט, ווי אויך דער גאט פון דער זון, פון דער לבנה און פונ'ם טייך נילוס. דער אבגאט אזירים איז געווען אויסגעהאקט פון שטיין אין דער געשטאלט פון א מומיע (א באלזאמירטער מת) מיט א בייטש און אנ'אייזערנער רוט אין די הענד און מיט פערשידענע ציערונגען אויפ'ן קאפּ. איזיס איז געווען זיין פרוי און שוועסטער, די טאכטער פון הימעל און פון דער ערד. דעם גאט אזירים האט מען געווידמעט דעם אקס אפּיס און דעם פויגעל פעניקס.

**) פרעה. די עגיפּטישע מלכים פלעגען זיך רופען פרעה און דאס עגיפּטישע פאלק פלעגט זיך בוקען צו זיי און פערעהרען זיי, ווי געטער.

דאָס לאַנד כנען (וועלכעס הייסט יעצט פּאַלעסטינאַ, אָדער ארץ ישראל) איז געלעגען אין דרום־זייט פון פעניקיען (אין תנ"ך הייסט עס „צור און צידון"), ביי'ם ברעג פון מיטעללענדישען ים*), און די בעפעלקערונג וואָס האָט זיך דאָרט בעזעצט, זענען געווען די קינדער פון ישראל, אָדער — אידען. איידער אידען האָבען זיך בעזעצט אינ'ם דאָזיגען לאַנד, האָבען זיי שוין געהאַט איבערגעלעבט זעהר וויכטיגע מאָמענטען, וועלכע זיי האָבען בעטראַכט, ווי איבערנאַטירליכע. דער אידישער שטאַם־פאָטער, יעקב אָדער ישׂראל, האָט געוואָהנט אין לאַנד כנען און איינ־מאָל, ווען דאָרט איז אויסגעבראָכען אַ הונגער, האָט ער זיך אריבער־געצויגען מיט אַלע זיינע קינדער און קינדס־קינדער, סך הכל 70 נפשות, קיין מצרים (עגיפּטען), וואו זיי זענען תחלת אויפגענומען געוואָרען זעהר פריינדליך און האָבען זיך בעזעצט אין דער צפון־פּראָווינץ (דאָס לאַנד גשן). אין אַ קורצע צייט האָבען זיי זיך דאָרט שטאַרק פערמעהרט; פון די זיעבציג נפשות זענען געוואָרען זיעבציג משפחות, וועלכע זענען געווען איינגעטיילט אין צוועלף שבטים. די דאָזיגע משפחות האָבען זיך ווייטער געפרוכפּערט, און אַ געוויסער עגיפּטישער קעניג האָט זיך אמאָל מישב געווען און ערקלערט זיי אַלעמען פאַר עלענדע קנעכט. מען האָט זיי געצוואונגען צו בויען שטעדט אויף צו זאַמלען דאָרט תבואה און אַנדערע זאַכען; ווי עס שיינט, האָבען אידען אויך געמוזט בויען די גרויסע טהורעמס און פּיראַמידען, אין וועלכע מען פלעגט בעגראָבען די עגיפּטישע מלכים. דורך דער דאָזיגער קנעכטשאַפט וואָלטען אידען אינ־גאַנצען פערווילדעט געוואָרען, ווען עס וואָלטען צווישען זיי נישט געלעבט געצעהלטע מענשען, די עלטסטע פון די שבטים און משפחות, וועלכע האָבען היילליג אָבגעהיט דעם אָנדענקען פון די גרויסע אָבות, פון דעם ערשטען אידישען פאָטער, אברהם, וועלכען מען האָט פער־עהרט אַלס אַ אידעאַל פון אַ וואָהלטעטיגען מאַן, פון איידעלקייט און גאָטספורכטיגקייט, פון זיין זוהן, יצחק, און זיין אייניקעל, יעקב, אָדער ישראל, וועלכער האָט זיך אויסגעלייטערט אין די פיעל ליידען און רדיפות, וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטעהן מצד זיין ברודער עשו, און פון יעקב'ס זוהן — יוסף, וועלכער איז געוואָרען אַ שני־למלך אין עגיפּטען און האָט געראַטעוועט דאָס לאַנד און דאָס פאָלק פון אונטערגאַנג אין שרעקליכע זיעבען הונגער־יאָהרען. און געדענקענדיג דאָס גוטס, וואָס יוסף האָט געטהון פאַר מצרים, האָבען אידען נאָך טיעפער געפיהלט די אונדאַנקבאַרקייט פון די עגיפּטער און דעם יאָך פון דער שווערער קנעכטשאַפט, וואָס מען האָט אויף זיי אַרויפגעלעגט.

*) מיטעללענדיש רופט מען דעם ים, וועלכער געפינט זיך צווישען אייראָפּאַ און אַפריקאַ, מיילוויז אויך ביי די ברעגען פון אַזיען. אין דער תורה הייסט ער „ים הגדול".

מען גרעסערע מלחמות און איינצונעהמען ענדליך דאס לאנד פון די על־טערן, דאס לאנד כנען.

אין דעם לעצטען יאהר פון דער לאנגער אידישער וואנדערונג אין'ם מדבר איז געשטארבען דער גרויסער נביא, משה, און איז געקומען צו קבורה אין א געהיימען ארט, וואס קיין מענש ווייס נאך עד היום נישט, וואו ער געפינט זיך. ווי די אידישע טראדיציע דערצעהלט, איז דער ארט געבליבען א געהיימניס פאר דער וועלט, כדי מען זאל דערנאך נישט קו־מען בוקען זיך אויף משה'ס קבר און אזוי ארום מאכען איהם פאר א גאט. פאר זיין טויט האט משה רבינו איבערגעגעבען די הנהגה איבער אידען זיין תלמיד יהושע בן נון, וועלכער האט אין פריהלינג אריבערגעפיהרט די אידען איבער'ן ירדן און אנגעהויבען איינגעהמען דאס לאנד. די נצחונות, וועלכע אידען האבען אבגעהאלטען אויף יענער זייט ירדן אי־בער די מלכים פון כנען, סיחון און עוג, און זייערע פעלקער, האבען צו־געגעבען אידען ענטשלאסענהייט און פעסטען גלויבען אונטערצונעהמען די מלחמה מיט די איינוואהנער פון לאנד כנען און זיי צו פערטרייבען. אבער איינצונעהמען דאס גאנצע לאנד, בעזעצען עס און בעפעסטיגען זיך דארט, איז געווען פיעל שווערער, ווי צו האבען נצחונות אין די ערשטע מלחמות, ווייל אינ'ם לעצטען פאל זענען אידען ארויסגעטראטען מיט גרויס אימפעט און מיט גרויסע מאסען בלויז געגען קלענערע מחנות פון די מלכים, ווערענד ביי'ם בעזעצען דאס לאנד איז עס געווען פונקט פערקעהרט: די מעהרהייט און די קראפט איז געווען אויף דער זייט פון די אידישע פיינד. בשעת די אידען זענען אריינגעטראטען אין לאנד כנען, איז דאס לאנד געווען צובראקעלט און איינגעטיילט צווישען 31 מלכים. אט די, אזוי גערופענע, מלכים האבען געהערשט מייסטענס איבער דער שטאדט, וואו זיי האבען געהאט זייער רעזידענץ, און די ארומיגע פעלדער, וואו זיי פלעגען זעהען פאר זיך תבואה און פיטערען זייער שאף. ס'איז מעגליך, אז די אפטע מלחמות, וועלכע זיי פלעגען צווישען זיך פיהרען, האבען זיי אויך שטארק אבגעשוואכט; קיין בונד צווישען זיך האבען זיי געווים נישט געהאט געשלאסען, אויף צו פערטיידיגען איינער דעם אנ־דערען. אויסערדעם האבען די דאזיגע מלכים פערלוירען אין דער ער־שטער צייט דעם מוט, צוליעב די ידיעות, וואס זיי האבען ערהאלטען ווע־גען א גרויס פאלק, וואס איז ארויסגעגאנגען פון מצרים און האט מנצח געווען צוויי שטארקע מלכים אויף יענער זייט פונ'ם טייך ירדן, ווייל זיין גרויסער גאט ציהט פאר'ן פאלק אין קאמפף און צושלאגט זיינע פיינד. די אימה, וואס אידען האבען געווארפען אויף די פעלקער פון לאנד כנען, בשעת זיי זענען אריבערגעגאנגען דעם ירדן, איז געווען אזוי געוואלדיג, אז די איינוואהנער פון פיער שטעדט, גבעון, כפירה, בארות און קרית־יערים, אונטער דעם אלגעמיינעם נאמען „גבעונים“, זענען געקומען און האבען זיך אליין אונטערגעווארפען דעם אידישען פאלק און זיך געלאזט

טען. ערשט נאָכדעם, ווי דאָס לאַנד עגיפּטען און דאָס פֿאָלק איז בע־שטראָפֿט געוואָרען מיט פֿיעל פּלאָגען (מכּות), איז איינער פֿון די עגיפּ־טישע מלכים געצוואונגען געוועזען צו געבען אידען די פֿערלאַנגטע ער־לויבניש.

ערשט מיט׳ן אַרויסגאַנג פֿון עגיפּטען (יציאַת מצרים) זענען די פֿערקנעכטעטע אידען געוואָרען אַ פֿאָלק.

צוזאַמען מיט דער דאָזיגער וואונדערליכער געשעהעניש זענען אָבער פֿאָרגעקומען נאָך אויך פֿיעל אַנדערע: אידען זענען דורכגעגאַנגען אין דער טריקעניש דעם קראָקאָדילען־ים, דערנאָך האָבען זיי פֿערציג יאָהר אַרומגעוואַנדערט אין׳ם גרויסען מדבּר, איידער זיי האָבען דער־גרייכט די גרעניצען פֿונ׳ם לאַנד, וואו זייערע עלטערען האָבען פֿריהער געוואָהנט; דערבּיי האָבען זיי אָבער אויך דערלעבט די גרעסטע פֿון אַלע גרויסע וועלט־געשעהענישען: גאָט האָט זיך צו זיי ענטפּלעקט אויפֿ׳ן באַרג סיני און געגעבען זיי דאָרט די „עשׂרת הדבּרות“—די צעהן געבאָט, וועלכע זענען געוואָרען דער פֿונדאַמענט פֿון ידיעת הבּורא — פֿונ׳ם ווי־סען, אַז ס׳איז פֿאַרהאַן נאָר איין איינציגער גאָט אויף דער וועלט — און פֿון אַ הויכער מאָראַל, נישט בּלויז פֿאַר אידען, נאָר אויך כּמעט פֿאַר אַלע פֿעלקער פֿון דער וועלט.

כּדי צו קומען פֿון עגיפּטען צו די גרעניצען פֿון לאַנד כּנען, האָבען אידען געהאַט פֿאַר זיך אַ גאַנץ קורצען וועג; אָבער מיט׳ן דאָזיגען וועג זואָלטען זיי אַריינקומען אין דרום־קאַנט פֿון לאַנד, און דאָרט האָבען גע־וואָהנט זעהר שטאַרקע פֿעלקער, מיט וועלכע אידען וואָלט אויסגעקומען צו פֿיהרען זעהר שווערע מלחמות. דאָס אידישע פֿאָלק האָט אָבער גע־לעבט עטליכע הונדערט יאָהר אין קנעכטשאַפֿט און איז דעריבּער אָבגע־וואוינט געוואָרען צו קעמפּפֿען מיט׳ן געוועהר, אָדער אַפֿילו צו קאָנען זיך פֿערטיידיגען. דער גרויסער אידישער מנהיג, משה, האָט דעריבּער איינ־געזעהען, אַז ס׳איז גאַנץ מעגליך, דאָס בּיי׳ם ערשטען צוזאַמענשטויס מיט די שטאַרקע פֿעלקער וועלען אידען ענטלויפֿען צוריק קיין עגיפּטען, און אָט דעריבּער האָט משה בּעשלאָסען נישט צו איילען זיך מיט׳ן פֿיה־רען דאָס יונגע פֿאָלק בּאַלד צום קאַמפּף מיט די פֿעלקער פֿון כּנען, נאָר צו ערציהען עס בּעסער אַ לענגערע צייט אין דער מדבּר און דערוואַרטען זיך בּיז עס וועט אויסוואַקסען אַ פֿרייער יונגער דור, וועלכער האָט די קנעכטשאַפֿט אין עגיפּטען נישט געזעהען. אין אַ משך פֿון פֿערציג יאָהר האָט משה געלערנט און ערצויגען דאָס פֿאָלק. אין דער דאָזיגער צייט האָבען אידען דורכגעמאַכט אַ לאַנגען וועג אינ׳ם מדבּר און זענען אַרומ־געגאַנגען דאָס לאַנד כּנען, בּיז זיי זענען געקומען צו זיינע מזרח־גרעני־צען. אויפֿ׳ן וועג איז זיי אויסגעקומען אויך איינציגע מאָל צו פֿיהרען מלחמה מיט עטליכע פֿעלקער, איבּער וועלכע זיי האָבען אָבגעהאַלטען גרויסע נצחונות, און דאָס האָט זיי צוגעגעבען נייען מוט, אונטערצינ־דענ־

אז יהושע, וועלכער האט פון זיי געשטאמט, וועט זיי קיין זאך נישט אפּ־
זאגען. זיי האבען געפאדערט נישט בלויז דאס שענע און פרוכטבארע פלא־
כע לאנד, וואס ציהט זיך עטליכע שעה - גאנג אין צפון־זייט פון די
בערג אפרים, נאר אויך די וויטערדיגע געגענד ארום דעם הויכען בארג
תבור. יהושע איז אבער געווען פיעל שטרענגער, ווי זיי האבען געהאפט.
אויף זייער פאדערונג האט ער זיי געענטפערט איראניש: „איהר האט דאך
פיעל מענשען, נעהמט אייך איין די צפון־בערג ביי די שטארקע ריזען
און האקט דארט אוים די וועלדער“. די שבטים אפרים און מנשה האבען
איינגעזעהען, אז יהושע מיינט גאר נישט נאכצוגעבען זייערע פאדערונ־
גען, און האבען דעריבער מעהר קיין אנטייל נישט גענומען אין די
מלחמות, וואס זייערע ברידער האבען געמוזט פיהרען; זיי האבען שוין
געקאנט צופריעדען זיין מיט דעם, וואס זיי האבען בעקומען, און פאר'ן
גאנצען פאלק האבען זיי זיך נישט געקימערט.

די איבעריגע שבטים האבען נאכגעטהון זייער ביישפיעל: יעדער
האט געזארגט נאר צו בעקומען פאר זיך זיין אייגענעם חלק. פיער שבטים
האבען זיך געווענדעט צום דרום־קאנט, פיער — צום צפון און צום מערב.
דאס, וואס די שבטים אפרים און מנשה האבען זיך נישט דערוועגט צו
טהון, האבען אונטערגענומען מוטיג די שבטים יששכר, זבולן, אשר און
נפתלי: זיי האבען זיך אראבגעלאזען אין טהאל יזרעאל און טיילוויז זיך
דארט בעזעצט; א טייל פון זיי אבער איז אריינגעדרונגען וויטער צו
צפון־זייט, ביז צו די בערג לבנון. מלחמה צו האלטען מיט די איינוואה־
נער פון טהאל זענען זיי אבער נאך וועניגער געווען פעהיג ווי אפרים און
מנשה, ווייל זיי האבען נישט געקאנט ביישטעהן גענגען די אייזערנע
רייט־וואגענס פון די פיינד. דער שבט יששכר איז געווען צופריעדען,
וואס ער האט בעקומען גענוג פעלדער, צו פיטערען זיינע בהמות און
שאף, און האט נישט געטראכט וועגען באלד איינצונעהמען די ארומיגע
פעלקער און בעפעסטיגען זיך אינ'ם לאנד. ער האט זיך גאר אליין אונ־
טערגעווארפען אונטער די כנענים פון דער געגענד, נאר כדי צו קאנען
פיהרען א רוהיג לעבען אינ'ם פרוכטבארען לאנד. צוליעב זיין רוהיגקייט,
איז דער שבט יששכר אויך מרוצה געווארען זיך אבצוזאגען אויף דערווייל
פון זיין פולער פרייהייט. דער שבט זבולן האט שוין וועניגער געשטרעבט
נאך רוה, און, ווי עס שיינט, האט ער זיך אויסגעקעמפט פעסטע פלע־
צער אין דער הויכער צפון־זייט פון בארג תבור. אמשווערסטען איז עס, ווי עס
שיינט, געגאנגען די איבריגע צוויי שבטים, אשר און נפתלי, וועלכע הא־
בען זיך בעגעגענט מיט שבטים פון כנען, וואס זענען געווען גוט געאיבט
אין מלחמה און שטארק דורך זייער אחדות. דא איז געווען א מין הויפט־
שטאדט חצור, וואו ס'האט געקעניגט דער שטארקער מלך יבין. די שבטים
אשר און נפתלי האבען דעריבער געבעטען געשווינדע הילף ביי יהושע.
ביי אידען האט נאך דאמאלס געהערשט אחדות, און יהושע האט דעריבער

מאַכען כמעט פאַר קנעכט. אַזוי אַרום האָבען אידען איינגענומען אונטער יהושע'ס הנהגה פיעל בעזונדערע שבטים פון פאָלק כנען און אויך קליינע מלכים דורכ'ן גרויסען אימפעט און דער אַחדות, מיט וועלכע זיי זענען אָנגעפאַלען אויף די פיינד. אידען האָבען אין די דאָזיגע ערשטע מלחמות איינגענומען דעם גאַנצען דרום־קאַנט און דעם צענטר פון לאַנד כנען. אַריינצודרינגען וויַטער אין די צפון־קאַנטען איז אָבער נישט געווען אַזוי לייכט, ווייל די כנען־שבטים, וועלכע האָבען דאָרט געוואָהנט, זענען געווען גוט געאיבט אין מלחמה און פלעגען אַרויסטרעטען אין קאַמפף מיט אייזערנע רייט־וואָגענס. פונדעסטוועגען וואָלט עס די אידען געלינגען זיי איינצונעהמען, ווען נאָר עס וואָלט ביי זיי נישט אָבגעשוואַכט געוואָרען די אַחדות, מיט וועלכער זיי זענען אַרויסגעטראָטען אין די ערשטע מלחמות. אָבער אַ טייל אידישע שבטים האָבען אין זינען געהאַט נאָר איינצונעהמען זייער חלק לאַנד, בעזעצען זיך אויף איהם און לעבען רוהיג, און צו געהען העלפען זייערע ברידער איינצונעהמען אויך די איבעריגע חלקים פונ'ם לאַנד כנען האָבען זיי זיך אָבגעזאָגט.

אין דער דאָזיגער אָבשוואַכונג פון דער אידישער אַחדות, וועלכע האָט געבראַכט דערצו, אַז מען האָט נישט פאָלקאָם איינגענומען דאָס גאַנצע לאַנד כנען, איז שולדיג געווען בעזונדערס דער שבט יוסף. דער דאָזיגער שבט, וועלכער איז בעשטאַנען פון צוויי בעזונדערע צווייגען, אפרים און מנשה, האָט פערלאַנגט פאַר זיך בעזונדערע רעכט און גרע־סערע חלקים, ערשטענס, צוליעב דעם, וואָס זיי האָבען געשטאַמט פון יוסף'ן, וועלכער איז געווען כמעט מלך אין מצרים און האָט דאָרט פער־טיידיגט די ערשטע אָנגעקומענע אידישע משפחות, און, צווייטענס, צו־ליעב דעם, וואָס דער אידישער מנהיג, יהושע, האָט פון זיי געשטאַמט (פון שבט אפרים). זיי האָבען אַלזאָ פערלאַנגט דעם בעסטען חלק פונ'ם לאַנד, די מיטעלסטע בערג, וועלכע זענען זעהר רייך מיט קוואַלען וואַסער און אויך זעהר פרוכטבאַר. די געגענד, וועלכע ליעגט אין צפון־און דרום־זייט פון שכם, וועלכע איז רייך אין בערג און טהאָלען, האָט גענומען פאַר זיך דער שבט אפרים. שכם איז געוואָרען די הויפט־שטאָדט פונ'ם דאָזיגען שבט; די שטאָדט איז געלעגען אין אַ טהאָל צווישען צוויי בערג (גריזים און עיבל) און דעריבער זענען אַרום איהר געווען פיעל קוואַלען וואַסער, און פאַר איהר האָט געפאַסט צו זיין די הויפט־שטאָדט פון דער גאַנצער געגענד. די שבטים אפרים און מנשה האָבען זיך אָבער נישט צופריעדען געשטעלט מיט'ן שענעם לאַנד*), וואָס זיי האָבען בעקומען, נאָר זיי האָבען אויך פערלאַנגט אַנדערע חלקים לאַנד, אין דער האָפנונג,

---

*) די שענע בערג, וועלכע זענען געלעגען אין זייער חלק, האָבען בעקומען פון זיי דעם נאָמען „הרי אפרים" — די בערג פון אפרים, און זענען געווען בעדעקט מיט ווייַנגערטנער און סעדער.

א חלק לאנד אין דרום־מערב־זייט פון אפרים, אדער ריכטיגער, א קליי־נעם טייל פון בנימינ'ס חלק, וועלכען ס'איז זעהר שווער געווען איינצו־נעהמען. דער שבט דן האט געדארפט איינגעהמען דעם טהאל שרין ביז'ן ים און זיך דארט בעזעצען, אבער דארט האט געוואהנט דאס כנען־פאלק אמורי, וועלכעס האט נישט דערלאזען דעם שבט דן צו בעזעצען זיך אינ'ם פלאכען לאנד, און האט איהם פערטריבען אויף די בערג; דארט ווידער זענען ארויסגעטראטען געגען דעם שבט דן די שבטים אפרים און בנימין און נישט געלאזען איהם בעזעצען זיך. א לאנגע צייט האט דער שבט דן געמוזט פיהרען א וואנדער־לעבען און שפעטער האט ער גאר געמוזט אויסוואנדערען אין וויטען צפון, צו זוכען דארט פאר זיך אנ'ארט אויף צו וואהנען. צוויי שבטים ראובן און גד און א האלבער שבט מנשה האבען זיך בעזעצט אויף יענער זייט ירדן, נאך איידער די אידען זענען אריינגעקומען אין לאנד כנען.

דאס איינגעהמען פונ'ם גרעסטען טייל פונ'ם לאנד כנען איז פונ־דעסטוועגען בכלל פארגעקומען אזוי געשווינד און כמעט אהן גרויסע שטערונגען, אז דאס האט געמוזט בעטראכט ווערען, ווי אנ'אמת'ער וואונדער סיי אין דער דאמאלסדיגער וועלט, סיי פאר די שפעטערדיגע דורות. ערשט מיט א יאהר פופציג פאר דעם האבען די אידען צוריק אב־געטראטען פון דער גרעניץ פון לאנד כנען, ווייל זיי זענען געווען אנגע־שראקען דורך די מרגלים, וועלכע זיי האבען געשיקט אויסקוקען דאס לאנד, און וועלכע האבען געבראכט די ידיעה, אז אינ'ם לאנד כנען וואה־נען ריעזען, שטארקע פעלקער, וואס האבען שטעדט, בעפעסטיגט מיט הויכע מויערען. איצט איז אויף די דאזיגע פעלקער געפאלען אזא אימה, אז זיי האבען מייסטענס אליין איבערגעגעבען זייער לאנד די אידען אין די הענד און דארט, וואו זיי האבען זיך געשטעלט ענטקעגען, האבען זיי געהאט די שרעקליכסטע מפלות. מען האט דעריבער איבעראל בעקומען די איבערצייגונג, אז גאט אליין געהט פאר די אידישע מחנות און ער האט צוטומעלט און צושפרייט זייערע פיינד. די פאעזיע האט פעראייביגט דעם ארויסגאנג פון מצרים, דעם דורכגאנג דורך דעם גרויסען מדבר און דאס איינגעהמען פונ'ם לאנד אין שענע ליעדער, — דען אויך די געטליכע מתנה פון גרויסע דינכטער האבען די אידען געהאט אין א גרויסער מאס.

זוי ארעם עס זענען נישט געווען די חלקים פון אייניגע שבטים, ווי, למשל, פון די שבטים שמעון און דן, פונדעסטוועגען האבען זיי דאך פארט געהאט אנ'אייגען ווינקעלע, וואו זיי האבען געקאנט זיך אויפהאלטען חאטש אויף דערוויילע און צוגרייטען זיך, צו פערנעהמען שפעטער א גרע־סערען חלק לאנד פון די כנענים. נאר איין שבט לוי איז געבליעבען אהן קיין שום חלק אינ'ם לאנד. משה רבינו'ס איינארדנונג איז געטריי דורכגעפיהרט געווארען: דער שבט לוי — א געבוירענער שבט פון

באַלד געקאָנט זײַ קומען צו הילף מיט זײַנע חילות. יהושע איז פּלוצלינג אָנגעפאַלען אויף די כנענים, וועלכע זענען געשטאַנען פערזאַמעלט אונ־טער׳ן קעניג יבין נעבען מי־מרום, און האָט זײַ צוקלאַפּט. די פײַנד, וועל־כע זענען לעבעדיג געבליבען פון דער מלחמה, האָט יהושע פערפאָלגט גאַנץ ווײַט, ביז ער האָט זײַ אַלעמען פערניכטעט. דער דאָזיגער נצחון האָט געגעבען די מעגליכקײַט די שבטים אשר און נפתלי, צו בעזעצען זיך צווישען מזרח־זײַט פון אָנפאַנג ירדן און דער מערב־זײַט פון מיטעללענדי־שען ים. אשר און נפתלי זענען אַזוי אַרום געוואָרען די אײַנוואָהנער פון עקסטען צפון פון לאַנד כנען, כמעט די היטער פון דער גרעניץ פון אי־דישען לאַנד.

אין דער זעלביגער צײַט האָבען פיער אַנדערע שבטים אויסגע־קעמפט זיך אַן אָרט צו וואָהנען אין דרום־קאַנט פון לאַנד כנען, און ווי־דער דורך די אײגענע קרעפטען, אָהן דער הילף פון די איבעריגע שבטים. דער קלײנער שבט בנימין, וועלכער איז געווען נאָהענטער פערוואַנדעט מיט אפרים און מנשה, האָט בעקומען, ווי עס שײַנט, פון זײ אַ שמאָלען פאַס לאַנד, נישט זעהר קײן פרוכטבאַרען, און כמעט דאָס גאַנצע לאַנד פון די גבעונים, וועלכע האָבען זיך אונטערגעוואָרפען פאַר קנעכט בײַ אידען, ווי אויך קלײנע טײלען לאַנד אין מזרח און מערב פון גבעון. אַרײַנצודרינגען ווײַטער אין דרום־זײַט איז געווען אויך אַזוי שווער, ווי דאָס אײַננעהמען די פעלקער אין צפון־קאַנט אויף דעם גרויסען פלאַכען לאַנד. אין רעכטען מיטען לאַנד, וואָס האָט געהערט צום שבט בנימין, האָבען געוואָהנט די יבוסים — אַ שטאַרק פאָלק, וואָס איז זעהר געאיבט געווען אין מלחמה און האָט פערטײדיגט זײַן לאַנד דורך דער פעסטונג ציון, וועלכע איז געווען געבויט אויף אַ הויכען באַרג. אין מערב־זײַט, צום מיטעללענדישען ים, אויפ׳ן פלאַכען לאַנד, האָט די אָרטיגע בעפעל־קערונג אויך געהאַט אײַזערנע רײַט־וואָגענס, און די אידען האָבען געגען זײ נישט געקאָנט פיהרען קײן מלחמה אין דער ערשטער צײַט פון זײער אַנקומען אין לאַנד. פאַר די איבריגע שבטים איז קײן אַנדער וועג נישט געבליבען, ווי צו ווענדען זיך אָדער צום מערב־קאַנט, אָדער צום דרום, און בעזעצען זיך דאָרט. צווישען די דאָזיגע שבטים איז אויך געווען דער שבט יהודה — אײנער פון די שטאַרקסטע און צאָהלרײַכסטע אידישע שבטים; צו יהודה איז צוגעשטאַנען דער שבט שמעון, וועלכער האָט איהם געפאָלגט און געדיענט, ווי אַ געטרײַער אונטערטאַן זײַן הערר.

ערגער פאַר אַלעמען איז עס געגאַנגען דעם שבט דן, וועלכער האָט כמעט געשוועבט אין דער לופטען. די צאָהל פון זײַנע נפשות איז געווען נישט גרויס, און קײן שטאַרקערען שבט, וואָס זאָל איהם בעשיצען, האָט ער אויך נישט געהאַט. ווי עס שײַנט, איז דער שבט דן געווען אַ געווי־סע צײַט אונטערטעניג דעם שבט אפרים, אָבער דער לעצטער האָט גע־טראַכט קודם כל וועגען זיך אַלײן און האָט איבערגעלאָזען דעם שבט דן

לאַנד, אַ ירושה פון גאָט. דאָס לאַנד האָט געדאַרפט מיטווירקען, אַז דאָס אידישע פאָלק זאָל קאָנען ערפילען זיין בעשטימונג צו ווערען אַ ביישפיעל פון גערעכטיגקייט און פון הייליגקייט פאַר אַלע פעלקער. אין בעציהונג צום הייליגען לאַנד איז חוץ־לארץ (אויסלאַנד) געווען גערעכענט פאַר נישט הייליג, דען דאָרט האָט מען נישט געקאָנט ערפילען די גרויסע אויפגאַבע צו דיענען געטריי דעם איינציגען גאָט און ערפילען זיינע געבאָטען, און אידישע געלעהרטע האָבען געלערנט דאָס פאָלק, אַז דאָס הייליגע לאַנד און בעשאַנקען געוואָרען מיט אַ בעזונדער מתנה, צו דער־פיהלען, אויב דאָס אידישע פאָלק לעבט מיט גאָט, אָדער עס פערגעסט אָן איהם. דריי פערברעכען, וועלכע מען האָט געהאַלטען פאַר די גרויזאַם־סטע — מאָרד, ניאוף און געצען־דיענעריי — האָט דאָס לאַנד בשום אופן נישט געקאָנט פערטראָגען; צוליעב אַזעלכע שענדליכע פערברעכען, האָט דאָס לאַנד אַרויסגעוואָרפען פון זיך זיינע פריהערדיגע איינוואָהנער, עס האָט זיי, ווי אויסגעשפיגען פון זיך; דאָס לאַנד וועט אָבער אויך נישט פערטראָגען דאָס אידישע פאָלק, אויב מען וועט בעגעהן די דאָזיגע פער־ברעכען. דאָס לאַנד איז געווען פאַר די אידישע איינוואָהנער אַ געבענשט ווינקעלע, וואָס קאָן נישט פערגליכען ווערען מיט קיין אַנדער לאַנד אין דער וועלט.

---

און אין דער ווירקליכקייט האָט ארץ־ישראל, ווי דאָס לאַנד האָט שוין איצט געהייסען, אַזעלכע אייגענשאַפטען, ווי קיין אַנדער לאַנד אויף דער גאַנצער ערד, לויט די גענויעסטע פאָרשונגען, וועלכע מען האָט געמאַכט. אין אַ קליינעם שטח פון 225 קילאָמעטער די לענג און 90 קילאָמעטער ברייט (ווען מען זאָל שוין אויך אַריינרעכענען דאָס לאַנד פון יענער זייט ירדן) געפינען זיך די פערשיעדענסטע קלימאַטען און אייגענשאַפטען, וואָס גיבען דעם לאַנד אַ בעזונדערען כאַראַקטער. די קעפּ פון די בערג לבנון און חרמון, וועלכע זענען פון צפון־זייט בעדעקט מיט אייביגען שניי, קוקען אַראָב אויף אַ גרויסע רייהע פון נידעריגע בערג־קעפּ און טהאָלען, וועל־כע ציהען זיך ווייט־ווייט אין דעם זאַמדיגען מדבר. אין דרום־קאַנט, וואו עס הערשען אַפריקאַנישע ברענענדיגע היצען, אין אַ גאַנץ ענגער שכנות'שאַפט, וואַקסען אין ארץ־ישראל, איינער נעבען דעם אַנדערען, פער־שיעדענאַרטיגע ביימער, וועלכע געהערען געוועהנליך צו גאַנץ פערשיע־דענע קלימאַטען און לענדער: דער שע״ר טייטעל־בוים (פאַלמע), וועלכער וואַקסט נאָר אין די הייסע לענדער, און דער טאַנענבוים, וועלכער קאָן גאָר נישט פערטראָגען אַזאַ היץ. און ווען די היץ פון דרום־קאַנט מאַכט זידען דאָס בלוט ביי'ם מענשען אין די אָדערען און דערוועקט אין איהם שטאַר־קע תאוות, קיהלט איהם אָב דאָס ליעבליכע ווינדטעל, וועלכעס טראָגט זיך פון די שניי־פעלדער אויף די הויכע בערג אין צפון־קאַנט, און מאַכט איהם רוהיג און געלאַסען. דאָס וואַסער בעגרענצט דאָס לאַנד ווי אַ ראַהם:

נאָט'ס־דינער — האָט זיך נישט געדאַרפט בעשעפטיגען מיט לאַנד־אַרבייט און אויך נישט זאָרגען וועגען דער פערגרעסערונג פון זיינע גיטער; דער שבט לוי האָט נישט געטאָרט טהון, ווי די פּריסטער (כהנים) אין מצרים, וועלכע האָבען, אונטער דער מאַסקע פון רעליגיעזע אינטערעסען, צוגענומען דאָס לאַנד ביי'ם אַרבייטענדען פאָלק און דאַדורך געוואָרען אליין די רייכסטע קאַסטע (שבט) אין מצרים; דער שבט לוי האָט געדאַרפט בלייבען אָרים און בעגניגען זיך דערמיט, וואָס די גוט־בעזיצער אָדער די פּיה־האָדעוועך וועלען זיי ברענגען מתנות, און ער האָט נישט געדאַרפט האָבען קיין אַנדער בעשעפטיגונג, ווי אָבצוהיטען דאָס געזעץ פון גאָט און זיין הייליגען טעמפּעל.

אין דער ערשטער צייט האָבען די מיטגליעדער פון שבט לוי זיך אויפגעהאַלטען בעזונדער אין גלגל, אַנ'אָרט, וועלכער געפינט זיך צווישען דער שטאָדט יריחו און דעם ירדן; דאָרט איז געוועזען אויפגעשטעלט דער משכן מיט'ן ארון, וואו מען האָט געהאַלטען די לוחות, אויף וועלכע ס'זענען געוועזען אויסגעקריצט די עשרת הדברות, וואָס משה רבינו האָט ערהאַלטען אויפ'ן באַרג סיני; דאָרט פלעגט מען אויך ברענגען קרבנות. אָבער לאַנג האָט גלגל נישט געקאָנט בלייבען דער רעליגיעזער צענטער, וואו עס זאָלען זיך פערזאַמלען דריי מאָל אין יאָהר אַלע אידען, ווי משה רבינו האָט געבאָטען, ווייל די אַרומיגע געגענד איז געוועזען נישט קיין פרוכטבאַרע, און דער אָרט איז געלעגען אָן א זייט פון די גרויסע וועגען, וועלכע פעראייניגען אַלע פונקטען פונ'ם לאַנד. און דעריבער, ווי נאָר דאָס אידישע פאָלק האָט זיך בעפעסטיגט אין לאַנד, און די חילות פון די שבטים ראובן און גד זענען בעפרייט געוואָרען פון די מלחמות און האָבען געקאָנט אומקעהרען זיך אַהיים אויף יענער זייט ירדן, האָט מען געמוזט אָנהויבען טראַכטען אויפצוזוכען א שטענדיגען אָרט פאַר'ן הייליגען אָרון מיט די לוחות־הברית. אַז אַזאַ אָרט האָט זיך געמוזט געפינען אינ'ם חלק פון שבט אפרים, איז, לויט די דאַמאָלסדיגע אומשטענדען, געווען א זעלבסטפערשטענדליכע זאַך. מען האָט דעריבער אויסגעקליבען פאַר אַזאַ אָרט שילה; אהין האָט מען געבראַכט דעם אָרון און געבויט דאָרט א מזבח; אהין האָבען זיך פערזאַמעלט, אויב אויך נישט אַלע אידען, טאָ לפחות, די שבטים אפרים, מנשה און בנימין. דער עלטסטער פון די דאַמאָלסדיגע כהנים, אהרן'ס אייניקעל, פינחס, ווי אויך יענע, וועלכע זענען געווען נאָך איהם הויפט־פּריעסטער (כהנים גדולים), האָבען געוואָהנט אין שילה. דאָ האָבען אויך געוואָהנט פיעל לויים, וועהרענד דער גרעסטער טייל פון שבט לוי האָט געלעבט אין אַנדערע שטעדט, צווישען די פערשיעדענע שבטים, און האָט בכלל געפיהרט א וואַנדער־לעבען.

דורך דעם, וואָס די אידען האָבען זיך בעזעצט אין לאַנד כנען, האָט דאָס לאַנד נישט בלויז אַנ'אַנדער נאָמען בעקומען, נאָר אויך זיין כאַראַקטער איז אַנ'אַנדערער געוואָרען. איצט איז עס געוואָרען א הייליג

טענע ערשײַנונג אין יענעם קאַנט, און אײניגע שעה גאַנג אַרום דעם ים־המלח געפֿינען זיך נאָר זאַלץ־זומפּען. בײדע ימים, דער ים כנרת און דער ים המלח, האָבען אָבער אײן געמײנזאַמע ערשײַנונג: אויף זײערע ברעגען שפּרינגען אַרויס הײסע קוואַלען, װעלכֿע זענען רײַך מיט שװעבעל און קאָנען דינען אויף צו קורירען פֿערשידענע קראַנקהײטען. די דאָזיגע ערטער הײסען Kollirhoe — קלרה — אין מזרח־זײַט פֿון ים־המלח און עמאוס — Ammaus — בײַ'ם ים כנרת.

אַ גרויסע ברכה פֿאַר ארץ־ישראל זענען זײַנע בערג. ארץ־ישראל איז איבערהויפּט אַ געבירגיג לאַנד. צװײ לאַנגע קײטען בערג אין צפֿון־זײַט פֿונ'ם לאַנד, צװישען װעלכֿע ס'ציהט זיך אַ טיפֿער טהאָל, שװעבען אין מאַיעסטעטישער פּראַכֿט ביז אין די װאָלקענס, װי צװײ מעכֿטיגע ריזען מיט װײַסע קעפּ: דער לבנון, װאָס זײַן העכֿסטער שפּיץ איבער 10 טויזענד פֿוס הויך דערגרײכֿט אין דער שנײ־געגענד, און דער חרמון, (אַנטי־לבנון), װאָס זײַן העכֿסטער שפּיץ איז 9300 פֿוס הויך. דער באַרג לבנון האָט קײנ־מאָל נישט געהערט צו ארץ־ישראל, דען ער איז שטענדיג געװען אין רשות פֿון די פֿעניקיער, פֿון די אַראַמײער (אַרם) און זײערע יורשים. אָבער די אידען האָבען אויסגענוצט די בערימטע צעדער־װעלדער פֿונ'ם דאָזיגען באַרג און נאָך מעהר, זײַנע ערהאַבענע בילדער און די טײַערע ריחות פֿון זײַנע װעלדער, אין דער אידישער פּאָעזיע. נעהנטער איז געװען פֿאַר אידען דער באַרג חרמון מיט זײַן גלאַנציגען שנײ־קאָפּ. דאָרט, װאו אַנדע־רע בערג פֿערשטעלען נישט דעם באַרג חרמון, קאָן מען איהם זעהן און בעװאונדערען אין אַ װײַטקײט פֿון 150 קילאָמעטער, און די גרעניץ פֿון ארץ־ישראל האָט זיך געצויגען האַרט ביז זײַנע גלײַך־שטעהענדע װענד אין דרום־זײַט.

פֿון די בײדע בערג לבנון און חרמון האָבען זיך געצויגען, װי זײַטי־גע צװײַגען פֿון אַ גרויסען בוים, קלענערע קײטען בערג אין צפֿון־קאַנט פֿון ארץ־ישראל, װעלכֿע װערען אַלץ נידעריגער און פֿלאַכֿער, ביז זײ לאָזען זיך אַראָב אין פּרוכֿטבאַרען טהאָל יזרעאל. דער דאָזיגער טהאָל האָט אַ דרײַ־קאַנטיגע פֿאָרם און איז בעגרענצט פֿון אײן זײַט מיט'ן באַרג כרמל, פֿון דער אַנדערער — מיט'ן באַרג גלבוע, און פֿון דער דריטער — מיט'ן באַרג תבור. דער טהאָל יזרעאל צוטײלט ארץ־ישראל אין צװײ חלקים: דער קלענערער צפֿון־טײל, װעלכֿער האָט שפּעטער געהײסען גליל, און דער גרעסערער דרום־טײל. אין דרום־זײַט פֿון דעם טהאָל שטײַגט דאָס לאַנד װידער אין דער הויך אין דער געשטאַלט פֿון קלענערע בערג, װאָס אײני־גע שפּיצען זײערע דערגרײכֿען ביז 2000 פֿוס אין דער הויך, װעלכֿע מען האָט גערופֿען הרי־אפרים — בערג פֿון אפרים; פֿון ירושלים ביז חברון, צום דרום, הויבט זיך דער באָדען נאָך העכֿער און דערגרײכֿט ערטערװײַז ביז 3000 פֿוס הויך; דאָס זענען די הרי־יהודה — די בערג פֿון יהודה. פֿון חברון און װײַטער, צום דרום, לאָזט זיך דער באָדען װידער אַראָב

אין מערב־זײַט ליעגט דער מיטעללענדישער ים, וועלכער שנײַדעט זיך אַרײַן אין די ברעגען פֿונ'ם לאַנד און בערייטעט דאַדורך ערטער, וואו עס זאָלען זיך קאָנען אָבשטעלען די שיפֿען; אין מזרח־זײַט ציהט זיך דער ירדן, וועלכער הויבט זיך אָן פֿונ'ם באַרג חרמון און לויפֿט גלײַך, ווי אַ שנור, פֿון צפֿון צום דרום; אין אָנפֿאַנג און בײַ'ם ענדע שנײַדט דורך דער ירדן צוויי גרויסע ימים־אָזיערעס: אין צפֿון זײַט — דעם ים כנרת (דער האַרפֿען־ים) און אין דרום גיעסט ער זיך אַרײַן אין וואונדערליכען זאַלץ־ים (ים המלח). אויך די דאָזיגע בײדע ימים זענען זעהר פֿערשיעדען אײנער פֿונ'ם אַנדערען: אין ים־כנרת איז דאָס וואַסער זיס, און עס לעבען אין איהם פֿיש פֿון די פֿערשיעדענסטע מינים; אויף זײַנע ברעגען בליהען טײטעל־בוימער, פֿײַגען־בוימער, ווײַנשטאָקען און אַנדערע פֿרוכט־בוימער. אַ דאַנק דער הויכער טעמפּעראַטור ווערען דאָ די פֿרוכטען פֿאַרטיג מיט אַ מאָנאַט פֿריהער, ווי אויף די הויכע ערטער אין די אַרומיגע געגענדען. דער זאַלץ־ים האָט פּונקט אַ פֿערקעהרטע ווירקונג און מיט רעכט רופֿט מען איהם דער טויטער ים, ווײַל קיין שום פֿיש קאָן אין איהם נישט לעבען. דאָס פֿיעל זאַלץ, וואָס זײַן וואַסער ענטהאַלט, איז געמישט מיט דער ביטערער ערד און מיט'ן אַספֿאַלט און טויטעט אָב אַלע לעבעדיגע בעשעפֿענישען, וועלכע מען לאָזט אַהין אַרײַן. אַפֿילו די לופֿט איז דאָרט אָנגעזאָפּט מיט זאַלץ, און דאָס לאַנד, גאַנץ ווײַט אַרום, איז פֿול מיט זאַלץ־גריבער — אַ שוידערהאַפֿטער טויטער מדבר. דער טויטער ים ליעגט ווי אין אַ לענג־רונדליכען קעסעל צווישען הויכע בערג, וועלכע דערהויבען זיך ערטערווײַז ביז 1300 פֿוס אין דער הויך איבער'ן וואַסער פֿון ים; אויף די בערג אַרום זענען נישטאָ קיין שום פֿלאַנצען, קיין שום געוויקסען, די אומגעגענד שטעלט דעריבער פֿאָר אַ טרויעריג בילד פֿון אַן'אָבגעשטאָרבענער וועלט. און פֿונדעסטוועגען טרעפֿט מען דאָ אויך, צווישען די ברעגען פֿון טויטען ים און די וויסטע בערג, אָאַזען*), וועלכע זענען נישט וועניגער פֿרוכטבאַר, ווי די געבענשטע געגענדען פֿון דער ערד, און פֿון דער פֿעטער ערד וואַקסען דאָרט אַרויס די שענסטע באַלזאַם־פֿלאַנצען. פֿרוכטבאַר איז די אָאַזע עין־גדי, אין מערב זײַט פֿון מיטעל ים המלח; אָבער נאָך שענער איז די אָאַזע, וועלכע געפֿינט זיך אין דרום־מזרח זײַט, וואו ס'איז פֿאַרצײַטען געשטאַנען די שטאָדט צוער, וועלכע מען האָט גערופֿען, צוליעב די וועלדער מיט טײטעל־בוימער, וואָס דאָרט זענען געוועען, תמרה, אָדער עיר התמרים (די שטאָדט פֿון טײטלען). אויך דאָ זענען פֿאַרצײַטען זעהר געראָטען געוועזן די קוסטעס פֿון באַלזאַם. אָנדערטהאַלבען שעה גאַנג פֿון צפֿון־מזרח זײַט פֿון ים־המלח איז געוואַקסען דער בעריהמטער באַלזאַם פֿון גלעד (צרי גלעד) בײַ דער שטאָדט בית הרן. די אָאַזען זענען אָבער בכלל אַ זעל־

*) אָאַזע הײסט אַנ'אָרט אין וויסטען מדבר, וואו עס איז פֿאַרהאַן אַ קוואַל וואַסער און עס וואַקסען בוימער און געדיכט גראָז.

קיין קוואַלען נישטאַ, מוז מען זיך פֿערזאָרגען מיט וואַסער צום טרינקען אין דער רעגען-צייט; צו דעם צוועק האָט מען אויס ברונען (ציסטער-נען) אין׳ם שטיינערנעם באָדען און דאָרט זאַמעלט מען דאָס וואַסער אין דער רעגען-צייט.

אַ דאַנק דער גרויסער פֿערשידענהייט פֿון׳ם באָדען, ווי אויך די פֿיעל וואַסערען, וועלכע פֿאַלען אַראָב פֿון די בערג חרמון, לבנון און זייערע צווייגען, בעזונדערס אָבער, אַ דאַנק די גרויסע רעגענס אין פֿריהילינג און הערבסט, איז דאָס לאַנד מעהרסטענטיילס זעהר פֿרוכטבאַר. וואו נאָר די פֿלייסיגקייט פֿון׳ם מענשען האָט אין ארץ-ישראל געאַרבייט, איז עס געווען און געבליבען אַ לאַנד, וואו „עס פֿליסט מילך און האָניג“, אַ שען לאַנד, „פֿול מיט וואַסער-טייכען, קוואַלען און אָזיערעס, טהאָלען און בערג, אַ לאַנד פֿון ווייץ, גערשטען און ווײַנשטאָקען, פֿייגען און מילגרויי-מען, אַ לאַנד פֿון אייל-בירטען, טייטלען און האָניג; אַ לאַנד, וואו מען ברויכט נישט צו זאַמלען קיין זאַפּאַס, כּדי זיכער צו זיין אין אַ הונגער-צייט; אַ לאַנד, וואו ס׳פֿעהלט קיין זאַך נישט, וואו פֿון די שטיינער בע-קומט מען אייזען און פֿון די בערג — קופּער“. בעזונדערס פֿרוכטבאַר זענען געווען די טהאָלען, וואו מען פֿלעגט קאָנען שניידען תבואה צוויי מאָל אין יאָהר; אָבער אויך דאָס לאַנד, וואָס איז געלעגען אין צפון-זייט פֿון טהאָל יזרעאל, איז געווען פֿרוכטבאַר; דאָרט זענען פֿאַרצייטען געווען אַזוי פֿיעל אייל-בירטען, אַז ס׳איז געווען אַ שפּריכוואָרט: „מען טונקט איין די פֿיס אין בוימאייל“. אין דרום-זייט פֿון טהאָל יזרעאל זענען געווען די לענדער פֿון די שבטים אפרים און מנשה, וואו דער לאַנד-אַרבייטער פֿלעגט צוריק בעקומען פֿון דער בעאַרבייטעטער ערד גוטע גערעטעניש מיט גרויסער שפע, איבעראַל שפּרינגען דאָרט אַרום קוואַלען וואַסער פֿון צווי-שען די שטיינער; דאָס וואַסער פֿערזאַמעלט זיך אין שנעלע שטראָמען און דערגרייכט אַ גרויסע קראַפֿט צו טרייבען מיהלען. דער באָדען האָט דערי-בער געניג פֿייכטקייט. דאָס לאַנד פֿון אפרים און מנשה איז געווען אַזוי רייך געבענשט, אַז מען האָט עס אין אַ ליעד בעזונגען:

„פֿון דער פֿרוכט פֿון הימעל פֿון אויבען,<br>
„און די שטראָמען פֿון דער ערד פֿון אונטען,<br>
„פֿון דער פֿרוכט, וואָס ווערט צייטיג דורך דער זון<br>
„און פֿון דער פֿרוכט, וואָס רופֿט אַרויס די לבנה“.

די זייטען פֿון די בערג זענען פֿאַרצייטען געווען בעדעקט מיט בלי-הענדע גערטנער און ווײַנשטאָקען, העכער אויף די בערג האָבען געהערשט געדיכטע וועלדער פֿון טאַנען-בוימער, טהערעבינטען און טאַקסוסבוימער. אין בעזונדערס גינסטיגע ערטער פֿלעגען זיך דערהויבען די שלאַנקע פּאַל-מען, וועלכע פֿלעגען געבען זיסע פֿרוכטען און זייער האָניג-זאַפֿט פֿלעגט זיין אָפֿט אַזוי רייך, אַז ער פֿלעגט זיך גיסען אויף דער ערד. נאָר צום דרום-

ניעדריגער, אונ די פֿאַרצײַטיגע גרענעץ־שטאָדט באֵר־שבע, וועלכע געפֿינט
זיך דאָרט, ליגט שוין אין אַ הויך פֿון נישט מעהר, ווי 700 פֿוס, איבער׳ן
וואַסער פֿון ים. סײַ די בערג פֿון אפרים, סײַ די בערג פֿון יהודה לאָזען
זיך אַראָב ניעדעריגער פֿון מזרח צום מערב־זײַט אונ דאַ ציהט זיך ביז׳ן
מיטעלענדישען ים דער טהאָל שרון אונ דאָס ניעדערלאַנד (שפלה). אין
מזרח־זײַט לאָזען זיך אַראָב די בערג פֿון יהודה אונ אפרים צום ירדן־צו.
אייניגע שפּיצען פֿון די דאָזיגע בערג האָבען געהאַט אַ בעזונדערען נאָמען
אונ בעדײַטונג: ביידע בערג נעבען שכם האָט מען גערופֿען „גריזים“ אין
„עיבל“, אָדער דער „באַרג פֿון דער ברכה“ אונ דער „באַרג פֿון דער קללה“;
אין מזרח־זײַט זענען געוועזען די בערג „בית־אל אונ „מצפה“ אין ענדליך
דער באַרג „ציון“ (2610 פֿוס הויך) אין דרום־מערב זײַט פֿון ירושלים אונ
דער „הר הזיתים“ — דער „אייל־באַרג“ (2720 פֿוס הויך) אין מזרח־זײַט
פֿון ירושלים.

די דאָזיגע גרויסע פֿערשיעדענהייט אין די געשטאַלטען אונ פֿאָרמען
פֿונ׳ם לאַנד האָט געהאַט אַ גרויסע בעדײַטונג נישט בלויז פֿאַר דער פּראָ־
דוקציע פֿונ׳ם באָדען, פֿאַר די פּרוכטען אונ תבואות, וואָס דאָס לאַנד האָט
אַרויסגעגעבען, נאָר אויך אויפ׳ן כאַראַקטער פֿון דער בעפֿעלקערונג. פֿון
צפֿון ביז׳ן דרום ציהען זיך איבער׳ן גאַנצען לאַנד דרײַ פֿערשיעדענע פּאַ־
סען: אין מיטען — דער באַרג־פּאַס, פֿון מערב־זײַט פֿונ׳ם באַרג ביז׳ן ים —
דאָס ניעדעריגע לאַנד, אונ פֿון מזרח־זײַט ביז׳ן ירדן — פּאַשע־פֿעלדער.
אינ׳ם ניעדעריגען לאַנד איז דאָס קלימאַט מילד, אויף די בערג איז אין
דער רעגען־צײַט קאַלט, אונ זומער איז דאָרט די לופֿט מעסיג־וואַרעם;
דאַגעגען אין דער געגענד פֿון ירדן איז כמעט דאָס גאַנצע יאָהר מייס־
טענס הייס.

גרויסע טײַכען, וועלכע זאָלען אַ גאַנץ יאָהר זיין רײַך מיט וואַסער,
זענען אין ארץ־ישראל נישטאָ, אויסער דעם ירדן; אָבער פֿאַר דער שיפֿערײַ־
טויג דער ירדן אויך נישט, ווײַל ער פֿליעסט זעהר שנעל, אונ אויף פֿיעל
ערטער לויפֿט ער איבער גרויסע שטיינער; זײַן גרויסע בעדײַטונג פֿאַר׳ן
לאַנד בעשטעהט נאָר דערין, וואָס ער בעוועסערט ביידע ניעדעריגע ברע־
גען אונ מאַכט זיי זעהר פּרוכטבאַר, בעזונדערס איז דער ירדן רײַך מיט
וואַסער אין פֿריהלינג, ווען דער צושמעלצענער שניי פֿון באַרג חרמון
גיעסט זיך אַראָב אין טהאָל. די איבריגע וואַסער־שטראָמען קאָנען נישט
גערופֿען ווערען „טײַכען“, ווײַל אין הייסען זומער ווערען זיי אויסגעטרי־
קענט. אַזעלכע „ווינטער־טײַכען“ זענען אָבער אַ ברכה פֿאַר דער געגענד,
וואו זיי פֿליעסען, ווײַל זיי מאַכען פּרוכטבאַר דאָס לאַנד. תבואה־פֿעלדער
געפֿינען זיך מייסטענס נעבען אַזעלכע טײַכען. פֿאַר דער פּרוכטבאַרקייט
פֿונ׳ם לאַנד האָבען אויך אַ גרויסע בעדײַטונג די וואַסער־קוועלען, וועלכע
שפּרינגען אַרויס פֿון די בערג אונ ציהען זיך יעדער פֿאַר זיך בעזונדערע,
נישט צונויפֿגיסענדיג זיך אין אַ טײַך. אין יענע געגענדען, וואו עס זענען

טיעפזיניגע נאַטור־פּאָעזיע איז טאַקי ענטשטאַנען נאָר אָט דאָ, אין דעם געבענשטען לאַנד.

דאָס לאַנד פון יענער זייט ירדן, גלעד, וואו ס'האָבען פריהער געוועלטיגט די מלכים סיחון און עוג, וועלכע די שבטים ראובן און גד האָבען איינגענומען פון זיין לאַנד, שטעלט אויך פאָר כמעט דאָס זעלבע בילד, ווי דאָס לאַנד פון דער־זייט ירדן, אויך דאָרט זענען פאַראַן בערג און דאָס אויג האָט אויך דאָרט פיעל הערליכע בילדער פון זייערע שפיצען צו זעהען. אָבער דעם רוישענדען ים מיט זיינע גרויסע חוואַליעס קאָן מען שוין פון דאָרט נישט זעהען; העכסטענס זעהט מען פון דאָרט א בלויע פּאַסיקעל זיך ציהען אויפ'ן ברעג הימעל אין מערב־זייט. דאָ האָט די דיכטונג שוין נישט געהאַט אַזוי פיעל דערוועקענדע קרעפטען און געגנשטאַנדען, ווי אינ'ם לאַנד פון דער זייט ירדן. און אויף וויפיעל מיר ווייסען, איז טאַקי קיין איינציגער דיכטער נישט אַרויסגעקומען פונ'ם דאָזיגען לאַנד, און צו דער רייהע פון די נביאים האָט דאָס דאָזיגע לאַנד צוגעשטעלט נאָר איין איינציגען, וועלכער האָט טאַקי געהאַט אַזאַ שטורמישען גייסט און טעמפּעראַמענט, ווי די שטורמישע וואַסערען אין די טהאָלען צווישען די בערג פון זיין פאָטערלאַנד. דער דאָזיגער נביא איז געווען איינער פון די שרעקליכסטע פערפאָלגער פון די געצענדיענערייע...

דער ירדן איז נישט בלויז אַ נאַטור־גרעניץ צווישען ביידע טיילען פון ארץ־ישראל, ער איז אויך געוואָרען אַ גייסטיגע גרעניץ צווישען זיי. דאָס לאַנד פון דער־זייט ירדן האָט געהאַט נאָך אַ חשיבות געגען דאָס לאַנד גלעד (ד. ה. יענע זייט ירדן): דאָ האָבען די אידען, בשעת זיי האָבען דאָס לאַנד איינגענומען, שוין געפונען פאַרטיגע אויסגעבויטע שטעדט און אויך שטעדטישע איינריכטונגען, וועלכע זענען דער ערשטער יסוד פון אַ בירגערליך איינגעאָרדענט לעבען; אין גלעד דאַגעגען האָבען די שבטים ראובן און גד געפונען זעהר ווייניג שטעדט, און די עטליכע שטעדט, וואָס זענען דאָרט יאָ געווען, זענען געלעגען זעהר ווייט איינע פון די אַנדערע.

* *
*

דורך די ערשטע גליקליכע מלחמות, וואָס יהושע בן נון האָט געפיהרט מיט די פערשיעדענע שבטים פון די כנען־פעלקער, איז ארץ־ישראל נאָך ווייט נישט געווען איינגענומען אינגאַנצען אויף דער זייט ירדן; גרויסע חלקים פונ'ם לאַנד זענען נאָך געווען אין רשות פון די כנענים. ס'איז איצט שווער צו זאָגען, אויף וויפיעל יהושע איז אַליין געווען שולדיג דערין. אַלענפאַלס האָט יהושע נישט געהאַט אַזאַ גליקליכע עלטער, ווי זיין לעהרער משה, וועגען וועלכען די תורה דערצעהלט, אַז ביז'ן לעצטען טאָג איז ער נאָך געווען מיט אַלע זיינע יונגע קרעפטען. יהושע האָט אויף דער עלטער זיך דערשפירט שוואַך און, ווי עס שיינט, האָט ער שוין נישט געקאָנט האַלטען די הנהגה ביי אידען מיט אַ שטאַרקער האַנד.

זייט איז די פֿרוכטבאַרקייט פֿון לאַנד געווען קלענער, ווייל דאָ איז דער באָדען געוועזען פֿול נאַקעטע בערגלעך, און טהאָלען זענען געווען ווייניג. אָבער אויך דאָ זענען געווען נאָך גענוג פֿעלדער פֿאַר פּאַשע. נאָר אין ווייטען דרום, הינטער חברון איז שוין די געגענד אַ וויסטעניש.

דאָס קלימאַט פֿונ'ם לאַנד איז, אַ דאַנק די בערג און די שטענדיגע לופֿט־שטרעמונגען פֿון ים און פֿון די הויכע שניי־קעפּ, איבעראַל אַ געזונדעס, און דעריבער איז אינ'ם לאַנד אויסגעוואַקסען אַ קרעפֿטיג פֿאָלק. אין ארץ־ישראל זענען דאַמאָלס נישט געווען קיין פֿערפֿוילטע זומפּען, וואָס זייער פּאַרע זאָל די לופֿט פֿערדאַרבען. קראַנקהייטען זענען דאָרט פֿאַרגעקומען זעלטען, סיידען עמיצער פֿלעגט זיך שעדיגען דורך אַן'אונגליקספֿאַל. אויך מגפות פֿון אַנשטעקענדע קרענק פֿלעגען דאָרט זעהר זעלטען פֿאָרקומען.

און ווי רייך דאָס לאַנד האָט געגעבען מאַטעריעלע שפּייז, האָט עס נאָך מעהר געגעבען גייסטיגע געזונדע שפּייז פֿאַר דער נשמה. דאָס לאַנד איז אַפילו זעהר קליין אין פֿערגלייך מיט די גרויסע לענדער פֿון אייראָפּאַ: פֿון געוויסע פּונקטען און שפּיצען בערג קאָן מען דאָס גאַנצע לאַנד אַרומנעהמען מיט איין בליק פֿון מזרח ביז מערב, מען קאָן זעהען דעם שפּיגעל פֿון טויטען ים מיט'ן ירדן מיט די בערג פֿון גלעד אויף איין זייט, און די גרויסע חוואַליעס פֿון מיטעללענדישען ים — אויף דער אַנדערער. שטעהענדיג אויפֿ'ן באַרג חרמון, נעהמט אַרום דער בליק פֿונ'ם מענשען נאָך אַ ווייטערע געגענד, אָבער ווי דערהויבט דער דאָזיגער בליק דעם גייסט פֿונ'ם מענשען! פֿון פֿיעל ערטער קאָן דאָס אויג זעהען די שענסטע און ערהאַבענסטע לאַנדשאַפֿטען און בילדער. די לופֿט איז דעם גרעסטען טייל פֿון יאָהר אַזוי ריין און דורכזיכטיג, אַז מען קאָן טיילמאָל מיינען, דאָס מען קוקט דורך גרויסע געשליפֿענע גלעזער פֿון טעלעסקאָפּען, וועלכע זענען ערגיץ וואו אויסגעשטעלט אין דער לופֿטען און טראָגען צו נעהנטער דעם בעצויבערטען אויג די ווייטעסטע זאַכען און בילדער. די פֿאַנטאַזיע פֿון דיכטער הערט דאָ ווי „תבור און חרמון לויבען און בעזינגען גאָט'ס נאָמען". די שענע ווייטע פֿאָרמען פֿון די בערג דריקען נישט אַזוי שטאַרק אויף דער נשמה, ווי די הויכע בערג־קאָלאָסען פֿון אַנדערע לענדער; קיין טיעפֿע אָבגרונדען פֿון טהאָלען און שפּאַלטען צווישען בערג (ווי אין דער שווייץ, למשל) וואַרפֿען דאָ נישט קיין אימה אויפֿ'ן מענשען: דאָס אויג שווימט זיך אַריבער מילד פֿון באַרג צום טהאָל און פֿון טהאָל צום באָרג, פֿיהלענדיג זיך איבעראַל היימיש, ליעבליך און פֿריינדליך מיט דער שענער און מילדער נאַטור. און טראָגט דער מענש אין זיין נשמה אַ קערנדעל פֿון דער פּאָעטישער מתנה, קאָן ער זיך ענטוויקלען און מעכטיג אויסוואַקסען דורכ'ן אָנבליק פֿון דער שענהייט פֿון דער סביבה און דער בעצויבערנדער פֿערשיעדענהייט פֿון די לאַנדשאַפֿטען. די אמת'ע

טויט. די דאָזיגע פראַגע איז בעזונדערס שווער געוואָרען דאַדורך, וואָס מען איז געווען זיכער, אַז דער שבט אפרים וועט זעלטען־זועמען וועלען געהאָרכען. און ווען יהושע איז ענדליך געשטאָרבען, איז דאָס אי־דישע פאָלק געבליבען פער׳יתום׳ט און האָט אפילו ווייניג פערשטאַ־נען זיין אומגליק: דאָס פאָלק האָט נישט געטרויערט נאָכ׳ן צווייטען מנהיג, ווי נאָכ׳ן ערשטען. אָבער אַ יין גרויסע זאַך האָט יהושע אי־בערגעלאָזען אידען — די האָפנונג .און די אויסזיכט, אַז ס׳מוז קומען אַ צייט, ווען דאָס גאַנצע לאַנד וועט געהערען צו אידען. האָפנונגען, ביי וועלכע פעלקער האַלטען זיך פעסט, מוזען תמיד ערפילט ווערען. אָבער גרויסע נסיונות האָבען נאָך אידען געהאַט בייצושטעהען, גרוי־סע מלחמות האָבען זיי נאָך געהאַט צו פיהרען, איידער ס׳האָט גע־קאָנט פערווירקליכט ווערען דער אידעאַל, אַז דאָס גאַנצע לאַנד זאָל געהערען דעם אידישען פאָלק.

וואָרום ווי פיעל שכנים, אַזוי פיעל פיינד האָבען אידען געהאַט. און אויב אפילו די כנען־פעלקער האָבען אויך נישט געוואוסט פון דער אידישער תורה און האָבען קיין בעגריף נישט געהאַט, אין וואָס פאַר אַ בעציהונג זי שטעהט צו דער געצענדיענערײַ, ווי אויך, אַז אי־דען איז בעפוילען געוואָרען צו צושטערען זייערע מזבחות און פער־ניכטען זייערע געטער — דער האַס צו די אידען, אלס צו אַ פרעמד פאָלק, וואָס איז געקומען פון גאַנץ ווייט און האָט זיך אריינגעריסען אין לאַנד, פערניכטענדיג אַלץ מיט פייער און שווערד — דער דאָזי־גער האַס איז געווען זעהר גרויס. וואָס־זשע האָבען אַלזאָ געקאָנט טהון די אידישע שבטים געגען אַזאַ אָפענער אָדער בעהאַלטענער שׂנאה? זיי האָבען געמוזט אָדער מיט זיי פיהרען ווייטער דעם קאַמפף און שטרעבען זיי צו פערניכטען אינגאַנצען, אָדער בעמיהען זיך צו לע־בען מיט זיי פריינדליך, ווי מיט גוטע שכנים. פיהרען באַלד ווייטער די מלחמה איז איצט געווען אַנ׳אומעגליכע זאַך, ווייל נאָך יהושע׳ס טויט זענען אידען געבליבען אָהן אַ מנהיג, און ס׳האָט זיי אויך געפעהלט דער חשק צו פיהרען מלחמה; אויסערדעם איז צווישען זיי כלל קיין אחדות נישט געווען. די איינגעהמער האָבען דעריבער בּיסלעכווייז אריינגעשטעקט דאָס שווערד צוריק אין שייד און זיך בעמיהט צו לעבען בשלום מיט די פעלקער. די כנען־פעלקער און די פיניקער האָבען אינ׳ם יעצטיגען מאָ־מענט אויך מעהר נישט פערלאַנגט. די דאָזיגע צווי פעלקער האָבען זיך בעשעפטיגט מייסטענס מיט לאַנד־אַרבייט און מסחר; פאַר זיי איז דע־ריבער נויטיג געווען, אַז די וועגען, אויף וועלכע ס׳געהען זייערע קאַראַ־וואַנען מיט סחורות, זאָלען זיין זיכער פון רויבערייען און אָנפאַלען, וועלכע קומען פאָר שטענדיג בעזונדערס פיעל אין מלחמה־צייט. נאָר די פעלקער, וואָס האָבען געוואָהנט אויף די גרעניצען, די פלשתּים אין דרום־מערב, אדום — אין דרום, עמון און מואב נעבען דעם לאַנד גלעד אויף

זיכער איז אָבער, אַז די הויפּט־שולד דערפון, וואָס מען האָט דאָס גאַנצע
לאַנד נישט איינגענומען, איז געלעגען אין די שבטים אפרים און מנשה,
וועלכע האָבען זיך צוריקגעצויגען פון די אַלגעמיינע מלחמות לטובת
דעם גאַנצען אידישען פאָלק, כדי צו געניסען אַ רוהיג לעבען אין די
פרוכטבאַרע חלקים פונ'ם לאַנד. וועלכע זיי האָבען בעקומען, און זייער
שלעכטען ביישפּיעל האָבען אויך נאָכגעטהון פיעל אַנדערע שבטים. יעדער
שבט, אפילו אויך יעדע אידישע משפחה, האָט אַנגעהויבען טראַכטען נאָר
וועגען זיך אַליין און איז ממילא אויך געווען געצוואונגען צו בעזאָרגען
אַליין אַלע זיינע אינטערעסען, ווי אויך פערטיידיגען זיך געגען די פרי־
הערדיגע אָרטיגע איינוואָהנער.

אויף אַזאַ אופן איז געבליעבען די גאַנצע געגענד אי דאָס פרוכטבאַ־
רע, אי דאָס זאָמדיגע ניעדערלאַנד פון עזה אָדער פון טייך מצרים
(Rhinokolura) ביז עכו, נישט איינגענומען. דער דאָזיגער ברעג פון ים, ווי
אויך די צפון־זייט פון עכו ביז צור און צידון, זענען אויך שפּעטער קיינמאָל
נישט איינגענומען געוואָרען דורך אידען און נישט איינגעשלאָסען געוואָ־
רען אין ארץ־ישראל. דער צפון־טייל האָט געהערט צו די פעניקיער
(צור און צידון), דער דרום־טייל — די פלשתים. אַזוי אַרום האָבען פיעל
שבטים געוואָהנט אין שכנות'שאַפט, אָדער גאָר אין מיטען פון די גע־
צענדיענערשע פעלקער. די שבטים יהודה, בנימין און שמעון, וועלכע
האָבען געוואָהנט אָבגעזונדערט פון אַלע איבריגע שבטים, האָבען אַמ־
מייסטען געוואָהנט פערמישט צווישען פרעמדע פעלקער, און גראָד צווישען
רויבער־שטאַמען, וואָס פלעגען בעפאַלען די רייזענדער אויף די וועגען,
פון שאַפּ־פּיטערונג. ווי עס איז שוין דערמאָהנט געוואָרען פריהער,
און האָבען נישט געוואוסט פון דעם רוהיגען לעבען פון שאַפּ־פּיטערונג.
ווי עס איז שוין דערמאָהנט געוואָרען פריהער, האָבען די יבוסים גע־
וואָהנט אויף דער גרענעץ פון שבט בנימין, און כמעט אָבגעשניטען די
שבטים יהודה און בנימין פון אַלע איבריגע שבטים.

און אויב יהושע האָט מיט פריידע דערזעהען אויף דער עלטער,
אַז גאָט'ס הבטחה איז מקוים געוואָרען, איז זיין פריידע אָבער אויך
נישט געווען קיין גאַנצע. דאָס לאַנד האָט שוין איצט געהערט צו אי־
דען, אָבער נישט אינגאַנצען, נאָר קוים אַ העלפט פון איהם. און אויך
דאָס, וואָס מען האָט איינגענומען, האָט געקאָנט, דורך אַ פעראייניגונג
צווישען די כנען־פעלקער, און אַ ליאַדע מינוט אָבגענומען ווערען ביי
אידען צוריק. און איבער אידען האָט דעריבער שטענדיג געשוועבט די
געפאַהר אַרויסגעטריעבען צו ווערען צוריק פונ'ם איינגענומענעם לאַנד.
יהושע האָט מיט בעזאָרגעניש געמוזט קוקען אויף דער עלטער, אַז ער
האָט זיין אויפגאַבע אינגאַנצען נישט ערפילט. די דאָזיגע בעזאָרגע־
ניש איז נאָך גרעסער געוואָרען דאַדורך, וואָס ער האָט נישט קיין פע־
היגען מענשען, וועמען ער זאָל קאָנען אַנטרויען די הנהגה נאָך זיין

קרבן, אַלס דעם הויפּט-געגענשטאַנד פֿון דער עבודה צו גאָט און פֿי׳נ׳ם פֿעראייניגען זיך מיט איהם. ווער ס׳האָט אַלזאָ געפֿיהלט די בעדערפֿעניש גאָט צו דיענען, האָט זיך געבויט אַ מזבח. אָדער ער איז געגאַנגען צו אַ פֿרעמדען מזבח, וועלכער האָט זיך געפֿינען ביי די שכנים, כדי צו ברענגען אַ קרבן. די תורה, וועלכע אידען האָבען אויפ׳ן באַרג סיני ערהאַלטען, האָט דערצו נאָך אויך נישט געהאַט איהרע פֿערטרעטער און לעהרער, וועלכע זאָלען דאָס פֿאָלק לערנען, ווי אַזוי מען דאַרף דיענען צו גאָט אַנדערש. די לוים, וועלכע האָבען געלעבט צוזייהט און צושפּרייט צווישען די איבריגע שבטים און נישט געהאַט קיין אייגען שטיקעל לאַנד, נישט קיין הויז און גאָרטען, זענען געווען זעהר אָרים; זיי האָבען געפֿיהרט כמעט אַ בעטלערישען לעבען, און דאָס פֿאָלק האָט פֿאַר זיי נישט געהאַט קיין שום דרך ארץ. עס זענען געווען נאָך פֿיעל אומשטענדען, ווי, למשל, אַלטע געוואָהנהייט, די תאוה נאָכצוטהון עמיצען, נאַטירליכע ליידענ־שאַפֿטען, וועלכע האָבען געשפּיעלט אַ גרויסע ראָליע אין דער געצען־דיענעריי א. אַ. וו. — אָט דאָס אַלץ האָט געבראַכט דערצו, אַז אידען זאָלען צושטעהן צו דער געצענדיענעריי פֿון זייערע שכנים; דאַגעגען פֿאַר אַ ריינעם גאָטעס-דיענסט אי׳נ׳ם זין פֿון דער אידישער תורה איז נאָך דאַמאָלס קיין דערוועקונג צווישען אידען נישט געווען.

ס׳איז דעריבער נישט קיין וואונדער, ווי אַזוי עס איז געקומען, אַז אויף די בערג אין ארץ-ישראל האָבען זיך בעוויזען ביי אידען מזבחות מיט מצבות פֿאַר אָבגעטער. בעזונדערס שטאַרק האָט זיך פֿערשפּרייט צווישען אידען די פֿערעהרונג פֿו׳נ׳ם פֿעניקישען אָבגאָט בעל (Adonis) דער סימבאָל פֿון דער זון, און פֿון עשתרות (Astarte), דער סימבאָל פֿון דער לבנה, וועלכע גיעט דער ערד איהר פֿרוכטבאַרקייט. מען האָט אויך געמאַכט הויז-געטער אין מענשען-געשטאַלט, ווי מומיען (תרפים), וועלכע מען האָט געהאַלטען פֿאַר שוץ-געטער.

אָבער די אַלטע זכרונות וועגען די גרויסע וואונדערליכע געשעהענישען, וואָס דאָס אידישע פֿאָלק האָט איבערגעלעבט מיט אַ פּאָר דורות פֿריהער, האָט מען נישט פֿערגעסען, און חאָטש די שבטים האָבען געלעבט אָבגעזונדערט איינע פֿון די אַנדערע, זענען דאָך די זכרונות געווען דער געהיימער באַנד, וועלכער האָט זיי אַלעמען פֿעראייניגט. דער פֿאָטער פֿלעגט זיי דערצעהלען זיין זוהן, דער זוהן פֿלעגט זיי איבערגעבען זיינע קינדער, און אַזוי האָבען די גרויסע זכרונות געלעבט אין אידישען פֿאָלק. אין שווערע צייטען פֿלעגען זיך יחידים, אָדער גאַנצע שבטים, פֿעסטהאַלטען אָן די דאָזיגע זכרונות: „וְאַיֵּה זענען גאָטעס וואונדער — פֿלעגט מען פֿרעגען — וועגען וועלכע אונזערע עלטערן האָבען אונז דער־צעהלט, ווי ער האָט אונז אַרויסגעפֿיהרט פֿון מצרים און אַריינגעבראַכט אי׳נ׳ם דאָזיגען לאַנד?“ די געשעהעניש אויפ׳ן פֿלאַמענדיגען באַרג סיני איז נאָך געבליבען שטענדיג לעבעדיג אין די הערצער פֿון יענע מענשען;

יענער זייט ירדן, האָבען זיך שטענדיג פעראייניגט, ווען נאָר מען האָט געדאַרפט אָנפאַלען אויף אידען און אונטערדריקען זיי אָדער ברענגען זיי שאָדען.

די אידען האָבען אין אַ משך פון אַ גאַנצען יאָהרהונדערט קיין מנוחה־שעה נישט געהאַט: פריהער די וואַנדערונג אין דער וויסטע, דערנאָך די גרויסע מלחמות אייננצונעהמען דאָס נייע לאַנד, וואוהין זיי זשנען אַריינגעקומען. ס'איז דעריבער קיין וואונדער נישט, וואָס די אידען האָבען שטאַרק געשפירט די בעדערפעניש צו לעבען שוין אַמאָל רוהיג, און זענען געווען גרייט אויך צו ברענגען די גרעסטע קרבנות צוליעב דעם, חאָטש דאָס האָט אויך געבראַכט שאָדען זייערע אייגענע פאָלקס־אינטערעסען. כדי צו פערזיכערן זיך, אַז זיי זאָלען קאָנען אין דער צוקונפט פיהרען אַ פריינדליך לעבען מיט זייערע שכנות'ע פעלקער, האָבען אידען אָנגעהויבען זיך מתחתן צו זיין מיט זיי: אידישע יונגע לייט האָבען גענומען פרויען פון די פרעמדע פעלקער, און אידישע טעכ־טער האָט מען אויסגעגעבען פאַר פרעמדע יונגע לייט פון די כנענים.

אַזעלכע געמישטע חתונות זענען פאָרגעקומען מייסטענס ביי יענע שבטים, וועלכע האָבען געוואָהנט אויף דער גרעניץ פון ארץ־ישראל און האָבען געזעהען דערין דאָס איינציגע מיטעל, צו פערזיכערן זיך אַ רוהיג לעבען אין דער צוקונפט צוזאַמען מיט די שכנות'ע פעלקער. די געמישטע חתונות האָבען אָבער באַלד געבראַכט דערצו, אַז אידען האָבען אויך אָנ־געהויבען צו דינען די אָבגעטער פון די פרעמדע פעלקער. די אָרטיגע געצענדינער האָבען געהאַט פיעל ערטער, וואו זיי האָבען אויסגעבויט מזבחות פאַר זייערע אָבגעטער און געבראַכט דאָרט קרבנות, וואָס זענען געווען צוגעפּאַסט צו זייערע מיטהען, ד. ה. אַלטע ערצעהלונגען און לעגענדעם וועגען די אָבגעטער. באַלד זענען אויך ביי אידען אָבגעהייליגט געוואָרען פאַר די דאָזיגע אָבגעטער הויכע בערג און טיעפע טהאָלען. דאָס פראָסט פאָלק, וואָס האָט בכלל ווייניג פערשטאַנען, אין וואָס עס בעשטעהט דער אונטערשייד צווישען דער אידישער תורה און די אָבגע־טער, וועגען וועלכע זיי האָבען נאָך געדענקט פון מצרים, האָט אָנגע־הויבען טיילצונעהמען אין דער געצענדינעריי פון זייערע שכנים אָהן קיין שום קאַמפף. בּיסלעכווייז איז די געצענדינעריי אויך אַריינגע־דרונגען אין וויטערע אידישע קרייזען, בפרט נאָך צוליעב דעם, וואָס די פיניקער זענען געשטאַנען העכער פאַר אידען אין פערשיעדענע מלאכות און קונסטען. איבערהויפּט האָט די געצענדינעריי געהאַט פיעל חן אין די אויגען פון פאָלק, וועלכעס איז נאָך געווען ווייניג ענטוויקעלט און איז געשטאַנען נאָהענט פון דער נאַטור, וועלכע די געצענדינער האָבען פערגעטערט. אויסער דעם האָט די אידישע רעליגיע צו יענער צייט נאָך נישט געהאַט אָנגענומען קיין בעשטימטע פעסטע פאָרמען. אין יענער צייט, און אויך נאָך פיעל שפּעטער, האָט מען בעטראַכט דעם

פֿלעגט זיי געוועהנליך רופֿען (מושיעים, שופטים). פֿלעגען פֿעראייניגען
איבער דער שווערער צייט עטליכע שבטים צוזאַמען, אַז זיי זאָלען זיך
קאָנען בעסער פֿערטיידיגען; אָבער זיי האָבען נישט געקאָנט פֿעראייני־
גען דאָס גאַנצע פֿאָלק צוזאַמען; אַפילו אין דער גרעסטער צייט פֿון
סכנה האָבען זיך נאָך דאַמאָלס אַלע שבטים נישט פֿעראייניגט און נישט
איינגעשטעלט אין לאַנד קיין שטענדיגע פֿעסטע אָרדנונג. נאָך וועניגער
זענען די דאָזיגע פֿאָלקס־רעטער, אָדער ריכטער, געווען אימשטאַנד אָב־
צוגעוועהנען דאָס פֿאָלק פֿון געצענדיענערייַ און איינצוואָרצלען בייַ
איהם שענערע און בעסערע מדות, ווי אויך צו פֿערשפּרייטען די אידישע
תורה, ווייַל די שופטים גופא זענען נישט אַלע געווען אַליין אויך ריין
פֿון די אַלגעמיינע פֿעהלערען און פֿיעל פֿון זיי האָבען געהאַט אַ גאַנץ
קנאַפּע ידיעה פֿון דער תורה, וואָס משה האָט אידען געגעבען. די
צוועלף אָדער דרייַצעהן פֿאָלקס־רעטער, וועלכע האָבען זיך אויפֿגעהוי־
בען אין דעם אָדער אין יענעם שבט אין פֿערשיעדענע צייטען אָדער
אויך אין איין צייט, האָבען נישט געהאַט בכח צו בעפֿרייען אידען אינ־
גאַנצען פֿון די שטענדיגע אָנפֿאַלען פֿון די שונאים אויף די גרעניצען,
אָדער בכלל איינצופֿיהרען בייַ אידען אַ שטענדיגע אָרדנונג. אַפילו די
יונגסטע צווישען די ריכטער: ברק בן אבינועם, גדעון און יפתח,
מיט זייער גרויסער התלהבות און גבורה, האָבען נישט געקאָנט צוריק־
שטעלען די פֿאָלקאָמע אחדות צווישען אַלע אידישע שבטים; נאָר איי־
ניגע שבטים האָבען זיי געקאָנט אַרום זיך פֿערזאַמלען, נישט מעהר. דאָס
איז אויך נישט געלונגען דער בעגייסטערטער אידישער ריכטערין און
העלדין, דער נביאה ד ב ו ר ה, וועלכע האָט מיט איהר התלהבות'דיגען
שענעם ליעד פֿערזאַמעלט איינינגע שבטים און געפֿיהרט זיי צו'ם קאַמפּף
געגען דעם פֿייַנד און צו'ם נצחון. איין ריכטער פֿון שבט מנשה, יאיר
פֿון גלעד, איז אַפילו יאָ געלונגען אויף יענער זייַט ירדן, אין צפון־מערב־
זייַט, צו דערוויַטערן די אידישע גרעניץ און צו פֿערטרייַבען די פֿייַנד
פֿונ'ם לאַנד בשן, כדי דער האַלבער שבט מנשה זאָל זיך קאָנען דאָרט
בעזעצען; נאָר דאַדורך איז דאָס לאַנד בלויז גרעסער געוואָרען פֿון אויי־
סענווענינג, אָבער דאָס פֿאָלק איז נישט שטאַרקער געוואָרען פֿון אינוועי־
ניג. בכלל האָבען די ריכטער געהאַט נאָר אַ דערווייַליגע בעדייַטונג, פֿאַר
דער צייַט, ווען מען האָט געדאַרפֿט אַרויסטרעטען געגען דעם פֿייַנד
אין מלחמה, כדי אָבצוּווענדען די פּלוצלינגע סכנה און פֿערזיכערן די
רוּהיגקייַט אויף אַ געוויסע צייַט. קיין הערשאַפֿט האָבען די ריכטער בייַ
אידען נישט געהאַט, אַפילו אויך נישט צווישען יענע שבטים, וועלכע זיי
האָבען דורך זייער גבורה געבראַכט הילף און בעפֿרייאונג פֿונ'ם פֿייַנד;
זיי האָבען בכלל נישט געהאַט קיין מעגליכקייַט צו צווינגען דאָס פֿאָלק
זיי צו געהאָרכען. דער פּרוד און די צובּרעקעלטקייַט פֿון די שבטים האָט
אויך געדויערט ווייַטער, נישט אַכטענדיג אויף די דערוויַליגע נצחונות,

וועלכע האָבען נישט געהערט צו דער טעמפּער מאַסע. עס האָבען אויך נישט געפֿעהלט קיין מענשען, וועלכע זאָלען וואָרענען דאָס פֿאָלק און אַרויסטרעטען מיט שאַרפֿע רעדעס געגען דער געצענדיענעריי, דער מאָהנענדיג אָן די גרויסע געשעהענישען, וועלכע די עלטערן האָבען איבערגעלעבט. ס'איז גאַנץ מעגליך, אַז דאָס זענען געוועזען די לויים, וועלכע האָבען געהאַט אין זייער רשות דעם אָרון מיט די הייליגע לוחות און זענען געוועזען די דיענער פֿונ'ם משכן אין שילה; פֿון צייט צו צייט, בעזונדערס אין אונגליקס־צייטען, פֿלעגען זיי אַרויסטרעטען אויף די פֿאָלקס־פֿערזאַמלונגען און דערהויבען זייער שטימע געגען די שלעכטע מעשים פֿון פֿאָלק. אָבער זוען עס פֿלעגט אפילו אויך געלינגען אַ גרויסען רעדנער אַרויסצורופֿען אַ גינסטיגע אויפֿרעגונג ביי די פֿערזאַמעלטע, פֿלעגט די דאָזיגע שטימונג לאַנג נישט דויערן. אינ'ם פֿאָלק האָט שטאַרק געלעבט דער פֿערלאַנג צו פֿעראייניגען זיך מיט די פֿעלקער־שכנים און נאָכצוטהון זייערע מעשים, און נישט מיט אַ פּאָר פֿייערדיגע רעדעס האָט מען עס געקאָנט אָבגעוועהנען דערפֿון.

דערווייל זענען געקומען די אונגליקען איינס נאָך דאָס אַנדערע. די אייגענניציגקייט פֿון שבט אפֿרים האָט אויך געצוואונגען די איבעריגע שבטים צו טראַכטען נאָר וועגען זיך אַליין, און די אחדות איז אַלץ מעהר אָבגעשוואַכט געוואָרען ביי'ם אידישען פֿאָלק. צוליעב דער דאָזיגער שטרעבונג, צו זאָרגען נאָר פֿאַר זיך אַליין, איז גאָר אונמעגליך געוואָרען אויסצוקלייבען אַנ'אַלגעמיינעם מנהיג, און וויל קיין איינציגער שבט האָט נישט געקאָנט זיכער זיין, אַז אין דער נויט וועלען די איבריגע שבטים איהם קומען צו הילף, זענען זיי אַלע געוועזען געצוואונגען מתחתן צו זיין זיך מיט די כנען־פֿעלקער, צו דיענען זייערע געטער און איבערצונעהמען זייערע מנהגים און מדות, כדי דאַדורך צו קאָנען לעבען מיט זיי בשלום. עס האָט זיך אָבער גאָרנישט אויסגעלאָזען פֿון דער האָפֿנונג, וואָס מען האָט געהאַט, צו לעבען רוהיג דורכ'ן מאַכען חבר'שאַפֿט מיט די אַרומיגע פֿעלקער: ווי נאָר די פֿעלקער האָבען זיך אויסגערוהט נאָך די ערשטע מפּלות און זיך דערשפּירט שטאַרקער, האָבען זיי שטענדיג געגעבען אידען צו פֿיהלען, דאָס מען בעטראַכט זיי נאָר, ווי אָנגעלאָפֿענע פֿון דער פֿרעמד, וועלכע מען דאַרף אָדער ערניעדריגען, אָדער גאָר פֿערניכטען.

באַלד נאָך יהושע'ס טויט האָבען זיך אָנגעהויבען טרויעריגע צייטען. די כנענים זענען אָנגעפֿאַלען אויף איין שבט נאָך דעם אַנדערען, געראַבעוועט זייער פֿערמעגען, געשעדיגט זייערע פֿעלדער און גענומען זיי אַליין אויך געפֿאַנגען, מאַכענדיג זיי פֿאַר קנעכט. ווען די אידישע נויט פֿלעגט זיין אַמגרעסטען, פֿלעגען אַרויסטרעטען פֿון פֿאָלק מוטיגע מענשען, וועלכע פֿלעגען פֿערטיידיגען דאָס לאַנד געגען די פֿיינד מיט גרויס גבורה. די דאָזיגע גבורים, פֿאָלקס־רעטער אָדער ריכטער, ווי מען

וואָרט אפילו געגען זיינע אייגענע זיהן, וואָס האָבען זיך נישט געפֿיהרט מיט'ן דרך הישר. אַזאַ זקן האָט שוין געמוזט ווירקען צו גוטען אויף זיין סביבה אַליין דורך זיינע מדות טובות און היילינגען לעבען. האָט ער טאַקי געפֿונען פֿיעל געטריַיע אָנהענגער און תלמידים. און ווען עס פֿלעגען קומען קיין שילה אַלץ מעהר און מעהר פֿערצווייפֿעלטע מענשען פֿון די שבטים אפרים און בנימין פֿון איין זייט, און פֿון די שבטים, וואָס האָבען געוואָהנט אין גלעד, פֿון דער אַנדערער זייט, און פֿלעגען זיך קלאָגען פֿאַר'ן אַלטען כהן עלי — די ערשטע, אַז זיי ליידען גרויסע רדיפֿות און צרות פֿון די פלשתים, און די אַנדערע, אַז די פֿעלקער פֿון עמון לאָזען זיי נישט צורוה — האָט עלי געהאַט די געלעגענהייט זיי שטענדיג אָנצוּווייזען, אַז נאָר איין אידישער גאָט קאָן זיי העלפֿען; דערביי פֿלעגט עלי נישט אויפֿהערען צו דערמאָהנען אין לערנען, אַז מען מוז אַוועקוואַרפֿען די געצענדינעריי. דאַדורך האָט עלי דערוועקט אַ געהויבענע שטימונג ביי אידען. אַ טייל פֿון די עלטסטע אָנפֿיהרער ביי די שבטים האָבען זיך אָבגעווענדעט פֿון דעם אָבגאָט בעל צום איינציגען גאָט פֿון פֿאָלק ישׂראל, און צוזאַמען מיט די עלטסטע האָבען אויך די איבריגע מיטגליעדער פֿון די שבטים געטהון דאָס אייגענע.

קיין העלד אין מלחמה איז עלי נישט געווען; ער איז פֿיעל מעהר געווען, לויט זיין רוהיגער נאַטור, אַן ערליכער פֿריעדענס־ריכטער. די אידישע כהנים זענען נישט געוועהנט געווען צו געהן אין מלחמה מיט'ן שווערד און פֿייל־און־בויגען. פֿונדעסטוועגען ווערט עלי גערעכענט צווישען די אידישע פֿאָלקס־רעטער. זיין טעטיגקייט האָט געקאָנט בעשטעהן נאָר דערין, וואָס ער האָט אָנגעוויזען די אידישע אָנפֿיהרער און מאַסען, וועלכע פֿלעגען קומען צו איהם זוכען הילף און אַן'עצה אין דער נויט, אַז זיי דאַרפֿען זיך ווענדען צום גאָט פֿון זייערע עלטערן און פֿעראייניגען זיך, כדי צו קאָנען אַרויסטרעטען געגען דעם פֿיינד, ווען ער פֿאַלט אויף זיי אָן.

ווען עלי'ס קינדער וואָלטען איבערגענומען ביי זייער גרויסען פֿאָטער זיינע מעלות און גוטע מדות, איז גאַנץ מעגליך, אַז ביי אידען וואָלט זיך איבערגע'חזר'ט די ערשיינונג, וואָס מען בעאָבאַכטעט ביי פֿיעל אַנדערע אַלטע פֿעלקער: נאָך דער עפּאָכע פֿון די העלדען (העראָענצייטאַלטער) וואָלט זיך ביי זיי איינגעאָרדענט אַ רעגירונג פֿון כהנים. אָבער עלי'ס זיהן, חפני און פינחס, זענען נישט געגאַנגען אין זייער פֿאָטער'ס דרכים, און ווען פֿאַר'ן פֿאָלק און פֿאַר עלי'ן גופֿא האָט זיך אַ גרויס אונגליק געטראָפֿען, האָט מען דערין געזעהן אַ שטראָף פֿון גאָט דערפֿאַר, וואָס עלי'ס זיהן האָבען זיך שלעכט אויפֿגעפֿיהרט, ווי אויך, פֿאַרוואָס עלי איז געווען געגען זיי צו־שוואַך און האָט זיי נישט געשטראָפֿט.

און די אינערליכע שוואַכקייט איז געוואָרען נישט קלענער, נאָר גרעסער. אויך שמשון הגבור'ס העלדישע מעשים האָבען נישט אָבגעשראָקען די פלשתים, אַז זיי זאָלען אויפהערען בעטראַכטען די אידען אַרום זיך, ווי זייערע אונטערטאַנען און קנעכט; יפתח'ס נצחונות איבער די פעלקער פון עמון האָבען אויך נישט דערגרייכט דעם ציעל, אַז די עמונים זאָלען זיך אינגאַנצען אָבזאָגען פון די לענדער, וועלכע ס'האָבען פערנומען די שבטים גד, ראובן און דער האַלבער שבט מנשה אויף יענער זייט ירדן. די עמונים האָבען נישט אויפגעהערט צו בעטראַכטען יענע לענדער, גלעד און בשן, אַלס זייער אייגענטום, וועלכע זיי מוזען איינגעהמען צוריק און אַרויסטרייבען די אידען פון דאָרט.

אָבער דוקא אָט די שוואַכקייט פון פאָלק האָט בּיסלעכווייז געבראַכט די פאָלקאָמע רפואה און שטאַרקונג, נאָכדעם ווי דאָס גאַנצע פאָלק האָט אָנגעהויבען צו פערשטעהן, אין וואָס עס שטעקט זיין אונגליק. איינצעלנע מנהיגים פון די שבטים האָבען געמוזט קומען צו דער איבערצייגונג, אַז דאָס, וואָס מען האָט זיך געוואָלט האַלטען צוזאַמען מיט די אַרומיגע פעלקער און דיענען זייערע געטער, האָט לא די נישט געבראַכט דעם פאָלק קיין נוצען, נאָר עס האָט איהם אויך אָבגעשוואַכט און געמאַכט איהם גאָר אונמעכטיג. מען האָט זיך ווידער דערמאָהנט אָן דעם גאָט פון די אָבות, און דאָס אידישע געוויסען האָט ערוואַכט. צוזאַמען דערמיט האָט מען זיך אויך דערמאָהנט אָן דעם משכן אין שילה און אָנגעהויבען איהם אָפטער צו בעזוכען. אין דער לעצטער צייט פון די ריכטער איז שילה שוין געוואָרען אַ שטענדיגער זאַמעלפונקט ביי אידען. דאָ זענען געוועזען די לויים, וועלכע האָבען איבערגענומען משה'ס תורה פון פאָטער צום זוהן, און דאָ זענען זיי, ווי עס שיינט, אַרויסגעטראָטען אויף די פאָלקס-בעראַטונגען אין דער צייט פון דער נויט, און דורך זייערע רעדעס האָבען זיי ענדליך געבראַכט דאָס פאָלק צו דער איבערצייגונג, אַז נאָר דאַדורך, וואָס מען האָט פערגעסען משה'ס תורה און זיינע געבאָטען און אָנגעהויבען צו פערעהרען די אָבגעטער פון די כנען-פעלקער, איז דאָס אידישע פאָלק אַזוי עלענד און אָבגעשוואַכט געוואָרען.

אין שילה האָט געלעבט אין יענער נויט-צייט אַ כהן, וועלכער איז געוועזען אַ געטרייער זוהן פון זיינע גרויסע אָבות, אהרן און פינחס. דאָס איז געוועזען דער ערשטער כהן גדול פון יענער אַלטער צייט, וואָס זיין נאָמען איז פערבליבען אויף אייביג פאַר די שפּעטעסטע דורות. זיין נאָמען איז געוועזען ע ל י און מען ווייס נישט, ווי מען האָט זיין פאָטער גערופען, אָדער פון וועלכער שטאָדט ער האָט געשטאַמט. דער אַלטער היסטאָריקער שילדערט איהם אַלס אַ העכס-געעהרטען גרייז-גראָהען מאַן, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט דורך זיין מילדער שפּראַך און ווייכען האַראַקטער, און האָט נישט געקאָנט אַרויסזאָגען קיין האַרט

אין עלי'ס צייטען אנגעהויבען צו ווערען א צענטער, וואו עס פלעגען זיך פערזאמלען אלע אידישע שבטים, איז אויך אויף א לאנגע צייט פער־שוואונדען געווארען יעדע האפנונג צו פערייניגען די שבטים, וואס האבען געוואהנט אין צפון־קאנט, מיט די איבריגע שבטים.

די פלשתים האבען געמיינט, אז דאדורך, וואס זיי האבען גענומען געפאנגען דעם ארון און חרוב געמאכט דעם משכן, האבען זיי שוין אויך מנצח געווען דעם אידישען גאט, וועלכער האט די אידען תמיד בעשיצט. באלד אבער האבען זיי איינגעזעהן, אז זיי האבען געהאט א ביטערען טעות. ווי נאר זיי האבען געבראכט דעם הייליגען ארון אין זייער נאהענטער שטאדט אשדוד, איז דאס גאנצע לאנד פון די פלשתים געפלאגט געווארען מיט פערשידענע מכות. אין גרויס שרעקעניש האבען די פירשטען פון די פלשתים בעשלאסען, לויט דער עצה פון זייערע פריסטער און מכשפים, אבצושיקען צוריק דעם ארון קיין שילה, פון וואנען ער איז גענומען געווארען, און צוזאמען מיט איהם האבען זיי אויך געשיקט פערשידענע מתנות. נאכדעם, ווי דער ארון איז אבגעווען זיבען חדשים אין דער געפאנגענשאפט ביי די פלשתים, האט מען איהם צוריקגעפיהרט איבער דער גרעניץ און אריינגעבראכט אין קרית־יערים (א וואלד־שטאדט). אהין זענען צוזאמענגעקומען פיעל לויים, וועלכע האבען גענומען אויף זיך אבצוהיטען דעם ארון. דאס פאלק בכלל האט אן איהם אבער אינגאנצען פערגעסען, און עס זענען פארביי־געגאנגען פיעל צעהנדליג יאהרען, איידער מען האט זיך אן איהם ווידער דערמאהנט.

---

## צווייטעס קאפיטעל.

## די ערשטע צייט פון די קעניגען. — שמואל און שאול

די גרויסע אונגליקען, די צושטערונג פון משכן אין שילה, די שוואכקייט און פער'יתום'טקייט, וואס דאס פאלק האט דערפיהלט, האבען דאך געבראכט אנ'ענדערונג צום גוטען. דאס פאלק האט אנגעהויבען צו פערשטעהען, אז די רעליגיעזע און פאליטישע צוברעקעלטקייט האבען געמוזט פיהרען צום אונגליק. מעגליך, אז די האפנונג אויף בעסערע צייטען און דער נייער מוט, וועלכען אידען האבען דערשפירט, האבען געשטאמט אויך דערפון, וואס מען האט דערזעהען, דאס די פלשתים האבען אליין געמוזט אבשיקען צוריק דעם געפאנגענעם ארון. דאס פאלק האט אלץ מעהר און מעהר אנגעהויבען צו ווענדען זיך צום גאט פון ישראל. ס'האט נאר געפעהלט א מענש פון גייסט, וואס זאל ווייזען דעם פערבלענדעטען פאלק דעם וועג. און אזא מענש האט זיך טאקי באלד בעוויזען, געקומען איז ער אין דער רעכטער צייט, דער מענש

דאָס אונגליק איז בעשטאַנען אין פֿאָלגענדען: די פּלשתּים זענען עטליכע מאָל אָנגעפֿאַלען אויף דאָס אידישע לאַנד און בעראַבעוועט זייערע שטעדט, פֿעלדער און גערטנער. די שבטים זענען שוין איצט נישט אַרויסגעטראָטען געגען זיי פֿעראייניצעלט, נאָר אין שטאַרק־פֿעראייניגטע רעגולערע מחנות. די פּלשתּים זענען אָבער געווען שטאַרקער פֿון זיי, ווייל זיי האָבען געהאַט אייזערנע רייט־וואָגענס. אויף דער בעראַטונג פֿון די זקנים האָט מען בעשלאָסען צו נעהמען מיט זיך אין מלחמה דעם הייליגען אָרון פֿון שילה, אינ׳ם פֿעסטען גלויבען, אַז זיין אָנוועזענהייט וועט געבען אידען דעם נצחון איבער די פֿיינד. דער צוזאַמענשטויס מיט די פּלשתּים האָט זיך אָבער געענדיגט אונגליקליך: די אידישע מחנות זענען צושלאָגען געוואָרען און ענטלאָפֿען פֿון שלאַכט־פֿעלד, איבערלאָזענדיג דעם אָרון מיט די לוחות. עלי׳ס זיהן, וועלכע האָבען דעם אָרון געפֿיהרט, זענען דערבייַ געהרג׳עט געוואָרען. די פּלשתּים האָבען גע־וואָרפֿען אַנ׳אימה אויף דער גאַנצער אומגעגענד. דער אַלטער עלי איז דערווייל געזעסען פֿאַר די טויערען פֿון שילה און ערוואַרטעט אַ ידיעה פֿון שלאַכט־פֿעלד. און ווען דער שליח איז געקומען צו לויפֿען אָהן אָטעם און פֿערצווייפֿעלט געבראַכט עלי׳ן די שרעקליכע בשורה: „די אידען זענען ענטלאָפֿען נאָך אַ שרעקליכער מפּלה, דיינע זיהן זענען דער׳הרג׳עט און דער הייליגער אָרון איז גענומען געפֿאַנגען“ — איז עלי אַנידערגעפֿאַלען טויט, ווי אַ דונער פֿון הימעל וואָלט איהם געטראָפֿען.

און די פּלשתּים האָבען זיך נישט בעגנוגענט מיט׳ן דורכציהען אין לאַנד און בעראַבעווען עס; זיי זענען אויך אַריינגעדרונגען ביז שילה, האָבען חרוב געמאַכט די שטאָדט און דעם משכן, וועלכער איז נאָך גע־ווען דער איינציגער עדות פֿון דער גרויסער עפּאָכע פֿון משה׳ן און פֿון די ערשטע נצחונות אין ארץ־ישׂראל. אַ שפּעטערדיגער דיכטער האָט געשילדערט די דאָזיגע אונגליקס־צייט מיט אַ פֿערקלעמט האַרץ:

„ער (גאָט) האָט פֿערלאָזען דעם משכן פֿון שילה,
„דאָס געצעלט, וואו ער׳ט געוואָהנט צווישען מענשען,
„ער האָט זיין ציערונג ((דעם אָרון) געגעבען געפֿאַנגען
„זיין שענהייט אין די הענד פֿון די פֿיינד“.

די קראַפֿט און דער מוט פֿונ׳ם פֿאָלק זענען דורך דעם לעצטען אונגליק איינגאַנצען געבראָכען געוואָרען. דוקא יענע שבטים, וועלכע זענען שטענדיג אַרויסגעטראָטען די ערשטע אין שלאַכט־פֿעלד, זענען יעצט צושלאָגען געוואָרען. דער שבט אפרים האָט דאַמאָלס געליטען מעהר פֿאַר אַלע אַנדערע שבטים; ער האָט אָבער פֿערדיענט זיין אונגליק, ווייל ער אַליין האָט געבראַכט דערצו, אַז די פּלשתּים זאָלען קאָנען זיך פֿערשטאַרקען. דורך דעם חורבן פֿונ׳ם משכן פֿון שילה, וועלכער האָט

איז מען געווען פעסט איבערצייגט, אז דאס אונגליק, וואס האט גע־טראפען מיט אידען, איז געווען א בעשטראפונג פון גאט דערפאר, וואס מען האט זיך פון איהם אבגעווענדעט. „נישטא מעהר קיין משכן ביי אידען“ — דאס האבען די לויים פערשטאנען אזוי: „גאט האט זיך אבגעזאגט פון זיין פאלק און וויל פון איהם מעהר נישט וויסען“. ביסלעכווייז אבער האט שמואל זיך בערוהיגט און זיין פארשטענדער און דענקענדער גייסט האט אנגעהויבען בעטראכטען דעם ענין טיעפער: נישטא מעהר קיין משכן, נישטא קיין קרבנות! אבער צי איז דען דער קרבן אזוי אונבעדינגט נויטיג ביי'ם דיענען גאט? צי קאן מען נישט דיענען גאט אויך דאדורך, וואס מען טהוט ערפילען זיינע געבאטען? די דאזיגע געדאנקען האט שמואל לאנג געטראגען טיעף אין הארצען, ביז זיי זענען אין איהם געווארען צו א שטארקער איבערצייגונג, און שפעטער האט ער ביי יעדער געלעגענהייט זיך ארויסגעזאגט עפענטליך, אז דער קרבן האט א גאנץ קליינע בעדייטונג, און אז מיט דער פעטקייט פון די געשטאפטע בעק געפינט מען נאך נישט קיין חן ביי גאט. ווי אזוי דען אבער קאן מען גאט דיענען? ערפילענדיג שטרענג גאט'ס בע־פעהלען — האט שמואל ערקלערט. אין וואס בעשטעהט אבער גאט'ס ווילען? — — ווערענד דער צייט, וואס שמואל האט אין זיין יוגענד געלעבט ביי'ם משכן אין שילה, האט ער זיך בעקענט נישט בלויז מיט'ן אינהאלט פון די עשרת הדברות, וועלכע זענען געווען אויסגעקריצט אויף די שטיינערנע לוחות, נאר ער האט גוט אויך אויסגעלערנט דעם גאנצען „ספר תורת משה“, וואס איז געווען אין משכן. שמואל'ס גייסט איז פול געווען דעריבער מיט דער גרויסער לעהרע פון משה'ן, און אין איהר האט ער געזעהען דעם ריינעם קוואל פון רעכט און גערעכטיגקייט, פון גוטסקייט און גנאד, פון גלייכע רעכטע פאר אלע אידען, אהן קיין שום אונטערשיעד פון שבטים און משפחות. אט די געזעצען זענען געווען פאר שמואל'ן גאט'ס געבאטען, אבער נישט די קרבנות. צו דער דאזיגער איבערצייגונג זענען אויך געקומען די שפעטערדיגע נביאים; אבער חאטש שמואל איז געשטאנען מיט עטליכע הונדערט יאהר נעהנ־טער צו די ערשטע כהנים, וועלכע האבען געבראכט קרבנות פאר גאט, פונדעסטוועגען איז ער אויך געקומען צו דער איבערצייגונג, אז נישט צוליעב דעם האט גאט בעפרייט דאס אידישע פאלק פון דער קנעכט־שאפט, כדי זיי זאלען ברענגען קרבנות פאר איהם און נישט פאר קיין אנדערען, פאר קיין אבגאט, נאר כדי זיי זאלען ערפילען זיינע געבאטען און היטען זיינע געזעצען.

אין די דאזיגע בעטראכטונגען און געדאנקען האט שמואל דער־זעהען די אויפגאבע פון זיין לעבען: לערנען דאס פאלק, ערציהען איהם און אבגעוועהנען פון די שלעכטע הנהגות און מדות פון די געצען־דיענער, ווי אויך פון די פאלשע בעגריפען, וועלכע זענען אין די לעצטע

וועלכער האט בעשאַפען אַ נייע עפּאָכע אין דער אידישער געשיכטע און האט געפיהרט דאס פאָלק צו בעסערע צייטען.

אלקנה'ס זוהן, שמואל, איז געוועזען דער דאָזיגער מאַן, וועלכער האט ווידער פעראייניגט אַלע טיילען פון אידישען פאָלק און אַזוי אַרום פער־היט פון אַ פאָלקאָמען חורבן. זיין גרויסקייט קאָן מען זעהן דערפון, וואָס ער ווערט גערעכענט דער צווייטער נאָך משה און אהרן, ווי אויך צווישען די נביאים פערנעהמט ער זעהר אַ בעדייטענדע שטעלע. שמואל איז געוועזען איינער פון די העכערע מענשען, וועלכע ערשיינען זעלטען אין דער געשיכטע — אַ גרויסע פערזענליכקייט, מיט אַ פעסטען חאַ־ראַקטער און ערנסטער שטרענגקייט געגען זיך אַליין און געגען אַנדערע. שמואל איז געשטאַנען העכער פאַר די מענשען פון זיין צייט מיט זיין טיעפען גלויבען אין גאָט און מיט זיין אידעלען הויכען דענקען. אָבער נישט נאָר דערמיט אַליין האט ער זיך אויסגעצייכענט, נאָר אויך מיט זיין הויכער נביא'ישער בעגאַבונג. זיין גייסטיג אויג האט קלאָר געלעזען אין דער ווייטער פערנעבעלטער צוקונפט; זיין נבואה האט ער דעם פאָלק ערקלערט עפענטליך, און וואָס ער פלעגט פאָראויסזאָגען, פלעגט שטענדיג מקוים ווערען. דאס פאָלק האט איהם דעריבער אַ נאָמען געגעבען „הרואה", ד. ה. דער „זעהער".

שמואל האט געשטאַמט פון איינער פון די אָנגעזעהענע משפחות אין שבט לוי, וועלכע האט געוואָהנט אין רמה, אויף דער גרעניץ פון די שבטים אפרים און בנימין. זיין מוטער חנה איז מיט איהר שטילער פייערדיגער תפלה געוואָרען אַ מוסטער פאַר אַלע צייטען, און פון אַט דער מוטער האט שמואל גע'ירש'נט זיין וואַרימע הארציגקייט. ווען שמואל איז נאָך גאָר אַ קינד געוועזען, האט איהם זיין מוטער געבראַכט צום כהן עלי, ער זאָל איהם אויפציהען; שמואל איז אַלזאָ אַריינגעטראָטען אין דיענסט פון משכן אין שילה, אַלס איינער פון די לויים. ער פלעגט טעגליך עפענען די טויערען פון משכן, העלפען דעם כהן עלי ביי'ם ברענגען קרבנות און אויך די נעכט פלעגט ער צוברענגען אין געצעלט נעבען דעם משכן. דער נביא'ישער גייסט האט ערוואַכט אין איהם, ווען ער איז נאָך גאָר יונג געוועזען. אין טיעפען שלאָף האט ער געגלויבט צו הערען אין משכן, וואו דער אָרון איז נאָך געשטאַנען, אַ שטימע איהם צו רופען ביי'ם נאָמען. דאס איז געוועזען די ערשטע שמואל'ס נביא'ישע זעהונג וועגען דער טרויעריגער צוקונפט פון עלי'ס הויז. באַלד נאָכדעם זענען די אידישע מחנות שטאַרק צושלאָגען געוואָרען דורך די פלשתים, דער אָרון איז געפאַנגען געוואָרען, דעם משכן אין שילה האט מען חרוב געמאַכט; שמואל האט זיך אומגעקעהרט צוריק אין הויז פון זיינע עלטערן אין טיעפען טרויער און קומער.

אינ'ם קרייז פון די לויים, אין וועלכען שמואל איז אויסגעוואַקסען,

און דערפער געהערט דערצעהלען וועגען דעם, האבען אויך דערשפירט,
ווי שמואל'ס רעד געפינען א שטארקען ווידערקלאנג ביי זיי אין הארצען.
שמואל האט נישט געווארט, ביז דאס פאלק זאל קומען צו איהם; ער
פלעגט אליין געהן און ברענגען איהם זיינע שטראף־ און טרייסט־רעד.
ער פלעגט ארומרייזען דאס גאנצע לאנד און רעדען צום פאלק, און האט
דערוואַרעמט די הערצער, און אלע האבען ערוואכט נאך דער אהנמעכ־
טיגקייט, אין וועלכע זיי זענען אריינגעפאלען אין דער צייט פון אונגליק.
דאס פאלק האט זיך אנגעהויבען צו בעסערען; מען האט געפונען דעם
רעכטען מענשען, וועלכער קאן און דארף זיין א מנהיג, און וועמען אלע
זועלען פאלגען אין א שווערער צייט.

שמואל איז נישט געשטאנען אליין ביי'ם פערווירקליכען זיין גרויסע
אויפגאבע; ער האט געהאט א גוטען קרייז פון מיטהעלפער, אויף וועלכע
ער האט זיך געקאנט פערלאזען: דאס זענען געווען די לויים, וועלכע האָ־
בען פריהער געוואהנט אין שילה און זענען געבליעבען אהן אהיים, נאָכ־
דעם ווי דער משכן איז דארט חרוב געווארען. זיי זענען געווען געוואהנט,
צו געפינען זיך ביי'ם מזבח און דיענען אין משכן, קיין אנדער בעשעפטי־
גונג האבען זיי נישט געהאט. וואס־זשע וואלטען זיי איצט געקאנט טהון?
קיין אנדער משכן און מזבח איז נאך נישט געווען געבויט, וואוהין זיי
זאלען זיך קאנען ווענדען. און אט זענען עטליכע פון זיי געקומען צו
שמואל'ן, וועלכען זיי האבען נאך פערעהרט אין שילה. שמואל האט באלד
איינגעזעהען, אז זיי וועלען זיין גוטע מיטארבייטער ביי'ם פערווירקליכען
זיינע פלענער, און ער האט זיי מקרב געווען צו זיך, און זיי זענען געווא־
רען זיינע געטרייע תלמידים. באלד זענען געקומען נאך חברים פון די
לויים, און ארום שמואל'ן האט זיך איינגעארדענט די ערשטע שולע
פון די יונגע נביאים.

נאך אנ'אנדער אומשטאנד האט מיטגעווירקט דאמאלס צו דערהוי־
בען דעם מוט פון פאלק און אויפצומינטערען איהם פון זיין אהנמעכטיג־
קייט. אינ'ם גאנצען משך פון דער עפאכע פון די ריכטער האט דער שבט
יהודה קיין שום אנטייל נישט גענומען אין עפענטליכען פאלקס־לעבען און
זיינע אנגעלעגענהייטען. ער האט זיך געלעבט אבגעזונדערט פון אלעמען
אין זיינע גרויסע פאשע־פעלדער אין דעם מדבר און זיך בעשעפטיגט מיט
האדעווען און פיטערען פיה, פיהרענדיג א וואנדער־לעבען; פאר די איב־
ריגע שבטים האט ער כמעט נישט עקזיסטירט, ווייל די יבוסים, וועלכע
האבען געוואהנט אין דער געגענד צווישען די בערג־אפרים און די בערג
יהודה, האבען איהם אינגאנצען אבגעשניטען פון די אידישע שבטים אין
צפון־קאנט. און נאר די אפטע אנפאלען פון די פלשתים אויפ'ן אידישען
לאנד האבען, ווי עס שיינט, אויפגערודערט דעם שבט יהודה און איהם
נעהנטער געבראכט צו די איבריגע שבטים.

מעגליך, אז עס זענען אויך געווען אנדערע סבות, וואס האבען גע־

פֿאַר הונדערט יאָהר געוואָרען בײַ'ם פֿאָלק אַ צווייטע נאַטור. די מיטלען, וועלכע שמואל האָט אָנגעווענדעט, כּדי צו דערגרייכען דאָס דאָזיגע הויכע ציעל, איז געווען — דאָס לעבעדיגע נביא'ישע וואָרט. שמואל האָט געהאַט דעם טאַלענט פֿון אַן'איבערצייגענדען רעדנער, וועלכער האָט בכּח צו מאַכען אַ שטאַרקען איינדרוק אויף די געמיטער. געפֿי־נענדיג זיך אַליין שטאַרק אונטער'ן איינדרוק פֿון זיינע נביא'ישע „זעהונגען און בילדער", האָט שמואל געמאַכט אויך אַזאַ שטאַרקען איינדרוק אויף זיינע צוהערער, וועלכע ער האָט פֿון אָנפֿאַנג געפֿונען אַרום זיך אין זיין געבורטס־שטאָדט רמה.

זיינע רעדעס צום פֿאָלק פֿלעגט שמואל האַלטען מייסטענס אין קור־צע שפּרוכען, אָדער אין ליעדער, וועלכע זענען געווען דורכגעוועבט מיט פּאָעטישע בילדער און משלים. נאָך איידער שמואל איז געקומען צוריק אַהיים אין זיין געבורט־שטאָדט, האָט ער שוין געהאַט אַ נאָמען פֿאַר אַ נביא. דאָס פֿאָלק האָט שוין געהערט, אַז גאָט האָט זיך בעוויזען צו שמואל'ן און גערעדט מיט איהם, און אַז די נבואה האָט זיך פֿון דעמאָלט אָן פֿון איהם נישט אָבגעטהון. באַלד האָט מען זיך דערוואוסט אין רמה, אין איהר אומגעגענד און בּיסלעכווייז אויך אין פֿיעל ווייטערע ערטער, אַז בײַ אידען האָט זיך בעוויזען אַ נביא, און אַז גאָט'ס גייסט, וועלכער האָט גע־רוהט אויף משה'ן, רוהט יעצט אויף אלקנה'ס זוהן, שמואל. דער פֿאַקט, אַז גאָט האָט געשיקט זיין צווייטען משה, האָט אויפֿגעוועקט די האָפֿנונג אין פֿאָלק, אַז עס געהט אַ בעסערע צייט.

די ערשטע אויפֿגאַבע שמואל'ס איז געווען, אָבצוגעוועהנען דאָס אי־דישע פֿאָלק פֿונ'ם דיענען דעם בעל און די עשתרות, ווי אויך אויסצוקו־רירען איהם פֿון זיין קינדישען גלויבען אין די אָראַקעלן (תרפים, אָדער בילדער, בײַ וועלכע די געצענדיענער פֿרעגען וועגען דער צוקונפֿט).

אַ גרויסער טהייל פֿון פֿאָלק איז בכלל שוין איצט געווען גרייט אָבצו־קעהרען זיך פֿון דער געצענדיענערײַ און צו ווענדען זיך צום גאָט פֿון ישראל, דעריבער האָט שמואל געפֿונען פֿיעל אָנהענגער און פֿריינד, וועל־כע זענען איהם געקומען צו הילף אין זיין גוטער שטרעבונג. אין זיינע רעדעס האָט שמואל געלערנט דאָס פֿאָלק, אַז די געטער פֿון די פֿעלקער כּנען זענען נישטיג, זיי קאָנען נישט העלפֿען און נישט ראַטעווען קיינעם, און אַז עס איז אַ ווילדער שגעון און אַ פֿערברעכען צו פֿרעגען עצות בײַ די פֿאַלשע אָראַקעלן, אָדער צו פֿאָלגען די שווינדלערייען פֿון די מכשפים; ער האָט שטענדיג געטרייסט זיינע צוהערער מיט דער פֿערזיכערונג, אַז גאָט וועט מעהר קיינמאָל נישט פֿערלאָזען זיין פֿאָלק ישראל. די דאָזיגע רעדעס האָט שמואל געהאַלטען פֿאַר'ן פֿאָלק מיט אַזאַ בעגייסטערונג און התלהבות, אַז אַלע הערצער האָבען געציטערט פֿון צאָרן און פֿרייד, איהם הערענדיג רעדען, און די האָבען אפילו די, וואָס האָבען אין די ווייטעסטע שטעדט

זיך געפֿאַלען געוואָרען. פֿיעל שטעדט, וועלכע די פּלשתּים האָבען פֿריהער געהאַט אָבגעריסען בײַ אידען, האָט מען איצט בײַ זײ צוגענומען צוריק.

לערך אַ יאָהר צעהן האָט דאָס אידישע פֿאָלק געלעבּט אין פֿאָלקאָמער רוהיגקייט, און שמואל האָט געזאָרגט דערפֿאַר, אַז דאָס פֿאָלק זאָל אין דער גליקליכער צייט נישט פֿערגעסען צוריק דאָס, אָן וואָס מען האָט זיך דערמאָהנט אין אונגליק. מעהר פֿאַר אַלץ האָט שמואל געאַרבּייט פֿאַר דער אַחדות צווישען די שבטים. יאָהר־יעהרליך פֿלעגט שמואל פֿערזאַמלען צו זיך די עלטסטע פֿון די שבטים און ערקלערען זײ זייערע פֿפֿליכטען געגען דעם פֿאָלק; דערבּײַ פֿלעגט ער נישט אויפֿהערען זײ צו דערמאָהנען וועגען יענע אונגליקליכע צייטען, וואָס מען האָט געמוזט איבּערלעבּען דערפֿאַר, וואָס מען האָט פֿערגעסען אָן דעם איינציגען גאָט אין דעם איינציגען פֿאָלק, זיך צונויפֿגעמישט מיט די געצענדיענער און פֿערגרעבּט געוואָרען דאַדורך. אין אַלע זיינע רעדעם האָט שמואל געוואָרענט דאָס פֿאָלק נישט אומצוקעהרען זיך צוריק צו די פֿריהערדיגע מעשים, ווײַל דאָס מוז פֿיהרען צו די גרעסטע אונגליקען.

דער מיטעל־פּונקט פֿון שמואל'ס טעטיגקייט איז געווען — מצפּה, אַ שטאָדט אין שבט בּנימין, וואו מען האָט אויך אויסגעבּויט אַ מזבּח פֿאַר גאָט. דער דאָזיגער מזבּח האָט אָבּער נישט געדיענט בּלויז אויף צו בּרענגען קרבּנות: שמואל האָט אַריינגעפֿיהרט אַ נייעם עלעמענט אין'ם גאָטעס־דיענסט — רעליגיעזע לויבּ־ליעדער מיט געזאַנג. שמואל איז געווען דער עלטסטער פֿון די „בּני־קורח", וועלכע זענען שפּעטער בּעריהמט געוואָרען דורך זייערע תּהלים־דיכטונגען, און ס'איז קיין ספק נישט, אַז ער האָט דער ערשטער געדיכטעט די לויבּ־ליעדער פֿאַר'ן גאָטעס־דיענסט. זיין אייניקעל הימן איז צוזאַמען מיט אָסף און ידותון בּעוואוסט געווען אַלס דיכטער פֿון פֿיעל תּהלים־געזאַנגען. שמואל האָט איינגעפֿיהרט אויך, אַז די קאַפּיטלעך תּהלים זאָלען געזונגען ווערען, אַזוי אַז דער גאָטעס־דיענסט איז געוואָרען מעהר פֿייערליך און האָט געווירקט אַ לאַנגע צייט אויפֿ'ן פֿאָלק צו דערהויבּען די געמיטער און צו פֿעראיידלען און פֿערפֿיינערען די כאַראַקטערען.

דורך דעם כאָר פֿון די לויים און די תּהלים־געזאַנגען בּײַ'ם גאָטעס־דיענסט האָבּען די קרבּנות ממילא פֿערלוירען זייער הויפּט־בּעדייטונג. די כּהנים, וועלכע האָבּען געשטאַמט פֿון אַהרן, האָבּען אין שמואל'ס צייטען פֿערלוירען יענע הויך־געשטעלטע בּעדייטונג, וואָס זײ האָבּען געהאַט אין די צייטען פֿון פּינחס און עלי. אַן אייניקעל פֿון עלי, דער כּהן אחיטוב, איז נאָך דעם חורבּן פֿון דעם משכּן אין שילה ענטלאָפֿען אין דער שטאָדט נוב (נעבּען ירושלים) און מיטגענומען די היילּיגע קליידער פֿון די כּהנים, ווי אויך דעם חושן מיט'ן אפוד. די איבּעריגע כּהנים האָבּען זיך דאַמאָלס פֿערזאַמעלט אַלע אין נוב און געגרינדעט דאָרט אַ נייעם פּונקט צו

ווירקט אויפֿ'ן שבט יהודה, צו ענדערען זיין בעציהונג צו די איבריגע שבטים; ווי עס זאָל נישט זיין, אַ פֿאַקט איז עס, אַז אין שמואל'ס צייטען איז דער שבט יהודה מיט זיין אונטערטאַן שמעון אַריינגעטראָטען אין אַלגעמיינעם לעבען פֿון די איבריגע שבטים. יעקב און ישראל, וועלכע האָבען אין די פֿיעל הונדערטער יאָהרען, זינט מען איז אַריינגעקומען אין ארץ־ישראל, געלעבט אָבגעזונדערט און צושיידעט, האָבען זיך איצט ווידער פֿעראייניגט. מיט'ן אַריינטרעטען פֿון יהודה אין דער אידישער געשיכטע איז אַריינגעקומען אַ נייער קרעפֿטיגער און יונגער עלעמענט. אין די לענדער, וועלכע דער שבט יהודה האָט געהאַט איינגענומען, זענען געווען וועניג שטעדט, און קיין ענטוויקעלט שטאָדטיש לעבען האָט יהודה דאָרט כמעט גאָרנישט געפֿונען. די איינציגע שטאָדט, וועלכע ווערט דאָרט דערמאָהנט, איז געווען חברון; אויסער איהר האָט מען אין דער גאַנצער געגענד געקאָנט טרעפֿען נאָר קליינע הויפֿען פֿון פֿיה־האָדעווער. דאָס פֿערפֿיינערט לעבען, און דערמיט אויך די פֿערדאָרבענע מדות פֿון די פֿעניקיער, וועלכעס איז אַריינגעדרונגען אין לעבען פֿון די איבריגע שבטים, איז געבליבען גאַנץ אונבעקאַנט די שבטים יהודה און שמעון. דער קולט (גאָטעס־דיענסט) פֿון בעל און עשתרות מיט זיין גאַנצער אונציכטיגקייט און גראָבע געמיינע תאוות איז געבליבען גאַנץ פֿרעמד פֿאַר די שבטים יהודה און שמעון, און זיי זענען זיך געבליבען מייסטענס די זעלביגע, ווי זיי זענען געוועזען ביי'ם אַריינקומען אין לאַנד — איינפֿאַכע פֿאַסטוכער, וועלכע ליבען זייער פֿרייהייט און פֿערטיידיגען איהר. דאָס איינפֿאַכע לעבען און די גוטע מדות פֿון דער אַלטער צייט פֿון די אָבות האָבען זיך דערהאַלטען פֿיעל לענגער ביי די שבטים יהודה און שמעון, איידער ביי די איבריגע שבטים.

ס'פֿערשטעהט זיך, אַז אָהן שמואל'ס קרעפֿטיגער פּערזענליכקייט און אָהן זיין ווירקונג וואָלט די פֿערשטאַרקונג און די רעליגיעזע אויפֿלעבונג נישט פֿערווירקליכט ווערען. אויף אלקנה'ס זוהן, וועלכער איז אַליין קיין גבור אין מלחמה נישט געוועזען, האָט דאָך דאָס פֿאָלק געקוקט ווי אויף אַ פֿעסטע וואַנד, וועלכע קאָן בעשיצען בשעת דער סכנה פֿון מלחמות. פֿיעל יאָהרען האָט שמואל ענערגיש געפֿיהרט זיין טעטיגקייט מיט דער הילף פֿון זיינע תלמידים, די יונגע נביאים פֿון שבט לוי. דאָס פֿאָלק האָט איהם אַליין אַנערקענט פֿאַר אַ מנהיג, און ער האָט עס אויך געפֿיהרט דורך זיין גרויסער התלהבות צו נצחונות איבער'ן פֿיינד. דער ערשטער נצחון, וועלכען אידען האָבען אָבגעהאַלטען איבער די פלשתים אין יענער געגענד, וואו אידען זענען אינגאַנצען צושלאָגען געוואָרען דורך זיי אין עלי'ס צייטען, האָט געהאַט אַ שטענדיגע ווירקונג אויף די בעציהונג פֿון די פלשתים צו אידען: זיי האָבען שוין אַ לאַנגע צייט מעהר נישט געמאַכט זייערע אָנפֿאַלען אויף די אידישע גרעניצען. אויך דער אידישער מוט איז דאַדורך שטאַרק דערהויבען געוואָרען, וועהרענד די פלשתים זענען ביי

אוֹיךְ מִיט גְוואַלד צְווִינְגֶען דֶערצוּ דָאס פָאלק, אוּן פִירֶען אִיהם אִין
קְרִיעג, כְּדֵי צוּ בֶּעזִיעגֶען דֶעם פַיינד. אַ מלך בַּיי אִידֶען! שְׁמוּאֵל אִיז עֶר־
צִיטֶערְט גֶעוואָרען, הֶערֶענְדִיג אַזאַ זאַךְ. דָאס גַאנְצֶע פָאלק זָאל דַארְפֶען
גֶעהָארְכֶען אֵיין מֶענְשֶׁען אוּן זַיין אָבְּהֶענְגִיג פוּן זַיין גוּטֶען אָדֶער שְׁלֶעכְ־
טֶען ווִילֶען! דִי גְלַייכְקַייט פוּן אַלֶע מִיטְגְלִידֶער פוּן פָאלק פָאר'ן גֶעזֶעץ אוּן
פָאר גָאט, דִי פְרַייע זֶעלְבְּסְטשְׁטֶענְדִיגְקַייט פוּן יֶעדֶער אֵיינְצִיגֶער פַאמִילִיֶען
גְרוּפֶּע אוּנְטֶער דֶעם אֵייגֶענֶעם עֶלְטֶסְטֶען, הָאט זִיךְ אַזוֹי שְׁטַארְק אַיינְגֶע־
וואָרְצֶעלְט אִין דֶער גֶעוואָהְנְהַייט אוּן חאַראַקְטֶער פוּן פָאלק, אַז עֶר הָאט
גָארְנִישְׁט גֶעקָאנְט בֶּעגְרַייפֶען, ווִי אַזוֹי עֶס זָאל מֶעגְלִיךְ זַיין, אַז דָאס
גַאנְצֶע פָאלק זָאל ווֶעלֶען גֶעהָארְכֶען אֵיינֶעם אַ בֶּעשְׁטִימְטֶען מֶענְשֶׁען.
אִין שְׁמוּאֵל'ס אוֹיגֶען הָאט דֶער גֶעדַאנְק ווֶעגֶען אַ מלך עֶנְטְהַאלְטֶען אַלֶער־
לֵיי שְׁרֶעקְלִיכֶע סַכָּנוֹת פַאר אִידֶען.

אוּן אָט דֶערִיבֶּער, ווֶען שְׁמוּאֵל הָאט דֶערְהֶערְט דִי דָאזִיגֶע פָאדֶע־
רוּנְג, אִיז זִי אִיהם פָארְגֶעקוּמֶען, ווִי אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער חלום. אִין שַׁארְפֶע
אוֹיסְדְרִיקֶען אוּן בִּילְדֶער הָאט שְׁמוּאֵל זִיךְ גֶענוּמֶען שִׁילְדֶערְן פַאר דִי
עֶלְטֶסְטֶע פוּן פָאלק, וואָס עֶס ווֶעט אַרוֹיסְקוּמֶען דֶערְפוּן, וואָס אִידֶען ווֶע־
לֶען הָאבֶּען אַ מלך; עֶר הָאט זֵיי עֶרְקְלֶערְט, אַז אוֹיב דָאס פָאלק ווֶעט
זִיךְ מִיט'ן גוּטֶען ווִילֶען אוּנְטֶערְגֶעבֶּען דֶעם מלך, ווֶעט עֶס מוּזֶען בְּרֶענְ־
גֶען סוֹף־כָּל־סוֹף צוּ דֶער גֶעמֵיינְסְטֶער קְנֶעכְטְשַׁאפְט. אָבֶּער שְׁמוּאֵל'ס רֵייד
הָאבֶּען דָאס מָאל נִישְׁט גֶעהַאט קֵיין ווִירְקוּנְג. דִי עֶלְטֶסְטֶע פוּן דִי שבטים
הָאבֶּען גֶעהַאלְטֶען אִין אֵיין טענה'ן, אַז נָאר אַ מלך ווֶעט קָאנֶען בֶּעְ־
פְרַייעֶן אִידֶען פוּן דֶער נוֹיט, עֶר ווֶעט פִירֶען זֵיי אִין אַ מלחמה אוּן עֶר
ווֶעט אַיינְנֶעהְמֶען דִי פַיינד.

אוּן דִי צַייט אִיז גֶעווֶען בֶּאֱמֶת דַאמָאלְס זֶעהְר אַ שְׁווֶערֶע פַאר אִידֶען.
דִי פלשתים הָאבֶּען גֶעמַאכְט עֶטְלִיכֶע אָנְפַאלֶען אוֹיף דִי אִידִישֶׁע גְרֶענְיצֶען,
אוּן כִּמְעַט אַז קֵיינֶער הָאט זִיךְ זֵיי נִישְׁט עֶנְטְגֶעגֶענְגֶעשְׁטֶעלְט; זֵיי הָא־
בֶּען דֶערִיבֶּער זִיךְ גֶענוּמֶען אַיינְנֶעהְמֶען אִידֶען אַלְץ מֶעהְר אוּן פֶערְקְנֶעכְ־
טֶען זֵיי. אִיצְט הָאבֶּען דִי פלשתים שׁוֹין זִיךְ מֶעהְר נִישְׁט בֶּעגְנוּגֶענְט מִיט
אַיינְנֶעהְמֶען עֶטְלִיכֶע שְׁטֶעדְט אוֹיף דִי גְרֶענִיצֶען, זֵיי הָאבֶּען שׁוֹין פֶער־
שְׁפְּרֵייט זֵייעֶר הֶערְשַׁאפְט אִיבֶּער'ן גַאנְצֶען לַאנְד אִין דֶער בְּרֵייט אוּן זֶע־
נֶען כִּמְעַט דֶערְגַאנְגֶען בִּיז'ן ירדן. אִין אֵיינִיגֶע שְׁטֶעדְט הָאבֶּען זֵיי אַרַיינְ־
גֶעזֶעצְט זֵייעֶרֶע בֶּעאַמְטֶע, ווֶעלְכֶע הָאבֶּען אַיינְגֶעמָאהְנְט שְׁווֶערֶע אָבְּצָאה־
לוּנְגֶען אִין פִיה אוּן תבואות. בַּיי אַזאַ לַאגֶע אִיז דֶער פֶערְלַאנְג צוּ הָא־
בֶּען אַנ'אֵייגֶענֶעם קֶענִיג גֶעוואָרֶען אַלְץ שְׁטַארְקֶער אוּן דְרִינְגֶענְדֶער. אִין
ווִי שְׁטַארְק שְׁמוּאֵל הָאט זִיךְ פוּן אָנְהוֹיב גֶעשְׁטֶעלְט גֶעגֶען דֶער דָאזִיגֶער
פָאדֶערוּנְג פוּן פָאלק, הָאט עֶר לְסוֹף דָאךְ גֶעמוּזְט נָאכְגֶעבֶּען, אוֹיפְזוּכֶען
אַ קֶענִיג אוּן זַאלְבֶּען אִיהם. דִי נַייעֶ רֶעגִירוּנְגְס־פָארְם, ווֶעלְכֶע הָאט גֶע־
דַארְפְט אִינְגַאנְצֶען פֶערֶענְדֶערְן דִי עֶקְזִיסְטֶענְץ פוּן אִידִישֶׁען פָאלק אוּן
דֶעם גַאנְג פוּן זַיין גֶעשִׁיכְטֶע, אִיז גֶעוואָרֶען אַ נוֹיטווֶענְדִיגְקַייט. דָאס אִי־

פֿערזאַמלען זיך און ברענגען קרבנות. שמואל האָט אָבער גאָרנישט גע־
ווענדעט זיך צום נייעם משכּן. זיין הויפּט־אויפֿמערקזאַמקייט האָט ער גע־
ווידמעט נאָר דעם צענטער פֿון ארץ־ישראל און די דרום־קאַנטען.

ווען שמואל איז אַלט געוואָרען, האָט ער אָבער שוין מעהר נישט
געקאָנט פֿיהרען זיין פֿריהערדיגע טעטיגקייט מיט דער זעלבער ענער־
גיע, ווי אין דער יוגענד. זיינע זיהן זענען געווען ווענינ בעליעבט ביי'ם
פֿאָלק, מען האָט זיי בעשולדיגט, אַז זיי נעהמען שוחד און מתנות. קיין
אַנדערע אָנגעזעהענע און קרעפֿטיגע מענשען זענען אין שמואל'ס קרייזען
נישט געווען, וועמען ער וואָלט קאָנען איבערגעבען די הנהגה. די אַחדות,
וועלכע שמואל האָט בעשאַפֿען, איז ווידער ביסלעכווייז אָבגעשוואַכט גע־
וואָרען, ווייל דער נביא איז זיך שוין נישט צוזאַמענגעקומען אַזוי אָפֿט,
ווי פֿריהער, מיט די עלטסטע פֿונ'ם פֿאָלק. דערצו האָבען נאָך אין יענער
צייט די אידישע פֿיינד זיך ווידער געשטאַרקט. די פּלשתּים, וועלכע זענען
פֿריהער נישט גע־זען פֿעראייניגט, און פֿינף בעזונדערע פֿירשטען האָבען
איבער זיי רעגירט, האָבען אין שמואל'ס לעצטע צייטען אויסגעקליבען
זיך אַליין אַ קעניג; מעגליך אויך, אַז איינער פֿון זייערע פֿירשטען האָט
אַליין פֿערהאַפּט ביי זיי די מאַכט. דער נייער קעניג פֿון די פּלשתּים האָט
אָנגעהויבען טראַכטען וועגען גרויסע נצחונות און געוואָלט פֿערגרעסערען
זיין לאַנד. ווי עס שיינט, האָט ער אויך געפֿיהרט אַ גליקליכע מלחמה מיט
די פֿעניקיער און איינגענומען אפילו זייער הויפּט־שטאָדט צידון; די איינ־
וואָהנער פֿון דער שטאָדט האָבען זיך געראַטעוועט פֿון זיינע פֿערפֿאָלגונ־
גען אויף שיפֿען און אויסגעבויט אַ נייע שטאָדט אויף אַ גרויסען פֿעלזען־
שטיין, וועלכער האָט ווייט אַריינגעשפּאַרט אין ים; די שטאָדט האָבען זיי
אַ נאָמען געגעבען צור (צור הייסט אין העברעאיש אַ פֿעלזען). אַזוי אַרום
האָבען די פּלשתּים איינגענומען דאָס גאַנצע לאַנד ביי'ם ברעג ים, פֿון
עזה ביז צידון, און דורך זייער נייער קראַפֿט האָט זיי אויסגעוויזען גאַנץ
לייכט איצט איינצונעהמען גאַנץ ארץ־ישראל. און אָט דעריבער האָבען
זיך אָנגעהויבען פֿון דאָס ניי בלוטיגע מלחמות צווישען די פּלשתּים און
די אידען.

אויך די עמונים פֿון יענער זייט ירדן, וועלכע האָבען געהאַט אַ
גרויסע מפּלה אין דער מלחמה מיט יפתח פֿון גלעד, האָבען זיך איצט
ווידער אויפֿגעהויבען אונטער זייער קריגערישען קעניג, נחש, וועל־
כער איז אָנגעפֿאַלען אויפֿ'ן שבט גד און דעם האַלבען שבט מנשה. נישט
זייענדיג אימשטאַנד אַליין צו פֿערטיידיגען זיך, האָבען די שבטים גע־
שיקט שליחים צו שמואל'ן און געבעטען ביי איהם הילף; דערביי האָ־
בען זיי אַרויסגעזאָגט אַ וואָרט, וואָס האָט דעם נביא העכסט בעליידיגט;
דאָס וואָרט האָט אָבער אויסגעדריקט די אַלגעמיינע פֿאָלקס־שטימונג. זיי
האָבען פֿערלאַנגט, אַז מען זאָל ביי אידען בעשטימען אַ קעניג, וועלכער
זאָל האָבען די מאַכט צו פֿעראייניגען אַלע טיילען פֿון פֿאָלק, כאָטש

זאַמלונג אין מצפה, כדי אויסצוקלויבען אַ מלך. צווישען די פֿערזאַמעלטע איז אויך געווען שאול מיט דער משפחה פֿון קיש. איידער מען איז צוגעטראָטען צו דער וואהל פֿון אַ מלך, האָט שמואל נאָך איין מאָל גערעדט צו'ם פֿאָלק און ערקלערט, אַז חאָטש דאָס פֿאָלק איז בעגאַנגען אַ אונגעטריייהייט געגען גאָט, דערמיט וואָס מען האָט ערקלערט, אַז מען וויל דורכאויס אַ קעניג האָבען, פֿונדעסטוועגען וועט ער, שמואל, דורכפֿיהרען די וואהלען פֿון אַ מלך, ווייל זיין נביא'ישער גייסט האָט איהם אַזוי בעפֿוילען; דערביי האָט שמואל פֿאָרגעשלאָגען, אַז מען זאָל וואַרפֿען אַ גורל: אויף וועמען דער גורל וועט פֿאַלען, יענער וועט מלך זיין. דער גורל איז געפֿאַלען אויף שאול'ן, דעם זוהן פֿון קיש; אָבער ווען מען האָט זיך אַרומגעזעהן, האָט מען איהם נישט געקאָנט געפֿינען, ווייל ער האָט זיך בעהאַלטען. און ווען מען האָט איהם ענדליך ענטדעקט און געשטעלט פֿאַר'ן פֿאָלק, זענען אַלע געווען אַנגענעהם איבעררַאַשט: שאול איז געווען מיט אַ קאָפּ העכער פֿאַר אַלעמען, שלאַנק און שען, דערצו האָט ער דורך זיין בענעהמען געמאַכט זעהר אַ גוטען איינדרוק אויפֿ'ן פֿאָלק

„זעהט איהר — האָט שמואל געזאָגט — אָט דאָס איז דער מאַן, וועלכען גאָט האָט אויסגעקליבען פֿאַר אַ קעניג, און ער האָט נישט זיין גלייכען אין'ם גאַנצען פֿאָלק".

די מאַסע, וועלכע איז דערביי געווען און געזעהן דעם געטליכען גורל, ווי אויך שאול'ס שענע געשטאַלט, האָבען אויסגערופֿען: „לעבען זאָל דער קעניג!" דאַן האָט דער נביא געזאַלבט דעם נייעם קעניג מיט'ן הייליגען איל, דאַדורך האָט זיין פערזאָן געדאַרפֿט ווערען הייליג פֿאַר אַלעמען. פֿאַר די עלטסטע פֿון פֿאָלק איז עס געווען אַן אמת'ע שמחה, דען ענדליך איז זייער וואַרימסטער וואונש ערפֿילט געוואָרען: דאָס אידישע פֿאָלק האָט בעקומען אַ קעניג און אַ מנהיג. מען האָט געהאָפֿט, אַז איצט וועלען זיך אָנהויבען גליקליכע צייטען. ווי דער אַלטער היסטאָריקער דערצעהלט, האָט שמואל ביי דער דאָזיגער געלעגענהייט ערקלערט פֿאַר די פֿערזאַמעלטע די רעכט פֿון'ם קעניג איבער'ן פֿאָלק, וועלכע האָבען בעקומען די בעדייטונג פֿון אַ געזעץ. אין'ם לעבען פֿון אידישען פֿאָלק איז דאָס געווען אַ וויכטיגער היסטאָרישער מאָמענט, וועלכער האָט בעשטימט די אידישע צוקונפֿט. אָבער די שמחה פֿון'ם פֿאָלק איז אויך געשטערט געוואָרען דורך שטימען פֿון אונצופֿריעדענהייט. אייניגע אונצופֿריעדענע, ווי עס שיינט, פֿון שבט אפֿרים, וועלכע האָבען אפֿשר געהאָפֿט, אַז דער ניי-אויסגעקליבענער מלך וועט זיין פֿון זייער שבט, האָבען אַרויסגעזאָגט הויך זייער ענטטוישונג: „וואָס וועט אונז העלפֿען אָט דער מענש!" און וועהרענד די עלטסטע פֿון פֿאָלק האָבען, ווי דער מנהג איז, דערלאַנגט דעם נייעם מלך מתנות און ערקלערט

דישע קעניגטום איז געבוירען געוואָרען אין גרויסע וועהטאָגען, עס איז נישט געווען קיין קינד פון דער ליעבע, נאָר פון דער נויט, און עס האָט דעריבער אין אָנפאַנג נישט פערנומען קיין נאַטירליכען אָרט אין דער געבייַדע פון אידישען געזעלשאַפטליכען לעבען, און די נביאים האָבען עס שטענדיג בעטראַכט אַלס אַ שטערענדען עלעמענט און נישט געהאַט צו איהם קיין צוטרוי.

דער קעניג, וועלכער איז דורך דעם דרינגענדען פערלאַנג פון פאָלק און געגען דעם ווילען פון'ם נביא געשטעלט געוואָרען אין דער שפיץ פון פאָלק, האָט אַליין בעוויזען, נאָך מעהר ווי שמואל'ס ערקלערונגען, אַז דאָס קעניגטום איז נישט געווען פעהיג צו געבען דעם פאָלק דאָס גליק, וואָס מען האָט פון איהם ערוואַרטעט: אַן'איינפאַכער און אַן'אויסגעצייכענטער מענש, וועלכער, איידער מען האָט איהם אויסגעקליבען פאַר אַ קעניג, האָט נישט געוואוסט, וואָס הייסט תאוה צו כבוד און לוסט צום הערשען, איז כמעט געצוואונגען געווען צו ווערען גרויזאַם און אַפילו אויך אונמענשליך, נאָר כדי צו קאָנען אויפהאַלטען זיין נייע גרויסע בעדייטונג, אַלס אַ מלך.

דער נביא'ישער גייסט האָט אָנגעוויזען שמואל'ן, וואָס פאַר אַ מיטלען ער זאָל אָננעהמען, אַז דאָס קעניגטום זאָל אין דער ווירקליכקייט נישט פיהרען צו יענע שרעקליכע פאָלגען, וועלכע שמואל האָט מיט זיין קלאָרען פערשטאַנד פאָראויסגעזעהן און געשילדערט פאַר די עלטסטע פון די אידישע שבטים; כדי אַז דער קעניג זאָל זיך נישט דערהויבען איבערן געזעץ, נישט ווערען ביי זיך צו־שטאָלץ און ער זאָל שטענדיג געדענקען, אַז ער איז געווען פריהער אַן'איינפאַכער בשר ודם. צו דעם צוועק האָט שמואל אויסגעקליבען דעם מלך נישט פון'ם שטאָלצען שבט אפרים, נאָר פון דעם קלענסטען פון די שבטים: פון בנימין. די משפחה פון'ם ערשטען מלך איז אויך נישט געווען פון די געהויבענע; זיין פאָטער, קיש, האָט זיך מיט קיין זאַך נישט אויסגעצייכענט און איז געווען אַן'איינפאַכער לאַנד־אַרבייטער; אויך שפעטער האָט מען נישט געפונען, מיט וואָס איהם צו לויבען, אויסער ווי דאָס, וואָס ער איז געווען „אַן־עהרליכער מאַן". זיין זוהן, שאול, וועלכען מען האָט געדאַרפט אויסקלויבען פאַר אַ מלך, איז געווען אַן'איינפאַכער לאַנד־אַרבייטער, אַ בושת־פנים, אַ שעמעוודיגער דאָרפס־מאַן. דער דאָזיגער אומשטאַנד, ווי אויך אַנדערע גוטע איינגענשאַפטען פון שאול, האָבען געדאַרפט דיענען פאַר דער בעסטער גאַראַנטיע, אַז דער נייער קעניג וועט נישט שטאָלץ ווערען, און וועט שטענדיג זיך מיישב זיין מיט'ן נביא און פאָלגען זיין געטליך וואָרט, בפרט נאָך, אַז דער זעלביגער נביא האָט איהם אַליין גרויס געמאַכט.

און אַט האָט שמואל ענדליך איינגעאָרדענט אַ גרויסע פאָלקס־פער־

איהם דערפאר פיינד בעקומען, אדער אפילו אויך, אז ער זאל דאדורך
זיין שטעלע אדער דאס לעבען פערליערען. געשטיצט פון זיין זוהן, פון
זיין פעטער אבנר, וועלכער איז געוועזען א העלדישער מאן פון גרויסער
פעסטקייט, ווי אויך פון פיעל אנדערע געטרייע מענשען פון שבט בנימין,
וועלכע זענען שטאלץ געוועזען דערויף, וואס דער מלך איז אויסגעקליבען
געווארען פון זייער שבט, — האט שאול זיך אונטערגענומען דעם נישט־
גלייכען קאמפף געגען די פלשתים.

דעם ערשטען קלאפ האט געגעבען יהונתן: ער איז פלוצלונג אי־
בערגעפאלען אויף די בעאמטע פון די פלשתים און אויסגע'הרג'עט זיי
מיט זייערע מחנות. דאס איז געוועזען די ערשטע ערקלערונג פון מלחמה,
און זי איז פארגעקומען אויף שאול'ס בעפעהל, אדער, וועניגסטענס, מיט
זיין איינשטימונג. באלד נאך דעם האט דער קעניג מודיע געוועזען אינ'ם
גאנצען לאנד פון בנימין דורך דעם שאל פון שופרות, אז עס האט זיך
אנגעהויבען די בלוטיגע מלחמה מיט די פלשתים. פאר פיעל מענשען
איז דאס געוועזען אנ'אמת'ע פרעהליכע בשורה, פיעל אבער האבען זי
אויפגענומען מיט גרויס שרעק. די מוטיגסטע האבען זיך באלד פער־
זאמעלט ארום דעם קעניג, כדי איהם צו העלפען אראבווארפען די חרפה
פון קנעכטשאפט ביי די פלשתים, אדער צו שטארבען מיט'ן קעניג צו־
זאמען. עס זענען אבער אויך געוועזען פיעל פחדנים, וועלכע זענען ענט־
לאפען אויף יענער זייט ירדן, אדער האבען זיך בעהאלטען אין די הייה־
לען, צווישען די הויכע בערג אדער אין די גריבער. דאס גאנצע פאלק
האט געלעבט אין איין ציטערניש און אימה, מורא האבענדיג פאר'ן
שרעקליכען סוף פון אזא נישט־גלייכען קאמפף. דער ארט, וואו אידען
פלעגען זיך דאמאלס פערזאמלען, איז געוועזען גלגל, וועלכער ליעגט ווייט
פון דער גרעניץ פון די פלשתים. דעם דאזיגען ארט האט בעשטימט
דער נביא שמואל און ער האט בעפוילען דעם מלך שאול אויך אהין
צו קומען און ווארטען דארט אויף איהם, אויפ'ן נביא, כדי צו הערען
זיינע וויטערדיגע פעראורדנונגען.

דערוויל האבען זיך די פלשתים צוגעגרייט צו א בלוטיגער מלחמה
געגען אידען. די ידיעה, אז יהונתן איז אנגעפאלען אויף איינעם פון
זייערע בעאמטע מיט זיין מחנה, האט זיי אריינגעבראכט אין גרויס
צארן; זיי זענען מעהר געוועזען איבערראשט, ווי דערשראקען. שוין פיעל
מאל האבען זיי געזעהן, ווי די אידען זענען ענטלאפען פון שלאכט־
פעלד אין דער מלחמה מיט זיי; זיי האבען דעריבער געהאלטען אידען
פאר פחדנים. ווי אזוי אבער האבען זיך דאס דערוועגט אט די פחדנים
ארויסצוטרעטען אין מלחמה געגען זיי, געגען די פלשתים, זייערע
הערען, נישט האבענדיג נאך דערצו קיין געוועהר! די פלשתים מיזען
א בליטיגע נקמה נעהמען! און אט איז ארויסגעגאנגען זעהר א גרויסע

זיך אלס געטרייע אונטערטאנען, און די מוטיגסטע פון זיי האבען זיך געלאזט געהן מיט'ן קעניג אין גבעה, כדי צו העלפען איהם דארט אין זיין מלחמה געגען די אידישע פיינד, — האבען די אונצופריעדענע זיך געהאלטען פון דערווייטען און נישט געוואלט איהם אנערקענען פאר א מלך.

שאול'ס מוט האט זיך באלד נאך דער וואהל פאר א מלך דער־וועקט אין איהם; די אונערווארטעטע דערהויבונג דורך גאט האט איהם אריינגעגעבען א גייסט פון גבורה, און ער האט דערשפירט אין זיך גע־נוג שטארקייט ארויסצוטרעטען געגען דעם שטארקען אויסערליכען פיינד, ווי אויך איינצופיהרען א גוטע ארדנונג אין'ם אידישען פאלק גופא. די לאגע פון'ם פאלק איז דאמאלס געווען זעהר א טרויעריגע, כמעט נאך ערגער, ווי אין דער צייט פון די ריכטער. נאכדעם, ווי די פלשתים האָ־בען איינגענומען דאס לאנד, האבען זיי צוגענומען ביי'ם פאלק אלערליי געוועהר — פייל־און־בויגען און שווערדען; קיין שמידען זענען אבער אין לאנד נישט געווען, וועלכע זאלען קאנען מאכען נייע שווערדען. דער נייער מלך אליין האט נאר געהאט א שווערד — דער סימבאל פון קע־ניגטום ביי אלע פעלקער אין אלע צייטען. ס'איז זעהר מעגליך, אז אפילו די וואהל פון'ם קעניג איז געמאכט געווארען בסוד פון די פלשתים. די בעאמטע פון די פלשתים האבען אויסגעזויגען דעם מארך ביי'ם פאלק און זיי האבען אויך געדארפט גוט אכטונג געבען אויף אלץ, וואס קומט פאר ביי אידען און אונטערדריקען יעדע פראבע, צו מאכען אנ'אויפשטאנד געגען די פלשתים. די אידישע ערנידערונג איז געווען אזוי גרויס, אז א טייל פון זיי זענען געווען געצוואונגען צו געהן צוזאמען מיט די פלשתים און קעמפפען געגען זייערע אייגענע ברידער, כדי די פלשתים זאלען זיי קאנען פערקנעכטען. די פלשתים זענען זיך בעגאנגען מיט די איינגע־נומענע אידען מיט טיעפער שנאה און פעראכטונג. נאר א װאונדער האט איצט געקאנט ראטעווען אידען. און דער דאזיגער וואונדער איז דורכ־געפיהרט געווארען דורך שאול'ן, דורך זיין זוהן יהונתן און זיין משפחה.

שאול'ס עלטערער זוהן, יהונתן, איז, לויט זיין כאראקטער און גבורה, נאך מעהר ווערט געווען מלך צו זיין, ווי זיין פאטער. אנ'עניו און אונ־איינגענויציגער און מוטיגער, אז ער האט דעם טויט פעראכטעט, האט ער נאך דערצו געהאט א ווארים הארץ, פול ליעבע און פריינדליכקייט, וועל־כעס האט צו איהם צוגעבונדען אלע הערצער; ער איז שוין אפילו גע־ווען צו־ווייך און צו־גוט. פאר א זוהן פון א מלך, וועלכער וועט אמאל אליין דארפען טראגען א קרוין אויפ'ן קאפ און רעגירען איבער א פאלק, איז שוין דאס א חסרון, ווייל אלס אזעלכער האט ער געברויכט צו האבען מעהר פעסטקייט און עטוואס הארטקייט. אנ'עהרליך־אמת'ער נאטור, איז יהונתן געווען א פיינד פון אלערליי פאלשקייטען, און האט זיין מיינונג ארויסגעזאגט אפען, נישט מורא האבענדיג, טאמער וועט מען

קליינער מחנה, איז געווען וויט פונ'ם לאגער פון די פלשתים און מכמש א שעה גאנג. צווישען מכמש און גבע געהט דורך א שמאלער טהאל, וועלכען די גרויסע מחנות קאנען נישט דורכגעהן, וויל פון ביידע זייטען טהאל, סיי פון מכמש, סיי פון גבע, דערהויבען זיך גרויסע פעלזען, וועלכע מאכען דעם טהאל-דורכגאנג אזוי ענג, אז ער האלט ערטערווייז קוים צעהן טריט ברייט. די פלשתים און די אידען האבען זיך געקאנט צוזא-מענטרעפען, נאר געהענדיג אויף זייטיגע וועגען. און אט האט יהונתן מיט זיין בעגלייטער, וואס האט זיין געוועהר איהם נאכגעטראגען, אונ-טערגענומען אין א געוויסען טאג א געוואגטען שריט: ער האט זיך געלאזען געהן צום לאגער פון די פלשתים דורכ'ן ענגסטען ארט פונ'ם דורכגאנג, דארט וואו מען קאן אריינקומען אין לאגער פון מכמש נישט אנדערש, ווי קלעטערנדיג איבער די שפיציגע שטיינער, וועלכע דערהוי-בען זיך שטעהענדיג ווי א וואנד איבער'ן שמאלען טהאל. דורך איין פאל-טען טריט האבען זיי געקאנט ארונטערפאלען אין טיעפען אבגרונד פון טהאל און דער'הרג'עט ווערען. יהונתן מיט זיין בעגלייטער האבען אבער גליקליך ארויפגעקלעטערט אויף דער שטיינערנער וואנד און דער-גרייכט דעם לאגער פון די פלשתים. ווען די פלשתים האבען זיי דער-זעהען, זענען זיי זעהר ערשטוינט געווארען, וויל זיי האבען געהאלטען גאר פאר אונמעגליך, אז מען זאל קאנען אריינקומען אין זייער לאגער דורך דער זייט. מיינענדיג, אז פון הינטען קלעטערען נאך אנדערע אידישע קעמפפער, האבען די פלשתים אנגעהויבען פון זיי אבצולאכען: „זעהט נאר! די העברעער קריכען ארויס פון זייערע לעכער, וואו זיי האבען זיך בעהאלטען! שטייגט נאר ארויף וויטער, מיר ווילען מיט אייך בעקאנטשאפט מאכען!“ יהונתן האט אבער געהאט אבגערעדט מיט זיין בעגלייטער, אז אויב די פלשתים וועלען זיי רופען, דאס זיי זאלען קומען צו זיי נעהענטער, איז דאס א גוטער סימן, אז מען דארף אויף זיי אנפאלען. די פלשתים האבען טאקי באלד פערלוירען דעם חשק אבצולאכען פון די אידען. יהונתן מיט זיין בעגלייטער, וועלכע זענען, ווי אלע פון שבט בנימין, געווען זעהר גוט געאיבטע שטיין-ווארפער, האבען אנגעהויבען שליידערן שטיינער אויף די פלשתים, ארויסטרע-טענדיג פארווערטס. דער פלוצלונגער אנפאל פון אנ'אונערווארטעטער זייט האט געווארפען אנ'אמת'ע אימה אויף די פלשתים, און זיי האבען געגלויבט, אז איבערנאטירליכע כחות זוירקען געגען זיי; צווישען די פלשתים האט דאס געבראכט צו אזא מהומה, אז זיי האבען אנגעהויבען בעפאלען איינער דעם אנדערען, אדער זיך געלאזען לויפען אין ווילדער אימה. און ווען שאול האט בעמערקט, שטעהענדיג אויף א הויכען בעאבאכטונגס-ארט, די וואונדערליכע בעוועגונג אינ'ם לאגער פון די פלשתים, האט ער זיך אווארף געטהון מיט זיינע זעקס הונדערט גבורים אויפ'ן מלחמה-פעלד, און די מפלה פון די פלשתים איז געווען א פאל-

מחנה פוס־געהער מיט פיעל רייטער, וועלכע איז דורכגעגאַנגען די
טהאלען אין דרום־זייט פון די בערג אפרים, דורך דער גאַנצער ברייט פון
לאַנד ביז מכמש, צום קאַמפף געגען אידען. דאָס איז געווען אַ שרעקלי־
כער אַנבליק פאַר׳ן אידישען פאָלק.

און אין דער צייט, וואָס די גרויסע מחנות פון די פלשתים זענען
געקומען אַלץ נעהנטער, איז שאול געשטאַנען אין גלגל מיט די מו־
טיגסטע מענשען פון זיין שבט בנימין און ערוואַרטעט מיט אונגעדולד
דעם נביא שמואל, וועלכער האָט איהם געדאַרפט זאָגען זיין נבואה און
בעגייסטערן זיינע געצעהלטע לייט צו׳ם קאַמפף. אַ טאָג איבער אַ טאָג
איז אַבער אַריבער, און שמואל האָט זיך נאָך אַלץ נישט בעוויזען. יעדע
שעה, וועלכע מען האָט פערבראַכט אין זיצען און וואַרטען, האָט געקאָנט
ווערען געפעהרליכער פאַר׳ן אויסגאַנג פון דער מלחמה. אַ געוויסער
טייל פון שאול׳ס לייט האָבען איהם שוין פערלאָזען, ווייל זיי האָבען
געזעהן אַ שלעכטען סימן אין שמואל׳ס פערזוימען זיך. אין דער דאָזי־
גער אונגעדולד האָט שאול זיך בעשלאָסען מעהר נישט צו וואַרטען אויף
שמואל׳ן. ער האָט אַלזאָ, ווי עס איז דאַמאָלס געווען דער מנהג, גע־
בראַכט אַ קרבן, כדי גאָט זאָל זיין גוט געשטימט פאַר איהם און געבען
איהם דעם נצחון אין דער נאָהנטער מלחמה. אָבער ווען שאול איז
נאָך געווען בעשעפטיגט מיט׳ן ברענגען דעם קרבן, האָט זיך פלוצ־
לינג בעוויזען דער אַלטער נביא און האָט האַרט אָנגעהויבען שטראָפען
דעם קעניג, פאַרוואָס ער איז אַזוי אונגעדולדיג געווען, און האָט אויף
איהם נישט געוואַרט. און ווען שמואל האָט זיינע שטראָף־רייד געענדיגט,
האָט ער זיך אויפגעהויבען און פערלאָזען דעם קעניג שאול; צוזאַמען
מיט׳ן נביא איז אָבער אויך אַוועקגעגאַנגען אַ גרויסער טייל מענשען.
פאַר שאול׳ן איז דאָס געווען אַ שטאַרקער קלאַפּ, ווייל ער האָט געהאָפט,
אַז דער נביא וועט שטאַרקען דאָס געמיט פון זיינע קעמפפער און זיי
צוגעבען חשק צו׳ם קאַמפף. שאול האָט איבערגעצעהלט די קליינע מחנה
מענשען, וואָס איז מיט איהם געטריי געבליבען, און געפונען, אַז ער
האָט נישט מעהר ווי זעקס הונדערט קעמפפער. ס׳איז דעריבער קיין
וואונדער נישט, וואָס שאול מיט יהונתן זענען געווען אַזוי שטאַרק טרוי־
עריג: מיט אַזאַ קליינער מחנה, וועלכע איז נאָך דערצו גאָרנישט בע־
וואָפענט, צו קעמפפען געגען די גרויסע און גוט־בעוואָפענטע חילות פון
די פלשתים איז געווען אַן׳אונמעגליכע זאַך. אָט דאָס זענען געווען די
טרויעריגע האָניג־וואָכען פון׳ם קעניגטום! דאָס ערגסטע איז אָבער פאַר
שאול׳ן געווען, וואָס דער נביא האָט זיך פון איהם אָבגעווענדעט, ווייל
דאַדורך האָט ער פערלוירען פאַר זיך און פאַר׳ן פאָלק די מעגליכקייט
צו בעקומען אָנווייזונגען פון גאָט, וואָס ער זאָל טהון.

אַרויסגעראַטעוועט שאול׳ן פון זיין שרעקליכער לאַגע האָט דאָס
מאָל ווידער יהונתן. דער אָרט גבע, וואו שאול איז געשטאַנען מיט זיין

פֿאַלען אויף די עמונים פֿון דריי זייטען. די עמונים האָבען געהאַט אַ גרויסע מפּלה, און נישט פֿיעל פֿון זיי איז עס געלונגען צו ענטלויפֿען פֿון שלאַכט־פֿעלד. די שטאָדט יבש איז געראַטעוועט געוואָרען, און די איינוואָהנער זענען דערפֿאַר געבליבען אויף איביג דאַנקבאַר און געטריי דעם מלך שאול און זיין הויז. ווען שאול איז צוריק אַריבער דעם ירדן, איז ער, פֿאַר זיין דאָזיגען צווייטען נצחון איבער'ן פֿיינד, בעגריסט געוואָרען מיט שטורמדיגער פֿרייד. שמואל, וואָס איז געווען דערביי, האָט אָבער געפֿונען פֿאַר נויטיג צו דערמאָהנען דעם פֿאָלק, אַז מען טאָר נישט זיין שטאָלץ מיט'ן נצחון, און אַז דאָס קעניגטום דאַרף מען בעטראַכטען נישט אַלס אַ ציעל, נאָר אַלס אַ מיטעל צו קאָנען פֿיהרען אַ רוהיג לעבען. שמואל האָט דעריבער צוזאַמענגערופֿען אַ נייע פֿאָלקס־פֿערזאַמלונג, כּדי צו ערקלערען פֿון דאָס ניי דעם קעניג און דעם פֿאָלק זייערע פֿליכטען.

צו דער דאָזיגער פֿערזאַמלונג אין גלגל זענען געקומען זעהר גרויסע פֿאָלקס־מאַסען כּמעט פֿון אַלע שבטים. שמואל האָט צום צווייטען מאָל געזאַלבט שאול'ן פֿאַר אַ מלך, און דאָס פֿאָלק האָט איהם ווידער אַנערקענט פֿאַר אַ קעניג, און מען האָט געבראַכט דאַנק־קרבנות אויפֿ'ן מזבח.

שאול'ס צוויי נצחונות און די גרויסע פֿערזאַמלונג אין גלגל, וואו ער איז אַנערקענט געוואָרען פֿאַר אַ מלך דורך דעם גרעסטען טייל פֿון די שבטים, האָבען בעפֿעסטיגט זיין מלוכה אויף אַ גאַנץ לאַנגע צייט. און חאָטש שמואל האָט אַלץ נישט אויפֿגעהערט צו לויבען און צו דערמאָהנען די צייט פֿון די ריכטער, האָט אָבער דאָס פֿאָלק געפֿיהלט, אַז אַ מלך וועט איהם בעסער פֿערטיידיגען, ווי די ריכטער־גבורים. מען האָט זיך גערן אָבגעזאָגט פֿון דער רעפּובליקאַנישער פֿרייהייט, כּדי נאָר צו זיין זיכער מיט דער אחדות און מיט דער קראַפֿט, וועלכע שטעקט אין איהר.

די גאַנצע אָרדנונג אין לאַנד האָט זיך איצט געביטען. שאול האָט באַלד פֿערזאַמעלט אַרום זיך אַ מחנה פֿון מוטיגע מענשען און יונגע לייט, אַ מין שטענדיגע אַרמעע, און דער פֿעלדמאַרשאַל איבער איהר איז געווען דעם קעניגס פֿעטער, אַבנר; אויסערדעם האָט ער געברויכט צו האָבען פֿאַר דער אַרמעע אָנפֿיהרער פֿאַר יעדע טויזענד קעמפֿפֿער בעזונדער, און פֿאַר יעדע הונדערט בעזונדער; ער האָט געברויכט פֿיעל בעאַמטע, צו בעזעצען זיי אין די שטעדט, אויסערדעם שרים־ראַטגעבער און פֿריינד, וועלכע פֿלעגען עסען מיט איהם צוזאַמען ביי'ם טיש. אַ בעזונדערע דיענער־קלאַס זענען געווען די „לויפֿער“, וועלכע פֿלעגען דורכפֿיהרען אַלע בעפֿעהלען פֿונ'ם קעניג, היינט ווידער פּאָליציי־דיענער און בעוואָפֿענטע מענשען, וועלכע פֿלעגען זיך שטענדיג געפֿינען אַרום דעם קעניג און געהאָרכען אַלע זיינע בעפֿעהלען.

קאָמען. באַלד האָבען זיך געווענדעט געגען די פלשתים אויך יענע אידען, וועלכע די פלשתים האָבען געהאַט געצוואונגען צו געהן מיט זיי צוזאַמען קעמפפען געגען זייערע אייגענע ברידער. און אין יעדער שטאָדט אויף די בערג אֶפרים, וועלכע די פלשתים האָבען געמוזט דורכגעהן ענטלויפענדיג פון מלחמה, זענען אויף זיי אָנגעפאַלען די אידישע איינוואָהנער און אויסגע׳הרג׳עט זיי. שאול איז אפילו שוין געוועזען מיעד פון מלחמה, ער האָט אָבער נישט אויפגעהערט צו פערפאָלגען די פלשתים איבער די בערג און טהאָלען.

און יענער צייט האָבען אויך די עמונים אָנגעהויבען צו דריקען די שבטים, וועלכע האָבען געוואָהנט אין גלעד אויף יענער זייט ירדן. דער קעניג פון די עמונים, נחש, האָט בעלאַגערט מיט אַ גרויסער מחנה די בעפעסטיגטע שטאָדט יבש־גלעד. די איינוואָהנער האָבען זיך לאַנג נישט געקאָנט האַלטען, און האָבען שוין אָנגעהויבען פיהרען אונטערהאַנדלונגען מיט׳ן קעניג נחש וועגען אונטערגעבען זיך איהם. נחש האָט אָבער געשטעלט די איינוואָהנער פון יבש־גלעד זעהר אַ שענדליכע און אונמענשליכע בעדינגונג. וואָס האָבען די איינוואָהנער געקאָנט טהון? זיי האָבען גע׳פועל׳ט, אַז מען זאָל זיי געבען עטוואָס צייט אויף מישב צו זיין זיך, און דערווייל האָבען זיי בשתיקה געשיקט שלוחים צו די איבריגע שבטים מיט אַ ביטע זיי צו העלפען.

און אָט, ווען שאול איז איינמאָל צוריקגעקומען אַהיים פון פעלד מיט זיינע אָקער־אָקסען, האָט ער געפונען די איינוואָהנער אין גרויסער אויפרעגונג און פערוויינט. ווען שאול האָט אָנגעהויבען נאָכפרעגען, וואָס דאָס בעדייטעט, זענען פאַר איהם אַרויסגעטראָטען די שלוחים פון יבש־גלעד און דערצעהלט, וואָס פאַר אַן׳אונגליק עס שטעהט פאָר זייער שטאָדט, אויב מען וועט זיי נישט קומען צו הילף. אין שרעקליכען צאָרן איבער דער אונמענשליכער בעדינגונג פונ׳ם עמונ׳ישען קעניג, ווי אויך איבער דער חרפה, וואָס ער וויל אָנטהון דעם גאַנצען אידישען פאָלק, האָט שאול זיך באַלד בעשלאָסען צו ברענגען הילף די איינוואָהנער פון יבש־גלעד. צום ערשטען מאָל, זינט שאול איז קעניג געוואָרען, האָט ער אויסגענוצט זיין רעכט, צו צווינגען דאָס פאָלק, איהם צו געהאָרכען. שאול האָט געפאָדערט, אַז אַלע שבטים זאָלען איהם שיקען חיל צו דער מלחמה, און שמואל פון זיין זייט האָט אויך איינגעשטימט מיט דער דאָזיגער פאָדערונג, ערקלערענדיג, אַז ער געהט אַליין אויך צוזאַמען מיט די אידישע מחנות אין דער מלחמה.

די אונאיינינקייט צווישען די שבטים אין דער עפאָכע פון די ריכטער איז איצט שוין געוועזען פערשוואונדען; דער אויסגעשפראָכענער ווילען פונ׳ם קעניג איז געוועזען אַ געזעץ פאַר׳ן פאָלק. אויף שאול׳ס בעפעהל האָבען אַלע שבטים איהם צוזאַמענגעשיקט אַ גאַנץ גרויסע מחנה, מיט וועלכער ער איז אַריבערגעגאַנגען דעם ירדן, און איז אָנגע־

קיטען, אַלס אַ לעבעדיגען צייכען פֿון זיין נצחון. דאָס גליק, וואָס שאול האָט געהאַט אין דער דאָזיגער מלחמה, האָט איהם ווי שכור געמאַכט, און זיין פֿריהערדיגע עניוות איז פֿון איהם אַבגעטהון געוואָרען. אויפֿ'ן וועג צוריק אַהיים האָט ער געשטעלט אַ מאָנומענט אין דער אָאַזע כרמל צום אָנדענקען פֿון זיין נצחון. דערווייל האָט שמואל זיך דערוואוסט, אַז דער קעניג האָט נישט פֿאָלקאָם ערפֿילט זיין בעפֿעהל. שמואל האָט געדאַרפֿט אַרויסטרעטען געגען שאול'ן; ס'איז איהם אָבער זעהר שווער געווען און אַזאַ מאָמענט צו געהן שטראָפֿען דעם העלד. אַ גאַנצע נאַכט איז שמואל געשטאַנען און געבעטען פֿאַר גאָט. לסוף האָט דער נביא זיך בעשלאָסען אַרויסצוגעהן אויפֿנעהמען דעם קעניג. אויפֿ'ן וועג האָט ער זיך אָבער דערוואוסט, אַז שאול איז אַזוי שטאַרק שטאָלץ געוואָרען מיט זיין נצחון, דאָס ער האָט זיך געלאָזט שטעלען אַ מאָנומענט; שמואל האָט זיך דעריבער אומגעקעהרט צוריק און אַוועקגעגאַנגען קיין גלגל. ווען שאול האָט זיך דערפֿון דערוואוסט, איז ער אויך אַוועק מיט זיין מחנה קיין גלגל. די עלטסטע פֿון שבט בנימין און פֿון די נאָ־הענטסטע שבטים זענען אויך אַהין געקומען, כדי צו בעגריסען דעם קעניג מיט זיין גרויסען נצחון. באַלד אָבער האָבען זיי בעמערקט, ווי עס איז אויסגעבראָכען אַ סכסוך צווישען קעניג מיט'ן נביא, — אַ סכסוך, פֿון וועלכען מען האָט געקאָנט פֿאָראויס זעהען שווערע צייטען.

שאול איז געקומען צום נביא, פּונקט ווי ס'וואָלט גאָרנישט פֿאָרגעקומען, און האָט ערקלערט: „איך האָב ערפֿילט גאָט'ס בעפֿעהל“. דערויף האָט איהם שמואל האַרט געפֿרעגט: „וואָס בעדייט דען די שטימע פֿון די שאָף און רינדער, וואָס איך העהר?“ — דאָס פֿאָלק — האָט דער קעניג געענטפֿערט — האָט געלאָזען ביי'ם לעבען די בעסטע שעפּסען און רינדער, כדי צו ברענגען זיי אין גלגל אַ קרבן פֿאַר גאָט“. ביי די דאָזיגע ווערטער האָט דער נביא אויסגערופֿען:

„ווייל דו האָסט ממאס געווען גאָט'ס וואָרט, האָט דיך גאָט ממאס געווען צו זיין קעניג איבער אידען“. העהרענדיג די דאָזיגע בעלייידיגענדע רעד פֿונ'ם נביא, האָט זיך שאול דערשפּירט זעהר ערנידעריגט און געדריקט און ער האָט אויסגערופֿען: „כ'האָב געזינדיגט, ברעכענדיג גאָט'ס וואָרט און דיין בעפֿעהל; כ'האָב אָבער מורא געהאַט פֿאַר'ן פֿאָלק“. שמואל האָט איהם אָבער דערויף נישט געענטפֿערט און געוואָלט אַוועקגעהן. דאַן האָט שאול איהם געוואָלט אַבהאַלטען און אָנגענומען אַזוי פֿעסט פֿאַר'ן מלבוש, אַז דער מלבוש האָט זיך צוריסען. „אָט אַזוי — האָט שמואל דערויף געזאָגט — וועט גאָט אָבריסען פֿון דיר דאָס מלכות און אָבגעבען עס אַנ'אַנדערען, אַ בעסערען פֿון דיר“. נאָך איין מאָל האָט שאול געבעטען דעם נביא: בעעהרע מיך, לפּחות, פֿאַר די עלטסטע פֿון מיין שבט און פֿאַר די איבריגע אידען און

די שטאָדט גבע אין שבט בנימין, וועלכע איז ביז יענער צייט געווען נאָר א קליין שטעדטעל, איז איצט געוואָרען די הויפּט־שטאָדט פון ארץ ישראל, ווייל דאָ האָט געוואָהנט דער קעניג און צוזאַמען מיט איהם אויך אַלע זיינע שרים, די בעאַמטע און די ארמעע. אין אַנפאַנג האָט דער קעניג אין אַלץ געפאָלגט דעם נביא, און ווען שמואל האָט איהם איינמאָל בעפוילען אין גאָט'ס נאָמען אונטערצונעהמען א מלחמה געגען די עמלקים און פערניכטען זיי, איז שאול באַלד געווען בערייט צו ערפילען דעם בעפעהל און האָט פערזאַמעלט צו דעם צוועק זיין גאַנצע ארמעע. די עמלקים זענען געווען די פערביטערטסטע פיינד פון אידישען פאָלק. נאָך בשעת די אידען האָבען געוואַנדערט אין דער מדבר נאָכ'ן אַרויסגעהן פון מצרים, ווי אויך בשעת זייער אריינגאַנג אין לאַנד כנען, האָבען די עמלקים זיך בעגאַנגען מיט זיי זעהר גרויזאַם. און ווען נאָר די פיינד פלעגען זיך צוגרייטען אַנצופאַלען אויף אידען, פלעגען די עמלקים זיך באַלד מיט זיי פעראייניגען, כדי צו קאָנען שאַדען ברענגען אידען. ווי עס שיינט, האָט דער קעניג פון עמלק, אגג, פיעל געדריקט דעם שבט יהודה אין שאול'ס צייטען. אגג האָט געהאַט א שם פאַר א גרויסען העלד, און די אַרומיגע פעלקער האָבען פאַר איהם שטאַרק מורא געהאַט. די עמלקים האָבען בכלל גע'שמ'ט מיט זייער גרויסער העלדישקייט, און אונטערנעהמען געגען זיי א מלחמה איז נישט געווען קיין לייכטע אויפגאַבע. שאול האָט אָבער קיין איינציגע מינוט זיך נישט געוואַקעלט. ווי עס שיינט, האָט ער געפיהרט די מלחמה געגען די עמלקים מיט גרויסער געניטקייט, קונסט און מוטיגקייט; ער האָט פער־נאַרט דעם פיינד אין אַן אָרט, וואו יענער האָט גערעכענט צו געפינען א גאַנץ קליינע אידישע מחנה, און פלוצלונג האָט ער זיך דאָרט גע־וואָרפען מיט גרויסע מחנות און מיט גבורה אויף די עמלקים און זיי איינגאַנצען מנצח געווען. שאול האָט איינגענומען די הויפּט - שטאָדט פון עמלק און אויסגע'הרג'עט אַלע מאַנסבילען, פרויען און קינדער; דעם שרעקליכען אגג האָט ער גענומען געפאַנגען. די אידישע ארמעע האָט געפונען ביי די עמלקים זעהר פיעל עשירות, אָבער לויט שמואל'ס בעפעהל, האָט מען דאָס נישט געטאָרט נעהמען פאַר זיך, נאָר אַלץ פערניכטען, כדי ביי אידען זאָל נישט בלייבען קיין שום אַנדענקען פונ'ם פאָלק עמלק. די קעמפפער האָבען זיך אָבער נישט געקאָנט אָבזאָגען פונ'ם גרויסען רויב, וואָס זיי האָבען געמאַכט, און שאול, וועלכער איז געוועהנליך געווען זעהר שטרענג אין אַזעלכע פאַלען, האָט דאָס מאָל געמאַכט זיך, ווי נישט וויסענדיג דערפון, און אַזוי אַרום האָט ער גע־בראָכען דעם בעפעהל פונ'ם נביא.

שאול איז נישט וועניג שטאָלץ געווען מיט'ן דאָזיגען נצחון איבער די שרעקליכע עמלקים. דעם איבעראַל געפירכטעטען קעניג אגג האָט ער גענומען געפאַנגען און מיטגעפיהרט מיט זיך אַן'איינגעשמידטען אין

לאנד אליין, וואס פרעמד איז, און אלע פרעמדע איינוואוינער.

צו די פרעמדע, וועלכע אידען האבען געדולדעט צווישען זיך, האבען אויך געהערט די „גבעונים“—די איינוואוינער פון די פיער שטעדט פון כנען, וועלכע האבען זיך אליין אונטערגעגעבען אידען. שאול האט נישט אכטונג געגעבען אויף דער שבועה, דורך וועלכער אידען האבען צוגעזאגט די גבעונים, צו דולדען זיי און געבען זיי זעלבסטשטענדיגקייט, און האט געמאכט צווישען זיי אזא בלוט־באד, אז נאר גאר ווייניג פון זיי זענען לעבען געבליבען. פערפאלגענדיג די שבטים פון כנען, האט שאול אויך שטארק פערפאלגט די געצענדינערייע, די מכשפים און די מתים־בעשווערער. און אין דער זעלבער צייט, וואס שאול האט, דורך זיין רעליגיעזער און נאציאנאלער טעטיגקייט און שטרענגען דורכפיהרען גאט'ס געבאט, געשטרעבט צו געווינען פאר זיך די ליעבע און אכטונג פונ'ם פאלק האט ער אויך, פון דער אנדער זייט, זיך בעמיהט צו דערהויבען דעם כבוד פון זיין מלכות און די מורא פאר איהם. שאול האט זיך געלאזט קרוינען מיט א גאלדענער קרוין, כדי דאס פאלק זאל שטענדיג האבען פאר די אויגען, אז ער איז א מלך. די מענשען, וועלכע האבען איהם נאך געקענט אלס פראסטען לאנד־ארבייטער, האבען דאדורך געדארפט פערגעסען אן זיין פערגאנגענהייט און זיך געוועהנען צום געדאנק, אז ער איז א גערזאלבטער פון גאט, וועלכער טראגט די הייליגע קרוין פון מלכות אויף זיין קאפ. ווער עס איז נאר געקומען צום קעניג, האט זיך געמוזט בוקען פאר איהם טיעף צו דער ערד. שאול האט אויך איינגעפיהרט דעם געוועהנליכען לוקסוס פון די פארצייטיגע מלכים פון די מזרח־לענדער: ער האט זיך גענומען פיעל ווייבער.

אין די מלחמות, וועלכע שאול האט שטענדיג געפיהרט מיט די פיינד פון אויסען, אין דער אונדולדזאמקייט, וואס ער האט ארויסגעוויזען גענגען די געצענדינער און פרעמדע אין לאנד גופא, ווי אין דעם גלאנץ פון מלכות, מיט וועלכען שאול האט זיך ארומגערינגעלט, האט ער, מעגליך, פערגעסען אין די שרעקליכע ווערטער פונ'ם נביא, וועלכע האבען אין דער ערשטער צייט אזוי שארף געקלונגען אין זיינע אויערען. אבער איידער שאול האט געהאט צייט זיך ארומצוזעהען, האט דאס שרעק־בילד פונ'ם קינפטיגען מלך זיך געשטעלט, אין פלייש און בלוט, פאר זיינע אויגען, אין דער געשטאלט פון א שענעם יונגען מאן, וועלכער האט איהם אליין אויך בעצויבערט. זיין געגענער, פאר וועלכען ער האט זיך אזוי שטארק געשראקען, האט ער אליין געמוזט ערציהען, דערהויבען איהם צום טהראן און געבען איהם, אין א געוויסער מאס, דאס רעכט, צו ווערען זיינער א געגנער.

נאך פיעל לאנגע קלענערע מלחמות און צוזאמענשטויסען מיט די פלשתים, איז עס ענדליך געקומען צו א גרויסער מלחמה צווישען ביידע פעלקער. שאול האט פערזאמעלט א גרויסע ארמעע און איז ארויסגע־

קעהר זיך אום צורינק". שמואל האָט זיך בעדאַכט א ווײַלע און געגאַנ־
גען מיט'ן קעניג צום מזבח, און שאול האָט זיך דאָרט געבוקט פאַר
גאָט. דערויף האָט שמואל בעפוילען צו ברענגען דעם געבונדענעם אגג.
דער שטאָלצער קעניג פון עמלק האָט איצט אָנגעהויבען קלײַנמיטיג
און ערניעדעריגענד צו יאָמערען: אָה, ווי ביטער, ביטער איז דער
טויט". שמואל האָט דערויף געענטפערט:

„ווי דײַן שווערד האָט בײַ פרויען די קינדער גערויבט,

„זאָל דײַן מוטער איהר העלדישען זוהן בערויבט ווערען."

און דערויף האָט שמואל בעפוילען צו טוידטען דעם קעניג פון עמלק.

זינט דער טרויעריגער סצענע צווישען דעם קעניג און דעם
מלך, האָבען זיי אָנגעהויבען אויסצומײַדען אײנער דעם אַנדערען. דער
נצחון, וועלכען שאול האָט אָבגעהאַלטען איבער עמלק, איז געוואָרען
פאַר איהם א מפּלה: זײַן שטאָלצער גײַסט איז ערניעדעריגט געוואָ־
רען. די ערקלערונג פון'ם נביא, אַז גאָט האָט זיך פון איהם אָבגעזאָגט,
האָט געוואָרפען א פינסטערען שאָטען אויף זײַן נשמה. די ווערטער,
מיט וועלכע שמואל האָט איהם געסטראַשעט: „גאָט וועט אָבנעמען
דאָס קעניגטום א בעסערען פון דיר" — האָבען אַרײַנגעבראַכט שאול'ן
אין גרויסער מרה־שחורה, וועלכע האָט זיך שפּעטער פערענדיגט מיט
שגעון. שמואל'ס ווערטער האָבען שטענדיג געקלונגען אין זײַנע אויע־
רען און דערוועקט אין איהם צאָרן און אימה. שווער איז געווען פאַר
שאול'ן איבערצונעהמען תחלת די הערשאַפט איבער'ן אידישען פאָלק,
אָבער נאָך שווערער איז פאַר איהם געווען, צו לאָזען בײַ זיך צונעהמ־
מען די דאָזיגע הערשאַפט. דערבײַ האָט אָבער שאול טיעף געפיהלט
זײַן אונבעהאָלפענקײַט. וואָס האָט ער געקאָנט אָנהויבען טהון געגען דעם
שטרענגען נביא? כדי צו פערטרײַבען פון זיך די טרויעריגע געדאַנ־
קען, האָט שאול זיך גענומען צו גרויסע מלחמות. אויף די גרעניצען
פון ארץ ישראל האָבען נישט געפעהלט קיין פײַנד, מיט וועלכע מען
האָט געקאָנט פיהרען מלחמות. שאול האָט אויך אויסגעקליבען נאָך
איין מיטעל, ווי אַזוי צו דערהויבען און אײַנצוואָרצלען בײַ אידען די
בעדײַטונג פון זײַן פערזענליכקײַט. אין ארץ ישראל האָבען נאָך אַלץ
געוואָהנט צווישען די שבטים משפחות און שבטים פון כנען, וועלכע
מען האָט נישט געקאָנט פערטרײַבען, בשעת מען האָט דאָס לאַנד
אײַנגענומען. די דאָזיגע פעלקער האָבען געפיהרט דאָס אידישע פאָלק
צו געצענדיענערײַ און זענען געווען פאַר זיי א שלעכטער בײַשפּיעל
מיט זייערע גראָבע מדות. שאול האָט אַלזאָ געטראַכט, אַז ער וועט
א בעזונדערס גרויסע זאַך אויפטהון פאַר'ן אידישען פאָלק, סײַ פאַר
זײַן תורה, ווען ער וועט פערטיליגען, אָדער אַרויסטרײַבען פון לאַנד די
פרעמדע שבטים. שאול האָט דעריבער אָנגעהויבען אויסצוואָרצלען אין

געוואוסט האָבען וועגען דעם נאָר שמואל, דוד׳ס פֿאָטער, ישי, און זיינע ברידער.

ישי, דוד׳ס פֿאָטער, האָט נישט געהערט צו די בעוואוסטע משפּחות פֿון שבט יהודה; ווי אלע איינוואָהנער פֿון בית־לחם, האָט ער געהערט דוקא צו די קלענערע משפּחות. בשעת שמואל האָט דוד׳ן געזאלבט, איז ער נאָך גאנץ יונג געוועזען, סך־הכל אכצעהן יאָהר. ביז דאמאָלס האָט ער נאָך גאָרניט געהאט אויפֿגעטהון און איז געוועזען וועניג ערפֿאהרען; זיין גאנ־צע וועלט זענען געוועזען בלויז די שענע פּאשע־פֿעלדער ארום בית־לחם. אָבער אינ׳ם דאָזיגען אינגעל זענען געוועזען פֿערבאָרגען גרויסע כּחות, וועלכע האָבען נאָר געווארט, דאָס מען זאָל זיי דערוועקען, כּדי ער זאָל ווייט אריבערשטייגען אלע מענשען פֿון זיין צייט.

דוד האָט געהאט פֿריהער פֿאר אלץ א טאלענט צו דער דיכטונג און שפּילען פֿידעל; ביי זיין טשערעדע אין די טהאָלען צווישען די בערג פֿון יהודה האָט ער זיינע ערשטע לידער געזונגען און נאָר די בערג אליין האָבען איהם דעם ווידערקלאנג געגעבען. די טיעפֿע דיכ־טערישע בעגאבונג האָט אָבער נישט געמאכט פֿון דוד׳ן קיין בלויזען טרוימער. ווען דער קריעג האָט אויסגעבראָכען געגען די פּלשתים, און ביידע געגנערישע מחנות האָבען זיך צוזאמענגעטראָפֿען נישט ווייט פֿון בית־לחם, האָט דוד זיך נישט געקאָנט געפֿינען קיין רוה ביי דער טשערעדע, און ער איז געוועזען איבערגליקליך, ווען זיין פֿאָטער האָט איהם אָנגעטרויט די שליחות צו זיינע ברידער אין אידישען לאגער. געקומען צו די ברידער, האָט דוד דערהערט שאול׳ס אויפֿרוף און האָט זיך אויך דערוואוסט, ווי דער פּלשתי, גלית, געהט טעגליך ארום אָבשפּאָטען פֿון אידען. מיט ציטערניש און פֿערשעמטקייט האָט דוד ערקלערט, אז ער וואָלט זיך אונטערגענומען צו קעמפּפֿען מיט גלית׳ן. באלד האָט מען איבערגעגעבען דעם קעניג שאול, אז ס׳האָט זיך געפֿונען א יונגער בחור, וועלכער וויל ארויסטרעטען אין קאמפּף. מען האָט דוד׳ן באלד געבראכט פֿאר שאול׳ן. דער קעניג האָט איהם אָנגעקוקט פֿערוואונדערט און האָט האלב־לאכענדיג איהם ערלויבט ארויסצוטרעטען אין קאמפּף; דערביי האָט ער איהם פֿאָרגעלעגט אָנצוטהון זיין אייגענעם פּאנצער. דוד האָט אָבער ערקלערט, אז ער איז נאָך צו־יונג, א פּאנצער צו טראָגען, און איז ארויסגעטראָטען געגען דעם גבור פֿון די פּלשתים.

דער ערשטער שטיין, וועלכען דוד האָט מיט א געאיבטער האנד געוואָרפֿען, האָט געטראָפֿען דעם שווער־בעוואָפֿענטען פּלשתי׳שען העלד. גלית איז צו דער ערד געפֿאלען. דוד האָט באלד זיך א וואָרף געטהון צו איהם, ארויסגעריסען ביי איהם דאָס שווערד פֿון שייד און איהם דעם קאָפּ אָבגעהאקט. ווען די פּלשתים, וועלכע האָבען בעאָבאכטעט דעם קאמפּף פֿון די הויכע בערג, האָבען דערזעהן, אז זייער העלד איז גע־

טראטען געגען די גרויסע מחנות פון די פלשתים. א לאנגע צייט זע־נען בײדע פײנדליכע מחנות געשטאנען גאנץ נאהנט אײנע געגען דער אנדערער; צווישען בײדע מחנות איז געוועזען נאר א קלײנער טהאל. אבער קײנער פון די געגנער האט נישט געוואגט דער ערשטער אנצו־הױבען די מלחמה. ענדליך האבען די פלשתים פארגעשלאגען צו ענט־שײדען, וועמען עס זאל געהערען דער נצחון, דורך „א צװײ־קאמפף“ — ד. ה., יעדער צד האט געדארפט ארויסשטעלען זײנעם א גבור, און ווער פון די צוויי גבורים עס וועט מנצח זײן, יענעמ'ס צד וועט געהערען דער נצחון. פון זײער זייט האבען די פלשתים ארויסגעשטעלט זײער גבור גלית. שאול האט אויך געוואלט ארויסשטעלען א גבור און האט גע־לאזט אויסרופען אין דער אידישער מחנה, אז ווער ס'וועט ארויסגעהן צום קאמפף מיט גלית'ן און מנצח זײן איהם, וועט דער קעניג איהם געבען גרויסע מתנות, זײן משפחה וועט בעפרײט ווערען פון אבצאה־לונגען און איהם אליין וועט דער קעניג געבען זײן טאכטער פאר א ווײב. די מתנות זענען געווען גרויסע, אבער קײנער האט נישט געוואגט ארויסצוטרעטען צום קאמפף. דער צופאל אבער האט געבראכט אויף דעם קאמפף א יונגען פאסטוך פון דער געגענד ארום בית־לחם, וועל־כער האט געבראכט שפײז פאר זײנע עלטערע ברידער, וואס זענען גע־וועז אין שאול'ס מחנה. און אט דעם יונגען פאסטוכעל איז עס בע־שערט געווען צו געבען אידען דעם נצחון איבער די פלשתים. דער דא־זיגער יונגער העלדישער פאסטוך האט שפעטער דורכגעפיהרט, דירעקט אדער אינדירעקט, א גאנצע איבערקעהרעניש אין דער אידישער גע־שיכטע, ווי אויך אין דער געשיכטע פון דער גאנצער מענשהײט. געהײ־סען האט דער פאסטוך דוד, און געקענט האבען איהם דאמאלס נאר די עטליכע אײנוואהנער פונ'ם דארף, אדער פונ'ם שטעדטעל בית־לחם; פון יענער צײט אן קלינגט עס אבער מיט'ן דאזיגען נאמען אויף דער גאנ־צער וועלט.

נאכדעם, ווי שמואל האט איבערגעריסען זײנע בעציהונגען מיט שאול'ן, האט ער געגעבען א בעפעהל, צו געהן קיין בית־לחם און דארט אויסצוקלײבען פאר א קעניג אײנעם פון די אכט זיהן פונ'ם אלטען ישי, אנשטאט שאול'ן. שמואל איז אהין אוועקגעגאנגען בשתיקה פון אלעמען, ווײל ער האט מורא געהאט פאר שאול'ן. ווען ישי האט פאר־געשטעלט שמואל'ן זײנע זיהן, האט שמואל דערקענט דעם יונגסטען צוויי־שען זיי פאר'ן אויסדערוועהלטען פון גאט; דאס איז געווען דוד, כמעט נאך א קינד, מיט שענע, אנציהענדע אויגען, מיט א ליעבליכען גע־זיכט און א מוטיגער געשטאלט. שמואל האט באלד געזאלבט דוד'ן מיט'ן הייליגען בוימאייל פאר א מלך בײ אידען. די דאזיגע אײנפאכע געשעהעניש, וועלכע האט אבער געדארפט האבען זעהר א גרויסע בע־דײטונג, איז געהאלטען געווארען, ווי עס פערשטעהט זיך, בסוד, און

צו דוד'ס דערהויבונג. אבער נישט בלויז דער קעניג אליין האט דוד'ן געליעבט; אלע לייט פון קעניגליכען הויף זענען ווי בעצויבערט געוועזען פון דוד'ן, און אלעמענס הערצער האבען פאר איהם געקלאפט מיט פולער ליעבע. מעהר פאר אלע האט איהם אבער געליעבט יהונתן, און אויך שאול'ס צווייטע טאכטער מיכל האט ליעב בעקומען דעם יונגען דוד.

אין שאול'ס הויף האט דוד אויסגעלערנט זיך, ווי אזוי צו בעגעהן זיך מיט געוועהר, און אפט פלעגט ער פערטוישען זיין פידעל אויפ'ן שווערד. און וויל ער איז געוועזען העלדיש און מוטיג, פלעגט ער שטענדיג זיך אויסצייכענען אלס זיעגער אין די אפטע צוזאמענשטויסען מיט די פיינד. איינמאל האט דוד אבגעהאלטען א גרויסען נצחון איבער די פלשתים און אויסגע'הרג'עט פון זיי זעהר פיעל מענשען. ווען ער איז צוריק אריבער די אידישע גרעניץ, איז די שמחה געוועזען זעהר גרויס ביי אידען, און פרויען מיט מיידלעך זענען איהם ארויסגעקומען אנטקעגען מיט געזאנג און טענץ, מיט א פויקעריי און א קלינגעריי, דערביי האט מען איהם בעגריסט אזוי: „שאול האט געשלאגען די טויזענדער, דוד אבער — די צעהנדליגער טויזענד“. די דאזיגע אויסצייכנונג, וואס דאס פאלק האט מיט אזא התלהבות אויסגעדריקט פאר דוד'ן, האט ענדליך געעפענט די אויגען שאול'ן. ער האט דערזעהען, ווער עס איז דער בעסערער, וועגען וועלכען שמואל האט גערעדט אין זיין נבואה; דוד איז עס אלזא יענער געגנער, פאר וועלכען ער האט אזוי שטארק זיך געשראקען, וועלכען ער האט ביז יעצט געזעהען אין זיינע שרעקליכע חלומות, און איצט שטעהט ער פאר איהם, א געליעבטער פונ'ם פאלק, א געליעבטער פון איהם, שאול'ן, אליין אויך, א בעהערשער פון אלע הערצער! פאר שאול'ן איז דאס געוועזען א געוואלדיגע ענטדעקונג. „מיר גיעבען זיי נאר די טויזענדע, אבער איהם די צעהנדליגער טויזענד, זיי שטעלען איהם שוין איצט העכער איבער מיך. וואס־זשע פעהלט איהם נאך א קעניג צו ווערען?“ — האט שאול מיט שרעק געטראכט. און פון דאמאלס אן האט דאס פרייד־געשריי פון די זינגענדע און טאנצענדע פרויען נישט אויפגעהערט צו קלינגען אין שאול'ס אויערען, און טויזענמאל פלעגט ער זיך דערביי דערמאהנען אין די רעד פונ'ם נביא: „גאט האט דיך פערלאזען“. די נייע ענטדעקונג האט אומגעוואנדעלט שאול'ס גרויסע ליעבע צו דוד'ן אין שנאה, וועלכע האט איבערפילט שאול'ס גייסט מיט שגעון.

שוין אויף צומארגענס, נאך דוד'ס צוריקקומען פון זיין נצחון, איז שאול אריינגעפאלען אין ווילדען שגעון, און בשעת דוד האט פאר איהם, ווי שטענדיג, געשפילט פידעל, האט ער געווארפען אויף איהם זיין שווערד, וועלכען דוד האט, נאר א דאנק זיין פלינקהייט, בעוויזען אויס־צומיידען און אזוי ארום געראטעוועט געווארען פון א זיכערען טויט.

פאַלען, האָבען זיי אָנערקענט דעם אידישען נצחון און זענען ענטלאָפען און זייערע בעפעסטיגטע שטעדט. די אידישע מחנה האָט זיי וויַיט פערפאָלגט. איצט האָט מען געבראַכט דעם יונגען גבור מיט דעם פערבלוטיגטען קאָפּ פון גלית אין דער האַנד פאַר שאול'ן, וועלכער האָט ביז דאַמאָלס איהם גאָרנישט געקענט. שאול האָט דעם קלענסטען חשד נישט געהאַט, דאָס פאַר איהם שטעהט זיין צוקינפטיגער געגנער, פאַר וועלכען ער האָט אַזוי שטאַרק געציטערט אין האַרצען. ער האָט געפיהלט נאָר גרויס פרייד איבער דעם אָבגעהאַלטענעם נצחון און האָט מיט בעוואונדערונג בעטראַכט דעם שענעם יונגען גבור; שאול'ס זוהן, יהונתן, איז מיט זיין וויַיכער, ליעבעספולער נשמה, געוועזען, ווי בעצויבערט פון'ם יונגען דוד. די ליעבע, וועלכע ער האָט דערשפירט צו איהם, איז געוועזען שטאַרקער, ווי די ליעבע צו פרויען. באַלד האָט עס מיט דוד'ס נאָמען געקלונגען אין אַלע אידישע שטעדט און דערפער, ביי אַלע שבטים. דוד אָבער האָט זיך אומגעקעהרט צוריק אַהיים, אין זיין פאָטער'ס הויז, אַזוי ווי עס וואָלט גאָר קיין זאַך נישט פאָרגעקומען. ער האָט נאָר מיטגעבראַכט, אַלס אַנדענקונג, דעם שאַרבען פון גלית, זיין פאַנצער און שווערד.

לאַנג איז אָבער דוד נישט געבליבען אין זיין פאָטער'ס הויז. די נביאה פון שמואל'ן האָט אנגעהויבען פערווירקליכט צו ווערען, און דוד האָט געדאַרפט זיין דאָס אינסטרומענט דערצו. די מרה־שחורה, אין וועלכער שאול איז אַריינגעפאַלען באַלד נאָכדעם, ווי שמואל האָט מיט איהם איבערגעריסען זיינע בעציהונגען, האָט זיך אַלץ מעהר געשטאַרקט. שאול'ס שטימונג איז איבערגעגאַנגען אין אַ שווערער מעלאַנכאָליע, און ציַיטענווייז האָבען זיך ביי איהם געוויזען סימנים פון משוגעת. „אַ שלעכטער גייסט איז אין'ם קעניג אַריינגעקומען“ — האָבען שאול'ס דיענער גערעדט צווישען זיך. דעם קעניג'ס נאָהענטע דיענער האָבען איהם געראַטען, אַז מען זאָל ברענגען אַ געאיבטען דיכטער און פיעדעלשפיעלער, כדי צו צערשטריַיען דעם קעניג; דערביי האָבען זיי פאָרגעלעגט צו ברענגען דוד'ן, ישי'ס זוהן. אַזוי אַרום איז דוד אַריינגעקומען אין קעניגליכען הויף און האָט דאָרט אַלעמען בעצויבערט דורך זיין גאַנצער ערשיינונג און דורך זיין שפיעלען. און ווי נאָר דער קעניג פלעגט בעקומען די אָנפאַלען פון מרה־שחורה, פלעגט דוד אָנהויבען שפיעלען פאַר איהם, און דער קעניג פלעגט באַלד פרעהליכער ווערען. שאול איז מיט'ן גאַנצען האַרצען צוגעבונדען געוואָרען צו דוד'ן; ער האָט איהם אָנגעהויבען ליעבען, ווי אַן אייגענעם זוהן, און לסוף האָט ער געבעטען ביי ישי, אַז ער זאָל גאָר איבערלאָזען דוד'ן אינגאַנצען ביי'ם קעניגליכען הויף. שאול האָט דאַן בעשטימט דוד'ן פאַר זיין געוועהרטרעגער, כדי צו האָבען איהם שטענדיג ביי זיך און לאָזען זיך פרעהליכער מאַכען דורך דוד'ס שפיעלען. דאָס איז געוועזען דער ערשטער טריט

וואַגט צו שטיצען איהם, אָבער בשתיקה האָבען איהם אַלע געהאָלפען. נאָר אַ דאַנק דעם, איז דוד'ן געלונגען אויסצומיידען אַלע שאול'ס פֶער־פאָלגונגען.

שלעכט איז נאָר געוועזען דאָס, וואָס דוד איז, צוליעב די דאָזיגע פערפאָלגונגען, געוועזען געצוואונגען טיילמאָל צו שליסען פריינדשאַפט מיט די פיינד פון זיין פאָלק, ווי, למשל, מיט'ן קעניג פון מואָב, מיט'ן קעניג פון עמון, נחש, און מיט'ן קעניג פון די פלשתים, אָכיש. דאַדורך האָבען פיעל איהם חושד געוועזען, אַז ער איז געוואָרען אַ פערדעטער געגען זיין פאָלק און פאָטערלאַנד, און ממילא האָט שאול רעכט געהאַט איהם פיינד צו האָבען און פערפאָלגען. בעזונדערס שטאַרק האָט מען געקאָנט חושד זיין אין פערראַט דעם גבור דוד צוליעב זיינע בעציהונגען צו אכיש דעם קעניג פון גת. דער דאָזיגער קעניג פון די פלשתים האָט איינמאָל פערטריבען פון זיך דוד'ן, וועלכער איז אָבער צו איהם געקומען אַ צווייטען מאָל און מיט איהם פריינד געוואָרען. אכיש האָט דוד'ן זיין שוץ צוגעזאָגט און איהם אָבגעגעבען די שטאָדט צקלג, מיט דער בעדינגונג, אַז דוד זאָל זיך איינגאַנצען אָבזאָגען פון שאול'ן און פון זיין פאָטערלאַנד, און ווען ס'וועט פאָרקומען אַ מלחמה צווישען די פלשתים און שאול, זאָל דוד צושטעהן צו דער מחנה פון די פלשתים מיט זיינע זעקס הונדערט מאַן און קעמפפען געגען אידען; אויך אין דער צייט פון שלום האָט דוד געדאַרפט מאַכען אָנפאַלען אויף די ווייטע ערטער פון שבט יהודה און פונ'ם פערנומענעם רויב געבען אַ חלק דעם מלך אכיש. דוד האָט, נאַטירליך, זיך געהאַט בעשלאָסען נישט צו ער־פילען די דאָזיגע בעדינגונגען, אָדער צו פעראייניגען זיך בשעת מלחמה מיט זיינע ברידער; אָבער אויף אַזאַ אופן האָט ער געמוזט אָנווענדען פערשיעדענע מיטלען, וועלכע זענען געוועזען דער היפך פון זיין פריהער־דיגער עהרליכקייט און אָפענהערציגקייט. אָכיש האָט דערווייל גע־גלויבט, אַז ער האָט אין דוד'ן אַ געטריַיען פערבינדעטען, וועלכער וועט אויסנוצען זיינע פעהיגקייטען און געניטקייט אין מלחמה, ווי אויך דעם מוט פון זיינע לייט, כדי צו ברענגען שאָדען די אידען; נאָך אַזעלכע מעשים וועט ער, פערשטעהט זיך, שוין קיינמאָל נישט קאָנען מעהר צו־ריקקומען צו אידען. דעם דאָזיגען טעות האָט אָכיש געהאַט, ווייל ער האָט געגלויבט באמת, אַז דוד איז שוין פאַלש געוואָרען געגען זיין פאָלק. דוד איז אָבער געוועזען גאַנץ ווייט פון אַזאַ זאַך, און ער האָט נאָר גע־זוכט פאַר זיך אַנ'אָרט, וואו ער זאָל זיך קאָנען רוהיג בעהאַלטען מיט זיינע לייט אויף אַ געוויסע צייט.

אין זיין דאָזיגען טעות האָט אָכיש גערעכענט, אַז איצט איז געקומען די צייט אונטערצונעהמען אַ גרויסע מלחמה געגען אידען. שאול האָט געהאַט אָפטע אָנפאַלען פון שגעונות און נאָך זיין מחלוקת מיט זיין איידעם דוד האָט זיך זיין שגעון געשטאַרקט, און ער

וועהן שאול'ס שגעון האט איהם אבגעלאזען און ער האט זיך דערמאהנט וועגען דוד'ס רעטונג, האט ער דערין דערזעהען א סימן, אז גאט אליין בעשיצט זיין פיינד. פון יענער צייט אן האט שאול אנגעהויבען צו טראכטען, ווי אזוי פטור צו ווערען פון דוד'ן דורך פאלשקייט. ער האט דוד'ן געגעבען א הויכע שטעלע, בעשטימענדיג איהם פאר א"נאנפיהרער פון זיין בעסטען חיל, דערביי האט ער איהם בעפאהלען צו געהן אין אזעלכע מלחמות, וועלכע זענען געוועזען, לויט ווי שאול האט געוואוסט, זעהר געפעהרליך. דוד איז אבער שטענדיג געקומען צוריק אלס מנצח. לסוף האט שאול איהם געמוזט אבגעבען, געגען זיין ווילען, זיין טאכטער מיכל פאר א ווייב. מיכל האט אויך, ווי יהונתן, געהאלטען מיט דוד'ן געגען שאול'ן; דאס האט אבער נאך מעהר אריינגעבראכט אין צארן שאול'ן, און ער האט געהאלטען אין איין טראכטען, ווי אזוי אומצו־ברענגען דוד'ן. אנפאנגס האט ער וועגען דעם געטראכט געהיים, לסוף אבער האט ער דאס געטהון גאנץ אפען, שיקענדיג געגען דוד'ן זיין חיל. דוד איז ערקלערט געווארען אלס פערברעכער געגען דעם קעניג, וועלכען יעדער קאן און דארף דערהרג'ענען. צו דוד'ן האבען זיך אבער פער־זאמעלט עלטערע און איינגערע מענשען פון שטארקען מוט, מענשען, וועלכע געלוסטען צו קעמפפען, אונצופרידענע, גערודפ'טע, סתם אוואנ־טוריסטען און לסוף אויך זיינע נאהענטע קרובים יואב און זיינע צוויי ברידער, אבישי און עשהאל. די דאזיגע לייט זענען געווארען דער פונדא־מענט פון דער צוקינפטיגער העלדענמוטיגער מחנה, וועלכע דוד האט שטענדיג געפיהרט צו נצחונות איבער די פיינד, און וועלכע איז געוועזען מיט דוד'ן, ביז ער איז ארויפגעשטיגען אויפ'ן קעניגליכען טהראן. אויך דער נביא גד, פון שמואל'ס תלמידים, איז געקומען צו דוד'ן און גע־בליבען אין זיין מחנה. אויך דער לעצטער פערטרעטער פון עלי'ס כהנים־הויז איז, ענטלויפענדיג פון שאול'ס שווערד, געקומען צו דוד'ן, וועלכער האט איהם אויפגענומען מיט גרויסער ליעבע. געבראכט האט דערצו טאקי שאול אליין, דען ער האט געהייסען אומ'הרג'ענען אלע כהנים פון נוב, וועלכע האבען געשטאמט פון עלי'ס הויז, דערפאר, וואס זיי האבען געלאזען ביי זיך איבערנעכטיגען דוד'ן, וועהן ער איז פון שאול'ן ענטלאפען. פון אלע כהנים פון נוב איז געלונגען צו ענטלויפען און אויסמיידען דעם טויט נאר דעם כהן אביתר, וועלכער איז געקומען צו דוד'ן.

דער האס געגען זיין געגנער דוד האט געמאכט שאול'ן גרויזאם און בלוטדורשטיג. אלע פראבעס, וועלכע יהונתן האט געמאכט, צו מאכען שלום צווישען דעם פאטער און זיין פריינד דוד, האבען געבראכט בלויז דערצו, אז שאול'ס שנאה זאל זיך נאך מעהר פערשטארקען. אין וויל דער אונגערעכטער איז געוועזען נישט דוד, נאר שאול, האט דאס פאלק געהאלטען מיט דוד'ן; עפענטליך האט אפילו קיינער נישט גע־

שע און פיעל-בעדייטענדע זאך פאר שאול'ן, אז ער, וועלכער האט אליין פערטיליגט אלע מכשפים און מכשפות, האט איצט אליין געלאזט אויפזוכען א מכשפה, כדי ביי איהר אנ'עצה צו פרעגען.

מיט א טרויעריגען געמיט און א שווער הארץ, וועלכעס האט איהם פאראויסגעזאגט נאר שלעכטס, האט שאול אנגעהויבען די מלחמה געגען די פלשתים; די אונזיכערקייט און געבראכען געמיט פונ'ם קעניג האט זיך אויך אבגערופען אויף זיינע גבורים: אויך זיי האט פערפעהלט מוט און פעסטער גלויבען. די מלחמה האט זיך געענדיגט אונגליקליך. מיט גבורה האבען געקעמפפט די אידישע העלדען; א גאנצען טאג האט דער קאמפף געדויערט; אבער אין פרייען פעלד האבען די אידישע מחנות זיך נישט געקאנט האלטען געגען די רייטער און די קריעגס-וואגענס פון די פלשתים, זיי האבען דעריבער זיך אומגעקעהרט צוריק צו'ם בארג גלבוע; די פלשתים האבען זיי פערפאלגט און צושלאגען אינגאנצען. אויך דער ליעבעס-פולער יהונתן מיט זיין ברודער זענען דער'הרג'עט געווארען. שאול האט זיך פלוצלינג דערזעהן אליין, נאר זיין געוועהר-טרעגער איז געוועזען נעבען איהם, בשעת די שיסער פון די פלשתים האבען איהם אנגעהויבען פערפאלגען. ענטלויפען האט שאול נישט געוואלט; נאך וועניגער האט ער אבער געוואלט זיך לאזען נעהמען געפאנגען און די פלשתים זאלען פון איהם קאנען אבלאכען. פאר שאול'ן איז געבליבען נאר צו טהון איין זאך: ווארפען זיך אליין אויף זיין שווערד. שאול האט דאס געטהון און איז געשטארבען; ווי עס פאסט פאר א קעניג. זיין געוועהר-טרעגער האט אויך געטהון דאס זעלבע, וואס זיין קעניג, און איז געפאלען נעבען איהם טויט.

די מפלה איז געוועזען א שרעקליכע. די שענסטע אידישע גבורים זענען געלעגען דער'הרג'עטע אויפ'ן בארג גלבוע און אינ'ם טהאל יזרעאל. נאכדעם ווי די פלשתים האבען זיך אויסגערוהט איבער נאכט נאכ'ן בלוטיגען טאג, האבען זיי אויף צומארגענס בעטראכט דאס שלאכט-פעלד און בערויבט די געפאלענע גבורים, אראבציהענדיג פון זיי זייערע קליידער און צירונג. דא האבען זיי אויך געפונען דעם טויטען שאול'ן מיט זיינע דריי זיהן. דעם קעניגס קאפ און זיין געוועהר האבען זיי אבגעשיקט אין לאנד פלשתים; שפעטער האבען זיי בעהאלטען זיין שארבען אין א טעמפעל פון זייער אבגאט „דגון" און זיין געוועהר אין א טעמפעל פון „עשתרות" צום אנדענקען פון זייער גרויסען נצחון איבער אידען. דאן האבען זיי זיך אראבגעלאזען אין די אידישע שטעדט אין טהאל יזרעאל און אין די אויבערשטע געגענדען פון ירדן און האבען זיי בעזעצט. די איינוואהנער פון די שטעדט זענען ענטלאפען אויף יענער זייט ירדן, ווי נאר זיי האבען דערהאלטען די שרעקליכע בשורה פון דער מפלה אין דער מלחמה. כדי אנצוטהון אידען א חרפה,

האָט דאַדורך פֶערלוירען זיין גרויסע פֶעהיגקייט אין מלחמה. די בעס־טע האַנד, וועלכע האָט פריהער פאַר איהם געקעמפפט, דער בעסטער קאָפּ, וועלכער האָט פאַר איהם געדענקט, איז איצט געגען איהם. די בעסטע אידישע גבורים האָבען זיך אָבגעווענדעט פון שאול'ן און זענען צוגעשטאַנען צו דוד'ן. אָכיש האָט דעריבער פֶערזאַמעלט אַלע זיינע מחנות, כדי מיט אַמאָל צו צעשלאָגען דאָס אידישע פאָלק און פֶערקנעכטען עס.

אָכיש האָט געפאָדערט פון דוד'ן, אַז ער זאָל איצט ערפילען דעם אָבמאַך, וועלכען ער האָט מיט איהם געשלאָסען, און זאָל צוזאַמען מיט די מחנות פון די פלשתים געהן קעמפפען געגען שאול'ן. מיט אַ שווערען געמיט האָט דוד זיך געלאָזט געהן מיט די מחנות פון די פלשתים; אָבער ער האָט איצט אַנדערש ניט געקאָנט, נאָכדעם, ווי ער האָט געמוזט אָננעהמען הילף ביי'ם אידישען פיינד און צוזאָגען איהם צו קעמפפען געגען אידען. אַרויסגעראַטעוועט האָבען דוד'ן פון זיין שרעקליכער לאַגע די פירשטען פון די פלשתים גופא, דען זיי האָבען שאַרף געפאָדערט פונ'ם קעניג אָכיש, אַז ער זאָל צוריקשיקען דוד'ן מיט זיינע מענשען קיין צקלג, ווייל זיי האָבען ניט געטרויט דוד'ן. פאַר דוד'ן איז דאָס געווען אַ גליק, דען דאַדורך איז ער בעפרייט געוואָרען פון זיין געפֶעהרליכער לאַגע: אָדער צו קעמפפען געגען דעם אייגענעם פאָלק און ווערען אַ פֶעררעטער, אָדער צו ברעכען זיין וואָרט, וואָס ער האָט געגעבען אָכיש'ן.

די פלשתים זענען דערווייל אַרויסגעגאַנגען מיט זייערע הונדערטער און טויזענדער געגען שאול'ן. באַלד ווי שאול האָט בעקומען די ידיעה, אַז די פלשתים גרייטען זיך צו אַ מלחמה, האָט ער צוזאַמענגערופען אַלע אידישע מחנות, איז אַליין אַרויסגעגאַנגען זיי אַנטקעגען און האָט זיך אָבגעשטעלט מיט זיי צוערשט ביי'ם באַרג גלבוע; דערנאָך איז ער אַרומ־געגאַנגען דעם באַרג און אויסגעשטעלט זיין לאַגער אין צפון־זייט פונ'ם דאָזיגען באַרג, נעבען עין דור.

ווען שאול האָט דערזעהען די גרויסע מחנות פון די פלשתים און בעזונדערס זייערע פיעל רייטער, האָט ער זיך זעהר דערשראָקען. די שרעקליכע צייט, וועלכע ער האָט אַליין פאַר זיך צוגעגרייט, האָט ביי איהם צוגענומען זיין מוט. ער האָט זיך געפיהלט פֶערלאָזען פון גאָט, דען ער האָט ניט געקאָנט פרעגען וועגען דעם אויסגאַנג פון דער מלחמה ניט ביי אַ נביא, ניט ביי אַ כהן. ניט וויסענדיג ווי אַזוי זיך אַ'עצה צו געבען, האָט ער געהייסען אויפזוכען אַ מכשפה, כדי צו פרעגען ביי איהר, וואָס ער זאָל טהון. אַזאַ מכשפה האָט געלעבט אין עין דור, ס'איז געווען די איינציגע, וועלכע איז ענטלאָפען פון שאול'ס פֶערפאָלגונג, בשעת ער האָט פֶערטיליגט די מכשפים ביי אידען. ס'איז געווען אַ טראַגי־

## דריטעס קאפיטעל.

# דער קעניג דוד.

(פון 1127 ביז 1087 פאר'ן חורבן בית שני, אדער פון 1055 ביז 1015 פאר דער אלגעמיינער צייט-רעכנונג).

ווי עס שיינט, האט דאס פאלק אין דער צייט פון שווערען אונגליק אויך אן דוד'ן פערגעסען, האטש מען האט פריהער אזוי פיעל גרויסע האפנונגען געהאט אויף איהם. וואס האט דוד געטהון אין דער צייט, ווען זיין פאטערלאנד איז מיט בלוט פערגאסען געווארען? צי האט דאס אידישע פאלק געוואוסט, אז דוד האט זיך תחלת געלאזט געהן צוזאמען מיט'ן קעניג פון די פלשתים אויף מלחמה געגען אידען, אדער דאס פאלק האט דערפון נישט געוואוסט,— א וואונדער האט עס דאך געווים געמוזט זיין פאר אלעמען, וואס אין אזא שרעקליכער צייט האט דוד געטראכט נאר וועגען זיין אייגענער זיכערקייט און האט זיך געהאלטען אין דער ווייטענס פון יעדער סכנה, נישט קומענדיג צו הילף דעם פאלק, נאר האלטענדיג זיך פעסט ביי זיין אבמאך מיט'ן קעניג פון די פלשתים. אמת, דוד איז אויך געוועזען זעהר שטארק גע־דריקט אין יענער צייט, אבער דאס, וואס מיט איהם איז פארגעקומען, איז דאך בעוואוסט געווארען דעם פאלק ערשט פיעל שפעטער. פאר'ן מאמענט איז עס, בלי ספק, געוועזען זעהר ביטער צו זעהען פאר יענע, וועלכע פערשטעהען אזעלכע ענינים, אז בשעת אכיש, דער קעניג פון פלשתים, האט פערוויסטעט דאס אידישע לאנד, איז ער, דוד, געשטאנען אין א פריינדליכען בונד מיט איהם און איז פערבליבען רוהיג נעבען זיין הויפט־שטאדט, בעשיצענדיג דאדורך די גרעניצען פון לאנד פלשתים.

ווען דוד האט זיך צוריקגעקעהרט קיין צקלג פון דער מחנה פון די פלשתים, צוליעב דעם אונצוטרוי, וואס עס האבען איהם ארויסגעוויזען די פלשתי'שע פירשטען, האט ער געפונען זיין שטאדט צקלג פערברענט, ווייבער און קינדער זענען פערשוואונדען געווארען. די עמלקים, וועלכע האבען פיעל געליטען פון דוד'ס אנפאלען און האבען געמוזט ענטלויפען אין מדבר אריין, האבען אויסגענוצט די צייט, ווען דוד מיט זיין מחנה איז אוועקגעגאנגען מיט דער מחנה פון די פלשתים, און זענען אנגע־פאלען אויף זיין שטאדט, בערויבט און פערברענט איהר און די איינ־וואהנער האבען זיי גענומען געפאנגען.

ווען די מענשען פון דוד'ס מחנה האבען דערזעהען דאס אונגליק, וואס האט זיי געטראפען, זענען זיי אזוי אויפגעבראכט געווארען, אז זיי האבען אין ערשטען מאמענט גאר געוואלט אנפאלען אויף דוד'ן און פערשטיינערן איהם. דוד האט זיך באלד געלאזען מיט זיי נאכיאגען

האָבּען די פּלשתּים אויפֿגעהאָנגען די טויטע קערפּער אָהן קעפּ פֿון שאול און זיינע זיהן אויף די מויערען פֿון בּית־שן. ווי עס שיינט, האָבּען די פּלשתּים אויסגענוצט דעם נצחון און בּעזעצט אויך פֿיעל שטעדט אין דרום פֿון בּית־שן און דעם בּאַרג גלבּוע. אין שאול'ס הויפּט־שטאָדט גבעת־שאול האָט די ידיעה, אַז די פּלשתּים קומען אַריין אין שטאָדט, פֿערשפּרייט אַזאַ אימה, אַז די אַם פֿון יהונתנ'ס זוהן, מפיבשת, האָט, ענטלויפֿענדיג אין די בּערג, פֿערלאָרען דעם פֿינף־יעהריגען מפיבשת, וועלכער האָט זיך דערבּיי אַ פֿוס צובּראָכען און איז געבּליבּען אַ הינ־קענדיגער זיין גאַנצען לעבּען. אין אַ טרויעריגער לאַגע האָט שאול איבּערגעלאָזען דאָס לאַנד נאָך זיין טויט, נאָך אין אַ פֿיעל טרויעריגערער, אײדער עס איז געווען, בּשעת מען האָט איהם פֿאַר אַ מלך אויסגע־קליבּען. — די מפּלה אין דער מלחמה איז געווען אַזאַ געוואַלדיגע, אַז קיינער האָט גאָרנישט געטראַכט וועגען שטעלען זיך אַנטקעגען דעם פֿיינד. בּיי אַלעמען איז דער מוט אינגאַנצען פֿערשוואונדען געוואָרען. מען האָט אפֿילו געהאַלטען פֿאַר אַ גרויסע גבורה, ווען די איינוואָהנער פֿון יבש־גלעד האָבּען געוואַגט אַראָבּצונעהמען פֿון די וואַנד פֿון בּית־שן די אויסגעהאַנגענע הרוגים, שאול מיט זיינע זיהן, און האָבּען זיי געבּראַכט צו קבורה, כּדי אַראָבּצונעהמען די חרפּה פֿון אידען. די מענ־שען פֿון יבש־גלעד האָבּען נישט פֿערגעסען אָן דער הילף, וועלכע שאול האָט זיי געגעבּען געגען דעם עמונ'ישען קעניג נחש, און אַט זענען זיי איצט מיט מסירת־נפש אַריבּער בּיינאַכט דעם ירדן, געקומען קיין בּית־שן, וואו זיי האָבּען אַראָבּגענומען די הרוגים און געבּראַכט אין זייער שטאָדט, זיי דאָרט מקבּר געווען אונטער אַן אשל (אַ בּוים) און האָ־בּען געפֿאַסט און געטרויערט זיבּען טעג. די שבטים פֿון דער זייט ירדן זענען געווען אַזוי דערשלאָגען, אַז זיי האָבּען דערצו קיין מוט נישט געהאַט; מעגליך, דאָס זיי האָבּען אויך נישט געפֿיהלט אַזאַ דאַנקבּאַרקייט צו שאול'ן, ווי די איינוואָהנער פֿון יבש־גלעד. דאָס פֿאָלק האָט גאָר געשפּירט איצט אַ שנאה צו שאול'ן, וועלכער האָט דורך זיין אומזיסטען האַס געגען דוד'ן, געבּראַכט אַ שרעקליך אונגליק אויפ'ן לאַנד און זיינע איינוואָהנער.

אַט דאָס איז געווען דער סוף פֿונ'ם ערשטען אידישען קעניג, וואָס דאָס פֿאָלק האָט געלעגט אַזוי פֿיעל גרויסע האָפֿנונג אויף איהם, בּשעת מען האָט איהם אויסגעקליבּען פֿאַר אַ קעניג.

נגנג, נישט פרעגענדיג בײַ שמיצען, אין דער צײַט, וואָס די פּלשתּים זענען נאָך געווען פערנומען מיט'ן בערויבען די אידישע שטעדט אין צפון־קאַנט פון ארץ־ישראל. און ערשט, ווען דוד האָט זיך פעסט בעזעצט אין חברון, — די דאַמאָלסדיגע הויפּט־שטאָדט פון שבט יהודה — האָבען זײַנע פיעל פרײַנד געבראַכט דערצו, אַז עס זענען געקומען די עלטסטע פון שבט יהודה און האָבען איהם געזאַלבט פאַר אַ קעניג אין יהודה. דוד איז באַלד געקומען אין פערבינדונג מיט די שבטים פון יענער זײַט ירדן, כדי צו געווינען אויך זייער פרײַנדשאַפט; דאַגעגען צו די שבטים פון דער זײַט ירדן, וועלכע זענען געווען אונטער דעם יאָך פון די פּלשתּים, האָט ער זיך נישט געקאָנט און נישט געדאַרפט ווענדען: זײַן אונגליקליכער בונד מיט אכיש, דעם קעניג פון די פּלשתּים, האָט איהם דאָס נישט ערלויבט. דוד האָט דאַמאָלס איבערגעלעבט אַ שווערען אינערליכען קאַמפּף צווישען זײַן פּאָליטישען פערשטאַנד און דער ליעבע צו זײַן פאָלק און זײַן לאַנד: די לעצטע האָט איהם געראַטען מוסר נפש צו זײַן זיך מיט זײַנע מענשען און שטעלען אין געפאַהר די גאַנצע צוקונפט, און צו בעפרײַען זיך מיט אַ מאָל פון'ם אונגליקליכען בונד מיט'ן אידישען פײַנד; דער פערשטאַנד אָבער האָט איהם געראַטען אָבצוּוואַרטען ביז אַ צײַט, און נישט צורייצען איצט דעם שטאַרקען פײַנד.

אכיש האָט געגעבען דוד'ן די פולע פרײַהייט צו רופען זיך קעניג פון יהודה און צו מאַכען אָנפאַלען אויף די גרעניץ־לענדער אין דער מדבר, דען פון'ם רויב, וואָס דוד פלעגט דאָרט מאַכען, האָט אכיש נאָך איצט אויך בעקומען זײַן חלק, לויט'ן אָבמאַך. קיין אַנדערע שריט האָט אָבער דוד נישט געטאָרט מאַכען. דוד'ס העלד, יואב, און וועלכען ס'האָבען זיך שוין אַרויסגעוויזען די גרויסע טאַלענטען פון אַ פעלד־העֶרר, האָט זיך געמוזט בעגניגען מיט דער נישט־וויכטיגער ראָליע פון מאַכען רויב־אָנפאַלען אויף די קלײנע פעלקער. אין דער אידישער בעפרײַאונג פון די פּלשתּים'ס הענד האָט דוד נישט געקאָנט נעהמען קיין אַנטייל, ווײַל ער איז געווען געבונדען מיט זײַן אָבמאַך; די בעפרײַאונג האָט דעריבער דורכגעפיהרט שאול'ס פעלדהערר אבנר, דער זוהן פון נר. איהם איז געלונגען צו אַנטלויפען פון די בערג גלבוע נאָך דער שרעקליכער מלחמה, און ער האָט נישט פערלוירען דעם מוט צו ראַטעווען פאַר שאול'ס הויז, אויך נאָך דעם גרויסען אומגליק, דאָס, וואָס מען האָט נאָך געקאָנט ראַטעווען. צוזאַמען מיט אַנדערע ענטלאָפענע איז ער אריבערגעגאַנגען דעם ירדן, וואו די פּלשתּים האָבען זיי נישט געקאָנט דערגרייכען, און וואו ס'האָט נאָך געלעבט די דאַנקבאַרקייט פאַר שאול'ס הויז. אבנר האָט אויסגעקליבען די שטאָדט מחנים פאַר אַן אָרט, וואו ס'האָבען זיך געדאַרפט פערזאַמלען אַלע אָנהענגער פון שאול'ס הויז. אַהער האָט ער אויך געבראַכט דעם איינציגען שאול'ס זוהן, וואָס איז לעבען געבליעבען איש־בושת, ווי אויך די איבריגע מיטגליעדער פון דער אונגליק־

נאָך די רויבער. אויפֿ'ן וועג האָבען זיי געפֿונען אַ קראַנקען קנעכט, ביי וועלכען זיי האָבען דערגאַנגען, וואו ס'געפֿינט זיך דער לאַגער פֿון די עמלקים. דוד האָט מיט זיינע מענשען באַלד אויסגעזוכט דעם לאַגער פֿון די רויבער און זיך געוואָרפֿען אויף זיי מיט אַזאַ אימפּעט, דאָס מען האָט זיי כמעט אַלעמען אויסגעה'רג'עט, און נאָר ווייניגע פֿון זיי האָבען בעוויזען צו ענטלויפֿען אויף זייערע קעמלען.

דוד איז געקומען צוריק מיט זיין מחנה קיין צקלג, פֿול פֿרייד איבער'ן נצחון, וואָס מען האָט געהאַט איבער די עמלקים, און מען האָט זיך גענומען ווידער אויפֿבויען די פֿערברענטע שטאָדט. דעם רויב, וועלכען דוד האָט געמאַכט ביי די עמלקים, האָט ער אָבגעשיקט צו די עלטסטע פֿון יהודה און צו זיינע פֿריינד אין פֿערשיעדענע שטעדט פֿון באר־שבע ביז חברון. דאַדורך האָט ער געוואָלט, ערשטענס, געבען זיי צו וויסען וועגען זיין נצחון און, צווייטענס, געווינען זיי פֿאַר פֿריינד.

אָבער שוין אויפֿ'ן דריטען טאָג נאָך זיין קומען צוריק קיין צקלג, האָט ער דערהאַלטען די טרויעריגע בשורה, אַז די אידישע מחנה האָט געהאַט אַ שרעקליכע מפּלה אויף די בערג פֿון גלבוע און אַז שאול מיט זיינע זיהן זענען געפֿאַלען אין מלחמה. דאָס ערשטע געפֿיהל, וואָס דוד האָט דערשפּירט ביי דער דאָזיגער ידיעה, איז געווען אַ טיעפֿער טרויער איבער שאול'ן און זיין געליעבטען פֿריינד יהונתן. דוד האָט באַלד זיינע קליידער אויף זיך צוריסען און בעפֿיהלען זיינע מענשען אויך דאָס־זעלבע צו טהון; אַלע האָבען ביטערליך געטרויערט נאָכ'ן טויט פֿון די אידישע גבורים און אויפֿ'ן אונגליק, וואָס האָט דאָס אידישע פֿאָלק געטראָפֿען. פֿון דוד'ס גרויסען טרויער איז איבערגעבליבען אַ הויך־טראַגישעם עלעגישעם ליעד.

ווי טיעף און ריכטיג ס'איז געווען דוד'ס טרויער נאָך שאול'ס טויט, אָבער פֿאַר איהם האָט דאָך דאָס געמוזט ברענגען אַ גרויסע פֿערענדערונג צום גוטען. דוד האָט מעהר נישט געקאָנט אויסהאַלטען אין'ם ווייטען צקלג, ס'האָט איהם געטריבען אַרויסצוטרעטען אין עפֿענטליכען אידישען לעבען. אין'ם ערשטען מאָמענט האָט דוד אויס־געקליבען פֿאַר אַן אָרט צו וואָהנען די שטאָדט חברון, וואו ס'האָבען געלעבט די עלטסטע און דער אַדעל פֿון יהודה. אָבער די עלטסטע האָבען איהם אהין נישט איינגעלאַדען צו קומען, נאָר ער איז אַליין אהין געקומען כמעט געגען זייער ווילען. אַזוי שטאַרק האָט געליטען זיין גוטער נאָמען אפֿילו ביי זיין אייגענעם שבט יהודה, דערפֿאַר, וואָס ער האָט געשלאָסען אַן אָבמאַך מיט די פּלשתים. זיין מחנה פֿון זעקס הונדערט מאַן מיט זיינע גרויסע גבורים זענען געקומען מיט איהם צוזאַמען קיין חברון מיט זייערע משפּחות און האָבען זיך דאָרט בע־זעצט. דעם דאָזיגען שריט האָט דוד געמאַכט אויף זיין אייגענער רעכ־

וועלכער איז דעריבער געווען א הייליגע פערזאן, ווערהענד איש־בושת איז געווען מלך בלויז, לויט'ן נאמען, און נישט ער איז דערצו בעשטימט געווארען פון גאט, נאר ער האט דערצו געהאט די נויטיגע פעהיגקייטען. די גאנצע מאכט פון איש־בושת האט זיך געפונען אין די הענד פון זיין פעלדהערר, אבנר. — איש־בושת איז זיך געזעסען אין א זייטיגען ארט אויף יענער זייט ירדן און האט אפילו כמעט נישט געוואוסט, וואס עס קומט פאר אין ביידע העלפטען פון אידישען פאלק, ווערהענד דוד האט געוואהנט אין דער מיט פון זיין שבט און האט פון חברון געקאנט הא־בען אויף אלץ אנ'איינפלוס.

און אט אזוי איז עס געקומען צו א בירגער־קריעג צווישען דעם הויז פון דוד און דעם הויז פון שאול, נאכדעם ווי אבנר האט געפועלט, מיט גוטען אדער מיט בייזען, אז די צעהן שבטים זאלען אנערקענען איש־בושת פאר א מלך. דער קריעג האט געדויערט צוויי יאהר. שאול'ס הויז האט אבער געהאט א טראגישען מזל. אבנר האט געליעבט און געוואלט נעהמען פאר א ווייב שאול'ס קעבס־ווייב, די שענע רצפה, וועלכע האט, צוזאמען מיט די איבריגע מיטגליעדער פון שאול'ס הויז, אויך געלעבט אין מחנים. די זאך איז נישט געפעלען איש־בושת'ן, וועלכער האט עס געהאלטען פאר א חרפה פאר'ן מלכות, אז א פרעמדער מאנסביל זאל נעהמען דעם קעניג'ס אלמנה פאר א פרוי. פיעל האט איש־בושת געמוזט דולדען פון אבנר'ן, ווייל ער האט איהם געהאט צו פערדאנקען די מלוכה, אבער דאס האט ער נישט געקאנט אריבערטראגען און האט אבנר'ן געמאכט א פארוואורף. אבנר האט זיך בעליידיגט און געמאכט דעם קעניג א פאר־וואורף אין אונדאנקבארקייט. באלד נאכדעם האט ער געשיקט געהיימע שליחים צו דוד'ן און אנגעהויבען פיהרען אונטערהאנדלונגען איבערצוגע־בען איהם די מלוכה איבער אלע אידישע שבטים. ווי עס שיינט, האט אבנר געשטעלט דערביי א בעדינגונג, אז ער זאל ווערען דער ערשטער פעלדהערר איבער דער גאנצער ארמעע. דוד האט אנגענומען אבנר'ס פאר־שלאג מיט פרייד, נאר ער האט פערלאנגט פריהער, אז אבנר זאל, אלס א סימן פון'ם נייען בונד, איהם צוריק ברענגען זיין געליעבטע פרוי, מיכל, וועלכע שאול האט ביי איהם צוגענומען און איבערגעגעבען צו פלטי דעם זוהן פון ליש פון שבט בנימין. ווי עס שיינט, האט איש־בושת אליין אויך אנערקענט די גערעכטיגקייט פון דוד'ס פאדערונג און האט דעריין קיין בייז פאר זיך נישט געזעהען. באלד נאכדעם האט אבנר גענומען אבשייד פון זיין קעניג מיט'ן תירוץ, אז ער ברויכט דורכצופיהרען די שיידונג פון מיכל פון איהר איצטיגען מאן פלטי, כדי אבצושיקען זי צו דוד'ן. אבנר איז אלזא געקומען אינ'ם לאנד פון שבט בנימין, וואו ער האט געצוואונגען פלטי צו שיידען זיך פון זיין פרוי. פלטי האט בע־גלייטעט וויינענדיג א מהלך זויט זיין געליעבט ווייב, אבער אויף דער פאדערונג פון אבנר האט ער זיך געמוזט אומקעהרען צוריק אהיים.

ליכער קעניגליכער משפחה, און האָט געבראַכט דערצו, אַז די דאָרטיגע שבטים האָבען אויסגערופען איש־בושת פאַר אַ קעניג. אבנר האָט אויך צוזאַמענגענומען אויף יענער זייט ירדן אַ היבשע מחנה פון מוטיגע קעמפער, מיט וועלכע ס'האָבען זיך אויך פעראייניגט די געבליבענע קעמפער פון שבט בנימין. מיט דער דאָזיגער מחנה איז ער צוריק אַריבער דעם ירדן און אָנגעהויבען צו פיהרען מלחמה מיט די פלשתים. ביסלעכווייז איז איהם געלונגען צו פערטרייבען זיי פון פערשידענע שטעדט און דערפער. אָבער ערשט אין אַ משך פון פיער־פינף יאָהר איז איהם געלונגען אינגאַנצען צו בעפרייען פון זיי דאָס לאַנד—אַזוי שווער איז געווען דער דאָזיגער קאַמפף. דאָס שווערסטע איז געווען אָבצונעהמען צוריק ביי די פלשתים דאָס לאַנד פון שבט בנימין, ווייל אַהין האָבען די פלשתים לייכט געקאָנט ברענגען זייערע מחנות. יעדער שבט, וועלכען אַבנר האָט בעפרייט פון די פלשתים, האָט אַנערקענט איש־בושת'ן פאַר אַ מלך. אבנר האָט בכלל אויפגעטהון זעהר גרויסע מעשים. ער האָט נישט בלויז אויסגעקעמפפט פאַר'ן לאַנד פאָלקאָמע אונאָבהענגיגקייט, בעפרייענדיג איהם פון דער הערשאַפט פון די פלשתים; ער האָט אויך בעוויזען אַריינצוציהען אין אַלגעמיינעם אידישען לעבען יענע שבטים, וועלכע האָבען נאָר פאַר שאול'ן זיך געהאַלטען פון דערווייטען און נישט געוואָלט צושטעהען צום אידישען קעניגרייך. אבנר קאָן דעריבער בעטראַכט ווערען, אַלס דער אמת'ער גרינדער פון דער מלוכה פון די צעהן־שבטים, אָדער פון'ם קעניגרייך ישראל, וועלכעם ער האָט פעסט בעגרינדעט און פעראייניגט אַלע זיינע מיטגליעדער. אָבער נאָך אַלע זיינע נצחונות און נאָך אַלע זיינע גרויסע אָנשטרענגונגען איז דאָס פאָלק מיט אַ מאָל זיך צופאַלען אויף צוויי העלפט: אויף די מלוכה פון ישראל און די מלוכה פון יהודה; יעדע פון זיי האָט זיך געהאַט איהר אייגענעם מלך. דער שבט יהודה, וועלכער איז קוים וואָס אַרויסגעריסען געוואָרען פון זיין אָבגעזונדערטקייט פון די איבריגע שבטים דורך דער טעטיגקייט פון שמואל און שאול און פעראייניגט געוואָרען מיט די איבריגע שבטים, איז איצט אינגאַנצען אָבגעריסען געוואָרען פון זיי. אבנר'ס נצחונות האָבען קיין אַלגעמיינע פרייד נישט מיטגעבראַכט, ווייל זיי האָבען געבראַכט צו אַ פרוד (אַ שפּאַלטונג) ביי אידען.

וועגען פעראייניגען ביידע הייזער צוזאַמען האָט מען ביי דער דאַמאָלסדיגער לאַגע גאָרנישט געקאָנט טראַכטען. נישט בלויז די ביידע מלכים, דוד און איש־בושת, זענען געווען געגען דעם, ווייל אין אַזאַ פאַל וואָלט דאָך איינער פון זיי געמוזט פערליערען די מלוכה, נאָר אויך די אָנהענגער פון ביידע הייזער, בעזונדערס, ביידע פעלדהערען, יואב און אבנר, ביידע גלייכע גבורים, זענען געווען געגען דעם. פאַר'ן שבט יהודה איז געווען וויכטיג, אַז ער זאָל געפיהרט ווערען דורך אַ מוטיגען און קריעגס־פעהיגען מלך, וועלכען דער נביא שמואל האָט געזאַלבט און

קיט. דורך דעם דאָזיגען מאָרד איז דוד אויך געשטעלט געוואָרען אין זעהר אַ שווערע לאַגע, ווייל מען האָט איהם חושד געווען, אַז דאָס איז אויסגעפיהרט געוואָרען, לויט זיין איינגענעם פלאַן. כדי אָראָבצוואַרפען פון זיך דעם חשד אינגאַנצען, האָט דוד אָבגעהאַלטען זיין אמת'ען טרויער אויף אבנר'ן עפענטליך און איינגעאָרדענט אַבנר'ס קבורה אין חברון מיט גרויס פּאַראַד. צו דער לויה פון'ם אידישען גבור זענען געקומען אלע הויף־לייט און זקנים פון שבט יהודה. דוד אליין איז אויך נאָכגע־גאַנגען נאָך דער לויה און האָט בעוויינט דעם דער'הרג'עטען מיט וואַרע־מע טרעהרען אין אַ טרויער־ליעד, וואָס נאָר זיינע פאָלגענדע ערשטע שורות זענען פאַר די צוקינפטיגע דורות געבליבען:

„צי האָט, אלס פערברעכער,
„אַנ'אַבנר געקאָנט אַזוי שטאַרבען!
„די הענד דיינע זענען
„קיינמאָל ניט געבונדען געווען;
„די פיס דיינע האָבען
„קיין קייטען קיינמאָל ניט בעריהרט.
„פון הענד פון פערברעכער
„ביזטו טויט געפאַלען!“

דאָס דאָזיגע ליעד האָט געמאַכט אַ געוואַלדיגען איינדרוק אויף די צוהערער; אַלע האָבען זיך ביטערליך צוויינט, און דורך דער טרויעריגער שטימע, מיט וועלכער דוד האָט זיין ליעד אַרויסגעזיפצט, זענען אַלע געווען איבערצייגט, דאָס זיין וועהטאָג איז באמת גרויס. דוד האָט אָבער מורא געהאַט צו שטעלען פאַר'ן געריכט יואב'ן מיט זיין ברודער, אָדער אפילו אויך צו מאַכען זיי אַ פאָרוואורף, ווייל די דאָזיגע גבורים זענען איהם געווען נויטיג צו בעפעסטיגען זיין מלוכה. נאָר אין אַ ענגערען קרייז פון זיינע געטרייע יועצים האָט ער זיך ביטערליך געקלאָגט: „איהר זאָלט וויסען, אַז אַ גרויסער שר איז היינט געפאַלען ביי אידען; איך בין נאָך צו שוואַך, בין נאָך נישט געזאַלבט פאַר אַ קעניג איבער אַלע אידען, און די צרויה'ס זענען שטאַרקער פאַר מיר. זאָל גאָט משפט'ן די פערברעכער“.

אויפ'ן קעניג איש־בושת האָט די ידיעה וועגען אַבנר'ס ערמאָרדונג געמאַכט אַנ'איינדרוק פון אַנ'אמת'ער קאַטאַסטראָפע. איש־בושת האָט גאָרנישט געוואוסט פון די לעצטע געהיימע מעשים פון זיין פעלהערר און האָט זיך אויף איהם געשטיצט, ווי אויף אַ פעסטע וואַנד. ער האָט דעריבער זיך איצט געשפירט, ווי מען וואָלט ביי איהם צוגענומען זיין רעכטען אָרעם, דעם פונדאַמענט און שטיצע פון זיין טהראָן. דער פלוצלונגער טויט האָט אָבער געמאַכט אַ סוף צו זיינע ליידען: צוויי פערברעכער, צוויי

דוד האָט בעקומען צוריק די פֿרוי, וועלכע איז געווען זיין ערשטע יוגענד־ליעבע.

נאָכדעם איז אבנר געגאַנגען צו די עלטסטע פֿון די שבטים און האָט אָנגעהויבען, אין געהיים, צו פֿיהרען מיט זיי אונטערהאַנדלונגען וועגען אָבגעבען דוד'ן אויך די מלוכה איבער די צעהן שבטים. די שטימונג צווישען די עלטעסטע איז געווען זעהר אַ גינסטיגע פֿאַר דוד'ן, ווייל מען האָט געוואָלט מאַכען אַ סוף צום בירגער־קריעג; אַפילו אין שבט בנימין, פֿון וועלכען שאול האָט געשטאַמט, זענען אויך געווען אייניגע אָנהענגער פֿונ'ם מלך דוד. ענדליך איז אבנר געקומען בשתיקה קיין חברון צו דוד'ן צוזאַמען מיט צוואַנציג זקנים פֿון די צעהן שבטים. דוד האָט שוין בעזאָרגט פֿריהער, אַז זיין פֿעלדהערר יואב מיט זיין ברודער אַבישי, די זיהן פֿון צרויה, וועלכע האָבען זיך אויסגעצייכענט דורך זייער געוואַלדיגער קנאָה, זאָלען בשעת מעשה נישט זיין אין חברון, און האָט זיי געשיקט מאַכען אַ אָנפֿאַל אויף די פֿיינד אויף דער גרעניץ פֿון יהודה. דוד האָט אַלזאָ אין זייער אָבוועזענהייט אָבגערעדט מיט אַבנר'ן, ווי אַזוי מען זאָל דורכפֿיהרען דעם ענין און מיט דער הילף פֿון די עלטסטע פֿון די שבטים אויסרופֿען איהם פֿאַר אַ קעניג איבער אַלע אידען, ווערענד איש־בושת וועט אַראָבגעזעצט ווערען פֿון טהראָן. די דאָזיגע איבערקעהרעניש האָט געדאַרפֿט דורכגעפֿיהרט ווערען אויפֿ'ן פֿריעדליכען אופֿן. אבנר האָט נאָר וואָס פֿערלאָזען חברון, כדי אַרויסצילאָזען אַנ'אויפֿרוף צו אַלע עלטסטע פֿון די שבטים, אַז זיי זאָלען איהם נאָכטהון און אָנערקענען דוד'ן פֿאַר אַ קעניג. אָבער פּלוצלונג איז יואב מיט זיין מחנה צוריקגעקומען פֿון זיין גרעניץ־אָנפֿאַל און זיך דערוואוסט די איבעראַשענדע נייעס, אַז אַבנר, דער פֿיינד פֿון דוד'ס הויז, איז געהיים געווען אין חברון, און דוד האָט מיט איהם געפֿיהרט אונטערהאַנדלונגען. יואב האָט דערין דערזעהען אַ פֿערראַט פֿון דוד'ן געגען איהם, יואב'ן, דען ער האָט פֿאָראויסגעזעהען, אַז דוד וועט בעשטימען אַבנר'ן אויף זיין אָרט אַלס הויפּט־פֿעלדהערר פֿון דער אידישער אַרמעע. מיט זיין געוועהנליכער ענטשלאָסענהייט און ענערגיע האָט יואב לאַנג נישט געטראַכט, וואָס צו טהון: ער האָט באַלד געשיקט שלוחים נאָך אַבנר'ן, ער זאָל זיך אומקעהרען צוריק קיין חברון. אבנר האָט קיין שלעכטס דערין נישט געזעהען און האָט זיך אומגעקעהרט צוריק. נעבען די טויערען פֿון דער שטאָדט האָט יואב מיט זיין ברודער אבישי איהם אָבגעוואַרט; דאָרט זענען זיי אָנגעפֿאַלען אויף איהם פּלוצלונג און דער'הרג'עט.

אַבנר'ס טויט איז געווען אַ שרעקליכער אונערוואַרטעטער קלאַפּ פֿאַר דוד'ן. דער גרויסער אידישער העלד, וועלכער איז געווען דער איינציגער מענש, וואָס האָט איהם געקאָנט אָבגעבען אָהן בלוט־פֿערגיסונג דעם אידישען טהראָן, און האָט שוין אויך געהאַלטען ביי'ם פֿערווירקליכען דעם דאָזיגען פּלאַן, איז פּלוצלונג דער'הרג'עט געוואָרען דורך פֿאַלש־

מוזט נאך מנצח זיין די אויסערליכע פיינד, כדי ער זאל קאנען הער־
שען, אלס פרייער קעניג אין א פרייען לאנד.

פריהער פאר אלץ האט דוד געמוזט ברעכען זיין בונד מיט די
פלשתים, אויב ער האט נאר געוואלט זיין פאלקאם זעלבסטשטענדיג און
האבען ווידער פאר זיך די גאנצע ליעבע פונ'ם פאלק. ער האט זיך
געמוזט צוגרייטען צו פיהרען א בלוטיגע מלחמה מיט זיין פריהערדיגען
פערבונדעטען. באלד אבער האט ער די מלחמה ניט אונטערגענומען;
די פלשתים זענען נאך איצט צו־שטארק געוועזען. פריהער,האט דוד בע־
שלאסען, צו מאכען זיך פריי פון אנדערע פיינד, פון קלענערע. אין דער
מיט פון שבט בנימין, אויפ'ן בארג ציון, האבען נאך געוואהנט די
יבוסים, וועלכע זענען געוועזען א מין מלוכה אין מיטען פון דער אידישער
מלוכה. דער הויכער בארג ציון איז געוועזען ארומגערינגעלט פון דריי
זייטען מיט שמאלע טהאלען און מיט אנגעשאטענע בערג, אויף וועלכע
עס זענען געוועזען אויסגעשטעלט הויכע טהורעמס, וואס האבען בעשיצט
די געגענד; אין דרום־זייט האט זיך דער שטיינערנער בארג דערהויבען
פון טיעפען טהאל ארויף, כמעט שטעהענדיג. און אט אויף דעם בע־
פעסטיגטען בארג ציון האבען די יבוסים געהאט זייער פעסטונג און פון
דאנען האבען זיי רעגיערט איבער דער ארומליעגענדער געגענד און זיך
געשפירט גאנץ זיכער. דוד האט אבער בעשלאסען, איידער ער וועט
אונטערנעהמען די מלחמה געגען די פלשתים, איינצונעהמען דעם בארג
ציון און בעפעסטיגען זיך דארט, און האט געשיקט א פאדערונג צו די
יבוסים, אז זיי זאלען איהם אבגעבען די פעסטונג מיט'ן גוטען ווילען.
די יבוסים האבען זיך אויסגעלאכט פון דער דאזיגער פאדערונג, ער־
קלערענדיג שפאטיש: „דו וועסט אהער ניט אריינקומען, איידער די
וועסט דערווייטערן פון דאנען די בלינדע און הינקעדיגע". די יבוסים
האבען דערמיט געמיינט אנצואווייזען, אז אפילו אויך בלינדע און הינ־
קעדיגע וואלטען די פעסטונג געקאנט פערטיידיגען, צוליעב איהר נרוי־
סער נאטירליכער שטארקייט. דוד האט באלד צוזאמענגערופען זיינע
מחנות און געלאזט אויסרופען, אז ווער עס וועט דער ערשטער איבער
דער שטיינערנער דרום־וואנד ארויבערקלעטערן און אריינקומען אין דער
פעסטונג, יענעם וועט ער בעשטימען פאר'ן ערשטען אידישען פעלדהערר.
אזא הויכען כבוד האט יעדער אידישער גבור געוואלט בעקומען, און אלע
האבען זיך א לאז געטהון צו דער גלייכשטעהענדער וואנד און גענומען
קלעטערען. די יבוסים האבען, פערשטעהט זיך, בעגעגענט זיי מיט א הא־
געל פון שטיינער און פיילען. נאר איין יואב'ן איז עס געלונגען דעם ער־
שטען ארויפצוקלעטערן; באלד נאך איהם זענען ארויפגעקומען פיעל אנ־
דערע העלדען. מען האט אנגעהויבען שטורמען אויף דער שטאדט און
אויס'הרג'ענען די איינוואהנער. ווען די יבוסים האבען ענדליך איינגעזעהן,
אז זייער שטעלען זיך אנטקעגען דעם העלדישען פיינד וועט זיי מעהר

ברידער פון דער מחנה פון שבט בנימין, זענען בעפאלען איש־בושת׳ן
אין שלאף און דער׳הרג׳עט איהם, האפענדיג צו בעקומען דערפאר א
מתנה פון דוד׳ן. ווען אבער זיי זענען געקומען מיט׳ן פערבלוטיגטען אב־
געהאקטען קאפ פון קעניג צו דוד׳ן, איז דוד העכסט אויפגערעגט געוואָ־
רען פאר זייער ניעדערטרעכטיגער מערדעריי און באלד בעשטראפט זיי
מיט׳ן טויט.

נאכ׳ן טויט פון איש־בושת האט די מלוכה איבער די צעהן שבטים
שוין ממילא געמוזט איבערגעהן צו דוד׳ן. דוד האט געהאט צווישען די
שבטים פיעל אנהענגער נאך פון דער צייט אן, ווען ער האט דער׳הרג׳עט
גלית׳ן, און פון זיינע פריהערדיגע אפטע נצחונות איבער די פלשתים;
אויסער דעם האבען שוין איצט אלע געוואוסט, אז דער נביא שמואל האט
שוין לאנג געזאלבט דוד׳ן פאר א מלך, און פיעל עלטסטע פון די שבטים
האבען נאך צוגעזאגט אבנר׳ן איבערצוגעהן צו דוד׳ן. אפילו יענע זקנים,
וועלכע האבען נישט געקאנט מוחל זיין דוד׳ן דאס, וואס ער האט געהאט
געשלאסען א בונד מיט׳ן קעניג פון די פלשתים,— אפילו זיי האבען אויך
איצט איהם געמוזט אנערקענען פאר א קעניג, ווייל קיין אנדערער איז
גארנישט געווען, וואס האט געהאט דאס רעכט, צו פערנעהמען דעם
אידישען טהראָן. דעריבער זענען געקומען די עלטסטע פון אלע שבטים
קיין חברון און געשלאסען א בונד מיט דוד׳ן צו דיענען איהם געטריי,
און דערביי האבען זיי איהם געבראכט פיעל מתנות. אפילו די עלטסטע
פון שבט בנימין האבען איהם אויך אנערקענט פאר א קעניג, האטש
פיעל פון זיי האבען געטראגען אין הארצען געגען איהם א פערבארגענע
שנאה. דוד׳ס גרויסער פערלאנג איז ענדליך ערפילט געווארען: פון א
קליינעם פירשט איבער איין שבט איז ער געווארען מלך איבער׳ן גאנ־
צען אידישען פאלק. דער פרוד צווישען יהודה און ישראל, ד. ה.,
צווישען דעם שבט יהודה און די צעהן שבטים, האט זיך געענדיגט דורך
א פעראייניגונג, וועניגסטענס, אויף דערווייל. די צייט איז געווען גינ־
סטיג פאר דוד׳ן: נישט די כהנים, נישט די נביאים זענען געווען געגען
איהם, ווי דאס איז פארגעקומען, בשעת מען האט אויסגעקליבען שאול׳ן;
אלע זענען געווען ערגעבען דוד׳ן מיט׳ן גאנצען הארצען. דער לעצטער
כהן פון עלי׳ס הויז, אביתר, איז געווען אין דוד׳ס מחנה און האט צו־
זאמען מיט איהם געליטען די רדיפות פון שאול׳ן און איבערגעטראגען
אלע שווערע נסיונות; אויך די יונגע נביאים זענען אויף זיין צד געווען,
ווייל זייער גרויסער לעהרער, דער נביא שמואל, האט דאך איהם גע־
זאלבט פאר א קעניג. אין דוד׳ס מחנה זענען געווען די נביאים גד און
נתן; דער לעצטער פלעגט אפט שטראפען דוד׳ן, און דוד פלעגט איהם
געהארכען. דוד האט אלזא געהאט אנהענגער אין ביידע מלוכה־כחות:
אין דער כהונה און אין דער נבואה, און דער וועג איז געלעגען גלאט
פאר איהם אין די אינערליכע ענינים פון דער מלוכה. דוד האט אבער גע־

נער ניעדריגער טהאָל הנום*), וועלכער איז שפּעטער זעהר בעריהמט גע־
וואָרען. אין מערב־זייט איז דער באָדען שוין העכער, און אין צפון
לאָזט ער זיך ווידער אַרונטער אין טהאָל אַריין. דורך די דאָזיגע בערג
און טהאָלען איז ירושלים גוט בעשיצט פֿון דריי זייטען, ווי דורך נאַ־
טירליכע מויערען און גריבער. אין ירושלים גופֿא זענען פֿאַרהאַן עט־
ליכע בערג צווישען וועלכע דער באַרג ציון איז דער העכסטער. געגענ־
איבער דעם באַרג ציון געפֿינט זיך דער באַרג מוריה, און צו דרום־צו־
ציהט זיך אַ קייט בערג מיט'ן גרויסען באַרג עפל אין דער מיט. דער
באַרג מוריה איז אפילו פֿיעל ניעדריגער פֿאַר'ן באַרג ציון, אָבער מיט
דער צייט האָט ער געדאַרפֿט איבערשטייגען מיט זיין הויכער בעדיי־
טונג איהם, ווי אויך אַלע העכסטע בערג פֿון דער וועלט.

* *
*

די פּלשתים האָבען געמוזט איינזעהן, אַז נאָכדעם ווי דוד איז
געוואָרען קעניג איבער'ן גאַנצען אידישען פֿאָלק, וועט ער שוין מעהר
נישט קאָנען בלייבען געטריי דעם בונד מיט זיי, נאָר ער וועט מוזען
ווערען זייער פֿיינד. אַליין אָבער איבערצורייסען דעם בונד מיט דוד'ן האָ־
בען זיי דאָך נישט געוואָלט. ערשט דאַן, ווען דוד האָט די שטאָדט
„יבוס" איינגענומען און אַריבערגעטראָגען אַהין זיין רעזידענץ, האָבען
זיי דערזעהן דערין אַ צייכען, אַז ער גרייט זיך צו אַ מלחמה געגען זיי,
און האָבען זיך אַליין צוגעאיילט, איהם צו ערקלערען מלחמה, נאָך איי־
דער ער וועט צייט האָבען צוזאַמענצונעהמען פֿיעל מחנות ביי די
שבטים און אויסלערנען זיי גוט פֿיהרען קריעג. אַ גרויסע מחנה פֿון
פּלשתים האָט זיך אַרונטערגעלאָזט פֿון די בערג אין טהאָל אַריין און
זיך געלאָזט געהן צו ירושלים. צי האָט דוד געוואָלט אויסמיידען די
מלחמה פֿאַר זיין נייער הויפּט־שטאָדט, אָדער ער איז געווען איבערראַשט
דורך דעם פּלוצלינגען אַרויסטריט פֿון די פּלשתים — ווי דאָרט איז
נישט געווען, דוד האָט זיך אַרויסגעצויגען מיט זיינע מחנות פֿון שטאָדט
צו דרום־זייט, נעבען עדולם. די פּלשתים האָבען בעטראַכט דוד'ס דאָזיגען
שריט פֿאַר אַן'ענטלויפֿען פֿאַר זיי, און זיי זענען אַריינגעדרונגען אין
לאַנד פֿון שבט יהודה ווייטער ביז דוד'ס געבורט־שטאָדט, בית־לחם; פֿון
דאָרט האָבען זיי אָנגעהויבען מאַכען אָנפֿאַלען אויף פֿערשיעדענע ערטער
אין יהודה און בעראַבען דאָס לאַנד. דוד האָט זיך נאָך אַלץ אָבגע־

*) הנום איז געווען דער פֿאַמיליען־נאָמען פֿונ'ם מענשען, וועמען דער טהאָל
האָט אַמאָל געהערט. אינ'ם דאָזיגען טהאָל האָט מען אַ געוויסע צייט געבראַכט מענשען־
קרבנות דעם אָבגאָט מולך, און דעריבער האָט מען מיט'ן נאָמען „גי־הנום" שפּעטער
בעצייכענט דעם אָרט, וואו די רשעים ווערען געמישפּט און געלייטערט פֿאַר זייערע זינד.

קיין נוצען נישט ברענגען, האָבען זיי זיך אונטערגעגעבען און געבעטען, אַז מען זאָל זיי לאָזען לעבען. דוד האָט מיט זיי שלום געמאַכט, נאָר ער האָט זיי פֿערבאָטען צו וואָהנען אין דער שטאָדט; די יבוסים האָבען זיך בעזעצט אין מזרח־זייט פֿון דער שטאָדט, אויפֿ'ן באַרג מוריה.

נאָכדעם, ווי מען האָט דעם באַרג ציון איינגענומען, האָט דוד אַריבערגעטראָגען אַהער זיין רעזידענץ פֿון חברון, און פֿון איצט־אָן איז ציון געוואָרען די הויפּט־שטאָדט פֿון דוד'ן. די גאַנצע שטאָדט האָט בעקומען דעם נאָמען ירושלים, אָנשטאָט איהר פֿריהערדיגען נאָמען „יבוס“. אין דער שטאָדט ירושלים האָט דוד בעזעצט זיינע מחנות מיט די משפּחות פֿון די קריעגער, ווי אויך זיינע הויפֿלייט. דער אָרט, וואו די גבורים האָבען געוואָהנט, האָט געהייסען „בית־הגבורים“ — דאָס הויז פֿון די העלדען. אָט דאָס איז געווען דער אָנפֿאַנג פֿון דער שטאָדט, וועלכע איז פֿון דאַמאָלס־אָן, אין אַ משך פֿון טויזענדער יאָהרען, גערופֿען געוואָרען „די היילינגע“. דאָס, וואָס דוד האָט אויסגעקליבען אָט דעם אָרט פֿאַר אַ הויפּט־שטאָדט, איז, לויט די דאַמאָלדיגע אומשטענדען, געווען אַ גליקליכער געדאַנק. געוויס האָט פֿאַר דער שטאָדט שכם בעסער געפּאַסט צו זיין אַ הויפּט־שטאָדט, ווייל זי איז געלעגען אין רעכטען צענטר צווישען אַלע שבטים, און די אומגעגענד פֿון שכם איז געווען זעהר פֿרוכטבאַר; אָבער דוד האָט נישט געקאָנט בעזעצען זיך אין אַ שטאָדט, וואָס איז געלעגען אין שבט אפרים, וואו די איינוואָהנער זענען נישט געווען פֿון זיינע בעסטע אָנהענגער און האָבען געקוקט קרום און מיט קנאה, וואָס איינער פֿונ'ם דאַמאָלס נאָך האַלב־ווילדען שבט יהודה זאָל האָבען דאָס רעכט צו זיין איבער זיי אַ הערר און געבען זיי געזעצען. דוד האָט געברויכט צו האָבען, אויף וועמען צו קאָנען זיך שטיצען, און דאָס האָט ער געקאָנט געפֿינען נאָר אין זיין איינגענעם שבט יהודה. די נייע שטאָדט ירושלים האָט זיך טאַקי געפֿונען אויף דער גרענעץ פֿון די שבטים יהודה און בנימין, און ער האָט דאַדורך שטענדיג געקאָנט זיכער זיין צו בעקומען די נויטיגע הילף פֿון זיין שבט. די געגענד אַרום ירושלים איז געווען גענוג פֿרוכטבאַר, כאָטש זי האָט זיך נישט געקאָנט פֿערגלייכען אין איהר פֿרוכטבאַרקייט מיט דער געגענד אַרום שכם. אין די אַרומיגע טהאָלען זענען געווען פֿיעל קוואַלען: די קוואַלען שלוח און עין רגל אין דרום־מערב און דער גיחון — אין מערב, האָבען אין דער צייט פֿון דער טריקעניש, ווען עס פֿאַלען נישט קיין רעגענס, געקאָנט בעוועסערן די אַרומיגע פֿעלדער און געבען גענוג וואַסער פֿאַר דער שטאָדט. פֿון דריי זייטען איז ירושלים אַרומגערינגעלט מיט אַ קראַנץ פֿון בערג, וועלכע בעשיצען און פֿערציערען זי: אין מזרח־זייט געפֿינט זיך דער הויכער „הר הזיתים“ — דער אייל־באַרג, וועלכען מען האָט אַזוי גערופֿען, צוליעב דעם געדיכטען וואַלד פֿון אייל־בוימער, מיט וועלכע ער איז דאַמאָלס געווען בעדעקט. אין דר[illegible] שפּרייט זיך אויס דער [illegible]

שטאדט נעבען דעם לאנד פון שבט יהודה. עס פערשטעהט זיך, אז די פלשתים האבען זיי געשטעלט א שטארקען ווידערשטאנד. עס זענען פארגעקומען פיעל בלוטיגע מלחמות, אין וועלכע די אידישע גבורים האבען געהאט פיעל געלעגענהייט אויסצוצייכענען זיך מיט זייערע העלדישע מעשים. ווי עס שיינט, האבען די פלשתים פארגעשלאגען, איינצוארדנען צוויי-קאמפפען (דועלען), לויט'ן מנהג פון די ריעזען (רפאים). די צייטען האבען זיך אבער געביטען. וועהרענד מען האט אין דוד'ס יוגענד-צייט נישט געקאנט געפינען קיין איינציגען העלד ביי אידען, וועלכער האט געוואלט קאנען ארויסגעהן אין קאמפף מיט גלית'ן, זענען שוין איצט אין דער אידישער מחנה געוועזען העכער דרייסיג גבורים, וועלכע האבען געברענט פון אונגעדולד, צו געהן קעמפפען מיט די פלשתי'שע ריעזען.

לסוף איז עס געלונגען דוד'ן צו ברענגען אזא מפלה די פלשתים, אז זיי זענען געוועזען געצוואונגען צו ענטלויפען און פערלאזען זייער הויפט-שטאדט, גת, מיט אלע איהרע ארומיגע שטעדט און דערפער. די צייטען און די ראליעס האבען זיך געביטען. די שטאדט, אין וועלכער דוד איז אמאל געקומען אלס אונגליקליכער, פערטריבענער און גע'רודפ'טער, צו בעטען שוץ געגען זיינע פיינד, האט זיך איצט געמוזט בויגען פאר דוד'ן און בעטען ביי איהם, אז ער זאל רחמנות האבען און נישט חרוב מאכען זי אינגאנצען. די ערניעדרונג פון די פלשתים און זייער געבראכענע קראפט איז געוועזען פאר אידען א העכסט-וויכטיגע געשעהעניש. דאס אידישע פאלק האט שוין איצט געקאנט לעבען זיכער אין זיין לאנד אין פאלקאמער רוהיגקייט אויף א גאנץ לאנגע צייט, ווייל אויסער די פלשתים זענען נישט געוועזען קיין פעלקער, וועלכע וואלטען געוואגט צו מאכען אנ'אנפאל אויף די אידישע גרעניצען. ווייטער האט אבער דוד נישט געשטרעבט איינצונעהמען קיין לאנד; אפילו די שטאדט גת האט ער, ווי עס שיינט, אויך איבערגעלאזען שפעטער דעם קעניג פון די פלשתים.

דער נצחון איבער די פלשתים האט זעהר שטארק דערהויבען דוד'ן אין די אויגען פון אידישען פאלק, ווי אויך ביי די ארומיגע פעלקער. דער פעניקישער קעניג, חירום, וועלכער האט אריבערגעטראגען די גאנצע פעניקישע מאכט פון צידון קיין צור, האט געשיקט שליחים צו דוד'ן און פארגעשלאגען, מיט איהם א בונד צו שליסען, דערביי האט ער איהם אויך געשיקט צעדער-בוימער און אנדערע בוי-מאטעריאלען, כדי צו בויען שענע פאלאצען אין ירושלים. חירום איז העכסט צופריעדען געוועזען מיט דער פערקנעכטונג פון די פלשתים, ווייל אין זייער אבשוואכונג האט אויך חירום דערזעהן פאר זיך א זיכערקייט געגען זייער שטרעבונג איינצונעהמען פרעמדע לענדער. אויסער דעם איז פאר חירום'ן געוועזען זעהר וויכטיג צו שליסען א בונד פון פריינדשאפט מיט דוד'ן, כדי די פעני-

האַלטען פון אַנפאַלען אויף די פלשתים, ווייל זיין מחנה איז, ווי עס שיינט, געווען צו־קליין דערצו, און ער האָט אַבגעוואַרט ביז ער וועט בעקומען פערשטאַרקונג פון די שבטים. כדי אויפצומונטערן דערווייל זיינע גבורים צו גרויסע העלדישע מעשים, האָט דוד אַרויסגעזאָגט איינמאָל זיין וואונש, צו טרינקען וואַסער פון דער ציסטערנע (א ברונען) פון בית־לחם, וועלכע האָט זיך איצט געפונען אין רשות פון די פלשתים. באַלד האָבען זיך אַרויסגערופען דריי העלדען, ישבעם, אלעזר און שמה, אויסצופיהרען די געפעהרליכע אונטערנעהמונג: זיי זענען אריינגעקומען אין בית־לחם, האָבען דאָרט צוטריבען דורך זייער מוט די איבעראַשטע פלשתים, אַנגעשעפּט וואַסער פון דער ציסטערנע און געבראַכט צו דוד'ן אין עדולם. טרינקען האָט אָבער דוד דאָס וואַסער נישט געוואָלט, ווייל די העלדען האָבען עס בעקומען דורך סכנת־נפשות. ער האָט נאָר געוואָלט מאַכען א פּראָבע, צי האָבען זיי גענוג גבורה. לכ... האָט דוד אַרויסגעפיהרט זיינע מחנות געגען די פלשתים, אויף וועלכע ער איז אַנגעפאַלען נעבען בעל־פּרצים, און אַבגעהאַלטען איבער זיי אַזא גרויסען נצחון, אַז מען האָט איהם פערגליכען מיט'ן גרויסען נצחון פון יהושע בן נון אין גבעון. די מפּלה פון די פלשתים איז געווען אַזוי שערקליך, אַז די געצעהלטע געבליבענע פון זייערע מחנות זענען ווילד זיך צולאַפען פון שלאַכט־פעלד און דאָרט איבערגעלאָזען אפילו אויך זייערע אָבגעטער, וועלכע די אידען האָבען, אויף דוד'ס בעפעהל, באַלד פערברענט. די פלשתים האָבען זיך אָבער אויך נאָכדעם נישט אָבגעזאָגט פון דער האָפנונג, צו פערקנעכטען דוד'ן און זיין פאָלק. פיעל מאָל האָבען זיי געמאַכט אַנפאַלען אויפ'ן לאַנד: איינמאָל זענען זיי אריינגעדרונגען אינ'ם לאַנד ביז'ן טהאָל אפרים, אַ צווייטען מאָל ביז „אפס דמים". דוד'ס מחנה און זיינע גבורים האָבען בעוויזען גרויסע העלדישע מעשים, און האָבען שטענדיג צושלאָגען די פלשתים און פערפאָלגט זיי.

נאָר דוד האָט זיך נישט בענוגענט דערמיט, וואָס ער האָט זיך פערטיידיגט פון די פלשתי'שע אַנפאַלען. ער האָט איינגעזעהן, אַז ... זמן ער וועט איהנגאַנצען נישט צושלאָגען דאָס דאָזיגע פאָלק, וועט ... פון קיין רוה נישט וויסען. דאָס קליינע, אָבער קריעגערישע און מוטיגע פאָלק האָט נישט אויפגעהערט אין אַ משך פון פיעל הונדערטער יאָהרען צו פיהרען מלחמות מיט אידען און געהאַלטען אין איין טראַכטען איינצונעהמען זיי און זייער לאַנד און פערקנעכטען זיי. אַנשטאָט שטענדיג צו זיין געצוואונגען צו בעשיצען זיך פאַר די אַנפאַלען מצד די פלשתים, האָט דוד דעריבער בעשלאָסען זיי מיט אַמאָל צו פערניכטען אין א גרויסער מלחמה.

דוד האָט אַריבערגעטראָגען דעם מלחמה־פּלאַץ פון ארץ־ישראל אין פלשתים־לאַנד, און איז צוגעטראָטען צו דער הויפּט־שטאָדט פון די פלשתים, גת, וועלכע איז געווען די נאָהענטסטע פלשתי'שע גרויסע

אָרט פֿאַר'ן אָרון מיט די הייליגע לוחות. אין דער בעגלייטונג פֿון אַ
גרויסען המון פֿון פֿאָלק און פֿון די לויים, איז דער קעניג געגאַנגען קיין
קרית־יערים, וועלכע געפֿינט זיך דריי שעה גאַנג פֿון צפון־מערב־זייט פֿון
ירושלים. דעם אָרון האָט מען אַרויפֿגעשטעלט אויף אַ נייעם וואָגען, גע־
שפּאַנט מיט אָקסען, וועלכע עס האָבען געפֿיהרט צוויי לויים. אויפֿ'ן וועג
איז אָבער פֿאָרגעקומען אַן'אונגליקס־פֿאַל מיט איינעם פֿון די פֿיהרער;
דוד האָט דעריבער מורא געהאַט צו ברענגען דעם אָרון גלייך קיין
ירושלים, ווייל עס האָבען געקאָנט קומען אויף די דאָרטיגע איינוואָהנער
אויך אַזעלכע אונגליקען, ווי פֿריהער איבער די פלשתים. דעם אָרון האָט
מען דעריבער אַריינגעפֿיהרט אין הויז פֿון עובד־אֶדום פֿון גת. דריי
מאָנאַטען־לאַנג איז דער אָרון דאָרט פֿערבליבען, און פֿאַר דער דאָזיגער
קורצער צייט איז דאָס הויז געבענשט געוואָרען מיט אַלעם גוטען. דאַן
איז דוד צו'ם צווייטען מאָל אַרויסגעגאַנגען אַריינצוברענגען דעם אָרון קיין
ירושלים. איצט האָט מען איהם שוין מעהר נישט געפֿיהרט אויף אַ
וואָגען, נאָר די לויים האָבען איהם געטראָגען אויף די אַקסלען. אין דער
בעגלייטונג פֿון פֿיעל פֿאָלק, אונטער פֿרייד־שטימען, שופר־בלאָזען, גע־
זאַנג און טענץ האָט מען דעם ארון ענדליך אַריינגעבראַכט אין דאָס גע־
צעלט, וואָס מען האָט פֿאַר איהם אויסגעבויט; דוד אַליין האָט זיך גע־
מאַכט פֿערגעסען, אַז ער איז קעניג, און האָט געזונגען און געטאַנצט
מיט גרויס התלהבות פֿאַר'ן אָרון. זיין פֿרוי מיכל האָט איהם וועגען דעם
געמאַכט דערנאָך שפּאָטישע בעמערקונגען, אַז ער האָט זיך עפֿענטליך
בעוויזען, ווי אַ גאַסען־יונג; דוד האָט איהר אָבער דערויף געענטפֿערט,
אַז ער האָט זיך דאַדורך נישט ערניעדריגט, ווייל ער האָט פֿאַר זיין גאָט
געטאַנצט.

דורך דער דאָזיגער אַנוועזענהייט פֿון דעם ארון איז די נייע שטאָדט
ירושלים דערהויבען געוואָרען צו דער מדרגה פֿון אַ הייליגער שטאָדט,
אַזוי ווי פֿריהער איז געוועזען שילה. צו אַ מזבח ברויכט מען אָבער אויך
צו האָבען אַ כהן, אָדער אַ גאַנצע געמיינדע פֿון כהנים. עס פֿערשטעהט
זיך, אַז די דאָזיגע הויכע שטעלע האָט געדאַרפֿט פֿערנעהמען אֶביתר,
דוד'ס געטרייער בעגלייטער אויף אַלע זיינע וואַנדערונגען. אֶביתר איז
טאַקי בעשטימט געוואָרען פֿאַר'ן ערשטען „כהן גדול“ אין ציון ביי'ם
אָרון. עס איז אָבער געוועזען נאָך אַ גרויסער כהן אין גבעון, וועלכען שאול
האָט בעשטימט פֿאַר נוב, נאָכדעם ווי ער האָט דאָרט געלאָזט אויס־
הרג'ענען עלי'ס משפחה. כדי צו פֿערמיידען קנאה און שנאה, האָט דוד
אויך איהם אַנערקענט פֿאַר כהן גדול, און אַזוי אַרום זענען אין דער
זעלביגער צייט געוועזען צוויי כהנים גדולים — אֶביתר אין ירושלים און
דער אַנדערער, צדוק, אין גבעון. עס פֿערשטעהט זיך, אַז דוד, וועלכער
איז געוועזען אַ תלמיד פֿון די לויים און אַליין אַ דיכטער, אַ זינגער און
אַ שפּיעלער אויף מוזיקאַלישע אינסטרומענטען, האָט אויך אַזוי, ווי

קישע קאַראַוואַנען זאָלען קאָנען געהן אונגעשטערט אויף די גרויסע וועגען פון ארץ־ישראל און פיהרען דעם מסחר מיט מצרים. דוד האָט אָנגענומען חירום׳ס פאָרשלאַג זעהר גערן, און צווישען ביידע מלכים האָט די פריינדשאַפט זיך בעפעסטיגט. דוד האָט באַלד אויסגענוצט דעם נייעם בונד מיט חירום׳ן. אין רשות פון די פעניקיער איז געוועזען דער באַרג לבנון מיט זיינע רייכע און געדיכטע וועלדער פון צעדער־בוימער. ביי די פעניקיער איז די בוי־קונסט דאַמאָלס שוין געשטאַנען אויף א הויכער מדרגה. און אָט האָט דוד באַלד נאָכ׳ן שליסען דעם בונד מיט חירום׳ן, אַראָבגעבראַכט בוי־קינסטלער און אַרבייטער פון צור קיין ירושלים און האָט אויך אַרויסגעפיהרט פיעל צעדער־האָלץ פון לבנון, כדי צו נעהמען זיך בעפעסטיגען, בעפוצען און אַרומבויען זיין הויפּט־שטאָדט, ירושלים. די ערשטע זאַך האָט דוד בעפעסטיגט ירושלים און, ווי עס שיינט, נאָר פון צפון־זייט, וואו דער צוגאנג צו דער שטאָדט איז געוועזען לייכטער. דער באַרג ציון, אָדער דוד׳ס פעסטונג, איז געוועזען צו־קליין, כדי צו קאָנען אַריינגעהמען אהין אַלע מיטאיינוואָהנער פון דער שטאָדט אין פאַל פון מלחמה, ווייל די צאָהל איינוואָהנער פון ירושלים איז שוין דאַמאָלס אויך געוועזען גרויס. און, ווי מען האָט געקאָנט פאָראויסזעהן, וועט די צאָהל באַלד פיעל גרעסער ווערען. דעריבער האָט מען איינגעשלאָסען אין דער שטאָדט אויך דעם ניעדריגען באַרג מלוא, וועלכען מען האָט, אין בעציהונג צו דוד׳ס פעסטונג, א נאָמען געגעבען „דער צווייטער שטאָדט־טייל“. דער באַרג מוריה מיט זיין צווייג עופל זענען פאָרלויפיג געבליבען אויסגעשלאָסען פון דער שטאָדט; זיי האָבען בכלל נישט געהערט צו ירושלים, נאָר זיי זענען געוועזען בעוואָהנט, ווי שוין דערמאָהנט, דורך די יבוסים.

דוד האָט געלאָזט אויסבויען פאַר זיך א פּאַלאַץ פון צעדער־האָלץ, וועלכעס מען האָט געבראַכט פון לבנון. ער האָט אויך געטראַכט וועגען דעם, אַז ירושלים דאַרף ווערען א מיטעל־פונקט פונ׳ם אידישען רעליגיעזען לעבען, כדי די אויגען פונ׳ם גאַנצען פאָלק זאָלען שטענדיג זיין געווענדעט צו דער דאָזיגער שטאָדט, וועלכע האָט געדאַרפט ווערען דער סימבאָל פון דער אידישער אחדות. ער האָט דעריבער געמאַכט הכנות צו ברענגען קיין ירושלים דעם הייליגען אָרון מיט די לוחות־הברית, וועלכער איז נאָך אַלץ געשטאַנען אין קרית־יערים (וואַלד־שטאָדט), וואו מען האָט איהם אַריינגעבראַכט, נאָכדעם ווי די פלשתים האָבען איהם אָבגעשיקט צוריק פון דער געפאַנגענשאַפט ביי זיי. כדי צו קאָנען האַלטען אין דער געהעריגער פּראַכט און פייערליכקייט דעם אָרון, האָט דוד געלאָזען אויסבויען א שען געצעלט אין דוד׳ס פעסטונג. ווי ס׳איז צו זעהן פון א תהלים־געזאַנג, וואָס שטאַמט פון דוד׳ן, האָט דוד זיך געגעבען א נדר, נישט אַריינצוציהען זיך פריהער אין זיין הויז און נישט לעגען זיך פריהער אויף זיין בעט שלאָפען, ביז ער וועט נישט האָבען א בעשטימטען

פלתי, פון אנ'אונבעוואוסטען ארט. זייער אנפיהרער איז געווען איינער פון דוד'ס גרויסע גבורים, בניהו בן יהוידע.

דוד האט אויך געהאט דאס גליק צו האבען נעבען זיך א גוטען ראטגעבער (יועץ), וועלכער האט פערשטאנען צו געבען גוטע עצות אין די פערוויקעלטסטע אנגעלעגענהייטען, דאס איז געווען אחיתופל פון דער שטאדט גילה; זיינע עצות זענען אזוי קלוג געווען, אז מען פלעגט צו זיי האבען צוטרוי, ווי צו גאטעס ווארט, וואס ער לאזט הערען דורך זיין כהן־גדול. אט דער דאזיגער קלוגער, שוין צו־קלוגער בעל יועץ, האט שפעטער געדארפט האבען א טרויעריגע בעדייטונג פאר דוד'ס מלוכה־לעבען.

איינמאל איז דוד'ס ריכטערליכער יושר געשטעלט געווארען אויף א הארטער פראבע. אין לאנד איז אויסגעבראכען א שטארקער הונגער, וואס האט געדויערט דריי יאהר כסדר. דאס פאלק איז געקומען צום קעניג נאך הילף. אזא גרויס אונגליק אין לאנד האט מען בעטראכט, לויט די דאמאלדיגע בעגריפען, ווי א שטראף פון גאט פאר נישט־ענט־דעקטע פערברעכען. דוד האט אנגעהויבען פארשען דורכ'ן כהן אביתר, וואס פאר א פערברעכען עס איז געטהון געווארען; אביתר האט געענט־פערט: „פאר שאול'ס בלוטיגע פערפאלגונג געגען די גבעונים". דוד האט באלד געלאזט רופען די גבעונים, וואס זענען נאך לעבען געבליבען, קיין ירושלים און האט ביי זיי געפרעגט: „וואס זאל איך טהון פון אייערט־וועגען, כדי אבצווישען דעם פערברעכען, וואס איז געגען אייך בעגאנ־גען געווארען?" די גבעונים האבען נישט געוואלט נעהמען קיין געלד און קיין אנדער אויסקויפונג, אויסער שאול'ס קינדער. זייער פאדערונג איז געווען א גערעכטע, זוייל שאול האט געבראכען די שבועה, וועלכע אידען האבען געגעבען די גבעונים ביי'ם אריינציהען אין ארץ ישראל. ווען דוד וואלט זיי נישט געוואלט ארויסגעבען שאול'ס קינדער, וואלט דאס גאנצע אידישע פאלק צו איהם איצט געהאט א טענה, אז ער האט דאדורך נישט געוואלט אבווענדען דאס אונגליק פונ'ם גאנצען לאנד. פון דער אנדער זייט ווידער האט ער מורא געהאט, אז מען זאל איהם נישט חושד זיין, דאס ער האט, צוליעב נקמה געגען שאול'ן, אדער צוליעב אנדערע אייגענעצוציגע צילען, געלאזט פערניכטען שאול'ס קינדער. דוד האט זיך ענדליך בעשלאסען צו ערפילען די פאדערונג פון די גבעונים מיט א שווערען געמיט. צוויי זוהן שאול'ס פון זיין קעבס־ווייב רצפה און פינף אייניקלעך זיינע פון זיין טאכטער מירב האט דוד ארויסגע־געבען די גבעונים, וועלכע האבען זיי גרויזאם אויפגעהאנגען אין גבע בנימין, אין דער שטאדט, וואו זייער פאטער שאול האט די קעניגליכע קרוין געטראגען. איבערגעלאזען האט דוד נאר יהונתנ'ס זוהן, מפיבושת, אויף וועלכען ער האט רחמנות געהאט. מפיבושת האט געלעבט אין הויז פון אנ'אנגעזעהענעם מאן אויף יענער זייט ירדן. דוד האט איהם

שמואל, געמוזט איינפיהרען תהלים־געזאנגען און חאָר ביי׳ם פייערליכען גאָטעס־דינסט. אמת, דוד האָט אליין נאָך געבראַכט פיעל קרבנות און בכלל זיך בעצויגען צום גאָטעס־דינסט דורך קרבנות זעהר ערנסט; ער האָט אָבער אויך אַנערקענט די הויכע בעדייטונג פון די תהלים־געזאַנגען, וועלכע דערהויבען דעם רעליגיעזען געמיט. די דאָזיגע געדאַנקען האָט דוד אַרויסגעזאָגט אין פיעל תהלים־ליעדער און ער האָט דאָס אויך דערוויזען דאַדורך, וואָס ער האָט געשטעלט די תהלים־געזאַנגען ביי׳ם גאָטעס־דינסט אויף אַ גאַנץ הויכער מדרגה. פון דוד׳ס צייטען אָן זענען די תהלים־ליעדער געבליבען אויף אייביג דער הויפט־פונדאַמענט פון יעדען גאָטעס־דינסט.

אָבער נישט נאָר אַלס אַ בעשיצער פון רעליגיעזען לעבען ביי אידען האָט זיך דוד אויסגעצייכענט, ער האָט אויך די יונגע מלוכה דערפרישט און האָט געשטעלט איהר פונדאַמענט אויף גערעכטיגקייט. דוד פלעגט אליין זיצען אין געריכט און אויסהערען געדולדיג די צדדים, די מחלוקת׳ן, וואָס פלעגען פאָרקומען צווישען פריוואַטע פערזאָנען, אָדער צווישען פערשיעדענע גרופען פון די שבטים, און ער פלעגט משפט׳ן אונפּאַר־טייאיש, לויט דער גערעכטיגקייט. דוד׳ס טראָהן איז געווען נישט בלויז דער הויכער אָרט, פון וואַנען די קעניגליכע מאַכט פלעגט פיהרען איהר הערשאַפט איבער לאַנד און פאָלק; דאָס איז אויך געווען דער אָרט, וואו עס האָט געקעניגט גערעכטיגקייט, יושר און אמת. דוד האָט פאַר אַלע שפּעטערדיגע צייטען געגאָלטען אַלס אַ ביישפּיעל פון אַ גערעכטען, אידעאַלען קעניג, וואָס זיין טהראָן איז געווען אַ שטיצע פאַר׳ן רעכט און דעם אמת און זיין קעניגליך שטעקען — פאַר אַ מאָס פון אַ גוטען אינערליכען שלום צווישען די בירגער. פאַר דער בעפרייאונג פון דעם יאָך פון די פלשתים, פאַר דער בעפעסטיגונג פון׳ם שלום אין לאַנד און גערעכטיגקייט אויפ׳ן ריכטער־שטוהל, איז דוד געוואָרען ווידער דער געליעבטער פון פאָלק, ווי ער איז געווען אין זיין פריהער יוגענד. די געטרייהייט פונ׳ם פאָלק האָט זיך איהם אליין אין די הענד געגעבען, ער האָט זי גאָרנישט געדאַרפט זוכען, אָדער נעהמען מיט געוואַלד. די אינערליכע אָרדנונג אין לאַנד איז דורך דוד׳ן טיילוויז געענדערט געוואָרען. די קאָנסטיטוציע פון די שבטים איז אפילו געבליבען דיזעלביגע, ווי פריהער, אָבער די פרייהייט פון די שבטים, אָדער בעסער, זייער ווילקיר אין בעציהונג אויף אַרמעע־ענינים, זענען בעגרענצט געוואָרען. יעדער שבט האָט געמוזט, אין פאַל פון מלחמה, שיקען אין דער אַרמעע אַלע מענשען פון צוואַנציג יאָהר און ווייטער, וואָס זענען פעהיג געווען צו טראָגען געוועהר. ווען די מחנות האָבען זיך פערזאַמעלט, זענען זיי געשטאַנען אונטער׳ן בעפעהל פונ׳ם פעלדהערר יואָב. דוד האָט אויך געהאַט אַ מחנה סאָלדאַטען, וועלכע ער האָט געדונגען צווישען די געצען־דינערישע פעלקער, די כרתי, פון דער פלשתישער געגענד כרתי, און

געפירכטעט איבעראַל. אויסלענדער, ווי אויך די אָרטיגע איינוואָהנער
פון די פעלקער, זענען אַליין געקומען צו איהם אין דינסט און זיין אַר־
מעע. ווען דוד איז אָנערקענט געוואָרען פאַר אַ קעניג איבער אַלע
שבטים, זענען די גרענעצען פון אידישען לאַנד געווען פון דן ביז באר
שבע; איצט האָט דוד געהערשט איבער דעם גאַנץ גרויסען לאַנד פון
טייך מצרים און עזה ביז דעם טייך עפראַט. די אונטערגעוואָרפענע
פעלקער האָבען איהם געמוזט יעדעס יאָהר ברענגען אָבצאָהלונגען
און, מעגליך, אויך קנעכט צו פערשידענער שווערער אַרבייט און
צו בויען גרויסע געביידעס.

די גרויסע מלחמות און נצחונות האָבען מעהר. ווי די שווערע צייי־
טען, וואָס דוד האָט איבערגעלעבט, אַרויסגעוויזען די גאַנצע גרויסקייט
פון זיין שענער נשמה. פעסט און שטאַרק אין אונטערנעהמונגען, דאָרט,
וואו ס'איז נויטיג געווען צו זיכערען און בעשיצען דעם כבוד פון זיין
פאָלק און זיין פאָליטישע אונאַבהענגיגקייט, איז דוד געבליבען נאָך די
נצחונות דער איינפאַכער, שטילער עניו, אָהן קיין שום שפורען פון
גאוה. דוד האָט זיך נישט געלאָזט שטעלען קיין מאָנומענט צו'ם אָנדענ־
קען פון זיינע נצחונות, אַזוי ווי שאול.

די גרויסע גלענצענדע נצחונות פון קעניג דוד האָבען געהאַט
זעהר וויכטיגע קולטורעלע פאָלגען: אינ'ם בעוואוסטזיין פון אידישען
פאָלק האָבען זיך ביסלעכווייז איינגעוואָרצעלט צוויי גרויסע און ער־
האַבענע איבערצייגונגען, וועלכע זענען ענג צוזאַמענגעבונדען צווישען
זיך, און זענען מיט דער צייט געוואָרען אַ טייל פון אידישען חאַראַק־
טער, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דער צוקונפט פון אי־
דישען פאָלק. די ערשטע איבערצייגונג בעשטעהט דערין, אַז אויב גאָט
העלפט נישט עמיצען, וועט יענער זיך אַליין נישט קאָנען העלפען:

„דער קעניג קאָן נישט דורך
„זיין גרויס' אַרמעע געהאָלפען ווערען,
„און נישט דער העלד דורך זיינער גרויסער קראַפט,
„עס העלפט דאָס פערד דעם גבור נישט אין קריעג“.

גאָט אַליין נאָר פיהרט דעם קריעג ביז'ן סוף, צו'ם נצחון אָדער
צו אַ מפלה, און פאַר גאָט איז לייכט צו העלפען מיט אַ קליינער אָדער
אַ גרויסער אַרמעע.

די אַנדערע איבערצייגונג איז בעשטאַנען דערין, אַז ווען די אי־
דישע אַרמעע איז געגאַנגען אין מלחמה פאַר אַ גערעכטע זאַך—כדי
צו קעמפפען פאַר'ן כבוד פון גאָט'ס נאָמען און צו ראַטעווען זיין פאָלק
פון די פיינד, איז גאָט שטענדיג געגאַנגען פאַר דער אידישער אַרמעע און
געפיהרט זי צו'ם נצחון. דער גאָט פון ישראל איז צוליעב דעם געווי־

געלאָזט ברענגען צו זיך אין זיין פּאַלאַץ, געזעצט ביי זיך בײ'ם טיש און בעהאַנדעלט איהם, ווי אַן'אייגענעם זוהן. די לייט פון שבט בנימין האָבען אָבער בעשולדיגט דוד'ן, אַז ער האָט בכיון פערטיליגט שאול'ס הויז און האָט איבערגעלאָזען בײ'ם לעבען נאָר יענעם, וועלכער איז נישט געוועזען פעהיג צו קעניגען, דעם לאָהמען זוהן פון יהונתן. שפּעטער, ווען דאָס גליק האָט זיך אָבגעווענדעט פון דוד'ן, האָבען די לייט פון שבט בנימין געוואָרפען אויף דוד'ן שטיינער.

נאָכדעם ווי דוד האָט שוין געקעניגט אַ יאָהר צוואַנציג, האָבען זיך ווידער אָנגעהויבען מלחמות, וועלכע האָבען איהם אָבגעצויגען אויף אַ געוויסער צייט פון זיין אינערליכער פריעדליכער טעטיגקייט, צו בעפעסטיגען אָרדנונג און גערעכטיגקייט אינ'ם לאַנד. די דאָזיגע מלחמות מיט די ווייטעסטע פעלקער, אין וועלכע ער איז אַריינגעצויגען געוואָרען געגען זיין ווילען, האָבען אונערוואַרטעט פערגרעסערט זיין מאַכט און דערהויבען דאָס פאָלק אויף אַן'איבעראַשענדען אופן. ערשטענס, האָט דוד געפיהרט אַן'ערביטערטע מלחמה געגען מואָב, אויף יענער זייט ים־המלח, מיט וועלכען ער האָט פריהער געלעבט בשלום, בשעת שאול האָט איהם גערודפ'ט; דעמאָלט האָט מען דוד'ן אויפגענומען אין מואָב פאַר אַן'אָנגעלעגענעם גאַסט, ס'איז אָבער קיין ספק נישט, אַז די איצטיגע מלחמה האָט דוד געמוזט פיהרען, כדי צו בעצאָהלען די איינוואָהנער פון מואָב פאַר אַן'אָנפאַל, וואָס זיי האָבען, ווי עס שיינט, געמאַכט אויף די אידישע גרענעצען, ווייל נאָכדעם, ווי דוד האָט איבער מואָב אָבגעהאַלטען אַ נצחון, האָט ער זייערע געפאַנגענע בעהאַנדעלט מיט אַזאַ גרויזאַמקייט, ווי ער האָט דאָס נישט געטהון מיט קיינעם פון די אַנדערע פעלקער, וועלכע ער האָט איינגענומען, און דאָס פאָלק מואָב האָט געמוזט יעהרליך שיקען אָבצאָהלונגען קיין ירושלים.

פיעל שווערער און פערוויקעלטער איז געוועזען די מלחמה מיט עמון, וועלכע דוד האָט אונטערגענומען, צוליעב דער חרפה, וואָס די עמונים האָבען אָנגעטהון דוד'ס שלוחים. די עמונים האָבען גערופען צו הילף אין דער מלחמה געגען דוד'ן די אַראַמעער, וועלכע האָבען אין צפון־זייט פון באַרג לבנון און דמשק ביז צום טייך פרת (עפראַט) איינגענומען זעהר אַ גרויס לאַנד; דוד האָט דעריבער געהאַט צו פיהרען מלחמה אין דערזעלביגער צייט פון צוויי פראָנטען. דוד'ס מחנות האָבען אָבער אָבגעהאַלטען גרויסע נצחונות אויף ביידע פראָנטען, און דוד האָט אַריינגעזעצט זיינע בעאַמטע אין די איינגענומענע לענדער, כדי זיי זאָלען דאָרט איינמאָהנען די אַרויפגעלעגטע אָבצאָהלונגען. אויך די אַלטע שטאָדט דמשק איז איהם געוואָרען אונטערטעניג. די דאָזיגע גרויסע מלחמות, וועלכע דוד האָט אַזוי גליקליך געפיהרט געגען שטאַרקע מלוכות, האָבען גרויס געמאַכט זיין נאָמען אין אַלע ווייטע לענדער, און זיין אַרמעע איז געוואָרען בעריהמט און

קען, דאָס ער פֿערלאַנגט, אַז מען זאָל אוריה'ן שטעלען אין די פֿאָדערשטע
רייהען פֿון די מחנות, און געפֿעהרליכסטען אָרט אונטער די פֿיילען פֿון
די עמונים, כּדי דער טויט זאָל איהם דאָרט טרעפֿען. יואָב האָט ערפֿילט
דוד'ס פֿערלאַנג: אוריה איז געפֿאַלען טויט, דערשאָסען דורך אַנ'
עמונ'ישע פֿייל. בת־שבע האָט געטרויערט נאָך איהר מאַן, ווי דער
מנהג איז, און ווען די טרויער־צייט איז אַריבער, האָט דוד זי גענומען
פֿאַר אַ ווייב אין זיין פּאַלאַץ און זי האָט איהם געבוירען אַ זוהן, וועל־
כער איז באַלד נאָכדעם געשטאָרבען.

אין יעדער אַנדער מלוכה פֿלעגען אַזעלכע געשעהענישען טרעפֿען
גאַנץ אָפֿט; אַ פּאָר טעג פֿלעגט מען וועגען דעם רעדען אין דער שטיל
אין קעניגליכען הויף, נישט אַלע פֿלעגען אויך האַלטען די זאַך פֿאַר
אַנ'אונגערעכטיגקייט מצד דעם קעניג, און באַלד פֿלעגט מען וועגען דעם
פֿערגעסען. אין פֿאָלק פֿלעגט מען וועגען דעם גאָרנישט וויסען, אָדער
מען פֿלעגט עס האַלטען בלויז פֿאַר אַ פּוסטען קלאַנג. וואָרום וואָס איז
דען פֿאָרגעקומען? אוריה איז אין מלחמה געפֿאַלען. ווער האָט עס גע־
וואוסט, ווער עס האָט דערצו געבראַכט? איין יואָב. דער קעניג האָט
גענומען בת־שבע'ן פֿאַר אַ פֿרוי — וואָס־זשע איז דאָ פֿאַר אַ וואונדער?
זי איז דאָך געווען אַ שיינע אַלמנה! בת־שבע האָט געבוירען דוד'ן אַ
זוהן עפּעס אַ ביסעל צו־פֿריה, — ווער האָט דען געקאָנט אָדער געוואָלט
צעהלען די מאָנאַטען פֿון איהר שוואַנגערשאַפֿט? דאָס קינד האָט אויך
געקאָנט זיין פֿון אוריה'ן. אין דער אידישער מלוכה איז אָבער געווען
אַנ'אויג, וועלכעס האָט דורכגעקוקט די גאַנצע געקינסטעלטע מעשה, און
אַ פֿעסטער געוויסען איז געווען, וועלכער האָט זיך נישט געשראָקען
אַלעמען צו זאָגען דעם ריינעם אמת, און זאָל עס אפילו זיין אויך דעם
קעניג אַליין! דאָס דאָזיגע אויג, וואָס זעהט אַלץ, איז געווען די נבואה,
וואָס האָט שטענדיג פֿערטיידיגט דעם יושר און אמת. די שיינע אויפֿ־
גאַבע פֿון די נביאים איז געווען, נישט צו פֿערשווייגען און פֿערגלעטען
אַ פֿערברעכען און לאָזען עס דאַדורך ווערען אַ געוועהנליכע טעגליכע
ערשיינונג, נאָר, פֿערקעהרט, אַרויסצושטעלען דאָס פֿערברעכען אין זיין
גאַנצער נאַקעטקייט און פֿערשטעמפּלען עס, אַלס אַזעלכעס. דוד האָט
געקאָנט גלויבען, אַז נאָר בת־שבע האָט געוואוסט, אַז ער האָט גע־
לעבט מיט אַנ'אשת־איש, און נאָר יואב האָט געוואוסט, דאָס ער איז
שולדיג געווען אין אוריה'ס טויט. פֿונ'ם דאָזיגען טעות איז ער פּלוצ־
לינג אַרויסגעריסען געוואָרען, צו זיין גרויסען שרעק.

איינמאָל איז געקומען דער נביא נתן צו דוד'ן און געבעטען, אַז
ער זאָל איהם ערלויבען אָנצוגעבען איהם אַנ'אַנקלאַגע אויף עמיצען.
דערביי האָט איהם נתן רוהיג דערצעהלט אַ מעשה'לע וועגען אַנ'אייגענ־
טימער פֿון טשערעדעס שאָף, וועלכער האָט צוגענומען דאָס לעצטע
שעפּסעלע ביי'ם אָרימאַן. אויסהערענדיג די דאָזיגע מעשה'לע, איז דוד

בעצייכענט דורך א בעזונדערען נאמען, וועלכער דריקט אוים דעם דא־
זיגען געדאנק אין איין ווארט: „צבאות“ — דער גאט פון הער־
שאפטען פון ישראל, וועלכער פיהרט אידען צו׳ם נצחון. פאר
יעדער מלחמה פלעגען דעריבער די אידישע מחנות תפלה טהון צו׳ם
גאט פון זייערע אבות, צו׳ם גאט „צבאות“, און זענען פעסט זיכער גע־
ווען, אז ער וועט זיי פיהרען צו׳ם נצחון. דער דאזיגער פעסטער בטחון
האט טאקי שטענדיג בעוויזען גרויסע וואונדער און געפיהרט אידען
צו נצחונות.

די פרייד איבער די גרויסע נצחונות האט אבער דערווייל גע־
דויערט א קורצע צייט. דוד׳ס איין איינציגער פאלשער שריט האט ביי
איהם נישט בלויז צוגענומען זיין פרייד און רוה, נאר ער האט אנ־
געריהרט דעם פונדאמענט פון זיין מלוכה, וואס דוד האט אזוי פיעל גע־
ארבייט צו בעפעסטיגען איהם.

אט וואס ס׳איז פארגעקומען. דוד האט זיך צוריקגעקעהרט אהיים
פון זיין נצחון איבער די אראמעער און האט זיך אויסגערוהט נאכ׳ן
קריעג. יואב מיט זיינע גבורים און די ארמעע איז נאך דערווייל געבלי־
בען אין לאנד פון די עמונים, וואו זיי האבען בעלאגערט א שטאדט.
איינמאל איז דוד געזעסען אין אווענד־צייט אויפ׳ן דאך פון זיין הויכען
פאלאץ און אויסגערוהט זיך. פלוצלינג האט ער דערזעהן פון דערווייטען
א זעלטען־שענע פרוי. דאס איז געווען דאס ווייב פון איינעם פון זיינע
געטרייסטע העלדען, אוריה, די שענע בת־שבע. די הייזער פון דוד׳ס
העלדען זענען געשטאנען נעבען דעם קעניג׳ס פאלאץ, האט דעם קע־
ניג׳ס בליק, נישט ווילענדיג, דערזעהן די שענע פרוי. דער קעניג האט
פלוצלינג דערשפירט א שטארקע ליידענשאפט און געשיקט נאך בת־
שבע׳ן, מען זאל זי איינלאדען צו איהם. די פרוי האט גערעכענט, אז
דעם קעניג׳ס ווילען מוז מען אין אלץ געהארכען, און איז צו איהם גע־
קומען. אין א געוויסער צייט ארום האט דער קעניג זיך דערוואוסט, אז
בת־שבע איז פון איהם שוואנגער געווארען. כדי צו ראטעווען זיין
כבוד, איז דער קעניג בעגאנגען נאך א פערברעכען. ער האט געלאזט
רופען איהר מאן אוריה צו זיך פון מלחמה־פעלד קיין ירושלים, וואו ער
האט איהם פריינדליך אויפגענומען, און האט איהם פרייגעלאזען אהיים,
כדי צו לעבען מיט זיין פרוי. אוריה האט אבער נישט אויסגענוצט די
דאזיגע פרייהייט און איז אהיים נישט געגאנגען, נאר ער איז פערבלי־
בען אין קעניגליכען הויף. דוד האט איינגעזעהן, אז זיין פערברעכען וועט
ענדליך מוזען ענטדעקט ווערען, און האט גענומען זוכען אנ׳אנדער מי־
טעל, ווי אזוי צו מאכען א סוף מיט זיין אונאנגענעהמער לאגע.
זיין כבוד צו ראטעווען איז איהם שוין שווער געווען, האט ער אלזא בע־
שלאסען איינגאנצען צו בעפרייען זיך פון אוריה׳ן. דוד האט אבגעשיקט
אוריה׳ן צוריק אין לאגער צו יואב׳ן, דערביי האט ער איהם אנגעוואונ־

שטעלט זיך פאַר קראַנק, פערנאַרט תמר'ן צו זיך אין צימער און האָט זי דאָרט געשענדעט. צו זיין אונפערשעמטקייט האָט ער נאָך צו־געלעגט אַ שרעקליכע בעליידיגונג, דען ער האָט זי געלאָזט מיט שפּאָט אַרויסוואַרפען פון זיין צימער, זאָגענדיג, אַז זי האָט איהם געוואָלט פערפיהרען. תמר האָט אויף זיך, פאַר גרויס וועהטאָג און בושה, די קליידער צוריסען און, ברעכענדיג די הענד, איז זי געגאַנגען, וויינענדיג, צוריק אין איהר צימער. אינ'ם דאָזיגען אויפגערעגטען צושטאַנד האָט זי געטראָפען איהר ברודער אבשלום. אין זיין קאָפּ איז באַלד געבוירען געוואָרען אַ שרעקליכער פּלאַן. ער האָט זיין שוועסטער בערוהיגט און בעפוילען איהר צו שווייגען, צוזאָגענדיג איהר צו נעהמען אַ פאָלקאָמע נקמה. דוד האָט זיך דערוואוסט פון'ם שענדליכען פערברעכען, און די זאַך האָט איהם שטאַרק וועה געטהון. אָבער ער איז געוועזען צו־מילד געגען זיינע קינדער און האָט זיי מוחל געוועזען זייער פערברעכען. אבשלום האָט פערשטאַנען, ווי אַזוי צו פערדעקען און בעהאַלטען טיעף אין האַר־צען זיין שנאה צום ברודער, וועלכער האָט זיין שוועסטער געשענדעט, ווי אויך דעם פּלאַן, וועלכער איז ביי איהם געבוירען געוואָרען. ער האָט מיט'ן ברודער קיין פריינדליך, אָבער אויך קיין פיינדליך וואָרט ניט גערעדט, כדי צו פערשטעלען זיין מעגליכען חשד, ווי אויך צו בערו־היגען דעם פאָטער, אַז זיי זאָלען גלויבען, דאָס ער האָט פערגעסען אָן אמנון'ס פערברעכען. אבשלום איז געוועזען אויך אַזוי קלוג און חיטרע, ווי אחיתופל. מעגליך, אַז דער לעצטער האָט זיך מיט איהם אָבגערעדט וועגען דעם גאַנצען פּלאַן, וואָס אבשלום האָט געוואָלט דורכפיהרען, און ער האָט עס איהם געלערנט, וואָס אבשלום דאַרף טהון.

אין אַ געוויסען טאָג האָט אבשלום איינגעלאַדען אַלע קעניגליכע זיהן אין זיינע גיטער, ניט וועיט פון ירושלים, צו שערען די שעפּסען. ביי אַ מאָהלצייט, וואָס אבשלום האָט איינגעאָרדענט פאַר די געסט, זע־נען זיינע קנעכט, לויט זיין בעפעהל, אָנגעפאַלען אויף זיין ברודער אמנון! און האָבען איהם דער'הרג'עט. מיט'ן דאָזיגען מאָרד האָט אבשלום געהאַט אַ צווייאיגען צוועק: ערשטענס, די נקמה פאַר דער געשענדעטער שוועסטער, און, צווייטענס, נאָכ'ן מאָרד פון קרוינפּרינץ האָט אבשלום געהאָפט אַליין צו ווערען קרוינפּרינץ. די ידיעה וועגען דעם מאָרד האָט געטראָפען דוד'ן, ווי אַ דונער־שלאַג. זיין זוהן — אַ ברודער־מערדער! אינ'ם ערשטען מאָמענט האָט ער געוואָלט אויפזוכען אבשלום'ן און משפּט'ן איהם, ווי אַ ברודער־מערדער. אבשלום איז אָבער דערווייל ענט־לאָפען צו זיין מוטער'ס פאָטער, תלמי, דעם קעניג פון גשור, און אין דוד'ס הויף האָבען זיך אָנגעהויבען אינטריגעס, וועלכע האָבען בכלל דאָרט ניט געפעהלט נאָך דער מעשה מיט בת־שבע'ן. מען האָט דוד'ן אָבגעהאַלטען פון שיקען אויפזוכען אבשלום'ן, כדי צו שטעלען איהם פאַר אַ געריכט, דען יואָב איז געוועזען געגען דעם, אַז שלמה, בת־שבע'ס

מיט זיין גרויסען געפיהל פון גערעכטיגקייט אריין אין שטארקען צארן און אויסגערופען מיט כעס: „דער הארטהערציגער עושר האט פער־דינט דעם טויט און פאר דאָס גרויבטע שעפסעלע מוז ער פיער מאָל אזוי פיעל בעצאָהלען". דער נביא האָט דעם קעניג דערויף געענטפערט: „דו ביזט עם אליין".

אנ'אנדער קעניג אין יענער צייט וואָלט דעם נביא שטרענג בע־שטראָפט פאר אזא מין מוסר־זאָגען, וואָרום די פארצייטיגע פעלקער פלעגען פערעהרען דעם קעניג, ווי א גאָט. דוד אָבער האָט רוהיג אויס־געהערט דעם נביא'ס רייד און אראָבגעלאָזען דעם קאָפּ, געבראָכען פון טיעפער חרטה: „יאָ, איך האָב געזינדיגט געגען גאָט" — האָט דוד טרויעריג־שטיל געזאָגט.

אָבער דוד'ס חרטה האָט נישט מעהר געהאָלפען. די זינד, וואָס ער איז בעגאנגען, האָט זיך אונטערגעגראָבען אונטער זיין רוהיגקייט און אונטער דער רוהיגקייט פונ'ם לאנד. אוריה'ס ווייב, בת־שבע, איז געווען די טאָכטער פון איינעם פון דוד'ס גבורים, אליעם, און אנ'איניקעל פון זיין ראט־געבער אחיתופל. דער אלטער זיידע האָט געהאלטען די פער־פיהרונג פון זיין איניקעל פאר א שרעקליכע חרפה פאר זיין משפחה, און ער האָט עס דוד'ן קיינמאָל נישט מוחל געווען. אחיתופל האָט גע־שוויגען, אָבער נאָר ביז א צייט. טיעף אין הארצען האָט ער געטראָגען בעהאלטען די שנאה צו דוד'ן, און ער האָט נאָר געוואַרט אויף א גע־לעגענהייט, צו נעהמען נקמה. דוד האָט אפילו געטהון אלץ, איהם צו בע־רוהיגען: ער האָט דערהויבען בת־שבע'ן פאר א קעניגין און איהר צו־געזאָגט אויך בשתיקה, אז איהר זוהן, שלמה, וועלכען זי האָט איהם געבאָרען, זאָל נאָך איהם קעניג זיין; די דאָזיגע הבטחה האָט ער אויך בעקרעפטיגט מיט א שבועה. אָבער אחיתופל האָט זיך דאדורך נישט געלאָזט איבערבעטען, און זיין שנאה צו דוד'ן איז נישט אויסגעלאָשען און נישט שוואכער געוואָרען ביי איהם אין הארצען. די וואָלקענס אי־בער דוד'ס הימעל זענען דערוויל געוואָרען גערדיכטער: אין זיין הויז האָט זיך געטראָפען א העסליכע געשעהעניש, וועלכע האָט איהם בערויבט די רוה אין זיינע לעצטע יאָהרען. מעגליך, אז דוד אליין איז דערין א ביסעל שולדיג געווען.

דוד'ס עלטסטער זוהן, אמנון, וועלכער האָט געווים געדארפט זיין קעניג נאָך דוד'ן, און געמיינט דעריבער, אז ער קאָן זיך אלץ ערלויבען, האָט ליידענשאפטליך געליעבט זיין שטיעף־שוועסטער, די טאָכטער פון מעכה, דוד'ס פרוי און אבשלום'ס מוטער, די שענע תמר. פאר אמנון'ען וואָלט געווען גאנץ לייכט צו בעטען זי ביי דוד'ן פאר א ווייב און הייראַטען מיט איהר „כדת משה וישראל". ער האָט אָבער דאָס נישט געוואָלט. לויט דער עצה פון א שלעכטען פריינד, האָט אמנון פער־

איז פריהער פאר אלץ נויטיג געוועזען, אז ער זאל, לפחות, לפנים שלום מאכען מיט'ן פאטער.

ענדליך, נאך פערלויף פון צוויי יאהר, ווי דוד האט זיין זוהן אבשלום נישט געזעהען, האט ער זיך בעשלאסען, אויף יואב'ס בקשה און השתדלות, צו לאזען קומען אבשלום'ן צו איהם. ווען אבשלום האט זיך פארגעשטעלט דוד'ן, האט ער מייסטערהאפט געשפיעלט די ראליע פון א זוהן א בעל־תשובה, וועלכער וויל זיך איינגאנצען אונטערגעבען זיין פאטער. דוד האט איהם ווידער געגעבען זיין פאטערליכען קוש, און דער פאטער מיט'ן זוהן האבען געמאכט שלום. דאס איז געוועזען שוין כמעט זיעבען יאהר נאך אמנון'ס טויט.

אט ערשט האבען זיך אנגעהויבען די רעכטע אינטריגעס ארום דוד'ס טהראן. ווי עס שיינט, האט אבשלום זיך בעראטען בשתיקה מיט אחיתופל און געטהון אלץ, לויט זיינע עצות. פון איצט אן האט אבשלום אנגעהויבען ארויסצוטרעטען פאר'ן פאלק, ווי דער קינפטיגער מלך ביי אידען. אלס קרוינפרינץ, האט ער זיך געלאזט ברענגען פון מצרים פערד און קארעטעס און זיך ארומגערינגעלט מיט א סוויטע פון פופציג מאן, וועלכע האבען איהם געדארפט דינען און ערפילען אלע זיינע בעפעהלען. אויך זיין הויז האט ער איינגעארדענט אויף'ן קעניגליכען אופן און האט זיך בכלל געפיהרט, לויט ווי עס פאסט פאר'ן מלכות. אבשלום איז געוועזען דער שענסטער מאן פון זיין צייט און ער איז דא־מאלס אלט געוועזען א יאהר דרייסיג, אלזא, אין די בעסטע יאהרען פון לעבען. זיין געדיכטעס האהר איז ביי איהם פונאנדערגעפאלען אויף'ן נאקען און אויף די אקסלען אין געקרייזעלטע לאקען און געגעבען איהם די געשטאלט פון א יונגען לייב. די מענשען, וועלכע פלעגען צו איהם קומען, האט ער פשוט בעצויבערט מיט זיין לייטזעליגקייט. דוד אבער איז געוועזען, ווי פערבלענדעט און האט גארנישט בעמערקט, ווי זיין פאלשער זוהן רויבט ביי איהם די הערצער פון פאלק. אבשלום האט נאר אבגעווארט א גינסטיגע געלעגענהייט, ווען ער וועט קאנען עפענטליך ארויסטרעטען געגען זיין פאטער און פערכאפען אין זיין מאכט די הערשאפט איבער'ן אידישען פאלק. די דאזיגע געלעגענהייט האט זיך איהם באלד פארגעשטעלט.

אין די לעצטע צעהן יאהר פון זיין רעגירונג האט דוד, ווי עס שיינט, זיך בעשעפטיגט מיט א פלאן, אונטערצונעהמען א גאנץ שווערע מלחמה, צו וועלכער מען האט געברויכט צו האבען זעהר א גרויסע ארמעע. צו דעם צוועק האט דוד שוין אנגעדונגען פיעל סאלדאטען פון די ארומיגע פעלקער, וועלכע האבען ניט איהם געמאכט שלום. זעקס הונדערט קריעגער פון גת מיט זייער אנפיהרער אתי זענען אליין געקומען און פארגעלעגט איהם צו דיענען ערגעבענסט, דען זיי האבען בעוואוי־

זוהן, זאָל זײַן מלך נאָך דוד'ס טויט; אין זײַנע אויגען איז אבשלום שוין איצט געווען קרוינפּרינץ, און אָט דעריבער האָט יואב אָבגעהאַלטען דעם קעניג פֿון צו משפּט'ן באַלד זײַן זוהן אבשלום. אויך אחיתופל, דוד'ס שטענדיגער ראטגעבער, האָט געוואָלט בעסער, אַז אבשלום זאָל נישט בעשטראָפֿט ווערען, ווײַל ער האָט איהם גערעכענט אויסצונוצען פֿאַר אַן'אינסטרומענט אין זײַן נקמה געגען דוד'ן.

ווען דוד האָט בעשלאָסען אויפֿצוזוכען זײַן בלוט־בעפֿלעקטען זוהן, אָדער צו פֿאָדערען בײַ'ם קעניג פֿון גשור, דאָס ער זאָל איהם אַרויסגעבען אבשלום'ן, האָט יואב, אָנגעווענדט אַ קלוגען אײַנפֿאַל, ווי אַזוי אָבצוהאַלטען דוד'ן פֿון זײַן בעשלוס. ער האָט געבראַכט צו זיך פֿון תקוע אַ קלוגע און בערעדעוודיגע פֿרוי און האָט מיט איהר אָבגערעדט אַ פּלאַן, ווי אַזוי פֿאָרצושטעלען די זאַך פֿאַר דוד'ן, אַז ער זאָל אַליין אײַנזעהען, ווי גרויזאַם עס איז, ווען אַ פֿאָטער וויל אומברענגען זײַן זוהן, דערפֿאַר וואָס ער, דער זוהן, האָט בעגאַנגען אַ ברודער־מאָרד, וועהרענד ער האָט אין גרונד געהאַט אַ געוויסען רעכט דערויף.

די קלוגע פֿרוי פֿון תקוע האָט אָנגעטהון טרויער־קליידער און איז געקומען צום קעניג, ווי איינע, וואָס געהט בעטען גערעכטיגקײַט געגען אַ פֿײַנד, און האָט אויסגעשריען מיט אַ יאָמערליך קול: „העלף, אָה, העלף מיר, קעניג!“ און ווען דוד האָט בײַ איהר געפֿרעגט וואָס זי פֿערלאַנגט, האָט זי איהם דערצעהלט אַן'אויסגעטראַכטע מעשה'לע און אַזאַ טאָן, אַז דער קעניג האָט באַלד זיך אָנגעשטויסען, דאָס זי רעדט וועגען זײַן בעציהונג צו אבשלום'ן. אויף דער פֿראַגע פֿון דעם מלך האָט די תקוע'רין זיך מודה געווען, אַז יואב האָט זי צו איהם געשיקט און איהר געהייסען דערצעהלען איהם איהר מעשה'לע. דוד האָט באַלד געלאָזט רופֿען יואב'ן און איהם בעפֿוילען, צו ברענגען אבשלום'ן קיין ירושלים אין זײַן אייגענעם פּאַלאַץ, „נאָר פֿאַר'ן קעניג זאָל ער זיך נישט ווײַזען“. די קלוגע רעדע פֿון דער תקוע'רין האָט געווירקט אויפֿ'ן קעניג, אַז ער זאָל אײַנזעהען, דאָס ער טאָר נישט אָנווענדען קיין בלוטיגע נקמה געגען דעם אייגענעם זוהן.

יואב איז באַלד אַליין געגאַנגען צום מלך פֿון גשור און געבראַכט אבשלום'ן קיין ירושלים, וואו ער האָט געדאַרפֿט וואָהנען, כמעט ווי אַן אַרעסטירטער אין זײַן אייגענעם הויז. דערמיט האָט יואב, געגען זײַן אייגענעם ווילען, אַרײַנגעבראַכט אין דוד'ס הויז זײַן פֿײַנד, וועלכער האָט געהאַט געגען איהם מאַכען דעם אויפֿשטאַנד. דען אבשלום זיצענדיג איינזאַם בײַ זיך אין שטוב, האָט טאָג און נאַכט געהאַלטען אין איין טראַכטען, ווי אַזוי אַראָבצושטויסען זײַן פֿאָטער פֿון טהראָן. אָבער אבשלום האָט אָנגעווענדעט דערבײַ זײַן גאַנצע פֿעהיגקײַט צו פֿערשטעלען זיך, כדי צו קאָנען זיכערער אויספֿיהרען זײַן שענדליכען פּלאַן. דערצו

די יבוסים, ארנן, איז איהם אַרויסגעקומען אַנטקעגען מיט גרויסער אונ־טערטעניגקייט און האָט ערקלערט, אַז ער איז גרייט אָבצוטרעטען דוד'ן זיין פעלד און שייער, אַלס אַ מתנה; דוד אָבער האָט קיין מתנה נישט געוואָלט נעהמען און האָט אָבגעקויפט אַרנן'ס גוט פאַר געלד, כדי צו בויען דאָרט אַ מזבח פאַר גאָט.

ווי די מסורה דערציעהלט, האָט די מגפה באַלד אויפגעהערט אין ירושלים, ווי נאָר מען האָט געבראַכט דעם ערשטען קרבן אויפ'ן מזבח, וואָס דוד האָט געלאָזט אויף גיך אויפבויען. פון דאַמאָלס אָן האָט מען דעם באַרג מוריה אָנגעהויבען צו האַלטען פאַר אַ הייליגען, ווייל די מגפה האָט דאָרט נישט געהאַט קיין שליטה. צוליעב דעם וואָס דאָרט האָט אַברהם אבינו געוואָלט ברענגען אַ קרבן פאַר גאָט זיין איינציגען זוהן יצחק, ווען גאָט האָט איהם געוואָלט פרובירען, אויב ער איז געטריי ער־געבען זיינע בעפעהלען.

די מגפה האָט טאַקי אויפגעהערט, אָבער די אויפרעגונג פון פאָלק געגען דוד'ן איז נישט געוואָרען קלענער: מען האָט איהם בעשולדיגט, אַז צוליעב זיין זינד זענען טויזענדער מענשען דורכ'ן „פערדערבענדען מלאך" פערניכטעט געוואָרען. אָט די אונצופריעדענהייט פון פאָלק האָט אויסגע־ניצט אַ חיתופל, כדי צו נעהמען נקמה פון דוד'ן דורך זיין זוהן אַבשלום. ער האָט צוזאַמענגעשטעלט מיט אַבשלום'ן אַ פּלאַן, ווי אַזוי צו פער־דערבען דוד'ן, און ווען אַבשלום וואָלט גענוי אויסגעפיהרט אַחיתופל'ס פּלאַן, וואָלט ער געווים געלונגען.

די פערשווערונג און דער ערשטער אויפשטאַנד געגען דוד'ן האָט געדאַרפט פאַרקומען אין חברון, וועלכע איז געווען די הויפט־שטאָדט פון שבט יהודה. כדי אָבצונאַרען דעם קעניג, אַז ער זאָל נישט איינזעהען דעם שענדליכען פערראַט, האָט אַבשלום אויסגעטראַכט עפּעס אַ תירוץ און געבעטען ביי זיין פאָטער אַ ערלויבניש צו געהן קיין חברון. דוד האָט איהם אין קיין שלעכטס נישט חושד געווען און געגעבען די ער־לויבניש, און אַבשלום איז אָבגעגאַנגען קיין חברון מיט אַלע זיינע בע־דיענטע און צוויי הונדערט אָנגעזעהענע איינוואָהנער פון ירושלים, וועל־כע ער האָט איינגעלאַדען מיט זיך אויף אַ מאָהלצייט. די דאָזיגע צוויי הונדערט געסט האָבען אָהן זייער וויסען פיעל מיטגעווירקט, אַז אַבשלום'ס פּלאַן זאָל געלינגען, דען ווען די איינוואָהנער פון חברון האָבען דערזעהען, וואָס פאַר אַ אָנגעזעהענע לייט עס זענען צו איהם איבערגעגאַנגען, האָבען זיי שוין געגלויבט, אַז גאַנץ ירושלים איז אויפגעשטאַנען געגען דוד'ן. אויך אַחיתופל האָט געפונען אַ תירוץ אָבצופאָהרען אויף אַ געוויסע צייט פון דוד'ס הויף, און ער איז צוזאַמען מיט די איבעריגע מענשען געקומען קיין חברון; דאָרט האָט ער עפענטליך ערקלערט, אַז ער איז איבערגעגאַנגען אויף אַבשלום'ס צד, און דאַדורך האָט ער דעם אויפ־

דאָרט זײַן גרויסע גבורה און געהאַלטען פֿאַר אַ כּבוד איהם צו דיענען. דוד האָט אָבער אויך געוואָלט ווייסען, וויפֿיעל קעמפּפֿער ער קאָן האָבען בײַ אידען, וועלכע זאָלען זײַן אַלט פֿון צוואַנציג יאָהר און ווײַטער, און ער האָט דעריבער געלאָזט צעהלען די אידישע בעפֿעלקערונג בײַ אַלע שבטים, אויפֿ'ן גרונד פֿון דער דאָזיגער צעהלונג האָט ער געדאַרפֿט ווייסען, אויב ער קאָן אונטערנעהמען מיט אייגענע כּחות אַ גרויסען און אַ שווערען קריעג, וועלכער זאָל מעגליך דאַרפֿען דויערען אַ גאַנץ לאַנגע צײַט. די צעהלונג פֿון פֿאָלק האָט דער קעניג אָנגעטרויט זײַן ממונה אויף דער גאַנ־צער אַרמעע, יואב'ן, וועלכער האָט זי געדאַרפֿט דורכפֿיהרען מיט דער הילף פֿון די איבריגע הויפּט־לײַט. די צעהלונג האָט דערוויזען, אַז פֿעהיגע קעמפּפֿער, יונגע לײַט און עלטערע, זענען פֿאַרהאַן אין יהודה און ישראל—אַ מיליאָן מיט דרײַ הונדערט טויזענד מאַן. מען קאָן אַלזאָ רעכ־נענען, אַז די גאַנצע אידישע בעפֿעלקערונג האָט דאַמאָלס בעטראָפֿען לערך פֿיער מיליאָן נפשות.

ווי עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזען, האָט דוד געמאַכט אַ גרויסען פֿעהלער מיט זײַן צעהלען דאָס פֿאָלק, אַ פֿעהלער, אויף וועלכען ער האָט געדאַרפֿט האָבען אַ ביטערע חרטה, דען ער האָט דורך איהם שטאַרק אויפֿגערעגט די אונצופֿריעדענהײַט פֿון פֿאָלק. די צעהלונג איז בכלל געווען זעהר אונבעליעבט בײַ'ם פֿאָלק, ווײַל מען האָט אין איהר געזעהען אַ סימן, אַז עס האַלט בײַ אַ מלחמה, וואָס וועט זיך דאַרפֿען ציהען זעהר לאַנג; דערצו אָבער איז נאָך געקומען דער אָבערגלויבען פֿון יענער צײַט, לויט וועלכען יעדע פֿאָלקס־צעהלונג מוז וווערען פֿערדערבליך פֿאַר'ן פֿאָלק, דען מען טאָר קיין לעבעדיגע מענשען נישט צעהלען. און ווען באַלד נאָכ־דעם האָט אויסגעבראָכען אַ שרעקליכע מגפה אין לאַנד און פֿיעל מענשען זײַנען אויסגעשטאָרבען, זענען אַלע געווען איבערצײַגט, אַז שולדיג איז דערין די פֿאָלקס־צעהלונג. פֿון דער מגפה האָט די הויפּט־שטאָדט, נאַטיר־ליך, געליטען מעהר, ווי די פּראָווינץ, צוליעב איהר געדיכטער בעפֿעלקע־רונג, און זעהענדיג די גרויסע צאָהל מתים פֿון דער מגפה, אָדער, ווי די דאַמאָלסדיגע בילדליכע שפּראַך דריקט זיך אויס, „זעהענדיג דעם מלאך פֿון פֿערדערבען", וועלכער מאָרדעט אויס דאָס פֿאָלק, האָט דוד צו גאָט געבעטען: „איך האָב געזינדיגט און שלעכטס געטהון, וואָס איז אָבער שול־דיג אָט די אָרעמע טשערעדע שאָף? זאָל בעסער דײַן האַנד טרעפֿען מיך און מײַן פֿאָטער'ס הויז!" די מגפה האָט אויף אַ וואונדערליכען אופֿן נישט אָנגעריהרט דעם באַרג „מוריה", וואו עס האָבען געוואָהנט די יבוסים, נאָכדעם ווי זיי האָבען שלום געמאַכט מיט דוד'ן, און ער האָט זיי דאָרט אָנגעוויזען אַן אָרט אויף צו וואָהנען. און אָט האָט דער נביא ג ד מודיע געווען דוד'ן, אַז ער זאָל אויפֿ'ן דאָזיגען באַרג בויען אַ מזבח און ברענגען דאָרט קרבנות, כּדי די מגפה זאָל אויפֿהערען אין ירושלים. דוד האָט באַלד זיך געלאָזט געהען אַהין מיט אַלע זײַנע לײַט. דער עלטסטער פֿון

זיהן, יואב און אַבישי, ווי אויך אַנדערע געטרייַע אָנהענגער. פֿערלאָזען פֿון אַלע שבטים, וואָלט דוד זיך געמוזט איינשליסען אין ירושלים, וועלכע וואָלט אָבער נישט קאָנען אויסהאַלטען קיין שטאַרקען שטורם אָדער אַ לאַנגע בעלאַגערונג; די אויפֿגעשטאַנענע וואָלטען זיך געווים אַרייַנגעריסען אין שטאָדט און—פֿאַר דוד'ן איז די זאַך געווען קלאָר — זיי וואָלטען דאָרט געמאַכט אַנ'אמת'ע בלוט-באָד, נישט שפּירענדיג קיין מורא פֿאַר גאָט אָדער מענשען. ביטערער פֿאַר אַלץ איז געווען פֿאַר דוד'ן דאָס בעגעהן זיך פֿון זיין ראַטגעבער אַחיתופל, וועלכער האָט זיך פֿעראייניגט מיט זיין טהראָן-רויבערישען זוהן, און אָט דאָס האָט צוגענומען בייַ דוד'ן זיין געוועהנליכען שטאַרקען מוט. ער האָט צו שפּעט איינגעזעהען, אַז די פֿערשווערונג געגען איהם איז געווען צוגעגרייט שוין פֿון גאַנץ לאַנג, און, ווייַל דער פּלאַן פֿון דער פֿערשווערונג איז גאַנץ לאַנגזאַם אויסגעאַרבייט געוואָרען און גוט בעטראַכט געווען, איז דוד'ן איצט קלאָר געוואָרען, אַז דאָס שטעלען זיך געגען דעם אויפֿשטאַנד, קאָן זיך פֿאַר איהם ענדיגען אומגליקליך. און אָט דערפֿאַר האָט ער ערקלערט זיינע מענשען, אַז ער פֿערלאָזט באַלד די שטאָדט ירושלים, איידער אַבשלום וועט אונטערקומען מיט זיינע פֿיעל אָנהענגער פֿון חברון.

ווען דוד איז ענטלאָפֿען פֿון ירושלים, האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז ער האָט אויך פֿיעל געטרייַע פֿריינד, וועלכע זענען איהם ערגעבען ביז אין דעם טויט. ווען ער איז אַרויסגעקומען פֿון זיין פּאַלאַץ אין עק שטאָדט, האָט ער צו זיין טרייסט דערזעהען, אַז מיט איהם צוזאַמען געהט אַ גרויסע מחנה; נישט בלויז זיינע פֿעלדהערען, יואָב און אַבישי מיט זייערע לייט, נישט בלויז אַ גרויסער טייל פֿון זיין העלדישער מחנה, די געדונגענע סאָלדאַטען, כרתי און פלתי מיט זייער אָנפֿיהרער בניהו, נאָר אויך אתי מיט זיינע זעקס הונדערט מאַן, וועלכע דוד האָט ערשט אַ קורצע צייט פֿאַר דעם געדונגען—איז אויך אַרויסגעקומען מיט איהם, צו טיילען דאָס ביטערע וואַנדער-לעבען. די בעפֿעלקערונג פֿון ירושלים האָט געוויינט אויפֿ'ן קול, ווען דוד איז געגאַנגען דורכ'ן טהאָל קדרון, כדי צו קומען פֿון דאָרט איבער'ן הר הזיתים אין דעם מדבר אַרום דעם ירדן. אָבצושטעלען זיך אין אַ שטאָדט האָט דוד נישט געוואַגט, מורא האָבענדיג פֿאַר פֿעררעטער. באַלד האָבען דוד'ן אָנגעיאָגט אויך זיינע צוויי כהנים גדולים, צדוק און אֶביתר, מיט די לויים און דעם ארון מיט די לוחות. אָבער דוד האָט זיי בעפֿוילען אָבצופֿיהרען דעם ארון צוריק, און דערביי האָט ער פֿרום בעמערקט „אויב איך וועל ווידער געפֿינען בייַ גאָט גנאַדע און ער וועט מיך ברענגען צוריק קיין ירושלים, וועל איך ווידער זעהען דעם ארון מיט זיין געצעלט; אויב נישט, אויב גאָט האָט מיך פֿון זיך פֿערטריבען, בין איך בערייט צו טראָגען זיין גוטען ווילען“. דערביי האָט דוד אויך געהאָפֿט, אַז די ביידע כהנים וועלען איהם קאָנען מעהר נוצען בלייבענדיג אין ירושלים, איידער

שטאַנד געגעבען אַ בעזונדערס גרויסע בעדייטונג, ווייל אַלע האָבען גע־
וואוסט, אַז אחיתופל איז דוד'ס רעכטע האנד. דער פֿערטעטערישער פּלאַן
איז געלונגען אויסגעצייכענט: די איינוואָהנער פֿון חברון און די איבעריגע
אײנוועזענדע האָבען אויסגערופֿען אַבשלום'ן פֿאַר אַ מלך, ווערענד מען
האָט געבראַכט קרבנות, ווי דער מנהג איז געווען. צו אַבשלום'ן זענען
אויך צוגעשטאַנען איינינגע מיטגליעדער פֿון דוד'ס משפּחה, נעמליך,
עמשא, דוד'ס פֿעטער, וועלכער האָט זיך געהאַלטען פֿאַר אַ גרויסען
גבור און פֿעלדהערר און דעריבער האָט איהם פֿערדראָסען, פֿאַרוואָס דוד
האָט בעשטימט פֿאַר אַ ממונה איבער דער אַרמעע יואב'ן און נישט איהם.

ווי נאָר מען האָט אויסגערופֿען אַבשלום'ן פֿאַר אַ מלך, האָט מען
פֿונאַנדערגעשיקט שלוחים אין אַלע שטעדט, וועלכע האָבען דורכ'ן שופר־
בּלאָזען געגעבען אַ צייכען אַלע פֿערטעטער געגען דוד'ן, און, לויט ווי
די זאַך איז געווען אָבגערעדט פֿריהער, האָבען זיי איבעראַל זיך געדאַרפֿט
תיכּף פֿערזאַמלען און אויסרופֿען: „לעבען זאָל דער קעניג אַבשלום!" די
פֿערטעטער געגען דוד'ן האָבען צוגעצויגען צו זיך אַלעמען, ווער עס איז
געווען אונצופֿריעדען מיט דער פֿאָלקס־צעהלונג, ווי אויך אַלע יענע לייט,
וואָס זענען בכלל צופֿריעדען שטענדיג מיט אַ נייער פֿערענדערונג, האָפֿענ־
דיג, אַז זי וועט זיי ברענגען נוצען. דער שבט בנימין, וועלכער האָט פֿיעל
פֿערלוירען פֿון זיין בעדייטונג, וואָס ער האָט געהאַט, ווען שאול, וואָס
האָט געשטאַמט פֿון שבט בנימין, איז נאָך געווען קעניג, און דער שבט
אפרים, וועלכער איז פֿון אייביג אָן געווען דער אונצופֿריעדענער ביי אי־
דען — אָט די צוויי שבטים זענען באַלד צוגעשטאַנען צו אַבשלום'ן, האָ־
פֿענדיג, אַז ביי אַ נייעם מלך, וועלען זיי בעקומען צוריק זייערע אַלטע
פֿרייהייטען. מיט אַבשלום'ן, וועלכער וועט אויף לאַנג נישט קאָנען דער־
האַלטען פֿאַר זיך די ליעבע פֿון פֿאָלק, האָבען זיי געהאָפֿט גיכער צו מאַ־
כען אַ סוף, איידער מיט'ן שטאַרקען מלך דוד. באַלד האָבען אָנגעהויבען
קומען צו אַבשלום'ן פֿון פֿיעל שטעדט שלוחים פֿון אַלע שבטים, וועלכע
האָבען איהם בעגריסט פֿאַר אַ מלך. מיט יעדען טאָג איז די צאָהל פֿון
אַבשלום'ס אַנהענגער געוואָרען גרעסער.

אַ געוויסע צייט האָט מען די פֿערשווערונג געפֿיהרט בשתיקה; פֿון
חברון האָט מען קיינעם נישט געלאָזט געהן קיין ירושלים, כּדי דאָרט
מודיע צו זיין וועגען דעם אויפֿשטאַנד. דוד האָט זיך דערוואוסט, אַז
מען האָט איהם אַראָבגעזעצט פֿון טהראָן, ערשט דאַן, ווען אַלע שבטים,
פֿון ישׂראל און יהודה, האָבען זיך שוין פֿון איהם געהאַט אָבגעזאָגט. מיט
פֿיעל נסיונות איז שוין דוד געפּרובט געווען, אָבער דער איצטיגער אויפֿ־
שטאַנד איז געווען דער טרויעריגסטער מאָמענט אין זיין לעבען. דוד האָט
באַלד בעשלאָסען וואָס צו טהון. ער האָט נישט געוואָלט דערלאָזען, אַז עס
זאָל קומען צו אַ בירגער־קריעג, ווי עס האָבען איהם געראַטען צרויה'ס

טהאט האט אחיתופל געוואלט מאכען אונמעגליך יעדען שלום צווישען דוד'ן מיט זיין זוהן. און וואס האט עס דען געקימערט אחיתופל'ן, וואס אבשלום האט דאדורך זיך געמאכט פערהאסט ביי'ם פאלק! אחיתופל האט דאך נאר געוואלט נעהמען נקמה אן דוד'ן און אראבווארפען איהם פון טראָן, און אבשלום איז פאר איהם געוועזען נאר א אינסטרומענט; אז אבשלום זאל דוקא בלייבען קעניג, האט אחיתופל כלל נישט געוואלט. דער שוואכקעפיגער פערברעכער, וועלכער האט זיך געלאזט אויסרופען פאר א קעניג, זייענדיג אונפעהיג אליין צו טהון אפילו א טריט אהן א זיי־טיגער עצה, האט אויך איצט געפאלגט אחיתופל'ן און בעגאנגען דאס שענדליכע פערברעכען, לויט ווי ער האט איהם געראטען.

אבער וועהרענד אבשלום האט זיך אבגעגעבען מיט שענדליכע מעשים און זיין פאטערס פרויען־הויז, האט זיך געגעבען איהם געפונען א מענש, וועלכער האט געדארפט מאכען צונישט אלע זיינע פלענער. דאס איז געוועזען חושי הארכי, וועלכער האט לפנים אנערקענט אבשלום'ן פאר א מלך און פערזיכערט איהם, אז ער וועט איהם דיענען אויך אזוי געטריי, ווי ער האט געדיענט דוד'ן. מיט א פאלשען מענשען האט חושי בעגאנגען זיך פאלש, אבער אבשלום האט עס נישט פערשטאנען און זיך געלאזען געבען פון איהם עצות. און אט האט אבשלום צונויפגערופען זיינע יועצים, כדי צו בעראטען זיך, וואס מען דארף אונטערנעהמען, כדי דוד'ן צו פערדערבען. צו דער בעראטונג האט מען אויך איינגעלאדען די זקנים פון אלע שבטים. אחיתופל האט געגעבען א טייוואלאנישע עצה, אז מען זאל זיך באלד לאזען פערפאלגען דוד'ן, כדי אנצופאלען אויף איהם פלוצלונג מיט א גרויסער מחנה און צווינגען דוד'ס קליינע מחנה צו אנטלויפען און איבערלאזען דוד'ן אליין; אזוי ארום וועט מען איהם קאנען נעהמען געפאנגען, ווי ער איז מיעד און דערנידעריגט, און טוי־טען איהם. נאך זיין טויט וועט שוין דאס גאנצע פאלק, אהן קיין שום חרטה און מורא, אנערקענען אבשלום'ן פאר א מלך.

אבער ווען מען האט געפרעגט ביי חושי, ווי איז זיין מיינונג וועגען דעם פערפאלגען באלד דוד'ן, האט ער אבגעווארפען אחיתופל'ס עצה, אנווייזענדיג אזוי פעסט און איבערצייגענד, אז די עצה טויג נישט, דאס אבשלום האט בעשלאסען צו פאלגען נישט אחיתופל'ן, נאר איהם, חושי. זיין עצה איז געוועזען, דאס מען זאל פריהער פערזאמלען די גאנצע אידי־שע ארמעע און ערשט דאן ארויסצוטרעטען געגען דוד'ן. ס'פערשטעהט זיך, אז חושי האט באלד מודיע געוועזען דוד'ן דעם רעזולטאט פון דער בעראטונג און די יונגע זוהן פון די כהנים גדולים, אחימעץ און יהונתן, האבען די דאזיגע שליחות אויסגעפיהרט.

די ערשטע גינסטיגע וועגדונג פאר דוד'ן איז געוועזען, וואס אחיתופל האט פון פערדרוס, וואס זיין עצה איז נישט אנגענומען געווארען, באלד

מיט איהם אויף דער וואַנדערונג. וועהרענד די כהנים האָבען זיך צוריק־געקעהרט מיט'ן אָרון קיין ירושלים, איז דוד אַרויפגעשטיגען באָרפוס און מיט אַ פערהילטען געזיכט, וויינענדיג, אויפ'ן הר הזיתים; אַלע זיינע בעגלייטער האָבען אויסגעבראָכען אין אַ ביטער געוויין. אָבער ווען דוד'ס טרויעריגקייט און פערצווייפלונג האָט דערגרייכט צו דער העכסטער מדרגה, איז איהם אַרויסגעקומען ענטקעגען אַ פריינד, וועלכער האָט איהם געדאַרפט ברענגען רעטונג דורך זיין חכמה און ערגעבענהייט.

דאָס איז געוועזען חושי פון דער שטאָדט אֶרך (חושי הארכי) איינער פון דוד'ס געטרייע יועצים, וועלכער איז געוועזען נישט וועניגער קלוג, ווי אחיתופל. איצט איז ער אַרויסגעקומען צו דוד'ן אָנגעטהון אין טרויער־קליידער, כדי פערוואָגעלט צו ווערען גלייך מיט איהם. דוד האָט איהם אָבער נישט דערלאָזען דאָס צו טהון, ווייל ער איז געוועזען אַן'אַלטער מאַן און די וואַנדערונג איז נישט געוועזען פאַר זיינע כחות. אויסער דעם האָט ער געקאָנט דוד'ן בעסער דיענען, געפינענדיג זיך ביי אבשלום'ן און צושטערענדיג אחיתופל'ס עצות; דערביי האָט ער אויך געדאַפט מודיע זיין דוד'ן בשתיקה אַלץ, וואָס וועט איהם נוצליך זיין צו וויסען. חושי האָט זיך דעריבער אומגעקעהרט צוריק קיין ירושלים.

די ערשטע שטאָדט, דורך וועלכע דוד איז דורכגעגאַנגען אויף זיין איצטיגען וואַנדער־וועג, איז געוועזען בחורים. אַנשטאָט אַ פריינדליכען קבלת־פנים, האָט ער דאָ געליטען בעליידיגונגען און אָבשפּאָטונג; אַ מענש פון שבט בנימין, שמעי בן גרא, איז אַרויסגעקומען דוד'ן ענט־קעגען און געשאָלטען איהם און געזידעלט: „דו בלוטיגער פערדאָרבענער מענש, געה! גאָט בעצאָהלט דיר איצט אַלץ, וואָס דו האָסט געטהון שאול'ס הויז, נאָכדעם ווי דו האָסט זיין טהראָן גערויבט“. און אַזוי, זיד־לענדיג און שילטענדיג, האָט ער בעגלייטעט דוד'ן אַ שטיק וועג, וואַר־פענדיג פון בארג אַרונטער שטיינער און שטויב אויף איהם, אַזוי אַז דוד'ס בעגלייטער האָבען איהם געמוזט פערטיידיגען פונ'ם אָנפאַל. דוד האָט אָבער געהאַט אויך פריינד אין דער שטאָדט בחורים. ערנידעריגט און מיעד, איז דוד מיט זיינע לייט געקומען דורכ'ן מדבר אין דער געגענד פון יריחו. דאָ האָט דער אונגליקליכער קעניג אָבגעשטעלט זיך. מען האָט באַלד אויפגעשטעלט געצעלטען און דוד האָט זיך געפּרובט אויסרוהען פון זיינע קערפּערליכע און מאָראַלישע יסורים, אָבוואַרטענדיג אויף אַ ידיעה פון זיינע פריינד, וועלכע ער האָט איבערגעלאָזען אין ירושלים.

אין דער צייט, וואָס דוד איז געקומען אין דער געגענד פון ירדן, איז אבשלום מיט זיינע פערשוואָרענע און פעררעטער געקומען קיין ירושלים. אחיתופל איז געוועזען מיט איהם, און ער האָט איהם געגעבען אַן'עצה צו בעגעהן אַ שענדליכע טהאַט — צו פערנעהמען זיין פאָטער'ס פרויען־הויז און שענדען דאָרט דוד'ס קעבס־ווייבער. דורך דער דאָזיגער

לאַנגע האָהר, מיט וועלכע ער פלעגט אַזוי שטאַרק שטאָלצירען, האָט ער זיך פערפלאָנטערט אין די צווייגען פון אַ בוים און געבליבען הענגען אין דער לופטען, דען זיין מויל־עזעל איז פון אונטער איהם ענטלאָפען געוואָרען. און אָט האָט זיך געדאַרפט טרעפען, אַז דוקא יואב זאָל איהם דערזעהען אין אַזאַ געפעהרליכער לאַגע און ער האָט איהם באַלד דערהרג'עט. אַזוי אַרום איז יואב'ן אויסגעקומען אַליין צו בעשטראָפען אבשלום'ן פאַר זיין אויפשטאַנד, נאָכדעם ווי ער האָט פריהער נישט ווי־לענדיג מיטגעהאָלפען זיין פלאַן, צו מאַכען דעם אויפשטאַנד. יואב האָט באַלד נאָכ'ן דערהרג'ענען אבשלום'ן געבלאָזען מיט זיין שופר, צו געבען אַ סימן דוד'ס אַרמעע, אַז די מלחמה האָט זיך געענדיגט מיט אַ נצחון, ווען אבשלום'ס לייט האָבען זיך דערוואוסט, אַז זייער מלך איז דער־הרג'עט געוואָרען, האָבען זיי זיך באַלד צושטרייט און ענטלאָפען צוריק אויף יענער זייט ירדן.

אַזוי האָט זיך געענדיגט דער צווייטער בירגער־קריעג, וועלכער איז פאָרגעקומען אונטער דוד'ס רעגירונג, אַ קריעג, וועלכער איז געווען בעזונדערס שרעקליך דאַדורך, וואָס אויף איין זייט איז געשטאַנען דער פאָטער און אויף דער אַנדערער זייט—דער זוהן. די נאָכוועהענישען פון דער דאָזיגער מלחמה זענען אויך געווען זעהר טרויעריג. קודם כל האָט מען געדאַרפט איבערברענגען דוד'ן די ידיעה וועגען זיין נצחון; דאָס איז אָבער געווען זעהר אַ שווערע אויפגאַבע, וויַיל אַלע האָבען געוואוסט, מיט וואָס פאַר אַ וועהטאָג דוד וועט אויפנעהמען די ידיעה פון זיין זוהנ'ס טויט. חאָטש דער זוהן איז געווען אַ גרויסער פערברעכער. דוד איז טאַקי שטאַרק ערציטערט געוואָרען, ווען ער האָט די ידיעה ערהאַלטען. „מיין זוהן, מיין זוהן, אבשלום — האָט ער ביטערליך געקלאָגט און אויסגערופען פיעל מאָל — הלואי וואָלט איך בעסער, אַנשטאָט דיר געפאַלען!” די טיעפקייט פון אַ פאָטערליך הארץ קאָן מען נישט אויסמעסטען.— מעגליך, אַז דוד האָט געזעהען אין אבשלום'ן בלויז אַ פערפיהרטען אונגליקליכען מענשען, וועלכען אחיתופל האָט אַריינגענאַרט אין זיין נעץ און אָנגערעדט צו מאַכען אַן'אויפשטאַנד.

דוד'ס קעמפפער האָבען נישט געוואַגט אַריינצוקומען אין מחנים; ווי פערשעמטע נאָך אַ שענדליכער מפלה, זענען זיי איינציגווייז אַריינגע־קומען אין שטאָדט. דוד האָט קיינעם פון זיי נישט געוואָלט אויפנעהמען, דען ער האָט געהאַלטען אין איין קלאָגען איבער זיין זוהנ'ס טויט. ענדליך האָט יואב זיך בעשלאָסען צו געהן צו דוד'ן און פאָרהאַלטען איהם, אַז ער בעגעהט זיך נישט גוט מיט זיינע געטרייע דיענער. אין שאַרפע ווער־טער האָט יואב בעשולדיגט דוד'ן, אַז ער איז אונדאַנקבאַר געגען זיינע געטרייע דיענער מיט זיין העפטיגען טרויער. דערביי האָט יואב אַרויס־געזאָגט אויך אַ דראָהונג געגען דוד'ן: אויב דער קעניג וועט זיך נישט ווייזען באַלד פאַר זיינע קריעגער און רעדען מיט זיי פריינדליך, וועלען

אָבגעגאַנגען פֿון ירושלים אין זיין געבורטס־שטאָדט גילוה און זיך דאָרט אויפגעהאַלטען. אחיתופל האָט זיין זעלבסטמאָרד געמוזט בעגעהן אויך דערפֿאַר, וואָס ער האָט איינגעזעהען, דאָס צוליעב דעם, וואָס אבשלום האָט איהם נישט געפֿאָלגט, וועט ער זיכער האָבען אַ מפלה, און דוד וואָלט אחיתופל'ן זיכער שטרענג בעשטראָפט. פֿאַר אבשלום'ן איז אחיתופל'ס זעלבסטמאָרד געוועזען אַ שטאַרקער קלאַפּ, ווייל צווישען זיינע געטריינע לייט האָט ער קיין פֿעהיגען און קלוגען מענשען נישט געהאַט, און ער אליין איז נישט געוועזען נישט קיין גבור און מלחמה, נישט קיין חכם, צו געבען זיך עצות. זיין פֿעלדהערר ע מ ש א האָט אַרויסגעוויזען קנאַפּע פֿעהיגקייטען אַלס אַנפֿיהרער פֿון אַן'אַרמעע. אבשלום האָט אפילו אַרויסגעגעבען אַ בעפֿעהל, אַז אַלע אידישע קעמפּפֿער זאָלען זיך פֿערזאַמלען צו איהם, אָבער איידער די דאָזיגע פֿערזאַמלונג איז דורכגעפֿיהרט געוואָרען, האָט דוד שוין געהאַט אַ גרויסע מחנה; דען ווען דוד איז אַריבערגעגאַנגען דעם ירדן, זענען דאָרט צו איהם צוגעשטאַנען זעהר פֿיעל מענשען, און די שטאָדט מ ח נ י ם האָט אויפגענומען דוד'ן אויך אַזוי פֿריינדליך, ווי פֿריהער שאול'ס זוהן, א י ש ־ ב ו ש ת. אַלע אידען פֿון יענער זייט ירדן זענען געקומען צו דוד'ן, כדי צו העלפֿען איהם בעשטראָפֿען זיין פֿערברעכערישען זוהן. צוויי אַנגעזעהענע רייכע לייט פֿון גלעד האָבען אויפגענומען דוד'ן מיט גרויס ליעבשאַפֿט און געגעבען איהם מיט זיינע לייט אַלע זייערע בעדערפֿענישען די גאַנצע צייט, וואָס זיי זענען געווען אין גלעד.

ווען אבשלום און זיין פֿעלדהערר עמשא האָבען ענדליך פֿערזאַמעלט אַ גרויסע מחנה, זענען זיי אַריבער דעם ירדן און געקומען נעהנטער צו מחנים. אין דער וואַלד־געגענד אַרום דער דאָזיגער שטאָדט האָבען אויפגעשטעלט זייער לאַגער אבשלום'ס מחנות, ווי עס שיינט, אָהן קיין שום פּלאַן און אָרדנונג. דוד דאַגעגען האָט איינגעטיילט זיין מחנה אין דריי אָבטיילונגען, וואָס איין טייל פֿון זיי האָט ער אָנגעטרויט יואב'ן, דעם צווייטען—אבישי'ן און דעם דריטען אתי פֿון גת. די אַלע דאָזיגע דריי אַנפֿיהרער זענען געווען בעוואוסטע גבורים און געאיבט אין פֿיהרען מלחמה. דוד'ן אַליין האָבען זייגע הויפּט־לייט נישט געלאָזען געהן אין מלחמה, ווייל זיי האָבען געוואוסט, ווי שטאַרק ער ליעבט זיין זוהן, חאָטש ער איז אויך געוועזען אַ פֿערברעכער. די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבען, און זי האָט געקאָסט פֿיעל מענשען דאָס לעבען. חאָטש אבשלום'ס מחנה איז געוועזען פֿיעל גרעסער פֿאַר דוד'ס, פֿונדעסטוועגען האָט זי דאָך געהאַט אַ מפלה, ווייל זי האָט נישט געקעמפּפֿט אין אַ גוטער אָרדנונג, און אין געדיכטען וואַלד האָט זי זיך נישט געקאָנט אויך גוט אויסשטעלען, דאַגעגען דוד'ס מחנה האָט זיך געהאַלטען פֿעסט, ווי איין מענש. מעהר נאָך ווי דאָס שווערד, האָט געבראַכט שאָדען די קעמפּפֿער דער וואַלד. צוואַנציג טויזענד מאַן זענען אין יענעם טאָג געפֿאַלען טויט. אויך פֿאַר אבשלום'ן איז דער וואַלד נעבען מחנים געוואָרען פֿערדערבליך. מיט זיינע

איז איצט דוד געגאנגען צוריק אין דער בעגלייטונג פון זיינע אמת'ע
פריינד און פערעהרער. די ערשטע שטאדט נאכ'ן איבערגעהן דעם ירדן
איז געווען גלגל. דא האבען דוד'ן אבגעווארט די שלוחים פון די שבטים
פון דער זייט ירדן, כדי צו אנערקענען איהם ווידער פאר א מלך. די
שלוחים זענען אבער געווען נישט וועניג פערוואונדערט, ווען זיי האבען
שוין דא אנגעטראפען די שלוחים פון שבט יהודה. זיי האבען ערוואר־
טעט, אז דער שבט יהודה וועט שיקען זיינע שלוחים מיט זיי צוזאמען
מקבל פנים צו זיין דוד'ן, לסוף האבען זיי דערזעהען, אז יהודה איז זיי דעם
וועג פערלאפען; דערין האבען זיי דערזעהען א פאלשקייט מצד דעם
שבט יהודה, וועלכער וויל זיך אונטערקויפען ביי'ם מלכות, כדי צו שטע־
לען זיך איהם נעהנטער, ווי אלע איבעריגע שבטים פון ישראל.

די זקנים פון די שבטים פון ישראל האבען וועגען דעם ארויסגע־
זאגט זייער פערדרוס אין דוד'ס געגענווארט. די שלוחים פון יהודה זענען
זיי נישט געבליבען שולדיג קיין ענטפער, און עס האט אויסגעבראכען
אנ'ערביטערטע מחלוקת צווישען ביידע פארטייען. ווי עס שיינט, איז
דוד געווען אויפ'ן צד פון שבט יהודה. דאן האט איינער א מענש פון
שבט בנימין, שבע בן בכרי, אויסגענוצט דעם דאזיגען טומעל און ווידער
אויפגעהויבען די פאהן פון אנ'אויפשטאנד. בלאזענדיג אין א שופר, האט
ער אויסגערופען: „מיר האבען נישט קיין חלק אין דוד'ן און קיין ערב־
שאפט אין ישי'ס הויז. יעדער שבט פון ישראל זאל זיך געהען צוריק
אהיים!" די זקנים פון די צפון־שבטים האבען באלד געפאלגט שבע'ס
אויפרוף און זיך געלאזט געהן מיט איהם. נאר דער שבט יהודה איז
געבליבען געטריי דוד'ן און האט איהם בעגלייטעט קיין ירושלים. די
שמחה פון ווידערקעהרען זיך קיין ירושלים איז געווען דעריבער געמישט
מיט דאגה וועגען דעם נייען אויפשטאנד. עס האט אויסגעבראכען א נייע
שפאלטונג, און ס'איז פארגעשטאנען א נייער בירגער־קריעג. אין דער
דאזיגער טרויעריגער לאגע האט דוד געמאכט א שריט, וואס ס'איז
שווער צו פערשטעהן, צי איז דאס געווען קלוגשאפט, אדער אונבעדאכט־
קייט. פון דער צייט אן, וואס דוד האט געוואוסט, אז יואב האט דער־
הרג'עט מיט די אייגענע הענד זיין זוהן אבשלום, האט ער ביי איהם
פערלוירען זיין גאנצען חן אין די אויגען. ער האט איהם מעהר נישט
געוואלט האבען ביי זיך פאר א פעלדהערר. אבער, ווי עס שיינט, האט
דוד אויסערדעם אויך געוואלט האלטען ווארט געגען עמשא'ן, ווי ער
האט איהם מבטיח געווען, צו בעשטימען איהם פאר א פעלדהערר. און
אט, ווען דוד האט זיך איצט געשטיצט נאר אויף איין שבט יהודה, האט
ער נאך מעהר געשפירט די נויטווענדיגקייט צו בעשטימען עמשא'ן פאר
א פעלדהערר, דען ער האט געהאט א שטארקען איינפלוס אויפ'ן שבט
יהודה.

דוד האט דעריבער בשתיקה פון יואב'ן בעפוילען עמשא'ן אז ער

נאָך אין דער זעלביגער נאַכט אלע זיינע געטריַיע לייט איהם פערלאָזען און ער וועט בלייבען אָהן קיין שום הילף. די דאָזיגע שאַרפע רייד פונ'ם האַרטען, אָבער דאָך אמת געטריַיען יואָב האָבען בעוואויגען דוד'ן צו שטאַרקען זיך און בעוויַיזען זיך פאַר'ן פאָלק.

פון אבשלום'ן איז נאָר געבליבען איין איינציגער שפור: מען האָט איהם מקבר געווען אין וואַלד רפאים און אַ גרויסען באַרג שטיינער אויף זיין קבר געלעגט. קיין זיהן זענען פון איהם נישט איבערגעבליבען, נאָר אַ שענע טאָכטער. זיינע צוויי זיהן האָט דער טויט צוגענומען נאָך פאַר זיין אויפשטאַנד און מען האָט געקאָנט מיינען, אַז דאָס איז געווען דער־פאַר, כדי עס זאָל נישט בלייבען קיין זוהן, וואָס זאָל טראַכטען וועגען דעם טויט פון זיין פאָטער, בשעת ער לעבט נאָך. אין דער קורצער צייט פון זיין קעניגען אין ירושלים האָט ער אין קעניגס־טהאָל ביי ירושלים אויסגעבויט אַ פרעכטיגען מאָנומענט „יד אבשלום“, וועלכער האָט גע־האַרפט פעראייביגען זיין נאָמען; ער האָט אָבער פעראייביגט נאָר די שאַנדע פון אַנ'אויפשטאַנד געגען אַ פאָטער. אין דער געשיכטע זענען איבערגעבליבען שפורען פון זיין טהאַט. נאָכ'ן סוף פון דער מלחמה האָט דוד שוין געוואָלט געהען צוריק קיין ירושלים; ער האָט אָבער נישט גע־וואָלט אָנוואַרפען זיך די אידישע שבטים, ער האָט געוואָלט אָבוואַרטען, ביז זיי וועלען צו איהם אַליין קומען אין פאָלקאָמער חרטה און אָנערקענען איהם צוריק פאַר אַ מלך איבער זיי. מערקווירדיג איז עס, וואָס גראַדע צווישען די צפון־שבטים איז די שטימונג פריהער געוואָרען גינסטיג פאַר דוד'ן. דאָס פאָלק האָט געמאַכט פאָרווירפע די זקנים: „דער קעניג, וועל־כער האָט אונז געהאָלפען פון אונזערע פיינד, האָט געמוזט ענטלויפען פאַר אבשלום'ן... וואָרום איילט איהר זיך נישט, צו ברענגען איהם צוריק קיין ירושלים?“ דאַגעגען האָט דער שבט יהודה, פון וועלכען דוד האָט געשטאַמט, זיך אָבגעהאַלטען און נישט געגאַנגען ברענגען דוד'ן צו־ריק אויף זיין טהראָן. צי איז עס נישט געווען דערפאַר, וואָס עמשא האָט די זקנים אָבגעהאַלטען נישט צו טהון אַזאַ שריט, ווייל ער האָט מורא געהאַט, אַז דוד וועט איהם שטרענג בעשטראָפען? עמשא האָט געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אויף די זקנים פון שבט יהודה, איז דעריבער גאַנץ מעגליך, אַז ער האָט טאַקי אָבגעהאַלטען זיי צו מאַכען דעם ערשטען שריט שלום צו מאַכען מיט דוד'ן. מערקווירדיג איז אָבער, וואָס דוד האָט אַליין געשיקט זאָגען עמשא'ן, אַז אויב ער וועט צו איהם קומען, וועט ער איהם פערגעבען זיין פערברעכען און נאָך בעשטימען פאַר אַ הויפט־פעלדהערר איבער זיין גאַנצער אַרמעע. און צו די זקנים פון שבט יהודה האָט ער געשיקט זאָגען, אַז עס איז זייער פפליכט, איינצולאַדען איהם צו־ריק אין דער הויפט־שטאָדט. ערשט דאַן האָבען די זקנים פון שבט יהודה געשיקט צו דוד'ן שלוחים, איינצולאַדען איהם, צו קומען קיין ירושלים.

מיט אַ גרעסערער מחנה, ווי פריהער, אַריבערגעהענדיג דעם ירדן,

בן בכרי, וועט ער אָבטרעטען פֿון דער שטאָדט. די קלוגע פֿרוי האָט איהם געגעבען די הבטחה, אז אין קורצען וועט זי צו איהם אַרונטער־וואַרפֿען פֿון דער מויער שבע׳ס קאָפּ. אַזוי איז דאָס טאַקי באַלד געשעהן; יואָב האָט בעפֿרייט די שטאָדט פֿון דער בעלאַגערונג, פֿונאַנדער־געלאָזען זיינע מחנות און געקומען מיט דער בשורה פֿון נצחון קיין ירושלים צוריק. יואָב איז ווידער געוואָרען פֿעלד־העֶרר, חאָטש דוד איז דערמיט נישט געווען צופֿרידען.

דוד איז אָבגעקומען זיין זינד געגען אוריה אינגאַנצען. ער האָט פֿיעל געליטען און לאַנג געלעבט אין טיעפֿער חרטה. ער האָט געהיים געשענדעט די פֿרוי פֿון זיין געטרייען דיענער, זיין אייגענער זוהן האָט דערפֿאַר געשענדעט זיינע פֿרויען עפֿענטליך; ער האָט אומזיסט פֿער־גאָסען אוריה׳ס בלוט — אין זיין אייגענעם הויז האָבען זיך געגאָסען טייכען בלוט, וועלכע האָבען איהם אַליין שיער נישט איינגעשלונגען. איצט איז ער, אויסגעלייטערט אין יסורים, געקומען צוריק קיין ירושלים; ער האָט אָבער טרויעריגע ערפֿאַהרונגען געמאַכט אין דער לעצטער צייט. פֿון זיינע גרויסע פּלענער, צו פֿיהרען נייע מלחמות, איז גאָרנישט געוואָרען. פֿאַר דוד׳ן זענען שוין איצט אָנגעקומען די עלטערע יאָהרען, און ער האָט זיך אינגאַנצען געווידמעט די אינערליכע אינטערעסען פֿון דער מלוכה. א געדאַנק, וועלכען ער האָט, מעגליך, שוין פֿון לאַנג־אָן געטראָגען אין האַרצען, האָט ער איצט געוואָלט פֿערווירקליכען פֿאַר זיין טויט. ער האָט געוואָלט אויפֿבויען א הערליכען בית־המקדש פֿאַר׳ן גאָט פֿון ישׂראל.

איידער ער איז אָבער צוגעטראָטען אויסצופֿיהרען דעם דאָזיגען פּלאַן, האָט ער זיך געהאַלטען אַן עצה מיט׳ן נביא נתן. דער נביא איז דאַמאָלס געשטאַנען העכער פֿאַר׳ן כהן גדול. „איך וואָהן אין א פֿעסטען הויז, געבויט פֿון צעדערבוימען — האָט דוד געזאָגט — ווערהענד דער אָרון מיט די לוחות, וואָס גאָט האָט אונז געגעבען, געפֿינט זיך נאָך אַלץ אין א בעוועגליכען געצעלט. איך וויל פֿאַר איהם אויסבויען אַ בית־המקדש פֿון צעדער־האָלץ". דער פּלאַן איז געפֿעלען געוואָרען דעם נביא נתן, ער האָט אָבער ערקלערט דעם קעניג אין גאָט׳ס נאָמען, אַז נישט ער דאַרף בויען א בית־המקדש פֿאַר גאָט, ווייל ער האָט פֿיעל בלוט פֿערגאָסען אין זיין לעבען. די דאָזיגע אויפֿגאַבע וועט ערפֿילען זיין זוהן. צוזאַמען דערמיט האָט דער נביא אויך מודיע געווען דעם קעניג דוד, אַז זיין טהראָן וועט שטעהן אַ לאַנגע צייט, און אַ רייהע פֿון מלכים, וועלכע וועלען פֿון איהם אַרויסקומען, וועלען קעניגען ביי אידען, אויב זיי וועלען נאָר אָבהיטען גאָט׳ס געבאָטען. ווי וואַרים דוד האָט נישט גע־שפּירט דעם פֿערלאַנג, דעם בית־המקדש אַליין צו בויען, האָט ער זיך דאָך אונטערגעגעבען דעם נביא׳ס רעד, וועלכער האָט גערעדט צו איהם אין גאָט׳ס נאָמען, און האָט זיך אָבגעזאָגט פֿון זיין פּלאַן. און שמער

זאָל איהם פערזאַמלען אַלע קעמפּפער אין אַ משך פון דריי טעג, כדי באַלד צו פערפאָלגען דעם אויפגעשטאַנענעם שבע בן בכרי. די בעשטימטע צייט איז אָבער שוין לאַנג פאָראיבער און עמשא איז נאָך אַלץ נישט געקומען. דוד איז געוואָרען אונרוהיג. צי האָט איהם עמשא נישט אָבגענאַרט און געמאַכט יד־אַחת מיט זיינע נייע געגנער? מען האָט געדאַרפט זיך צו־אײַלען, כדי נישט צו געבען צייט שבע בן בכרי אַריינצוקומען אין די בעפעסטיגטע שטעדט. דוד'ן איז געבליבען נאָר צו טהון איין זאַך: צו ווענדען זיך ווידער צו יואָב'ן, וועלכער איז איהם שטענדיג געטריי געוועזען. דוד האָט אָבער נישט איבערגעגעבען די העכ־סטע מאַכט איבער'ן מיליטער יואָב'ן, נאָר זיין ברודער אַבישי. יואָב איז פונדעסטוועגען מיטגעגאַנגען מיט אַבישי'ן און איז אויך געוועזען אין דער ווירקליכקייט דער הויפט־אָנפיהרער. ווי עס שיינט, האָט ער אויך אַרויס־געלאָזען אַן'אויפרוף צום פאָלק, אַז די מחנות זאָלען זיך אַרום איהם פערזאַמלען. געקומען אין גבעון, האָט יואָב זיך צוזאַמענגעטראָפען מיט עמשא'ן, וועלכען מען האָט חושד געוועזען, אַז ער איז געגען דוד'ן. יואָב האָט לאַנג נישט געטראַכט, איין שטויס מיט'ן שווערד, און — עמשא האָט אויפגעהערט צו לעבען. נישט פערהאַלטענדיג זיך לענגער ערגעץ וואו, האָבען ביידע ברידער, צוריה'ס זיהן, יואָב און אבישי, געאײַלט ווייטער, צו פערפאָלגען דוד'ס פיינד, שבע בן בכרי. די מחנות פון יהודה, וועלכע עמשא האָט צונויפגענומען, זענען געגאַנגען מיט זיי, און אין יעדער שטאָדט, וואו זיי זענען דורכגעגאַנגען, זענען צו זיי צו־געשטאַנען נייע מחנות. שבע האָט געהאַט וועניג אָנהענגער. מיט אַ קלײנער מחנה, וועלכע איז מיט איהם געגאַנגען, האָט ער זיך געוואָרפען אין דער פערפעסטיגטער שטאָדט אָבל, אין צפון־ארץ־ישראל, און אַ צווייטער טייל פון זיין מחנה האָט פערנומען די שטאָדט „דן“ ביי'ם באַרג חרמון. יואָב האָט באַלד בעלאַגערט די שטאָדט אָבל; נישט פאַר־לענגענדיג די איינוואָהנער אַפילו, אַז זיי זאָלען זיך אונטערגעבען, האָט ער בעפוילען אונטערצוגראָבען די מויערען אַרום שטאָדט, כדי אום־צוואַרפען זיי. די איינוואָהנער האָבען זיך דערשראָקען און נישט גע־וואוסט, וואָס צו טהון. געראַטעוועט די שטאָדט האָט אַ קלוגע פרוי, וועלכע האָט, שטעהענדיג אויף דער מויער, זיך געווענדעט צו יואָב'ן מיט פאָלגענדע ווערטער: „מען האָט דאָך פריהער געדאַרפט רעדען, מען האָט דאָך פריהער געדאַרפט אָנפרעגען, אויב ביי אידען זענען שוין גאָר פערשוואונדען געוואָרען אַלע געטריײַע און רוהיג־געשטימטע לייט. פאַרוואָס ווילסטו פערניכטען אידישע קינדער און מוטערס? פאַרוואָס ווילסטו צושטערען אידישע נחלאות?“

יואָב האָט דערויף געענטפערט, אַז ער וויל נאָר בעקומען אין זיין רשות דעם מענשען, וועלכער האָט זיך אויפגעהויבען געגען קעניג. ווי נאָר מען וועט איהם איבערגעבען דעם מענשען פון שבט בנימין, שבע

אָבער אויך אַזוי, ווי אבשלום, געווען אונבעדאַכט און נישט פֿעהיג צו רעגירען. דוד איז געגען איהם אויך אַזוי שוואַך געווען, ווי געגען אבשלום'ן, און האָט איהם נישט געשטערט, צו שפּיעלען די ראָליע פֿון אַ קרוינפּרינץ. דורך זיין שווייגען האָט איהם דוד אַנערקענט פֿאַר אַ קינפֿטיגען מלך ביי אידען. אין אַ געווייסען טאָג האָט אדוניהו איינגעלאַדען צו זיך אויף אַ מאָהלצייט אַלע זיינע פֿריינד און געטריינע פֿער-זאָנען, ווי אויך אַלע זיהן פֿונ'ם קעניג, אויסער שלמה'ן. דער מאָהלצייט האָט געדאַרפֿט פֿאָרקומען אין עין רגל, אין דרום-מזרח זייט פֿון ירושלים. ווען די געסט זענען זיך צוזאַמענגעקומען, האָט מען אויף אַ שטיין דאַנק-קרבנות געבראַכט און בשעת דעם מאָהלצייט האָבען אַדוניהו'ס פֿריינד, לויט ווי מען האָט פֿריהער אָבגערעדט, אויסגערופֿען: „לעבען זאָל דער קעניג אדוניהו!" וועגען דעם האָט מען זיך באַלד דערוואוסט אין קעניג-ליכען פּאַלאַץ, נאָר דוד אַליין האָט דערפֿון גאָרנישט געוואוסט, ווייל צוליעב דעם, וואָס ס'איז איהם שטענדיג קאַלט געווען, איז ער געלעגען אין בעט אין זיין צימער, אָבגעזונדערט פֿונ'ם הויף-לעבען.

דער ערשטער, וועלכען די נייע געשעהעניש איז נישט געפֿעלען געווען, איז געווען דער נביא נתן. ער האָט געוואוסט דעם סוד, אַז דוד האָט געשוואָרען זיין פֿרוי בת-שבע, דאָס דער טהראָן וועט געהערען איהר זוהן, שלמה'ן. דער נביא איז דעריבער געקומען צו בת-שבע'ן און האָט איהר דערצעהלט, וואָס עס איז פֿאָרגעקומען ביי אדוניהו'ן, דערביי האָט דער נביא איהר געראַטען, וואָס זי זאָל טהון. בת-שבע איז באַלד געקומען צום קעניג און האָט איהם דערמאָהנט אָן זיין שבועה וועגען דעם טהראָן; זי האָט איהם אויך אויפֿמערקזאַם געמאַכט, דאָס אין פֿאַל, אויב אדוניהו זאָל קעניג ווערען, וועלען זי און איהר זוהן שלמה די ערשטע פֿאַלען פֿאַר אַ קרבן, און דוד'ס חתונה מיט איהר וועט פֿאָרגע-שטעלט ווערען אַלס אַ שענדליכע טהאַט. ווי נאָר בת-שבע האָט מיט טרעהרען געענדיגט שילדערן, וואָס פֿאַר אַ טרויעריגע צוקונפֿט עס ערוואַרטעט איהר, אויב שלמה וועט נישט זיין מלך נאָך דוד'ן, איז אריינגעקומען צום קעניג אויך דער נביא נתן און האָט איהרע רעד בע-שטעטיגט. דוד האָט זיך שנעל בעשלאָסען און אויסגעפֿיהרט זיין בעשלוס טאַקי אין דעמזעלביגען טאָג. דוד האָט דורכאויס געוואָלט בלייבען געטריי זיין שבועה און איבערגעבען דעם טהראָן בת-שבע'ס זוהן, שלמה'ן. ער האָט געלאָזט רופֿען צו זיך זיינע שרים, וועלכע זענען נישט געווען פֿערבונדען מיט אדוניהו, און האָט זיי ערקלערט זיין ווילען, צו זאַלבען שלמה'ן פֿאַר אַ מלך נאָך ביי זיין לעבען. די פֿערזאַמעלטע האָבען אַלע פֿייערליך געשוואָרען צו אַנערקענען שלמה'ן פֿאַר אַ מלך. דאַן האָט דוד בעפֿוילען זיין מחנה, די כרתי און פלתי, צו פֿערזאַמלען זיך און בעגלייטען שלמה'ן, וועלכער איז געריטען אויף אַ קעניגליכען מוילעזעל פֿון ציון אין טהאָל גיחון אין מערב זייט פֿון שטאָדט. די

השענדיג פאר'ן ארון, האט דוד אין ווארימע ווערטער, טיעף גערירט, ארויסגעזאגט זיין דאנק צו גאט, וואס ער האט איהם דערהויבען פון דער ניעדריגקייט און געמאכט צום ערשטען קעניג און אידישען פאלק; בעזונדערס אבער האט דוד געדאנקט דערפאר, וואס גאט האט איהם גע־לאזט צוזאגען, אז זיין טהראן וועט לאנג שטעהן ביי'ם אידישען פאלק. די דאזיגע געפיהלען האט דוד ארויסגעזאגט אין א תהלים־געזאנג, וועלכער איז, ווי עס שיינט, געוועזען זיין לעצטער.

אויב דוד האט אויך נישט אנגעהויבען אליין צו בויען דעם בית־המקדש, האט ער דאך אבער געמאכט די פארבערייטונגען דערצו. פונ'ם רויב, וועלכען ער האט געמאכט ביי די פרעמדע פעלקער אין זיינע מלחמות, האט ער געווידמעט א גרויסען טייל דעם בית המקדש. אויך דעם סדר פונ'ם גאטעס־דיענסט האט דוד, בלי ספק, אליין צוזאמענגע־שטעלט. דוד איז אויך געהאלטען געווארען פאר'ן ערפינדער פון פיעל מוזיקאלישע אינסטרומענטען, וועלכע מען האט פיעל שפעטער איינגע־פיהרט צו געברויכען ביי'ם גאטעס־דיענסט אין בית־המקדש.

דוד'ס כחות האבען אנגעהויבען שוואכער צו ווערען, נאך איידער ער האט דערגרייכט דאס זיעבציגסטע יאהר. דאס שווערע לעבען אין דער יוגענד, די גרויסע מלחמות, די טרויעריגע געשעהענישען אין זיין הויז, אמנון'ס שענדליך פערברעכען, אבשלום'ס בונט — דאס אלץ האט דוד'ן פריה · אלט געמאכט. זיין לייב האט פערלוירען די נאטירליכע ווארימקייט: אינ'ם הייסען קלימאט פון ירושלים איז דוד'ן קאלט געוועזען, און די ווארימע דעקעס האבען נישט געקאנט איהם געבען יענע ווארימ־קייט, וואס זיין נאטור האט פערלוירען. ד. דאזיגע שוואכקייט פונ'ם קעניג האט אויסגענוצט דוד'ס פיערטער זוהן, אדוניהו, כדי צו בעקומען פאר זיך דעם טהראן. נאך דעם טויט פון אמנון און אבשלום האט ער געהאט דאס נאהענטע רעכט אויפ'ן טהראן, ער האט אבער מורא געהאט, אז אויב ער וועט אבווארטען, ביז זיין פאטער וועט שטארבען, וועט דעם טהראן פערנעהמען אנ'אנדערער. אדוניהו האט נישט געוואלט שטעלען זיך געגען זיין פאטער, ווי אבשלום, ער האט נאר געוואלט, אז מען זאל איהם געזעצליך אנערקענען פאר א קרוינפרינץ. ער האט דעריבער אבגעהאלטען א בעראטונג מיט יענע דוד'ס לייט, וועלכע זענען געווען געגנער פון זיין ברודער שלמה, בעזונדערס, מיט יואב'ן, וועלכער האט איהם געשטיצט; אדוניהו'ס צווייטער פריינד איז געוועזען דער כהן אביתר, וועלכער איז, ווי עס שיינט, דורך דוד'ן ניעדעריגער געשטעלט געווארען, ווי דער כהן צדוק.

אין קעניגליכען הויף האבען זיך ווידער אנגעהויבען אינטריגעס. אדוניהו איז אויך אזוי שען געוועזען פון געשטאלט, ווי אבשלום, און פיעל הערצער זענען איהם געווען ווארים ערגעבען; ווי עס שיינט, איז ער

סער פערשטאנען צו אבצושאצען זיין הויכען ווערט און בעדייטונג, איידער די מענשען פון זיין צייט. צוליעב זיינע גרויסע מעשים, זיין מילדקייט און זיין ערגעבענהייט צו גאט, ווערט דוד בעטראכט, אלס א אידעאל פון א גרויסען קעניג, א צדיק, פאר אלע שפעטערדיגע דורות. דוד איז געווארען דער מאסשטאב, מיט וועלכען מען האט געמאסטען די שפעטערדיגע מלכים פון זיין הויז, אויב זיי זענען צו איהם גלייך געוועזען, אדער נישט. אין די שפעטערדיגע צייטען האט דוד׳ס מלוכה־צייט בעקומען א גלאנץ, אלס די העכסטע פאלקסמאכט, אין וועלכער ס׳האבען געהערשט רעכט און גערעכטיגקייט, גאטספורכטיגקייט און אחדות. מיט יעדען יאהרהונדערט איז דוד׳ס בילד אלץ מעהר אידעאליזירט געווארען, און לסוף איז ער אנערקענט געווארען פאר א מוסטער פון א וואהלטעטיגען קעניג און פון א הייליגען דיכטער.

---

פיערטעס קאפיטעל

## דער קעניג שלמה.

(פון 1087 ביז 1047 פאר׳ן חורבן בית שני, אדער פון 1017 ביז 977 פאר דער געוועהנליכער צייט־רעכנונג).

דוד האט איבערגעלאזען די אידישע מלוכה אין אזא אויסגעצייכ־ענטער ארדנונג, דאס זיין זוהן, וואס האט געקעניגט נאך איהם, האט געברויכט צו האבען נישט קיין בעזונדערס גרויסע טאלענטען, כדי צו קאנען פיהרען זי ווייטער; עס איז בלויז גענוג געוועזען, אז ער זאל נישט זיין קיין שוואכער קאפ, קיין פערברעכער, אדער א מענש, וואס זאל זיך לאזען פערפיהרען פון שלעכטע ראטגעבער. דער קעניג שלמה איז אבער אליין אויך געוועזען א גרויסער מענש און דעריבער האט ער אויפגעטהון פיעל מעהר: ער האט דערהויבען דאס לאנד צו אזא הויכען גלענצענדען צושטאנד, וועגען וועלכען מען האט פריהער גאר נישט געקאנט טראכטען. ווען א קעניג האט אפילו אליין נישט געגרינדעט די קראפט און דעם כבוד פון א מלוכה, נאר ער האט זיי בעפעסטיגט און פערגרעסערט; ווען ער האט דערביי מעגליך געמאכט, אז זיין פאלק זאל קאנען לעבען אין פריעדען, און האט נאך דערצו מיט א וואהל־טעטיגער האנד געעפענט זיינע גרויסע אוצרות פאר׳ן גאנצען לאנד; ווען א קעניג עפענט נייע וועגען פאר זיין פאלק און גיעט איהם די פולע מעגליכקייט, צו ענטוויקלען אלע זיינע כחות, און שטיצט נאך אויך די דאזיגע שטרעבונג פון פאלק מיט גרויסע מיטלען; ווען א קעניג האט נאך צו אלעם דעם פערשטאנד צו דערהויבען אויך דאס קולטורעלע שטרעבען פון זיין פאלק און וועקט אליין ביי׳ם פאלק דאס געפיהל אין

אָנפֿיהרער פֿון דער מחנה זענען געווען: דער כּהן צדוק און בניהו בן יהוידע; מיט דער מחנה איז אויך מיטגעגאַנגען אַ גרויסער המון, און ווען דער כּהן גדול, צדוק, און דער נביא, נתן, האָבען געזאַלבט שלמה'ן פֿאַר אַ מלך פֿון אַ קריגעל בוימאייל, וועלכע מען האָט געהאַלטען אין היילינען געצעלט ביי'ם אָרון, האָבען די סאָלדאַטען געבלאָזען מיט די שופרות און דאָס אָנוועזענדע פֿאָלק האָט אויסגערופֿען: „לעבען זאָל דער קעניג שלמה!" יענעם טאָג האָט אין ירושלים געהערשט גרויס אויפֿרעגונג: אויף די מזרח־בערג האָבען געהילכט די שטימען: „לעבען זאָל דער קעניג אדוניהו!" און די מערב־בערג האָבען געענטפֿערט מיט אַווידערקלאַנג: „לעבען זאָל דער קעניג שלמה!" און ווען די אַנהענגער פֿון ביידע זיהן פֿון קעניג וואָלטען זיך פֿעסט געהאַלטען יעדער ביי זיינע רעכטע, וואָלט עס ווידער געקומען צו אַ בירגער־קריעג. אָבער אדוניהו איז נישט געווען אבשלום, און מאַכען אַ'אויפֿשטאַנד געגען דעם פֿאָטער און קעניג האָט ער נישט געוואָלט. ווייבאַלד נאָר ער האָט זיך דער־וואוסט, אַז זיין ברודער שלמה איז, לויט'ן בעפֿעהל פֿון קעניג דוד, געזאַלבט געוואָרען פֿאַר אַ קעניג, האָט ער דעם מיט פֿערלוירען, און געאיילט צום מזבח, נעבען דעם אָרון אויפֿ'ן באַרג ציון, כּדי צו בעשיצען זיך דאָרט*). שלמה, וועלכער האָט באַלד נאָך זיין זאַלבונג גענומען די מלוכה־געוואַלט אין די הענד, האָט איהם געשיקט זאָגען, אַז מען וועט איהם קיין האָהר נישט אָנריהרען, כּל־זמן ער וועט קיין פֿערברעכען נישט בעגעהן. דאַן איז אדוניהו געקומען צום יונגען קעניג און האָט איהם אָנערקענט פֿאַר אַ מלך און געבוקט זיך פֿאַר איהם; שלמה האָט איהם מיט זיין חסד געלאָזט פֿריי. דערמיט האָט זיך געענדיגט דער שטרייט וועגען דעם טהראָן.

דוד'ס שוואַכקייט איז געוואָרען אַלץ גרעסער און נאָך אַ קעניגען אין אַ משך פֿון פֿערציג יאָהר מיט זעקס חדשים, איז ער ענדליך געשטאָרבען. (אין יאָהר 1087 פֿאַר'ן חורבן פֿון צווייטען בית המקדש, 1017 פֿאַר דער געוועהנליכער צייט־רעכענונג). דוד איז געווען דער ערשטער פֿון די געזאַלבטע אידישע מלכים, וועלכער איז געקומען צו קבורה אין די קברים פֿון די מלכים פֿון דוד'ס הויז, וועלכע דוד האָט געלאָזט אויסבויען אונטער'ן באַרג ציון אין דרום־זייט אין אַ שטיינערנער הייהל.

דאָס אידישע פֿאָלק האָט דוד'ס טויט בעטרויערט, דען דוד האָט דאָס פֿאָלק געמאַכט זעלבסטשטענדיג, גרויס און גליקליך. דער טויט האָט געהייליגט זיין אָנדענקען; זיינע פֿעהלערען האָט מען בייסלעכווייז פֿערגעסען, ובפרט, אַז ער אַליין האָט גאַנץ טייער בעצאָהלט פֿאַר זיי דורך זיין חרטה און גרויסע יסורים. די שפּעטערדיגע דורות האָבען בע־

*) לויט'ן אידישען דין, איז די פּערזאָן, וואָס געפֿינט זיך ביי'ם מזבח, הייליג, און מען טאָר איהר נישט טהון קיין שאָדען, כּל־זמן זי געפֿינט זיך דאָרט.

פֿילײכט סך־הכל אַ יאָהר צוואַנציג אַלט. אָבער שוין אין די דאָזיגע יונגע יאָהרען האָט ער זיך שוין געשטעלט אַ גרויסען ציעל — צו דער־הויבען דעם כבוד פֿון אידישען פֿאָלק. ווען ער איז באַלד, ווי ער איז קעניג געוואָרען, געקומען קיין גבעון און דאָרט ביי׳ם מזבח תּפלה גע־טהון, האָט ער געבעטען ביי גאָט נישט קיין לאַנג לעבען, נישט קיין עשירות, נישט קיין כבוד, נאָר חכמה, כדי צו קענען משפּט׳ן זיין פֿאָלק אין גערעכטיגקייט. די דאָזיגע חכמה, דער טאַלענט צו פֿערשטעהן די שטימונג און דעם גייסטיגען צושטאַנד פֿון די פּאַרטייען, דעם ריכטיגען צושטאַנד פֿון דער זאַך און צו דערקענען דעם אמת אין די פֿערוויקעלטסטע ענינים — אָט דעם טאַלענט האָט שלמה געהאַט אין אַ הויכער מאָס. שלמה׳ס משפּט איז בעוואוסט און בעריהמט געווען אין דער וועלט. דורך אַן אורטייל, אין וועלכען ס׳האָט זיך געמוזט הויך אַרויסווייזען דאָס אמת־מוטערליכע געפֿיהל, האָט ער דערקענט אין אַ מחלוקת צווישען צוויי ווייבער, וועמען פֿון זיי דאָס קינד געהערט, וועלכע פֿון זיי זאָגט אמת, און וועלכע שקר. — בכלל איז שלמה׳ן זעהר טייער געווען דאָס רעכט און די גערעכטיגקייט; אין זיין מלוכה האָט קיינער נישט געדאַרפֿט ליידען קיין אונגערעכטיגקייט. און אויב מען קאָן אפשר האָבען אַ ספק, אויב דער מאמר: „דורך גערעכטיגקייט ווערט דער טהראָן בעפֿעסטיגט“ — שטאַמט טאַקי פֿון שלמה׳ן גופֿא, איז ער אָבער אַרויסגעזאָגט געוואָרען געוויס אין שלמה׳ס גייסט.

שלמה׳ס חכמה ווערט געריהמט אויך פֿון אַן׳אַנדער זייט — זיינע בעשעפֿטיגונגען מיט דער דיכטער־קונסט (פּאָעזיע). שלמה איז געווען, ערשטענס, בעריהמט דורך זיינע פֿאַבעלען (משלים). ער האָט אָנגעהויבען אָנצוווענדען אין דער פֿאַבעל „די הויכע צעדערען פֿון לבנון און די נידעריגע געוויקסען אונטער אַ וואַנד“, אַלס אַ סימבאָליש בילד פֿון דאָס העכסטע און דאָס נידעריגסטע; דעסגלייכען האָט ער אויך אַריינגע־נומען אין דער פֿאַבעל די פֿיער־פֿיסיגע חיות, די הויך־פֿליהענדע פֿויגלען און די קריכעדיגע ווערים, אפילו אויך די שטומע פֿיש, אַלס רעדעוודיגע און דענקענדע בעשעפֿעניש מיט אַן׳אייגענעם כאַראַקטער.

אַ וויכטיגער אומשטאַנד האָט געבראַכט שלמה׳ן צו אַ פֿערברעכען אין די ערשטע טעג פֿון זיין רעגירונג. שלמה איז געווען דער יונגערער זוהן פֿון קעניג און ער איז געוואָרען מלך געגען דעם געזעץ פֿון ירושה־רעכט, וועהרענד זיין עלטערער ברודער, אדוניהו, וועלכען אַ גרויסע פּאַרטיי האָט שוין געהאַט אויסגערופֿען פֿאַר אַ קעניג, האָט אין די אויגען פֿון פֿאָלק געהאַלטען פֿאַר׳ן געזעצליכען יורש פֿון טהראָן. אדוניהו האָט דעריבער געמוזט פֿערשווינדען: דער אָנפֿיהרער פֿון דער קעניג־ליכער לייב־וואַך איז אַריינגעקומען צו איהם אין צימער און האָט איהם דער׳הרג׳עט. ווען אדוניהו איז געפֿאַלען, האָט זיין בעשיצער, דוד׳ס העלד, יואָב, פֿערשטאַנען, אַז אויך זיין לעבען איז אין סכנה. דער גרוי־

פֿערשטאַנד פֿאַר גרויסע שענהייטס־ווערק, און ווען, ענדליך, דער קעניג דערהויבט זיין לאַנד דורך זיין רעגירונג, דורך זיינע מאַטעריעלע און גייסטיגע שעפּפֿונגען, צו אַ מוסטערהאַפֿטער מלוכה, ווי דאָס איז פֿאַר איהם קיינמאָל נישט פֿאָרגעקומען — געוויס, אַזאַ קעניג פֿערדיענט דעם הויכען שבח, וואָס די שפּעטערדיגע וועלט האָט איהם געגעבען. זעהענדיג די גרויסאַרטיגע מעשים, וועלכע אַזאַ קעניג האָט אויפֿגעטהון, ווערט דאָס אויג, ווי אונטערגעקויפֿט, אַז עס זאָל גאָרנישט זעהען זיינע שוואַכ־קייטען, און בעטראַכט זיי אַלענפֿאַלס אַלס אַ נויטווענדיגקייט, וועלכע שטאַמט דערפֿון, וואָס דעם מענשענס כאַראַקטער איז בכלל אינפֿאַל־קאָם. אָט די אַלע גרויסע שטריכען אין דער טעטיגקייט און אין לע־בען פֿון אַ קעניג געפֿינען מיר אין שלמה'ן. ער האָט זיין פֿאָלק געלאָזען לעבען אין פֿריעדען, האָטש ס'איז איהם נישט שווער געווען מיט די שטאַרקע מיטלען, וועלכע זיין פֿאָטער דוד האָט איהם איבערגעלאָזען, צו פֿיהרען גרויסע מלחמות און איינצונעהמען נייע לענדער, כדי זיין מלוכה צו פֿערגרעסערען, און אָט דערפֿון איז איהם אויך געבליבען מיט רעכט זיין נאָמען: שלמה, דאָס הייסט, דער קעניג, וואָס דער פֿריעדען איז זיינער. ער האָט זיין פֿאָלק געהאָלפֿען, אַז עס זאָל קאָנען לעבען אין וואוילשטאַנד, און דאַדורך האָט ער עס בעפֿרייט פֿון געדריקטקייט און ענגשאַפֿט; ער האָט רעגיערט איבער'ן פֿאָלק מיט חכמה און גערעכטיגקייט, און די מחלוקת צווישען פּריוואַטע פּער־זאָנען, ווי אויך צווישען די שבטים האָט ער אונפּאַרטייאיש גע'משפּט; ער האָט אין'ם לאַנד אויסגעבויט פֿיעל שטעדט און געזאָרגט דערפֿאַר, אַז די קאַראַוואַנען זאָלען קאָנען זיכער זיין פֿון רויבער אויף די וועגען; די שטאָדט ירושלים האָט ער בעפּוצט מיט רייכע געביידעס און אַ בית־המקדש האָט ער דאָרט אויסגעבויט, גאָט'ס נאָמען בעריהמט צו מאַכען. ער איז אויך אַליין געווען אַ גרויסער דיכטער און האָט דאַדורך דער־הויבען דעם גייסט פֿון זיין פֿאָלק.

דער אָנפֿאַנג פֿון שלמה'ס רעגירונג איז אָבער נישט געווען ריין פֿון בלוטיגע פֿלעקען, און דער סוף — נישט אָהן שווערע וואָלקענס. שלמה האָט פֿערוואַנדעלט זיין מלוכה אין אַ שטרענג דעספּאָטישע, וואו אַלעמענס ווילען מוז זיך בויגען פֿאַר זיין איינציגען ווילען. דערמיט האָט ער אויפֿ'ן פֿאָלק אַרויפֿגעלעגט אַ יאָך, וועלכעס דאָס פֿאָלק האָט אפילו לאַנג געטראָגען; מען האָט עס אָבער אַראָבגעוואָרפֿען פֿון זיך ביי דער ערשטער געלעגענהייט. שלמה'ס דעספּאָטיזם איז אָבער נישט געווען גלייך צו יענעם דעספּאָטיזם, וועלכער האָט געהערשט אין מצרים און האָט דאָרט אַבגעטויט אין פֿאָלק יעדע שטרעבונג צו פֿרייהייט, מאַכענ־דיג דאָס פֿאָלק פֿאַר נידעריגע קנעכט, וואָס ערלויבען זיך נישט אַנ־איינען וואָרט אַרויסצוזאָגען.

שלמה איז נאָך געווען אַ יונגערמאַן, ווען ער איז קעניג געוואָרען,

אין אידישען לאנד נייע זאכען, וועלכע האבען געהאט זעהר א גרויסע בעדייטונג פאר דער צוקונפט פון אידישען פאלק. איינע פון זיי איז געווען דאס אריינפיהרען פון פיעל פערד און פרעכטיגע וואגענס פון מצרים. מיט חירום, דעם קעניג פון צור, האט שוין דער קעניג דוד געשלאסען פריינדשאפט; שלמה האט די דאזיגע פריינדשאפט פערשטארקט, און זי האט מיטגעבראכט זעהר גרויסע אונטערנעהמונגען. דער גרויסער הארעם האט געפאדערט אויך פיעל דיענער; שלמה האט שטארק פערגרעסערט די צאהל פון זיינע בעדיענטע, פרויען און מאנסלייט. בכלל האט שלמה'ס גאנצע סביבה זיך אויסגעצייכענט מיט גרויסער פראכט און שענהייט. די שליחים פון די אונטערטעניגע מלכים, וועלכע פלעגען קומען קיין ירושלים, צו ברענגען שלמה'ן די אבצאהלונגען, פלעגט מען אויפנעהמען מיט גרויסע צערעמאניעס. שלמה האט געהאלטען פאר זעהר וויכטיג די גרויסע קעניגליכע פאראדען ביי אלע אומשטענדען און געשעהעניש[ען], און דאס האט געקאסט פיעל געלד. פון וואנען האט אבער שלמה געקאנט בעקומען גרויסע סומעס געלד? קיין איינענע לענדער און גיטער האט ער פון זיינע עלטערן נישט געירשענ'ט; די הוצאות האט געמוזט געבען דאס אידישע פאלק.

בעזונדערס שטארק האט שלמה פערגרעסערט די פראכט ארום זיך דורך זיינע גרויסאר[illegible]ע געביידעס. קודם כל האט שלמה אנגעהויבען טראכטען וועגען אויפבויען א פראכטפולען בית־המקדש. שלמה האט נישט געקאנט בלייבען גלייכגילטיג, זעהענדיג, וואס פאר א גרויסע טעמפלען ס'האבען אויסגעבויט פאר זייערע געטער די פעלקער, מיט וועלכע ער איז בעפריינדעט געווען, די פעניקיער און די עגיפטער, וועהרענד אין זיין הויפט־שטאדט איז דער הייליגער ארון נאך אלץ געשטאנען אין א קליינעם געצעלט. און דעריבער האט שלמה באלד נאך זיין בעשטייגען דעם טהראן אנגעהויבען מאכען הכנות צו בויען דעם בית־המקדש. דער פלאץ דערצו איז שוין געווען אויסגעקליבען, דער בארג מוריה, אין צפון־מזרח פון ירושלים, וואו דוד האט געהאט געבויט א מזבח און געבראכט קרבנות, כדי די מגפה זאל אויפהערען. אויך זילבער און גאלד איז געווען דערויף גענוג אנגעגרייט; געפעהלט האבען נאר בוי־מאטעריאלען, צעדער־האלץ און שטיינער, וועלכע מען האט געמוזט ברענגען פון דערווייטענס. שטיינער איז אפילו געווען ארום דער הויפט־שטאדט ירושלים גאנץ גענוג, אבער רעגעלמעסיגע פירקאנטיגע שטיינער, וואס זאלען טויגען צום בויען, האט מען געמוזט ערשט אויסהאקען פון אונטער דער ערד אין די שטיינערנע בערג. און וואו נעהמט מען אזוי פיעל ארבייטער, וואס זאלען טויגען צו דער שווערער ארבייט פון אויסהאקען טיעף אין דער ערד שטיינער, בעארבייטען זיי און ברענגען אויפ'ן ארט? פון זיין שוועהר, דעם עגיפטישען קעניג פזוזענעס, האט שלמה געלערנט, מיט וואס פאר א מיטלען מען קאן בעקומען ארבייטער

סער פּעלדהערר, וועלכער האָט אַזוי פיעל מיטגעווירקט ביי'ם דערהויבען דעם כבוד פון אידישען פאָלק און פון דוד'ס טהראָן, האָט איצט געמוזט זגבען אַ בעשיצונג פאַר זיך ביי'ם מזבח אויפ'ן בארג ציון, און ווי אַ פערברעכער, האָט ער זיך אָן איהם פעסט געהאַלטען, כדי צו ראַטעווען זיך פון טויט. בניהו האָט אָבער איהם נישט געשוינט און זיין בלוט פערגאָסען. דעם כהן גדול פון אדוניהו'ס אַנהענגער, אֶביתר, האָט שלמה נישט געוואָגט צו לאָזען דער'הרג'ענען, מען האָט אָבער ביי איהם צוגענומען די כהונה גדולה — דאָס רעכט צו זיין כהן גדול. צדוק איז פון דאַמאָלס אָן געווען דער איינציגער כהן גדול, און די כהונה גדולה איז פערבליבען אין זיין משפחה העכער טויזענד יאָהר. אויך דער מענש פון בנימין, שמעי, וועלכער האָט אָבגעלאָכט פון דוד'ן און געשאָלטען איהם, ווען ער איז ענטלאָפען פון אבשלום'ן, האָט שלמה געלאָזט דער'הרג'ענען, חאָטש דוד האָט איהם זיין פערברעכען מוחל געווען. און ערשט נאָך דער ערמאָרדונג פון יואב, אדוניהו און שמעי האָט שלמה זיך דערשפירט זיכער אויפ'ן טהראָן.

קודם כל האָט שלמה געפונען פאַר נויטיג אַרומצורינגלען זיין קעניגליכען טהראָן מיט אַ גלענצענדער פראַכט, ווי עס פאַסט פאַר אַ גרויסען קעניג, וואָס זיין מאַכט דערגרייכט פון דער גרעניץ פון לאַנד מצרים ביז דעם טייך פרת. צום גלענצענדען כבוד פון אַ קעניג איז אין יענער צייט נויטיג געווען, אַז ער זאָל האָבען פיעל שענע פרויען. שלמה האָט דעריבער זיך אויסגעבויט אַ האַרעם, אין וועלכען ער האָט אַריינגעבראַכט זעהר פיעל שענע פרויען. שלמה'ס ערשטע פרוי, נעמה (די זיסע), איז געווען אַ טאָכטער פונ'ם קעניג פון עמון. מעהר פאַר אַלץ איז אָבער שלמה שטאָלץ געווען מיט זיין שידוך, וואָס ער האָט געטהון מיט דער טאָכטער פון עגיפטישען קעניג פּזוזענעס, וועלכער האָט איהם אַליין פאָרגעלעגט זיין טאָכטער פאַר אַ ווייב. שלמה האָט געהאַלטען דעם דאָזיגען שידוך פאַר אַ גליקליכען פּאָליטישען שריט, ווייל דורך דער מחותנ'עשאַפט מיט'ן מלך פון מצרים האָט ער גערעכענט, אַז ער וועט שטאַרק דערהויבען די קראַפט פון זיין לאַנד און דעם כבוד פון זיין קעניגליך הויז. פּזוזענעס'עס טאָכטער האָט מען, פערשטעהט זיך, געבראַכט קיין ירושלים מיט גרויס פּאַראַד און כבוד, און זי איז געוואָרען די הויפּט-קעניגין אין שלמה'ס האַרעם. שלמה האָט עס בעטראַכט פאַר אַ חרפה פאַר זיך, אַז ער האָט דער דאָזיגער קעניגס-טאָכטער נישט געקאָנט געבען קיין בעזונדערען פּרעכטיגען פּאַלאַץ, ווארום וואָס פאַר אַ פנים האָט געהאַט דוד'ס פּאַלאַץ פון צעדער-האָלץ אויפ'ן בארג ציון אין פערגלייך מיט די ריזען-געביידעס און פּאַלאַצען פונ'ם קעניג פון מצרים! שלמה האָט דעריבער אָנגעהויבען טראַכטען וועגען בויען אַ פּרעכטיגען פּאַלאַץ פאַר פרעה'ס טאָכטער.

דורך דעם שידוך מיט'ן קעניג פון מצרים האָט מען איינגעפיהרט

אידישע ארבייטער אין די וועלדער פון לבנון, כדי דארט די בוימער אויסצוהאקען און ברענגען זיי קיין ירושלים. ווען דער מאנאט פלעגט אריבער, פלעגען די ארבייטער זיך לאזען אומקעהרען צוריק אהיים, און אנדערע צעהן טויזענד אידישע ארבייטער פלעגען, אנשטאט זיי, גע־שיקט ווערען פון ארץ־ישראל.

פון קעניג חירום האט מען נישט געקאנט פערלאנגען, אז ער זאל ערלויבען אומזיסט אויסצוהאקען זיינע צעדער־וועלדער אויפ'ן לבנון און שיקען זיינע בוי־קינסטלער און מויער־מייסטערם אהן געצאהלט. פאר די אלע דאזיגע זאכען האט שלמה געצאהלט חירום'ן פאר דער גאנצער צייט, וואס די ארבייט האט געדויערט, מיט'ן שיקען איהם יעדעם יאהר ווייץ, וויין און בוימאייל. ס'איז קיין ספק נישט, אז אויך אט די פראדוקטען האט מען ביי'ם אידישען פאלק גענומען אין דער פארם פון אנ'אבצאהל, וואס מען האט אויף איהם ארויפגעלעגט. אבער אויך געלד האט חירום נעדארפט געבען אויף צו בעפוצען דעם בית־המקדש פון אינוועניג, דען שלמה האט נאך דאן נישט געהאט קיין פלאט (שיפען), צו ברענגען אליין געלד פון לאנד אופיר. פאר'ן ליעפערען דאס געלד האט שלמה געמוזט אבטרעטען חירום'ן צוואנציג שטעדט אויף דער גרעניץ פון פעניקיען, וועלכע האבען געהערט צום שבט אשר. די שטעדט זענען געווען אזעלכע נישט־ווילכטיגע, אז זיי זענען חירום'ן נישט בעזונדערס געפעלען געווא־רען; פאר'ן אידישען לאנד איז דאס אבער געווען א פערלוסט, דען דער אידישער באדען איז איבערגעגאנגען צו א פרעמד פאלק. חירום האט די צוואנציג שטעדט בעזעצט מיט איינוואהנער פון פערשיעדענע פעלקער, און דעריבער האט דער קאנט בעקומען דעם נאמען „גליל הגוים“—דער קרייז פון די פעלקער, אדער קורץ „גליל“, ווי מען האט איהם גערופען שפעטער.

ווי נאר מען האט די שטיינער און דאס האלץ צונויפגעפיהרט צום בעשטימטען ארט, וואו מען האט געדארפט בויען דעם בית המקדש—אנ'ארבייט, וועלכע האט געדויערט דריי יאהר—האט מען אנגעהויבען בויען דעם בית המקדש אונטער דער אויפזיכט פון פעניקישע קינסטלער־ארכיטעקטען און אין פעניקישען סטיל (ד. ה. לויט דער פארם און דעם כאראקטער פון די פעניקישע געביידעס) די וועגד האט מען געבויט פון גרויסע פיער־קאנטיגע שטיינער און זיי בעדעקט פון אינוועניג מיט צעדער־האלץ, אין וועלכען מען האט געמאכט שענע אויסשניצונגען און פיגורען פון פאלמען־בוימער און פון קינסטליכע בלומען־בעכערס. די דאזיגע פי־גורען זענען געווען בעדעקט מיט געלד. דער בית המקדש האט געהאל־טען אין דער לענג זעכציג איילען, אין דער ברייט—צוואנציג, און אין דער הויך—דרייסיג. די געביידע איז בעשטאנען פון פאלגענדע אבטיילונ־גען: פון „קדש הקדשים“ אדער „דביר“—די הייליגסטע אבטיילונג, א פיער־קאנטיגע געביידע פון צוואנציג אויף צוואנציג איילען, און פון דער

אָהן גרויסע הוצאות. אין ארץ ישראל האָבען נאָך געוואָהנט טײל מענ־שען, איבערגעבליבענע פון די כנען־פעלקער. שאול האָט אפילו אָנגע־הויבען זיי פערניכטען אינגאַנצען, אָבער צוליעב זײנע רדיפות געגען דוד'ן, מיט וועלכע ער איז געווען פערנומען אין די לעצטע יאָהרען פון זיין קעניגען, האָט ער ניט געוויזען צו פערענדיגען די דאָזיגע אונ־טערנעהמונג. דוד אָבער האָט די כנען־איינוואָהנער געלאָזט צורוה, ווייל זיי האָבען געלעבט אין פריעדען מיט אידען און האָבען איהם געטריי געדיענט אין זיינע מלחמות געגען די פלשתים און אַנדערע פעלקער. וואָס שטאַרקער ס'איז געוואָרען דאָס אידיש פאָלק, אַלץ וועניגער שאָדען האָבען איהם געקאָנט ברענגען אַט די פרעמדע אַלטע איינוואָהנער פונ'ם לאַנד. פונדעסטוועגען האָט שלמה פלוצלונג אַלע איבערגעבליבענע מענשען פון די אַמאָליגע פעלקער חתים, אמורים, פריזים און יבוסים, וועלכע דוד האָט ערלויבט צו וואָהנען הינטער די מויערען פון ירושלים, ערקלערט פאַר קנעכט און געצוואונגען זיי צו שווערער אַרבייט. פון די דאָזיגע פעלקער זענען נאָך דאַמאָלס איבערגעבליבען 150 טויזענד אַרבייטס־פעהיגע מענשען און שלמה האָט זיי געמאַכט פאַר געמיינע אַרבייטער. העכער דריי טויזענד אידישע אויפזעהער האָט ער געשטעלט איבער זיי, כדי צו צווינגען זיי צו אַרבייטען. איבער די אויפזעהער האָט שלמה געשטעלט אַנ'אויבער־אויפזעהער, אדונירם. אַכציג טויזענד פון די דאָזיגע אַרבייטער זענען געווען בעשעפטיגט ביי'ם אויסהאַקען שטיינער פון די בערג, וואו די אַרבייט איז געפיהרט געוואָרען טאָג און נאַכט ביי דער בעלייכטונג פון לאַמפען; אונטער דער אָנווייזונג פון פאַך־לייט פון ביבלאָס (גבלים) האָט מען אַרויסגעהאַקט פון דער טיעפעניש פון די בערג שווערע שטיינער (קוואָדערען), וועלכע מען האָט אַרומגעהאַקט אין די קאַנטען און געשליפען, כדי זיי זאָלען זיך צופאַסען גוט איינע צו די אַנדערע. זיעבציג טויזענד פון די פערקנעכטעטע אַרבייטער זענען געווען בעשעפטיגט ביי'ם אַרויסהויבען די שטיינער פון אונטער דער ערד און ברענגען זיי אויפ'ן אָרט פון דער געביידע.

צעדערן־ און ציפרעסען־האָלץ אויף צו בויען דעם בית־המקדש האָט גע־ליעפערט דער קעניג פון צור, חירום, שלמה'ס פריינד. אויפ'ן באַרג לבנון האָט מען די בוימער אויסגעהאַקט, פון דאָרט האָט מען זיי געבראַכט קיין צור אָדער אין אַנ'אַנדער אָרט ביי'ם ברעג ים, וואו מען האָט זיי צונויפגעבונדען אין פראַמען און געפיהרט אויפ'ן וואַסער מיט'ן ים קיין יפו. פון דאָרט האָט מען דאָס געהילץ מיט גרויסער מיה געפיהרט אי־בער בערג און טהאָלען קיין ירושלים.

וועלכע אַרבייטער האָט מען אָנגעווענדעט ביי דער אַרבייט פון האַ־קען די בוימער און טראַנספּאָרטירען זיי אויפ'ן אָרט? די קנעכט פון כנען זענען וועניג געווען דערצו. און דעריבער האָט שלמה פערווענדעט אידען. יעדען מאָנאַט פלעגט מען אַרויסשיקען צו צעהן טויזענד פרישע

אַנ'עשירות פֿון אויסענווענינ און פֿון אינווענינ. די סלופֿעם אין פֿאָדער־הויף (אין דער עזרה) און דער גרויסער קופּערנער וואַסער־בעקען האָבען געשמ'ט פֿאַר מייסטער־ווערק אין דער קונסט.

שלמה האָט אויך געזאָרגט פֿאַר דעם, אַז מען זאָל צוזאַמען מיט'ן ברענגען קרבנות איינאָרדנען אַ גאָטעס־דיענסט מיט געזאַנג און שפּיעלען אויף מוזיקאַלישע אינסטרומענטען. צו דעם דאָזיגען צוועק האָט שלמה געלאָזט אויסאַרבייטען פֿון סאַנדעל־האָלץ האַרפֿען און פֿיאָלינען.

מיט גרויס פֿייערליכקייט און פּאַראַד איז ענדליך פֿאָרגעקומען דער „חנוכת הבית“, די הייליגונג פֿונ'ם בית המקדש, נאָכדעם ווי דאָס בויען האָט געדויערט זיבען יאָהר. (1077 יאָהר פֿאַר'ן צווייטען חורבן). בע־שטימט האָט מען דערצו דעם חדש, ווען ס'ענדיגט זיך די אַרבייט אויף די פֿעלדער און אין די וויין־גערטנער. צו דער פֿייערונג האָט שלמה איינ־געלאַדען די אָנפֿיהרער פֿון אַלע שבטים און די עלטסטע פֿון די משפחות; פֿון נאָהנט און ווייט זענען געקומען קיין ירושלים אַ גרויסער המון אידען כדי צו זעהען דעם וואונדערליכען בית המקדש און בייצוואָהנען זיין עפֿנונג. די פֿייערונג האָט זיך אָנגעהויבען דערמיט, וואָס מען האָט אַרי־בערגעפֿיהרט דעם אָרון מיט די לוחות פֿון באַרג ציון, פֿון דוד'ס פֿעסטונג אויפֿ'ן באַרג מוריה און אַריינגעבראַכט איהם אין קודש הקדשים. די ביי־בעל דערצעהלט, אַז ווי נאָר אַט דער ערשטער אַקט איז פֿאָרגעקומען, האָט אַ געדיכטער וואָלקען איינגעהילט דעם גאַנצען בית המקדש, אַזוי אַז די כהנים האָבען נישט געקאָנט ערפֿילען זייער דיענסט. אין דער דאָזיגער ערשיינונג האָט מען געזעהען אַ צייכען פֿון גנאָד, וועלכען גאָט האָט בעוויזען — אַ סימן, אַז גאָט האָט אָבגעהייליגט פֿאַר זיך דעם בית המקדש פֿאַר אַנ'אָרט, וואו אידען זאָלען איהם שטענדיג דיענען. די שטי־מונג פֿון די אַנוועזענדע איז דעריבער געווען זעהר אַ געהויבענע און אַ רעליגיעזע. דער קעניג שלמה האָט אין זיין התלהבות'דיגער און האַרצי־גער תפלה געפֿונען דעם ריכטיגען אויסדרוק פֿאַר די געפֿיהלען פֿון פֿאָלק. „גאָט האָט צוגעזאָגט צו רוהען אינ'ם וואָלקען. געבויט האָב איך פֿאַר דיר, אָה, גאָט, אַ פֿעסטע וואָהנונג, אַנ'אָרט, וואו דו זאָלסט אייביג רוהען“.

דער באַרג מוריה איז דורך דעם בית המקדש געוואָרען אויך אַזוי הייליג, ווי דער באַרג סיני, אויף וועלכען גאָט'ס שטימע האָט זיך געלאָזט העדען פֿון אַ געדיכטען וואָלקען. פֿון דאַמאָלס אָן האָט דאָס פֿאָלק גע־קוקט אויפֿ'ן בית המקדש מיט'ן גרעסטען געפֿיהל פֿון עהרע, ווי אויף אַנ'אָרט, וואו גאָט רוהט שטענדיג, כאָטש ער איז אויך פֿול אויפֿ'ן הימעל און אויף דער ערד. פֿון בית המקדש האָט דאָס פֿאָלק פֿון איצט אָן אָנ־געהויבען ערוואַרטען זיכערע אָנווייזונגען וועגען דעם וועג, וואָס מען וועט ברויכען צו געהן, און די מעשים, וואָס מען וועט ברויכען צו טהון. אַ נביא, וועלכער איז דערביי געווען, האָט ערקלערט דעם קעניג שלמה אין גאָט'ס

הייליגער אָבטיילונג, אָדער היכל, וועלכע איז געווען פיערציג איילען לאַנג און צוואַנציג ברייט. און „קדש הקדשים“, וועלכער איז, ווי עס שיינט, גע־שטאַנען העכער פאַר די איבריגע אַרומיגע געביידעס פון בית המקדש, זענען געשטאַנען צוויי כרובים, געשניצט פון איילבירט־האָלץ און בעדעקט מיט גאָלד; זיי זענען געווען צעהן איילען הויך און יעדער זייער פליגעל איז געווען פינף איילען לאַנג. ביי'ם אַריינגאַנג אין בית המקדש איז געווען אַ פאָדער־געביידע (אולם), וועלכע האָט זיך געצויגען איבער דער גאַנצער ברייט פון בית המקדש. פאַר דער פאָדער־געביידע זענען גע־שטאַנען שענע צוויי סלופּעס פון קופּער, בעפּוצט מיט קרוינען; די סלו־פּעס האָבען געטראָגען די נעמען: יכין און בועז (די בעדייטונג פון די נעמען איז אונז איצט נישט בעוואוסט).

און „קדש הקדשים“ זענען געשטאַנען בלויז די כרובים *), וועלכע האָבען אויסגעשפּרייט זייערע פליגלען איבער דעם ארון מיט די לוחות. קיין אַנדער זאַך איז דאָרט נישט געווען. אין בית המקדש, ד. ה. אין דער צווייטער געביידע נאָכ'ן קדש הקדשים, וועלכע האָט געהייסען היכל, איז געשטאַנען נאָר אַ מזבח פון צעדער־האָלץ, פערגילדעט פון אַלע זייטען, פינף גאָלדענע מנורות רעכטס, און פינף לינקס און ענדליך — אַ גאָלדענער טיש מיט צוועלף הייליגע חלות, „לחם הפנים“, וועלכע זענען שטענדיג אויף איהם געלעגען.

דער בית המקדש איז געווען אַרומגערינגעלט מיט אַ גערוימען הויף — די עזרה — וואו ס'איז געשטאַנען אַ גרויסער מזבח, געבויט פון קופּער און אַ גאַנץ גרויסער וואַסער־בעקען, וועלכען מען האָט גערופען ים־הנחושת — דער קופּערנער ים — דער בעקען איז געווען אַרומגערינגעלט מיט אַ בלומען־בעכער, ווי פון רויזען, און האָט געהאַט אויך אַנדערע פערציר־רונגען. דער דאָזיגער וואַסער־בעקען איז געשטאַנען אויף צוועלף רינדער, אויסגעגאָסענע פון קופּער, וואָס יעדע דריי פון זיי זענען געווען געווענדעט מיט זייערע געזיכטער צו אַ בעזונדערער זייט.

אין בעקען, וואו די כהנים פלעגען מוזען וואַשען די הענד און די פיס יעדעס מאָל, ווען זיי פלעגען דאַרפען אַריינקומען אין היכל, צו טהון די עבודה, פלעגט דאָס וואַסער אַריינקומען, ווי עס שיינט, דורך קראַנען, וועלכע מען פלעגט ברויכען צו עפענען. צעהן קלענערע קופּערנע בעקענס פון זעהר קינסטליכע אַרבייט, זענען געשטאַנען אויף רעדער אין פאָ־דער־הויף, און מען פלעגט זיי מיט די רעדער פיהרען, וואוהין מען האָט געברויכט. שלמה האָט אויך געלאָזט פערפערטיגען פיעל גאָלדענע כלים פאַר'ן בית המקדש, ווי אויך בעקענס פאַר די קרבנות און פאַר די קטורת (ווייהרויך). אויפ'ן בית המקדש איז געווען אויסגעגאָסען אַ חן און

*) פויגלען מיט דעם געזיכט פון אַ מענשען.

הויף איז געשטאנען „דאס הויז פון וואלד לבנון“, וועלכעס האט זיך אזוי גערופען צוליעב די פיעל סלופעס פון צעדער-האלץ, וועלכע זענען דא געוועזען. דא איז געשטאנען די קעניגליכע וואך, וועלכע איז בעשטאנען פון דריי הונדערט קעניגליכע בעגלייטער, אנגעטהון אין פאנצערען און בעוואפענט מיט שווערדען, וועלכע פלעגען שטענדיג מיטגעהן מיט'ן קעניג, ווען ער פלעגט אין בית המקדש געהן. נאך דער דאזיגער געביידע איז געשטאנען דער געריכטס-פאלאץ, אין וועלכען ס'האט זיך געפינען דער טהראן, וועלכער האט גע'שמ'ט פאר איינע פון די זעלטענסטע וואונדערליכע זאכען פון דער וועלט; ער איז געוועזען אינגאנצען געארבייט פון העלפאנד-ביין און בעדעקט מיט גאלד.

אינ'ם דאזיגען אפענעם געריכטס-פאלאץ פלעגט שלמה אויסהערען די טענות און תביעות פון די פארטייען און ארויסזאגען זיין אורטייל. די אויפגאבע פון א ריכטער האט שלמה געהאלטען פאר איינע פון די הייליגסטע אין דער מלוכה און פאר דער וויכטיגסטער פפליכט פון קעניג. דא פלעגט שלמה אויך אויפנעהמען די שלוחים פון פיעל פרעמדע מלוכות, וועלכע פלעגען קומען צו איהם, כדי אפצוגעבען איהם כבוד, אדער צו שליסען מיט איהם א בונד. — א בעזונדערען פאלאץ האט שלמה געלאזט אויסבויען פאר זיך אליין און פאר זיינע דיענער און פרויען. די טאכטער פונ'ם קעניג פון מצרים, שלמה'ס הויפט-פרוי, האט געוואהנט אין א בעזונדער הויז, אבגעזונדערט פון די איבריגע פרויען און קעבס-ווייבער פונ'ם קעניג.

ווי עס שיינט, האט שלמה אויך אריינגעפיהרט אין ירושלים א וואסער-לייטונג, כדי צו פערזארגען די שטאדט מיט וואסער; דאס וואסער האט זיך געצויגען פונ'ם קוואל „עין עיטם“, וועלכער איז געלעגען צוויי שעה גאנג פון שטאדט אין דרום-זייט.

שענע און גרויסע געביידעס האט זיך געלאזט בויען נישט בלויז שלמה אליין; אויך די פרינצען און די רייכע און בעוואוסטע אידען, וואס האבען אין ירושלים געוואהנט, האבען זיך דארט געלאזט אויסבויען גרויסע און פרעכטיגע פאלאצען פון צעדער-האלץ. דער מסחר מיט אויסלאנד האט זיך אין שלמה'ס צייטען שטארק ענטוויקעלט, די לאנד-ארבייט האט געגעבען גרויסע הכנסות, און די פרעמדע אונטערטעניגע מלוכות האבען אריינגעבראכט גרויסע אבצאהלונגען; די עשירות האט זיך פערגרעסערט, און דאס האט געגעבען די מעגליכקייט צו בויען גרויסע פאלאצען און פערשענערען די הויפט-שטאדט. אין ירושלים האבען זיך אויך בעזעצט אנגעזעהענע פעניקישע סוחרים, וועלכע האבען געפיהרט גרויסע געשעפטען, געלד-אויסטוישער און מענשען, וואס האבען געגעבען געלד אויף פראצענט. די אלע דאזיגע פרעמדע איינוואהנער זענען געשטאנען אונטער'ן שוץ פון שלמה'ס בונד מיט חירום'ן און האבען געהאט דאס רעכט צו לעבען, לויט זייערע אייגענע געזעצען, מנהגים און געוואהנהיי-

נאָמען פאָלגענדעס: „אויב דו ווערסט לויט מיינע געזעצען לעבען און מיינע געבאָטען אָבהיטען, וועל איך ערפילען די הבטחה, וועלכע איך האָב געגעבען דיין פאָטער דוד“.

צוזאַמען מיט דער „חנכת הבית“ האָט זיך ביי אידען אויך איינגעאָרדענט די טעטיגקייט פון די כהנים אין אַזאַ מאַסשטאַב און פאָרם, ווי זי איז נישט געווען פריהער נישט אין שילה, נישט דערנאָך אין'ם געצעלט נעבען אָרון אויפ'ן באַרג ציון. ערשט אין שלמה'ס צייטען האָט מען בעשטימט אַ כהן גדול, וועלכער איז געשטאַנען העכער פאַר אַלע כהנים, און מען האָט אויך איינגעפיהרט פערשידענע שררות און בעאַמטע צווישען די איבעריגע כהנים און לויים. פאַר אַ כהן גדול איז בעשטימט געוואָרען עזריה, צדוק'ס זוהן, *) נאָכדעם ווי זיין פאָטער איז געשטאָרבען. די איבריגע כהנים זענען זיינע מיטהעלפער; פאַר די לויים האָט מען איינגעפיהרט אַ נייע אָרדנונג: איין טייל פון זיי פלעגט העלפען די כהנים ביי'ם ברענגען קרבנות, אַ צווייטער טייל פלעגט האַלטען די וואַך אַרום דעם בית המקדש און אַ דריטער טייל, ענדליך, האָט געזונגען און געשפּיעלט אויף אינסטרומענטען, בשעת'ן גאָטעס־דיענסט.

ירושלים איז געוואָרען אין דער ווירקליכקייט די הויפּט־שטאָדט פון ארץ־ישראל ערשט נאָכדעם, ווי מען האָט אויסגעבויט דעם בית המקדש און איינגעפיהרט אין איהם אַ נייע אָרדנונג. יעדעס יאָהר פלעגען צום יום־טוב סכות קומען אהער זעהר גרויסע מאַסען „עולי רגל“, כדי צו זיין ביי'ם גאָטעס־דיענסט, וועלכער איז אין בית המקדש פאָרגעקומען אין אַ פיעל העכערער פייערליכקייט, ווי פריהער אויף די מזבחות ביי די פערשידענע שבטים.— בּיסלעכווייז איז ירושלים אויך געוואָרען אַ בעדייטענדע האַנדעלס־שטאָדט, וואו ס'האָבען זיך צום ערשטען מאָל בעוויזען אויף די מערק אויסלענדישע סחורות און זעלטענע זאַכען, און עס זענען געקומען אויסלענדישע סוחרים. דאָס האָט מיטגעווירקט, אַז אויך פון די שבטים זאָלען אָנהויבען קומען קיין ירושלים אַלץ מעהר פרישע מענשען. ירושלים, די יונגסטע פון אַלע דאַמאָלסדיגע אידישע שטעדט, איז זיי אַלע אַריבערגעשטיגען מיט איהר פראַכט, גלאַנץ, און עשירות. שלמה האָט געלאָזען ירושלים גוט בעפעסטיגען פון אַלע זייטען און אויך דער באַרג מוריה מיט'ן בית המקדש איז איינגעשלאָסען געוואָרען אין דער מויער, וואָס האָט זיך געצויגען אַרום שטאָדט.

דאָס אויפבויען דעם קעניגליכען פּאַלאַץ האָט זיך געצויגען דרייצעהן יאָהר. אָבער דאָס איז געווען נישט איין פּאַלאַץ, נאָר אַ גאַנצע רייהע פון געבייידעס, וואָס האָבען פערנומען אַ גרויסען שטח פלאַץ אויפ'ן צפון־באַרג אין'ם שטאָדט־טייל מלוא. נעבען דעם אַריינגאַנג אין קעניגליכען

*) פיליייכט אַנ'ענייקעל, וועלכער הייסט אויך ביי אידען „זוהן“.

קעניג שלמה האט אבער חירום געפינען א זיכערערען וועג קיין אינדיען. פון דער דרום-גרעניץ פון שבט יהודה ביז צום מזרח-אויסגוס פון רויטען ים ביז אילות אין לאנד אדום, איז אונטער שלמה'ס הערשאפט די גאנצע געגענד געווארען פריי פון רויבער, און די וועגען זענען זיכער געווען פאר די קאראוואנען, וועלכע האבען געקאנט דאמאלס געהן מיט די רייך-בעלאדענע קעמלען פון ירושלים ביז דעם רויטען ים (דער ים פון אדום) אין זיין צפון-שפיץ ביי'ם האפען אילות. לויט חירום'ס עצה, האט שלמה געלאזט בויען אין אילות א פלאט פון פעסטע, גרויסע שיפען, וועלכע מען האט גוט בעוואפענט. חירום האט געשיקט אהער זיינע פעהיגסטע שיפס-לייט, און זיי האבען געפיהרט די שיפען. די אידען פון די שבטים אשר און זבלון, וואס האבען געוואהנט אויפ'ן ברעג ים, נעבען צידון, און גוט בעקענט געווען מיט'ן ים, זענען אויך מיט זיי צוזאמען געפאהרען. די דאזיגע שיפען האבען געדארפט געהן ביז'ן אריינגוס פונ'ם גרויסען טייך אינדוס אין ים.

פון האפען אילות איז דער פעראייניגטער פלאט פון די אידען און פעניקיער אבגעגאנגען אין רויטען ים און איז געגאנגען, האלטענדיג זיך נישט וויים פון די ברעגען, ביז דעם אינדישען אקעאן, דארט, וואו עס גיעסט זיך אריין אין איהם דער טייך אינדוס, צום לאנד אופיר (וועלכער הייסט איצט „זינד"). נאך דריי יאהר האט דער פלאט זיך אומגעקעהרט צוריק פון זיין ערשטער רייזע, רייך בעלאדען מיט די טייערסטע סחורות. גאנצע קאראוואנען בעלאדענע קעמלען האבען געטראגען די געבראכטע אוצרות קיין ירושלים, צום גרויסען וואונדער פון דער גאנצער אידישער בעפעלקערונג. העכער 400 טאלענטען גאלד, זעהר פיעל זילבער, העלפאנד-ביין, עבען-האלץ, מאלפעס, שענע פאוועס, סאנדעל-האלץ און פערשידענע בשמים — דאס אלץ האט מען געבראכט פון דער ערשטער רייזע פון אופיר. שלמה האט געשיקט זיין פלאט עטליכע מאל אויף דער דאזיגער רייזע, און יעדעס מאל איז דער פלאט צוריקגעקומען בעלאדען מיט גרויסע אוצרות פון עשירות און זעלטענהייטען. די שטאדט אילות אויפ'ן ברעג ים האט דאדורך בעקומען א וויכטיגע בעדייטונג. דארט האבען זיך בעזעצט פיעל אידען, און דאס אידישע לאנד איז דאדורך פערגרעסערט געווארען און האט זיך אויסגעשפרייט פון רויטען ים ביז צום טייך עפראט.

די פערד און וואגענס פון מצרים, וועלכע אידען האבען געליפערט קיין ארם און אין די לענדער אויפ'ן עפראט, ווי אויך די גרויסע קאראוואנען, בעלאדען מיט סחורה, וועלכע מען פלעגט דארפען פיהרען פון פעניקיען צו'ם רויטען ים נעבען אילות — דאס אלץ האט געפאדערט, אז דאס לאנד זאל האבען גוטע וועגען, וואו מען זאל קאנען זיין זיכער פון רויבער און אויף וועלכע מען זאל קאנען בעקוועם מאכען די רייזע. שלמה האט געמאכט די נויטיגע ארדנונג אויך אין דער הינזיכט.

טען. אפילו זייער געצענדיגערע האבען זיי דא געקאנט פיהרען, און קיי־
נער האט זיי נישט געשטערט דערין.

פון דריי הויפט־קוואלען האט דער שטראם פון געלד זיך א גאס געטהון קיין ירושלים: די אידישע מאכט איבער אנדערע פעלקער, די פערבינדונג מיט מצרים און דער מסחר מיט אינדיען. יענע פירשטען און מלכים, וועלכע האבען געשלאסען א בונד מיט דוד'ן, זענען געבליבען געטריי אויך שלמה'ן; אבער אויך נאך אנדערע מלכים זענען איצט אליין געקומען, אדער געשיקט שלוחים צו שלמה'ן, כדי צו שליסען מיט איהם א בונד. אלע דאזיגע פירשטען און פעלקער האבען, לויט'ן מנהג פון זייער צייט, געבראכט שלמה'ן גרויסע אבצאהלונגען אדער מתנות: גאלדענע און זילבערנע כלים, טייערע שטאפען, בשמים, פערד און מויל־
עזלען. נאך מעהר האט אבער אריינגעטראגען הכנסה די פערבינדונג מיט מצרים. דאס דאזיגע לאנד פלעגט ליעפערען פאר געלד פערד אלע פעל־
קער, וואס האבען געוואהנט אין געבירגיגע לענדער און דעריבער נישט געהאט קיין אייגענע פערד; בעזונדערס פיעל פלעגט מען אויפקויפען פערד אין מצרים פאר דער בעדערפעניש פון דער ארמעע. אויך קריעגס־
וואגענס פלעגט מען אין מצרים אויסארבייטען, וועלכע האבען גע'שמ'ט ביי די פעלקער פאר די בעסטע. די מלכים פון ארם און פון דער געגענד ארום דעם טייך עפראט, וועלכע פלעגען פריהער קויפען פערד און רייט־
וואגענס גלייך פון מצרים, האבען איצט געמוזט דאס קויפען ביי דער אי־
דישער האנדעלס־געזעלשאפט , וועלכע שלמה האט געגרינדעט. דאס אי־
דישע לאנד איז דאמאלס געוועזען דער פערמיטלער־ארט, וואו ס'איז גע־
פיהרט געווארען דער מסחר מיט פערד און רייט־וואגענס פאר די ארמעען. די האנדעלס־געזעלשאפט האט פונ'ם געשעפט פיעל פערדיענט, און אין ארץ־ישראל פלעגען אריינקומען גרויסע סומעס געלד.

ס'פערשטעהט זיך פון זעלבסט, אז דערביי האט שלמה אריינגעפיהרט פיעל פערד מיט רייט־וואגענס פון מצרים פאר זיין אייגענער בעדערפע־
ניש אויך. ער האט געלאזט אויסבויען גאנצע שטעדט פאר די פערד און זייערע רייטער. שלמה האט געהאט צוועלף טויזענד רייט־פערד מיט פיער־
צעהן הונדערט קריעגס־וואגענס, יעדער געשפאנט אין צוויי פערד. דער־
צו האט מען געמוזט האבען גרויסע געביידעס—גאנצע שטעדט. שלמה האט טאקי געלאזט אויסבויען פיער טויזענד שטאלען פאר זיינע פערד, אויסער פיעל גרויסע געביידעס פאר די רייטער.

די רייכסטע הכנסה אבער האט שלמה געהאט פון זיין מסחר מיט אינדיען, וועלכער איז געגאנגען איבער'ן ים. פאר די פעניקיער איז דער דאזיגער מסחר מיט'ן גרויסען וואונדערלאנד געוועזען אבגעשלאסען, כל זמן די געגענד פון רויטען ים איז נישט זיכער געוועזען פון די רויבערישע ווילדע פעלקער, וואס האבען דארט געוואהנט. דורך דער פערבינדונג מיט'ן

גופא. פון דן ביז באר־שבע האבען אידען געקאנט רוהיג לעבען „יעדער אונטער זיין ווייגשטאק אונ אונטער זיין פייגענבוים“.

דער ענטוויקעלטער מסחר, דער אלגעמיינער וואוילשטאנד און די בירגערליכע זיכערהייט האבען צוגעצויגען ביסלעכוויז רייכע שכנות'דיגע משפחות פון מואב, עמון, אדום און מצרים צו בעזעצען זיך אין ארץ־ישראל. ווי עס שיינט, האט אויך דער אידישער גאטעס־דיענסט אינ'ם פרעכטיגען בית־המקדש אין ירושלים, ווי בכלל די ריינע אידישע רעליגיע, צוגעצויגען זעהר שטארק די אויסלענדער צו קומען אין אידישען לאנד און בעשיצען זיך „אונטער די פליגלען פונ'ם אידישען גאט“. דאס אידישע פאלק, זיין לאנד און זיין גאט זענען אין שלמה'ס צייטען וויים און ברייט בעוואוסט געווארען. די אידישע רייזענדער אויף די וויימע ימים, וועלכע האבען בעזוכט אזוי פיעל האפענס, פרעמדע לענדער און מערק, און די אידישע סוחרים, וועלכע פלעגען קומען אין בעציהונג מיט די אויסלענדישע איינוואהנער, האבען געבראכט די ווייטעסטע פעלקער און שפראכען די ערשטע ידיעה פונ'ם אידישען פאלק און זיין איינציגען גאט. די אידישע ים־רייזענדער און סוחרים זענען, אונבעוואוסט, געווען די ערשטע שלוחים, וואס האבען פערשפרייט דעם גלויבען אין א'נ'איינציגען גאט צווישען די געצענדיענער.

אין א געוויסען טאג איז מען אין ירושלים איבעראשט געווארען מיט א מערקווירדיגען גאסט. א קלוגע קעניגין פונ'ם ווייטען לאנד שבא, וועלכעס איז בעוואוסט מיט זיינע בעריהמטע בשמים, וואס וואקסען דארט, אויפ'ן דרום־אראבישען ברעג פון רויטען ים, איז געקומען פלוצלונג מיט איהרע פיעל בעגלייטער קיין ירושלים, ווייל זי האט געהערט פיעל פון שלמה'ס גדלות און פון דער גרויסקייט פונ'ם אידישען גאט. זי האט דעריבער געוואלט זעהען מיט די אייגענע אויגען און איבערצייגען זיך אליין, צי איז עס אמת אלץ, וואס מען האט איהר ערצעהלט, אדער נישט. נאכדעם, ווי שלמה האט אויפגענומען די קעניגין מיט גרויס כבוד און אויפמערקזאמקייט, האט די קעניגין לאנג גערעדט מיט איהם און האט בעוואונדערט זיין חכמה, דעם בית־המקדש, וועלכען ער האט אויפגעבויט, און די גרויסע ארדנונג אין זיין קעניגליכען הויף, ווי אויך די פראכט, מיט וועלכער ער האט זיך ארומגערינגעלט. ווי מען דערצעהלט, האט די קעניגין אויסגעפרובט זיין חכמה דורך די רעטענישען, וועלכע זי האט איהם פארגעלעגט, און וועלכע ער האט איהר אלע ריכטיג ערקלערט.

דער גרויסער גלאנץ פון שלמה'ס רעגירונג, סיי אין דער מלוכה גופא, סיי פון אויסענווייניג, האט אבער אויך געבראכט די פערדערבענדע זאמען, וועלכע האבען מיט דער צייט נעדארפט צושטערען דאס, וואס מען האט אויפגעבויט דורך אזוי פיעל מיה. נישט קוקענדיג אויף דער

אין א געבירגיג לאנד איז עס נישט קיין לייכטע זאך, צו מאכען ווייטע רייזען מיט שווער־בעלאדענע קעמלען און בפרט מיט פערד און וואגענס, וויל דא קומט אויס ארויפצושטייגען אויף א הויכען בארג, און דא ארונטערצולאזען זיך אין א טיפען טהאל, כמעט פון א גלייכ־שטעהענדער וואנד אראב, און דא ווידער טרעפט מען גאר אויף בערג שטיינער, וועלכע פערשטעלען דעם וועג. שלמה האט דעריבער געלאזט דורכפיהרען גרויסע וועגען איבער'ן גאנצען לאנד, און דערביי האט ער אויך געלאזט אויסבויען די שטאדט תדמור אין דעם מדבר (שפעטער איז זי בעוואוסט געווען מיט'ן נאמען פאלמירא), וועלכע האט געשפיעלט א גרויסע ראליע אין די שפעטערדיגע צייטען און איז נאך אויך בע־וואוסט געווען אין די צייטען פון די רוימער, אלס א שטאדט, וואס איז פול לעבען און שטארק בעפעלקערט.

אט אזוי האט עס שלמה איינגעארדענט די אידישע מלוכה אין יעדער ריכטונג און געזארגט אויך פאר דער ווייטער צוקונפט. שלמה האט נישט געהאט ביי זיך קיין קלוגען ראטגעבער, ווי זיין פאטער דוד האט געהאט אחיתופל'ן, ווער עס זאל איהם ראטען, ווי אזוי איינצו־פיהרען ארדנונג אין דער מלוכה. שלמה איז אבער אליין געווען א גרוי־סער חכם. ער האט אויך פערשטאנען, ווי אזוי אויסצוקלייבען גוטע מיט־העלפער און בעאמטע, וועלכע זאלען פינקטליך אויספיהרען אלע זיינע בעפעהלען, און פערווירקליכען זיינע גרויסע פלענער. זיין מלוכה איז געווארען אזוי גרויס, און זיין אייגענע הויפט־שטאדט אזוי בעפעלקערט, זיין הויז אזוי רייך, אז ער האט געמוזט האבען זעהר פיעל גוטע בע־אמטע, צו קאנען האלטען איבעראל גוטע ארדנונג. פאר זיין גרויסען הויף, אין וועלכען ס'האבען אנגעהויבען צו קומען אפט פיעל פרעמדע געסט, האט מען געמוזט האבען אנ'אויפזעהער איבער'ן קעניגליכען פאלאץ מיט אנ'אונבעגרענצטער מאכט. איבער די קנעכט, וועלכע האבען געדארפט שווערע ארבייט טהון, האט מען געמוזט האבען א גוטען אויפ־זעהער, וועלכער זאל האלטען צווישען זיי ארדנונג און צווינגען זיי, צו געהארכען און צו דערפילען אלע פאדערונגען

ארץ־ישראל איז, דורך דער אינערליכער מוסטערהאפטער ארדנונג, דורך דער אויסברייטונג פון די גרעניצען און דער עשירות, וועלכע שלמה האט פיעל אנגעזאמעלט, געווארען א גרויסע פעסט־בעגרינדעטע מלוכה, וועלכע האט געקאנט זיך שטעלען געגען די דאמאלסדיגע גרעסטע וועלט־מלוכות — אשור און מצרים. מלכים און פעלקער, וועלכע האבען צווישען זיך קריעג געפיהרט, זענען געקומען צום הערשער פון דער גרויסער אידישער מלוכה, מיט דער ביטע, אז ער זאל זיין א שופט צווישען זיי און ארויסזאגען זיין משפט. די גרעסטע ברכה פון שלמה'ס רעגירונג איז אבער געווען דער שלום פון אויסענווייניג און די זיכערהייט אינ'ם לאנד

ביי'ם בויען דעם בית־המקדש און די פאלאצען, איז געווען אויך איינער פון שבט אפרים, א מענש מיט א שארפען קאפ, מיט א שטארקען מוט און מיט א שטרעבען צו כבוד. דאס איז געווען ירבעם דער זוהן פון נבט פונ'ם שטעדטעל צרדה, וואס איז געלעגען נישט וויים פון ירדן, א זוהן פון דער אלמנה צרועה. דיענענדיג אלס אויפזעהער איבער די בעפעסטי־גונג פון די מויערען ארום ירושלים, האט ירבעם ארויסגעוויזען א פעסט־קייט פון כאראקטער געגען די קנעכט, און שלמה איז מיט איהם שטארק צופריעדען געווען, און האט איהם בעשטימט פאר אנ'אבער־בעאמטען און פאר א שר איבער די שבטים אפרים און מנשה. דא האט ירבעם געהאט די געלעגענהייט אויסצוהערען די אונצופריעדענהייט פונ'ם פאלק מיט דער שווערער משא פון אבצאהלונגען און ארבייטען, וואס דער קעניג שלמה האט ארויפגעלעגט אויף איהם. אזא אונצופריעדענהייט האט זיך שטענדיג געשפירט שטארקער אינ'ם שבט אפרים, איידער אין די אנדערע שבטים. פאר ירבעם'ס געהיימע פלענער און פאר זיין גרויסער ליעבע צו כבוד איז די דאזיגע אונצופריעדענהייט געווען א געוואונשענע זאך; ירבעם האט זיך פעסט ענטשלאסען זי אויסצונוצען, ער האט נאר געווארט אויף א גינסטיגער געלעגענהייט. די דאזיגע געלעגענהייט האט זיך באלד געפונען. שלמה האט בעגאנגען א גרויסען פעהלער, ערלויי־בענדיג די פרעמדע איינוואהנער פון ירושלים, צו בויען פאר זיך אין שטאדט מזבחות פאר זייערע אבגעטער. צי איז דאס פארגעקומען צוליעב דעם, וואס זיינע פרעמדע פרויען האבען ביי איהם אויף דער עלטער ארויסבעקומען די דאזיגע ערלויבניש, אדער אז די אויסלענדער, בעזונדערס די פעניקיער, האבען טאקי לכתחלה זיך אויסגעדונגען די דאזיגע פרייהייט פאר זיך, בשעת שלמה האט מיט זיי א בונד געשלאסען, סיי־ווי־סיי — אויפ'ן הר הזיתים האבען זיך בעוויזען מזבחות פאר דער געטין פון צידונים, עשתרות, ווי אויך פאר אנדערע אבגעטער. דאס אידישע פאלק איז נאך נישט געווען גענוג געשטארקט אין גלויבען אינ'ם איינציגען אידישען גאט, אז מען זאל נישט ארייגפאלען צוריק אין דער געצענדיענערייי. א נביא האט געהאט דעם מוט אויפמערקזאם צו מאכען דעריבער דעם קעניג און צו דראהען איהם, אז ער קאן דע־ריבער פערליערען די הערשאפט איבער אידען. שלמה האט אבער, ווי עס שיינט, נישט אכטונג געגעבען אויף דער דאזיגער אזהרה. דער נביא אחיה פון שילה איז דעריבער שטארק בייז געווארען אויף שלמה'ן און האט אויסגעקליבען ירבעם בן נבט פאר א אינסטרומענט צו בעשטראפען דורך איהם דעם קעניג שלמה. ווען ירבעם איז איינמאל ארויסגעקומען פון ירושלים, איז צו איהם צוגעגאנגען דער נביא און, אננעהמענדיג זיין אויבער־קלייד, האט ער עס צוריסען אין צוועלף טייל און איבערגעגעבען איהם צעהן פון זיי, ערקלערענדיג דערביי: „נעהם די דאזיגע צעהן שטיק, זיי בעדייטען צעהן שבטים, וועלכע וועלען זיך אבנייסען פון דוד'ס הויז,

פעראייניגענדער קראַפט, וועלכע האָט געשטעקט אין בית־המקדש, וואָס איז דאָך געווען דער סימבאָל פון דער אחדות, נישט קוקענדיג אויף דער בעמיהונג, וועלכע שלמה האָט אַנגעווענדעט צו מאַכען אַ סוף מיט דער אַבגעזונדערטקייט פון די שבטים איינע פון די אַנדערע, איז אַבער איהם פאָרט נישט געלונגען צוזאַמענצושמעלצען אַלע שבטים אינאיינעם און מאַכען פון זיין אַ יין גאַנץ פאָלק. נאָר דער שבט בנימין האָט זיך פעסטער פעראייניגט מיט'ן שבט יהודה, ווייל ירושלים און דער בית המקדש זענען געווען געבויט אין'ם לאַנד פון שבט בנימין, און אַנגע־זעהענע מענשען אין שבט בנימין האָבען זיך בעזעצט אין דער הויפט־שטאָדט. דאַגעגען אַבער האָט נישט אויפגעהערט דער פרוד צווישען די איבעריגע שבטים פון איין זייט און דעם שבט יהודה פון דער צווייטער, אָדער צווישען די שבטים פון די דרום־ און צפון־קאַנטען פון ארץ ישראל. צווישען די צפון־שבטים האָט זיך געטליעט אַ פונק פון אונצופריעדענ־הייט מיט שלמה'ן, חאָטש ער האָט זיי געבראַכט צו אַ גרויסען וואויל־שטאַנד; זיי האָבען נאָר געפיהלט דעם יאָך, וואָס שלמה האָט אויף זיי אַרויפגעלעגט צוצושטעלען רעגעלמעסיג פאַר זיין קעניגליכען הויף נאַטור־פראָדוקטען, ווייל שלמה האָט איינגעטיילט דאָס גאַנצע לאַנד אין צוועלף ווילקירליך צוזאַמענגעשטעלטע חלקים, און יעדער פון זיי האָט געמוזט איין מאָנאַט אין יאָהר צושטעלען פאַר'ן קעניגליכען הויף אַלץ, וואָס איז נויטיג געווען אין עסענווארג און דער פראַכטפולער אויסהאַלטונג פונ'ם קעניגליכען הויף, ווי אויך אַלץ, וואָס מען האָט געברויכט צו האָבען פאַר די פיעל פערד פונ'ם קעניג. איבער יעדען פון די צוועלף חלקים, אָדער לענדער, איז געווען געשטעלט אַ בעזונדערער בעאַמטער, וועלכער האָט געדאַרפט בעאָבאַכטען, אַז די נויטיגע פראָדוקטען זאָלען צוגעשטעלט ווערען אין דער בעשטימטער צייט און אין פולער מאָס. צוויי פון די דאָזיגע בעאַמטע זענען געווען שלמה'ס איידעמס. צוליעב דער דאָזיגער איינטיילונג פונ'ם לאַנד, איז צוריסען געוואָרען דער פער־באַנד, וועלכער האָט פון אייביג אָן פעראייניגט יעדען שבט אין אַ בע־זונדערען אָרגאַניזם. די דאָזיגע נייע רעפאָרם, ווי אויך דאָס, וואָס מען האָט געצוואונגען די שבטים צוצושטעלען אַרבייטער אויף צו בויען דעם בית־המקדש און די קעניגליכע פאַלאַצען — אָט דאָס אַלץ צוזאַמען האָט ענטוויקעלט די אונצופריעדענהייט צווישען די שבטים ביז דער העכסטער מדרגה. די אונצופריעדענע האָבען זיך אפילו פערהאַלטען שטיל, אַבער זיי האָבען נאָר געדאַרפט האָבען אַ געלעגענהייט, כדי אַז דער אויפשטאַנד זאָל אויסברעכען עפענטליך. ווי קלוג שלמה איז געווען, האָט ער דאָך נישט קלאָר אויסגערעכענט די צוקונפט; און די פעהלערען, וואָס ער האָט געמאַכט, האָבען אונטערגעגראָבען די פונדאַמענטען פון זיין מלוכה.

צווישען שלמה'ס בעאַמטע, וועלכע האָבען געהאַט די אויפזיכט

בעמערקט, וועלכעס האָט אָבער שפּעטער געבראַכט פיעל שאָדען דעם אידישען לאַנד. איינער פון די דיענער פון'ס קעניג הדדעזר פון צובה, וועלכען דוד האָט איינגענומען, רזון דער זוהן פון אלידע, האָט, נאָך דער מפּלה פון זיין קעניג, צוזאַמענגענומען אַ קליינע מחנה רויבער, וועלכע פלעגען מאַכען רויב-אָנפאַלען אין דער געגענד צווישען דעם טייך עפראַט און די בערג-קייטען, וואָס האָבען זיך געצויגען פון'ם לבנון אין צפון-זייט. דורך גליקליכע אָנפאַלען איז רזון'ס מחנה גרעסער און פערשטאַרקט געוואָרען און, צוזאַמען דערמיט, איז ביי איהר אויך דער מוט אויסגעוואַקסען. לסוף איז דעם רויבער רזון געלונגען איינצונעהמען די שטאָדט דמשק, און ער האָט זיך ערקלערט דאָרט פאַר אַ קעניג. רזון האָט זיך בעצויגען זעהר פיינדליך צו אידען און צו זייערע פערבינדעטע פעלקער אין צפון-זייט; ער פלעגט מאַכען דאָרט אָפטע אָנפאַלען, און שלמה האָט איהם דערין נישט געקאָנט שטערען. אַזוי אַרום האָבען זיך ענטוויקעלט אין פערשיעדענע ערטער גרויסע פיינדליכע קרעפטען פון גאַנץ קליינע, און זיי אַלע זענען אַרויסגעטראָטען געגען שלמה'ן אין אָנהויב מיט זייערע אָנפאַלען, און יענער צייט וואָלט מען זיי נאָך געקאָנט לייכט פערניכטען; מען האָט דאָס אָבער נישט געטהון, און מיט דער צייט זענען פון זיי אויסגעוואַקסען גרויסע, מעכטיגע שונאים פון אידישען פאָלק, וועלכע האָבען נישט אויפגעהערט איהם צו ברענגען שאָדען און פערדערבען.

דערצו האָט נאָך אויך געדאַרפט קומען אַ גרויסע שפּאַלטונג אין דער אידישער מלוכה גופא; אידען איז נישט בעשערט געווען צו בלייבען אַ שטאַרק פאָלק אונטער אַ שטאַרקער מלוכה אין אַ גרויסען לאַנד. שלמה האָט אָבער געהאַט דאָס גליק נישט צו זעהען מיט זיינע אויגען, ווי זיין גרויסע מלוכה הויבט אָן אָבגעשוואַכט ווערען און פונאַנדערצופאַלען. ער איז געשטאָרבען אין פריעדען, אַ יאָהר זעכציג אַלט (אין יאָהר 1047 פאַר'ן צווייטען חורבן — 977 פאַר דער געוועהנליכער צייט-רעכענונג), נאָכדעם ווי ער האָט געקעניגט פיערציג יאָהר. צו קבורה איז שלמה געקומען מיט גרויס כבוד אין די קברים פון די אידישע מלכים, וועלכע דוד האָט געגרינדעט אויפ'ן באַרג ציון. שפּעטער האָט מען דערצעהלט, אַז דוד און זיין זוהן שלמה האָבען אָנגעזאַמעלט אין דער הייהל ביי די קברים גרויסע אוצרות פון גאָלד און אבנים טובות, און די שפּעטערדיגע אידישע מלכים זאָלען זיי האָבען אויסגענוצט אויף זייערע בעדערפענישען. קיין פיעל זיהן האָט שלמה, ווי עס שיינט, נישט איבערגעלאָזען, חאָטש ער האָט געהאַט פיעל פרויען. דער טהראָן איז איבערגעגאַנגען צו זיין זוהן רחבעם, וועלכען ס'איז בעשערט געווען מיט די אייגענע הענד צו צעריסען די אידישע מלוכה אויף צוויי טיילען.

און די זאָלסט איבער זיי קעניג ווערען". מעהר האָט ירבעם נישט געד ברויכט, כדי צו שמידען וויטער פּלייסיגער זיינע גרויסע פּלענער: אַ נביא האָט זיי געהיילינגט דורך זיין וואָרט. ירבעם איז באַלד אַבגע־ גאַנגען צום שבט אֶפרים, צוזאַמענגערופען די עלטסטע פונ'ם שבט און גערעטן אָבצוזייסען זיך פון דוד'ס הויז. שלמה האָט דערוויל בייצייר טענס זיך דערוואוסט דערפון: איידער דער אויפשטאַנד האָט נאָך אויס־ געבראָכען, האָט ער געשיקט זיינע שלוחים צו טויטען ירבעם בן נבט. אָבער ירבעם איז בייצייטענס ענטלאָפען קיין מצרים.

אינ'ם דאַזיגען לאַנד איז דאַמאָלס אויפגעשטיגען אויף'ן טהראָן אַ נייע קעניגליכע פאַמיליע. אונטער דעם ערשטען קעניג פון אַט דער פאַמיליע, שישק, איז צוריסען געוואָרען דער בונד, וועלכער איז געווען צווישען ארץ ישראל און מצרים, אַ בונד, וואָס איז געשלאָסען געוואָרען, בשעת שלמה האָט זיך מתחתן געווען מיט דער טאָכטער פון מצרים'ער קעניג. שישק האָט גאַר אָנגעהויבען טראַכטען, ווי אַזוי צו ברענגען שאָדען דער אידישער מלוכה, וועלכע איז געוואָרען צו־שטאַרק און זיינע אויגען. ער האָט דעריבער אויפגענומען פריינדליך שלמה'ס פיינד, ירבעם. שישק האָט מיט אַ קורצער צייט פריהער געהאַט אויפגענומען פריינדליך נאָך איין אידישען פיינד, דעם פירשט פון אֶדום, הדד, וועלכער האָט זיך בעזונדערס אָרומגעטראָגען מיט נקמה־געדאַנקען געגען דעם אידישען פאָלק. הדד האָט געשטאַמט פון אַ קעניג פון אֶדום, וועלכען דוד האָט מנצח געווען, און נאָר על פי סבה איז ער נצול געוואָרען פון יואָב'ס שווערד, בשעת יואָב האָט הארט בעשטראָפט דאָס פאָלק אֶדום פאַר זייער אויפשטאַנד געגען דוד'ן. ווי נאָר שישק האָט איינגענומען פאַר זיך דעם טהראָן פון מצרים, איז הדד געקומען צו איהם און אויפ־ גענומען געוואָרען אויך אַזוי פריינדליך, ווי דערנאָך ירבעם. הדד האָט אָבער נישט געטראַכט צו בלייבען אין מצרים; עס האָט איהם געצויגען צוריק אַהיים, קיין אֶדום, כדי צו בעקומען צוריק זיין לאַנד און זיין טהראָן. און ער האָט טאַקי מיט שישק'ס הילף אויסגעפיהרט זיין פּלאַן, דען ער האָט געוואוסט, אַז דער קריעגערישער גייסט ביי אידען, וועלכער האָט געהערשט אונטער דוד'ן און יואָב'ן, איז אויסגעלאָשען געוואָרען אין שלמה'ס צייטען. הדד האָט דעריבער צונויפגענומען אַ קליינע מחנה און איז געקומען באַלד צוריק קיין אֶדום, פון וואַנען ער האָט אָנגעהויבען מאַכען אָנפאַלען אויף שלמה'ס קאַראַוואַנען, וועלכע זענען געגאַנגען בעלאָדען מיט סחורה צווישען רויטען ים ביי אֵלות און דער הויפט־ שטאָדט ירושלים. שלמה'ס מחנות זענען נישט געווען אימשטאַנד צו בעזיעגען איהם, ווייל הדד האָט מיט זיין קליינער מחנה זיך אויסבעהאַל־ טען אין פערשיעדענע ערטער אין בערג און טהאָלען.

נאָך אַנ'אַנדער קליינער וואָלקען האָט זיך צוזאַמענגעצויגען אין צפון־זייט פון ארץ ישראל, אַ וואָלקענדעל, וועלכען שלמה האָט נישט

צו בעטייליגען זיך אין דער בעראטונג אין שכם, כדי דאדורך צו געבען א כאראקטער פון א פאלקס־ווילען די נייע פאדערונגען, וועלכע מען האט זיך געקליבען ארויסצושטעלען דעם קעניג. קודם־כל האט מען בעשלאסען, אז די „עלטסטע“ זאלען נישט געהן אליין קיין ירושלים, אנצוערקענען רחבעם'ן פאר א מלך, נאר מען זאל איהם איינלאדען, צו קומען אליין קיין שכם, וואו מען וועט איהם אנערקענען פאר א מלך און בעגריסען. רחבעם האט זיך בעשלאסען אנצונעהמען די דאזיגע איינלאדונג, ווי עס שיינט, זעהר אונגערן; ער האט אבער געהאפט, אז אין זיין געגענווארט וועט מען זיך נישט דערוועגען אויפצוהויבען א אויפשטאנד. דאס איז געווען זעהר א וויכטיגער מאמענט אין דער אידישער געשיכטע, א מאמענט, וועלכער האט געדארפט האבען זעהר שווערע און טרויעריגע פאלגען אין דער וויטער צוקונפט.

רחבעם איז אוועק קיין שכם אין דער בעגלייטונג פון זיינע ראט־געבער, — די עלטערע, וועלכע זענען געשטאנען פאר זיין פאטער שלמה, און די יונגערע, מיט וועלכע ער איז צוזאמען ערצויגען געווארען. אויף יעדען פאל האט ער אויך גענומען מיט זיך דעם בעאמטען איבער די ארבייטער־קנעכט, אדונירם, וועלכער איז געוואהנט געווען צו צווינגען די קנעכט צו געהארכען מיט זיין פינסטערן, שטרענגען בליק און מיט דער בייטש אין דער האנד. ווען רחבעם איז געקומען קיין שכם, זענען צו איהם געקומען די עלטסטע פון די שבטים, ארויסצושטעלען פאר איהם זייערע טענות און בעקלאגען זיך אויף דער שווערער לאגע. אלס רעדנער פאר'ן קעניג איז ארויסגעטראטען ירבעם, וועלכער האט געשטעלט די פאדערונג פון פאלק בכיון און זעהר א שארפער פארם: „דיין פאטער האט ארויפגעלעגט אויף אונז א שווערען יאך און געפאדערט פון אונז שווערע ארבייט; אויב דו וועסט דעם דאזיגען שווערען יאך גרינגער מאכען, וועלען מיר דיר זיין אונטערטעניג“.

איבערראשט פון אזא דרייסטען, שארפען ארויסטריט, האט רחבעם, נאטירליך, אויך געענטפערט מיט צארן, אז ער וועט זיי געבען א'ן ענטפער אין דריי טעג ארום, און האט דעריבער אבגעהאלטען א בעראטונג מיט זיינע לייט. די עלטערע יועצים האבען איהם גערעטען, אז ער זאל [?]אויספירן מילד און נאכגעבענד; די יונגערע, דאגעגען, האבען איהם גערעטען, צו ענטפערען שטרענג. דער נישט קלוגער קעניג האט געפאלגט זיינע יונגערע יועצים. און ווען די דריי טעג זענען אריבער, און די עלטסטע פון די שבטים זענען צוזאמען מיט ירבעם'ן געקומען נאך א תשובה, איז ער ארויסגעטראטען פאר זיי מיט א'ן ענטפער, וואס ער האט געמיינט, דאס עס וועט ווירקען אויף זיי, ווי א דונער־שלאג: „מיין קליינער פינגער — האט רחבעם צו זיי געזאגט — איז שטארקער פאר מיין פאטער'ס לענדען! און אויב ער האט אייך געשטראפט מיט רוטער,

## פינפטעס קאפיטעל.

# די שפּאַלטונג אין דער אידישער מלוכה.

**(פון יאהר 1047 ביז 957 פאר'ן צווייטען חורבן, אָדער פון יאהר 977 ביז 887 פאר דער געוועהנליכער צייט־רעכענונג).**

צום ערשטען מאָל, זינט די אידישע מלוכה איז געגרינדעט געוואָרען, האָט נאָך שלמה'ס טויט געקאָנט ארויפגעהן אויפ'ן אידישען טהראָן א נייער מלך אָהן בלוט־פערגיסונג און אָהן אונרוהיגער בעוועגונג. גליקליכער ווי זיין פאָטער און זיין זיידע, האָט רחבעם געקאָנט רוהיג איבערנעהמען די רעגירונג איבער דעם לאַנד, וועלכעס איז שוין איצט געוועזען א גרויסע, מעכטיגע מלוכה; זיינע גייסטיגע קרעפטען זענען אָבער געוועזען זעהר שוואַך; ער האָט קיין שום שפור אין זיך נישט געהאַט פון דער גרויסקייט פון זיין פאָטער און נאָך וועניגער פון זיין זיידען, דוד. ער איז געוועזען אַזוי וועניג זעלבסטשטענדיג, אַז ער האָט זיך נישט געקאָנט געפינען אַליין קיין עצה. ער האָט נישט געהאַט קיין העלדישען גייסט, נישט קיין פערשטאַנד פאַר אמת'ער גרויסקייט. דער טהראָן איז געוועזען פאַר איהם בלויז אַ זאַך, וואָס האָט איהם געדאַרפט פערשאַפען פערגניגען און פערזיסען דאָס לעבען. אָט די דאָזיגע שוואַכקייט זיינע האָט אויסגענוצט זיין שונא, וואָס האָט אין דער אידישער מלוכה געמאַכט אַזאַ שפּאַלטונג, וועלכע האָט שוין מעהר קיינמאָל נישט געקאָנט אויסגעבעסערט ווערען.

ירבעם בן נבט, פון שבט אפרים, וועלכער האָט אין די לעצטע יאָהרען פון שלמה'ס רעגירונג אויפגעהויבען די פאָהן פון אויפשטאַנד און געמוזט ענטלויפען קיין מצרים, ווייל ער האָט אין'ם ערשטען מאָמענט נישט געהאַט קיין ערפאָלג, האָט זיך אומגעקעהרט צוריק אַהיים, ווי נאָר ער האָט זיך דערוואוסט, אַז שלמה איז געשטאָרבען. ווי עס שיינט, האָט זיין פריינד, דער קעניג פון מצרים, שישק, איהם מיטגעהאָלפען דערצו. ווי נאָר דער דאָזיגער ענערגישער אפרים־זוהן איז צוריקגעקומען קיין שכם, וועלכע איז געוועזען די צווייטע גרעסטע שטאָדט אין דער מלוכה און האָט זיך שטענדיג אויסגעצייכענט מיט איהר אונרוהיגער שטימונג, — האָט זיך באַלד אָנגעהויבען אין שבט אפרים א געהיימע קאָכעניש, וואָס האָט זיך ענדליך אויסגעגאָסען אין אַ גרויסע פאָלקס־פערזאַמלונג, אין וועלכער ירבעם איז אַרויסגעטראָטען מיט זיינע עצות, וועלכע שריט מען דאַרף אונטערנעהמען, כדי צו בעפרייען זיך פונ'ם דעספּאָטישען רעזשים, צו בעקומען פרייהייט. מען האָט אויך איינגעלאַדען פון די איבריגע צעהן שבטים די „זקנים" — די עלטסטע,

ער, ווי ס'פֿערשטעהט זיך, אָנגעהויבען צו טראַכטען וועגען בעטשראַפֿען די
איינוואָהנער פֿון שכם און זיי צווינגען אָנצוערקענען איהם פֿאַר אַ קעניג. און
דאָס וואָלט אפשר טאַקי געלונגען, ווען ירבעם וואָלט נישט אָנגענומען
אַלע מיטלען צו פֿערשטאַרקען דאָס פֿייער, וואָס האָט אויסגעבראָכען, און
וואָס מעהר אויפֿצוהעצען דעם שבט אֶפרים, ער זאָל זיך אָבּרייסען פֿון
שבט יהודה און ווערען זעלבּסטשטענדיג מיט אַ אייגענעם קעניג, און
דאָס אַלץ, נאַטירליך, מיט דער כּונה, אַליין צו ווערען אַ קעניג, וואָס
ס'האָט איהם טאַקי געלונגען. די איינוואָהנער פֿון שכם האָבען איהם
אויסגערופֿען פֿאַר אַ קעניג און האָבען אויך/צוגעצויגען פֿיעל פֿון די
איבּריגע שבטים, און דאָס אידישע פֿאָלק איז צושפּאָלטען געוואָרען אין
צוויי מלוכות: דאָס הויז ישראל און דאָס הויז יהודה.

און דאָ וואָלט געוויס אויסגעבראָכען אַ גוואַלדיג-בּלוטיגע בּרידער-
שלאַכט. רחבעם האָט שוין געהאַט פֿערזאַמעלט זיינע מחנות צו געהן
אויף שכם, אָבער דער נביא האָט געוואָרענט די שבטים בנימין און
יהודה אין גאָט'ס נאָמען, ניט אָנצוהויבען די מלחמה; „טרעט ניט אַרויס
אין מלחמה געגען אייערע בּרידער פֿון הויז ישראל—האָט דער נביא צו זיי גע-
זאָגט—וויל די שפּאַלטונג האָב איך אַליין פֿאַרגעבּרייט!“ און צו קיין
ערנסטער מלחמה צווישען די בּיידע בּרידערליכע מלוכות איז נישט גע-
קומען.

כּדי אָבער נישט צו זיין געניויט שטענדיג צו זיין בעוואָפֿענט און
זיך היטען איינע פֿאַר די אַנדערע, האָבען בּיידע מלכים, רחבעם און
ירבעם, געזוכט די פֿריינדשאַפֿט פֿון די אַרומיגע פֿעלקער. כּדי שטאַרק
צו ווערען דורך אַ פֿריינדשאַפֿטליכער פֿערבּינדונג און נישט דאַרפֿען
מורא צו האָבען פֿאַר'ן געגנער ירבעם, האָט רחבעם געשלאָסען אַ בּונד
מיט דער נייער מלוכה פֿון דמשק, און דאַדורך געהאַלטען ירבעם'ן
שטענדיג אין ציטערניש; דאַגעגען, ירבעם האָט געשלאָסען פֿריינדשאַפֿט
מיט מצרים און געהאַלטען דאַדורך אין שרעק רחבעם'ן.

כּדי צו קאָנען זיך בעשיצען אין דער זעלבער צייט אי פֿון
מצרים, אי פֿון ישראל, האָט רחבעם געלאָזט בעפֿעסטיגען פֿיעל שטעדט
אין יהודה און בנימין; די דאָזיגע פֿעסטונגען האָבען געדאַרפֿט אָבּהאַל-
טען דעם פֿיינד צו קאָנען קומען קיין ירושלים. דער קעניג פֿון מצרים,
שישק, האָט זיך אָבער דערפֿאַר נישט דערשראָקען און האָט אונטער-
גענומען אַ גרויסע מלחמה געגען דעם קעניג רחבעם, און איז אַוועק
אויף ירושלים מיט אַ זעהר גרויסער אַרמעע, פֿוסגעהער, רייטער און
קריגס-וואָגענס. און, ווי עס שיינט, האָט רחבעם זיך גאָרנישט גע-
שטעלט אפילו געגען איהם, נאָר אַליין געלאָזט עפֿענען די טויערען פֿון
דער שטאָדט פֿאַר'ן פֿיינד. שישק האָט דעריבער די שטאָדט נישט פֿער-

װעל איך אײַך שטראָפֿען מיט שאַרפֿע דערנער". אַזאַ ענטפֿער האָט טאַקי ירבעם ערװאַרטעט. און דערויף האָט ער געהאָפֿט, און װענדענדיג זיך צו די עלטסטע פֿון די שבטים, האָט ירבעם, װעלכער האָט פֿון אָנהויב־אָן געטראַכט נאָר װעגען אַ שפּאַלטונג, אויסגערופֿען: „װאָס פֿאַר אַ חלק האָבען מיר אין דוד'ן, און װאָס פֿאַר אַ שייכות צו ישי'ס זוהן? אַהיים געהט, צוריק אין אײַערע געצעלטען, איהר קינדער ישׂראל, און דו, דוד, היט דײַן אײגען הויז!". ער האָט באַלד אַרויסגעשטעלט די פֿאָהן פֿון אויפֿשטאַנד און פֿערזאַמעלט אַרום זיך די אײנװאָהנער פֿון שכם, װעלכע האָבען זיך גערן מיט איהם פֿעראײניגט, כּדי אַרויסצװײזען זײער פֿײנדשאַפֿט געגען רחבעם'ן. די גאַנצע קנאה, װעלכע דער שבט אפרים האָט לאַנג געטראָגען טיעף פֿערבאָרגען אין האַרצען אין דער צײט פֿון דוד און שלמה געגען דעם שבט יהודה, און דער װעהטאָג, װאָס אפרים האָט געשפּירט דערפֿון, װאָס דער מלך שטאַמט נישט פֿון איהם, — אָט דאָס אַלץ האָט איצט פּלוצלינג זיך געעפֿענט און אַרויסגעשװאָומען פֿרײַ. דער שבט אפרים האָט אויסגענוצט די געלעגענהײט, כּדי אָבצורײַסען זיך פֿון דוד'ס טהראָן און װידער, װי אַמאָל, אין דער צײט פֿון די ריכטער, שטעלען זיך אין דער שפּיץ פֿון אַלע איבריגע שבטים. מיט װאָפֿען אין די הענד און מיט ירבעם בן נבט בראש האָבען די אײנװאָהנער פֿון שכם זיך אַ לאָז געטהון צום הויז, װאו רחבעם האָט זיך געפֿונען. רחבעם האָט אַרויסגעשיקט זײַן אַנטקעגען זײַן שׂר אדונירם, ער זאָל זײ צוטרײַבען, אַזוי װי מען צוטרײַבט צובונטעװעטע קנעכט. די אײנװאָהנער פֿון שכם האָבען איהם אָבער בעגעגענט מיט אַ האָגעל שטײנער און דער'הרג'עט. װען רחבעם האָט דערזעהן, אַז אויך זײַן לעבען איז אין סכּנה, האָט ער זיך געשװינד אַרײַנגעכאַפּט אין זײַן װאָגען, איז ענטלאָפֿען פֿון שכם און געקומען צוריק קײן ירושלים.

קומענדיג אַהײם, האָט רחבעם גלײַך אַ קוק געטהון, װי האַלט עס מיט די איבריגע שבטים, װי גרויס איז די צאָהל פֿון זײַנע געטרײַ־געבליבענע פֿרײַנד, צי װעלען אויך די איבריגע שבטים נישט נאָכטהון די אײנװאָהנער פֿון שכם? װעגען דעם האָט ער זיך אָבער באַלד בערוהיגט. דער שבט יהודה, װעלכער איז ענג צוזאַמענגעװאַקסען געװען מיט דוד'ס הויז, איז געטרײַ געבליבען דעם קעניג. דער שבט שמעון איז, אין אַלץ געװען אַזאַ געטרײַער אָנהענגער פֿון שבט יהודה, אַז ער האָט גאָרנישט געטראַכט װעגען זעלבסטשטענדיגקײט; און אויך דער שבט בנימין איז געטרײַ געבליבען דעם קעניג רחבעם, װײַל בנימין איז שוין געװען ענג צוזאַמענגעבונדען מיט'ן שבט יהודה דורך דער הויפּט־שטאָדט ירושלים, װאו עס האָבען געװאָהנט מעהר מענשען פֿון שבט בנימין אײדער פֿון שבט יהודה. די דאָזיגע דרײַ שבטים האָבען, אַלזאָ, געהאַלטען פֿעסט מיט'ן קעניג רחבעם. װי נאָר רחבעם האָט זיך פֿערזיכערט פֿון אָט דער זײַט, האָט

נאָך די ערשטע אָבגעזאָגט איהם צו פאָלגען און צו ערפילען זיינע פאָ־דערונגען, צו זיין איהם געהאָרזאַם. ווי עס שיינט, איז עס געקומען צו שאַרפע רייבונגען צווישען די איינוואָהנער פון שכם און ירבעם, דען ער האָט זיך אַרויסגעצויגען פון שכם און געבויט די שטאָדט פנואל, אָבער אויך דאָרט איז עס איהם נישט געגאַנגען אַמבעסטען און ער האָט זיך בעזעצט אין תרצה (איצט הייסט די שטאָדט טאַלוזאַ).

אין די אינערליכע אַנגעלעגענהייטען פון זיין נייער מלוכה האָט ירבעם געמוזט איינפיהרען אַ וויכטיגע נייעס: צוליעב געוואוינהייט, אָדער טאַקי איבערצייגונג, פלעגען טייל משפחות פון די צפון־שבטים, אויך נאָך דער אויסטיילונג אין אַ בעזונדערער מלוכה, עולה רגל זיין צום יום־טוב סכות קיין ירושלים, כדי דאָרט טיילצונעהמען אין׳ם אידי־שען גאָטעס־דיענסט אָהן אָבגעטער. די דאָזיגע סימפּאַטיע פון אַ טייל פון פאָלק צום בית־המקדש אין ירושלים האָט געמאַכט זעהר אונרוהיג ירבעם׳ן. וואָס וועט זיין, אַז דאָס פאָלק וועט אָנהויבען עולה־רגל זיין קיין ירושלים אַלץ מעהר און וועט זיך דאָרט צוריק פעראייניגען מיט׳ן מלכות פון דוד׳ס הויז? צי וועט ער דען, ירבעם, צוריק נישט אַזוי געשווינד פאַלען, ווי געשווינד ער איז דערהויבען געוואָרען? און כדי צו פערהיטען פון אַט אַזאַ מפלה, האָט ירבעם אויפגעטהון אַ פערברעכערישען פלאַן, וועלכער האָט געדאַרפט צוריקשטויסען אידען צו דער געצענדיענעריי.

בשעת ירבעם איז געוועזען עטליכע יאָהר אין מצרים, האָט ער זיך דאָרט בעקענט געמאַכט מיט דער עגיפּטישער געצענדיענעריי און זיך דערוואוסט, אַז די פערגעטערונג פון די חיות איז בעזונדערס גינסטיג פאַר די מלכים: דיענענדיג צו אַנ׳אָקס, וועלכע דאָס פאָלק זעהר פערוויל־דעוועט און פערגרעבט, און דעריבער איז עס זעהר לייכט פאַר׳ן קעניג איינגאַנצען איהם צו פערקנעכטען. אַזאַ פּאָליטיש־גינסטיגע רעליגיע האָט איהם, דעם פריהער גאָר אונבעוואוסטען ירבעם׳ן, אויך געקאָנט פיעל נוצען ברענגען. ירבעם האָט געהאָפט צו פערגרעבען דאָס פאָלק, כדי צו קאָנען בעסער און זיכערער געוועלטיגען איבער איהם, און דאָס בעסטע מיטעל דערצו האָט ער געזעהען דערין, וואָס ער וועט איינפיהרען די עגיפּטישע געצענדיענעריי, דאָס דיענען צו אַנ׳אָקס (אַפּיס). ירבעם האָט אויסער דעם געהאָפט דאַדורך בעזונדערס שטאַרק צו געפינען חן אין די אויגען פון מצרים, וועיל דיענענדיג איין גאָט, וועלען ביידע פעל־קער האָבען די זעלביגע אינטערעסען און בעדערפנישען. כדי אָבער נישט צו ערשיינען אין די אויגען פון פאָלק, אַלס גרינדער פון אַ נייער רעליגיע, האָט ירבעם געוואָלט איינשומעסען דעם פאָלק, אַז די עבודה צום אָקס איז טאַקי די אמת׳ע אידישע רעליגיע. און אַ בעווייז האָט ירבעם געהאַט, אַז די אידען, באַלד ווי זיי זענען פון מצרים אַרויסגעגאַנגען, האָבען אויך געדיענט דעם עגל; און צו ווייזען, אַז ער, ירבעם, האָט נאָר אין

וויסטעט, נאָר ער האָט צוגענומען די גרויסע אוצרות, וועלכע שלמה האָט אָנגעזאַמעלט אין בית־המקדש, גאָר דאָס גאָלד, וואָס ער האָט געפונען אין ירושלים, ווי אויך דאָס גאָלדענע געוועהר, וואָס עס האָבען געטראָגען די בעגלייטער פון קעניג, ווען זיי פלעגען איהם בעגלייטען אין בית־המקדש אַריין; נאָר די מלכות יהודה מיט איהר מלך רחבעם האָט שישק נישט אָנגערירט.

דער בונד, וועלכען שלמה האָט געשלאָסען מיט'ן פריהערדיגען קעניג פון מצרים, בשעת ער האָט חתונה געהאַט מיט זיין טאָכטער, האָט אַלזאָ געדויערט נישט לאַנג. מיט דער גרויסקייט און פראַכט פון דער שטאַרקער מלוכה, וואָס שלמה האָט איבערגעלאָזען, האָט שוין איצט בכלל גענומען אַ'ענדע. די גרויסע מלוכה איז כמעט אין איין טאָג צובראָכען געוואָרען. דער גרעסטער טייל איהרער האָט זיך פון איהר אָבגעריסען, און דער קלענערער טייל איז איצט געוואָרען אונטערטעניג ביי מצרים. די פריהערדיגע אונטערטעניגע פעלקער, פלשתים און אֶדום, האָבען, נאַטירליך, אויך אויסגענוצט יהודה'ס שוואַכקייט און געוואָרען אונאָבהענגיג. און רחבעם האָט שוין אויך נישט געקאָנט אויסניצען דעם גרויסען פלאָט, וואָס זיין פאָטער האָט געבויט, און שיקען איהם קיין אופיר, ווייל מען האָט שוין איצט מעהר נישט געקאָנט דורך אֶדום דורכפיהרען קיין קאַראַוואַנען צום ים. און אַזוי האָט עס גענומען אַ סוף אויך מיט דעם גרויסען קוואַל פון עשירות, וועלכע שלמה האָט בעקומען פון אינדיען. אויך די איבריגע קוואַלען האָבען אויפגעהערט צו געבען עשירות: דער מסחר מיט פערד און רייט־וואָגענס פון מצרים האָט שוין איצט געמוזט אויפהערען, ווייל אין צפון פון יהודה האָט זיך געפונען די מלוכה פון ישראל, און מען האָט מעהר נישט געקאָנט דורכפיהרען דאָרט קיין קאַראַוואַנען. דער גלאַנץ פון גאָלד פון שלמה'ס צייטען איז פערלאָשען געוואָרען און זיין גאַנצע עשירות איז פערשוואונדען.

אויך ירבעם'ן אין שכם איז עס נישט געגאַנגען אַזוי ווי ער האָט געהאָפט. שכם האָט ער, נאַטירליך, געמאַכט פאַר זיין הויפט־שטאָדט, און זי האָט געזאָלט קאָנקורירען מיט ירושלים און איבערשטייגען זי. דער שבט אֶפרים איז געוואָרען דער פונדאַמענט פון דער מלוכה פון די צעהן שבטים, וועלכע מען האָט דעריבער אָנגעהויבען רופען „די מלוכה פון אֶפרים“, אָדער „דאָס הויז פון יוסף“. אָבער די איינוואָהנער, די אָנפיהרער פון שבט אפרים, זענען בכלל געווען נישט קיין לייכטע און גע־האָרזאַמע אונטערטאַנען, אויף וועלכע אַ קעניג זאָל קאָנען בויען. אין דער צייט פון די ריכטער האָבען זיי די ערשטע געפאָדערט, אַז מען זאָל בעשטימען אַ קעניג, און אויך די ערשטע — אָבצוזאָגען זיך פון'ם קעניג; אַזוי איז עס אויך איצט געווען אין פאַל מיט ירבעם'ן, וועלכען זיי האָבען די ערשטע אויסגערופען פאַר אַ קעניג און האָבען זיך דער־

קעניגליכעס הויז, איז פונדעסטוועגען ירבעם'ס געצענדיענעריי נישט אנ־געריהרט געווארען אויך דורך איהם. אויך די בעציהונג צו דער מלוכת פון יהודה איז געבליבען די זעלבע: בעשא און זיין זוהן האבען געפיהרט קליינע מלחמות געגען אסא דעם קעניג פון יהודה, וואס האט געקעניגט נאך אבים'ן, רחבעם'ס זוהן; אזעלכע מלחמות זענען אויך פארגעקומען אין דער קורצער צייט פון אבים'ס קעניגען אין יהודה. נאר דאס זענען אלץ נישט וויכטיגע צוזאמענשטויסען. ערשט פערציג יאהר נאך דער שפאלטונג פון דער אידישער מלוכה זענען פאר־געקומען בלוטיגע געשעהענישען, וועלכע האבען געהאט א גרויסע בע־דייטונג פאר ביידע חלקים פון אידישען פאלק. — בעשא'ס זוהן אלה, וועלכער האט געקעניגט צוויי יאהר און פערבראכט זיין גאנצע צייט אין לעדיג־געהן און אין שכרות, איז דער'הרג'עט געווארען דורך זיין קנעכט זמרי, וועלכער האט אויך אויסגע'הרג'עט אלע מיטגליעדער פון בעשא'ס משפחה און זיך געלאזט אויסרופען פאר א קעניג אין דער מלוכה פון ישראל (1002 יאהר פאר'ן צווייטען חורבן).

נישט לאנג אבער האט געדויערט זיין רעגירונג — נאר איין וואך. ווי נאר די ארמעע האט דערהערט, אז מען האט דער'הרג'עט דעם קע־ניג, האט מען אויסגערופען פאר א קעניג דעם פעלדהערר עמרי, וועלכער האט זיך באלד צוריקגעקעהרט צו דער הויפט־שטאדט תרצה; ער האט אבער געפונען די טויערען פון שטאדט פערשלאסען. עמרי האט בעלא־גערט די שטאדט און דורכגעבראכען ענדליך די מויער ארום איהר. ווען זמרי האט דערזעהן, אז ער איז פערלוירען, האט ער אונטערגעצונדען דעם קעניגליכען פאלאץ און אריינגעווארפען זיך אין די פלאמען. דעם דאזיגען זעלבסטמארד איז ער בעגאנגען, כדי נישט צו דערלעבען די שאנדע אריינצופאלען אין די הענד פון זיין פיינד און בעשטראפט ווערען דורכ'ן טויט, ווי א קעניגס־מערדער. פון די ערשטע פינף מלכים אין ישראל איז זמרי שוין געוועזען דער דריטער, וואס האט געענדיגט מיט אנ'אומנאטירליכען טויט, און נאר צוויי פון זיי זענען בעגראבען געווא־רען אין די קברים פון מלכים, וועלכע ירבעם האט געגרינדעט. באלד האט אויך א פיערטער קעניג פון דער מלוכה אין ארץ־ישראל געזאלט ענדי־גען זיין לעבען דורך די הענד פון א מערדער.

עמרי, אלס פעלדהערר, וועלכער איז פאר א קעניג אויסגערופען געווארען, האט געוואלט פערנעהמען דעם טהראן מיט דער מאכט פונ'ם שווערד. אבער א טייל פון דער בעפעלקערונג אין דער הויפט־שטאדט האט זיך מיט א שטארקען ווידערשטאנד געגען איהם גע־שטעלט און אויסגעקליבען פאר א קעניג תבני דעם זוהן פון גינת, וועלכער איז, ווי עס שיינט, געוועזען א געבירטיגער אין שטאדט. די ארמעע האגעגען האט געהאלטען מיט עמרי'ן. און אזוי ארום זענען אין דער הויפט־שטאדט פון דעם קעניגרייך ישראל ענטשטאנען צוויי

כּוונה: צוריקצושטעלען די אַלטע אידישע רעליגיע, האָט ער פֿער־באָטען עולה־רגל צו זײַן קײן ירושלים און אָװעקגעשטעלט פֿערפֿער־טיגטע קעלבער־בילדער אין צװײ שטעדט, װעלכע זענען פֿון פֿריהער גע־װען געהײליגט דורך די מזבחות, װאָס זענען דאָרט געשטאַנען — אין בית־אֵל און אין דן. די ערשטע, בית־אֵל, האָט געדאַרפֿט דינען פֿאַר אַ צענטער פֿון דער דרום־פּראָװינץ, און די צװײטע — פֿאַר דער פּראָװינץ פֿון צפון. װען ער האָט די צװײ בילדער אױפֿגעשטעלט, האָט ער גע־לאָזען אױסרופֿען: „דאָס איז דײַן גאָט, ישׂראֵל, װעלכער האָט דיך אַרױס־געפֿיהרט פֿון מצרים". דערצו האָט ער אין בית־אֵל, װאו ער האָט פֿערזענליך געדינט צו דינען דעם אָבגאָט, געלאָזט אױפֿבױען אַ גרױסען טעמפּעל, און כּדי גאָר אינגאַנצען אָבצוגעװאָהנען דאָס פֿאָלק פֿון עולה־רגל זײַן קײן ירושלים אױף סכּות, האָט ער בעשטימט, אַז מען זאָל דעם דאָזיגען יום־טוב פֿײַערן אַ חודש שפּעטער (אין השון, אַנשטאָט אין תשרי). און אױף אַזאַ אופֿן האָט זיך דאָס פֿאָלק צוגעװאָהנט צו געהן אױף יום־טוב קײן בית־אֵל און קײן דן. ירבעם האָט דערגרײכט זײַן צװעק: דאָס פֿאָלק איז פֿערנאַרישט און פֿערגרעבט געװאָרען און האָט זיך געלאָזט פֿערקנעכטען און געהאָרכען איהם. „אפרים איז געװאָרען, װי אַ נאַרישע טױב, אָהן פֿערשטאַנד — האָט זיך שפּעטער געקלאָגט דער נביא — אַ שטיק האָלץ האָט ער געמאַכט פֿאַר אַן'אָראַקעל (אַ ראַטגעבער)"

פֿיעל פֿערדרוס און שװיריגקײט האָט ירבעם געהאַט נאָר פֿון שבט לוי. קײן לוי האָט נישט געװאָלט געהן אָבהאַלטען דעם דינסט בײַ זײַנע אָבגעטער, דען שמואל'ס לעהרע האָט שטאַרק געװירקט אױף די לױים און אײַנגעװאָרצעלט אין זײ די רײנע אידישע רעליגיע, און מורא האָבענדיג, אַז ירבעם זאָל זײ נישט צװינגען, האָבען די לױים, װאָס האָבען געװאָהנט צװישען פֿערשידענע שבטים, אױסגעװאַנדערט פֿון דאָרט און זיך בעזעצט אָדער אין ירושלים, אָדער אין די שטעדט פֿון די שבטים יהודה און בנימין, און ירבעם האָט דאַרום געמוזט צונעהמען פֿאַר כּהנים זײַטיגע מענשען, און כּדי אױפֿצוהױבען דעם דינסט אין די אױגען פֿון פֿאָלק, האָט ער אַלײן אָנגעהױבען ערפֿילען די ראָליע פֿון אַ כּהן. מעגליך, אַז ער האָט אױך געװאָלט נאָכטהון די מלכים פֿון מצרים, װעלכע פֿלעגען אָפֿט אַרױסטרעטען מיט זײער דינסט פֿאַר די געטער. דער דאָזיגער נײַער געצענדינערישער קולט האָט זיך געהאַל־טען די גאַנצע צײַט, װאָס עס האָט עקזיסטירט די מלוכה פֿון די צעהן שבטים. קײנער פֿון די מלכים, װאָס האָבען געקעניגט נאָך ירבעם'ן, האָט נישט געמאַכט די פּראָבע מבטל צו מאַכען די געצענדינערײַ, װאָס ירבעם האָט אײַנגעפֿיהרט.

און חאָטש ירבעם'ס פֿעלדהער, בעשא, האָט זיך צובונטעװעט גע־גען זײַן זוהן נדב און האָט מיט'ן שװערד פֿערניכטעט ירבעם'ס גאַנצעס

צאָהלונגען. אַ לאַנגע צייט איז טאַקי געווען שלום צווישען ביידע מלוכות, צווישען דעם קעניג פון יהודה, אָסא'ס זוהן, יהושפט, און עמרי'ס זיהן, די מלכים פון שומרון. עמרי האָט אויך געשטרעבט צו שליסען אַ פריינד־שאַפט מיט די פעניקיער, זיינע שכנים, כדי צו קאָנען אָנטייל נעהמען אין'ם רייכען האַנדעל, וועלכען זיי האָבען געפיהרט איבער'ן ים. אין פע־ניקיען האָט מען אין יענער צייט אויך איבערגעלעבט אַזאַ עפּאָכע, ווי אין דער מלוכה פון אפרים: קעניג־מערדער האָבען פערהאַפט איינע נאָך די אַנדערע דעם טהראָן פון צור, און לסוף איז דאָרט, נאָכדעם ווי מען האָט דער'הרג'עט דעם לעצטען קעניג, געוואָרען אַ קעניג דער כהן פון דעם אַבגאָט עשתרות, אֶתבעל. די פעניקישע מלוכה איז דורך די בלוטיגע געשעהעניששען זעהר אַבגעשוואַכט געוואָרען, און דאָס לאַנד איז פעראָרימט געוואָרען. אָנגעזעהענע פעניקישע משפחות זענען געווען געצוואונגען אויסצווואַנדערן, און זיי האָבען געגרינדעט קאָלאָניעס אין די צפון־ברעגען ביי'ם ים אין אַפריקאַ. אֶתבעל האָט דעריבער אויך געזוכט פריינדשאַפט מיט די אַרומיגע מלוכות, קודם־כל מיט זיין שכן, שומרון. די מלכים, עמרי און אֶתבעל, האָבען געהאַט גלייכע אינטערע־סען, צו שליסען אַ פריינדשאַפטס־בונד אויף צו פערטיידיגען איינער דעם אַנדערען און אַרויסטרעטען צוזאַמען געגען אַנדערע מלוכות. דעם דאָזי־גען בונד האָט מען געשלאָסען דורך אַ שידוך: עמרי'ס זוהן, אַהאָב, האָט גענומען פאַר אַ ווייב די טאָכטער פון אֶתבעל, איזבל.

איצט האָט עמרי שוין געקאָנט אָנהויבען טראַכטען וועגען אונ־טערנעהמען מלחמות געגען די אַרומיגע פעלקער. אין ירבעם'ס צייטען האָט מואָב זיך בעפרייט פון זיין אונטערטעניגקייט צו דער אידישער מלוכה. איצט האָט עמרי צוגענומען ביי מואָב'ן פיעל שטעדט און גע־צוואונגען די גאַנצע מלוכה אָנצוערקענען איבער זיך די אידישע הער־שאַפט. מואָב איז צוריק געוואָרען אונטערטעניג און האָט יעהרליך גע־מוזט צאָהלען שטייער מיט גרויסע טשערעדעס פון בעק און שעפסען מיט וואָל. ווייל אָבער צווישען מואָב און אַרם האָט עקזיסטירט אַ בונד, לויט וועלכען זיי האָבען געדאַרפט פערטיידיגען איינער דעם אַנדערען, און אַרם האָט בכלל געקוקט מיט קנאה אויף דער פערשטאַרקונג פון דער אידישער מלוכה, האָט דער אַראַמעאישער קעניג פון דמשק, בן הדד דער ערשטער, ערקלערט אַ קריעג דער אידישער מלוכה און געצוואונגען דעם קעניג עמרי צו שליסען מיט איהם שלום אונטער זעהר שווערע בע־דינגונגען; עמרי האָט אויך געמוזט צוזאָגען, אַז ער וועט לאָזען פריי דורכגעהן דורך דער אידישער מלוכה די קאַראַוואַנען פון דמשק און האַלטען פון זייערטוועגען די וועגען זיכער פון רויבער.

עמרי האָט דערפאַר נאָך שטאַרקער זיך פעראייניגט מיט די פע־ניקיער און געשטרעבט אינגאַנצען צו אַסימילירען זיין פאָלק מיט די כנענים (פעניקיער). דער קעניג פון ישראל האָט געמאַכט אַזאַ פּאָליטי־

פּאַרטייען, וועלכע האָבען צווישען זיך געפיהרט א בלוטיגען קאַמפף. מעהר ווי א בירגער־קריעג האָט נישט געפעהלט דער מלוכה פון אֶפרים, צו דערפילען די מאָס פון איהר עלענד! גאַנצע פיער יאָהר האָט געדויערט די מלחמה צווישען ברידער (998 פאר׳ן צווייטען חורבן). ענדליך האָט געזיעגט די פּאַרטיי פון דער אַרמעע, תבני איז דער׳הרג׳עט געוואָרען און עמרי איז געבליבען קעניג אין אֶפרים. ער האָט זיך אָבער געפיהלט נישט גוט אין דער הויפּט־שטאָדט תרצה; דער קעניגליכער פּאַלאַץ איז מיט זמרי׳ס טויט אָבגעבּרענט געוואָרען און, ווי מען קאָן פערשטעהן, זענען, מסתמא, נישט ווייניג חורבות צוגעקומען אויך אין דער צייט פון דער פיער־יעהריגער מלחמה. די בעזיעגטע פּאַרטיי איז אויך געוועזען פיינדליך געגען איהם. עמרי האָט דעריבער געמוזט זוכען אַנ׳אַנדערע הויפּט־שטאָדט. שכם האָט ער נישט געוואָלט אויסקלייבען פאַר א רעזידענץ, מחמת דעם אונרוהיגען גייסט פון די דאָרטיגע איינוואָהנער. קיין אַנדער גרעסערע שטאָדט אין מיטעלפונקט פון זיין מלוכה איז אָבער נישט געווען. עמרי האָט זיך דעריבער בעשלאָסען צו גרינדען אַ נייע הויפּט־שטאָדט. אַ פלאַכען באַרג, עטליכע שעה גאַנג ווייט פון צפון־מערב פון שכם, האָט עמרי געקויפט און דאָרט אויסגעבויט פאַר זיך אַ פּאַלאַץ און נאָך פיעל אַנדערע געביידעס, וועלכע ער האָט אַרומגערינגעלט מיט א מויער און בעפעסטיגט. אַזוי אַרום איז אויסגעוואַקסען אַ שטאָדט, וועלכע עמרי האָט א נאָמען געגעבען שומרון. א יאָהר שפּעטער נאָך זיין נצחון איבער זיין געגנער, תבני, האָט ער זיך אַרויסגעצויגען פון תרצה און זיך בעזעצט אין דער נייער הויפּט־שטאָדט, וועלכע איז אין אַ משך פון צוויי יאָהרהונדערטען געוועזען אַ קאָנקורענטין פון ירושלים. פון דער נייער שטאָדט האָט די מלוכה פון אפרים אויך בעקומען א נייעם נאָמען — שומרון.

עמרי, דער ערשטער קעניג פון שומרון, איז נישט געוועזען קיין בעזונדערס שטאַרקער און געניטער פעלדהער, ער איז אָבער געוועזען זעהר קלוג און האָט געשטרעבט גרויס מאַכען זיין לאַנד און זיין פאָלק און דערהויבען זיי אין די אויגען פון די אַרומיגע פעלקער. דער גלאַנץ פון שלמה׳ס רעגירונג האָט איהם נישט געלאָזט צורוה. אמת, דאָס פאָלק איז שוין איצט געוועזען געשפּאָלטען אין צוויי חלקים; אָבער צי האָבען דען אָט די צוויי חלקים געמוזט שטענדיג קריעג פיהרען צווישען זיך? צי האָבען זיי דען נישט געקאָנט לעבען צוזאַמען אין פריעדען, פערטיידיגענדיג די אַלגעמיינע אינטערעסען און שטיצענדיג איינער דעם אַנדערען? עמרי האָט געמאַכט די פּראָבע, צו שליסען שלום מיט׳ן מלכות פון דוד׳ס הויז, און האָט איהם ערקלערט, ווי ווייט דער שלום איז נוצליך און ווינשענס פאַר ביידע טיילען, ווייל דאַדורך וועלען זיי ווידער קאָנען הערשען איבער די איינגענומענע פעלקער און צווינגען זיי, זיי זאָלען זיך אונטערגעבען און ברענגען זייערע מסים און אָב־

מלכים פון די צעהן שבטים. ירבעם האט אנגעוויזען אויף זיינע „קעל־בער“, אלס אויף דעם „גאט פון ישראל“; עמרי דאגעגען האט איינגאנ־צען געוואלט צונעהמען ביי אידען זייער נאציאנאלען גאט, האט ער געוואלט, אז אידען זאלען גאר פערגעסען זייער אבשטאמונג און ווערען פעניקיער. וויל עמרי איז אבער געשטארבען זעקס יאהר נאכדעם, ווי ער האט אויסגעבויט זיין שטאדט שומרון, האט ער נישט בעוויזען אין דער ווירק־ליכקייט אויסצוווארצלען ביי אידען יעדע שייכות צום אלטען אידישען פאלק. זיין זוהן אחאב האט געדארפט וויטער פיהרען זיין טעטיגקייט, איבערנעהמענדיג די בירושה פון עמרי'ן. ס'פערשטעהט זיך, אז אחאב האט אויך פעסט געהאלטען דעם בונד מיט די פעניקיער און מיט'ן קע־ניג פון יהודה, יהושפט.

אחאב איז געווען נישט קיין שטארקער מענש. ער האט געהאט א שוואכען און מילדען חאראקטער, ער האט געזוכט רוהיגקייט און בע־קוועמליכקייט. און ווען עמרי'ס פלענער האבען געזאלט פערווירקליכט ווערען בלויז דורך אחאב'ן, וואלט פון זיי באלד גארנישט געווארען. אחאב איז אויך נישט געווען קיין מלחמה־מענש, קיין העלד; די מלכים פון די ארומיגע פעלקער האבען זיך ערלויבט צו מאכען איהם אפט אזעלכע ערקלערונגען, וואס אנ'אנדער קעניג אויף זיין ארט וואלט אויף זיי געענטפערט מיט א מלחמה אויף טויט און לעבען. אחאב איז אבער געווען צו־שוואך דערצו, און האט אלץ געדולדיג געליטען, אבגעגט־פערנדיג זיין געגנער ווייך און כמעט מיט תחנונים. און ערשט ווען זיין געגנער איז דאדורך געווארען נאך דרייסטער און ארויסגעטראטען גע־גען איהם שארפער, האט שוין אחאב, געגען זיין אייגענעם ווילען, גע־מוזט אננעהמען די מלחמה. און אט אזוי איז עס אויך געווען מיט אחאב'ס קאמפף געגען דער אידישער רעליגיע און פאלקסטימליכקייט: מען האט עס איהם מיט גוואלד אנגעווארפען. זיין פאטער, עמרי, האט איהם חתונה געמאכט מיט א פרוי, וועלכע איז געווען אין אלץ דער היפך פון איהם, א פרוי, וועלכע האט זיך אויסגעצייכענט מיט א שטאר־קען מאנסבילשען חאראקטער, מיט אנ'אייזערנעם ווילען און א שטרענג־קייט, כמעט אהן גלייכען. איזבל, די טאכטער פונ'ם פעניקישען קעניג, וועלכער איז אליין געווען אויך פריעסטער ביי די אבגעטער בעל און עשתרות, איז געווען דורכגעדרונגען מיט'ן געדאנק, צו כנענ'יזירען אי־דען, צו מאכען פון די צעהן שבטים איין נייעם פעניקישען שבט, וועלכער זאל זיך פעסט צוזאמענגיסען מיט די פעניקיער. זי האט זיך גענומען פערווירקליכען עמרי'ס פלענער מיט דער גאנצער קראפט און שטרענג־קייט און האט אויך איהר שוואכען מאן, אחאב, געבראכט דערצו, אז ער זאל איהר העלפען אין אלע איהרע גוואלטטעטיגע און פערברעכערישע מעשים. די גאנצע מלוכה־מאכט איז געווען אין איהר האנד; אחאב איז געווען בלויז דער אינסטרומענט, דורך וועלכען זי האט אויסגעפיהרט

שען חשבון: צוליעב וואָס זאָלען אידען זיך אָבזונדערען פון זייערע
שכנים? האָבען זיי דען דערפון געהאַט ווען עס איז מאַטעריעלען נוצען?
צי וואָלט דען נישט געווען קליגער פאַר'ן פאָלק, ווען די מלוכה פון די
צעהן שבטים וואָלט איינגאַנצען אָנגענומען אַ חאַראַקטער פון אַ פי־
ניקישער מלוכה, און וואָלט, אַ שטייגער, אַ צווייטע צור געוואָרען? די
שפּראַך און די געוואָהנהייטען זענען ביי ביידע פעלקער, ביי די אידען
און פעניקיער, כמעט געווען די זעלביגע, און ווען אידען וואָלטען נאָר
אָנגענומען די פעניקישע רעליגיע, האָבען זיי זיך געקאָנט אינגאַנצען
מיט די פעניקיער אַסימילירען. עמרי האָט אָנגעהויבען שטאַרק צו אַר־
ביטען פאַר דער מעגליכקייט פון אַזאַ אַסימילאַציע. ער האָט איינגע־
פיהרט דעם קולט (דעם גאָטעסדיענסט) פון בעל און עשתרות, אַלס
די אָפיציעלע רעליגיע פון דער מלוכה; אין שומרון האָט ער אויסגעבויט
אַ שענעם טעמפעל פאַר'ן בעל (אַדאָניס), ער האָט געבראַכט פון צור
פּריסטער (כהנים) פאַר די אָבגעטער און בעפוילען, אַז מען זאָל ברענ־
גען קרבנות דעם בעל און דער עשתרות. אפילו דער קולט פון די קעל־
בער אין דן און בית־אֵל, וועלכע ירבעם האָט איינגעפיהרט, איז פאַר
עמרי'ן אויך געווען נאָך צו־אידישליך, ווייל ער האָט דאָך פאָרט
דערמאָהנט אָן דעם אידישען גאָט, דען ירבעם האָט דאָך ערקלערט: „דאָס
איז דיין גאָט, ישראל, וועלכער האָט דיך אַרויסגעפיהרט פון מצרים“.
פאַר עמרי'ן איז אַלץ איינס געווען, צי מען דיענט דעם אידישען גאָט
מיט אַ בילד, אָדער אָהן דעם; קוים דערמאָהנט ער אָן דער אידישער
פערגאַנגענהייט, אָדער אָן אַ אידישער אייגענער צוקונפט, איז ער שוין
ממילא געוואָס אַנדערש, ווי דער גאָט פון די פעניקיער, ווי דער בעל,
ווי די עשתרות; לויט עמרי'ס פּאָליטישע קאָמבינאַציעס, האָט מען אָבער
דוקא אָט דאָס געדאַרפט אויסמיידען: אידען האָבען זיך געדאַרפט אין
אַלץ אויסגלייכען מיט די פעניקיער און צונויפגיסען זיך מיט זיי, אַסי־
מילירען זיך אין איין פאָלק, כדי צו געניסען פון אַלע יענע וועלטליכע
גליקען און ברכות, מיט וועלכע דאָס פעניקישע פאָלק איז געבענשט גע־
ווען. אין דער ווירקליכקייט איז די מלוכה פון די צעהן שבטים שטאַרק
רייך געוואָרען אין עמרי'ס צייטען. אין לאַנד האָט זיך בעוויזען גאָלד
און זילבער נאָך מעהר, ווי אין שלמה'ס צייטען. עמרי'ס זוהן, דער אי־
דישער מלך אַחאָב, האָט זיך שוין געקאָנט ערלויבען אויך אַזאַ לוקסוס,
וועלכען שלמה אפילו האָט זיך נאָך נישט געקאָנט ערלויבען: בשעת
שלמה האָט זיך אויסגעבויט אַ פּאַלאַץ, האָט ער נאָר זיין טהראָן גע־
לאָזט מאַכען פון העלפאַנד־ביין; אַחאָב אָבער האָט זיך געלאָזט אויס־
בויען אַ גאַנצען פּאַלאַץ פון העלפאַנד־ביין.

עמרי'ס נייע אויפטהועכצען האָבען געהאַט נאָך אַ פיעל גרעסערע
בעדייטונג, ווי ירבעם'ס, אָדער, ווי דער אַלטער היסטאָריקער דריקט זיך
אויס, „עמרי איז געווען אַ גרעסערער פערברעכער, ווי אַלע פריהערדיגע

תאוות, און דער אונצופֿרידענער דיענסט צו דער עשתרות האט טאקע היי־
ליג געמאכט אלערליי זנות־מעשים. די אויסגעלאסענקייט איז געווארען
א געוועהנליכע ערשיינונג. סך־הכל זיבען טויזענד מענשען לערך זע־
נען געטריי געבליבען דעם אידישען כאראקטער און האבען זיך נישט
געבוקט פאר׳ן בעל און נישט געדיענט דער עשתרות דורך קושען. דאס
איבריגע פאלק אבער האט זיך געקווינקעלט, מען האט נישט געוואוסט,
אויב דער אידישער גאט איז דער אמת׳ער, אדער דער בעל, און מען
האט בשתיקה געדיענט צו גאט, עפענטליך אבער — דעם בעל און דער
עשתרות. דאס איז געווען א צייט פון אונרוהיגער ערווארטונג און
מהומות, ווי עס קומט שטענדיג פאר אין דער געשיכטע, א מין צייט
פון בין־השמשות, ווען עס פיהלט זיך שטארק די נויטיגקייט פון א
קרעפטיגער פערזענליכקייט, א העלד און א פיהרער.

אזא פערזענליכקייט איז געווען דער נביא אליהו פון תשבי
(אליהו הנביא האט געפיהרט זיין טעטיגקייט פון יאהר 990 ביז 970 פאר׳ן צווייטען חורבן).
מען האט איהם גערופען געוועהנליך „אליהו פון גלעד“, ער איז אבער
נישט געווען פון דארט א געבורטיגער, נאר אנ׳איינוואהנער פון גלעד.
פאר די שפעטערדיגע דורות האט אליהו געגאלטען אלס א הויכער ביי־
שפיעל פון שטארקען רעליגיעזען גייסט און שטרענגע מדות טובות.
אליהו איז אויפגעטראטען אין שטורם, און אין שטורם איז ער אויך
ארויסגעטראטען פאר׳ן שוואכען קעניג אחאב, וועלכער האט זיך אינ־
גאנצען געפונען אונטער׳ן איינפלוס פון זיין ווייב איזבל. אליהו האט זיין
ווארט געזאגט אחאב׳ן אין פנים, טרעפענדיג איהם, ווי א דונער־שלאג;
באלד נאכדעם איז ער, ווי א שטורם, פלוצלינג פערשוואונדען געווארען;
נישט וועלענדיג זיך אויפהאלטען לענגער אין דער פערברעכערישער גע־
זעלשאפט. אליהו איז געווען דורכגעדרונגען מיט איין איינציגען געדאנק:
ארויסצוראטעווען דאס אידישע פאלק פון יענעם מאראלישען פערדער־
בען, אין וועלכען עס איז געשטאנען אין סכנה אונטערצוגעהן דורך דער
טעטיגקייט פון איזבל מיט איהרע כהנים; דעם דאזיגען ציעל האט אליהו
זיך געווידמעט מיט׳ן גאנצען פייער פון זיין שטורמדיגער נשמה.

אליהו האט מיט זיין גאנצען ערשיינען, אויך מיט זיין אויסער־
ליכקייט געוואלט דיענען פאר א פראטעסט געגען די כהנים פון בעל.
אויב זיי האבען געטראגען פרויען־קליידער און זיך אויסגעצייכענט דורך
זייער לוקסוס, האט ער אנגעטהון א גראבען הארינגען מאנטעל און ארומ־
געבונדען זיך מיט א פראסטען לעדערנעם גארטעל; אויב זיי האבען
זיך געפוצט אויפ׳ן ווייבערשען שטייגער און געפארבט זיך דעם פנים
און די אויגען, האט ער זיך געלאזט אנוואקסען לאנגע האר, וועלכע זע־
נען ווילד ארונטערגעפאלען איבער זיינע אקסלען, און זיך אבגעהיט פון
טרינקען וויין, ווי א נזיר. אין אזעלכע קליידער און מיט אזא סדר פון
לעבען האט ער איבעראל געלאזט אויסרופען: „ד׳ הוא האלהים“.

אַלץ, וואָס זי האָט פֿערלאַנגט. איזבל'ס פֿינסטערער, עקשנות'דיגער גייסט, איהר ענערגיע, וועלכע האָט זיך נישט אָבגעשטעלט פֿאַר קיין זאַך, און איהר גרויסע גרויזאַמקייט, האָבען אַרויסגערופֿען ביי אידען אַ שטאַרקע בעוועגונג פֿון אונצופֿריעדענהייט, וועלכע האָט געבראַכֿט צו בלוטיגע געשעהענישען אין געווירקט דערביי, ווי אַ שרעקליכֿער שטורם, וואָס צעשטערט אַלץ, אָבער מאַכֿט אויך ריין די לופֿט. פֿריהער פֿאַר אַלץ האָט איזבל געלאָזט אויסבויען אין שומרון אַ טעמפּעל פֿאַר'ן אָבגאָט בעל. פֿאַר'ן דאָזיגען פֿעניקישען קולט האָט איזבל געבראַכֿט פֿון איהר פֿאָטערלאַנד קיין שומרון פֿעניקישע פּריעסטער (כהנים) און פֿאַלשע נביאים — 450 פֿאַר'ן בעל און 400 פֿאַר'ן אָבגאָט עשתרות; די דאָזיגע „נביאים און כהנים" האָט זי אויסגעהאַלטען אויפֿ'ן חשבון פֿונ'ם קעניגליכֿען הויף, און זיי אַלע פֿלעגען עסען ביי איהר טיש. די אַלע נביאים און פּריעסטער פֿלעגען טיילווייז פֿיהרען דעם דינסט אין די טעמפּלען פֿון בעל און עשתרות אין שומרון גופא, וואו זיי פֿלעגען ברענגען קרבנות, און טיילווייז פֿלעגען זיי אַרומרייזען אין די שטעדט און דערפֿער און לערנען דאָס פֿאָלק צו דינען די אָבגעטער. זייער רייזע פֿלעגען זיי מאַכֿען אויף אַ העכֿסט אויסגעלאַסענעם אופן: זיי פֿלעגען זיך אָנטהון אין ווייבערשע קליידער אָהן אַרבעל, בעמאָהלען דעם פנים און די אויגען אויפֿ'ן ווייבערשען שטייגער; זיי פֿלעגען אויסער דעם זיך בעוואָפֿענען מיט שווערדען און העק, מיט אַ בייטש, און נעהמען מיט זיך פּייפֿלעך, צימבלען, פּויקען און אַנדערע קלאַפּערגעצייג. קומענדיג אין אַ ישוב, פֿלעגען זיי אָנהויבען טאַנצען און ליאַרמען, דרעהענדיג זיך אין אַ קאַראַהאָד (אין קרייז), אַראָבלאָזענדיג דעם קאָפּ צו דער ערד און אויסשמירענדיג די האָר פֿון קאָפּ אין דער בלאָטע פֿון דער גאַס. דערנאָך פֿלעגען זיי ברעכֿען די הענד און צושניידען זיך דאָס לייב מיט די שווערדען און מעסערס, ביז בלוט פֿלעגט זיך גיסען; דאָס בלוט פֿלעגען זיי ברענגען אַ קרבן פֿאַר דער בלוטדורשטיגער אָבגעטין. דערגרייכֿענדיג ביז דער העכֿסטער מדרגה פֿון שגעון, פֿלעגען זיי אָנהויבען בעגעהן שענדליכֿע זנות־מעשים. מיט דער דאָזיגער כנופיא כהנים פֿון בעל און נואפים פֿון דער עשתרות, האָט איזבל גערעכֿענט אָבצוגעוואָהנען דאָס אידישע פֿאָלק פֿון זיינע גרויסע אָבות און מאַכֿען פֿון איהם פֿעניקיער, אַנשטאָט אידען. אין דער זעלביגער צייט האָט מען אויך געלאָזט צושטערען די אַלטע אידישע מזבחות און אַנשטאָט זיי האָט מען אויסגעבויט פֿעניקישע. דאָס פֿאָלק, וועלכֿעס איז געווען געוואָהנט צו דינען גאָט דורך קרבנות, האָט פֿון איצט אָן געדאַרפֿט אָנהויבען ברענגען קרבנות אויף די נייע מזבחות צום בעל און דער עשתרות.

אין די גרעסערע שטעדט האָט איזבל'ס פּאָליטיק געהאַט אָנ'ער־פֿאָלג. די בעפֿעלקערונג פֿון די שטעדט איז דורכ'ן וואָהלשטאַנד געוואָהנט געווען צו אַ שענערען לעבען, צו צירונגען, צו פֿערגניגען, צו

צו פופציג אין אַ הייהל, און אויסגעהאַלטען זיי דאָרט „מיט ברויט און וואַסער“. אליהו איז געוואָרען דאַדורך אַ שטאַרקע מאַכט, וועלכע מען קאָן נישט אַזוי לייכט צובּרעכען, ווארום ווי אַזוי האָט איזבל געקאָנט קעמפּפען געגען אַ פיינד, וועלכען זי בּעקומט נישט אַפילו צו זעהען, און וועלכער האָט זיינע אַנהענגער שוין בּיי איהר אין שטוב אויך?

אין אַ געוויסען טאָג איז אליהו ערשינען פאַר אחאב׳ן אַליין, כדי איהם איבּערצושרעקען מיט שטראָף־רייד פאַר דעם, וואָס ער איז אַזוי שוואַך פון האַראַקטער און דערלויבט זיין פרוי פיהרען איהר שענדליכע טעטיגקייט בּיי אידען. אחאב האָט געליעבט צו בּויען נייע געבּיידעס און בּעפעסטיגען זיינע שטעדט. ער האָט זיך אויסגעבּויט אַ נייע רעזידענץ אינ׳ם שענעם טהאָל יזרעאל, כדי צו לעבּען דאָרט אין דער ווינטער־צייט, וועהרענד ער פלעגט לעבּען אין שומרון אים זומער־צייט. פאַר דעם קעניג מיט דער קעניגין האָט ער דאָרט געלאָזט אויפבּויען אַ פּאַלאַץ פון עלפאַנד־בּיין. אחאָב האָט אָבּער געבּרויכט צו האָבּען אַ גרויסען פלאַץ נעבּען זיין פּאַלאַץ צו פערפלאַנצען אַ גאָרטען, און אַט האָט זיך איהם פערוואָלט בּעקומען דעם שענעם ווייַנגאָרטען נעבּען זיין פּאַלאַץ, וועלכער האָט געהערט צו איינעם פון די אָנגעזעהענסטע בּירגער פון יזרעאל, מיט׳ן נאָמען נבות. אחאב האָט געוואָלט בּיי איהם אָבּקויפען דעם ווייַנגאָרטען, נבות האָט אָבּער ערקלערט, אַז ער וויל זיך נישט שיידען מיט דער נחלה פון זיינע עלטערען. אחאב האָט געהאַט דערפון אַזאַ עגמת־נפש, אַז ער האָט אין יענעם טאָג אפילו נישט געקאָנט עסען. ווען איזבל האָט איהם געפונען אין אַזאַ טרויעריגער שטימונג, האָט זי זיך אויסגעלאַכט פון זיין קינדישען עגמת־נפש, ווי אויך דערפון, וואָס ער קאָן זיך נישט געפינען קיין עצה. „אָט אַזוי — האָט איזבל אויסגערופען — מיינסטו צו האַלטען די הערשאַפט איבּער אידען?“ איזבל האָט צוגעזאָגט איהר מאַן, בּאַלד צו בּעקומען פאַר איהם דעם פערלאַנגטען ווייַנגאָרטען. אינ׳ם נאָמען פון קעניג האָט זי צוגעשיקט בּריעף צו יענע עלטסטע פון יזרעאל, וועלכע זי האָט געקאָנט פאַר געטרייע קנעכט, וואָס וועלען אַלץ טהון, וואָס מען וועט פון זיי פערלאַנגען. אין איהרע בּריעף האָט זי זיי בּעפוילען צונויפצורופען אַ געריכטס־פערזאַמלונג און אַרויסשטעלען צוויי עדות, וועלכע זאָלען בּעשולדיגען נבות, אַז ער האָט געלעסטערט די געטער און דעם קעניג. די שקלאַווישע עלטסטע האָבּען זיך ערלויבט צו טהון אַזאַ זאַך און לאָזען אָנקלאָגען זייערען אַ מיטבּירגער אין אַ פערבּרעכען, פאַר וועלכען מען בּעשטראָפט מיט׳ן טויט. מען האָט פערזאַמעלט די ריכטער און צוויי פאַלשע עדות זענען אַרויסגעטראָטען, וועלכע האָבּען ערקלערט, אַז זיי האָבּען געהערט, ווי נבות האָט געלעסטערט גאָט און דעם קעניג. אַזוי אַרום איז נבות פער׳משפט געוואָרען צום טויט. און די טויט־שטראָף איז בּאַלד אויסגעפיהרט געוואָרען איבּער איהם און זיינע זיהן, דען די גיטער פון אַ

אליהו האט באלד געפונען פיעל מיטארבייטער און מיטהעלפער. איידער מען האט זיך נאך ארומגעזעהן, האט שוין אליהו געהאט ארום זיך פערזאמעלט א מחנה נביאים, אדער תלמידים פון נביאים, וועלכע האבען געווידמעט זייער לעבען אויפצוהאלטען און צו שטארקען די אלטע אידישע פאלקסטימליכקייט. אליהו'ס מחנה האט אויך אנגעהויבען פיהרען אזא ארט לעבען, ווי ער אליין, זיי זענען געווארען נזירים. דאס לעבענס־סיסטעם פון דער נייער מחנה איז בעשטאנען אין פאלגענדען: מען דארף פיהרען אן'איינפאך לעבען, נישט וואהנען אין די שטעדט, וואו עס הערשען לוקסוס און ווייבערשע וויכקייט, נאר אין ארימע געצעלטען, אין די דערפער; מען דארף נישט טרינקען קיין ווין און נישט פלאנצען קיין וויין־גערטנער, נאר בעשעפטיגען זיך, אזוי ווי די אבות, מיט האדעווען בהמות. יהונדב, דער זוהן פון רכב, וועלכער האט, אהן ספק, געהערט צו אליהו'ס אנהענגער, האט איינגעארדענט פאר זיין הויז־געזינד דאס לעבען אויף אזא שטייגער.

מיט דער נייער מחנה פון די נביאים האט אליהו אנגעהויבען צו ווירקען געגען די כהנים פון בעל און עשתרות. ווי א שטורם־ווינד האט ער זיך מיט זיי געטראגען איבער'ן גאנצען לאנד, פון שטאדט צו שטאדט, פון דארף צו דארף, צונויפזאמלענדיג איבעראל דאס פאלק און לערנענדיג איהם צו געדענקען די הויפט־זאך: „דער אידישער גאט איז דער איינציגער און אמת'ער; בעל און עשתרות זענען שטומע און טויטע אבגעטער“. ווי עס שיינט, איז אליהו אויך בעגאנגען גוואלדטהאטען בעגען די כהנים פון בעל, מיט וועלכע ער פלעגט זיך טרעפען. איזבל האט לענגער נישט געקאנט צוזעהן רוהיג, ווי דער „נביא פון תשבי“ טרעט ארויס געגען אלע איהרע פלענער; זי האט ארויסגעשיקט איהרע לייט געגען אליהו'ס מחנה, און די, וועלכע עס פלעגט געלינגען צו נעהמען געפאנגען, פלעגט מען אהן א שום רחמנות דער'הרג'ענען. דאס זענען געווען די ערשטע אידישע קדושים, וועלכע זענען דער'הרג'עט געווארען „על קדוש השם“, און איזבל, די אידישע קעניגין און טאכטער פונ'ם בעל־פריעסטער, אתבעל, איז געווען די ערשטע, וועלכע האט אנגעהויבען פערפאלגען אידען פאר זייער גלויבען. אליהו'ן אליין האט אבער איזבל נישט געקאנט נעהמען געפאנגען, חאטש זי האט געשיקט פיעל מענשען איהם צו זוכען. ס'איז איהם תמיד געלונגען צו ענטרינען פון די הענד פון זיינע פערפאלגער. אליהו'ס קנאה פאר'ן אלטען אידישען גלויבען האט שוין געהאט אזא שטארקע ווירקונג, אז זי איז אריינגעדרונגען אויך אפילו אין קעניגליכען הויף, אין דער אויפזעהער איבער אחאב'ס פאלאץ, עובדיה, איז בשתיקה געווארען א גע־טרייער גאטעס־דינער, מען קאן גלויבען, אז איזבל האט איהם בע־
טרייער גאטעס־דינער. מען קאן גלויבען, אז איזבל האט איהם בע־
האט בעהאלטען הונדערט פון זיי אין צוויי הייהלען אין בארג כרמל,

צווישען אליהו און די פאלשע נביאים. אחאב האט בעפוילען אלע נביאים און כהנים פון בעל צו קומען אויפ'ן בארג כרמל, און אליין איז ער אויך אהין געקומען; אויך א גרויסער המון פון פאלק האבען זיך דארט פערזאמעלט, אין דער אונגעדולדיגער ערווארטונג צו זעהען, מיט וואס ס'וועט זיך ענדיגען דער קאמפף צווישען דעם נביא מיט'ן קעניג. און צי דאדורך וועט עס נעהמען א סוף מיט דער דריי־יעהריגער טריקעניש, און עס וועט זיך בעוויזען רעגען. אין דער הייהל אויפ'ן בארג כרמל זענען געוועזען די הונדערט נביאים, וועלכע עובדיה האט דארט בעהאלטען; אויך זיי האבען אנטייל גענומען אין דער גרויסער געשעהעניש. אליהו איז באלד ארויסגעטראטען דער ערשטער צו דער פערזאמלונג און געווענדעט זיך צו איהר מיט א פראגע: „ביז ווי לאנג ווילט איהר נאך, ווי די פויגלען, ארומשפרינגען פון צווייג צו צווייג? איז דער אידישער גאט א גאט, טא פאלגט זשע איהם; אויב ווידער דער בעל איז א גאט, טא בלייבט איי־ביי איהם“. דאן האט אליהו בעפוילען די כהנים פון בעל צו שטעלען זיך א מזבח און ברענגען פאר זייער אבגאט א קרבן, כדי אז ער זאל פאר זיי וואונדער טהון. די כהנים פון בעל האבען געבראכט דעם קרבן אין דערביי האבען זיי, ווי זייער שטייגער איז, פערוואונדעט זיך מיט מעסער'ס און שווערדען, ביז דאס בלוט האט זייער לייב בעדעקט, און אלץ געהאלטען אין איין בעטען, פון פריהען מארגען ביז מיטאג־צייט: „אה, בעל, ענטפער אונז“. אבער זיי האבען קיין שום ענטפער נישט ערהאלטען. דאן האט אליהו זיך אנגערופען מיט א בייסענדער איראניע: „רופט העכער צו אייער גאט, אפשר האלט ער גאר איצט אין א שמועס, אפשר איז ער אויף א פערווייל[ו]נג, אדער גאר אויף דער רייזע; פיליי[כ]ט שלאפט ער, וועט ער זיך אויפכאפען!“ און ווען די כהנים פון בעל זענען פערשעמט צוריקגעטראטען, האט אליהו צו גאט געבעטען אין דער שטיל: „גאט פון אברהם, יצחק און יעקב, ענטפער מיר, כדי דאס פאלק זאל זעהען, אז דו ביזט דער איינציגער, און איך שטעה דא, ערפילענדיג דיין ווילען, דען דו אליין האסט דאך זייער פערשטאנד פון דיר אבגעווענדעט!“ אין ווי אליהו האט נאר זיין תפלה געענדיגט, איז פארגעקומען א צייכען פון גאט אזוי פלוצלונג, אז אלע אנוועזענדע זענען אויפ'ן פנים געפאלען און אויסגערופען: „ד' הוא האלהים!“

א פלוצלונגער בליץ — ווערט דערצעהלט — איז אראבגעפאלען פון הימעל אויף אליהו'ס מזבח און פערברענט זיין קרבן אין אלץ, וואס איז געוועזען אויפ'ן מזבח און ארום איהם. אליהו האט באלד נקמה גענומען פון די פאלשע נביאים; ער האט בעפוילען דעם פאלק, אז מען זאל זיי חאפען, דער'הרג'ענען און אריינווארפען אין דערביי־איגען טייך קישון. אחאב, וועלכער איז דערביי געוועזען, איז אזוי שטארק איבערראשט געוועזען פון דעם, וואס ס'איז פארגעקומען, אז ער האט נישט געשטערט אליהו'ן, צו לאזען אויסהרג'ענען זיין ווייב'ס נביאים.

פֿער'משפּט'ען צום טויט געהערען דעם קעניג. איזבל האָט דערביי ערקלערט איהר מאַן מיט טריאומף: „איצט קאָנסטו זיך נעהמען נבות'ס וויינ־גאָרטען, דען ער איז שוין טויט". ווי נאָר אליהו האָט זיך דערוואוּסט וועגען דער דאָזיגער פֿערברעכערישער טהאַט, האָט ער שוין לענגער נישט געקאָנט איינהאַלטען זיין צאָרן. ער איז אַוועק קיין יזרעאל און גע־טראָפֿען דאָרט גראָד אין'ם מאָמענט, ווען אחאב איז געקומען בעטראַכטען דעם וויינגאָרטען פֿון נבות, וועלכער האָט צו איהם שוין איצט געהערט. הינטער אַחאב'ן זענען געריטען צוויי מענשען, זיינע דיענער, וועלכע האָ־בען שפּעטער געדאַרפֿט אויספֿיהרען די נקמה אָן איהם פֿאַר דער מערדע־ריי איבער נבות'ן. מיט אַ דונער־שטימע האָט דער נביא אליהו אויסגע־רופֿען: „האָסטו בעגאַנגען אַ מאָרד און איצט געהסטו נעהמען די ירושה? דאָס אונשולדיג פֿערגאָסען בלוט פֿון נבות און זיינע זיהן האָט גאָט נעכ־טען געזעהען און אויפֿ'ן זעלביגען אָרט, וואו די הינד האָבען זיין בלוט געלעקט, וועלען זיי אויך דיין בלוט לעקען". די דאָזיגע דראָהונג האָט געמאַכט אַ צושמעטערנדען איינדרוק אויפֿ'ן שוואַכען געמיט פֿון אַחאָב. ער האָט באַלד זיינע קליידער צוריסען, געפֿאַסט און אָנגעטהון זיך אין אַ זאַק (ער האָט תשובה געטהון). זיין ווייב איזבל האָט איהם אָבער נישט דערלאָזען צו ענדערען זיך אינגאַנצען: זי האָט איבער דעם שוואַכען מאַן אינגאַנצען געהערשט. אליהו איז תיכף פֿערשוואונדען גע־וואָרען אויך אַזוי פּלוצלונג, ווי ער האָט זיך פּלוצלונג בעוויזען.

באַלד איז אין לאַנד אויסגעבראָכען אַ הונגער, וואָס דער נביא האָט פֿאָראויס געזאָגט; ס'איז אפילו נישט געוועזען קיין פּאַשע פֿאַר די פֿערד און מויל־עזלען פֿונ'ם קעניג. אין דער דאָזיגער נויט האָט אחאב אַרויס־געשיקט שלוחים אינ'ם גאַנצען לאַנד, אויפֿצוזוכען אליהו'ן, וועלכער האָט איהם דאָס אונגליק פֿאָראויס געזאָגט. קיינער פֿון די שלוחים האָט אָבער נישט געקאָנט ענטדעקען דעם אָרט, וואו אליהו געפֿינט זיך. איינמאָל איז אליהו ערשיענען דעם אויפֿזעהער איבער אחאב'ס פּאַלאַץ, עובדיה, און איהם ערקלערט קורץ: „געה זאָג דיין הערן, אַז אליהו איז דאָ". אחאב איז געקומען, און ווי נאָר ער האָט דערזעהען אליהו'ן, האָט ער אויסגע־רופֿען: „ביזטו עס דער פֿערדערבער פֿון אידישען פֿאָלק?" דערויף האָט איהם דער נביא געענטפֿערט: „נישט איך האָב אידען דאָס פֿערדערבען געבראַכט, נאָר דו און דאָס הויז פֿון דיין פֿאָטער, דערמיט וואָס איהר האָט גאָט פֿערלאָזען און דעם בעל געדיענט". און אליהו האָט געהייסען דעם קעניג צו פֿערזאַמלען אַלע כהנים פֿון בעל אויפֿ'ן באַרג כרמל, כדי דאָרט עפֿענטליך צו דערווייזען, ווער עס איז אַן אמת'ער נביא און ווער ס'איז אַ פֿאַלשער. זיין בעפֿעהל האָט אליהו געגעבען אין אַזאַ טאָן, פּונקט ווי דאָס רעכט בעפֿעהלען צו געבען וואָלט געהאַט נישט דער קעניג, נאָר ער, דער נביא.

און אָט אַזוי ווערט דערצעהלט אין דער ביבעל וועגען דעם קאַמפּף

שטאדט שומרון. (974 פאר'ן צווייטען חורבן). אחאב האט געבעטען ביי בן־הדד'ן, ער זאל מיט איהם שלום מאכען, אבער יענער האט איהם געשטעלט שענדליכע בעדינגונגען: נישט בלויז גאר דאס געלד און זיל־בער פון'ם לאנד האט אחאב איהם געזאלט ארויסגעבען, נאר אויך זיינע ווייבער און קינדער. אחאב איז געווען אזוי מיעד און שוואך, אז ער האט שוין שיער נישט איינגעשטימט דערויף. אבער די עלטסטע אידען, מיט וועלכע ער האט זיך בעראטען, ווי אויך דאס גאנצע פאלק, האבען ערקלערט, אז ס'איז בעסער צו פיהרען די מלחמה ווייטער אויף טויט און לעבען, איידער אננעהמען א שלום אויף אזוינע שענדליכע בעדינ־גונגען.

אחאב האט געהאט נאר א גאנץ קליינע ארמעע ארויסצושטעלען גע־גען דער גרויסער ארמעע פון'ם פיינד. פונדעסטוועגען אבער איז בן־הדד'ס ארמעע דורך דער אידישער צוקלאפט געווארען, און בן־הדד אליין האט זיך געראטעוועט נאר דורכ'ן ענטלויפען. און ווען בן־הדד איז א צווייטען מאל אנגעפאלען אויף אחאב'ס מלוכה און איז אריינגעקומען ביז'ן טהאל יזרעאל, האט אחאב איהם ווידער מנצח געווען און האט דעם פיינד אזוי שטארק צוקלאפט, אז בן־הדד האט אפילו נישט געקאנט ענטלויפען. איצט האט בן־הדד געמוזט בעטען, אז מען זאל איהם שענקען א שלום. אין א טרויער־צוג, אנגעטהון אין גראבע קליידער, מיט שטריק אויפ'ן האלז, זענען געקומען בן־הדד'ס געטרייע לייט צו אחאב'ן בעטען, אז ער זאל נעהמען זיי געפאנגען און שענקען דאס לעבען זייער קעניג, בן־הדד'ן. אחאב האט דערשפירט א אינערליכע פרייד, צו זעהן, ווי זיין שרעקליכער פיינד האט זיך פאר איהם ערניעדריגט, און האט גע־שאנקען בן הדד'ן דאס לעבען. ער האט געלאזט ארויפברענגען בן הדד'ן און ארויפגענומען איהם צו זיך אויפ'ן וואגען. די דאזיגע בעגנעדיגונג איז פאר בן הדד'ן געווען אזוי אונערווארטעט, אז ער האט צוגעזאגט צו בלייבען אייביג דאנקבאר. ער האט צוגעזאגט אבצוגעבען אחאב'ן צוריק אלע שטעדט, וועלכע זיין פאטער, בן הדד דער ערשטער, האט אבגעריסען ביי דער מלוכה פון די צעהן שבטים; דערצו האט ער נאך אויך צוגעזאגט צו האלטען פאר אידען אפען און זיכער די האנדעלס־וועגען קיין דמשק און בעשיצען די אידישע סוחרים. די נעכטיגע בלוט־פיינד זענען היינט געווארען גוטע פריינד; זיי האבען געשלאסען א בונד און געשווארען געטריי איהם צו האלטען, אבער געהאלטען האט דער בונד נישט, ביי דער ערשטער געלעגענהייט איז ער צופאלען. געגען דעם דא־זיגען, גאנץ לייכטזיניגען שלום־אבמאך איז מיט רעכט ארויסגעטראטען א אידישער נביא און האט אחאב'ן נביאות געזאגט, אז ער וועט דורך אזא שלום ברענגען אויף זיך נייע אונגליקען.

אין דער ווירקליכקייט, ארויסראטעוועדיג זיך גליקליך פון זיין גע־פעהרליכער לאגע, האט בן־הדד גאנץ וועניג געטראכט צו ערפילען די

איזבל האָט אָבּער נישט געהאַט אחאַב׳ס כאַראַקטער. זי איז אריין אין אַ שרעקליכען כעס אויף אליהו׳ן און האָט פון איצט אָן געלויערט אויף זיין לעבען. אליהו איז ענטלאָפען אין לאַנד יהודה. ווי עס שיינט, איז ער אָבער דאָרט אויך נישט געווען זיכער מיט׳ן לעבען, ווייל יהושפט, דער קעניג פון יהודה, איז געווען גוט־פריינד מיט אחאב׳ן און ער האָט איהם געקאָנט אַרויסגעבען אחאב׳ן. אליהו איז דעריבער אַוועקגעגאַנגען ווייטער פון באר־שבע צו דרום־צו, און ער איז געוואָרען אַזוי פער־צווייפעלט פון די רדיפות, אַז ער האָט זיך דעם טויט געוואונשען. איינמאָל, ווען אליהו איז געשלאָפען מיעד אין דער מדבר, האָט ער דערהערט, ווי אַ שטים רופט צו איהם און הייסט איהם עסען און טרינקען, ווייל ער ברויך צו מאַכען אַ ווייטען וועג אַזש ביז׳ן באַרג חורב. דורך דער דאָזיגער ערשיינונג האָט אליהו זיך דערשפּירט געטרייסט און געשטאַרקט און איז אַוועקגעגאַנגען ווייטער אין דער וויסטעניש, ביז צו׳ם באַרג חורב, אויפ׳ן אָרט, וואו די תורה איז געגעבען געוואָרען. און דאָ, זיצענדיג אין אַ׳איינזאַמער הייהל אונטער׳ן באַרג חורב, האָט אליהו אָנגעהויבען זיך צו קלאָגען: „איך האָב פאַר גאָט זיך מתקנא געווען, ווייל די אידען האָ־בען דיין בונד פערלאַזען, דיינע מזבחות צושטערט און דיינע נביאים פערטיליגט. און איך אַליין בין נאָר איבעריג געבליבען, אָבער אויך מיין לעבען זוכען זיי צו נעהמען“.

אין דער לאַנגער צייט, וואָס אליהו האָט פערבראַכט אין דעם מדבר און אויף דעם באַרג סיני, האָבען צווישען די אָנהענגער פון אחאַב׳ס הויז און דעם נביא פון תשבי אויפגעהערט די סכסוכים. דורך דער צייט איז אויפגעשטאַנען אַ נייער דור פון יונגע אידישע נביאים, וועלכע דער קע־ניג האָט נישט גערודפט. נאָר איין איינציגער פון די יונגע נביאים איז געווען אונפריינדליך געגען אחאב׳ן, דאָס איז געווען מיכיהו דער זוהן פון ימלה. ווען נאָר אחאב פלעגט דאַרפען אונטערנעהמען אַ מלחמה אין ער פלעגט שיקען נאָך מיכיהו, כדי צו הערען פון איהם, מיט וואָס די מלחמה וועט זיך אויסלאָזען פאַר אחאב׳ן, פלעגט מיכיהו איהם שטענדיג זאָגען נביאות נאָר שלעכטס. אָבער אחאב האָט דעם נביא געלאָזט לע־בען און נאָר געהאַלטען איהם געפאַנגען. דער קעניג האָט געהאַט געגוג אונ־גליקען, און זיין מוט איז געפאַלען. דער קעניג פון אַרם, בן־הדד דער צוויי־טער, איז געוואָרען אַלץ שטאַרקער, און האָט אַרויסגעשטעלט גרעסערע תביעות; בן־הדד האָט געטראַכט וועגען פערגרעסערען זיין לאַנד. ציזאַ־מען מיט זיינע שכנים און מיט זיינע אונטערטאַנען איז ער אָנגעפאַלען אויף דעם לאַנד פון די צעהן שבטים; ווי עס שיינט, האָט בן־הדד גוט געוואוסט אחאב׳ס שוואַכקייט, וועלכע האָט געשטאַמט פון דער לאַנגער הונגער־צייט אין זיין לאַנד, ווי אויך פון די שטענדיגע סכסוכים און מחלוקת איבער דער געצענדינערייַ. בן־הדד האָט אָבגעריסען גאַנצע שטיקער לאַנד פון אחאב׳ס מלוכה און לסוף בעלאַגערט זיין הויפּט־

אחאב האט זיך ענטשלאסען צו שיקען רופען דעם דאזיגען נביא. געגען זיין ווילען, און בעפוילען א סרים, צו ברענגען מיכיהו. ווען מען האט פאר מיכיהו איבערגע'חזר'ט די פראגע, האט ער לכתחילה אויך גע־ענטפערט ווי די איבריגע נביאים: „געה אין דער מלחמה און האב הצלחה, און גאט זאל דיר אבגעבען רמות־גלעד צוריק". אבער באלד האט ער אנגעהויבען צו רעדען אין א בעגייסטערטען טאן: „כ'האב געזעהען גאט'ס טשערעדע צוזייהעט און צושפרייט אויף אלע בערג, ווי שאף אהן א פאסטוך, און גאט האט געזאגט: זיי האבען נישט קיין האר איבער זיך, זאלען זיי בעסער געהען יעדערער צו זיך אהיים אין פרידען". אחאב האט זיך געקווינקעלט. צי זאל ער גלייבען דעם נביא, צי נישט. ער האט ענדליך בעפוילען דעם דרייסטען נביא נאך שטרענגער צו היטען אין שומרון און האלטען איהם אויף קארגען ברויט מיט וואסער. באלד נאכדעם איז ער מיט יהושפט'ן ארויסגעטראטען אין דער מלחמה. אין הארצען, משמעות, האט אבער אחאב פארט געציטערט, טאמער האט געזאגט דער נביא מיכיהו פארט דעם אמת; דעריבער האט ער זיך פערקליידעט, כדי דער פיינד זאל איהם נישט דערקענען. אבער נאך איידער די מלחמה האט זיך אינגאנצען ענטוויקעלט, האט איהם גע־טראפען א פייל און איהם שטערבליך פערוואונדעט. אחאב האט נאך גע־האט געניג קראפט צו בעפעהלען זיין פוהרמאן אומצוקעהרען און ארויס־צופיהרען איהם פון מלחמה־פעלד. די קעמפפער האבען וועגען דעם גארנישט געוואוסט, און די מלחמה האט זיך געצויגען ביז'ן אוונד. נאר ערשט ווען דער קעניג איז אין גאנצען אבגעלאפען מיט בלוט און איז געשטארבען, האט מען אויסגערופען אויפ'ן מלחמה־פעלד: „זאל יעדער זיך אומקעהרען צוריק צו זיין לאנד און אין זיין שטאדט!" די אר־מעען פון יהודה און ישראל זענען צוריק אריבערגעגאנגען דעם ירדן, און בן הדד איז געבליבען הערשער איבער רמות־גלעד. אחאב'ן האט מען געבראכט קיין שומרון און דארט האט מען איהם מקבר געווען. און בשעת מען האט אויסגעגאסען פון וואגען זיין בלוט אין טייכעל פון שומרון, „האבען די הינד געלעקט דאס בלוט".

נאך אחאב'ן איז ארויפגעשטיגען אויפ'ן טהראן זיין זוהן אחזיה. דאס איז געווען דאס ערשטע מאל, ווען די קרוין פון א קעניג איבער די צעהן שבטים איז איבערגעגאנגען צום אייניקעל פון קעניג. אחזיה האט געקעניגט סך־הכל צוויי יאהר (970 פאר'ן צווייטען חורבן) און נאך זיך איבערגעלאזט אזוי וועניג זכרונות, אז מען קאן וועגען זיין כאראקטער גארנישט וויסען. איינמאל איז אחזיה ארונטערגעפאלען פון פענסטער פון זיין באלקאן אין זיין פאלאץ אין שומרון און שטארק קראנק געווארען. דאן האט ער געלאזט שיקען קיין עקרון, אנפרעגען ביי'ם דארטיגען אבגאט בעל־זבוב, אויב ער וועט פון זיין קרענק צוריק געזונד ווערען. אין יענער צייט איז דער נביא אליהו שוין צוריקגעקומען פון זיין וואנ־

הבטחות, וועלכע ער האט געמאַכט אחאב'ן; די שטעדט, וועלכע זיין פֿאָ־
טער האט צוגענומען בײַ אידען, האט ער נישט געוואָלט אָבגעבען צוריק,
בעזונדערס, די וויכטיגסטע שטאָדט רמות־גלעד, וועלכע געפֿינט זיך
צווישען הויכע בערג אויף דער צפון־מזרח גרעניץ פֿון ארץ־ישראל. אחאב
איז געווען אַזוי פֿויל און נאַכגיעביג, אַז ער האט נישט געפֿאָדערט באלד
פֿון בן־הדד צו ערפֿילען זיין הבטחה, דערווייל אָבער האט זיך בן־הדד
פֿערשטאַרקט, און וועגען אָבנעהמען רמות־גלעד בײַ בן־הדד'ן מיט גע־
וואַלד, האט אחאב אַליין אודאי נישט געקאָנט טראַכטען. געוואָלט האט
ער דאָס טהון נאָר מיט דער הילף פֿונ'ם קעניג פֿון יהודה, יהושפט, מיט
וועלכען ער האט געשלאָסען אַ פֿרײַנדשאַפֿטס־בונד. מיט יהושפט'ס הילף
האט ער די אונטערנעהמונג געגען בן־הדד בעטראַכט אַלס אַהן געפֿאַהר.
ס'איז באמת געווען אַ איבעראַשענדע געשעהעניש, וואָס די מלכים פֿון
ביידע פֿײַנדליכע מלוכות, פֿון ישראל און יהודה, זענען איצט געשטאַנען
אַזוי נאָהענט בעפֿרײַנדעט אײַנער מיט'ן אַנדערען, און האָבען זיך אפילו
געמאַכט וויזיטען אין זייערע הויפּט־שטעדט. דער פֿרײַנדשאַפֿטס־בונד,
וועלכען מען האט נאָך געשלאָסען אין די צײַטען פֿון קעניג עמרי, איז
געווען אַזוי פֿעסט, אַז יהושפט, וועלכער האט אין פּועל הינזיכטען „זיך
געפֿיהרט ווי זיין פֿאָטער דוד", האט זיך נישט אָבגעשטעלט אויך פֿאַר'ן
מתחתן זײַן זיך מיט'ן קעניג אחאב און האט גענומען פֿאַר זיין זוהן,
יהורם, אחאב'ס טאָכטער, עתליה, פֿאַר אַ ווײַב. דאַדורך האט יהושפט
זיך פֿעראייניגט מיט'ן געצענדיענערישען, קעניגס־הויז.

יהושפט האט, ווי עס שײַנט, געמאַכט אַ וויזיט דעם קעניג אחאב
אין שומרון, כדי זיך צו שטאַרקען דורך דעם פֿעסטען בונד מיט אחאב'ן;
דער לעצטער האט דערבײַ אויסגענוצט די געלעגענהייט, צו פּועל'ן בײַ זיין
גאַסט, אַז ער זאָל מיט איהם צוזאַמען געהן מלחמה האלטען מיט
בן הדד. יהושפט האט דערויף אײַנגעשטימט און האט איהם געגעבען
זיין גאַנצע אַרמעע; יהושפט אַליין האט זיך אויך אויסגערופֿען צו געהן
אין דער מלחמה, נאָר ער האט געוואָלט פֿרעגען בײַ אַ אידישען נביא
וועגען דעם סוף פֿון דער מלחמה און איבערגערעדט אחאב'ן, צו שיקען
רופֿען נאָך אַ נביא. צו אַ נביא פֿון דעם אָבגאָט בעל האט יהושפט קיין
צוטרוי נישט געהאַט. צוליעב דער פֿרײַנדשאַפֿט מיט יהושפט'ן, האָט
אחאב אײַנגעשטימט צו רופֿען אַ אידישען נביא, און האט ערלויבט די
יונגע נביאים, צו קומען קיין שומרון און רעדען פֿרײַ. אויף אחאב'ס
פֿראַגע: „צי זאָלען מיר געהען צו רמות־גלעד, אָדער נישט?" — האָבען
אַלע געענטפֿערט אײַנשטימיג: „געה אַהין, און גאָט וועט אָבגעבען די
שטאָדט אין דײַנע הענד". יהושפט'ן איז נישט געפֿעלען געוואָרען דאָס,
וואָס אַלע האָבען געענטפֿערט אײַנשטימיג, און ער האט דעריבער ער־
קלערט, אַז ער וואָלט געוואָלט הערען, וואָס וועט זאָגען דער נביא
מיכיהו בן ימלה, וועלכען אחאב האט געהאַלטען אין אַ זינדערען אָרט.

מעהר נישט אומגעקעהרט צום פאטער און שטוב; ער איז אוועקגעגאנגען מיט אליהו'ן און האט איהם בעדיענט, אדער, ווי מען פלעגט דאמאלס זאגען „ער האט געגאסען וואסער אויף זיינע הענד".

באלד נאך דעם טויט פונ'ם קעניג אחזיה, איז אויך אוועק פון דער וועלט דער נביא אליהו, און ווי עס ווערט דערצעהלט, איז ער אין שטורם ארויפגעפלויגען צום הימעל.

דער גרעסטער וואונדער, וואס אליהו האט אויפגעטהון, איז געוועזן דאס, וואס ער האט געגרינדעט א שולע פון נביאים, וועלכע האבען אינ־טערגעהאלטען דאס פייער פון דער אלטער תורה, און זענען ארויסגע־טראטען, לויט ווי די צייט און אומשטענדען האבען דאס געפאדערט, עפענטליך אדער געהיים, געגען דער געצענדיענערייא און אנדערע פער־ברעכען. די שולע פון נביאים, וועלכע אליהו האט געגרינדעט, האט גע־לעבט, ווי אנ'אבגעזונדערטע קהלה אין דער מלוכה פון די צעהן שבטים. די אנהענגער פון דער דאזיגער שולע האבען נישט גענומען ביי עמיצען קיין שוחד אדער מתנות. די יונגע נביאים האבען געפיהרט אנ'איינפאך, ארעם לעבען, בעשעפטיגענדיג זיך אליין מיט אלערליי ארבייט. נאכדעם, ווי דער אנפיהרער אליהו איז מעהר נישט געווען, האט ער די שולע פון די נביאים געמוזט האבען אנ'עלטסטען איבער זיך; אלישע איז נאך דאמאלס יונג געווען, ער איז אבער געווארען עלטסטער און האט זיך געשטעלט בראש פון דער שולע. אלע תלמידים האבען געוואוסט, אז אליהו האט איהם אבגעגעבען די בכורה אין דער ירושה איבער זיינע גייסטיגע קינדער; ער האט איהם אויך געלאזען בירושה זיין הארינען מאנטעל. אין דער ערשטער צייט האט זיך אלישע געפיהרט אינגאנצען, ווי זיין לעהרער אליהו: ער האט זיך געהאלטען אן א זייט פון דער געזעלשאפט און האט מייסטענס פערבראכט זיין צייט אויפ'ן בארג כרמל. בישלעכווייז אבער האט ער זיך אנגעהויבען מישען צווישען דעם פאלק, נאכדעם ווי ס'איז איהם געלונגען צו דערוועקען א טעטיגען און א קרעפטיגען מענ־שען צו פערניכטען דאס איהם פערהאסטע קעניגליכע הויז פון עמרי און צו פערטיליגען דעם קולט פונ'ם אבגאט בעל.

יהורם, דער פיערטער קעניג פון עמרי'ס הויז, (פון 969 ביז 957 פאר'ן צווייטען חורבן) האט נישט געארבייט מיט אזא ענערגיע ביי'ם פערשפרייטען די געצענדיענערייא, ווי זיין מוטער, איזבל. אבער פונ־דעסטוועגען האט ער אויך אליין געדיענט צו די געצען, און דעם נביא אלישע איז ער אזוי פערהאסט געווען, אז ער האט איהם נישט געקאנט גלייך קוקען אין פנים. נאכדעם ווי זיין ברודער אחזיה איז געשטארבען, האט ער אונטערגענומען א מלחמה געגען מישע, דעם קעניג פון מואב, וועלכער האט זיך אבגעזאגט צו זיין אונטערטעניג דעם אידישען קעניג און נישט געוואלט שיקען דעם יעהרליכען אבצאהל. יהורם האט אבער אליין נישט געוואלט געהן אין דער מלחמה און האט, אויך אזוי, ווי זיין

דערונג דורך דעם מדבר צום בארג חורב, ער האָט אָבער שוין געפֿיהרט
איצט אַן'איינזאַם לעבען, ווי עס שיינט, אויפֿ'ן בארג כרמל. איצט האָט
אליהו זיך מעהר נישט געמישט אין די וועלטליכֿע ענינים; נאָר נאָך
איין מאָל איז אליהו אַרויסגעטראָטען מיט אַן'עפֿענטליכֿער נבואה: ער
איז געקומען ענטקעגען די שלוחים, וועלכֿע אחזיה האָט געשיקט צום
בעל־זבוב, און געזאָגט צו זיי: „צי איז דען נישטאָ קיין גאָט אין ישׂראל,
וואָס דו שיקסט קיין עקרון, כדי צו פֿרעגען ביי בעל־זבוב וועגען דיין קראַנק־
הייט? פֿון דיין קרענק וועסטו שוין נישט אויפֿשטעהן, דו וועסט שטאַר־
בען פֿון איהר“. די שלוחים האָבען זיך אומגעקעהרט צוריק קיין שומרון
און דערצעהלט, וואָס דער וואונדערליכֿער נביא, וועלכֿען זיי האָבען בּע־
געגענט, האָט זיי געזאָגט. לויט דער שילדערונג, וועלכֿע די שלוחים
האָבען געמאַכֿט פֿונ'ם אונבעקאַנטען נביא, האָט אחזיה דערקענט, אַז
אליהו געפֿינט זיך שוין ווידער אינ'ם לאַנד, און האָט בעפֿוילען די
שלוחים, אַז זיי זאָלען איהם אויפֿזוכֿען און פֿאָדערען, אַז ער זאָל קומען
צום קעניג. אליהו האָט זיך נישט געשראָקען און איז געקומען קיין
שומרון, וואו ער האָט נביאות געזאָגט דעם קעניג אחזיה, אַז ער וועט
פֿון זיין קרענק שטאַרבען. באַלד נאָכֿדעם איז אחזיה טאַקי געשטאָרבען,
נישט איבערלאָזענדיג נאָך זיך קיין קינדער. דער טהראָן איז איבער־
געגאַנגען צו זיין ברודער יהורם.

נאָך זיין דאָזיגען לעצטען אַרויסטריט ביי'ם קעניג האָט אליהו
זיך שוין אינגאַנצען אָבגעשלאָסען פֿון דער עפֿענטליכֿער וועלט און האָט
געלעבט נאָר צווישען זיינע תּלמידים. ער האָט זיך אויסגעקליבען אויך
אַ ממלא מקומו, ס'הייסט, אַ נביא, וואָס זאָל זיין אָרט פֿערטרעטען ביי
אידען. דער דאָזיגער נביא איז געוועזען אלישע, דער זוהן פֿון שפט, און
אויסגעקליבען האָט איהם אליהו אויף אַן'אָריגינעלען אופן, וועלכֿער
איז זעהר כֿאַראַקטעריסטיש פֿאַר אליהו'ן: ער האָט געטראָפֿען אלישע'ן
צום ערשטען מאָל אויפֿ'ן פֿעלד, וואו אלישע האָט מיט אַ פּאָר רינדער
בעאַקערט דאָס פֿעלד פֿון זיין פֿאָטער. דער נביא אליהו איז צו איהם
צוגעגאַנגען, האָט אויף איהם, נישט רעדענדיג קיין וואָרט, אַרויפֿגע־
וואָרפֿען זיין האָריגען מאַנטעל און אַוועקגעגאַנגען. אויב אלישע איז ווערט
געוועזען, צו זיין זיינער אַ ממלא מקומו, האָט ער געדאַרפֿט פֿערשטעהן
דעם דאָזיגען וואונק פֿונ'ם נביא. אין דער ווירקליכֿקייט איז אלישע
איהם נאָכֿגעלאָפֿען און געבעטען, צו וואַרטען אויף איהם אַ קורצע ווייַלע,
ביז ער וועט זיך צוקושען מיט די עלטערען און נעהמען פֿון זיי אָבשייד.
„טאָ קעהר זיך אום צוריק“ — האָט אליהו קורץ געענטפֿערט: „וואָס
האָב איך דיר דען געטהון?“ אלישע האָט פֿערשטאַנען, אַז כדי צו זיין
אַ געטרייער דינער פֿון גאָט, אַ נביא, מוז מען פֿערלאָזען פֿאָטער און
מוטער און ברענגען פֿאַר אַ קרבן די אַלטע געוואוינהייטען און אפילו
אויך די הייליגע ליעבע צו די עלטערען. אלישע האָט זיך דעריבער שוין

אבפאלען פון אידען. מישע האט אבער נישט געקאנט דורכרייסען זיך דורך די בעלאגערנדע פיינד. די איינוואהנער פון מואב האבען געגלויבט, אז זייער גאט, כמוש, איז אויף זיי בייז, און דעריבער האבען זיי געליטען א מפלה אין דער מלחמה. מישע האט דעריבער געבראכט פאר א קרבן צו זיין גאט כמוש זיין אייגענעם זוהן. די דאזיגע שוידערהאפטע טהאט איז ער בעגאנגען עפענטליך אויף דער מויער פון דער שטאדט, כדי די בעלאגערענדע פיינד זאלען דאס זעהען. ווי עס שיינט, האט דאמאלס אויסגעבראכען א מגפה אין דער אידישער ארמעע און דעריבער האט זי זיך געמוזט צוריקציהען קיין ארץ־ישראל. מואב איז מעהרסטענטיילס פערוויסט געווארען, אבער דער קעניג מישע איז געבליבען פריי און נישט אונטערטעניג.

א קורצע צייט נאכדעם איז אדום אבגעפאלען פון יהודה; פארגעקומען איז דאס שוין נאך יהושפט'ס טויט. שוין בשעת מען האט געפיהרט די מלחמה געגען מואב, האט אדום זיך פערהאלטען נישט גאנץ געטריי, און, ווי עס שיינט, האט ער זיך שפעטער צוזאמענגערעדט מיט מישע דעם קעניג פון מואב און זיי האבען צווישען זיך פריינדשאפט געשלאסען. מען האט געקאנט מיינען, אז ס'איז שוין א בעשערטע זאך געווען, אז די פריינדשאפט צווישען דעם הויז פון עמרי און דוד'ס הויז, און דער שידוך, וואס זיי האבען צווישען זיך געטהון, זאל ברענגען נישט קיין גליק, נאר אונגליק. יהורם, יהושפט'ס זוהן און אחאב'ס איידעם, איז אזוי ענג געווען בעפריינדעט און פערבונדען מיט'ן הויז פון די מלכים פון ישראל, אז ער האט אויך ביי זיך אין לאנד איינגעפיהרט די געצענדיענעריי. בלי ספק, האט דערביי פיעל מיטגעווירקט איזבל'ס טאכטער, זיין פרוי עתליה, ווייל זי האט פון איהר מוטער איבערגענומען א ליידענשאפטליכע און פאנאטישע ערגעבענהייט פאר דער געצענ־דיענעריי, פאר'ן בעל און דער עשתרות.

אין דער זעלבער צייט איז אין דמשק ארויפגעשטיגען אויפ'ן טהראן א נייע דינאסטיע. דער קעניג בן הדד דער צווייטער איז דורך זיין דיענער חזאל דערשטיקט געווארען און חזאל איז אנשטאט איהם קעניג געווארען. לויט ווי די יונגע נביאים האבען דערצעהלט, זאל עס דער נביא אלישע האבען דורכגעפיהרט די דאזיגע איבערקעהרעניש אין פאלאץ פונ'ם קעניג פון ארם. ווי נאר חזאל איז קעניג געווארען, האט ער אנגעהויבען אבצונעהמען צוריק ביי דער מלוכה פון אפרים יענע שטעדט, וועלכע בן הדד דער צווייטער האט אבגעגעבען צוריק. צוערשט האט חזאל זיך געווענדעט געגען די שבטים פון יענער זייט ירדן. יהורם, קעניג פון ישראל, איז דעריבער אוועקגעגאנגען מיט זיינע מחנות צו רמות־גלעד, כדי צו פערטיידיגען די דאזיגע וויכטיגע פעסטונג, וועלכע האט געהאט זעהר א גרויסע בעדייטונג פאר דער גאנצער אומגעגענד. ווי עס שיינט, איז די מלחמה ארום דער פעסטונג געווען זעהר א בלוטיגע; דער

זײַדע אחאב, געפּועל'ט בײַ'ם קעניג פֿון יהודה, יהושפט, צו געהן מיט איהם צוזאַמען מלחמה האַלטען מיט מואב. די פֿערעאײניגטע אידישע אַרמעע האָט געדאַרפֿט געהן דורך אדום אין דרום־זײַט פֿונ'ם ים־המלח, כּדי פֿון דאָרט אַרײַנצוקומען אין מואב; דער קעניג, אָדער דער פֿירשט פֿון אדום, וועלכער איז געוועזען אונטערטעניג דעם קעניג יהושפט, האָט אויך געדאַרפֿט מיטגעהן מיט זײַן מחנה. אויפ'ן וועג צו דער דרום־גרענין האָט יהורם געמוזט געהן פֿאַרבײַ ירושלים. יהושפט האָט איהם אײַנ־געלאַדען אַרײַנצוקומען אין דער הויפּט־שטאָדט פֿון יהודה און איהם דאָרט אויפֿגענומען מיט גרויס פּאַראַד. נאָכדעם, ווי אין דער אידישער מלוכה איז אין רחבעמ'ס צײַטען דורכגעפֿיהרט געוואָרען די גרויסע שפּאַלטונג, האָבען איצט די שבטים, אָדער בײדע חלקים פֿון אידישען פֿאָלק, ווי עס האָט אויסגעוויזען, געלעבט צווישען זיך פֿיעל פֿרײַנדליכער, ווי פֿריהער. אין דער ווירקליכקײַט אָבער איז עס בלויז געוועזען די פֿרײַנד־שאַפֿט צווישען די מלכים, אָבער נישט צווישען דעם פֿאָלק. אפרים און יהודה זענען נישט געוואָרען ברידערליך בעפֿרײַנדעט אײנער מיט'ן אַנ־דערען. יהושפט האָט אויך איצט פֿערלאַנגט, אז מען זאָל פֿרעגען בײַ גאָט'ס א נביא, וואָס פֿאַר א סוף די געגענווערטיגע מלחמה וועט האָבען, און ווײַל דער אָנגעזעהענסטער צווישען די נביאים איז איצט געוועזען אלישע, אליהו'ס תלמיד און ממלא מקומו, האָט מען געשיקט נאָך איהם. בײַ דער דאָזיגער געלעגענהײַט האָט אלישע ערקלערט יהורם'ן אין פּנים: „ווען איך וואָלט נישט געשאַנעוועט דעם קעניג יהושפט, וואָלט איך דיר אין פּנים גלײַך נישט געקוקט. געה צו די נביאים פֿון דײַן פֿאָטער און דײַן מוטער!" וועגען דער מלחמה גופא האָט אָבער אלישע פֿאָראויסגע־זאָגט, אז זי וועט זיך ענדיגען מיט א נצחון.

מישע, דער קעניג פֿון מואב, וועלכער האָט מיט זײַן אַרמעע פֿערוואַר־טעט די פֿערבונדעטע אויף דער דרום־גרעניץ פֿון זײַן מלוכה, איז דורך זיי אינגאַנצען צושלאָגען געוואָרען און איז ענטלאָפֿען אין דער פֿעסטונג, וועלכע ער האָט געהאַט צווישען די בערג, קיר הרושת. כּדי צו נעהמען נקמה אָן מואב, האָט יהורם געלאָזט חרוב מאַכען אַלע שטעדט פֿון מואב, דורך וועלכע די פֿערבונדעטע אַרמעע איז דורכגעגאַנגען; זײַערע פֿרוכטבאַרע פֿעלדער האָט ער מיט שטײנער געלאָזט פֿערשיטען, כּדי זיי זאָלען ווערען אומפֿרוכטבאַר, זײַערע קוואַלען וואַסער האָט ער פֿער־שטאָפּט און זײַערע פֿרוכטבוימער געלאָזט אויסהאַקען. די שטאָדט קיר חרושת האָט מען אַרומגערינגעלט פֿון אַלע זײַטען און געשטורמט אויף איהר מיט שלײַדער־שטײנער. מישע האָט אפילו געמאַכט א פּראָבע דורכ־צוברײַסען זיך דורך דער בעלאַגערונג מיט עטליכע הונדערט מאַן פֿון זײַ־נע לײַט, כּדי צו קומען צום קעניג פֿון אדום און איבערעדען איהם אָפּ־צושטעהן פֿון דער אידישער אַרמעע און קעמפֿען געגען איהר, דען, ווי עס שײַנט, איז איהם בעוואוסט געוועזען, אז אדום טראַכט נאָר וועגען

ריכטליכען מארד. ווען ביידע מלכים האבען דערזעהען יהוא, האט יהורם
געפרעגט: „איז עס שלום, יהוא?“ — „וואס קאן עס זיין פאר א שלום ביי
דער זנות-טרייבעריי און דער כשוף-מאכעניש פון דיין מוטער איזבל!“ —
האט יהוא געענטפערט. יהורם האט זיך באלד געלאזט לויפען צוריק און
צוגערופען אחזיה אויך דאס זעלביגע צו טהון, דען עס געהט אום לעבען.
אינ'ם זעלביגען אויגענבליק האט איהם געטראפען יהוא'ס פייל און ער
איז געפאלען טויט אין זיין וואגען. אויך דער קעניג פון יהודה אחזיה,
אחאב'ס איינקעל, איז געפאלען טויט פון יואב'ס פייל; אחזיה האט זיך
נאך דערשלעפט ביז מגדו און איז דארט געשטארבען. אזוי איז אויסגע-
פיהרט געווארען די איבערקעהרעניש: אחאב'ס הויז איז אונטערגעגאנ-
גען, און עס האט זיך נישט געפונען קיין איינציגער מענש, וועלכער זאל
איהם וועלען פערטיידיגען. אפילו די דיענער האבען פערלאזען די פער-
זאנען, וועלכע זענען נאך ביי'ם לעבען געבליעבען פון דער קעניגליכער
פאמיליע. יהוא איז אריינגעקומען אין יזרעאל אונגעשטערט. די מוטער
פונ'ם דער'הרג'עטען קעניג, איזבל, האט נאך געהאט אין זיך אזוי פיעל
פעסטיגקייט, אויסצופוצען זיך רייך און צו בעגעגענען יהוא דורכ'ן פענ-
סטער מיט א פראגע: „וואס הערט זיך, דו, זמרי, וועלכער האסט דער'-
הרג'עט דיין העררן?“ יהוא האט באלד בעפוילען איזבל'ס ארומיגע דיע-
נער, ארויסצווארפען זי דורכ'ן פענסטער אויף דער גאס. די דיע-
נער האבען געפאלגט דעם בעפעהל: די קעניגין איז ארויסגעווארפען גע-
ווארען און בעשפריצט מיט איהר בלוט די ווענד פון פאלאץ און יהוא'ס
פערד. און ווען יהוא האט שפעטער בעפוילען, אז מען זאל איזבל'ן בע-
גראבען, ווי א טאכטער פון א קעניג, האט מען נאר געפונען איהר שאר-
בען און די ביינער פון די הענד און פיס. דאס איבריגע האבען די הינד
אויפגעגעסען. די מענשען, וועלכע האבען נאך געדענקט, ווי מען האט
אויסגעפיהרט איזבל'ס מערדערישען משפט איבער נבות'ן מיט זיינע
זיהן, האבען איצט מיט אימה בעטראכט די שרעקליכע בעשטראפונג.
מיט'ן טויט פון יהורם, איזבל און אחזיה האט זיך אבער די בלוטיגע
געשעהעניש נאך נישט געענדיגט. עס האבען נאך געלעבט אין שומרון
זיהן, איינקלעך און קרובים פון יהורם, לערך זיעבציג פערזאן, וועלכע
זענען געווען ערצויגען דורך די אנגעזעהענסטע מענער און די עלטסטע
פון שומרון. יהוא האט זיך געווענדעט צו די לעצטע מיט א פארשלאג, אז
זיי זאלען איינעם פון די קעניגליכע פרינצען פון אחאב'ס הויז בעשטימען
פאר א קעניג איבער די צעהן שבטים. די עלטסטע פון שומרון האבען
פערשטאנען, אז יהוא מיינט עס נישט ערנסט, און האבען זיך געשראקען
אליין עפעס אונטערצונעהמען געגען דעם ווילען פון יהוא, וועלכער האט
שוין צוויי מלכים דער'הרג'עט. זיי האבען איהם דעריבער געשיקט זאגען,
אז זיי זענען זיינע אונטערטאנען און וועלען טהון אלץ, וואס ער וועט
זיי הייסען. דאן האט יהוא זיי געשיקט זאגען, אז זיי זאלען מיט די זיעבע-

קעניג פון ישראל איז דערביי פערוואונדעט געוואָרען דורך א פייל און איז אבגעגאַנגען צוריק קיין יזרעאל, צו קורירען זיך דאָרט פון זיין וואונד; אלס פעלדהערר איבער זיין אַרמעע האָט ער איבערגעלאָזען איינעם פון זיינע שרים, יהוא. אין א געוויסען טאָג איז געקומען איינער פון די יונגע נביאים, אין אלישע׳ס שליחות, צו יהוא, און האָט איהם אַרויסגערופען פון קרייז פון די שרים, מיט וועלכע ער איז געזעסען, אין אזייטיג צימער; דאָרט האָט ער איהם געזאלבט און גאָט׳ס נאָמען פאַר א קעניג איבער ישראל און איהם בעפוילען צו פערטיליגען דאָס גאַנצע קעניגליכע הויז פון עמרי; אזוי רעדענדיג, איז דער נביא פלוצלונג פערשוואונדען געוואָרען, ווי ער איז געקומען. ווען יהוא האָט זיך צוריק אומגעקעהרט צו די שרים, האָבען זיי ביי איהם נייגיעריג געפרעגט, וואָס דער יונגער נביא האָט איהם געזאָגט. יהוא האָט תחלת נישט געוואָלט זאָגען. ענדליך האָט ער זיי ענטדעקט, אז דער יונגער נביא האָט איהם אין אלישע׳ס שליחות געזאלבט פאַר א קעניג. די שרים האָבען באלד אנערקענט יהוא׳ן פאַר א קעניג. אויף די העכסטע טרעפ פון פאלאַץ האָבען זיי אַרויפגעלעגט פורפור־קליידער און דעקעס אלס א טהראָן, אויף וועלכען זיי האָבען אַרויפגעזעצט דעם נייעם קעניג, און, בלאָזענדיג מיט א שופר, האָבען זיי אויסגערופען: „לעבען זאָל דער קעניג יהוא!“

ווי נאָר די שרים האָבען איהם אויסגערופען פאַר א קעניג, איז יהוא באלד אַרויסגעטראָטען ענטשלאָסען און געשווינד דורכצופיהרען די איבערקעהרעניש ביז׳ן סוף. ערשטענס, האָט ער פערשטעלט דעם וועג פון רמות־גלעד צו יזרעאל, כדי קיינער זאָל נישט קאָנען ברענגען אהין צו פריה די ידיעה; דערנאָך האָט ער גענומען מיט זיך א טייל פון דער אַרמעע, איז אַריבער דעם ירדן און האָט זיך געלאָזען לויפען צו יזרעאל, וואו דער קעניג יהורם האָט זיך נאָך קורירט פון זיינע וואונדען. דער וועכטער איבער׳ן טויער פון קעניגליכען פאלאַץ האָט מודיע געווען דעם קעניג, אז ער זעהט פון׳ דער וויטען א גרויסע מחנה, וועלכע נעהנטערט זיך צו דער שטאָדט אין א ווילד־שנעלען לויפען. דער קעניג האָט דערקענט, אז דאָס מוז זיין יהוא דער זוהן פון נמשי. דערצו איז דעם קעניג עפּעס אויסגעקומען פערדעכטיג, וואָס עס האָבען זיך נישט אומגעקעהרט צוריק די שלוחים, וועלכע ער האָט אַרויסגעשיקט מקבל פנים צו זיין יהוא. יהורם האָט דעריבער געלאָזט איינשפּאַנען זיין רייט־וואָגען און זיך גע־לאָזט פאָהרען געגען יהוא, כדי אליין צו הערען, וואָס עס האָט איהם אזוי געשווינד געבראַכט קיין יזרעאל. אויך אחזיה, דער קעניג פון יהודה, וועלכער איז מיט א קורצער צייט פאַר דעם בעשטיגען נאָך זיין פאָטער׳ס טויט דעם טהראָן אין יהודה און איצט געקומען מבקר חולה צו זיין זיין פעטער יהורם, דעם קעניג פון ישראל, האָט זיך אויך געלאָזט מיט איהם פאָהרען געגען יהוא. אזוי האָבען ביידע מלבים בעגעגענט יהוא ביי׳ם פעלד פון נבות, איבער וועלכען איזבל האָט געלאָזט אויספיהרען א נשׂ־

מיר די האנד!" דערביי האט יהוא ערקלערט אליהו'ס תלמיד, יהונדב'ן,
וואס ער האט בדעה צו טהון אין שומרון מיט די כהנים פון בעל און
זייער געצענדיענעריי. „זעץ זיך מיט מיר אין וואגען — האט יהוא גע־
זאגט צו יהונדב'ן — וועסט מיט מיר פאהרען קיין שומרון און זיין
אנ'עדות, ווי איך וועל נקמה נעהמען פון גאט'ס פיינד". קומענדיג קיין
שומרון, האט יהוא בעפוילען, אז אלע כהנים פון בעל זאלען זיך צוזא־
מענקומען אין א בעשטימטען טאג אין טעמפעל פונ'ם בעל, ווי, א שטיי־
גער, ער וואלט אליין געוואלט מיט זיי צוזאמען דיענען דעם אבגאט;
דערביי האט ער אויך פעראָרדענט, אז די כהנים פון בעל זאלען אנטהון
זייערע פאראדנע קליידער, ווי זיי טראגען שטענדיג, ווען זיי דיענען די
אבגעטער. בשתיקה האט אבער יהוא געלאזט אויסשטעלען זיינע בע־
וואפענטע בעגלייטער אין טעמפעל און ארום איהם, און אליין איז ער
מיט יהונדב'ן געקומען אין טעמפעל פון בעל. יהוא האט כלומרש'ט אליין
געבראכט א קרבן צום בעל; דאס איז געוועז דער סיגנאל: די בעגלייטער
פון יהוא'ן האבען זיך געווארפען אויף די כהנים פון בעל און אויסגע־
הרג'עט אלעמען אין טעמפעל, און די, וועלכע האבען בעוויזען צו ענט־
לויפען, האט מען דער'הרג'עט אין דרויסען. דערנאך זענען יהוא'ס בעגליי־
טער אריינגעקומען אין די אינערסטע צימערען פון טעמפעל און פערניכ־
טעט דארט אלע בילדער און געצען, צושטערט דעם מזבח און די מאנו־
מענטען און געמאכט פון גאנצען טעמפעל א בארג מיסט. און איבעראל
אין לאנד האט יהוא געלאזט פערניכטען דעם געצענדיענסט פון בעל מיט
אלע זיינע טעמפלען און אלטארען. יהוא האט זיך געוואלט ארויסווייזען
פאר'ן פאלק, ווי א געטרייער תלמיד פונ'ם נביא אליהו, ווי א שטרענגער
דיענער פון גאט, וועלכער נעהמט נקמה פון זיינע פיינד, נאר אין ירושלים
איז נאך איבערגעבליעבען גאנץ דער קולט פון בעל, דען ער האט זיך
דארט געהאלטען דורך איזבל'ס טאכטער, עתליה, וועלכע איז געווען א
פאנאטישע אנהענגערין פון בעל און האט זיך אויסגעצייכענט מיט איהר
מוטער'ס ענערגיע.

עס איז מערקווירדיג צו בעצייכנען, אז די פרויען האבען זיך
מעהר געהאלטען אין דעם אויסגעלאסענעם קולט פון בעל, ווי די מאנספער־
שוינען. אומעטום זעהען מיר, אז גראד די פרויען נעהמען זיך אן פאר
די אלטע אבגעטער. מעכה, די מוטער פונ'ם קעניג אסא אין יהודה, האט
געבויט אלטארען פאר די דאזיגע אבגעטער אין ירושלים, וועהרענד איזבל
האט געטהון דאס זעלבע אין שומרון, און איצט האט ווידער אנגעהויבען
פיהרען די דאזיגע אונציכטיגע טעטיגקייט עתליה, די מוטער פונ'ם קעניג
אחזיה אין ירושלים. עתליה איז אויך ווייט אריבערגעשטיגען איהר מוטער
איזבל אין גרויזאמקייט און בלוטדורשטיגקייט. איזבל האט געלאזט ער־
מארדען נאר נביאים און עקשנות'דיגע אנהענגער פונ'ם אלטען אידישען
גלויבען, אלענפאלס, אזעלכע מענשען, וועלכע זי האט בעטראכט אלס

ציג עלטסטע (אין העברעאיש הייסט „ראשים“—„קעפ“ און אויך עלטסטע) קומען צו איהם קיין יזרעאל. די איינוואָהנער פון שומרון האָבען פערשטאַנען יהוא'ס אַנצוהערעניש, האָבען אויסגעשאָכטען אַלע זיעבציג קינדער פון אַחאב און געבראַכט זייערע קעפ קיין יזרעאל. אַזוי ווענינ פריינד האָט עס אַחאב געהאַט אין אונגליק! דער שטאָדט־פרעזידענט פון שומרון, די אויפזעהער איבער'ן קעניגליכען פּאַלאַץ, די ערציהער פון די קעניגליכע קינדער, די עלטסטע און די הויכע בעאַמטע,— אַלע זענען געקומען קיין יזרעאל מיט כלים, אָנגעפילט מיט די בלוטיגע קעפ פון די לעצטע קינדער פון עמרי'ס הויז, און איבערגעבען זיי דעם נייעם קעניג יהוא. די בלוטיגע קעפ האָט יהוא געלאָזט אויסשטעלען ביינאַכט, אין צוויי רייהען פאַר'ן טויער פון שטאָדט און אויף צומאָרגענס האָט ער אַהין איינגעלאַדען די איינוואָהנער פון שטאָדט. ביי'ם שוידערהאַפטען אָנבליק פון די פערבלוטיגטע קעפ האָט יהוא ערקלערט, אַז ער האָט זיך אויפגעהויבען נאָר געגען יהורם, די דאָזיגע זיעבעציג פערזאָן אָבער זענען דער'הרג'עט געוואָרען דורך אַנדערע הענד, כמעט דורך אַ מיספערשטענדניש, דען ער האָט עס גאָרנישט בעפוילען; דאָס בעווייזט אָבער, אַז אֵליהו'ס נבואה איבער אַחאב'ס הויז איז ערפילט געוואָרען, יהוא איז געווען נישט בלויז אַ ענערגישער און ענטשלאָסענער מענש; ער איז אויך געווען קלוג און, אויספיהרענדיג די בלוטיגע טהאַט, האָט ער פערשטאַנען דאָס צו מאַכען אַזוי, אַז עס זאָל זיך אויסדוכטען, דאָס ער איז גאָר ואין איהר אונשולדיג; די זאַך איז אַליין אָבגעטהון געוואָרען, ווייל גאָט האָט אַזוי געוואָלט. איצט איז שוין פונ'ם קעניגליכען הויז פון עמרי קיינער נישט געבליעבען לעבען, ווער עס זאָל קאָנען פערנעהמען דעם טהראָן. יהוא איז בעשטיגען דעם טהראָן, און די איינוואָהנער פון יזרעאל האָבען איהם אויסגערופען פאַר אַ קעניג.

כדי צו געווינען די הערצער פון די געטרייע אידען, האָט יהוא זיך גענומען פערניכטען דעם בעל־דינסט. ער האָט אָנגעהויבען פון שומרון, ווייל דאָרט איז געווען דער מיטעלפונקט פון דער געצענדיענעריי.. מיט זיינע געטרייע פריינד איז ער אַוועקגעגאַנגען קיין שומרון, אויפ'ן וועג האָט ער געטראָפען די ברידער און קרובים פונ'ם מלך פון יהודה אחזיה, וועלכע האָבען אָבער נאָך גאָרנישט געוואוסט פון די לעצטע שרעקליכע געשעהענישען. ווי נאָר יהוא האָט זיך דערוואוסט, ווער זיי זענען, האָט ער בעפוילען זיי אַלעמען צו חאַפּען לעבעדיגערהייד. זיינע מענשען האָבען זיי אַלעמען געחאַפּט, אויסגעשאָכטען און אַריינגעוואָרפען אין אַ ברונען. איידער יהוא איז אַריינגעקומען אין שומרון, האָט ער אָנגעטראָפען יהונדב דעם זוהן פון רכב, וועלכער האָט איינגעפיהרט אין זיין משפחה אַ לעבען פון נזירים, לויט ווי דער נביא אליהו האָט געלערנט. „ביזטו נאָך מיט מיר אַלץ גוטער פריינד, ווי פריהער?“—האָט ביי איהם יהוא געפרעגט:— „געוויס!“— האָט יהונדב געענטפערט. „טאָ גיעב זשע

מען לאנג געהאלטען פערבארגען דאס קעניגליכע קינד, און זיין מוהמע
יהושבע האט איהם ערצויגען אין דער שטיל. די כהנים און לויים, וועל־
כע זענען געטריי געוועזען דעם כהן גדול יהוידע, האבען דעם סוד קיינעם
נישט ענטדעקט. דאס קעניגליכע קינד האט גראדע צוליעב זיין יוגענד
דערוועקט ביי אלעמען רחמנות צו זיך. איז'ס משך פון די זעקס יאהר,
וואס עתליה האט מיט געוואלד געקעניגט אין ירושלים, איז יהוידע אויך
נישט געבליעבען זיצען מיט צוזאמענגעלעגטע הענד: ער האט אפט גע־
האט געשפרעכען מיט די אנפיהרער פון די מחנות, וועלכע האבען גע־
דינט עתליה'ן און מיט די בעגלייטער פון קעניגליכען הויף. און, נאכ־
דעם, ווי ער האט זיך איבערצייגט, אז אין טיעפען הארצען זענען זיי גע־
בליעבען געטריי דוד'ס הויז, האט ער ביסלעכווייז זיי ענטדעקט דעם
סוד, אז ס'איז נאך איבערגעבליעבען אין לעבען א יונגער זוהן פון קעניג
אחזיה, וועמען עס געהערט די קעניגליכע קרוין. אלע אנפיהרער האבען
זיך ערקלערט פאר פיינד פון עתליה'ן און איהם צוגעזאגט צו שטיצען,
ווען די צייט וועט קומען. ווען דער כהן גדול האט זיך שוין איבערצייגט
אין זייער געטרייהייט, האט ער זיי אריינגעפיהרט אין בית־המקדש און
געוויזען דעם זיבען־יעהריגען יואש, און זיי האבען נאך זיין פנים איהם
אנערקענט פאר'ן אמת'ען זוהן פון אחזיה. יהוידע האט זיי געלאזט שווע־
רען, אז זיי וועלען דינען דעם קינד געטריי. מיט זייער הילף האט יהוידע
נעקאנט אויספיהרען די איבערקעהרעניש און צוריק ארויפזעצען אויפ'ן
טהראן פון יהודה א קעניג פון דוד'ס הויז. אין א געוויסען טאג, ווען די
וואך האט פערנומען איהר ארט ארום בית־המקדש, האט יהוידע געלאזט
דורך איהר בעזעצען דעם אריינגאנג אין בית־המקדש און געגעבען א
בעפעהל צו דער'הרג'ענען יעדערען, ווער עס וועט נאר וועלען אריינקומען
אין אינערליכען טייל פון דער עזרה מיט א פיינדליכער כונה. און ווען
יהוידע האט זיך אזוי ארום פערזארגט, אז קיינער זאל נישט קאנען אנ־
פאלען אויף יואש'ן, האט ער געלאזט אריינפיהרען א גרויסען המון אין
דער עזרה. די מחנות, וועלכע זענען געוועזען געטריי יהוידע'ן, האבען זיך
אויסגעשטעלט מיט בלאנקע שווערדען און די הויפטלייט פון דוד'ס קע־
ניגליך הויז האבען אויפגעהויבען הויך זייער עהרען־געוועהר, מיט וועלכען
זיי פלעגען בעשיצען דעם קעניג. אלע האבען געווארט געשפאנט, צו זע־
הען, וואס דא וועט פארקומען. פלוצלונג האבען זיך געעפענט די אינער־
ליכע טויערען פון בית־המקדש, און פון א זייטיגער אבטיילונג איז ארויס־
געטראטען דער כהן גדול מיט א זיבען־יעהריגען קינד. דער כהן גדול
האט באלד אנגעטהון דעם קינד די קעניגליכע קרוין, האט איהם געזאלבט
פאר א קעניג און ארויפגעזעצט אויפ'ן הויכען סלופ, וועלכער איז געשטא־
נען אין הויף פון בית־המקדש פאר די מלכים פון דוד'ס הויז. באלד הא־
בען געשאלט די טרומייטען און די שופרות, די בעגלייטער פון קעניג
האבען אויפגעהויבען דאס געוועהר און דאס פאלק האט אויסגערופען:

איהרע געגנער; עתליה אָבער האָט פֿערגאָסען דאָס בלוט פֿון איהרע אייגענע קרובים, די קרובים פֿון איהר מאַן און איהר זוהן. ווי נאָר זי האָט ערהאַלטען די ידיעה, אַז מען האָט דער׳הרג׳עט איהר זוהן אחזיה נעבען יבלעם, האָט זי געלאָזט אויסמאָרדען דורך איהרע לייט אַלע פּרינצען פֿון דוד׳ס הויז, וועלכע זענען געווען אין ירושלים, אַלע זיהן פֿון איהר מאַן יהורם, וועלכע ער האָט געהאַט פֿון אַנדערע פֿרויען, אויך דעם אינגסטען זוהן פֿון אחזיה, דעם איינעהריגען יואָש, האָט זי געוואָלט דער׳הרג׳ענען, און נאָר דורך אַ וואונדער איז ער נצול געוואָרען פֿון איהרע הענד. זי האָט מיט איהרע גרויזאַמע מעשים געוואָרפֿען אַזאַ׳ן אימה אויפֿ׳ן פֿאָלק פֿון יהודה, אַז ס׳האָט זיך נישט געפֿונען קיין איינציגער מענש, וועלכער זאָל זיך איהר שטעלען ענטקעגען. דאָס פֿאָלק און די כהנים האָבען נידריג דעם קאָפּ געבויגען פֿאַר איהר; אפילו דער כהן גדול יהוידע, וועלכער איז געווען אַ שוואָגער פֿונ׳ם קעניג אחזיה און איהר מאַנס אַנ׳איידעם, האָט זיך נישט דערוואויגען דערווייל עפּעס וואָס צו טהון געגען איהרע מערדערישע מעשים און געשוויגען. עתליה האָט געלאָזט אויפֿשטעלען אין ירושלים דאָס בילד פֿונ׳ם בעל מיט מאָנומענטען און מזבחות פֿאַר איהם דוקא אין יענער צייט, ווען יהוא האָט פֿערניכטעט די דאָזיגע געצען אין שומרון; עתליה האָט בעשטימט פֿאַר אַנ׳ערשטען כהן פֿון בעל דעם געצענדיענער מתן און האָט געבראַכט קיין ירושלים אַ גאַנצע כנופיא פֿון בעל־כהנים, וועלכע האָבען געדאַרפֿט מיטהעלפֿען דעם כהן מתן צו פֿערשפּרייטען די געצענדיענעריי. צי האָט עתליה אויך אַריינגעבראַכט די אָבגעטער אין בית־המקדש אויפֿ׳ן באַרג מוריה? דאָס האָט זי נישט געוואַגט צו טהון. אָבער ווי עס שיינט, האָט זי צושטערט דעם גאָטעס־דיענסט אין בית־המקדש, דען זי זאָל האָבען אויסגעשטעלט איהרע בעוואָפֿענטע בעגלייטער, אַלס אַ וואַך פֿאַר די טויערען פֿון בית־המקדש, אום נישט צו לאָזען קיינעם אַהין אַריינקומען. זעקס יאָהר האָט געדויערט די הערשאַפֿט פֿון עתליה איבער יהודה, און געהערשט האָט זי נישט בלויז איבער׳ן פּאָליטישען לעבען פֿונ׳ם לאַנד, נאָר אויך איבער׳ן רעליגיעזען לעבען פֿונ׳ם פֿאָלק; די אָנגעזעהענסטע משפחות אין יהודה האָבען וואַהרשיינליך געהערט צו איהר פּאַרטיי. נאָר דער כהן גדול יהוידע מיט זיינע געצעהלטע פֿריינד האָבען זיך פֿעסט געהאַלטען ביי דער אַלטער אידישער אמונה און ביי דוד׳ס קעניגליכען הויז. יהוידע האָט געהאַט גענומען פֿאַר אַ ווייב די טאָכטער פֿון קעניג יהורם, יהושבע, וועלכע איז אַליזאָ געווען די שוועסטער פֿון קעניג אחזיה, נאָר פֿון איין פֿאָטער, און האָט דעריבער נישט געהאַט קיין שייכות צו אַחאב׳ס פֿאַמיליע. בשעת עתליה האָט אויסגע׳הרג׳עט די לעצטע מיטגליעדער פֿון דוד׳ס הויז, האָט יהושבע אַרויסגעכאַפּט איהר ברודער׳ס יונגסטעס קינד פֿונ׳ם בלוט־באַד און האָט עס צוזאַמען מיט זיין אַם בעהאַלטען אין אַ זייטיגער געביידע פֿון בית־המקדש, דאָרט, וואו די לויים פֿלעגען שלאָפֿען. דאָרט האָט

געבליבען ביז איצט בלויז אויסגעקריצט אויף די שטיינערנע לוחות, אבער דאס פאלק האט פון זיי וועניג געוואוסט. די לוחות זענען געבליע־בען ליגען אין ארון, וועלכער איז געשטאנען אין געהיים אין „קודש הקדשים“— אין דער הייליגסטער אבטיילונג פון בית־המקדש, וואוהין קיין לעבעדיגער נפש פלעגט קיינמאל נישט אריינקומען אויסער דעם כהן גדול, אי דאס נאר איינמאל אין יאהר, אום יום כפור. דער ארון מיט די לוחות איז אלזא געהאלטען געווארען, ווי אן אלטער מאנומענט, וואס האט קיין שייכות נישט צום לעבען, און דאס פאלק האט איהם בעטראכט נאר אלס א זאך, וואס דארף בעשיצען דאס פאלק אין אונגליק. ערשט דער כהן גדול יהוידע האט, ווי עס שיינט, בעקאנט געמאכט דאס פאלק מיט'ן אינהאלט פון די לוחות ווי אויך מיט פיעל ערטער אין דער תורה און מיט די געזעצען. יהוידע האט זיכער פארגעלייענט פאר'ן פאלק די געזעצען. יהודיעה האט, בלי ספק, דאמאלס פארגעלייענט פון „ספר תורת משה“ אזעלכע שטעלען, וואס האבען אמבעסטען געפאסט פאר יענער צייט, ווי, למשל, די שטעלע אין דער תורה, וואו עס ווערט דערצעהלט, ווי משה איז צו'ם צווייטען מאל ארויפגעשטיגען אויפ'ן בארג סיני, נאכדעם ווי דאס פאלק האט בעגאנגען א פערברעכען און געמאכט דעם עגל — דאס גאלדענע קאלב, צו בוקען זיך פאר איהם און דיענען איהם, ווי א גאט, און גאט האט דאמאלס צו משה'ן געזאגט, אז ער איז אפילו גנעדיג, פול רחמנות, געדולדיג, פול ליעבע און געטריישאפט, און זיין גרויסען חסד טהוט ער נישט אב פון טויזענדער דורות און פערניכטעט זיי נישט; אבער דערצו איז ער אויך א גאט פון נקמה און די זינד פון די עלטערן מאהנט ער אויף ביי די קינדער און קינדס־קינדער. גאט האט געווארענט זיין פאלק, נישט צו שליסען קיין בונד מיט די געצענדיענערישע פעלקער פונ'ם לאנד כנען, ווייל דאס קאן פיהרען דאס אידישע פאלק נאר צו'ם אונגליק. דורך דעם בונד מיט די פעלקער הויבט מען אן מיט זיי מתחתן צו זיין זיך, און די טעכטער פון די געצענדיענער פערפיה־רען די אידישע זיהן צו געצענדיענעריי. די מזבחות פון די געצען דארף מען צושטערען, זייערע מאנומענטען דארף מען צוברעכען און די בוי־מער, וועלכע זענען געהייליגט דער געטין עשתרות, דארף מען אב־האקען. „דו זאלסט נישט האבען קיין אנדער גאט, אויסער מיך“.

ווען דאס פאלק האט אויסגעהערט, ווי יהוידע האט דאס אלץ געלייענט פון משה'ס תורה, האט עס זיך דערשפריט שטארק געריהרט, דען אלץ, וואס דארט איז געווען געשריבען, האט זיך אין דער ווירק־ליכקייט אויסגעלאזען. יעדעס ווארט האט בעזונדערס געפאסט צו דער דאמאלסדיגער לאגע. מען האט לייכט דא געפונען די רמזים אויף די לעצטע געשעהענישען, אויף דעם בונד מיט צור, אויף די געצענדיע־נערייי, אויף איזבל און עתליה, וואס האבען זייערע מענער פערפיהרט צו דער געצענדיענערייי, און דאס האט געבראכט אידען אונגליק. די איינ־

„לעבען זאָל דער קעניג יואָש פון דוד׳ס הויז!“ עתליה האָט פון אַלעם דעם גאָרנישט געוואוסט, און נאָר ערשט, ווען זי האָט דערהערט דאָס טרומייטערען, דאָס שופר־בלאָזען און די פריינד־אויסרופען פון פאָלק, האָט זי זיך אויפגעכאַפּט פון איהר זיסען שלאָף, זי האָט צו שפּעט איינגעזעהען, אַז זי האָט צופיעל געהאַט אמונה אין איהרע בעגלייטער און זייער געטריַיהייט צו איהר. זי האָט זיך באַלד געלאָזט לויפען צום פּלאַץ פאַר׳ן בית־המקדש מיט עטליכע פון איהרע נאָהענטסטע לייט, אָבער דאָ האָט זי צו איהר גרויסען שרעק דערזעהען אַ יונג קינד מיט אַ קרוין אויפ׳ן קאָפּ, און איהרע מחנות שטעהען אַרום, צו בעשיצען איהם. ווען עתליה האָט איינגעזעהען, אַז ס׳איז פאָרגעקומען אַנ׳איבערקעהרעניש און אַלע איהרע געטריַיע דיענער האָבען איהר פערראַטען, האָט זי אויף זיך די קליידער צוריסען און אויסגערופען: „אַ בונט, אַ בונט!“ אייניגע הויפּט־לייט האָבען איהר באַלד אָנגענומען און אַרויסגעפיהרט פון הויף פון בית־המקדש און איהר פּלאַץ אַריין, וואו זיי האָבען זי דער׳הרג׳עט. אין בית־המקדש האָבען זיי זי נישט געקאָנט דער׳הרג׳ענען, וויַיל דער כהן גדול יהוידע האָט דאָס פערבאָטען. אַזוי האָט געענדיגט שענדליך, ווי איהר מוטער, איהר לעבען די לעצטע פון עמרי׳ס הויז. די פריינדשאַפט און פערוואַנדטשאַפט מיט צור האָט ביידע אידישע מלוכות נישט געבראַכט קיין גליק. ווי עס שיינט, האָט אחאב׳ס טאָכטער אויך נישט געהאַט קיין פיעל אמת׳ע פריינד און אָנהענגער אין ירושלים, דען אין דער שעה פון איהר טויט האָט זיך קיינער פאַר איהר נישט אָנגענומען.

דער כהן גדול, יהוידע, וועלכער האָט צוגעגרייט און אויסגעפיהרט די איבערקעהרעניש, האָט איצט געטראַכט וועגען דעם, אַז ס׳איז נויטיג אונטערנעהמען געוויסע שריט, צו מאַכען אונמעגליך, אַז עס זאָלען אין ירושלים ווידער קאָנען זיך איבערחזר׳ען אַזעלכע טרויעריגע געשעהענישען, ווי די וואָס זענען פאָרגעקומען אין די לעצטע יאָהרען. ער האָט אויסגעניצט די פרעהליכע געהויבענע שטימונג פון פאָלק, כדי צו דערוויַיטערען פון ירושלים אַלע שפּורען פון דער געצענדיענעריַי און צו דערוועקען די אַלטע געטריַיהייט פון פאָלק צו דער אידישער אמונה און צום גאָט פון די אבות. אין בית־המקדש האָט ער געפאָדערט פון די פערזאַמעלטע און פונ׳ם קעניג, אַז זיי זאָלען פייערליך ערקלערען און צוזאָגען, דאָס פון איצט אָן וועלען זיי געטריַי דיענען גאָט און נישט פערעהרען מעהר קיינע אָבגעטער. יהוידע האָט אָבער, ווי עס שיינט, נאָך מעהר געטהון, כדי צו דערהאַלטען פעסט און אויף אַ לאַנגע צייט די ווירקונג פונ׳ם דאָזיגען רע־ליגיעזען „אני מאמין“, וואָס דאָס פאָלק האָט צום ערשטען מאָל אַרויסגעזאָגט צוזאַמען מיט׳ן קעניג אויף אַזאַ פייערליכען אופן אין בית המקדש. די תורה, וועלכע משה האָט געגעבען, און יענע הלכות, וועלכע מען האָט פון איהם איבערגענומען, זענען ביז איצט געווען נאָר בעוואוסט אין דעם קרייז פון די נביאים און לויים; אפילו די עשרת הדברות זענען

אין שונם, וואו ער פלעגט טיילמאָל זיך אָבשטעלען אין'ם הויז פון אַ גאָטספֿורכטיגען מאַן, האָט ער געהאַט אַ בעזונדער שטוב אונטער'ן דאַך, מיט אַ בעט, אַ טיש, אַ שטוהל און אַ לאָמפּ, כּדי ער זאָל זיך דאָרט קאָנען אויסרוהען און שפּירען זיך היימיש. אֶלישע האָט די וואַה־רונג אָנגענומען. שפּעטער, ווען יהוא איז קעניג געוואָרען, האָט אלישע זיך בעזעצט אויף אַ לאַנגע צייט אין שומרון און איז געוואָרען בעוואוסט אונטער'ן נאָמען „דער נביא פון שומרון“. דורך זיין פריינדליכען בע־נעהמען זיך מיט מענשען האָט ער בעקומען אַ שטאַרקען איינפלוס אויף זיי. צו אלישע'ן האָבען אָנגעהויבען אָפט צו קומען אָנגעזעהענע מענשען, כּדי צו לערנען ביי איהם. נאָר אין'ם לאַנד יהודה און אין ירושלים פלעגט זיך אלישע נישט פעוויזען.

אין ירושלים האָט מען זיך בעזונדערס שטאַרק געווידמעט דעם בית המקדש און דער תורה, זינט דער כּהן גדול יהוידע איז אַרויסגע־טראָטען צום ערשטען מאָל, אַלס שטרענגער אָבהיטער פון די דאָזיגע היילינגטימער. אין די צייטען פון עתליה איז דער בית־המקדש שטאַרק בעשעדיגט געוואָרען. נישט בלויז די בעפּוצונג פון מיט גאָלד־בעדעקטען צעדער־האָלץ האָט מען אין איינינע ערטער צושטערט, אפילו אויך גאַנצע שטיינער פון דער מויער זענען אויסגעבראָכען געוואָרען; נאָך אין פיעל אַנדערע ערטער האָט מען דעם בית־המקדש בעשעדיגט. דער יונגער קעניג יואש האָט אַלזאָ אין דער ערשטער צייט פון זיין קעניגען שוין געהאַט אַ וויכטיגע אויפגאַבע די שאָדענס אויסצובעסערען, בפרט, אַז דער כּהן גדול יהוידע האָט דאָס דורכאויס געפאָדערט. די קאַסע פון בית־המקדש איז אָבער געווען ליידיג, און עס האָט געפעהלט געלד. דער אוצר פון בית־המקדש, וועלכער האָט זיך אָנגעזאַמעלט פון די נדרים און נדבות, ווי אויך פון די מתנות פון די פריהערדיגע מלכים, איז, בלי ספק, דורך עתליה'ן אינגאַנצען אויסגעלעדיגט געוואָרען, כּדי צו פערניצען עס פאַר'ן בעל. דער קעניג האָט דעריבער אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל די כּהנים צו זאַמלען געלד, אויף אויסצובעסערען די בעשע־דיגונגען פון בית־המקדש; די דאָזיגע זאַמלונגען האָבען די כּהנים געדאַרפט פיהרען מיט אַ בעזונדערער פלייסיגקייט, ווייל די זאַך איז דאָך זיי בעזונדערס נוגע געווען. יעדער כּהן האָט געדאַרפט נעהמען דערויף נדבות פון זיינע בעקאַנטע. אַרויסגעוויזען האָט זיך אָבער, אַז קיין געלד פאַר'ן בית־המקדש האָט מען אויף אַזאַ'ן אופן נישט פיעל צוזאַמענגענומען. דער בית־המקדש איז אַלזאָ נאָך לאַנג געבליבען מיט זיינע נישט־אויסגעבעסערטע בעשעדיגונגען. ענדליך האָט דער קעניג בעפּוילען דעם כּהן גדול אויפצושטעלען אַ קאַסטען אין הויף פון בית־המקדש מיט אַ שפּאַלט אין זיין דעקעל, כּדי דאָס פאָלק זאָל אַליין אַריינוואַרפען אהין זיינע נדבות פאַר'ן בית־המקדש. כּדי אָבער צו דער־וועקען דאָס פאָלק צו געבען נדבות וואָס מעהר, האָט דער כּהן יהוידע,

וואָהנער פֿון ירושלים האָבען אָנגעהויבען דורכפֿיהרען דאָס, וואָס זיי האָבען געהערט ליינענדיג. זיי זענען אָנגעפֿאַלען אויף דעם טעמ־פּעל פֿונ'ם בעל, וועלכען עתליה האָט געלאָזט אויפֿבויען, זיי האָבען צו־שטערט די מזבחות, חרוב געמאַכט די בילדער און פֿערניכטעט אַלץ, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ שייכות צום קולט פֿון בעל. דאָס פֿאָלק אַליין האָט זיך גענומען צוריקשטעלען און אָבהיטען די אַלטע אידישע אמונה און ריינינגען דעם גאָטעסדיענסט, און ערשט נאָכדעם האָט מען אַרויס־געפֿיהרט מיט טריאומף דעם יונגען קעניג און פֿאָרגעשטעלט איהם פֿאַר די קעניגליכע בעגלייטער און פֿאַר'ן פֿאָלק און נאָכדעם האָט מען איהם אַריבערגעפֿיהרט פֿון בית־המקדש אין קעניגליכען פּאַלאַץ, וואו מען האָט איהם אַרויפֿגעזעצט אויפֿ'ן טהראָן פֿון זיינע עלטערן. אין ירושלים איז די שמחה געווען זעהר שטאַרק. די אָנהענגער פֿון דער געפֿאַלענער קעניגין האָבען זיך פֿערהאַלטען רוהיג און נישט געוואַגט צו שטערען די אַלגעמיינע פֿרעהליכע שטימונג פֿונ'ם פֿאָלק.

מערקווירדיג איז, וואָס אין די אַלע פּאָליטישע און רעליגיעזע איבערקעהרענישען, וועלכע זענען פֿאָרגעקומען איינע נאָך די אַנדערע אין שומרון און אין ירושלים, האָט דער נביא אלישע גאָר קיין אַנטייל נישט גענומען. ער האָט געלאָזט דורך זיינעם אַ תלמיד זאַלבען פֿאַר אַ קעניג אין ישׂראל דער פֿעלדהערר יהוא, כּדי ער זאָל נקמה נעהמען אָן עמרי'ס הויז, אלישע אַליין האָט זיך אָבער געהאַלטען אָן אַ זייט; ער איז אפילו נישט געווען דערביי, בשעת יהוא האָט פֿערניכטעט די מזבחות פֿון בעל אין שומרון. נאָך ווייניגער האָט אלישע, אליהו'ס תלמיד טייל גענומען אין דער איבערקעהרעניש אין ירושלים און אין'ם פֿערניכטען דאָרט די געצענדיענעריי. ווי עס שיינט, האָט זיך אלישע מעהר אָבגעגעבען מיט דער אויסבילדונג פֿון נייע תלמידים, כּדי אויפֿ־צוהאַלטען און ענטוויקלען די שולע פֿון יונגע נביאים, וועלכע אליהו האָט געגרינדעט. אָבער נישט אַלע האָבען איהם אַנערקענט פֿאַר אַ מנהיג גלייך ווי אליהו'ן. אלישע'ן האָט מען אַ פֿאָרוואורף געמאַכט, אַז ער האָט געשוירען די האָר פֿון קאָפּ און איז נישט געווען אינגאַנצען אַ נזיר, ווי אליהו. קליינע קינדער פֿון די יונגע נביאים האָבען אָבגעשפּאָט פֿון איהם, נאָכרופֿענדיג איהם: „דו פּליך, דו פּליכער־טאַטער!“ אלישע האָט פֿונדעסטוועגען פֿיעל אויפֿגעטהון פֿאַר זיינע תלמידים. אויך אין דער הינזיכט איז ער נישט געווען גלייך צו אליהו'ן, וואָס ער האָט נישט פֿערבראַכט זיין לעבען אין דער איינזאַמקייט; ער האָט נישט געלעבט ביחידות, נאָר ער פֿלעגט אָפֿט זיך צוזאַמענקומען מיט מענשען. אין דער ערשטער צייט, ווען עס האָבען געקעניגט די מלכים פֿון עמרי'ס הויז, האָט ער זיך אפילו אויך אויפֿגעהאַלטען אויפֿ'ן באַרג כּרמל און פֿלעגט פֿון דאָרט מאַכען אָפֿטע נסיעות צו'ם ירדן, כּדי צו בעזוכען דאָרט די יונגע נביאים, וועלכע האָבען זיך אין יענער געגענד אויפֿגעהאַלטען.

רייבונגען און אונגליקען אין שומרון און אין ירושלים, איז אין ביידע אידישע מלוכות געווארען רוהיג. דער אלגעמיינער רעליגיעזער און מאראלישער צושטאנד איז שוין איצט פיעל בעסער געוועזען, ווי פריהער; אבער אין יהודה האט מען פערניכטעט נאר די עפענטליכע מזבחות פון דעם בעל, די פריוואטע מזבחות זענען גאנץ געבליבען און די געצען־דיענעריי האט אינגאנצען נאך אלץ נישט אויפגעהערט; אין דער מלוכה פון די צעהן שבטים ווידער זענען נאך געשטאנען גאנץ די גאלדענע קעלבער אין דן און בית־אל, און דאס פאלק האט צו זיי פלייסיג געדיענט. אבער אפיציעל איז דער קולט פון בעל פערשוואונדען געווארען פון ביידע מלוכות.

ווייניגער גינסטיג איז אבער געוועזען די לאגע פון אויסענווייניג, סיי פאר יהודה און סיי פאר ישראל. דער פעלדהערר יהוא, וועלכער האט ארויסגעוויזען אזא ענערגיע און בריה׳שאפט ביי׳ם פערטיליגען עמרי׳ם קעניג־הויז, האט אבער בעוויזען א קנאפע גבורה געגען א שטארקערען אויסערליכען פיינד. ווי ס׳איז שוין דערמאהנט געווארען, איז אין דמשק פארגעקומען א פאלאץ־רעוואלוציע, און דער קעניגס־מערדער, חזאל, האט זיך ערקלערט פאר א קעניג. חזאל איז געוועזען א מענש מיט א שטארקען ווילען צו גרויסע אונטערנעהמונגען; ער האט זיך ארומגעטראגען מיט׳ן געדאנק צו מאכען זיין מלוכה ארם גרויס און שטארק און צו דערהויבען זיין הויפט־שטאדט, דמשק, צו א הויכער מדרגה פון א וועלט־שטאדט. דאס נאהענטסטע לאנד, וואס איז נעבען ארם געוועזען, איז געוועזען די מלוכה פון די צעהן שבטים, וועלכע האט פאר בן הדד׳ן אבגעריסען צוריק עטליכע שטעדט, וואס האבען איהר פריהער געהערט. חזאל האט זיך ווייניג וואס געקימערט וועגען דעם פריינדשאפטס־בונד, וואס איז געוועזען צווישען ארם און דעם מלך פון אפרים; מיט זיינע גרויסע מחנות האט ער פערפלייצט דאס לאנד פון די צעהן שבטים און איינגענומען פיעל פעסטע שטעדט, פערברענענדיג דארט די הייזער און אויסהרג׳ענענדיג די בעפעלקערונג; חזאל איז זיך בעגאנגען מיט אזא גרויזאמקייט, אז ער האט אפילו נישט געשוינט קיין קינדער און שוואנגערע פרויען. ער האט איינגענומען די אידישע שטעדט אויף יענער זייט ירדן; ווי עס שיינט, האט ער געהאט א פערבונדעטען, וועלכער האט איהם געשטיצט, דעם קעניג מישע פון מואב.

דאס גאנצע לאנד פון די שבטים גד און ראובן און האלב מנשה, פון בארג בשן ביז דעם טייך ארנון, זענען אבגעריסען געווארען פון שומרון, די איינוואהנער זענען כמעט פאר קנעכט ערקלערט געווארען און פיעל פון זיי האט מען געראדערט, ד. ה. צוריסען זייערע לייבער אונטער גרויסע הרעש־וואגענס. דער קעניג יהוא האט זיך נישט געקאנט האלטען געגען חזאל. נאך ערגער איז עס געוועזען אונטער יהוא׳ס זוהן, יהואחז (פון יאהר 929 ביז 912 פאר׳ן צווייטען חורבן). חזאל און דערנאך זיין

געווים, ווידער געליינט פאר'ן פאלק פון משה'ס תורה, ווי אזוי
מען האט דעם משכן געבויט, ווי די מאנסבילען און פרויען האבען דא־
מאלס אראפגענומען פון זיך זייערע ציערונגען און געבראכט צו משה'ן
זילבער און גאלד, מעטאל און פורפור אזוי פיעל, אז משה האט געמוזט
לאזען אויסרופען, דאס מען זאל שוין אויפהערען צו ברענגען נאך
נדבות, ווייל ס'איז שוין פאראן פיעל מעהר, ווי מען ברויכט. וואהר־
שיינליך, האט די דאזיגע פארלעזונג פון יהוידע פאר'ן פאלק, וועלכע
איז דאך פאר אלעמען געווען גאר א נייעס, געמאכט דעם פערלאנגטען
איינדרוק: די נדבות האבען זיך א שיט געטהון מיט א רייכער האנד,
און באלד האט מען שוין געקאנט קויפען געהילץ און שטיינער און
דינגען מייסטערס, וואס זאלען די ארבייט אויספיהרען. ביי דער דאזיגער
געלעגענהייט האט יהוידע דערהויבען די כהונה גדולה צו אזא הויכער
מדרגה, אז זי איז געשטאנען אויף איין ליניע מיט'ן מלכות, וועהרענד
פריהער האט דער כהן גדול פערנומען זעהר א עניוות'דיגען ארט.
יהוידע האט טאקי אויך מיט רעכט געקאנט פערלאנגען, אז ער זאל
האבען א וויכטיגע דעה אין אלע מלוכה־אנגעלעגענהייטען, דען ער האט
דאך דורך זיין ערגעבענהייט און חכמה געראטעוועט די מלוכה פון
דוד'ס הויז פון פערדערבען, ער האט דאך אויך אפגעראטעוועט די מלוכה
פון א אונטערגאנג דורך עתליה'ס הענד. דער פאקט אבער, וואס די
כהונה גדולה האט זיך גלייך געשטעלט מיט דער מלוכה, האט געמוזט
פיהרען צו טרויעריגע קאנפליקטען, ווייל עס האבען זיך דאך שטענדיג
געפונען צוויי הערשער, וואס נישט תמיד האבען זיי געלעבט בשלום
צווישען זיך. כל זמן עס האט נאך געלעבט יהוידע, ווען דער קעניג
יואש האט געהאט צו פערדאנקען דאס לעבען און די קרוין, זענען קיין
סכסוכים צווישען דעם מלך און דעם כהן־גדול נישט פארגעקומען; צוליעב
דאנקבארקייט, ווי אויך הויכאכטונג, האט דער קעניג זיך, מעגליך,
אונטערגעגעבען אלע פאדערונגען און פערארדנונגען פון כהן־גדול. ווען
יהוידע איז געשטארבען, האט דער קעניג יואש איהם מקבר געווען מיט
גרויס כבוד אין דוד'ס שטאדט אין די קברים פון די מלכים. אבער נאך
יהוידע'ס טוידט, ווען כהן־גדול איז געווארען זיין זוהן זכריה, איז
צווישען דעם קעניג און דעם כהן־גדול אויסגעבראכען א קריעג, וועלכער
האט געקאסט דעם כהן־גדול דאס לעבען: אויפ'ן בעפעהל פון קעניג
יואש האט מען דעם כהן־גדול זכריה, יהוידע'ס זוהן, פערשטיינערט אין
הויף פון בית־המקדש און דער'הרג'עט איהם דארט. יואש האט דערביי
זיך געמאכט ווי נישט־וויסענדיג פונ'ם גרויסען חסד, וואס זכריה'ס
פאטער האט מיט איהם געטהון. פאלענדיג טויט, האט זכריה אויסגע־
רופען: „גאט זאל עס זעהען און זאל בעצאהלען דערפאר“.

נאכדעם, ווי עס זענען אויסגע'הרג'עט געווארען אלע מיטגליעדער
פון עמרי'ס קעניגליך הויז, וועלכע האבען ארויסגערופען אזוי פיעל

זי. אַמציה איז זעהר שטאָלץ געווען מיט זיין דאָזיגען נצחון איבער אֶדום. אָבער זיין גאוה האָט באַלד געבראַכט איהם און זיין פאָלק גרויס אונגליק, ווען ער האָט זיך גענומען רייצען מיט'ן קעניג פון ישראל.

צווישען ביידע מלוכות, ישראל און יהודה, איז אין די צייטען פון יהוא און די מלבים, וואָס האָבען געקעניגט נאָך איהם, געווען שלום; אָבער יענע פריינדשאַפט, וואָס האָט צווישען ביידע מלוכות געהערשט אין דער צייט פון עמרי'ס קעניגליך הויז און יהושפט'ן, יענע פריינדשאַפט איז שוין איצט נישט געווען, חאָטש זיי האָבען געהאַט געמיינזאַמע אינ־טערעסען — דעם אינערליכען קאַמפף מיט דער געצענדיענערייַ, און דעם אויסערליכען — מיט די געצענדיענערישע מלוכות. ווען אַמציה האָט זיך אומגעקעהרט צוריק פון זיין גליקליכער מלחמה מיט אֶדום, איז ביי איהם געבאָרען געוואָרען אַ דרייסטער געדאַנק, צו געהן מיט זיין שטאַר־קער אַרמעע אין מלחמה געגען דער מלוכה פון די צעהן שבטים און, געכדעם ווי ער וועט אָבהאַלטען אַ נצחון, וועט ער צוריק זיי פער־איינינגען מיט זיין מלוכה, ווי אין דוד און שלמה'ס צייטען. כדי צו גע־פינען אַ תירוץ פאַר זיין מלחמה, האָט ער פערלאַנגט פון יואָש'ן, אַז ער זאָל געבען זיין טאָכטער פאַר אַ ווייב פאַר זיין זוהן. אַמציה האָט פאַר־אויסגעזעהען, אַז יואָש וועט אויף זיין פאָדערונג נישט איינשטימען, און דאַן וועט ער איהם ערקלערען אַ מלחמה. אין דער ווירקליכקייט האָט יואָש געענטפערט אַמציה'ן אויף זיין פאָדערונג פאָלגענדעס: „דער דאָרן האָט געשיקט אַ מאָל צום צעדערבוים פון לבנון אַ פאָרשלאַג: גיעב דיין טאָכטער מיין זוהן פאַר אַ ווייב. דער לבנון האָט דערויף אַרויסגעלאָזען זיינע ווילדע חיות, וועלכע האָבען דעם דאָרן צוטראָטען. דו האָסט אֶדום מנצח געווען, ביזטו דעריבער שטאָלץ געוואָרען. בלייב בעסער ביי דיין איצטיגען כבוד און זיץ זיך אין דערהיים. צו וואָס זאָלסטו אליין אַריינ־פאַלען אין אונגליק און שלעפען נאָך דערצו יהודה מיט זיך?" אַמציה האָט זיך אָבער נישט געלאָזט איבערעדען, און האָט זיין אַרמעע געלאָזט געהן צו דער גרעניץ פון ישראל. יואָש, וועלכער האָט שוין דאַמאָלס געהאַט אָבגעהאַלטען נצחונות איבער די אַראַמייער, איז איהם אַרויסגע־קומען ענטקעגען. נעבען בית־שמש איז עס געקומען צו אַ מלחמה; די אַרמעע פון אַמציה האָט געהאַט אַ מפלה און איז ענטלאָפען. אַמציה'ן אַליין האָט יואָש גענומען געפאַנגען. ווען יואָש וואָלט דאַמאָלס געוואָלט אויסנוצען איינגאַנצען זיין נצחון, האָט ער געקאָנט נעהמען ירושלים פאַר זיך, אַראָבוואַרפען אַמציה'ן פון טהראָן, ערקלערען דוד'ס הויז פאַר גע־ענדיגט און ווערען אַליין קעניג איבערן גאַנצען אידישען פאָלק. יואָש האָט אָבער אַזוי נישט געטהון: ער האָט געבראַכט דעם געפאַנגענעם קעניג אַמציה קיין ירושלים און האָט דאָרט געלאָזט איינברעכען די מויער אַרום שטאָדט אויף אַ שטח פון פיער הונדערט איילען; ער האָט אויך פערנו־מען גאָר דאָס גאָלד, זילבער און טייערע כלים, וועלכע ער האָט געפונען

זוהן, בן הדד דער דריטער, האָבען שטאַרק געדריקט און פערפאָלגט דאָס אידישע לאַנד, וועלכעס איז אַזוי אָבגעשוואַכט געוואָרען, אַז דער מלך פון ישראל האָט געהאַט שוין אַ גאַנץ קליינע אַרמעע, סך־הכל 10 טויזענד פוס־געהער, 50 רייטער, און נישט מעהר, ווי 10 קריעגס־וואַגענס. די אַראַמייער פלעגען מאַכען אָפטע אָנפאַלען אויף דאָס לאַנד און פלעגען רויבען נישט בלויז דאָס פערמעגען פון די איינוואָהנער, נאָר אויך די איינוואָהנער גופא נעהמען געפאַנגען און פערקויפען פאַר קנעכט. די אידישע לאַגע איז געוואָרען אַזוי שלעכט, ווי זי איז געווען אין דער צייט פון די ריכטער. ווי עס שיינט, האָט יהואחז געשלאָסען אַ שענדליכען שלום מיט'ן פיינד און איהם ערלויבט דורכצוגעהן מיט זיין אַרמעע דורכ'ן אידישען לאַנד, ווען ער איז געגאַנגען פיהרען מלחמה מיט די פלשתים. ערשט אונטער'ן קעניג יואָש, דעם זוהן פון יהואָחז, איז עס געלונגען ביסלעכווייז צו בעפרייען די מלוכה פון די אַראַמייער און ברעכען זייער מאַכט, ווי עס שיינט, אַ דאַנק דעם, וואָס אויך די מלכים פון די חתים און פון מצרים האָבען נישט געוואָלט צולאָזען, אַז אַרם זאָל ווערען אַזוי שטאַרק, און זענען אַרויסגעטראָטען געגען איהר פיינדליך.

די אָבשוואַכונג פון אַרם איז אויך געווען אַן'אמת'ע ישועה פאַר דער מלוכה פון יהודה. דאָרט האָט דאַמאָלס געקעניגט אמציה דער זוהן פון יואָש, וועלכער איז דער'הרג'עט געוואָרען דורך זיינע קנעכט (913 פאַר'ן חורבן). דמשק האָט געשטיצט די קליינע מלוכות עמון, מואב און אֶדום, כדי זיי זאָלען קאָנען אָברייסען זיך פון צו זיין אונטערטעניג ביי יהודה אָדער ישראל, און אויך אפילו צו מאַכען אָנפאַלען אויף די אידישע לענדער. די מפלה פון חזאֵל'ס זוהן, בן־הדד דעם דריטען, האָט דעריבער פריי געמאַכט די הענד ביי דעם קעניג פון יהודה, אמציה, אַז ער זאָל קאָנען ווידער אונטערטעניג מאַכען פאַר זיך די פעלקער, וועלכע דוד האָט אַ מאָל איינגענומען. דאָס קליינע לאַנד אֶדום האָט זיך שוין אַ משך פון אַ יאָהר פופציג אָבגעריסען פון יהודה און זיך ערקלערט פאַר זעלבסטשטענדיג. איינער פון אֶדום'ס מלכים האָט זיך אויסגעבויט אַ הויפטשטאָדט אויפ'ן הויכען באַרג שעיר, וועלכער בעשטעהט פון קאַלך־שטיינער און הויבט זיך אויף ביז 4000 פוס איבער'ן ים. פון די טהאָלען האָט מען געקאָנט אַריינקומען אין שטאָדט נאָר איבער אַ וועג פון טרעפ. אין דער דאָזיגער הויפט־שטאָדט סלע (Petra) האָט אדום זיך געהאַלטען זיכער פון אַלע אָנפאַלען. אֶדום פלעגט מיט שטאָלץ זיך בערימען: „ווער וועט מיך אַרונטערוואַרפען פון דער הויך אין דער טיעפעניש?" אמציה האָט אָבער בעוויזען די גבורה איינצונעהמען אָט די שטאָדט. אֶדום איז איהם אפילו אַרויסגעגאַנגען ענטקעגען מיט אַ גרויסער מחנה און אין'ם זאַלץ־טהאָל איז עס געקומען צו אַ מלחמה. די אדומים האָבען געהאַט אָבער אַזאַ מפלה, אַז זיי זענען זיך צולאָפען און געלאָזען פריי דעם וועג פאַר אמציה'ן אַריינצוקומען אין זייער הויפט־שטאָדט סלע און איינצונעהמען

און נאָך מעהר דער אַדעל, די פֿירשטען פֿון יהודה, מיט איהם געווען אונצופֿריעדען, און די דאָזיגע אונצופֿריעדענהייט האָט זיך אויסגעדריקט אין א בונט געגען איהם. אַמציה האָט געמוזט האַטעווען זיך דורך ענט־לויפֿען קיין לכיש, אָבער מען האָט אהין געשיקט מערדער, וועלכע האָ־בען איהם דאָרט דער׳הרג׳עט.

נאָך אַמציה׳ס טויט האָט ירושלים און דאָס גאַנצע לאַנד יהודה איבערגעלעבט נאָך אונגליקליכערע צייטען. די שׂרים פֿון יהודה, וועלכע האָבען דעם קעניג אַראָבגעוואָרפֿען פֿון טהראָן און דער׳הרג׳עט, האָ־בען פֿערכאַפּט די ממשלה אין די הענד, און, ווי עס שיינט, האָבען זיי שוין די מאַכט צוריק נישט אַרויסגעלאָזט מעהר א לאַנגע צייט. דער איינציגער זוהן פֿון אַמציה, עזריה, אָדער עוזיהו, איז נאָך געווען כמעט גאָר א קינד, ווען ער איז קעניג געוואָרען, און דאָס לאַנד איז געווען פֿון אַלע זייטען אַרומגערינגעלט פֿון פֿיינד. דעם דאָזיגען צושטאַנד פֿון שוואַכקייט און אונבעהאָלפֿענקייט האָבען אויסגענוצט די אדומים, וועלכע אַמציה האָט מנצח געווען און איינגענומען זייער הויפּט־שטאָדט סלע. זיי האָבען געמאַכט אָנפֿאַלען אויף דאָס לאַנד יהודה, און מצרים האָט זיי מיטגעהאָלפֿען, ווי דאָס איז פֿאָרגעקומען אין רחבעם׳ס צייטען. די פֿיינד זענען אַריינגעקומען טיעף אין לאַנד ביז ירושלים, וואו די מויערען אַרום שטאָדט זענען נאָך געשטאַנען נישט אויסגעבעסערט, און האָבען גענומען פֿיעל מענשען געפֿאַנגען. קיין גענויערע פּרטים וועגען דעם דאָזיגען אָנפֿאַל פֿון אדום אויף יהודה זענען נישט בעוואוסט; איינציגע שטיקער לאַנד זענען אין יענער צייט אָבגעריסען געוואָרען פֿון יהודה און איבערגעגאַנגען טיילס צו אדום, טיילס צו מצרים. די ווילדע אדומים האָבען זיך בעגאַנגען זעהר גרויזאַם מיט די געפֿאַנגענע אידען, וועלכע זיי האָבען פֿערקויפֿט אין קנעכטשאַפֿט אָדער אויסגעטיישט „אויף ווייַן און אויף שאַנד־מיידלעך“. יענע שכנות׳דיגע פֿעלקער, וועל־כע האָבען נישט טייל גענומען אין׳ם דאָזיגען אָנפֿאַל, האָבען דאָך גע־קוקט מיט פֿרייד אויפֿ׳ן אונגליק פֿון יהודה און איהר אָבשוואַכונג. די אידישע מלוכה פֿון די צעהן שבטים איז נישט געקומען צו הילף. אויך די פּלשתים האָבען אָנגעהויבען צו בעגעהן זיך שרעקליך גרויזאַם מיט יהודה: די ענטלאָפֿענע מענשען פֿון יהודה, וועלכע האָבען ביי זיי גע־זוכט א בעשיצונג געגען זייערע פֿערפֿאָלגער, די אדומים, האָבען די פּלשתים אַליין אַרויסגעגעבען צו זייערע פֿיינד אין די הענד, און די געפֿאַנגענע אידישע בחורים און מיידלעך, וועלכע זיי האָבען ביי די אדומים אָבגעקויפֿט, צאָהלענדיג מיט וויין און שאַנד־מיידלעך, האָבען זיי ווייטער פֿערקויפֿט צו די יונים (גריכען), וועלכע האָבען דאַמאָלס קאָנקורירט מיט די פֿעניקיער אין׳ם מסחר מיט קנעכט (שקלאַפֿען־האַנ־דעל). אפילו אויך די כלומר׳שטע אידישע פֿריינד, די פֿעניקיער, וועלכע האָבען ...יט געהאַט א פֿריינדשאַפֿטס־בונד מיט דוד׳ס הויז,

אין בית־המקדש און אין דעם קעניגליכען פּאַלאַץ, און האָט זיך אומגע־קעהרט צוריק אַהיים. דעם קעניג אמציה האָט ער איבערגעלאָזען זיין טהראָן, נאָר ער האָט גענומען מיט זיך איינינע מענשען פֿאַר אַ משכן, אַז איצט ווערט מען שוין האלטען שלום און נישט בעפֿעסטיגען ירושלים צו־ריק. די שטאָדט ירושלים איז דאַמאָלס צום ערשטען מאָל איינגענומען געוואָרען און טיילווייז צושטערט געוואָרען. ס'איז קיין ספק נישט, אַז דער חסד, וואָס יואש האָט געטהון מיט אמציה'ן און מיט דער שטאָדט ירושלים, האָט געשטאַמט פֿונ'ם איינפֿלוס, וואָס דער נביא אלישע אָדער זיינער אַ תלמיד האָט אויף איהם געהאט, דען יואש פֿלעגט אָפֿט קומען צו די נביאים פֿרעגען אַנ'עצה.

נאָך יואש'עס טויט (900 יאָהר לערך פֿאַר'ן חורבן) האָט אמציה נאָך געקעניגט פֿופֿצעהן יאָהר, דאָס גליק אָבער האָט זיך פֿון זיין הויז אָבגעטהון; דאַגעגען די מלוכה פֿון אפרים איז זעהר גרויס און שטאַרק געוואָרען אונטער דער הערשאַפֿט פֿון יהוא'ס אורא־ייניקעל, ירבעם דער צווייטער, דער זוהן פֿון יואש. דאָס איז געווען אַ גרויסער גבור, ווי נאָך קיין איינציגער פֿאַר איהם, אונטער אַלע מלכים, וואָס האָבען געקעניגט איבער ישראל, זינט ער האָט זיך אָבגעטיילט פֿון יהודה. מען האָט גע־קאָנט מיינען, אַז פֿאַר אידען האָבען זיך אונטער זיין רעגירונג צוריק־געקעהרט דוד'ס צייטען. געלעבט האָט ירבעם זעהר לאַנג, דען ער האָט רעגירט העכער זעכציג יאָהר, (פֿון 900 ביז 839 פֿאַר'ן צווייטען חורבן) און דאָס גליק איז איהם תמיד ביי געשטאַנען. אין דער לאַנגער צייט פֿון זיין רעגירונג האָט ער פֿיעל מלחמות געפֿיהרט און אָבגעהאלטען נצחונות איבער זיינע פֿיינד. די ערשטע זאַך האָט ער מלחמה געפֿיהרט מיט די אַראַמייער, די ערגסטע פֿיינד פֿון דער מלוכה פֿון ישראל, וועלכע האָבען פֿון אַחאָב'ס צייטען אָן נישט אויפֿגעהערט צו פֿיהרען מיט איהר קריעג. פּרטים וועגען די דאָזיגע מלחמות פֿעהלען, נאָר ווי מען קאָן אַרויסזעהן פֿון די געשיכטען, האָט ירבעם אָבגעהאלטען נצחונות איבער אַרם, דען די גרענעצען פֿון דער מלוכה פֿון ישראל האָבען זיך ווידער גע־צויגען „פֿונ'ם גרויסען וועג, וואָס פֿיהרט קיין חמת, ביז'ן ים המלח". ווי עס שיינט, האָט ירבעם אויך איינגענומען מואָב און ווידער עס פֿעראייניגט מיט דער מלוכה פֿון די צעהן שבטים.

אמציה דאַגעגען איז געווען ווי פּאַראַליזירט דורך דער ערנידע־רונג, וועלכע ער האָט געליטען אין דער מלחמה מיט יואש'ן. ציליעב דעם, וואָס ירושלים האָט פֿערלוירען אַ טייל פֿון איהרע פֿעסטונגען אַרום שטאָדט, האָט ער נישט געקאָנט איינמענהמען קיין שום מלחמה, און איז גליקליך געווען, ווען די פֿיינד האָבען איהם געלאָזט צורוה. אויפֿבויען און בעפֿעסטיגען די מויער צוריק האָט אמציה נישט גע־טאָרט, דערויף האָט ער געגעבען משכנות — מענשען, וועלכע האָבען געלעבט אין שומרון אין געפֿאַנגענשאַפֿט. ווי עס שיינט, איז דאָס פֿאָלק,

כמעט אזוי לאנג ווי ירבעם דער צווייטער אין ישראל (פון 875 ביז 825 פאר'ן צווייטען חורבן), האט זיך אויסגעצייכענט דורך זיין ענטשלאסענהייט, דורך זיין קרעפטיגער טעטיגקייט און פארזיכטיגקייט, און דאדורך איז איהם געלונגען צוריק אויפצובויען „דאס איינגעפאלענע ביידעל פון דוד'ן". זיין ערשטער שריט איז געווען צו ברענגען זיין דער־הרג'עטען פאטער, וועלכען מען האט מקבר געווען אין לכיש, קיין ירושלים און מקבר זיין איהם אין די קברים פון די מלכים. צי האט ער אויך בעשטראפט זיין פאטער'ס מערדער, איז אונבעוואוסט. דערנאך האט ער זיך גענומען אויסצוהיילען די טיעפע וואונדען פון לאנד יהודה. די דאזיגע אויפגאבע איז געווען זעהר א שווערע, ווייל ער האט געהאט צו קעמפפען נישט בלויז געגען אינערליכע און אויסערליכע פיינד, נאר אויך געגען נאטור־ערשיינונגען. ערשטענס, איז אין עוזיהו'ס צייטען פארגעקומען אנ'ערד־ציטערניש אין ארץ־ישראל, וועלכע האט ארויפגעווארפען א געוואלדיגען פחד אויף דער בעפעלקערונג, ווייל אזא ערשיינונג איז אין ארץ־ישראל געווען גאר אנ'אונגעוועהנליכע זאך. די לייכטע הייזער זענען איינגעפאלען, און עטליכע שטעדט זענען איינגאנצען חרוב געווארען. די איינוואהנער זענען זיך צולאפען אין ווילדען געשריי פון דעם וואקלדיגען באדען, וואו זיי זענען געשטאנען יעדען אויגענבליק אין סכנה איינגעשלונגען צו ווערען. צו דער ערד־ציטערניש זענען נאך צוגעקומען אנדערע דערשרעקענדע ערשיינונגען. דורך דעם געדיכטען נעבעל, וועלכער האט זיך פלוצלינג אויפגעהויבען פון דער ערד נאך דער ערד־ציטערניש, איז די זון פערפינסטערט געווארען; דעם שרעקליכען חושך האבען אפט דורכגעריסען אימה'דיגע בליצען און פערשטארקט דאדורך די גרויזאמע שטימונג; דאס פאלק האט געמיינט, אז זיי האבען גאר פערלוירען זייער ליכטיגקייט. די ערד־ציטערניש האט, ווי דער שטייגער איז, זיך פערשפרייט אויך וויט אונטער'ן ים, ארויסרופענדיג אין איהם מורא'דיגע חוואליעס; דאס רוישען פון די חוואליעס האט זיך געהערט וויט איבער'ן גאנצען לאנד, און מען האט געמיינט, אז דער ים וויל איינשלינגען די גאנצע יבשה. צו יענער צייט בעציהען זיך די ווערטער פון נביא עמוס, וואס האט זיין נבואה געהאלטען אונגעפעהר עטליכע יאהר פאר די שרעקליכע געשעהענישען:

„אונטער אייך וועל איך דעם באדען מאכען קנאקען,
„ווי עס קנאקט א וואגען, שווער בעלאדען
„מיט די גרויסע, גארבען תבואה.
„דער עס האט גאנץ לייכטע פיס צום לויפען,
„וועט פערלירען דאך די מעגליכקייט דערצו;
„ווער ס'איז שטארק אין קאמפף, דער גרויסער גבור

אפילו זיי האָבען אויך געטהון דאָס אייגענע, וואָס די פלשתים, און אָי־בערגעגעבען צו אֶדוֹם די ענטלאָפענע אידען פון יהודה. און יענער צייט (885 ביז 875 פאַר'ן צווייטען חורבן) האָט די מלוכה פון יהודה און דאָס קעניגליכע הויז פון דוד איבערגעלעבט א שרעקליכען חורבן, און מען האָט געקאָנט מיינען, אז זי האַלט שוין גאָר ביי'ם אונטערגעהן. דאַמאָלס האָט זיך אויך צוערשט אָנגעהויבען דער שרעקליכער אידישער היסטאָרישער פראָצעס — די צושטרייאונג פון די איינוואָהנער פון לאַנד יהודה אין אלע עקען וועלט, וואוהין די גריכען האָבען זיי פערקויפט פאַר קנעכט. עס איז גאַנץ מעגליך, אז די דאָזיגע „קנעכט פון לאַנד יהודה" האָבען געבראַכט צו די פעלקער פון די מערב־לענדער די ערשטע געזונדע קערנער פון די אידישע אַנשויאונגען און די אַלטע אידישע גייסטיגע קולטור.

---

## זעקסטעס קאַפּיטעל.

# די לעצטע מלכים פון מלכות ישראל און דער אונטערגאַנג פון שומרון.

(פון 957 ביז 790 פאַר'ן צווייטען חורבן; פון 887 ביז 720 פאַר דער געוועהנליכער צייט־רעכנונג).

די מלוכה פון יהודה איז נאָך אמציה'ס טויט געוואָרען אַזוי שטאַרק אָבגעשוואַכט דורך די אינערליכע מחלוקת און סכסוכים און די אָנפאַלען פון די פיינד פון אויסווענינג, אז זי איז געוואָרען צו שאַנד און צו שפּאָט צווישען די אַרומיגע פעלקער. א נביא פון יענער צייט האָט עס גערופען „דוד'ס איינגעפאַלענעם ביידעל" (סוכּת דוד הנופלת) און ער פלעגט אויך אָפט מיט וועהטאָג אויסרופען: „ווער וועט דען קאָנען דערהויבען יעקב ווידער, ער איז דאָך אַזוי קליין!"

און פון אָט דער שוואַכקייט און ערניעדערונג האָט זיך דאָס לאַנד יהודה ווידער דערהויבען און איז געוואָרען אַזאַ בעדייטענד־שטאַרקע מאַכט, אז די אַרומיגע פיינדליכע פעלקער האָבען ווידער אָנגעהויבען מורא צו האָבען פאַר איהר. כּדי צו קאָנען פערשטאַרקען די צופאַלענע מלוכה, האָט מען קודם־כל געדאַרפט מאַכען א סוף מיט די אינערליכע קריגערייען און סכסוכים. דאָס גאַנצע פאָלק יהודה האָט זיך אויפגע־הויבען געגען דעם אַדעל, וועלכער האָט פערכאַפּט די ממשלה אין די הענד, נאָכדעם, ווי ער האָט צוויי מאָל בעגאַנגען א קעניגס־מאָרד; דאָס פאָלק האָט אויסגערופען פאַר א קעניג דעם יונגען זוהן פון אמציה, עזריה אָדער עוזיהו, ווי מען האָט איהם גערופען פערקירצט. דער דאָזיגער זעכצעהן־יעהריגער קעניג, וועלכער האָט אויך געקעניגט

אוּנְטֶער'ן פְרִישֶׁען רֶעגֶען הָאבֶּען דִי גֶערְטְנֶער אוּן פֶעלְדֶער זִיךְ ווִידֶער בֶּעדֶעקְט מִיט גְרִינְס, דִי טַייכֶען אוּן צִיסְטֶערְנֶען הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעפִילְט מִיט ווַאסֶער. אוּן הוּנְגֶער אוּן דוּרְשְׁט זֶענֶען פֶערְגֶעסֶען גֶעווָארֶען. דֶער יוּנְגֶער קֶענִיג עוּזִיהוּ, הָאט אוֹיסְגֶענוּצְט דִי אָנְגֶעקוּמֶענֶע בֶּעסֶערֶע צַייט, צוּ בֶּעשְׁטְרָאפֶען דִי פַיינְד פוּן לַאנְד יְהוּדָה. צוּעֶרְשְׁט הָאט עֶר זִיךְ גֶעווֶענְדֶעט גֶעגֶען דֶעם לַאנְד אֶדוֹם; עֶר הָאט מְנַצֵחַ גֶעווֶען דִי אֲדוֹמִים אוּן שְׁטְרֶענְג זֵיי בֶּעשְׁטְרָאפְט פַאר דִי אוּנְגְלִיקֶען, וואָס זֵיי הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט אוֹיף דָאס לַאנְד יְהוּדָה אוּן זַיינֶע אַיינְווָאהְנֶער; עֶר הָאט אוֹיךְ אַיינְגֶענוּמֶען זֵייעֶר פָּארְט־שְׁטָאדְט אֵילוֹת נֶעבֶּען דֶעם רוֹיטֶען יָם, אוּן דַאדוּרְךְ הָאט עֶר ווִידֶער מֶעגְלִיךְ גֶעמַאכְט, אַז דִי אִידִישֶׁע שִׁיפֶען זָאלֶען קָאנֶען גֶעהְן צוּ דִי בְּרֶעגֶען פוּן אַרַאבִּיֶען אוּן פִירֶען דֶעם הַאנְדֶעל אוֹיךְ מִיט אוֹפִיר (אִין אִינְדִיֶען). עוּזִיהוּ הָאט אוֹיךְ שְׁטְרֶענְג בֶּעשְׁטְרָאפְט דִי פְּלִשְׁתִּים, ווֶעלְכֶע הָאבֶּען אִין דֶער צַייט פוּן זַיין יוּגֶענְד גֶעמַאכְט אָנְפַאלֶען אוֹיף יְהוּדָה אוּן אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דִי אִידִישֶׁע עֶנְטְלָאפֶענֶע צוּ דִי אֲדוֹמִים אִין דִי הֶענְד, כְּדֵי צוּ פֶערְקוֹיפֶען זֵיי פַאר קְנֶעכְט. עֶר הָאט אוֹיךְ צוּגֶענוּמֶען בַּיי דִי פְּלִשְׁתִּים גְרוֹיסֶען שְׁטִיקֶער לַאנְד אוּן, פֶערְאַייְנִיגֶענְדִיג זֵיי מִיט זַיין מְלוּכָה, הָאט עֶר דָארְט גֶעלָאזֶען אוֹיפְבּוֹיעֶן נַייעֶ שְׁטֶעדְט, ווֶעלְכֶע עֶר הָאט בֶּעפֶעסְטִיגְט אוּן בֶּעזֶעצְט מִיט אַיינְווָאהְנֶער פוּן יְהוּדָה.

אַ בֶּעזוּנְדֶערֶע אוֹיפְמֶערְקְזַאמְקַייט הָאט עֶר גֶעווִידְמֶעט דֶער אוֹיפְגַאבֶּע אָבְּצוּבּוֹיעֶן אוּן צוּ בֶּעפֶעסְטִיגֶען פוּן דָאס נַיי דִי מוֹיעֶר אַרוּם יְרוּשָׁלַיִם. צוּלִיעֶב דֶעם אוּנְגְלִיקְלִיכֶען קְרִיעג פוּן זַיין פָאטֶער מִיט'ן קֶענִיג יוֹאָשׁ פוּן יִשְׂרָאֵל, הָאט מֶען, ווִי שׁוֹין דֶערְמָאנְט, דוּרְכְגֶעבְּרָאכֶען אוֹיף פִירְהוּנְדֶערְט אֵיילֶען דִי צָפוֹן־מוֹיעֶר פוּן דֶער שְׁטָאדְט. עוּזִיהוּ הָאט זִי צוּרִיק אוֹיפְגֶעבּוֹיט אוּן גֶעמַאכְט זִי נָאךְ פֶעסְטֶער, ווִי זִי אִיז גֶעווֶען פְרִיהֶער. אִין דְרַיי עֶרְטֶער הָאט עוּזִיהוּ גֶעלָאזְט אוֹיסְבּוֹיעֶן טוּרְמְס פוּן הוּנְדֶערְט אוּן פוּפְצִיג אֵיילֶען הוֹיךְ. אוֹיף דִי טוּרְמְס, ווִי אוֹיךְ אוֹיף דִי שְׁפִּיצֶען פוּן דִי מוֹיעֶרֶען, הָאט עֶר גֶעלָאזְט אוֹיסְשְׁטֶעלֶען מַאשִׁינֶען, מִיט ווֶעלְכֶע מֶען הָאט גֶעקָאנְט ווַייט שְׁלַיידֶערֶען שְׁווֶערֶע שְׁטֵיינֶער אוֹיפ'ן פַיינְד. בִּכְלָל הָאט עוּזִיהוּ אַרוֹיסְגֶעווִיזֶען פִיעל עֶנֶערְגִיע אוּן פְלַייסִיגְקַייט בַּיי'ם צוּגְרֵייטֶען גוּט גֶעווֶעהְר אוֹיף צוּ בֶּעוָואפֶענֶען דִי אַרְמֵייעֶ אוּן צוּ בֶּעשִׁיצֶען דִי שְׁטָאדְט. פַאר זַיין אַרְמֵייעֶ הָאט עֶר גֶעלָאזְט פֶערְפֶערְטִיגֶען פַאנְצִירֶען, שְׁווֶערְדֶען, פַיילֶענְבּוֹיגֶען, שִׁילְדֶען אוּן מֶעטַאלֶענֶע הִיטְלֶען; עֶר הָאט אוֹיךְ אַיינְגֶעפִירְט פוּן דָאס נַיי, ווִי אִין שְׁלֹמֹה'ס צַייטֶען, רַייטֶערַיי אוּן קְרִיעגְס־ווָאגֶענְס, ווֶעלְכֶע עֶר הָאט גֶעלָאזְט בְּרֶענְגֶען פוּן מִצְרַיִם. דוּרְךְ זַיין פְלֵייס הָאט יְהוּדָה אוּן יְרוּשָׁלַיִם ווִידֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען רַייךְ צוּ ווֶערֶען: „דָאס לַאנְד הָאט זִיךְ אָנְגֶעפִילְט מִיט זִילְבֶּער אוּן מִיט גָאלְד אוּן ס'אִיז נִישְׁט גֶעווֶען קֵיין סוֹף צוּ זַיינֶע אוֹצָרוֹת; אוּן ס'אִיז פוּל גֶעווָארֶען מִיט פֶערְד אוּן ס'אִיז קֵיין סוֹף נִישְׁט גֶעווֶען צוּ זַיינֶע קְרִיעגְס־ווָאגֶענְס". עוּזִיהוּ הָאט אַזוֹי שְׁטַארְק דֶערְהוֹיבֶּען דָאס לַאנְד דוּרְךְ זַיינֶע

„וועט זיין לעבען ראַטעווען נישט קאָנען;
„ווער מיט פֿײַלענבויגען, ווער עם ריַיט שנעל —
„אַלע וועלען גאַנץ אומגעמעכטיג בלײַבען.
„אויך דער גבור מיט'ן שטאַרקען מוט
„מוטער־נאַקעט וועט ער דאַן ענטלויפֿען“.

און קוים איז נאָר אַריבער אָט די אֵימה, האָט אויסגעבראָכען אין לאַנד אַ נײַ אונגליק. די רעגעלמעסיגע רעגענס זענען נישט אַראָבגעפֿאַלען אין דער בעשטימטער צײַט, דער טוי האָט נישט אָבגעפֿרישט די פֿעלדער, אַ שטענדיגע טריקעניש האָט אויסגעברענט דאָס גראָז, דאָס וואַסער איז אויסגעטריקענט געוואָרען אין די ציסטערנעס, די זון האָט געברענט, ווי פֿײַער, און האָט פֿערוואַנדעלט די תּבואה־פֿעלדער אין אַ טרוקענעם מדבר. די אײַנוואָהנער פֿון די שטעדט, וואו ס'האָט אינגאַנצען פֿער־פֿעהלט וואַסער, האָבען זיך געלאָזט וואַנדערן אין די נאָהנטע שטעדט, אֶפֿשר וועלען זיי דאָרט קאָנען לעשען זייער דורשט, אָבער אויך דאָרט האָבען זיי, קיין וואַסער נישט געפֿונען. די הײַשעריקען, וועלכע האָבען קיין נאָהרונג נישט געפֿונען מעהר אין'ם לאַנד אויף יענער זײַט ירדן אין די לאַוואַ־בערג, זענען אַריבערגעפֿלויגען דעם ירדן און זיך אַראָבגעלאָזען איבער די לענדער פֿון יהודה און ישׂראל, וואו זיי האָבען אויפֿגעפֿרעסען אַלץ, וואָס די טריקעניש האָט נאָך נישט בעוויזען צו פֿערניכטען. אין געדיכטע שאָטענס, וועלכע האָבען פֿערפֿינסטערט די שטראַהלען פֿון דער זון, זענען זיי אַרויפֿגעטראָגען געוואָרען אויפ'ן לאַנד, און באַלד האָבען זיי אויפֿגעפֿרעסען די ווײַנשטאָקען, די פֿײַגען און טייטעל־בוימער, די עפּעל־בוימער און אפילו די בוימער, וואָס טראָגען נישט קיין פֿרוכטען. די הײַשעריקען זענען געקומען אין לאַנד עטליכע יאָהר נאָכאַנאַנד און געבראַכט נויט און פֿערצווייפֿלונג.

אין'ם לאַנד יהודה, וואו די לעצטע מלחמות האָבען שוין פֿריהער געמאַכט גרויסע חורבנות, האָט בײַ די נײַע אונגליקען די אַלגעמיינע דריקענדע שטימונג דערגרייכט די העכסטע מדרגה פֿון פֿערצווייפֿלונג. מען האָט אײַנגעאָרדענט אַ עפֿענטליכען טרויער און תּפֿלות צו גאָט, כּדי אָבצווענדען דאָס אונגליק. דאָס האָט אַ ביסעל אויפֿגעהויבען דעם מוט. פֿיעל האָט אויך מיטגעווירקט דערבײַ דער נביא יואֵל, דער זוהן פֿון פּתואֵל, וועלכער האָט געלעבט אין דער צײַט פֿון דער נויט, און מיט זײַנע טרייסט־רעד, ווי אויך מיט זײַנע גוטע בשׂורות וועגען בעסערע טעג, האָט ער אָבגעהאַלטען דאָס פֿאָלק פֿון געפֿעהרליכען יאוש. אַ אָהן אַנ'אײַנדרוק איז זײַן קרעפֿטיגע און געפֿיהלפֿולע רעדע געווען נישט געבליבען, בפֿרט נאָך ווען זײַן נבואה איז גיך מקוים געוואָרען: די טריקעניש האָט אויפֿגעהערט, דער הײַשעריק איז פֿערשוואונדען געוואָרען,

גרויזאַמקייט, אַז זיי פֿלעגען די פֿעראָרימטע בעלי־חובות מיט זייערע קינדער מאַכען פֿאַר קנעכט און פֿערקויפֿען זיי. בעזונדערס שטאַרק איז געווען ענטוויקעלט דאָס געשעפֿט מיט פֿראַצענט אויף תבואה. אין די הונגער־יאָהרען פֿלעגען די עשירים עפּענען זייערע זאַפּאַסען און פֿער־קויפֿען תבואה און אַנדערע לעבענס־מיטעל, געבענדיג דערביי פֿאַלשע וואָג און מאָס, און ווען די פֿעראָרימטע זענען דערנאָך נישט געווען ביכולת צו צאָהלען זייער חוב, פֿלעגען זיי פֿערקויפֿען זייערע קינדער פֿאַר קנעכט. און ווען די אונגליקליכע פֿלעגען זייערע אָנקלאַגען דער־לאַנגען אויף די פֿאָלקס־פֿערזאַמלונגען, פֿלעגט זיי קיינער נישט הערען, ווייל די ריכטער גופא האָבען אויך געהאַט אַזעלכע געשעפֿטען, אָדער זיי פֿלעגען נעהמען שוחד און האָבען נישט געוואָלט הערען די שטים פֿון גערעכטיגקייט. די אָנגעזאַמעלטע עשירות פֿלעגען די רייכע לייט פֿערשווענדען אויף פּרעכטיגע מאָהלצייטען און געלוסטיגקייטען, וועלכע פֿלעגען פֿאָרקומען יעדען טאָג. דאָס לוקסוס־לעבען פֿון יענער צייט האָט געשילדערט מיט שאַרפֿע אויסדריקען דער נביא עמוס. וועגען די רייכע און אָנגעזעהענע לייט פֿון דער הויפּט־שטאָדט שומרון זאָגט עמוס:

„אויף בעטען פֿון העלפֿאַנד־ביין טהוען זיי ליגען
„און ציהען זיך לוסטיג אויף זייער געלעגער;
„און עסען זיך שעפּסען, געקליבענע, פֿעטע,
„און קעלבער געשטאָפּטע, נאָר וואָס פֿון דער מייסט!
„און שפּיעלען אויף האַרפֿען און אויף אינסטרומענטען
„צו מוזיק ערפֿונדען, ווי דוד המלך...
„און טרינקען אין בעקענס דעם גאַנץ זיסען וויין,
„און שמירען דאָס לייב מיט'ן בוימאייל, דעם שענסטען, —
„וואָס קימערט זיי דען יוסף'ס אונגליק, דאָס גרויסע!...“

די ווייבער פֿון די רייכע לייט אין שומרון, פֿערשטעהט זיך, זענען נישט אָבגעשטאַנען פֿון זייערע מענער און פֿלעגען נאָך איבערשטייגען זיי אין אויסגעלאַסענקייט און האַרטהערציגקייט.

צום גליק האָבען די אונמאָראַלישע מדות און מנהגים נישט געקאָנט אַריינדרינגען אַזוי טיעף אין דער אידישער פֿאָלקסטימליכקייט, ווי ביי די אַנדערע פֿעלקער; די גוטע מדות, די גערעכטיגקייט און די ריינע אמונה אין'ם איינציגען גאָט האָבען צווישען פֿאָלק אַלץ געהאַט זייערע פֿערטרעטער, די נביאים, וועלכע פֿלעגען תמיד דערהויבען זייער מעכ־טיגע שטים געגען דער פֿערדאָרבענהייט פֿון די „גדולים“; שטענדיג שטאַרקער און ענטשלאָסענער פֿלעגט קלינגען זייער שטים, ווען זיי פֿלעגען שטראָפֿען און וואָרענען דאָס פֿאָלק, די שרים און דעם קעניג. און זייערע רעד פֿלעגען דאָך סוף כל סוף אַריינדרינגען אין די הערצער.

לערך אַ יאָהר הונדערט איז שוין איצט אַריבער, זינט דער נביא „אין'ם

בעוואָפּנונגען און דורך דער עשירות, אַז די שכנים האָבען ווידער אָנגע־
הויבען צו קוקען מיט אַכטונג אויף דאָס לאַנד יהודה, און אפילו אין
מצרים איז עוזיהו׳ס נאָמען געאַכטעט געוואָרען.

דאָס לאַנד פון די צעהן שבטים איז אין דער זעלביגער צייט נאָך
מעהר דערהויבען געוואָרען אונטער ירבעם דעם צווייטען, וועלכער איז
נאָך פיעל קריעגערישער געוועזען, ווי עוזיהו. אין די ווייטערדיגע יאָהרען
פון זיין לאַנגער רעגירונג האָט ער שטענדיג געפיהרט מלחמות מיט די
אַראַמעער; ער האָט איינגענומען די אַראַמעאישע הויפּט־שטאָדט דמשק
און איז אַריינגעדרונגען אין טיעפען לאַנד ביז צו דער שטאָדט חמת,
וועלכע ער האָט איינגענומען און פעראייניגט מיט זיין מלוכה.

עשירות איז אַזוי שטאַרק געוועזען בנמצא אין׳ם לאַנד, אַז נישט
בלויז דער קעניג און דער אדעל, נאָר אויך דאָס געמיינע פאָלק האָט
געלעבט אין גרויס לוקסוס, אפשר נאָך מיט אַ גרעסערען, ווי אין
שלמה׳ס צייטען. דער קעניג ירבעם האָט געהאַט אַ זומער־פּאַלאַץ און
אַ ווינטער־פּאַלאַץ; הייזער פון גרויסע פיערקאַנטיגע שטיינער בעפּוצט
מיט העלפאַנד־ביין, זענען געוואָרען אַ גאַנץ געוועהנליכע ערשיינונג.
קוקענדיג אויף דער עשירות און דער מאַכט פון ביידע אידישע מלכים,
האָט מען געקאָנט מיינען, אַז שלמה׳ס צייטען דויערען נאָך, און אַז
קיינע אַנדערע פערענדערונגען זענען גאָר פון דאַמאָלס אָן נישט פאָר־
געקומען, אויסער ווי דאָס, וואָס עס קעניגען צוויי מלכים, אַנשטאָט
איינעם. אָבער אונטער דעם אויסערליכען גלאַנץ האָבען זיך געטליעט
אין׳ם אינערען לעבען פון פאָלק שרעקליכע פעהלערען, וועלכע האָבען
זיך באַלד אַרויסגעוויזען אין זייער גאַנצער העסליכער פאָרם, בעזונדערס
אין דער רייכער מלוכה פון ישראל, און האָבען געמוזט פיהרען צו
אַ שרעקליכער קאַטאַסטראָפע און צו אַ פאָלקאָמען חורבן.

אין׳ם לאַנד פון די צעהן שבטים האָט דער קולט פון די גאָלדענע
קעלבער אין דן און אין בית־אֵל נישט בלויז נאָך געדויערט, נאָר ער
האָט זיך געוואַלדיג פערשפּרייט איבער׳ן גאַנצען לאַנד. גאָלדענע קעלבער
האָט מען שוין אויפגעשטעלט אויך אין שומרון און אין גלגל. אין בית־
אֵל האָט ירבעם אויפגעבויט פאַר׳ן דאָזיגען אָבגאָט דעם הויפּט־טעמ־
פּעל — אַ גרויסען נאָכגעמאַכטען בית־המקדש מיט אַ מזבח; אמציה
איז דאָרט געוועזען דער אויבערשטער כהן ביי׳ם אָבגאָט, האָט
געפיהרט זעהר אַ רייך לעבען און איז געוועזען זעהר פעראינטערעסירט
אויפצוהאַלטען די געצענדיענערייַ. מען האָט אויך צוריק איינגעפיהרט
די געצענדיענערייַ פון בעל מיט איהר גאַנצער אונציכטיגקייט און זנות־
טרייבערייַ. צוזאַמען מיט׳ן קולט פון געצענדיענערייַ איז שטענדיג גע־
גאַנגען האַנד ביי האַנד דאָס שטרעבען צו לוקסוס, צו לעבען אַ גוטען
טאָג, צו פּראַכט און עשירות. די רייכערע האָבען געגעבען זייער געלד
אויף פּראָצענט, וועלכע זיי פלעגען מאָהנען מיט אַזאַ האַרטקייט און

אבוואקסען דאס האר, ווי אליהו; ער איז געווען אנ'איינפאכער בעזיצער פון טשערעדעס און א פלאנצער פון בוימער, סיקאמארען, וועלכע זענען זעהר פיעל געוואקסען אינ'ם ניעדעריגען לאנד (שפלה). אבער זיין נביא'אישער גייסט האט איהם ארויסגעריסען פון זיין שטילען ווינקעל, און ער האט אנגעהויבען ארויסצוטרעטען פאר דער עפענטליכקייט. ער איז געקומען ביז קיין בית־אל, און דארט, ביי'ם טעמפעל פונ'ם אבגאט, וואס דער קעניג ירבעם האט געלאזט בויען אין זיין דערוויילינער רעזי־דענץ, האט עמוס אנגעהויבען שילדערן די שענדליכע פערברעכענס. אין בית־אל האט עס, געוויס, געמאכט א שטארקען איינדרוק, וואס א מענש פונ'ם לאנד, א פראסטער פאסטוך, ווי מען האט עס געקאנט זעהען פון זיינע קליידער, דערוועגט זיך עפענטליך ארויסצוטרעטען מיט זיינע רעדעס. ס'איז זיכער, אז אין דער מלוכה פון די צעהן שבטים איז שוין די פאלקס־בילדונג דאמאלס געשטאנען אויף א הויכער מדרגה און געווען שטארק פערשפרייט איבער'ן גאנצען לאנד, אויב א געוועהנליכער פאסטוך האט געקאנט האלטען אזעלכע שענע רעדעס אין א פיינער קונסטלערישער פארם, און דאס פאלק האט איהם געקאנט גוט פער־שטעהן. צי איז עמוס טאקי געווען דער ערשטער, וועלכער האט איינ־געפיהרט די נייע רעהנערישע קונסט צווישען די נביאים? אויף וויפיעל מען קאן זיך איבערצייגען פון דער גאנצער רייהע נביאים, וועלכע זענען ערשינען פון שמואל'ן און ווייטער, פלעגען די פריהערדיגע נביאים ארויסזאגען זייערע נביאות אין א גאנץ איינפאכער, קלארער רעדע, אהן קיין שום דיכטערישער בעפוצונג; זעלטען ווען זיי פלעגען אמאל אנווענדען א משל, אדער א וועלכע ס'איז טהאט, וואס פלעגט זייער געהאנקען בעלייכטען. אבער די רעדעס פון עמוס, ווי אויך פון די נביאים, וואס זענען ערשינען נאך איהם, געהערען שוין גאר צו אנ'אנדער קאטעגאריע: זיי האבען פעראייניגט די געפליסינקייט און פאפולערע פערשטענדליכקייט פון דער פראזע מיט דער מאס, טאקט און שענעם קלאנג פון דער פאעזיע. דורך משלים און פאנטאזיען־רייכער לעבעדיג־קייט האבען זיי דעם דיכטערישען ווערט פון זייערע רעדעס נאך מעהר דערהויבען. ס'איז בכלל שווער צו בעשטימען, צו א וועלכער קאטעגאריע פון דער דיכטערישער קונסט עס געהערען די שענע רעדעס פון די נביאים; אמבעסטען קאן מען זיי בעצייכענען, אלס א דיכטערישע בערע־דעווידיגקייט אין א שענער פארם. אין די רעדעס פון עמוס קאן מען לייכט ארויסזעהען, צו וואס פאר א קלאס פון דער געזעלשאפט ער האט געהערט: ער געברויכט שטענדיג משלים פונ'ם לעבען פון די פאסטוכער. מען הערט גאנץ דייטליך, אז ער האט ביי זיין טשערעדע אפט געהערט דאס ברומען פון א לייב, און מען זעהט, אז ער האט אין דער נאכט געמוזט בעאבאכטען די שטערען אויפ'ן הימעל. אבער דורך

האָריגען מאַנטעל מיט די לאַנגע לאָקען". אליהו איז אַרויסגעטראָטען געגען אַחאָב'ס און איזבל'ס שענדליכע מעשים, אָבער די שולע פֿון נביאים, וועלכע ער האָט געגרינדעט, האָט נאָך געלעבט, און די יונגע נביאים האָבען נאָך געווירקט אין זיין גייסט און מיט זיין פֿייערדיגער התלהבות. די יוגענד, וועלכע האָט, געוועהנליך, שטענדיג אַ וואַרים האַרץ פֿאַר די אידעאַלע שטרעבונגען, האָט געפֿיהלט מיט צאָרן און אויפרעגונג די מאָראַלישע פֿערדערבעניש, וואָס מען האָט אַריינגעבראַכט אין אידישען לעבען, און האָבען זיך פֿערזאַמעלט מאַסענווייז אַרום די יונגע נביאים פֿון בית־אל, גלגל און יריחו. אליהו'ס תלמידים, וועלכע אלישע האָט ערצויגען און געלערנט, האָבען זיך געפֿיהרט, ווי נזירים; זיי פֿלעגען פֿיהרען אַנ'איינפֿאַך, פֿראָסט לעבען, טראָגען לאַנגע האָר און נישט טרינקען קיין ווין; זיי פֿלעגען נישט אויפֿהערען צו מוסר'ן און לערנען דאָס פֿאָלק און אַרויסטרעטען שאַרף געגען דעם לוקסוס און פֿערדאָרבענע מנהגים און מדות. די זיהן זענען אַרויסגעטראָטען אַלס שטרענגע ריכ־טער געגען זייערע פֿאָטערס; די יונגע לייט האָבען זיך אָבגעזאָגט פֿונ'ם ווין, וועהרענד די עלטערע און אפילו אויך די זקנים פֿלעגען האַלטען אין איין שכור'ן. די יונגע נביאים פֿלעגען אַרויסטרעטען געגען די רייכע, געגען די שרים און אויך געגען דעם קעניג אין עפֿענטליכע פֿאָלקס־פֿערזאַמלונגען, וואו זיי פֿלעגען דונערען מיט זייערע רעדעס געגען דער האַרטהערציגקייט, שלעכטסקייט און אויסגעלאַסענהייט. נישט דער קעניג, נישט די שרים האָבען געוואַגט עפּעס אונטערצונעהמען געגען די נביאים. צי איז דאָס געווען דערפֿאַר וואָס די נביאים זענען אַרויס־געטראָטען אין אַ גרויסער מאַסע, [illegible] מען האָט פּשוט מורא געהאַט פֿאַר זיי, אָדער דערפֿאַר, וואָס צווישען זיי זענען אויך געווען פֿיעל יונגע לייט פֿון הויכען אַדעל, מעגליך, גאָר די קינדער פֿון די שרים גופא — מערקווירדיג איז עס געווען: מען האָט זיי נישט פֿערפֿאָלגט. די שכורים פֿלעגען זיי אָפֿט צווינגען צוזאַמען מיט זיי צו טרינקען ווין און האָבען זיי פֿערבאָטען מוסר צו זאָגען; מען האָט זיי געהאַסט, — די יונגע ריכטער פֿון גוטע מדות, וועלכע פֿלעגען שילדערן די גאַנצע נאַקעטקייט און שענדליכקייט פֿון די גרויסע לייט. אָבער קיין שלעכטס האָט מען זיי נישט געטהון.

די דאָזיגע וואָרט־פֿרייהייט, וועלכע האָט געהערשט אין דער מלוכה פֿון די צעהן שבטים, האָט אויסגענוצט אַ נביא, וועלכער איז געווען דער ערשטער אין דער גרויסער רייהע נביאים, וואָס פֿלעגען זייערע הויכע דיכטערישע געדאַנקען בעקליידען אין אַ שעהנער פֿאָרם און זאָגען די שרים דעם אמת מיט שניידענדער שאַרפֿקייט. דער דאָזיגער נביא איז געווען עמוס פֿון תקוע. ער האָט נישט געהערט צו די פּראָפֿעסיאָנעלע נביאים און איז כלל נישט געווען קיין תלמיד פֿון דער נביאים־שולע; ער (האָט נישט געטראָגען קיין) האָריגען מאַנטעל און זיך נישט געלאָזט

פיעל מילדער און ווייכער איז עמוס געווען אין זיינע רעדעס וועגען דער שוואַכער מלוכה יהודה. אין זיין נבואה, אז נייע אונגליקען וועלען קומען אויף דאָס לאַנד, האָט עמוס געבעטען ביי גאָט:

„כ'האָב געזאָגט: אָה, גאָט, פערגיעב!
„ווי קאָן דען יעקב אויסהאַלטען
„ער איז דאָך שוואַך און קליין...

די שוואַכקייט פון מלכות יהודה אין די לעצטע צייטען פון קעניג אמציה, ווי אויך באַלד נאָך זיין טויט, האָט דערוועקט מיטלייד און רחמנות אין'ם נביא עמוס. ער האָט דעריבער נישט געוואָלט דורך זיינע שטראָף־רעד נאָך מעהר צונעהמען דאָרט דעם מוט ביי'ם געפּאַר־לעגטען פאָלק און ביי'ם קעניג. ער האָט גראָד געוואָלט זעהען, ווי זיי וועלען מוט בעקומען און זיך שטאַרקען. עמוס האָט געלעבט אין דער איבערצייגונג, אז די אידישע ישועה אין דער צוקונפט מוז קומען פון יהודה; ער האָט דעריבער נבואה געזאָגט, אז יהודה וועט זיך נאָך אַ מאָל פערארייניגען מיט ישראל אונטער דוד'ס הויז. דאָס זענען געווען די לעצטע טרייסט־רעד פאַר דער צוקונפט פונ'ם גרויסען נביא פון תקוע:

„כ'וועל ברענגען צוריק פון געפענגשאַפט מיין פאָלק,
„און שטעדט וועלען זיי בויען, בעוואָהנען;
„און וויינגערטנער פלאַנצען, און ווין וועל'ן זיי טרינקען,
„און גערטנער בעזעצען, די פרוכט צו געניסען;
„און אויף זייער באָדען וועל איך זיי פערפלאַנצען,
„שוין קיינמאָל נישט מעהר אויסגעריסען צו ווערען
„פונ'ם לאַנד, וואָס איך האָב זיי געגעבען, —
„אזוי האָט דיין גאָט מיר געזאָגט“.

וועגען דעם לעבען און דער ענדע פונ'ם נביא עמוס איז אונז גאָרנישט בעוואוסט.

ווי עס שיינט, אין דער זעלביגער צייט איז ארויסגעטראָטען אין ירושלים אַ נביא, וואָס פון זיין לעבען ווייסען מיר נאָך פיעל ווייניגער, אָדער כמעט גאָרנישט; דאָס איז געווען יואל, דער זוהן פון פתואל. די נביאים זענען מייסטענס ארויסגעטראָטען פון אונבעוואוסטע משפחות און נאָכדעם, ווי זיי האָבען אַ געוויסע צייט דאָס פאָלק געשטראָפט, פערשווינדען זיי פון היסטאָריקער'ס אויגען, נישט איבערלאָזענדיג קיין שום שפור פון זייער לעבען, אויסער זייערע גרויסע רעדעס. יואל איז ארויסגעטראָטען אין דער צייט פון אונגליק, ווען עס זענען פאָרגעקומען די אָנפאַלען פון אדום און אנדערע שכנים אויף יהודה, ווען דאָס לאַנד איז געפּלאָגט געוואָרען דורך דער ערד־ציטערניש, דורך די פערוויסטונגען, וואָס עס האָבען געמאַכט די טריקעניש און די היישעריקען; דאָס פאָלק

אַט די אײַגענשאַפֿטען בעקומען זײַנע רעדעס נאָך מעהר רײַצענדע שענהייט.

עמוס איז אַרויסגעטראָטען אין בית־אֵל נאָך פֿאַר דער ערד־ציטערניש און, ער האָט וועגען איהר נביא'יש פֿאָראויסגעזאָגט די אונגליקען. און ווען די ערד־ציטערניש האָט אויסגעבראָכען מיט אַלע איהרע שרעקעניששען, האָט עמוס געהאָפֿט, אַז זי וועט צוריקפֿיהרען דאָס פֿאָלק צום פֿערבעסערען זײַנע מעשים. דאָס איז אָבער נישט פֿאָרגעקומען. געגען דער דאָזיגער עקשנות און האַרטנעקיגקייט איז עמוס אַרויסגעטראָטען אויף אַ נאָך שאַרפֿערען אופן, און האָט פֿאָראויסגעזאָגט אַ שרעקליכען טאָג:

„אַ שטאָדט מיט טויזענד אײַנוואָהנער
„וועט בלײַבען בלויז מיט הונדערט;
„אַ שטאָדט מיט הונדערט אײַנוואָהנער
„וועט בלײַבען בלויז מיט צעהן.

. . . . . . . . . . .

„און ווײַל איהר טרעטעט אויף דעם אָרימאַן
„און נעהמט בײַ איהם זײַן קאָרן און זײַן ווייץ,
„זאָלט איהר אין הײַזער, וועלכע איהר'ט געבויט
„פֿון גרויסע שטיינער, דאָך אַליין נישט וואָהנען,
„און פֿון ווײַנגערטנער, וועלכע איהר'ט געפֿלאַנצט,
„זאָלט איהר דעם זיסען ווײַן אַליין נישט טרינקען!“
„נאָך גאָטעס טאָג געלוסטעט איהר, —
„וואָצו, וועה, ברויכט איהר איהם!...
„דען פֿינסטער וועט דאָך גאָטעס טאָג
„זײַן, טונקעל, אָהן קיין שײַן!“

דער כהן פֿונ'ם אָבגאָט אין בית־אֵל, אמציה, האָט געפֿונען פֿאַר נויטיג צו מאַכען אַ סוף מיט די דאָזיגע שאַרפֿע רעדעס פֿונ'ם נביא, און ער האָט אויפֿמערקזאַם געמאַכט דערויף דעם קעניג ירבעם, ערקלערענדיג, אַז עמוס דערוועקט דאָס פֿאָלק צו אַנ'אויפֿשטאַנד געגען דעם קעניג. ווי עס שײַנט, האָט אמציה גערעדט אינ'ם קעניג'ס נאָמען, ווען ער האָט געשיקט עמוס'ן זאָגען: „ענטלויף געשווינדער אין לאַנד יהודה, דאָרט וועסטו ברויט עסען און דאָרט וועסטו דײַן נבואה האַלטען, אין בית־אֵל אָבער זאָלסטו מעהר קיין נבואה נישט זאָגען, דען עס איז דאָס הייליגטום פֿונ'ם קעניג און די הויפּט־שטאָדט פֿון דער מלוכה“. עמוס אָבער האָט זיך נישט געלאָזט שטערען צו האַלטען זײַנע רעדעס און ער האָט ערקלערט: „איך בין נישט קיין נביא און נישט קיין תלמיד פֿון דער נביא'ישער שולע, נאָר אַ פּאַסטוך און אַ פֿלאַנצער, אָבער גאָט האָט מיר געהייסען: „געה און זאָג נבואה מײַן פֿאָלק ישראל“.

אידישער רעליגיע און מען האָט אָנגעהויבען דיענען צום בעל אין׳ם קעניגרייך פֿון די צעהן שבטים. דאָס איינפֿיהרען פֿון׳ם בעל-קולט שילדערט דער נביא אַלס אַ פֿערברעכען פֿון אַ פֿרוי געגען איהר געטריי׳ען מאַן; די זונה האָט זיך איינגעשמועסט, אַז אַלץ האָט זי בעקומען נאָך פֿון איהר זנות-טרייבעריי. און האָט פֿערגעסען, אַז איהר אייגענער מאַן האָט עס איהר אַלץ געגעבען; דאָס לאַנד פֿון אֶפרים איז רייך געוואָרען, האָט מען געמיינט, אַז דער בעל האָט די דאָזיגע ברכה אַריינגעשיקט, פֿערגעסענדיג, אַז נאָר גאָט האָט איהם געשאָנקען דעם וויין און די תבואות, דאָס גאָלד און זילבער, וועלכעס עס האָט פֿערשווענדעט פֿאַר׳ן בעל. גאָט וועט אָבער אַלץ צונעהמען ביי׳ם זינדיגען פֿאָלק און נישט איבערלאָזען איהם אפילו אַזוי וועניג, אויף צו בעדעקען זיין נאַקעטקייט. אין דער נויט וועט די זונה (דאָס הייסט, דאָס אידישע פֿאָלק) ערשט קומען צו׳ם שכל און וועט זאָגען: „איך וועל מיך אומקעהרען צוריק צו מיין ערשטען מאַן, ווייל דאַמאָלס איז מיר בעסער געווען ווי איצט“.

און דער נביא שילדערט, ווי אַזוי דאָס צוריקקעהרען וועט פֿאָרקומען: די זינדיגע פֿרוי וועט, פֿול חרטה, קומען צו דער איבערצייגונג, ווי שלעכט זי האָט זיך בעגאַנגען, און זי וועט זיך צוריק אומקעהרען צו איהר מאַן, וועלכען זי וועט איצט „מיין מאַן“ און נישט „מיין הערר“ רופֿען, ווייל דער נאָמען „הערר“ וועט איהר שוין זיין פֿערהאַסט, דען ער דערמאָהנט אָן דעם נאָמען בעל (בעל — הייסט אַ הערר), און גאָט וועט זיך צו איהר צוריק צו-ווענדען:

„כ׳וועל דיך פֿאַר אַ כלה נעהמען אויף אייביג,
„כ׳וועל דיך נעהמען מיט רעכט און גערעכטיגקייט,
„כ׳וועל דיך נעהמען מיט גנאָד און רחמנות,
„כ׳וועל דיך נעהמען מיט גלויבען, —
„און דו וועסט דערקענען דיין גאָט!“

דער צוריקגעקעהרטער פֿרוי, דער אידישער נאַציע, וועט גאָט ווידער בעווייזען זיין גנאָד, ווי אין דער צייט פֿון יציאת-מצרים. פֿון׳ם מדבר וועט ער זי צוריקפֿיהרען אין איהר אַמאָליג לאַנד, און זי וועט איהם ווידער זינגען איהרע לויב-לידער, ווי אין דער צייט פֿון איהר יוגענד, ווי אין׳ם טאָג, ווען זי איז אַרויסגעגאַנגען פֿון מצרים. דער בונד וואָס גאָט וועט מיט איהר ווידער שליסען, וועט איהר פֿערטיידיגען פֿון ווילדע חיות, און פֿייגעלעך און שווערד, און מלחמות וועלען גאָר פֿערשווינדען. ווי עמוס, האָט אויך הושע נבואה געזאָגט, אַז די צעהן שבטים וועלען זיך פֿעראייניגען מיט זייערע ברידער יהודה און בנימין אונטער דער קרוין פֿון דוד׳ס הויז. ווען הושע האָט אויפֿגעוויקעלט פֿאַר זיינע צוהערער דאָס בילד פֿון דער גלענצענדער צוקונפֿט, האָט ער אָבער

איז דורך אַלעם דעם שיער נישט טעמפּיג און פֿערנאַרישט געוואָרען פֿון גרויס פֿערצווייפֿלונג. די בעפֿעלקערונג פֿון ירושלים און פֿונ'ם גאַנצען לאַנד האָט פֿערבראַכט די צייט אין תעניתים און אין תפלות; מען האָט צוריסען די קליידער, אַלס אַ סימן פֿון טרויער, מען האָט זיך פֿערזאַמעלט אַרום בית־המקדש מיט וועה־געשרייען און געוויינען, כדי אָבצווענדען גאָט'ס כעס. יואל האָט דעריבער געהאַט אַנ'אַנדער אויפֿגאַבע ווי עמוס: ער האָט געברויכט נישט שטראָפֿען און רופֿען צו תשובה, נאָר טרייסטען די געמיטער, צוגעבען מוט און שטאַרקען די פֿערצווייפֿעלטע. זיין גאַנצע רעדנערישע קראַפֿט האָט יואל געמוזט אָנווענדען, אויף איבערצייגען דעם פֿאָלק אין יהודה און אין ירושלים, אַז גאָט'ס גנאָד איז פֿון איהם נישט אָבגעטהון געוואָרען, אַז ציון איז געבליבען גאָט'ס הייליגער באַרג, און ער וועט זיין פֿאָלק נישט מאַכען צו שאַנד און צו שפּאָט, אַז גאָט איז געדולדיג, פֿול מיט חסד און ער וועט אָבווענדען דאָס אונגליק אויך אָהן קרבנות און תעניתים.

יואל האָט פֿאָראויסגעזאָגט אַ פּאָליטישע איבערקעהרעניש. די געפֿאַנגענע פֿון יהודה און ירושלים, וועלכע די פלשתים און די פֿעניקיער האָבען פֿערקויפֿט צו די גריכען, וואָס האָבען געהאַנדעלט מיט מענשען און האָבען די אידען פֿערקויפֿט אין אַלע עקען וועלט, אַז אָט די אידען וועלען צוריקקומען פֿון זייער געפֿאַנגענשאַפֿט. ער האָט אויך נבואה גע־זאָגט אויף די פֿעלקער, וועלכע זענען זיך בעגאַנגען גרויזאַם מיט אידען, אַז גאָט וועט זיי שטרענג משפּט'ן אין טהאָל פֿון יהושפט, דאָרט, וואו גאָט וועט משפּט'ן אַלע פֿעלקער. יהודה און ירושלים וועלען אָבער בע־זעצט ווערען אויף אייביג. און דאַמאָלס וועט זיך איינשטעלען אויף דער וועלט אַ העכערע אָרדנונג, אַ געזעצליכע און אַ גערעכטע, וואָס איז געבויט אויף גנאָד און רחמנות. אַלע מענשען וועלען דאַמאָלס פֿול זיין מיט'ן געטליכען נביא'ישען גייסט:

„מיין גייסט וועל איך אויף אַלץ, וואָס לעבט, אויסגיסען:
„די זקנים וועלען חלומות פֿול נבואה זעהען,
„די יוגענד וועט פֿון זעהונג בעגייסטערט זיין;
„און אויך אויף שקלאַפֿען און שקלאַפֿינען
„וועל איך אין יענעם טאָג מיין גייסט פֿערשפּרייטען“.

דער דריטער נביא פֿון ירבעם און עוזיהו'ס צייט האָט זיך אַרויס־געזאָגט נאָך שאַרפֿער געגען דער מלוכה פֿון די צעהן שבטים און פֿאַר דוד'ס הויז — די מלוכה פֿון יהודה. דאָס איז געוועזען דער נביא הושע, דער זוהן פֿון בארי. ווי עס שיינט, איז ער אַרויסגעטראָטען אין בית־אל, אָדער אין שומרון. וועהרענד עמוס האָט געשטראָפֿט פֿאַר דער מאָ־ראַלישער אויסגעלאַסענהייט און אויסגעלאַכט זי, האָט הושע אויפֿגע־הויבען זיין לייבען־שטים געגען דעם, וואָס מען איז אָבגעפֿאַלען פֿון דער

ציון, אַז מען זאָל דאָס פֿערדערבענדע געוועהר פֿון דער מלחמה פֿערוואַנדלען אין אינסטרומענטען פֿון פּרודוקטיבער טעטיגקייט — דאָס דאָזיגע בילד איז איינס פֿון די שענסטע ליכטיגסטע האָפֿנונגען פֿון דער מענשהייט ביז היינט.

אויך אויף דער דאַמאָלסדיגער פּאָליטיק איז דאָס פֿיינדליכע אַרויסטרעטען פֿון ביידע נביאים, הושע און עמוס, געגען יהוא'ס קעניגליך הויז נישט געבליבען אָהן איינפֿלוס און ווירקונג. ווי אֱלישע האָט צוזאַמען מיט זיין תלמיד דערוועקט יהוא'ן געגען דעם לעצטען קעניג פֿון עמרי'ס הויז (יהורם), אַזוי האָבען אויך, ווי עס שיינט, די רעדעס פֿון עמוס און הושע דערוועקט אַ פֿיינד געגען דעם לעצטען מלך פֿון יהוא'ס קעניגליך הויז. ירבעם דער צווייטער איז נאָך געשטאָרבען אין פֿריעדען אין אַ גאַנץ טיעפֿען עלטער, נאָך אַ לאַנגער גליקליכער רעגירונג, אָבער ווי נאָר זיין זוהן זכריהו איז אַרויפֿגעשטיגען אויפֿ'ן טהראָן (839 פֿאַר'ן צווייטען חורבן), איז אויסגעבראָכען געגען איהם אַ פֿערשווערונג, וואָס אין איהר שפּיץ איז געשטאַנען שלום, דער זוהן פֿון יבש, וועלכער האָט דער'הרג'עט זכריהו'ן, דעם פֿירטען מלך פֿון יהוא'ס הויז, נאָכדעם, ווי ער האָט געקעניגט בלויז זעקס מאָנאַטען. זיין מערדער האָט אויך אויסגע'הרג'עט די מיטגליעדער פֿון ירבעם דעם צווייטענס משפּחה, ווי יהוא — אַחאָב'ס משפּחה. אפילו אויף פֿרויען און קינדער האָט שלום קיין רחמנות נישט געהאַט. אויך שלום האָט אָבער קיין גוטען סוף נישט געהאַט. ער איז אָבגעגאַנגען קיין שומרון, צו פֿערנעהמען דעם טהראָן און די רעגירונג איבער דער מלוכה; אָבער ער האָט געקאָנט זיך האַלטען אויפֿ'ן טהראָן נאָר איין מאָנאַט, דען געגען איהם האָט זיך אויפֿגעהויבען אַ פֿערשווערונג, וואָס אין איהר שפּיץ איז געשטאַנען אַן איינוואָהנער פֿון דער פֿריהערדיגער הויפּטשטאָדט, תרצה, — מנחם, דער זוהן פֿון גדי. מיט זיין פֿערשוואָרענער מחנה איז מנחם געקומען קיין שומרון; די איינוואָהנער האָבען איהם אַריינגעלאָזען אין שטאָדט אָהן קיין שום ווידערשטאַנד; דאָרט האָט ער דער'הרג'עט שלום'ן. באַלד אָבער האָט ער דערזעהען, אַז לייכט וועט ער דעם טהראָן נישט קאָנען איינגעהמען, דען נאָר די הויפּטשטאָדט האָט איהם באַלד אַריינגעלאָזען, אָבער די איבריגע שטעדט האָבען איהם גאָרנישט געוואָלט אַנערקענען פֿאַר אַ מלך. מנחם איז אָבער געווען אַ מוטיגער מענש און דערצו האָט ער געהאַט אַ גרויזאַמען האַרטען כאַראַקטער. די אידישע שטאָדט תפסח, וועלכע האָט זיך פֿאַר איהם נישט געוואָלט עפֿענען, האָט ער בעלאַגערט אַזוי לאַנג, ביז זי האָט געמוזט איהם אונטערגעבען זיך; דאַן האָט ער דאָרט אויסגע'הרג'עט די גאַנצע בעפֿעלקערונג — מאַנסבילען, פֿרויען און קינדער, אפילו די שוואַנגערע פֿרויען האָט ער נישט געשוינט. אויך די בעפֿעלקערונג פֿון דער דאָזיגער שטאָדט האָט מנחם אינגאַנצען אויסגע'הרג'עט.

אויך געוואָרענט, אַז פיעל אונגליקליכע טעג דאַרפען נאָך פּאַראיבער געהן, אייידער די צעהן שבטים וועלען זיך צוריק פעראייניגען מיט'ן שבט יהודה.

די רעדעס פון די נביאים זענען נישט געבליבען אהן שפורען אויף דער נשמה פון פאָלק; די יסורים, וואָס זיי האָבען איבערגעלעבט אין זייער טיעפער נשמה, זייערע גרויסע האָפנונגען, זייערע געדאַנקען און איבערצייגונגען זענען געוואָרען אַנ'איינגעטונג פון גאַנץ גרויסע קרייזען און האָבען איבעראַל געווירקט, וועקענדיג די גייסטער און פעראיידע־לענדיג זיי. די תלמידים האָבען מיט אַ איינגעהאַלטענעם אָטעם צוגעהערט די רעדעס פון די גרויסע נביאים און האָבען זיי טיעף איינגעגראָבען אין זייער זכרון, אָדער זיי האָבען זיי זיך באַלד פערשריבען. דאָס זענען געווען די ערשטע בלעטער פון דער פערשריבענער נבואה, וועלכע האָבען שפּעטער געדאַרפט וועקען די פעלקער פון דער וועלט צו אַ נייעם לע־בען און אַנ'איידעלען, הויכען דענקען. איינער פון די דאַמאָלסדיגע נביאים האָט געשילדערט אַ בילד פון דער ווייטער צוקונפט, אַ בילד, וואָס לעבט נאָך ביז צום היינטיגען טאָג אלס אידעאַל:

„געשעהן וועט עס אין די שפּעטסטע צייטען:
„דער באַרג פון גאָטעס הויז
„וועט פעסט שטעהן איבער אַלע הויכע בערג,
„און העכער וועט ער זיין דערהויבען,
„און אַלע פעלקער וועלען געהן צוזאַמען
„און זאָגען וועלען זיי:
„נו, קומט־זשע, לאָמיר ארויפשטייגען
„צו גאָטעס באַרג, צום הויז פון יעקב'ס גאָט,
„און זאָל ער לערנען זיינע וועגען אונז,
„מיר וועלען געהן אין זיינע שטעגען“.
„פון ציון וועט דאַן תורה שיינען וויט און ברייט
„און גאָטעס וואָרט פון שטאָדט ירושלים.
און ער וועט ריכטען צווישען פעלקער פיעל
„און וועט זיין אורטייל טהון צו וויסען
„די מעכטיגע נאַציאָנען ביז גאַנץ וויט.
„די שווערדען וועט מען דאַמאָלס איבערשמידען
„אויף אַקער־אייזענס, און די שפּיזען —
„אויף מעסערס פאַר די ווינשטאָקען.
„קיין פאָלק וועט געגען פאָלק זיין שווערד נישט מעהר אויפהויבען,
„מען וועט נישט לערנען מעהר קיין קריעג צו פיהרען“.

דאָס דאָזיגע ערהאַבענע בילד פון איוויגען פריעדען, וועלכער זאָל בעגרינדעט ווערען דורך דער אידישער תורה, וועלכע געהט אַרויס פון

גִיכֶער אַרוֹיס פוּן הֵיילִיגֶען אָרט, דֶען דוּ פֶערשְׁוועכְסט אִיהם דאַדוּרךְ אוּן דוּ וועסט דערפוּן קֵיין כבוֹד נִישט האָבֶּען״.

וואָס דערנאָך אִיז פָארגֶעקוּמֶען, אִיז אוּנבֶּעוואוּסט. ווייל אָבֶּער עוּזִיהוּ אִיז אִין זַיינֶע לֶעצטֶע יאָהרֶען גֶעוואָרֶען מצוֹרע אוּן מֶען האָט אִיהם גֶעמוּזט האַלטֶען אִין אַ בֶּעזוּנדֶער הויז, האָט דאָס פָאלק דאָס בֶּעטְראַכְט פַאר אַ בֶּעשְׁטְראָפוּנג פוּן גאָט פַאר זַיין זִינד. „דִי הֶעסְלִיכֶע קְרֶענְק — האָט מֶען גֶעזאָגט — אִיז גֶעקוּמען אוֹיפ׳ן קֶענִיג בַּאלד, וִוי עֶר האָט זִיךְ אָנגֶערִיהרט אָן גאָלדֶענֶעם מִזבח״. אִיןְ׳ם קאַמפף צְווִישֶׁען דֶער מלוּכה אוּן דֶער כהוּנה האָט אפילוּ מנצח גֶעווֶען דִי כהוּנה, אָבֶּער אַן׳אַנדֶער גַייסטִיגֶע מאַכְט האָט זִיךְ בַּאלד גֶעדאַרפְט דֶערהוֹיבֶּען, אַ מאַכְט, וועלכֶע האָט גֶעדאַרפְט עֶרקלֶערֶען קְרִיעג דֶער שְׁטאָלץ־גֶעוואָרענֶער כהוּנה, פּוּנקט וִוי דִי כהוּנה האָט עֶרקלֶערט קְרִיעג דֶער קְרוֹין. דִי דאָזִיגֶע נַייעֶ מאַכְט אִיז גֶעווֶען — דִי נבוּאה. ווען דֶער קֶענִיג עוּזִיהוּ אִיז מצוֹרע גֶעוואָרֶען אוּן האָט גֶעלֶעבְּט אָבְּגֶעשְׁלאָסֶען פוּן דֶער גאַנצֶער וועלט, האָט אִיבֶּערגֶענוּמֶען דִי רֶעגִירוּנג זַיין נאָך גאַנץ יוּנגֶער זוֹהן יוֹתם. אִין שוֹמרוֹן האָט נאָך דאַמאָלס גֶעקֶענִיגט דֶער גְרוֹיזאַמֶער טְהראָן־רוֹיבֶּער, מנחם. וואַהרשַיינְלִיךְ האָט עֶר רֶעגִירט מִיט אַן׳אַייזֶערנֶער האַנד. בֵּיידֶע מלוּכוֹת זֶענֶען זִיךְ גֶעגאַנגֶען וויַיטֶער אִין דִי אַלטֶע דרכים, נִישט שְׁפִּירֶענדִיג, אַז אוֹיפ׳ן ווייטֶען עֶק הִימֶעל זאַמֶעלְט זִיךְ אָן אַ שְׁווערֶער וואָלקֶען, וועלכֶער וועט בְּרֶענגֶען אַ שְׁטוּרם אוּן וועט ווערֶען פַאר בֵּיידֶען פֶערדֶערבְּלִיךְ. פוּן צפוֹן־זַייט, פוּן דִי לֶענדֶער, וועלכֶע זֶענֶען גֶעלֶעגֶען אוֹיף דִי טַייכֶען עֶפְּראַט אוּן טִיגֶער, האָט גֶעדאַרפְט דאָס שְׁווערֶע אוּנגְלִיק אִיבֶּער בֵּיידֶע הַייזֶער קוּמֶען. דִי מלוּכה אשוּר האָט זִיךְ דאַמאָלס גֶעשְׁטאַרקְט, בֶּעפֶעסטִיגט אוּן אִיז גֶעוואָרֶען אַ גֶעפֶערלִיכֶע קְראַפט. דִי אַיינוואָהנֶער פוּן אשוּר זֶענֶען גֶעווֶען זֶעהר קְרֶעפטִיגֶע מֶענשֶׁען, אוּן אִין אָפטֶע אוּן שְׁווערֶע מלחמוֹת זֶענֶען דִי אַסִירִיעֶר (אשוּרים) אָבְּגֶעהאַרטֶעוועט גֶעוואָרֶען אוּן זֶעהר גֶעאִיבְּט אִין קְרִיעג. דִי אַסִירִיעֶר האָבֶּען אוֹיךְ גֶעהאַט זֶעהר פִיעל פֶערד, וועלכֶע זֵיי האָבֶּען בֶּעקוּמֶען פוּן אַרמֶעניֶען, אוּן, אַלס גוּטֶע רַייטֶער, האָבֶּען זֵיי לַייכְט גֶעקאָנט אָבְּהאַלטֶען אַ נצחוֹן אִיבֶּער אַן׳אַרמֶעע פוּן פוּסגֶעהֶער. אַ נביא פוּן יהוּדה שִׁילדֶערט דאָס אַסִירִישֶׁע פָאלק זֶעהר בִּילדלִיךְ אִין פָאלגֶענדֶע ווערטֶער:

„גֶעשְׁווִינד אוּן לַייכְט קוּמְט עֶס צוּפְלִיהֶען;
„קֵיין מִידֶער, שְׁוואַכֶער אִיז בַּיי אִיהם נִישְׁטאָ;
„עֶס שְׁלאָפְט נִישְׁט, דְרִימֶעלְט נִישְׁט; דִי לֶענדֶען
„בֶּעפְרַייעֶן זִיךְ נִישְׁט פוּן זַיין גאַרטֶעל;
„דִי שְׁנִיר פוּן זַיינֶע שִׁיךְ, דִי שְׁטאַרקֶע,
„צוּרַייסֶען זִיךְ קֵיינמאָל נִישְׁט גאָר;
„דִי פַיילֶען זַיינֶע זֶענֶען שאַרפֶע

נאָך דער דאָזיגער בלוטיגער אַרבייט איז ער געקומען צוריק קיין שומרון און האָט פֿערנומען דעם טהראָן. צוליעב זיין אַכזריות איז ער ביי'ם פֿאָלק נישט בעליעבט געוועזען. ווי עס שיינט אָבער, האָט מנחם אָבגעשאַפֿט די געצענדיענערייא ביי'ם קעל, דאַגעגען ירבעם בן נבט'ס גאָלדענע קעלבער האָט ער נישט אָנגעריהרט. אין זיין צייט איז דאָס געוועזען, אַז אַ שטאַרקע מלוכה, וואָס האָט זיך דערהויבען איבער מלכות ישראל, האָט אינגאַנצען חרוב געמאַכט דאָס קעניגרייך פֿון די צעהן שבטים און זיי פֿערטריבען אין גלות.

צוליעב דער פֿערדאָרבענהייט און די אָפֿטע אונאָרדנונגען און קעניג־מערדערייען, וואָס זענען פֿאָרגעקומען אין שומרון, האָבען פֿיעל איינוואָהנער פֿונ'ם לאַנד זיך אַריבערגעצויגען קיין יהודה, אין דער האָפֿנונג, דאָרט צו געפֿינען אַ בעסערע און רוהיגערע היים. דאָרט אָבער האָבען זיי זיך געמוזט איבערצייגען, אַז זיי האָבען אַ טעות געהאַט: די לאַגע אין יהודה איז געוועזען נישט פֿיעל בעסער, ווי אינ'ם לאַנד פֿון די צעהן שבטים, און ירושלים איז דאַמאָלס געשטאַנען מאָראַליש נישט פֿיעל העכער, ווי שומרון. אין ירושלים זענען אין דער רעגירונג פֿון עוזיהו פֿאָרגעקומען אינערליכע רייסענישען, וועגען וועלכע דער אַלטער היסטאָריקער האָט געפֿונען פֿאַר בעסער גאָרנישט צו דער־צעהלען. דער קעניג עוזיהו האָט געווידמעט זיין גאַנצע אויפֿמערקזאַמ־קייט דער בעוואָפֿנונג פֿון זיינע מחנות: צוצוגרייטען פֿיילענבויגען, שווער־דען, רייט־וואָגענס און פּאַנצירען. מעגליך, אַז צווישען איהם און די כהנים איז עפּעס וואָס פֿאָרגעקומען, בעזונדערס נאָכדעם, ווי די בעציהונג צווישען ביידע כחות, דער מלוכה און דער כהונה, זענען זעהר שלעכט געוואָרען נאָך אין די צייטען פֿון זיין זיידען, דעם קעניג יואָש, וועלכער האָט געלאָזט דער'הרג'ענען דעם כהן גדול זכריה אין בית־המקדש. אַ פֿאַקט איז עס, אַז אין עוזיהו'ס לעצטע רעגירונגס־יאָהרען זענען פֿאָרגעקומען שטאַרקע רייבונגען צווישען דעם קעניג און דעם דאַמאָלסדיגען כהן־גדול עזריה, ווי צווישען דעם קעניג יואָש און דעם כהן־גדול זכריה.

דער קעניג עוזיהו האָט געוואָלט זיין נישט בלויז מלך, נאָר כהן־גדול אויך. ער איז אַריינגעקומען אין קודש הקדשים (דביר) מיט אַ פֿאַן פֿון קטורת, און האָט אָנגעהויבען אָנצינדען די קטורת אויפֿ'ן גאָלדענעם מזבח — אַן'עבודה, וועלכע איז קיינעם נישט ערלויבט געוועזען, אפילו נישט די געוועהנליכע כהנים, אויסער דעם כהן גדול. די אויפֿרעגונג צווישען די כהנים איז געוועזען געוואַלדיג גרויס. דער כהן־גדול, עזריה, איז איהם נאָכגעגאַנגען מיט אַכציג כהנים און האָט אויסגערופֿען צום קעניג: „ניט דיר איז עס ערלויבט. אָה, עוזיהו, די קטורת אין קודש הקדשים אָנצוצינדען, נאָר דעם געהייליגטען כהן פֿון אהרן'ס הויז. געה

וועט בעשטעטיגען די מלוכה אין זיינע הענד. פול האט זיך בעגניגענט מיט'ן געבראכטען געלד און האט צוריק אבגעצויגען פונ'ם לאנד, אוועק־פיהרענדיג מיט זיך דאס גערויבטע פערמעגען און די פיעל געפאנגענע. דאס געלד, וואס מנחם האט אבגעגעבען דעם קעניג פון אשור, האט ער גענומען נישט פון זיין קעשענע, נאר ער האט עס צוגענומען מיט גוואלד ביי די רייכע איינוואהנער; יעדער פון זיי האט געמוזט געבען זיין חלק לערך 60 רובל, און דאס איז געווען פאר דער דאמאלסדיגער צייט זעהר א גרויסע סומע.

אט אזוי איז געקומען דער אנהויב פונ'ם סוף. די מלוכה פון די צעהן שבטים האט דערווייל נאך לפנים זיך געהאלטען פעסט. עס זענען אין לאנד נאך געווען 60 טויזענד רייכע פאמיליעס, וועלכע האבען געקאנט צונויפברענגען א גרויסע סומע אבצאהלונג פון 3 מיליאן שקלים. דער קעניג מנחם האט נאך געהאט אין זיין ארמעע רייטער און גענוג גע־ווער; עס זענען נאך אויך געווען אין דער מלוכה גענוג בעפעסטיגטע שטעדט, אויף וועלכע דער קעניג האט זיך געקאנט פערלאזען, לויט ווי ער האט גערעכענט. אבער, אליין נישט בעמערקענדיג דאס, איז דאס פאלק פון די צעהן שבטים אלט געווארען, אלט־שוואך, ווי איין נביא האט די לאגע ריכטיג בעצייכענט. די אינערליכע שפאלטונג האט שוואך גע־מאכט דעם צוזאמענבונד פון דער מלוכה־געביידע. נאך דעם טויט פונ'ם גרויזאמען קעניג מנחם האט זיין זוהן פקחיה זיך געקאנט האלטען אויפ'ן טהראן קוים צוויי יאהר. זיין אייגענער וואגען־קעמפפער, פקח, דער זוהן פון רמליהו, האט געגען איהם אויפגעהויבען א פערשווערונג און, נאכדעם, ווי ער האט איהם דער'הרג'עט אין זיין פאלאץ אין שומרון (826 פאר'ן צווייטען חורבן), האט ער זיך געלאזט אויסרופען פאר א קעניג. די פרטים, ווי אזוי דער דאזיגער אויפשטאנד איז פארגעקומען, און ווי אזוי מען האט אויסגעפיהרט דעם קעניגס־מארד, וועלכער איז שוין געווען דער זיעבעטער אין דער מלוכה פון די צעהן שבטים, זענען געבליבען אונבעוואוסט.

רמליהו'ס זוהן, דער פארלעצטער קעניג פון ישראל, איז געווען א הארט־הערציגער, גוואלדטעטיגער טיראן, וועלכער האט געדריקט דאס פאלק נאך מעהר, ווי די פריהערדיגע מלכים. א נביא האט איהם האראק־טעריזירט אלס „א שלעכטער פאסטוך, וועלכער זארגט נישט פאר זיין טשערעדע: „די פערלוירענע שעפסען האט ער נישט אויפגעזוכט, די פער־וואונדעטע האט ער נישט געהיילט, פאר די קראנקע האט ער נישט גע־זארגט און דאס פלייש פון די געזונדע האט ער אויפגעפרעסען“. כדי צו בעווארענען זיך פון די אנפאלען, וועלכע אשור האט אויף איהם גע־קאנט מאכען, איז ער צוגעשטאנען צום „פעלקער־בונד“ — א בונד, וואס עס האבען געשלאסען די ארומיגע פעלקער אונטער איינאנדער, כדי צו קאנען זיך פערטיידיגען געגען קעניג פון אשור. ווי עס שיינט, האט מען

„די בויגענס פֿעסט געשפּאַנט;
„די קלויען פֿון זיינע פֿערד —
„ווי שאַרפֿע שטיינער, און די רעדער
„פֿון זיינע וואַגענס — שטורם־ווינד!
„עס ברומט געוואַלדיג ווי אַ לייב,
„עס חאַפּט זיין רויב, עס שלעפּט, עס לויפֿט,
„און ווערט פֿערשוואונדען אָהן אַ שפּור“.

ביי די אַסיריער, ווי ביי אַלע פֿאַרצייטיגע פֿעלקער, אויסער די גריכען און רוימער, איז דער קעניג געווען דער מושל איבער אַלץ און אונבעגרענצט אין אַלע זיינע מעשים. די אַסירישע הערשער האָבען די ערשטע אָנגענומען דעם טיטול „קעניג איבער קעניגען“ (מלך המלכים) און זיי האָבען זיך אין דער ווירקליכקייט געקאָנט בערימען, אַז די פֿירשטען, וואָס זענען זיי אונטערטעניג, זענען אַליין אויך מלכים.

ווי גאַר די אַסיריער האָבען פֿערשפּרייט זייער מלוכה איבער צפון, מזרח און מערב, האָבען זיי זיך געווענדעט אויך צו'ם דרום. זיי האָבען קודם־כל געשטרעבט איינצונעהמען די ים־ברעגען פֿון די פֿעניקיער, כדי צו בעקומען אין זייער געוואַלט די עשירות פֿונ'ם דאָזיגען האַנדעלס־פֿאָלק. דערנאָך האָבען זיי געוואָלט איינגעהמען מצרים, וועלכעס איז אויך געווען זעהר אַ רייך לאַנד. אַזוי אַרום איז צום ערשטען מאָל גע־קומען אין דאָס אידישע לאַנד אַ מחנה פֿון אשור, וועלכע האָט אין אַ משך פֿון פֿופֿציג יאָהר געדאַרפֿט וואַרפֿען אַנ'אֵימה אויף ביידע העלפֿטען פֿון דער אידישער מלוכה און צו'ם סוף מאַכען אַנ'ענדע מיט דער מלוכה פֿון די צעהן שבטים. פּול איז געווען דער ערשטער קעניג פֿון אשור, וועלכער האָט געמאַכט דעם אָנפֿאַל אויף דאָס אידישע לאַנד. פֿון חמת און חמשק האָט זיך געצויגען די אַסירישע אַרמעע, וועלכע האָט געמאַכט אַנ'אָנפֿאַל אויף די שטעדט פֿון גלעד און גענומען געפֿאַנגען אַלע איינ־וואָהנער, וואָס האָבען נישט בעוויזען צו ענטלויפֿען; דאָס פֿערמעגען האָבען זיי צוראַבעוועט. דערנאָך זענען זיי אַריבער דעם ירדן און בע־גאַנגען זיך אויף אַזאַ אופֿן אויך אינ'ם לאַנד פֿון די שבטים זבלון און נפתלי. דער קעניג פֿון שומרון, מנחם, האָט אפילו נישט געוואַגט צו שטעלען זיך ענטקעגען אַזאַ געוואַלדיגער אַרמעע. די אינערליכע סכסוכים האָבען, ווי עס שיינט, אַזוי איהם אָבגעשוואַכט און פּאַראַליזירט, אַז ער האָט גאָר נישט געקאָנט דענקען וועגען פֿערטיידיגען דאָס לאַנד. ווען פּול איז אַריינגעטראָטען אין לאַנד, האָבען, ווי עס שיינט, מנחם'ס פֿיינד זיך געווענדעט צו אשור מיט אַ ביטע, אַז זיי זאָלען אַראָבוואַרפֿען פֿון טהראָן דעם קעניג, וועלכער האָט זיך מיט געוואַלד געזעצט אויפֿ'ן טהראָן. מנחם איז אָבער זיי פֿערלאָפֿען דעם וועג. אויך ער איז אַוועקגעגאַנגען צו'ם אַסירישען מנצח און האָט איהם צוגעזאָגט פֿיעל געלד, אויב ער

עלטסטע פון די רייכע און אנגעזעהענע משפחות אין יהודה און ירושלים, האבען זיך זעלבסטשטענדיג געמאכט און האבען רעגירט אין זייער קרייז, לויט ווי עס וועט זיי געפעלען, נישט קימערנדיג זיך וועגען דעם קעניגס בעפעהלען. און ווען זיי פלעגען זיך נאר צוזאמענרעדען מיט'ן „סוכן", האבען זיי שוין געקאנט מאכען מיט'ן פאלק אדער מיט די פרעמדע איינוואהנער אלץ, וואס זייער הארץ האט געגלוסט, נישט מורא־האבענדיג פאר א וועלכער ס'איז בעשטראפונג, לויט'ן געזעץ. די דאזיגע „גרויסע העררען", די שרים פון יהודה, האבען זיך איינגעפרעסען, ווי א געפעהרליכע קרענק, אינ'ם ארגאניזם פון דער מלוכה אין יהודה. צאנקערייען, אונטערקויפונגען, אויסגעלאסענקייט, אלע יענע פערברעכען, וועלכע בעגלייטען תמיד די הערשאפט פון דער אריסטאקראטיע, האבען זיך דא אויך אריינגעריסען אין עפענטליכען לעבען. דער „אדעל" איז אין יהודה געוועזען נישט בעסער, אבער אויך נישט ערגער פאר דער דאזיגער קאסטע אין אלע לענדער און אין אלע צייטען. אונטער נישטיגע תירוצים און תביעות האבען די „גרויסע לייט" פערחאפט מיט געוואלד די הייזער און די פעלדער פון זייערע שכנים אויפ'ן לאנד. ווען די בערויבטע פלעגען ברענגען זייערע אנקלאגען פאר די שופטים, פלעגט מען זיי נישט אויסהערען, ווייל די שופטים זענען געוועזען פון דערזעלביגער קלאס, ווי די רויבער, אדער גאר זייערע מיטשולדיגע; אויסערדעם האבען די שופטים כמעט שטענדיג גענומען שוחד און געצויגען דעריבער פאר די רייכע. דאדורך האט זיך ענטוויקעלט יענער פערדערבליכער צושטאנד, דאס אויף איין זייט האבען זיך אנגעזאמעלט גרויסע עשירות און אויף דער אנדערער — האט געהערשט א טרויעריגע ארימקייט מיט אלע שרעקליכע פאלגען, וועלכע עס ברענגט אזא לאגע אין דער געזעלשאפט. ווי עס שיינט, איז עס דערגאנגען אזוי ווייט, אז די „שרים און זקנים" האבען פערחאפט אין זייערע הענד אלע גרויסע גיטער, וועלכע זיי פלעגען בעארבייטען דורך פרעמדע שקלאפען, אדער דורך די אייגענע ברידער, דורך אידען, וועלכע זיי האבען פערשקלאפט אין אייגענעם לאנד. זיי האבען זיך אפילו נישט געשעמט, צו נעהמען ביי זייערע בעלי־חובות די קינדער פאר די חובות, זיי מאכען פאר שקלאפען און צווינגען זיי, ווי בהמות, צו טרעטען די רעדער אין זייערע מיהלען.

די דאזיגע געוואלדיגע אונגערעכטיגקייט איז געוועזען פערבונדען מיט נאך אנ'אנדער פערברעכען. די רייך־געווארענע שרים פון יהודה האבען געוואלט לעבען א גוטען טאג, מאכען פעטע מאהלצייטען מיט פיעל ווייגען און פערברענגען די צייט אין שטורמישער שמחה. „אויפשטעהענדיג גאנץ פריה, פלעגען זיי זיך באלד חאפען פאר'ן בעכער וויין און אויך אין שפעטען אווענד פלעגען זיי זיך נאך ערהיצען דורכ'ן וויין". ביי זייערע מאהלצייטען פלעגט שפיעלען א רוישענדע מוזיק פון פידלען, הארפען, פויקען און פלייטען. דאס איז אבער נאך געוועזען א קלייניגקייט

דעם בונד געשלאָסען לויט'ן פּלאַן פון'ם אַראַמעאישען קעניג רצין, וועל־כער האָט געקעניגט אין דמשק, און איז דער ערשטער געשטאַנען אין סכּנה, איינגעשלונגען צו ווערען דורך אשור; צום בונד זענען אויך צו־געשטאַנען די פעניקיער.

אויך דעם קעניג פון יהודה, יותם, (פון 824 ביז 809 פאַר'ן צווייטען חורבן) האָט מען איינגעלאַדען טיילצונעהמען אינ'ם בונד. יותם האָט זיך נישט אויסגעצייכענט מיט וועלכע ס'איז אייגענשאַפטען; ער איז געווען אַ קנאַפּער פּאָליטיקער, און איז זיך געגאַנגען אין דער אַלטער אויסגעטראָטענער קאָלייע פון די פריהערדיגע מלכים. אויסערליך איז אין יהודה נאָך אַלץ געבליבען אין זעלביגען צושטאַנד, ווי ס'איז געווען אין עוזיהו'ס צייטען. עס זענען געווען גענוג רייטער, גענוג קריגס־וואָגענס, אַ פלאָט פון תרשיש, וועלכער איז געגאַנגען אויפ'ן רויטען ים און האָט פערשאַפט עשירות און גלאַנץ דער מלוכה. יותם האָט אויך בעפעסטיגט ירושלים נאָך בעסער, ווי פריהער, בעזונדערס פון דער מזרח־זייט, וואו דער בית־המקדש איז געשטאַנען, ביי'ם באַרג מוריה און ווייטער. אויף די בערג פון יהודה האָט יותם אויסגעבויט נייע שטעדט, וועלכע ער האָט, צוזאַמען מיט די אַלטע, שטאַרק בעפעסטיגט, און אויף די בעוואַלדיגטע בערג האָט ער אויסגעבויט טהורעמס און פאָרטען. ער האָט אויך געשלאָסען אַ בונד מיט'ן קעניג פון ישראל, פקח דעם זוהן פון רמליהו.

די דאָזיגע פריינדשאַפט צווישען ביידע אידישע מלוכות פון איין זייט און דאָס אויפוואַקסען פון אַ נייער געלד־אַריסטאָקראַטיע, פון דער אַנדערער, האָט זעהר שלעכט געווירקט אויף די גוטע מדות אין יהודה, בעזונדערס, אין ירושלים; דען אין דער צייט, וואָס יותם איז נאָך געווען פערוואַלטער איבער דער מלוכה, צוליעב דעם, וואָס זיין פאָטער עוזיהו איז מצורע געווען. האָבען אַנגעזעהענע משפחות אין ירושלים זיך אַזוי שטאַרק דערהויבען און שטאָלץ געוואָרען, אַז זיי זענען כמעט שטאַרקער געוואָרען פאַר'ן קעניג. די „שרים“ פון יהודה האָבען בעקומען די הויפּט־דעה אין דער מלוכה און פלעגען אַליין בעשליסען איבער אַלע וויכטיגסטע ענינים.

דער אויפזעהער איבער'ן קעניגליכען פּאַלאַץ פלעגט הערשען אונ־בעגרענצט אויף אַלע קעניגליכע דיענער און ביסלעכווייז האָט ער בע־קומען אַזאַ איינפלוס און מאַכט, אַז מען האָט איהם בעטראַכט פאַר'ן אמת'ן פיהרער פון דער מלוכה, דען ער פלעגט פערוואַלטען איבער אַלע מלוכה־אינטערעסען, ער פלעגט בעשענקען, אָדער בעשטראָפען, וועמען ער האָט געוואָלט, בקיצור — ער האָט געהאַט אַזאַ מאַכט אין זיינע הענד, אַז דער קעניג האָט בלויז געהייסען הערשער, אָבער דער אמת'ער רעגירער איז ער געווען. ער האָט געהאַט אַ טיטעל „סוכן אשר על הבית“, דאָס הייסט פּאַלאַץ־פערוואַלטער. אויך די „ראשי האבות“, אָדער די

עלען כאראקטער און זאל נישט אנערקענט ווערען, אלס א געזעצליכער צושטאנד, כדי דאדורך צו קאנען זיך פערשפרייטען נאך מעהר, ווי דאס איז פארגעקומען ביי אנדערע פעלקער, ווי, למשל, ביי די גריכען און שפעטער אין רוים. אין ארץ־ישראל, ביי'ם אידישען פאלק, האט עס קיינ־מאל נישט געקאנט קומען דערצו, אז מען זאל עפענטליך אנערקענען די אונגערעכטיגקייט און מאכען פון איהר א געזעצליכע ארדנונג. שטענ־דיג האבען זיך דא געפונען מענשען, וועלכע האבען הויך פעראורטיילט דאס דריקען דעם ארימאן און פערקנעכטען איהם, ווי אויך דאס אויס־לאכען זיך פונ'ם רעכט; תמיד האט מען דא בלויז די גערעכטיגקייט און די מאראל ערקלערט פאר א געזעץ, און פאר די שוואכע געגען די שטארקע פלעגען שטענדיג ארויסטרעטען מענשען מיט דער גאנצער קראפט פון זייער רעדנערישער קונסט. דוקא אין דער צייט פון מאראַ־לישער געפאלענקייט, אונטער דער רעגירונג פון יותם אין יהודה און פון פקח אין ישראל, זענען ארויסגעטראטען פיעל מענשען, וועלכע האבען מיט'ן גרעסטען פייער פון זייער רעדנערישער קונסט געשטראפט אהן אויפהער די מאראלישע פערדערבונג פון די שרים. דאס איז געווען דער דריטער דור פון גרויסע נביאים נאך אליהו מיט אלישע'ן און עמוס מיט הושע'ן.

דער גרעסטער פון די דאזיגע נביאים איז געווען ישעיה דער זוהן פון אמוץ, פון ירושלים. ווי די נביאים פון זיין צייט, זכריה דער ערשטער, הושע דער צווייטער און מיכה דער צווייטער, האט ישעיה אויך געהאט א פרייע און א דרייסטע שפראך, מיט וועלכער ער פלעגט אפען שטראפען די פערברעכער, און דאס פערברעכען פלעגט ער אנרופען מיט'ן אמת'ן נאמען, אבשטעמפלענדיג איהם אלס א שענדליכע זאך. ער איז אבער אריבערגעשטיגען אלע נביאים פון זיין צייט מיט דער רייכקייט פון געדאנקען, מיט דער שענהייט פון דער פארם און מיט דער ערהאבענ־הייט פון זיינע פאעטישע אויסדריקען, ווי אויך מיט דער פיינקייט פון זיינע בילדליכע פערגלייכונגען און קלארקייט פון זיינע נבואות. און אויב ישעיה האט אויך געהאט א שענע שטימע און א גלאטע אויסשפראך, וועלכע האט אזוי טיעף געווירקט, ווי זיין רעדנערישער טאלענט, האט ער געמוזט מאכען א געוואלדיגען איינדרוק אויף די צוהערער. פון ישעיה'ס לעבענס־געשיכטע איז אונז ווייניג בעקאנט. ווי עס שיינט, האט ער זיין יוגענד צוגעבראכט צוזאמען מיט די שרים און געלעבט מיט זיי אינאיינעם זייער ארט לעבען. דאס קאן מען זעהען אמבעסטען דערפון, ווי גוט ער איז געווען בעקאנט מיט אלע קליינינקייטען פון דער טואַלעטע פון די פרויען, ווי גוט ער האט געוואוסט אלע געהיימניסען פון די לעבענספערגניגענס און פון די לוסטיגקייטען. מען זעהט, אז ער האט דאס אליין אלץ דורכגעמאכט און אין דער יוגענד האט ער געמוזט האבען גרוים בעקאנטשאפט מיט די לוסטיגע פרויען. שפעטער האט

געגען אַנדערע פֿערגעניגענס. דורך דער שכרות פֿלעגען זיי אויך פֿער־
ליערען די בושה און אַרײַנפֿאַלען אין שענדליכֿע תאוות. אָבער די
שטרענגע מדות, װעלכֿע האָבען זיך ענטװיקעלט פֿון די געזעצען פֿון דער
תורה, האָבען געשטערט אַלע אונציכֿטיגקײַטען. כּל־זמן די דאָזיגע מדות
אין די תורה האָבען זיך געהאַלטען, האָט די לײַדענשאַפֿט נאָך נישט
געקאָנט אינגאַנצען בעפֿריעדיגט װערען. אַרויסגעהאָלפֿען האָט די אויס־
געלאַסענע ישרים פֿון זײערע בעגרענצטקײַט — די פֿרײַנדשאַפֿט מיט דער
מלוכה פֿון די צעהן שבטים. אין דער דאָזיגער מלוכה, בעזונדערס אין
שומרון, האָט דאָס לוסטיגע לעבען נישט געװוּסט פֿון קיין שום בע־
גרענצונג דורך אַ תורה; אַדרבא, די דאָרטיגע רעליגיע פֿון די געצענדיענער
האָט נאָך געפֿאָדערט די ערפֿילונג פֿון אַלערליי תאוות, זי האָט זיי פֿער־
הײליגט, דען זיי זענען געװען אַ טייל פֿון דעם דיענסט צום אָבגאָט.
צום קולט פֿון בעל און פֿון דער עשתרות האָט געהערט די אונציכֿ־
טיגקײַט. אין שומרון זענען געװען פֿיעל זנות־מײדלעך, װעלכֿע האָבען
זיך אויפֿגעהאַלטען אין טעמפּעל פֿון דער געטין עשתרות. אין דער מלוכה
פֿון די צעהן שבטים פֿלעגט מען ברענגען קרבנות אויף אַלע שפּיץ בערג
און רויכֿערען װײַהרויך אויף אַלע בערג, און אונטער דעם שאָטען פֿון
די בוימער פֿלעגט מען אָפּטהון אַלע אונציכֿטיגע זנות־מעשים. די אונ־
ציכֿטיגקײַט איז אַזוי געװען פֿערשפּרײט אין דער מלוכה, אַז אפילו די
אייגענע טעכֿטער און שניר פֿלעגט מען בעפֿלעקען, און די לעצטע פֿלעגען
אַליין נאָכֿטהון דעם בײַשפּיעל פֿון זײערע עלטערען. שכרות און זנות
האָט דאָרט פֿערדאָרבען דאָס הארץ פֿון די רײַכֿע לײַט. פֿון די דאָזיגע
רײַכֿע לײַט פֿון ישראל, פֿון די „שכּורים פֿון אפרים" האָבען די שרים פֿון
יהודה אויך אָבגעלערנט, צו ערפֿילען אַלע זײערע געלוסטיגקײַטען, נישט
אָבהאַלטענדיג זיך דורך קיין שום בעגרענצונג. דאָס אידישע געזעץ,
װעלכֿעס איז געשטאַנען, װי אַ גרעניץ, צװישען בײדע מלוכות, יהודה און
ישראל, האָבען זיי אָבגעװאָרפֿען, און פֿאַר דער אונציכֿטיגקײַט איז פֿון
בײדע מלוכות געװאָרען איין לאַנד. די שרים פֿון יהודה זענען געװען
גוטע תלמידים; זיי האָבען געשװינד אײַנגעפֿיהרט בײַ זיך דעם געצען־
דיענערישען קולט פֿון בעל און עשתרות, זיי האָבען זיך געמאַכֿט געצען
פֿון גאָלד און זילבער — זיי זענען דאָך רײַך געװען! — און האָבען בײַ
זיך אײַנגעפֿיהרט אַלדאָס שלעכֿטע, װאָס זיי האָבען בײַ די פֿרעמדע
געפֿונען. דער גאָטעסדיענסט אין בית־המקדש איז אפילו נאָך געװען
אָנערקענט אַלס אַן אָפֿיציעלער; דער קעניג, די כּהנים און לויים זענען
געװען איהם ערגעבען און געטרײַ; אָבער דאָס האָט נישט געשטערט די
שרים צו האָבען אויך אַ פּריװאַטען בעל־דיענסט בײַ זיך אין דערהיים.

פֿונדעסטװעגען, װי מאָראַליש ס'איז נישט געפֿאַלען דער אַדעל אין
ישראל און יהודה, האָט מען דאָך אפילו אויך אין'ם דאָזיגען קרײַז גע־
זעהען דערפֿאַר, אַז די אויסגעלאַסענקײַט זאָל נישט טראָגען קיין אָפֿיצי־

„— אוי, וועה מיר, האָב איך געזאָגט:
„כ'בין פֿערניכטעט, דען אַ מענש
„פֿול אומרייניגער שפּראַך בין איך
„און אינמיטען פֿון אַ פֿאָלק
„מיט אַ אומרייניגער שפּראַך זיץ איך, —
„דאָך דעם קעניג—גאָט־צבאות
„האָט מיין מענשליך אויג געזעהען!
„דאַן איז איינער פֿון די שרפים,
„פֿליהענדיג, צו מיר געקומען
„און אַ קויהל, רויט גליהענדיג,
„מיט דער צוואַנג האָט ער גענומען
„פֿון מזבח, און בעריהרט האָט
„מיר דעם מויל, און האָט געזאָגט:
„— אָט האָט דאָס בעריהרט די ליפּען
„דיינע, און דיין זינד איז שוין,
„אָבגעטהון פֿון דיר, און אויך
„דיינע פֿעהלערען פֿערגעבען.
„און איך האָב געהערט די שטים
„פֿון מיין גאָט, ווי זי טהוט רעדען:
„— וועמען שיקען, ווער וועט געהן
„און איך האָב דערויף געזאָגט:
„— דאָ בין איך, טאָ שיק זשע מיך!
„און ער האָט צו מיר געזאָגט:
„— געה און זאָג צו אָט דעם פֿאָלק:
„הערען זאָלט איהר אָהן פֿערשטאַנד
„זעהען זאָלט איהר אָהן קיין זין.
„טעמפּ איז דאָך דאָס הארץ פֿון פֿאָלק,
„זיינע אויערען פֿערטויב,
„זיינע אויגען ווענד איהם אָב,
„און ער זאָל נישט זעהען, הערען,
„זאָל זיין הארץ גאָרנישט פֿערשטעהן...
„טאָמער וועט ער זיך אומקעהרען
„און געהיילט שוין ווידער ווערען...
„און איך האָב געזאָגט: ווי לאַנג,
„אָה, מיין גאָט, ביז וואַנען!
„און ער האָט דערויף געזאָגט:
„— ביז די שטעדט פֿערוויסטעט זענען
„אָהן בעוואָהנער, און די הייזער
„אָהן קיין מענשען, און דער באָדען

ישעיה געהייראַטעט מיט אַ פרוי, וועלכע איז אויך געוועזען אַ נביאה. קליידער האָט ישעיה געטראָגען, ווי אַמאָל אליהו — אַ האָריגען מאַנטעל, אָדער גאָר אַ זאַק; די נבואה איז פאַר איהם געוואָרען אַ לעבענס־אויפגאַבע, און זיין גאַנצע טעטיגקייט האָט ער געווידמעט אויף אויס־טערצוריסען די מאַסקע פון שלעכטע און פאַלשע מענשען, אויף צו וואָרענען דאָס פאָלק פאַר'ן אומגליק און ווייזען איהם די אידעאַלע צוקונפט, צו וועלכער מען ברויכט שטרעבען. זיינע זיהן האָט ער אָנגע־רופען מיט סימבאָלישע נעמען, וועלכע האָבען געדאַרפט ווייזען אויף די געשעהענישען, וואָס דאַרפען שפּעטער פאָרקומען, און דיענען פאַר אַלעמען פאַר אַ צייכען און פאַר אַ וואָרנונג. איין זוהן האָט ער אַ נאָמען געגעבען „שאָר ישוב“ (דער רעשט וועט ווידערקעהרען), כדי אָנצוּווייזען, אַז אַ טייל פון פאָלק וועט זיך ווידער אומקעהרען צו גאָט מיט'ן גאַנצען הארצען, אָבער נאָר דער רעשט פון פאָלק; אַ צווייטען זוהן האָט ער אָנגערופען „מהר שלל חש בז“ (געשווינד וועט ער פאַר אַ רויב ווערען), כדי האַדורך פאָראויסצוזאָגען, אַז צוויי געפעהרליכע געגנער פון דוד'ס הויז, שומרון און ארם, וועלען באַלד ווערען אַ רויב פאַר אשור און מעהר שוין נישט קאָנען ברענגען קיין שאָדען דער מלוכה פון יהודה. העכער 40 יאָהר (פון 825 ביז 780 פאַר'ן צווייטען חורבן) האָט ישעיה מיט פולען אייפער און מסירת־נפש זיינע נבואות דעם פאָלק געזאָגט. אין די געפעהרליכסטע לאַגעס, ווען אַלע, גרויס און קליין, קעניג און שרים, זענען אַריינגעפאַלען אין פערצווייפלונג, איז ישעיה אַרויסגע־טראָטען מוטיג און האָט אַלעמען געראַטען און געטרייסט, און צוגעגעבען מוט דורך זיין פעסטען בטחון און האָפנונג אויף גאָט.

דאָס ערשטע מאָל איז ישעיה אַרויסגעטראָטען אַלס נביא אין'ם יאָהר פון עוזיהו'ס טויט, און, ווי עס שיינט, איז ער דאַמאָלס אַלט געוועזען אַ יאָהר דרייסיג. ער האָט איבערגעגעבען דעם פאָלק, מעגליך, אויפ'ן באַרג מוריה, נעבען בית־המקדש, די נבואה, וועלכע ער האָט געזעהען און ווי אַזוי ער איז געוועהלט געוואָרען פאַר אַ נביא. ער דער־צעהלט, ווי אַזוי ער האָט גאָט געזעהען זיצען אויף זיין ערהאַבענעם טהראָן, אַרומגערינגעלט פון מלאכים מיט פליגלען—שרפים—

„שרפים שטעהען גאָט אַרום
„הייליג, הייליג רופען זיי,
„הייליג איז דער גאָט צבאות,
„פול זיין כבוד איז די ערד! —
„און דער שטימע־קלאַנג איז הויך,
„אַז די שוועלען פונ'ם מקדש
„ציטערען; געדיכטען רויך
„איז דער מקדש פול געוואָרען.

צו פערפיהרען די מאַנסבילען און אפילו נאָך גאָר יונגע קינדער:

„ווייל צו־שטאָלץ זענען געוואָרען

„ציונס טעכטער, דען זיי געהען

„מיט געשטרעקטע, בלויזע העלזער,

„און מיט אויגען — פלאַמען־פייער;

„טריט־ביי־טריט נאָר געהען זיי,

„און ביי'ם געהען קלינגען זיי —

„אָבער גאָט וועט זיי דעם שייטעל

„קרעציג מאַכען; דאָס געהיימניס

„זייערס וועט ער אויך אָבדעקען...

מיט שטוינענדער גענויאיגקייט שילדערט דער נביא די פראַכט־ליעבע פון ציונס־טעכטער: זייערע קייטעלעך, זייערע נעצען, זייערע האַל־בע לבנות, זייערע אוירינגלעך, זייערע שלייערס, זייערע קרייזנדלעך, זייע־רע גאַרטעלעך, זייערע רינגען, זייערע טיכער, זייערע טורבאַנען און זיי־ערע קאָפּ־טיכער.

אין כדי ניט אָבצושטעלען זיך ביי דער דאָזיגער טרויעריגער רעדע, הויבט דער נביא אָן צו רעדען פאַרביינגעהענד אין אַ טאָן פול מיט האָפ־נונג: נאָכדעם ווי גאָט וועט אָבוואַשען די אונרייניקייט פון ציונס טעכ־טער, וועט אויפ'ן הויכען באַרג ציון און אויף די טהורעמס פון ירושלים ווידער שטעהן אַ וואָלקען־זייל בייטאָג און אַ פייערדיגע זייל ביינאַכט, צו בעשיצען געגען יעדעס שלעכטע וועטער און אונגליק. באַלד אָבער קעהרט זיך אום דער נביא ווידער צו זיינע שטראָף־רייד.

צי האָט אָט די געוואַלדיגע מייסטערהאַפטע רעדע, סיי לויט איהר אינהאַלט, סיי לויט דער פאָרם, געמאַכט אַנ'איינדרוק אויף די צוהע־רער? אויף אַ לאַנגע צייט האָט זי קיין בעסערונג ביי'ם פאָלק ניט אַרויסגעבראַכט. וואָרום סיי ישעיה, סיי די אַנדערע נביאים פון זיין צייט, האָבען גאַנץ אָפט געמוזט שטראָפען געגען איינע און די זעלבע פער־ברעכענס. דעם אידעל קאָן מען בכלל ניט אַזוי לייכט אויסבעסערען; פון די דראָהונגס־רעד לאַכט ער זיך געוועהנליך אויס, און פטר'ט זיך אָב מיט זיין שטאָלצער פעראַכטונג. גאָר אומזיסט, אויפ'ן ווינד, זענען אָבער די אינהאַלטספולע רעדעס פון די נביאים ניט געוועזן געזאָגט: זיי האָ־בען געווירקט אויף יענע קרייזען, פאַר וועלכע זיי זענען גאָרניט גע־זאָגט געוואָרען; זיי האָבען אויך געווירקט אין די שפעטערדיגע צייטען. ווי מיט אַ דונער־שטימע האָבען זיי אויפגעוועקט דאָס שלאָפענדע געווי־סען. ישעיה האָט זיך אָבער דערמיט ניט בענוגענט, וואָס ער האָט בלויז געשטראָפט פאַר די שלעכטע מעשים; ער האָט אויך געשילדערט אַ אידעאַל פון אַ בעסער לעבען, וואָס די מענשען קאָנען דורך זיין פער־ווירקליכונג קומען צו זייער גליק און צו זייער פולער בעפרייעדיגונג. דער

„ווײסט און לעער וועט ליגען בלײבען.
„גאַנץ וועט מענשען ווײט פערטרײבען,
„גרויס וועט זײן אין לאנד דאס עלענד...
„אויב אײן צעהנטעל וועט נאך בלײבען
„וועט עס אויך פערניכטעט ווערען..
„אָבער ווי דער שטאַרקער דאַמב
„אין די פלאַמען—בלײבט זײן שטאַם
„הײליג וועט אויך זײן דאס פאָלק,
„פונ'ם לאנד דער גרויסער שטאַם".

אין זײן ערשטער רעדע האט ישעיה נאר אָבערפלעכליך בעשריהרט די פערדאָרבענהײט פון די שרים און זקנים, אַנוועזענדיג, אז זיי זענען ווײט פון טהון גוטס. אין אַן'אַנדער רעדע האט ער שוין אָנגעהויבען רע־דען שאַרפער און האט בעוויזען די שרים, ווי אין א שפּיגעל, זײערע שגעונות און פערדאָרבענהײט. ער שמײסט זיי אין פנים זײער געצען־דינערישע פערבלענדעניש, זײער אַבשפּאַטען פון דער גערעכטיגקײט, זײערע רויבערײען און געלוסטיגקײטען און, בעזונדערס, זײער גאוה, ווי אויך דעם לוקסוס און אויסגעלאַסענקײט פון זײערע פרויען. דערבײ האט דער נביא זיי בעוויזען די פאָלגען פון זײערע מעשים אין דער צוקונפט:

„גאָט וועט אָבער צום געריכט שוין געהן,
„מיט די עלטסטע פון זײן פאָלק און זײנע פירשטען:
„וועה, מײן ווײנגאַרטען האט איהר געלאָזט אָפּפרעסען!
„וועה, די גזלה פון דעם אָרעמאַן
„האַלט איהר זיך אין אײערע רײכע הײזער!
„ווי אזוי דערוועגט איהר זיך,
„מיט די פיס מײן פאָלק צו טרעטען,
„צוצודריקען מיר דעם אָרעמאַן?"

ישעיה האט אָנגעוויזען, וואו ס'איז געווען די הויפּט־סבה, וואס האט געבראַכט דערצו, אז מען זאל אָבווענדען זיך פון דער אידישער תורה און ווערען הארט־הערציג און אונגערעכט געגען דעם אָרעמאַן. דאס איז געווען די תאוה צו פערגעניגענס, די געלוסטיגקײט, וועלכע די ווײ־בער האָבען בעזונדערס שטאַרק דערוועקט; כדי צו קאָנען ערפילען אַלע זײערע תאוות, האָבען די פרויען אָנגערעדט די מענער, צו בערוי־בען דאס אָרעמע פאָלק, צו פערקנעכטען דעם שוואַכערען שכן. דער נביא קלאָגט זיך:

„ווײבער הערשען אויף מײן פאָלק"

ווי אזוי הערשען זיי? דורך זײער תאוה, צו געפעלען די מאַנסבילען, דורך זײער ליעבע צו צירונגען, צו בעפוצען זיך, דורך זײער קונסט

אויסער זיינע פייערדיגע רעדעס, צו היילען די מאראלישע און רעליגיעזע פעהלערען פון יהודה. ווי שמואל און אליהו, האט אויך ישעיה פערזא־מעלט ארום זיך א קרייז פון יונגע, גלייכגעזינטע מענשען, אדער ער האט אליין ערצויגען תלמידים, וועלכע ער האט מיט זיין גייסט בע־גייסט און געשטארקט. ווי עס שיינט, האבען זיך בעזונדערס פיעל ארום איהם פערזאמעלט יענע אונגליקליכע, וועלכע האבען געליטען רדיפות און אונטערדריקונגען מצד די רייכע און אונגערעכטע שטארקע מענשען פון יהודה. די דאזיגע קרבנות פון דער אונגערעכטיגקייט זענען געווארען אי זיינע תלמידים, אי זיינע קינדער. ישעיה האט געלערנט זיינע תלמידים נישט אזוי, ווי אליהו, צו זיין העפטיגע, שטורמישע, איינפערזיכטיגע פער־טרעטער פון דער רעליגיע; ער האט זיי געלערנט צו זיין מילד, געדולדיג, ליעבעפול און צו האבען בטחון אין גאט. דער קרייז, וועלכער האט זיך פערזאמעלט ארום ישעיהו, אדער וועלכען ער האט אליין פערזאמעלט ארום זיך, האט בעקומען דעם נאמען „די ענוים“, אדער די „דולדער פונ׳ם לאנד“. דאס זענען געווען געבארענע, אדער געווארענע ארעמע לייט. די רייכע און שטארקע פון יהודה האבען בערויבט זייערע עלטערען אדער זיי גופא. זיי אליין האבען זיך גערופען פראסט „ארעמע לייט“. אט די „ענוים“ זענען געווארען א בעזונדערע געמיינדע, וועלכע דער נביא ישעיה און די שפעטערדיגע נביאים האבען בעטראכט, אלס דער קערן פון פאלק; דער דאזיגער געמיינדע זענען די נביאים געווען ערגעבען בלב ונפש. פון דער דאזיגער געמיינדע האבען זיי ערווארטעט א בעסע־רונג, א בענייאונג פאר׳ן גאנצען פאלק; די ארעמע לייט האבען גע־דארפט ווערען א מוסטער פאר׳ן פאלק.

צווישען די „ענוים“ זענען אויך געווען פיעל לויים, מעגליך, גאר, אז זיי זענען געווען די מייסטע אין דער „געמיינדע“, דען די לויים האָ־בען געהאט פיעל צו ליידען פון די כהנים, וועלכע פלעגען זיי בעטראכ־טען און בעהאנדלען שיער נישט ווי שקלאפען. צווישען די לויים זע־נען געווען פיעל געלערנטע זינגער און דיכטער, וועלכע האבען די ניי דערוועקטע שטימונג פון פעסטען בטחון אין גאט, פון ענוות און פון אבזאגען זיך פון פערגעניגענס, פעראייביגט אין די ליעדער, וועלכע זיי האבען געדיכטעט. די דאזיגע ליעדער זענען געווען א נייער מין תהלים־געזאנגען, וועלכע האבען זיך בעזונדערס אויסגעצייכענט דורך דער טיעפקייט פון געפיהל. און אויב זיי זענען נישט געדיכטעט געווארען טאַ־קי דורך ישעיהו׳ס תלמידים גופא, זענען זיי אבער געווים א פראדוקט פון ישעיהו׳ס שולע, דען זיין גייסט שפיגעלט זיך אב אין זיי. די דאזיגע תהלים־ליטעראטור, וועלכע האט שפעטער זיך געלאזט הערען אין פרעמ־דע, נישט אידישע טעמפלען און גאטעס־הייזער, וועלכע זי האט בע־ציערט און דערהויבען, איז געווארען א טרייסט פאר מיליאנען מענשען אין פערשיעדענע צייטען, ווען די געוואלדטעטיגקייט, שלעכטסקייט און

קענִיג דאַרף נִישט רִיכטען בלויז נאָכ'ן אויסערלִיכען, אוּן נאָך דעם, וואָס ער האָט מִיט זײַנע אויערען געהערט. „ווֶער עס בעגעהט זיך מִיט גערעכטִיגקײט, רעדט נאָר דעם אמת, פערהאַסט דעם פערדִינענסט, וואָס שטאַמט פוּן אוּנרעכט, שאָקעלט אָב זײַנע הענד פוּן צוּ נעהמען שוחד, פערשטאָפּט זײַנע אויערען, נִישט צוּ הערען קײן בלוּט־שוּלד, אוּן פערמאַכט זײַנע אויגען, נִישט צוּ זעהען קײן שלעכטס,— אַזאַ מענש וועט וואָהנען אִין דער הויך". דאָס דִינען גאָט בלויז מִיט דִי לִיפען, דאָס לויבען גאָט מִיט'ן מוֹיל, וועהרענד דאָס הארץ אִיז נִישט דערבײַ, דאָס „אויסגעלערנטע געבאָט פוּן מענשען"—וועגען דעם האָט ישעיה גערעדט מִיט דער גרעסטער פעראַכטוּנג; נאָך מעהר האָט ער פעראוּרטיילט דאָס ברענגען קרבנות אוּן בלײַבען דערווײַל פאַלש צוּ גאָט אוּן שלעכט פאַר לײַטען:

„וואָצוּ דִי פִיעל קרבנות אײַערע?— פרעגט גאָט:
„איך בִין שוין זאַט מִיט פעטס פוּן אָקסען, בעק פערברענטע!
„אִין בלוּט פוּן רִינדער, שעפּסען, בעק—דאָס ברויך אִיך נִישט...
„אוּן קוּמט אִיהר מִיך בעזוּכען אִין מײַן טעמפּעל,
ווער האָט אָט דאָס פוּן אײַך פערלאַנגט?—
„אִיהר טרעט דאָך נאָר מײַן הויף!
„אִיהר זאָלט נִישט ברענגען מעהר קײן פאַלשע גאַבען,
„דער ווײַהרויך אִיז אַ גרויל פאַר מִיר!
„בעשטִימט אִיהר יום־טוב, שבת אַ פערזאַמלוּנג,
„אִיז דאָס פערברעכען, כ'קאָן דאָס מעהר נִישט לײַדען:
„חדשים, פײַער־טעג פוּן אײַך פערהאַס אִיך,
„זײַ זענען מִיר אַ משא, מִיעד בִין אִיך פוּן זײַ!"

ווי אַזוֹי אָבער ברויכט מען פאָרט צוּ לעבען? דער נביא ישעיה שטעלט אַרוֹיס געגען דעם יאָגען זיך נאָך פערגעניגען, געגען דער אוּנמעסִיגקײט, וועלכע שטאַמט פוּן עשירות,— דאָס אײַנפאַכע לעבען פוּן אַ פאַסטוּך, אַלס אַ מוּסטער, ווי דִי אבות האָבען געלעבט פאַרצײַטען, אוּן ווי דִי פאַמִילִיע פוּן רכב האָט אַ לאַנגע צײַט געלעבט. יעדערער דאַרף האָבען אײַן בהמה וּאוּן אַ פּאָר שעפּסען; מִילך אוּן האָנִיג וועט יעדערער נאָך האָבען גענוּג, ווער עס וועט אִין לאַנד בלײַבען. דִי השגה פוּן גאָט, אַלס דעם יסוד פוּן רײַנע, מאָראַלִישע מעשים אוּן פוּן אַ שענער, מאָראַלִישער געדאַנקען־וועלט, האָט דער נביא גלײַכגעשטעלט מִיט דער הײַלִיגקײט אוּן דער ערהאַבענהײַט. דער נביא ישעיה האָט שטענדִיג געצײַכענט דעם בעגריף „גאָט", אַלס „דעם הײַלִיגען פוּן ישראל, דעם ערהאַבענעם, וואָס זײַן הערלִיכקײט אִיז פוּל אִין דער גאַנצער וועלט".

ווי עס שײַנט אָבער, האָט ישעיה אָנגעווענדעט נאָך אײַן מִיטעל,

אנדערע מלוכות. פון לאנד יהודה האט ער גענומען געפאנגענע פיעל אי־
דען און פערקויפט פאר קנעכט און ווייטע לענדער. ווי עס שיינט, האט
דער קעניג יותם געקויפט ביי איהם דעם שלום אויך אזוי, ווי דער קעניג
פון ישראל, מנחם, האט מיט א יאהר צעהן פריהער געקויפט דעם שלום
ביי פול, דעם קעניג פון אשור. יותם האט געמוזט געבען אבצאהל דעם
נייעם קעניג פון מצרים, און די עגיפטישע בעאמטע זענען געגאנגען אי־
בער'ן גאנצען לאנד יהודה, איינצומאהנען די אבצאהלונגען. ביידע אידי־
שע מלוכות זענען אין א קורצער צייט אראבגעפאלען פון דער גרויסער
מאכט, וועלכע זיי האבען געהאט אין די צייטען פון ירבעם דעם צווייטען
און עוזיהו, ווען זיי זענען געווארען שרעקליך אפילו אויך פאר זייערע
שכניש'ע פעלקער. ביידע מלוכות זענען שוין איצט נאר לפנים געווען
זעלבסטשטענדיג; אין דער ווירקליכקייט אבער, זענען זיי געווען אונטער־
טעניג צוויי מעכטיגע מלוכות: ישראל—ביי אשור, און יהודה—ביי מצרים.
אשור און מצרים זענען געשטאנען פון ביידע זייטען פון'ם אידישען
לאנד, ווי די ריעזען־פיינד איינער געגען דעם אנדערען, גרייט צו ווא־
רפען זיך איינער אויף דעם אנדערען. דאס מלחמה־פעלד האט געדארפט
זיין דאס צווישענלאנד — ארץ ישראל, ווי עס האט אויך געדארפט ווע־
רען דער פרייז פון'ם נצחון.

פיעל בעדייטענדער איז דער פאקט, וואס אין'ם איצטיגען קריטישען
מאמענט, אין דער צייט פון דער גרעסטער נויט, האט דאס אידישע פאלק
זיך געווענדעט נישט צו די נביאים, וועלכע פלעגען צו זיי רעדען מיט
א הארצעדיגער, ליעבעפולער שפראך, נאר צו די הויז־געטער, צו די
מומיען און בילדער (תרפים), אדער צו די מכשפים, וועלכע פלעגען פאר
געלד די צוקונפט זאגען. געגען אט די ווילדע מעשים איז ארויסגעטרא־
טען איין נביא, ווי עס שיינט, אויך א ירושלים'ער, מיט'ן נאמען זכריה,
דער זוהן פון יברכיהו, (אדער זכריה דער ערשטער). מיט דער פייערדי־
גער און בע'חנ'טער בערעדעוודיגקייט פון ישעיהו'ן קאן מען אבער דעם
דאזיגען נביא'ס רעד בשום אופן נישט פערגלייכען. זכריה ווענדט אפט
אן פערגלייכענישען פון'ם פאסטוך, מיט וועלכען ער מיינט דעם קעניג,
און פון דער טשערעדע, וועלכע בעציהט זיך אויפ'ן פאלק. ער זאגט אויך
נבואה, אז די אידישע שכנים, די פעלקער, וועלכע פלעגען תמיד דרי־
קען אידען, אדער מאכען אויף זיי אנפאלען—די אראמייער, פעניקיער
און אפילו אויך די פלשתים, וועלען נאך א מאל אין דער צוקונפט אנער־
קענען דעם אידישען גאט, און ער וועט זיי אויפנעהמען, ווי גלייכבערעכ־
טיגטע קינדער, ווען נאר זיי וועלען אוועקווארפען זייער פערברעכעריש
אונמאראליש לעבען און זייער פאלשע גאוה.

פול טרייסט און געהויבענעם פרישען מוט איז געווען זכריהו'ס
נבואה, בעזונדערס פאר'ן אידישען פאלק. גאט אליין וועט נאך א מאל
צוריק פעראייניגען ביידע הייזער, יהודה און אפרים, און זייערע פער־

מענשען־פֿיינדשאַפֿט האָט זיך ווי אַ שטורם אריבערגעצויגען איבער די שוואַכע און אָרעמע מענשען. די זינגער פֿונ'ם קרייז פֿון די לויים, וועלכע האָבען שטענדיג געוואָהנט ביי'ם בית המקדש, האָבען קיין העכערען וואונש נישט געהאַט, ווי „צו זיצען איינגעשטערט אין גאָטעס הויז און זינגען איהם לויב־ליעדער". דער געזאַנג האָט דערהויבען די „ענוים" גאַנץ הויך איבער די טעגליכע יסורים און די צייטווייליגע רדיפות. אין די פֿערשיעדענסטע פֿאָרמען האָבען זיי אויסגעדריקט די דאָזיגע געדאַנקען און געפֿיהלען. דער גרונד־טאָן, דער הויפּט־מאָטיוו אָבער פֿון זייער געזאַנג איז געווען דער בטחון אין גאָט, אַז ער וועט בעצאָהלען דיי פֿאַר'ן ליידען יסורים און פֿאַר'ן בעגנוגענען זיך מיט אַן'אייגפֿאַכען לעבען.

ישעיהו'ס נבואות האָבען זיך בעצויגען נישט בלויז אויף דעם אידישען פֿאָלק און דעם אידישען לאַנד; וויים איבער די אידישע גרענ־צען האָט דער נביא זיין בליק געוואָרפֿען, בעזונדערס אויף די צוויי גרויסע מלוכות, וועלכע האָבען ווי שווערע וואָלקענס זיך געדראָפּט אראָבלאָזען אויף יהודה און ישראל, אויף מצרים און אשור. דאָס לאַנד פֿונ'ם טייך נילוס, וועלכעס איז אַ מאָל געווען מעכטיג און האָט געהערשט איבער דער וועלט, איז דורך די אינערליכע אונאָרדנונגען געוואָרען אַלץ שוואַכער. אונטער דעם שוואַכען קעניג באָקחאָריס פֿון דער שטאָדט סאַיס האָבען אין מצרים אָנגעהויבען צו קעמפֿען פֿערשיעדענע פּאַרטייען, וועלכע זענען געווען זעהר פֿיינדליך איינע געגען דער אַנדערער; די אָנ־פֿיהרער פֿון די דאָזיגע פּאַרטייען האָבען זיך בעפֿעסטיגט אין פֿערשיע־דענע שטעדט און ערקלערט זיך פֿאַר אונאָבהענגיגע פֿירשטען. וועגען אָט דער צוריסענהייט פֿון מצרים האָט ישעיה גערעדט אין זיין נבואָה וועגען מצרים און האָט פֿאָראויס געזאָגט, אַז אַ מעכטיגער קעניג וועט פֿעראייניגען אַלע קליינע פֿירשטען פֿון מצרים און וועט דאָס לאַנד פֿער־קנעכטען אונטער זיין שווערען יאָך.

אין דער ווירקליכקייט האָט מצרים דאַמאָלס איבערגעלעבט אַ שווערע צייט. פֿון לאַנד עטיאָפּיען (כוש) איז דאַמאָלס געקומען דער קעניג סאַבאַקאָ מיט אַ גרויסער ארמעע מלחמה צו האַלטען מיט מצרים. סאַבאַקאָ האָט גוט געוואוסט, ווי שוואַך מצרים איז געוואָרען צוליעב די אינערליכע סכסוכים און מלחמות, און ער האָט די דאָזיגע שוואַכ־קייט אויסגענוצט; ער האָט גענומען געפֿאַנגען דעם קעניג פֿון מצרים, באָקחאָריס, און האָט זיך אַליין געזעצט אויפֿ'ן טהראָן פֿון מצרים (740 פֿאַר דער געוועהנליכער צייטרעכנונג). סאַבאַקאָ האָט אַלזאָ געגרינדעט אין מצרים אַ נייע עטיאָפּישע מלוכה־משפּחה, וועלכע האָט בעהערשט דאָס לאַנד אַ יאָהר פֿופֿציג אונגעפֿעהר. מיט אַן'אייזערנער האַנד האָט דער נייער קעניג רעגירט איבער מצרים, און איז, צוליעב זיין גרויסער הצלחה, אַזוי שטאָלץ געוואָרען, אַז ער האָט אָנגעהויבען טראַכטען וועגען איינעהמען נאָך

סער בעדייטונג: צי זאָל ער צוטרעטען צום פערטיידיגונגס-בונד, וואָס עס האָבען געשלאָסען געגען אשור דער מלך פון ישראל, פקח, מיט'ן אראַמייאישען קעניג, רצין, פון דמשק, און ווי עס שיינט, מיט נאָך פיעל אַנדערע מלכים און לענדער? דען די דאָזיגע לענדער זענען געווען גע-צוואונגען, ווי עס איז שוין דערמאָהנט געוואָרען, זיך צו פעראייניגען געגען דער סכנה, וואָס איז זיי פאָרגעשטאַנען פון צוויי צדדים: פון דעם קעניג סאַבאַקאָ פון מצרים און פון אשור, וואו ס'האָט געהערשט דער קעניג תגלת פלאָסר, וואָס האָט געהאַלטען אין איין טראַכטען וועגען איינגעהמען גרויסע לענדער. נאָכדעם ווי תגלת פלאָסר האָט איינגענומען פיעל פעסטע שטעדט אין מעסאָפאָטאַמיען און האָט זיי חרוב געמאַכט, האָט ער זיך א קעהר געטהון צו די לענדער, וואָס זענען געלעגען אין מערב-זייט פון טייך עפראט, און צו דער לבנון-געגענד, כדי איינצונעהמען זיי אינגאַנצען, נאָכדעם ווי דער אסירישער קעניג, פול, האָט זיי געמאַכט זיך אונטערטעניג און געצוואונגען זיי צו ברענגען איהם יעהרליך אָבצאָהלונגען. און אָט כדי צו קאָנען זיך שטעלען געגען תגלת פלאָסר האָבען די מלכים רצין, פון דמשק-ארם, און פקח, פון ישראל, געשלאָסען צווישען זיך א פערטיידיגונגס-בונד, צו וועלכען זיי האָבען איינגעלאַדען צוצושטעהען אויך דעם קעניג אחז פון יהודה. אחז האָט זיך אָבער אָב-געזאָגט צוצושטעהען צו זייער בונד, און דעריבער האָבען זיי אונטערגע-נומען געגען איהם א מלחמה.

ווען אין ירושלים האָט מען זיך וועגען דעם דערוואוסט, איז אין דער קעניגליכער משפחה פון דוד'ס הויז געוואָרען אַן אמת'ע מהומה, בפרט נאָכדעם, ווי ס'איז בעוואוסט געוואָרען, אַז די פערבונדעטע מלכים האָבען בעשלאָסען נישט בלויז ירושלים איינצונעהמען, נאָר אויך אַראָבצוואַרפען פון טהראָן דוד'ס קעניגליכעם הויז און צו מאַכען אין יהודה פאַר א קעניג א געווּיסען מענשען, וועלכער איז געווען פערבונדען מיט פקח און רצין, בן-טבאַל. די לאַגע איז נאָך פיעל שווערער געוואָרען דאַדורך, וואָס אין ירושלים גופא איז געווען א גרויסע פּאַרטיי, וועלכע האָט געהאַלטען מיט די פערבונדעטע און זיך בעצויגען פיינדליך צו אחז'ן. די דאָזיגע פּאַרטיי, משמעות, די „פירשטען פון יהודה“ זענען זעהר בייז געווען אויף אחז'ן, פאַרוואָס ער האָט זיך נישט פעראייניגט מיט די פערבונדעטע מלכים, כדי אַרויסצוטרעטען אין קאַמפף געגען אשור, דען דורך דעם דאָזיגען קאַמפף האָבען זיי געהאָפט צו בעקומען די גע-לעגענהייט ריינ צו ווערען און פערגרעסערען זייערע גיטער. די בעסערע מענשען פון פאָלק האָבען אָבער געהאַלטען מיט'ן קעניג אחז, בעזונדערס די נביאים און זינגער זענען געווען פאַר איהם שטאָהל און אייזען, נישט צוליעב זיין וויכטיגער פערזענליכקייט, נאָר צוליעב זייער ערגעבענהייט צום הויז פון דוד המלך, וועלכער איז אין'ם משך פון די עטליכע הונ-דערט יאָהר געוואָרען דער סימבאָל פון דער אידישער זעלבסטשטענדיג-

טריבענע קינדער וועט ער פֿון די גלות־לענדער צוריק ברענגען אין ארץ־ישראל. אויב זיי זענען אפילו צוזייהט צווישען די פֿעלקער, וועלען זיי אין די ווייטע לענדער אָן גאָט, זייער פֿאָטער, זיך דערמאָהנען און צו־ריקקעהרען מיט זייערע קינדער; פֿון מצרים און אשור וועט גאָט זיי צו־ריקברענגען, ער וועט זיי זאַמלען און פֿיהרען קיין גלעד, צום לאַנד פֿון לבנון, וועלכע וועט ווערען פֿאַר זיי צו־קליין. די גאוה פֿון אשור וועט דערניעדריגט ווערען, און די בײַטש פֿון מצרים וועט שוואַך ווערען. בע־זונדערס דײַטליך ווײַזט אָן דער נביא אין זײַנע פֿערשטעלטע רעד אויפֿ'ן קעניג פֿון ישראל, פקח דער זוהן פֿון רמליהו, אויפֿ'ן דאָזיגען „נאַרישען פּאַסטוך", וועלכער האָט בעהאַנדעלט זײַנע שעפּסען נאָך מיט וועניגער רחמנות און פֿערשטאַנד, ווי דער קעניג מנחם. מעגליך, אַז בײַ'ם נביא האָט מען שוין צוגענומען די וואָרט־פֿרײַהייט, און ער איז געווען גע־צוואונגען צו רעדען פֿערשטעלט, אָנווענדענדיג דעם משל מיט דער מליצה: „גאָט האָט בעשטעלט אַ פּאַסטוך איבער דעם פֿאָלק און האָט איהם געגעבען צוויי שטעקענס: איינעם האָט ער אָנגערופֿען „נועם", אָדער „ליעבליך", דעם אַנדערען — „חובלים", אָדער „צוזאַמענבינד", נאָר ווײַל דאָס פֿאָלק האָט זיך אָבגעזאָגט פֿון זײַן גאָט, האָט גאָט זיך פֿון איהם אויך אָבגעזאָגט; צוערשט האָט ער צובראָכען דעם שטעקען „ליעב־ליך", ווײַל ער וועט זיך שוין מעהר נישט בעגעהן מיט זײַן פֿאָלק ליעב־ליך און מיט גנאָד, און וועט צורײַסען זײַן בונד, וואָס ער האָט מיט אידען געשלאָסען; דערנאָך האָט ער אויך צובראָכען זײַן שטעקען „צוזאַמענ־בונד", ווײַל ער וועט צובּרעכען די ברידערשאַפֿט צווישען יהודה און ישראל. גאָט האָט בעשטעלט אַ נײַעם פּאַסטוך, אַ גרויזאַמען. דאָס פֿאָלק פֿערדיענט אפילו נישט קיין בעסערען, צי וועט דען אָבער נישט בע־שטראָפֿט ווערען דער פּאַסטוך, וועלכער פֿערלאָזט זײַן טשערעדע?

אין דער ווירקליכקײַט איז צוריסען געוואָרען דער בונד פֿון פֿרײַנד־שאַפֿט, וועלכער איז געווען צווישען יהודה און ישראל פֿאַר די צײַטען פֿון די מלכים עוזיהו און יותם, ווי זכריה האָט נבואה געזאָגט: שנאָה און מחליקת האָט זיך ווידער אָנגעהויבען צווישען ביידע טיילען פֿון אי־דישען פֿאָלק. וואָס איז געווען די סבה דערפֿון? גענוי איז דאָס שווער צו זאָגען. מען קאָן זיך נאָר משער זײַן פֿאָלגענדעס: דער נײַער קעניג פֿון יהודה, אָחז (פֿון 809 ביז 795 פֿאַר'ן צווייטען חורבן), וועלכער איז אַרויפֿגעשטיגען אויפֿ'ן טהראָן, אַלס אַ פֿינף און צוואַנציג יעהריגער יונ־גערמאַן, איז געווען אַ שוואַכער קאָפּ, אַ האַלב־מבולבל'ער מענש, וואָס האָט כלל נישט געפּאַסט פֿאַר אַזאַ געפֿעהרליכער צײַט. גאַנץ וויכטיגע, פֿיעל בעדײַטענדע פּאָליטישע פֿערוויקלונגען זענען פֿאָרגעקומען אין זײַן רעגיערונג, און ער האָט אַליין געזאָלט אײַנגעשלונגען ווערען דורך זיי, נישט האָבענדיג קיין מעגליכקײַט אויסצודרעהען זיך. אַ קורצע צײַט נאָך זײַן בעשטײַגען דעם טהראָן האָט זיך איהם געשטעלט אַ פֿראַגע פֿון גרוי־

וועלכע זענען געווען בעדעקט מיט די אידעלע וויינשטאקען, וואס האבען געגעבען דעם פיינעם וויין, וועלכער טרייסט דעם מענשען אין זיין קומער און דערפרעהט איהם אין דער בעסערער צייט—די דאזיגע בערג ווערען פערוויסטעט.

תגלת פלאסר האט זיך באלד דערוואוסט, אז עטליכע מלכים האבען געגען איהם געשלאסען א בונד, און ער האט געלאזט געהן זיין ארמעע אויף זייערע לענדער. צוערשט איז ער אנגעפאלען אויף דאס לאנד ארם, און דעריבער האט דער ארַאמייער קעניג, רצין, וועלכער האט צוזאמען מיט'ן קעניג פון ישראל, פקח, בעלאגערט ירושלים, געמוזט אבטרעטען פון ירושלים און איילען צוריק אין זיין הויפט-שטאדט דמשק צו פערטיידיגען איהר; דאס זעלבע האט אויך געטהון פקח, וועלכער איז אבגעגאנגען קיין שומרון, וואו ער האט געדארפט מאכען די נויטיגע הכנות ארויס-צוטרעטען געגען תגלת פלאסר, אויב ער וועט אויך אויף איהם אנפאלען. ירושלים איז דערוויל בעפרייט געווארען פון דער בעלאגערונג. רצין און פקח, „די צוויי שטיקלעך רויכיגע האלאוועשקעס“, ווי דער נביא ישעיה רופט זיי אן שפאטיש, האבען אבער געמוזט טייער בעצאהלען פאר זייער ארויסטריט געגען אשור: תגלת פלאסר האט גענומען געפאנגען רצין און איהם געלאזט דער'הרג'ענען. דאס אראמייאישע לאנד האט ער איינגענו-מען און דמשק מיט איהר אומגעגענד, וועלכע די דאמאלסדיגע שריפט-שטעלער האבען פערגליכען מיט א גן עדן, צוליעב דער שענהייט און פרוכטבארקייט, האט תגלת פלאסר געמאכט פאר דער הויפט-שטאדט פון זיין אסירישער מלוכה. דאס גאנצע אראמייאישע לאנד האט פון דאמאלס אן בעקומען דעם נאמען אסיריען, אדער קורץ: סיריען.

פון דמשק האט תגלת פלאסר זיך געווענדעט קעגען דעם לאנד ישראל און האט איינגענומען איניגע בעפעסטיגטע שטעדט אויף די „הרי אפרים“ און אין דער געגענד פון ירדן, דאס גאנצע לאנד פון די שבטים נפתלי, אשר און זבלון, ווי אויך דאס לאנד פון שבט דן ביי די קוועלען, פון וואנען דער ירדן געהט ארויס, אונטער דעם בארג חרמון. ווי עס שיינט, האט פקח אפילו נישט געמאכט די פראבע צו פערטיידיגען זיין לאנד געגען תגלת פלאסר און האט זיך גלייך אונטערגעווארפען אונטער אשור. תגלת פלאסר האט איהם דערפאר געשאנקען דאס לעבען, אבער די אידישע איינוואהנער פון די צפון-שטעדט, ווי אויך פון יענער זייט ירדן האט ער אבגעפיהרט געפאנגען און בעזעצט אין פערשיעדענע ערטער פון דער גרויסער אסירישער מלוכה (808 פאר'ן צווייטען חורבן).

אזוי זענען טיילווייז מקוים געווארען די נבואות, פון נביא עמוס. די מלוכה פון די צעהן שבטים האט פערלוירען כמעט א העלפט פון איהר לאנד און איהרע איינוואהנער; אין צפון האט שוין איהר גרעניץ זיך געענדיגט בלויז ביי'ם בארג תבור, און די קליינע געבליבענע מלוכה האט זיך אויך געמוזט אנערקענען פאר אונטערטעניג ביי אשור און שיקען

קוים אין די אויגען פון פֿאָלק. אָבער די מחנות פֿון פּקח און רצין זענען דערווייל אַנגעפֿאַלען אויף די אָפֿענע שטעדט און גענומען געפֿאַנגען פֿיעל פֿון פֿאָלק, וועלכע זיי האָבען אַוועקגעפֿיהרט, צו פֿערקויפֿען פֿאַר קנעכט. אַ טייל פֿון די אַראַמייאישע מחנות זענען אויך אַנגעפֿאַלען אויף אדום, וועלכעס איז נאָך געוועזען אונטערטעניג ביי יהודה, און האָבען אָבגעריסען אדום פֿון יהודה; אויף אַזאַ אופן האָבען זיי אויך צוגענומען ביי יהודה די וויכטיגע פּאָרט־שטאָדט אילת אויפ׳ן רויטען ים און אַרויסגעטריבען פֿון דאָרט די פֿיעל אידען, וועלכע האָבען זיך דאָרט בעזעצט פֿון די צייטען פֿון שלמה, אָדער פֿון אמציה. אילת איז איבערגעגעבען געוואָרען צו אדום, און פֿאַר אידען איז פֿערלאָרען געגאַנגען זייער פּלאַץ און מיט איהם אויך דער מסחר מיט אינדיען. פּקח און רצין זענען צוגעקומען נעהנטער צו ירושלים און אַנגעהויבען מאַכען הכנות, איהר צו בעלאַגערען. דעמאָלט ערשט האָט אחז אַנגעהויבען טראַכטען וועגען פֿערטיידיגען זיך, און האָט אין גרויס שרעק אונטערגענומען אַ פֿערצווייפֿעלטען שריט: ער האָט געשיקט בשתיקה שלוחים צום אַסירישען קעניג, תגלת פּלאָסר, און געבעטען ביי איהם הילף געגען זיינע פֿיינד. דערפֿאַר האָט ער זיך ערקלערט אַלס אונטערטהאַן פֿון אשור. דער דאָזיגער שריט האָט איהם אפילו געקאָנט ברענגען הילף אין דער שווערער מינוט, ער האָט אָבער געקאָנט ווערען געפֿעהרליך אין דער צוקונפֿט, ווייל די אַסירער האָבען אין אַזעלכע פֿאַלען זיך בעגאַנגען, ווי שפּעטער רוים: די לענדער, וועלכע פֿלעגען זיך ווענדען צו זיי מיט אַ פֿריינדשאַפֿטליכען בונד, פֿלעגען זיי אַזוי שטאַרק פֿעסט נעהמען אין זייער מאַכט, אַז זיי פֿלעגען דערנאָך מאַכען פֿון די אָרעמע פֿעלקער — עלענדע שקלאַפֿען. פֿאַר יהודה האָט אָבער די זאַך געקאָנט ווערען געפֿעהרליך נאָך אויך פֿון אַן׳אַנדער צד: פֿון מצרים. די מלוכה פֿונ׳ם נילוס האָט נישט געקאָנט צוזעהען רוהיג, אַז אשור זאָל זיך צושפּרייטען אַזש ביז די גרעניצען פֿון מצרים, זי וואָלט דעריבער געמוזט מאַכען אַן׳אַנפֿאַל אויף יהודה, נאָך איידער אשור וועט דאָרט זיין כאַכט פֿערשפּרייטען. אַזוי אַרום האָט עס געקאָנט קומען, אַז יהודה זאָל ווערען דער עפּעל, איבער וועלכען די פֿעלקער רייסען זיך אַרום; דאָס לאַנד יהודה האָט געדאַרפֿט ווערען דאָס פֿעלד, וואו צווישען צוויי מעכטיגע פֿעלקער, אשור און מצרים, זאָלען פֿאָרקומען בלוטיגע מלחמות.

אחז איז אָבער געוועזען צו קורצזיכטיג, צו קאָנען זעהען די דאָזיגע סכנה. ער האָט נאָר געטראַכט וועגען אָבווענדען די אויגענבליקליכע געפֿאַהר פֿון זיין קעניגליך הויז. און אַט פֿאַר דעם ציעל האָט ער מפקיר געוועזען די זעלבסטשטענדיגקייט פֿון זיין לאַנד. דער נביא ישעיהו האָט דעריבער געוואָרענט דעם קעניג נישט צו איילען זיך און גרויס פּחד.

ישעיה זעהט אין זיין נביאות, ווי דאָס אידישע לאַנד ווערט דורך די מחנות פֿון אשור פֿערוואַנדעלט אין אַ מדבר, און די בערג פֿון יהודה,

פֿערד און וואָגענס. די פֿערד האָט מען אַריינגעפֿיהרט אין אַ בעזונדערען פּאַלאַץ. כדי צו קאָנען דיענען צו די שטערען (פּלאַנעטען), וועלכע מען זעהט נאָר בײַנאַכט, האָט אָחז, לויט'ן שטייגער פֿון די אַסיריער, געלאָזט אויסבויען אויפ'ן דאַך פֿון זיין פּאַלאַץ מזבחות; אַזעלכע מזבחות צו דער זון און צו די שטערען האָט ער געלאָזט בויען אויף אַלע הויכע ערטער און אונטער יעדען גרויסען בוים. אָבער נישט בלויז די אַסירישע געצען־דיענערײַ האָט אָחז געבראַכט מיט זיך פֿון דמשק; ער האָט אויך אָנגע־הויבען איבערצומאַכען דאָס גאַנצע לעבען אויפ'ן אַסירישען שטייגער. די הויפּלײַט האָבען זיך געמיהט אויסלערנען די אַסירישע שפּראַך, וועלכע איז געוועזען ענהליך צו דער אַראַמייאישער, כדי צו קאָנען זיך צוזאַמענ־רעדען מיט די נײַע הערשער פֿון לאַנד יהודה. דורך דעם נאָכטהון אין אַל'ץ די אַסיריער האָט מען אָבער אַריינגעבראַכט קיין יהודה אויך עטלי־כע נוצליכע זאַכען. אַזוי, למשל, האָט אָחז געלאָזט אויסבויען נעבען זיין פּאַלאַץ אַ זון־זייגער, וועלכען די אַסיריער, אָדער כאַלדייער האָבען ערפֿונ־דען. דעם נײַעם זון־זייגער האָט מען אַ נאָמען געגעבען „מעלות אָחז“ — די „טרעפּ פֿון אָחז“. פֿון דאַמאָלס אָן האָט מען אויך אָנגעהויבען צו פֿיהרען אין ירושלים אַ רעגולירע צײַט־רעכנונג, אין צעהלען שעה'ן, טעג און חדשים. אויך פֿון די שענע קונסטען, בעזונדערס, פֿון דער מאַלערײַ אויף די ווענד פֿון די פּאַלאַצען, אין וועלכער די אַסיריער האָבען זיך אַזוי שטאַרק אויסגעצייכענט, אַז זיי זענען אפילו געוואָרען דערין די לעהרער פֿון די גריכען,— אויך פֿון דער דאָזיגער קונסט האָבען אידען אין יענער צײַט פֿיעל געלערנט פֿון די אַסיריער. די אַרכיטעקטור פֿון יענער צײַט האָט אויך פֿיעל איבערגענומען בײַ די אַסיריער: מען האָט אָנגעהויבען אין ירושלים צו בויען גרויסע פּאַלאַצען מיט פּרעכטיגע בעפּוצונגען און אויבערשטע שטאָקען. אָבער צוזאַמען מיט די אַלע נוצליכע זאַכען האָט מען אויך איבערגענומען די אַבערגלויבערײַ אין מכשפים, קונצען־מאַכערײַ און אַלערליי שווינדלערײַען, וואָס זענען זעהר פֿערשפּרייט געוועזען בײַ די אַסיריער. אָחז האָט כלל נישט געוואוסט, וואו ער זאָל זיך אָבשטעלען אין זיין נאָכטהון די אַסיריער; ער איז פֿערגאַנגען אַזוי ווײַט אין דער הינזיכט, אַז איינמאָל, ווען אַן אונגליק איז איהם פֿאָרגעשטאַנען, האָט ער געבראַכט פֿאַר אַ קרבן זיין איינענעם זוהן צום אָבגאָט מולך.

אויך דער דאָזיגער גרויזאַמער און העסליכער פֿערברעכען איז גע־וועזען אַ טייל פֿון דער אַסירישער געצענדיענערײַ. אין'ם שענעם טהאָל הינום אָדער „בן הנום“ (לויט'ן נאָמען פֿון זיין פֿריהערדיגען אייגענטימער) אין דרום־מזרח זײַט פֿון טהאָל קדרון, וואו די פֿרוכטבאַרקײַט ברענגט אַרום די פּרעכטיגסטע פּלאַנצען, אַ דאַנק די וואַסערען פֿון קוואַל שלוח, האָט מען אויסגעשטעלט דעם „תופת“ ד. ה. דעם אָרט, וואו מען פֿלעגט ברענגען די מענשליכע קרבנות. און אָט דאָרט האָט אָחז אויך געלאָזט פֿערברענען זיין זוהן אין פֿײַער

יעֶהרליך אָבצאָהל דעֶר אַסיִרישעֶר מלוכה, אויסעֶר דעֶם, נאָך אויך גרויסעֶ מתנות דעֶם מלך פֿון אַשור. געֶבראַכט האָט דאָס דאָזיגעֶ אונגליק אויף זיין לאַנד נאָר דעֶר קעֶניג פקח, און ס'איז קיין ספק ניִשט, אַז אין לאַנד האָט געֶהעֶרשט אַ גרויסעֶ אויפרעגונג געֶגעֶן אָט דעֶם „נאַרישעֶן פּאַסטיך", ווי דעֶר נביא האָט אָנגערופֿעֶן דעֶם קעֶניג פקח. די אויפֿרעֶגונג האָט עֶנד־ליך אויסגעֶבראָכעֶן אין אַנ'אָפֿענעֶם אויפשטאַנד, וואָס אין זיין שפּיץ איז געֶשטאַנעֶן הושע, דעֶר זוהן פֿון אֵלה, וועֶלכעֶר האָט געֶהרג'עֶט דעֶם קעֶניג פקח(806 פֿאַר'ן צווייטעֶן חורבן), נאָכדעֶם ווי עֶר האָט געֶקעֶניגט, צום אונגליק פֿון זיין לאַנד, צוויי און צוואַנציג יאָהר.

אויך אין דעֶר מלוכה פֿון יהודה איז אין יענעֶר צייט פֿאָרגעקומעֶן אַנ'עֶנדעֶרונג [פֿון זעֶהר אַ טרויעֶריגעֶר בעֶדייטונג. צוליעב זיין פחדנות, האָט דעֶר קעֶניג אָחז זיך אליין עֶרקלעֶרט פֿאַר אַנ'אונטעֶרטהאַן דעֶם קעֶניג פֿון אַשור. עֶר איז איצט געֶוועֶן געֶצוואונגעֶן פעֶרזענליך צו געֶהן קיין דמשק און פֿיהרעֶן מיט זיך פֿיעל רייכעֶ מתנות; דאָרט האָט עֶר זיך געֶ־דאַרפֿט אַנעֶרקעֶנעֶן פֿאַר אַנ'אונטעֶרטהאַן און בוקעֶן זיך פֿאַר'ן „מלך אי־בעֶר אַלעֶ מלכים", ווי תגלת פלאֶסר האָט זיך געֶלאָזט רופֿעֶן. אָבעֶר אַנ־שטאָט צו פֿיהלעֶן די עֶרניעדעֶריגונג פֿון זיין פֿאָלק און די אייגענעֶ שפלות ביי'ם בוקעֶן זיך פֿאַר אַ קעֶניג פֿון אַ פֿיינדליך לאַנד, איז אָחז געֶוועֶן פֿעֶר־נומעֶן אין דמשק מיט'ן בעֶוואונדערעֶן די גרויסקייט פֿון תגלת פלאֶסר און דאָס לעֶבעֶן פֿון די אַסיריעֶר, און האָט געֶהאַלטעֶן אין איין טראַכטעֶן, ווי אַזוי איינצופֿיהרעֶן די אַסירישעֶ מנהגים, זייעֶר געֶצעֶנדיענעֶריי און זייעֶר פֿרעֶכטיג לעֶבעֶן אויך אין ירושלים. איהם איז שטאַרק געֶפֿעלעֶן דעֶר מזבח, וואָס תגלת פלאֶסר האָט געֶלאָזט אויסבויעֶן אין דמשק, און עֶר האָט בעֶ־פֿויהלעֶן דעֶם כהן גדול אוריה אויפצובויעֶן אויך אין ירושלים אַ מזבח, לויט'ן בילד, וואָס עֶר האָט איהם צוגעֶשיקט פֿון דמשק. אוריה האָט קנעֶכטיש עֶרפֿילט אָחז'ס פֿעֶרלאַנג; ווי פֿעֶרוואונדעֶרט איז עֶר אָבעֶר געֶ־וועֶן, ווען עֶר האָט דעֶרזעהעֶן, ווי אָחז, באַלד נאָך זיין קומעֶן צוריק קיין ירושלים, האָט אַליין אָנגעֶהויבעֶן ברענגעֶן קרבנות אויפ'ן נייעֶם מזבח! אָחז האָט געֶוואָלט נאָכטהון די מלכים פֿון אַשור און שטעֶלעֶן די מלוכה העֶכעֶר פֿאַר דעֶר כהונה, אָדעֶר נאָכמעֶהר: די מלכים פֿון אַשור האָבעֶן זיך געֶהאַלטעֶן פֿאַר קינדעֶר פֿונ'ם אָבגאָט, און זיי ברויכעֶן כלל ניִשט קיין כֹּהן, קיין פֿעֶרמיטלעֶר צווישעֶן זיך און זייעֶר פֿאָטעֶר. אָחז האָט געֶוואָלט, אַז מעֶן זאָל איהם אויך האַלטעֶן פֿאַר אַ האַלבעֶן גאָט, אָחז האָט בכלל ניִשט געֶשפּירט די גרויסעֶ עֶרניעדעֶריגונג פֿון זיין רייזעֶ קיין דמשק; עֶר איז פֿיעל־מעֶהר געֶקומעֶן צוריק קיין ירושלים שטאָלץ ביי זיך, און האָט אַלץ מעֶהר אָנגעֶהויבעֶן נאָכצוטהון אַשור אין יעדעֶר הינזיכט. עֶר האָט איינגעֶפֿיהרט אין ירושלים דעֶם נייעֶם דיענסט צו דעֶר זון און די שטערעֶן. ווי עֶס שיינט, האָט עֶר איבעֶר'ן טהויעֶר פֿון בית המקדש אַרויסגעֶשטעֶלט דאָס בילד פֿונ'ם אָבגאָט פֿון דעֶר זון, וועֶלכעֶן עֶר האָט אויך געֶשווידמעֶט

סיקאָמאָרען האָט מען אויסגעהאַקט, וועלען מיר איצט פערפלאַנצען אַנ־
שטאָט זיי צעדער־בוימער". די שכּרות פון דעם אַדעל פון אפרים איז
געווען אַזוי גרויס, אַז זיי האָבען גאָרנישט געקאָנט האָבען קיין מעגליכ־
קייט צו בעטראַכטען אַ מאָל ערנסט זייער לאַגע; צוליעב דער שכּרות
האָט מען אויך נישט געזעהען, אַז די ביז איצטיגע אונגליקען זענען נאָר
אַ התחלה, אַנ'אָנפאַנג פון יענע גרויסע חורבנות, וועלכע מוזען אין גיכען
קומען. צו דער אַלגעמיינער פערבלענדעניש איז נאָך אויך צוגעקומען די
אַנאַרכיע אין לאַנד, אָדער בעסער: די אַנאַרכיע האָט זיך גענומען פון
דער אַלגעמיינער פערבלענדעניש, זי איז געווען אַ פאָלגע פון איהר. נאָכ־
דעם ווי רמליהו'ס זוהן, פקח, איז געפאַלען טויט פון די הענד פון דעם
מערדער הושע, אֵלה'ס זוהן, זענען דורכגעגאַנגען עטליכע יאָהר, ווען דאָס
לאַנד איז כּמעט גאָר געבליעבען אָהן אַ קעניג. ווי עס שיינט, האָט הושע
תחלת אָבגעזאָגט זיך אָנצוטהון די „דערנער־קרוין" פון שומרון, און קיין
אַנדער מענש, וועלכער זאָל זיך קאָנען פערשאַפען דרך ארץ אין די אויגען
פון פאָלק, אַז מען זאָל איהם עהרען ווי אַ מלך, איז גאָר נישט געווען. די
שׂרים פון ישראל האָבען געלעבט אין איין קנאָה איינער געגען דעם אַנ־
דערען און וואָלטען נישט געוואָלט געהאָרכען איינעם פון זייער גלייכען.
און אויב אין אַ משך פון פיעל יאָהרען האָבען פערשיעדענע מענשען אַליין
פערחאַפּט די קרוין דורך אַ מערדערישען פערברעכען און זיך געלאָזט
אויסרופען פאַר מלכים, האָבען זיי זיך טאַקי לאַנג נישט געהאַלטען. אין אַ
קורצע צייט זענען פאָרגעקומען אין שומרון פיעל קעניגס־מאָרדען. אין
שומרון זענען צוריסען געוואָרען אַלע באַנדען, וועלכע האַלטען צוזאַמען אַ
מלוכה; פערברעכענס און שלעכטסקייט האָבען געהערשט עפענטליך און
די אונפערשעמטקייט האָט געקעניגט אין דער געזעלשאַפט, דערשטיקענ־
דיג יעדעם געפיהל פון הרפה און בושה. פאַלשע שבועות, שקרים, רציחה,
גזלה, גנבה און זנות זענען געווען פערשפּרייט אין דער מלוכה. די רייכע
און אָנגעזעהענע משפחות האָבען זיך צוזאַמענגעבונדען אין כּנופיא'ס,
וועלכע פלעגען זיך בעשעפטיגען מיט רויבערייען אויף די וועגען, אָנפאַ־
לענדיג אויף די קאַראַוואַנען, אויף וואַנדערער, צונעהמענדיג ביי זיי דאָס
פערמעגען און אָפט אויך דאָס לעבען. די הויכע בערג פון ישראל, דער
באַרג גריזים נעבען שכם, דער באַרג תבור אין צפון־קאַנט און דער מצפה
אין לאַנד גלעד, זענען געוואָרען ערטער פאַר רויבער־באַנדעס, וועלכע
פלעגען זיך דאָרט אויפהאַלטען און וואַרפען אַנ'אימה אויף די קאַראַוואַ־
נען און איינצעלנע רייזענדער. די אינערליכע אַנאַרכיע אין לאַנד האָט
אָבער געהאַט אַ טרויעריגען איינפלוס אויף דער אויסערליכער פּאָליטישער
לאַגע. דאָס לאַנד האָט פּשוט פערלוירען די מעגליכקייט צו קעמפפען גע־
גען אַנ'אויסערליכען פיינד. די מלוכה ישראל איז געווען שוין אינגאַנצען
אונטערטעניג ביי אַשור און געמוזט יעהרליך שיקען אַהין אָבצאָהלונגען,
ווי אויך ליידען אַנדערע ערניעדריגונגען, ווייל אשור פלעגט בכלל ווענינ

ס'פערשטעהט זיך, אז די ווילדע מעשים פֿונ'ם קעניג האבען נישט געקאנט בלייבען אהן איינפֿלוס אויף דער סביבה אין הויף און אין שטאדט. פֿאר די „שרים פֿון יהודה", וועלכע האבען אהן דעם אויך שטארק גע־ליעבט אלץ וואס אויסלענדיש איז, וואס גיעט זיי די פֿולע פֿרייהייט זייערע תאוות צו ערפֿילען, זענען אחז'עס נאכטהוּעכצען די אסירישער געווען זעהר א געוואונשענע זאך; זיי זענען בכלל געווען צופֿרידען, וואס אחז איז אינטערטעניג געווארען ביי אשור, וייל דאדורך וואס דעם קעניג'ס מאכט איז געווארען אבגעשוואכט, האבען זיי געקאנט לייכטער דריקען דאס ארעמע פֿאלק און דורכפֿיהרען אלע זייערע אינגערעכטיגקייטען, נישט שרעקענדיג זיך פֿאר קיין שום דין און משפט. אויך די כהנים, וועלכע האבען דאך געדארפֿט זיין די נאטירליכע אבהיטער פֿון דער ריינער תורה און דעם ריינעם גלויבען,— אויך זיי האבען זיך געלאזט פֿערפֿיהרען דורך די שלעכטע מעשים פֿינ'ם קעניג מיט זיינע שרים און האבען זיי גע־חנפ'עט און געלויבט אלע זייערע שענדליכע מעשים. די כהנים האבען אבער מורא געהאט ארויסצורעדען א שארף וואָרט קעגען די שטארקע לייט, אדער זיי האבען געזעהען זייער אייגענעם נוצען אין דעם, וואס זיי וועלען אויך נאכשלעפען זיך נאך די שרים, דאס ארעמע פֿאלק האט אבער געליטען דערביי זעהר שטארק. „פֿאר געלד — קלאגט זיך דער נביא— האבען די אידישע עלטסטע געמשפט, פֿאר געצאהלט האבען די כהנים געלערנט דאס פֿאלק". ווי עס שיינט, האט זיך אויך געפֿונען אפילו א כהן, וועלכער האט זיך נישט געשראקען צו ערקלערען, אז דאס ברענ־גען פֿאר א קרבן דעם ערשט־געבוירענעם זוהן, דעם בכור, איז כלל נישט געגען דער אידישער תורה, נאר גאר לויט איהר דין, דען משה'ס תורה באפֿעהלט בפירוש, אז דער בכור דארף זיין הייליג פֿאר גאט; אט די היי־ליגקייט פֿאר גאט האט דער פֿאלשער כהן אויסגעטייטשט, אז מען דארף איהם לאזען פֿערברענען אין פֿייער פֿאר א קרבן. אזוי ווייט האט דער־גרייכט אין יענער צייט די מאחאלישע פֿערדערבונג, וועלכע מען האט אריינגעבראכט פֿון אשור!

די פֿאליטישע געשעהענישען זענען זיך געגאנגען דערווייל זייער וועג ווייטער. אין שומרון, וועלכע האט שוין איצט נישט געקאנט הייסען די מלוכה פֿון די צעהן שבטים, נאכדעם ווי מען האט פֿון איהר אבגעריי־סען א טייל לענדער אין מזרח און אין צפֿון, איז די אלטע פֿערדארבענהייט אין קורצזיכטיגקייט געווארען אלץ שטארקער. די וואונדען, וואס שומרון האט בעקומען פֿון אשור, האבען נישט אויסגעהיילט דאס דארטיגע פֿאלק פֿון זיין גאוה און פֿון זיינע פֿערברעכענס; די רייכערע לייט האבען גע־טראכט נאר וועגען דעם, ווי אזוי בדלות צו שטעלען דעם ארעמאן און פֿערקנעכטען איהם; פֿון דעם חורבן פֿונ'ם לאנד פֿלעגען זיי זיך גאר אויס־לאכען, ערקלערענדיג: „געבוידעם פֿון ציגעל זענען איינגעפֿאלען, איצט וועלען מיר זיך לאזען בויען פאלאצען פֿון גרויסע פֿיער־קאנטיגע שטיינער;

שומרון פלעגט מען נאך אפילו איצט אויך שווערען „חי ה'"—ווי גאט לעבט, אבער דערביי פלעגט מען ברענגען קרבנות צו דער זון און די שטערען אין בית אל, גלגל, דן און שומרון, און מען האט געבויט פיעל מזבחות פאר'ן בעל און געריוכערט קטורת פאר אלערליי אבגעטער און בילדער, וואו נאר א בארג און וואו נאר א בוים. ווי אין נינוה און אין בבל פלעגען זיך די פרויען און די טעכטער פון די אנגעזעהענסטע מענשען מפקיר זיין פאר אלע מאנסבילען לכבוד דער געטין פון ליעבע, כדי צו זאמלען מתנות פאר איהר טעמפעל, אזוי פלעגט מען עס אויך טהון אין שומרון. אויך דא פלעגט מען פאר'ן געלד פון זנות בויען מזבחות און באפוצען זיי מיט בילדער. און ווידער זענען ארויסגעטרעטען גאטס-פארכטיגע נביאים געגען דער דאזיגער דאפעלטער און דרייפאכער מאראלישער פערדערבונג און פערווילדונג; די נביאים פלעגען שילדערען פאר'ן פאלק די גרויסע אונגליקען, וועלכע די דאזיגע אויסגעלאסענקייט מוז ברענגען, אבער קיין גרויסען נוצען האבען שוין זייערע רעדעם נישט געבראכט. די שרים און מעכטיגע לייט האבען זיי שוין איצט פערבאטען צו רעדען, קיינער האט נישט געטארט שטראפען, קיינער האט נישט געטארט אנווייזען דעם רעכטען וועג. אבער די נביאים האבען זיך נישט געלאזט צונעהמען ביי זיי זייער הייליג ווארט און צווינגען זיי צו שווייגען; וואס שטארקער מען פלעגט זיי רודפ'ן, אלץ שארפער פלעגען זיי ארויסטרעטען, אלץ שטורמישער איז זייער שפראך געווארען. די לופט איז שוין איצט געווען אזוי פערפעסטעט, אזוי אנגעשטעקט מיט מאראלישער קרענק, אז מען האט טאקי געברויכט שטארקע שטורם-ווינדען זי אבצורייניגען. אבער די שטארקע לייט האבען זיך גענומען פערפאלגען די נביאים נאכמעהר: מען פלעגט שיקען נאך זיי שפיאנען, מען פלעגט זיי פערטארען אין זייטיגע ערטער און דערהרג'ענען, מען האט ענדליך אפילו נישט געשראקען זיך צו דערהרג'ענען נביאים אין בית-המקדש גופא, וואו זיי האבען זייערע שטראף-רעדעם געהאלטען. פיעל האבען זיך איצט די צייטען געביטען פון ירבעם דעם צווייטען אף וועלכער האט, לפחות, נישט צוגענומען ביי די נביאים זייער ווארט-פרייהייט!

די רעדעם פון איינעם פון די דאזיגע נביאים זענען נאך געבליבען גאנץ ביז איצט אונטערן נאמען פון הושע, און זיי גיבען אונז א ריכטיג בילד פון דער האמאלסדיגער פערווילדונג. זיינע ווערטער פאלען ווי א דונער, ברענען דורך ווי א פליץ און טראגען זיך ווי א מורא'דיגער שטורם. ער שאנעוועט קיינעם נישט, ער שרעקט זיך נישט פאר זיין לעבען. אין טעמפעראמענטפולע רעדעם רעקט אויף דער נביא הושע דער צווייטער די אויסגעלאסענקייט, דאס פערדערבען און די צופוילטקייט פון די שרים און פון פאלק. די נביאות פון דעם נביא צייכענט זיך אויס מיט אויפגערעגטקייט, מען זעהט, אז ער האט אפילו נישט געהאט די רוהיגקייט אבצוּוועגען זיינע ווערטער און געבען זיי די דיכטערישע מאס.

שאַנעווען די אונטערטעניגע פעלקער. וועגען אראָבוואַרפען פון זיך אשור׳ס יאָך האָט מען איצט געווים נישט געקאָנט טראַכטען. אָבער די, וועלכע זענען געשטאַנען אין שפּיץ פון דער רעגירונג אין שומרון, האָבען וועגען דעם יאָ געטראַכט, און דוקא אויף אַ משונה׳דיגען אופן: זיי האָבען געוואָלט דאָס טהון מיט דער הילף פון אַ פרעמדער מלוכה, און געפיהרט אונטערהאַנדלונגען מיט׳ן מלך פון מצרים. ס׳איז גאַנץ מעגליך, אַז דער לעצטער האָט זיי אַליין געמאַכט פערשיעדענע פאָרשלאַגען, אַז זיי זאָלען זיך אָבזאָגען פון צו זיין אונטערטעניג ביי אשור. כדי אָבער צו פער־דעקען פאַר אשור, אַז זיי ווילען זיך אָברייסען פון איהם, האָבען די „שרים פון ישראל" געמאַכט רייזען קיין דמשק, מיטנעהמענדיג מיט זיך גרויסע מתנות פאַר׳ן קעניג פון אשור און חנפ׳ענענדיג דאָרט איהם און זיינע שרים, כדי מען זאָל זיי האַלטען פאַר געטרייע קנעכט. די שווערע לאַגע, ווי אויך די מורא, אַז מען זאָל נישט צוריבען ווערען איינגאַנצען צווישען ביידע שטאַרקע מלוכות, אשור און מצרים, האָט געמאַכט אי־דען פאַר פאַלשע מענשען, וועלכע האָבען געפיהרט אַ צווייזייטיגע פּאָלי־טיק. אַ נביא פון יענער צייט שילדערט איראָניש די ראָליע, וועלכע שומרון האָט געשפּיעלט.

„נאָך פוסטע ווינטען לויפט אפרים
„און יאָגט זיך נאָך אַ שטורם גאָר;
„דעם גאַנצען טאָג טרייבט ער נאָר שקרים:
„אָט שליסט ער, דוכט זיך, נאָר אַ בונד
„מיט אשור, און געהיים
„שיקט ער זיין בוימאייל קיין מצרים...

. . . . . . . . . . .

„זיין עלענד שוואַכקייט האָט געזעהען
„אפרים און זיין גרויסער נויט,
„און האָט געשיקט צום מלך ירב;
„אָבער ד ע ר קאָן אייך נישט העלפען
„און קאָן נישט היילען אייערע וואונדען.

. . . . . . . . . . .

אפרים איז געוואָרען נאַריש,
„פערנאַרישט, ווי אַ יונגע טויב:
„גערופען האָט ער צו מצרים
„געוואַנדערט ביי דער האַנד קיין אשור...

דער דאָזיגער עלענדער, אָבער אויך גרויזאַמער צושטאַנד פון מאָ־ראַלישער פערווילדונג און פון פּאָליטישער שוואַכקייט איז, פערשטעהט זיך, געגאַנגען האַנד ביי האַנד מיט דער ווילדעסטער געצענדיענערייי. און

פיהרט אלין געשווינדער צום פערדארבען. צי איז עס געווען דערפאר, וואס די שרים האבען ענדליך זיך דערשראקען פאר דער אלגעמיינער שוואכקייט פון דער מלוכה, אדער דאס איז געווען צוליעב אן אנדער מאטיוו—געניג, די שרים האבען ענדליך אנערקענט אין שומרון פאר א מלך דעם מערדער פון קעניג פקח, הושע, דעם זוהן פון אלה. דער דאזיגער לעצטער קעניג פון ישראל האט געקעניגט אכט יאהר (797—789 פאר'ן צווייטען חורבן) און ער איז געווען בעסער פאר'ן פריהערדיגען מלך, פקח, אדער, בעסער געזאגט, ער איז געווען נישט אזוי שלעכט, ווי יענער. ער איז אויך געווען געאיבט אין מלחמה, אבער אבצוווענדען דעם אונטערגאנג פון דער מלוכה האט ער אויך נישט געקענט. ווי עס שיינט, האט ער אויך, ווי זיינע שרים פריהער, זיך געווענדעט צום קעניג פון מצרים בשתיקה און געבעטען הילף געגען אשור. מצרים האט אבער געגעבען נאר גוטע הבטחות, אבער נישט קיין ממשות'דיגע הילף. אין יענער צייט האט אין אשור געקעניגט דער גבור שלמנאסר, וועלכער איז געגאנגען מלחמה האלטען מיט די פעניקיער און זייער קעניג אלולי. דער קעניג פון צור האט נישט געקענט ביישטעהן געגען שלמנאסר, און געהאט א מפלה. פעניקיען איז געווארען אונטערטעניג ביי אשור און דעם קעניג שלמנאסר. ביי דער דאזיגער געלעגענהייט איז שלמנאסר אויך ארויסגעטראטען געגען שומרון. דער אידישער מלך הושע האט נישט געווארט, ביז דער „מלך איבער די מלכים" וועט קומען אין זיין לאנד, און איז אליין ארויסגעטראטען דעם קעניג ענטקעגען, האט זיך איהם אונטערגעגעבען און צוגעזאגט צו ברענגען גרויסע מתנות. אבער ווי נאר שלמנאסר איז אוועקגעגאנגען מיט זיין ארמעע צוריק קיין דמשק, האט מען געגען איהם אויפגעהויבען אן אויפשטאנד. דער פעניקישער קעניג, אלולי, האט זיך געזוכט פערבינדעטע צווישען די ארומיגע מלכים, כדי צו קאנען זיך בעפרייען פון אשור, און דער קעניג פון מצרים האט איהם אויך צוגעזאגט שטיצע, ווייל מצרים האט נישט געוואלט דערלאזען די צו גרויסע פערשטארקונג פון אשור. הושע האט זיך אויך בעשלאסען צוצוטרעטען צום בונד און האט געשיקט זיינע שלוחים קיין מצרים, כדי צו בעטען הילף און רייטער אדער, לפחות, פערד. דער קעניג פון צור האט געמאכט דער ערשטער דעם אויפשטאנד געגען אשור. דאס איז געווען אן אלגעמיינער אויפשטאנד פון די קלענערע פעלקער געגען דעם שטארקען אשור, וועלכער האט פערקנעכטעט אלע קלענערע מלוכות. די פלשתים האבען זיך אויך אויפגעהויבען געגען דער גרויסער מלוכה. נאך דעם טוידט פון אחז האבען די פערבונדעטע מלכים געשיקט שלוחים צו זיין זוהן חזקיהו, אז ער זאל אויך צושטעהן צום אלגעמיינעם בונד געגען אשור. הושע האט זיין אויפשטאנד אנגעהויבען דערפון, וואס ער האט זיך אבגעזאגט צו שיקען צום מלך פון אשור זיינע יעהרליכע אבצאהלונגען. שלמנאסר האט דאן פערזאמעלט זיין ארמעע און איז אריבער צוערשט דעם טייך עפראט

ער שפּרינגט פּלוצלינג אַריבער פון איין געגענשטאַנד צום צווייטען. מען הערט אין זיינע רעדעס בּיטערע יסורים, שפּאָט, איראָניע, מיט וועלכע ער לאַכט־אויס דאָס פערברעכען; פּלוצלינג אָבער פּליעסען ביי איהם חראָהונגען, תוכחות און קללות. דער נביא חאַראַקטעריזירט זיך אַליין, זיין אַרויסטרעטען, ווי אויך דאָס אַרויסטרעטען פון זיינע חברים, מיט פאָלגענדע ווערטער:

„א נאַר איז דער נביא און משוגע דער גייסטיגער מאַן,—
„צוליעב דיינע זינד, אַט די שענדליכע, גרויסע,
„צוליעב דיינע העסליכע פינסטערע מעשים...
„דעם וועלכער אפרים'ס פאַר גאָט—זיינעם נביא
„נאַר נעצען און שטרויכלונגען לעגט ער אין וועג,
„אומזיסטע רדיפות, אפילו אין הויז פון זיין גאָט...

דער דאָזיגער לעצטער נביא אין דער מלוכה פון די צעהן שבטים האָט זיך אַליין אָבער גאָרנישט גענאַרט; ער האָט געוואוסט גאַנץ גוט, אַז מיט זיינע רעדעס וועט ער דאָס פאָלק און, בּפרט די שׂררות, נישט פיהרען צוריק אויפ'ן בּעסערען וועג. מיט וועהטאָג אין הארצען זאָגט ער ארויס, אַז נאַר דורך אַ שרעקליכער שטראָף, דורך עלענד און דורך גלות קאָנען זיי אויסגעבעסערט ווערען. זיינע שטראָף־רעדעס האָבען זיך בּעצויגען מייסטענס אויף דער מלוכה פון ישׂראל; וועגען יהודה רעדט ער נאָר, ווי וועגען אַ פערפיהרטען, וועלכער איז נאָכגעגאַנגען נאָך ישׂראל. דער נביא הושע שפּאָט־אָב אויך פונ'ם בּרענגען קרבּנות אָהן תשׁובה און אָהן מעשׂים טובים. שניידענד זענען זיינע ווערטער, ווען ער ערקלערט:

„ליעבּע וויל איך, נישט קיין קרבּן!
„גאָט צו קענען האַלט איך בּעסער פאַר אַ'ן עולה!"

דער נביא דערמאַהנט אויך דעם פאָלק מיט שפּאָט, ווי אַזוי מען האָט ביי שמואל'ן געפאָדערט, אַז ער זאָל אויסקליבען אַ מלך, זעהענדיג דערין אַ תרופה צו אַלע אונגליקען:

„וואו איז דען דער קעניג, וואָס דו האָסט פערלאַנגט?
„זאָל ער אין די שטעדט צו דיר קומען,
„אַט איצט מיט זיין הילף פון די צרות!
„און וואו דיינע ריכטער, ווי דו האָסט געפאָדערט:
„נו גיעב מיר אַ קעניג מיט שׂררות!"
„איך האָב דיר אַ קעניג געגעבען אין צאָרן
„און נעהם איהם צוריק אין מיין גרויסען פערדרוס"

דאָס אונגליק, וואָס האָט געמוזט קומען אויף שומרון, האָט אָנגעהויבען צו קומען נעהנטער אַלץ מעהר און מעהר. יעדער שריט, וואָס די שׂרים האָבען אונטערגענומען כּדי צו ראַטעווען שומרון, האָבען גע־

געוועזען פאר דער אידישער, גענומען געווארען אין שטורם; אזוי איז גע־פאלען שומרון, נאכדעם ווי זי האט עקזיסטירט העכער צוויי הונדערט יאהר. דער לעצטער קעניג, הושע, איז, ווי עס שיינט, גענומען געווארען געפאנגען, אבער שלמנאסר האט איהם נישט דער'הרג'עט. מען האט נאר זיין טיטול קעניג ביי איהם צוגענומען און געהאלטען אין תפיסה, וואהרשיינליך, אין נינוה, זיין לעבענס־לאנג. וויפיעל טויזענדער אידען עס זענען אין דער דאזיגער מלחמה אומגעקומען און וויפיעל עס זענען גע־נומען געווארען געפאנגען, האט קיין היסטאריקער נישט פערצייכענט.

נאר איין נביא, וואס זיין נאמען איז אונז אונבעוואוסט, האט גע־לאזען אנ'אנדענקען דעם חורבן פון שומרון. דער נביא זעהט די צייט, ווען אפרים וועט צוריק געהיילט ווערען פון זיינע פערברעכענס און זיך אומקעהרען צו זיין פאלק, צו פעראייניגען זיך מיט יהודה, און ער הערט, ווי רחל, די מוטער פון יוסף און אפרים, וויינט ביטערליך אויף איהרע אונגליקליכע קינדער און זי וויל קיין טרייסט נישט נעהמען, ווייל אזא טרייסט איז נישטא... א שטים פון הימעל רופט צו איהר צו: „האלט איין דיין שטים פון וויינען און דיינע אויגען פון טרעהרען, דען ס'איז פארהאן א האפנונג פאר דיינע קינדער און זיי וועלען זיך אומקעהרען צוריק אהיים פון'ם פיינד'ס לאנד“.

דאס קעניגרייך פון די צעהן שבטים איז חרוב געווארען. די געצענ־בילדער פון דן און שומרון, ווי אויך פון אנדערע אידישע שטעדט, האט מען געלאזט וואנדערען קיין נינוה און די אידישע געפאנגענע האט מען טויזענדערווייז אוועקגעפיהרט אין גלות און צושפרייט אין פיעל לענדער: מען האט זיי בעזעצט גרופעסווייז אין יענע ווייטע לענדער, וועלכע זע־נען וועניג בעזעצט געווען. וואו זענען געוועזען די דאזיגע לענדער, ווייס מען נאך עד היום נישט גענוי, אונגעפעהר: אין די שטעדט פון חלח, חבור אויפ'ן טייך גוזן, און די שטעדט פון'ם געבירגיג לאנד מדי, אין עילם צו מערב־זייט פון פרס. צוויי הונדערט מיט זעכציג יאהר איז גע־שטאנען די מלוכה פון די עשרת השבטים, אדער פון ישראל, ווי מען פלעגט איהר געוועהנליך רופען, צוואנציג מלכים האבען אין איהר גע־קעניגט, און אין א געוויסען טאג איז זי אונטערגעגאנגען אהן קיין שום שפור נאך זיך, ווייל זי האט זיך שטענדיג, דורך דער גאוה פון שבט אפרים, געהאלטען אן א זייט פון אידישען לעבען, אבגעריסען זיך פון זיין קוואל און אנפאנג, נישט וויסענדיג עטוואס פון דער אידישער תורה. דאס לאנד האט „אויסגעשפיגען“ די צעהן שבטים, אויך אזוי ווי עס האט אויסגעשפיגען פריהער די פעלקער פון כנען. וואו זענען די צעהן שבטים געבליבען? מען האט זיי געזוכט אין ווייטען מזרח, אין ווייטען מערב און געמיינט, אז מען האט זיי שוין געפונען. שווינדלער און פאנטאזיארען האבען פיעל מאל ערקלערט, אז זיי שטאמען פון די עשרת

און דעם באַרג לבנון, כדי אָנצופאַלען אויף די פעניקיער. ווען דער שטאַר־קער מלך איז געקומען נעהנטער און לאַנד מיט זיינע גרויסע מחנות, האָבען די פעלקער כמעט אַלע פערלוירען זייער האָפנונג אויף פריהייט. די פעניקישע שטעדט האָבען זיך אונטערגעגעבען אַלע אָהן מלחמה. שלמנאָסר האָט גענומען די שטעדט צידון, עכו און אפילו אויך די הויפט־שטאָדט צור.

פון עכו איז שלמנאָסר אַריבערגעגאַנגען די גרעניץ פון לאַנד שומרון און האָט זיך געלאָזט געהן דורכ'ן טהאָל יזרעאל מיט זיינע גרויסע מחנות. די שטעדט פון ישראל האָבען זיך אויך אונטערגעגעבען דעם גע־וואלדיגען מלך. פיעל איינוואָהנער זענען ענטלאָפען קיין שומרון; אָבער הושע האָט דעם מוט נישט פערלוירען. ער האָט בעשלאָסען צו האַלטען זיך פעסט געגען דעם גרויסען אַסירישען מנצח, האָפענדיג, ווי עס שיינט, אויף דער הילף, וועלכע מצרים האָט צוגעזאָגט צו שיקען. די דאָזיגע הילף איז אָבער נישט געקומען. די הויפט־שטאָדט שומרון, וועלכע איז גע־שטאַנען אויף אַ באַרג, איז געוועזען גוט בעפעסטיגט און האָט זיך געקאָנט האַלטען אַ געוויסע צייט, ביז די הילף פון מצרים האָט געזאָלט קומען, ווי עס האָט געהאָפט דער אידישער קעניג און זיין פאָלק, אָדער ביז עס וועט פאָרקומען עפּעס אַ פערענדערונג און אַנדערע לענדער, וואָס וואָלט געפאָדערט דורכאויס, אַז שלמנאָסר זאָל מוזען אַהין קומען און, ממילא, וואָלט ער זיך אָבציהען פון שומרון. מען האָט בעסער בעפעסטיגט די ווענד פון דער גרויסער מויער אַרום שומרון, ווי אויך די טהורעמס; מען האָט זיך אויך פערזאָרגט אויף אַ לענגערע צייט מיט עסענוואַרג און וואַ־סער און בכלל געטהון אַלץ, וואָס ס'איז נאָר נויטיג געוועזען די שטאָדט צו פערטיידיגען. די אַסירער האָבען אָבער געוואוסט פון דער קונסט, ווי אַזוי צו בעלאַגערען שטעדט און איינצונעהמען זיי. זיי זענען אין דער הינזיכט געוועזען מייסטערס. די פעסטעסטע שטעדט האָבען נישט גע־קאָנט בייטשטעהן פאַר זייערער אַ בעלאַגערונג. זיי האָבען אָנגעשאָטען בערג ערד אַרום דער שטאָדט, כדי זייערע אָנפאַלער און זייערע מאַשי־נען זאָלען שטעהען נישט הינטער דער מויער־וואַנד אַרום שטאָדט, נאָר גלייך מיט איהר; זיי האָבען אויך אַרויפגעבראַכט אויף די בערג זייערע בעוועגליכע טהורעמס, וועלכע מען האָט געקאָנט פיהרען פון איין אָרט אויפ'ן אַנדערען, און האָבען אָנגעהויבען צו שטורמען אויף דער מויער מיט זייערע אייזערנע בעק. ווי עס שיינט, איז די מלחמה פון ביידע צדדים געפיהרט געוואָרען מיט גרויסער ערביטערונג, סיי מצד די אָנ־פאַלער, סיי מצד די פערטיידיגער, דען די בעלאַגערונג פון שומרון האָט געדויערט גאַנצע דריי יאָהר (פון זומער 791 ביז זומער 789 פאַר'ן חורבן). אָבער אַלע אָנשטרענגונגען און דער מוט און אויסגעהאַלטענקייט פון די בעלאַגערטע האָט נישט געהאַט קיין ערפאָלג. די הויפט־שטאָדט איז דורך דער אַרמעע פון אשור, וועלכע איז פיעל שטאַרקער און גרעסער

מיט'ן קבר אנ'אבמאך, אז די גרויסע פליצענדע בעשטראפונג וועט אונז נישט טרעפען, וויל מיר בעשיצען זיך אונטער דער פאלשקייט און בע־האלטען זיך אין דעם שקר"—אט דאס אבשפאטען, די דאזיגע זיכערקייט האט אין ירושלים אויפגעהערט, באלד ווי מען האט דארט דערהערט דעם יאמער־געשריי פון די געפאלענע קעמפפער פאר דער פרייהייט אין שומרון, און ווען דער ווידערקלאנג פון די בערג האט געבראכט צו טראגען דעם גרויזאמען קלונג פון די קייטען, אין וועלכע מען האט געפיהרט געפאנ־גען די שרים פון אפרים. ווארום וויפיעל האט דען געפעהלט, אז אויך ירושלים זאל געטראפען ווערען פון'ם זעלביגען קלאפ, וואס האט פער־ווסטעט שומרון? די גאנצע האך איז אבגעהאנגען פון'ם גוטען ווילען פון'ם קעניג פון אשור. די מורא פאר דער צוקונפט, וועלכע האט גע־שטאמט פון'ם שרעקליכען ביישפיעל פון דער געגענווארט, האט געבראכט דערצו, אז מען זאל אנהויבען אויפמערקזאמער אויסצוהערען די רעד פון די נביאים און פון זייערע תלמידים די „ענוים", וועלכע האבען אנ־געוויזען דעם וועג, וואס מען ברויכט צו געהן.

השבטים. עס ווייזט אָבער אויס, אַז די עשׂרת השבטים זענען אונטערגעגאַנגען אין גאַנצען: זיי האָבען זיך צומישט מיט אַנדערע פֿעלקער און ממילא פֿערשוואונדען געוואָרען. טייל פֿון זיי, לאַנד־אַרבייטער, וויינגערטנער און פֿיה־האָדעווער, זענען געוויס געבליבען אין׳ם לאַנד, אַנדערע אָנגעזעהענע משפּחות ווידער, וועלכע האָבען געוואָהנט אויף די גרענעצען פֿון לאַנד יהודה, זענען, ווי עס שיינט, אַנטלאָפֿען קיין יהודה און זיך דאָרט בעזעצט.

דאָס איז געוועזען אַ פֿערפֿוילטער אבר אין אָרגאַניזם פֿון אידישען פֿאָלק, וועלכער האָט אָנגעשטעקט דעם גאַנצען אָרגאַניזם מיט געפֿעהרליכע מחלות. דעם אבר האָט מען געמוזט אָפּשניידען, כּדי צו מאַכען איהם אונשעדליך. דער שבט אפרים, וועלכער האָט דער ערשטער געבראָכען די אחדות פֿון פֿאָלק, בשעת מען האָט געדאַרפֿט איינגעהמען דאָס לאַנד כּנען, און האָט צוליעב זיין איינגענציגקייט און אייגענליעבע געשטערט אין דער אויספֿיהרונג פֿון דער דאָזיגער גרויסער אויפֿגאַבע; דער שבט אפרים, וועלכער האָט מיט זיין גאוה, מיט זיין תאוה צו הערשען, דער ערשטער מיטגעבראַכט אַ שפּאַלטונג אין דער מלוכה, וועלכע די אידישע מלכים דוד און שלמה האָבען אַזוי שטאַרק געמאַכט,—דער דאָזיגער שבט אפרים האָט איצט געיאָמערט אין וויטען גלות: „ווי אַ יונג קעלבעל, נישט קיין געלערנטע, בין איך געשטראָפֿט געוואָרען; איך בין בעשעמט, און ווער רויט פֿאַר בושה, ווען איך מוז ליידען די חרפּה פֿון מיין יוגענד“. נאָכדעם ווי מען האָט דעם שעדליכען אבר אָבגעשניטען, האָט דער אידישער אָרגאַניזם כּמעט אויפֿגעלעבט און געפֿיהלט זיך פֿיעל לייכטער און געזונדטער. די שבטים פֿון יהודה און בנימין מיט זייערע ביידע אונטערגעאָרדענטע שבטים שמעון און לוי, וועלכע זענען נאָכ׳ן חורבן פֿון די עשׂרת השבטים אָנגערופֿען געוועזען צוזאַמען „שארית ישראל“ ד. ה. די איבערגעבליבענע פֿון אידישען פֿאָלק, האָבען זיך דערהויבען צו אַ נייער קראַפֿט. דער חורבן פֿון שומרון האָט געווירקט אויף זיי, ווי אַ צושמעטערנדער דונער־שלאָג און אריינגעבראַכט פֿערצווייפֿלונג אין דאָס אידישע הארץ. אין איצטיגען אויגענבליק אָבער האָט עס געווירקט, ווי אַ גוטע וואָרנונג, אַז מען מוז זיך אָבזאָגען פֿון די פֿערשיעדענע שגעונות און אויסגעלאַסענהייט, וועלכע האָט אויך יהודה געקאָנט פֿיהרען צו אַ פֿאָלקאָמען חורבן. דאָס פֿאָלק און די שׂרים זענען שוין איצט נישט געוועזען אַזוי טויב פֿאַר די שטראָף־רייד פֿון די נביאים. די נבואה פֿונ׳ם נביא ישעיהו, דאָס „די פּראַכט־קרוין פֿון די שכּורים פֿון אפרים וועט זיין ווי אַ יונגער פֿייג, וואָס פֿאַלט פֿריה אַרונטער פֿון בוים און באַלד אויפֿגעגעסען“—די דאָזיגע נבואה איז מקוים געוואָרען, און דאָס פֿאָלק האָט דעריבער זיך אויפֿמערקזאַמער אָנגעהויבען צוצוהערען צו די רייד פֿונ׳ם דאָזיגען נביא.

און דאָס, וואָס די לצים האָבען פֿריהער אָבגעלאַכט מיט גרויס גאוה און בעריהמעריי: „מיר האָבען מיט׳ן טויט געשלאָסען אַ בונד און

פערלאַג „יהודיה".

# אידישע פאלקס-געשיכטע

פון

פראפעסאר צבי גרעטץ.

(אילוסטרירט).

איבערזעצט פון דייטש.

## צווייטער באנד.

ווארשא

Drukarnia Uniwersalna Warszawa Długa 26. Tel. 260-19.

# ערשטעס קאפיטעל.

## דער „רעשט פון ישראל".

(פון 789 ביז 678 פאר'ן צווייטען חורבן, אדער פון 719 ביז 608 פאר דער געוועהנליכער צייט = רעכנונג).

צום גליק פאר'ן „רעשט פון ישראל", אדער פאר דער מלוכה יהודה, איז דארט איצט געזעסען אויפ'ן טהראן אזא קעניג, ווי מען האט שוין נישט געזעהען פון דוד המלך'ס צייטען אן. דאס איז געוועזען חזקיהו, דער זוהן פון אחז (פון 794 ביז 766 פאר'ן צווייטען חורבן), וועלכער איז געוועזען גראדע דער היפך פון זיין פאטער אחז. זיין ווייכע דיכטערי־שע נשמה איז געווען צוגעווענדעט נאר דעם אידעאלען לעבען, און דעם אידעאל האט ער געזעהען אין דער אידישער תורה, אין די אידישע געזעצען און אין דער אלטער אידישער טראדיציע. חזקיהו האט געארבייט איבער דער צוריקשטעלונג פון די אלטע אידישע מנהגים און מדות טובות מיט אזא ערגעבענהייט און מסירת נפש, מיט וועלכער זיין פא־טער אחז האט געקעמפפט געגען אלץ, וואס הייסט אידיש און גע־שטרעבט איינצוווארצלען דעם אסירישען קולט. חזקיהו האט זיך גענו־מען די תורה און דאס געזעץ פאר זיין לייכטענדען שטערען, וועלכער זאל דארפען פיהרען איהם און זיין פאלק און ווייזען, ווי אזוי איינצואָרדנען דאס לעבען, און אויב א קעניג איז נאך געוועזען ווען עס איז א וואהרעס מוסטער־בילד פאר זיין פאלק, איז דאס געוועזען חזקיהו. נישט בלויז די שענע מדות פון גערעכטיגקייט, פון איידעלקייט און גוטהערציגקייט האָ־בען איהם בעציערט, נאר אויך יענע מדות, וועלכע זענען בכלל זעהר זעלטען ביי די טרעגער פון א קרוין — מילדקייט, ענוות און אונטערגע־בענהייט. חזקיהו איז פון דער נאטור געוועזען א פרומער און א גאטספארכטיגער מאן, איינער פון יענע, וועלכע זענען אזא זעלטענהייט אין דער געשיכטע, ווי עס איז זעלטען א גרויסער קינסטלער אדער א גרויסער פעלדהער. צי האבען די נביאים דערקענט אין'ם יונגען פרינץ חזקיהו שוין בייצייטענס די גרויסע איידעלקייט פון זיין נשמה און פון

# אינהאלט־פערצייכניס פון צווייטען באנד

## דער ערשטער פעריאָד:

פון דער גאנץ אלטער צייט ביז גלות־בבל.

(פארטזעצונג).

### זיעבענטעם קאפיטעל:

דיא געבליבענע אידען און זייער פאטעריאנה.



### אכטעם קאפיטעל:

די לעצטע מלכים פון יהודה.

„דען די האסט איצט צובראכען
„דעם שווערען, שווערען יאך,
„דעם שטעקען פון דעם פיינינגער,
„ווי אין דעם טאג פון מדין.
„איין קינד איז אונז געבארען,
„איין זוהן איז אונז געגעבען,
„די הערשאפט וועט ער טראגען;
„דעם נאמען וועט ער האבען—
„דער ראט-געבער, דער וואונדערליכער,
„דער העלד, דער גרויסער, געטליכער,
„דער פאטער און דער גרויסער פירשט
„פון פרידען, פון דעם אייביגען".

חזקיהו'ס רעגירונגס-צייט איז רייך געווען אין וואהלטעטיגע מעשים און אין דיכטערישע שעפפונגען, און זי האט דעריבער געקאנט ווערען א גאלדענע עפאכע, ווען נאר געגען זיין גרויסען ווילען וואלטען זיך נישט ארויסגעשטעלט קיין שווערע שטערונגען, איבער וועלכע ער האט נישט געקאנט אריבערטרעטען, און אויך נישט דורכברעכען זיי. די מלוכה-מאכט פון יהודה איז שוין לאנג נישט געווען קיין אונבעגרענצטע; די שרים פון יהודה האבען בעגרענצט דעם קעניגס מאכט און צוגענומען פאר זיך א טייל פון זיין ממשלה. און ווען די שרים פלעגען זיך פעראייניגען און ארויסטרעטען געגען דעם קעניג, האט ער געגען זייער ווילען גארנישט געקאנט טהון. די שרים זענען אויך געווען די שופטים— די ריכטער, און מיט דער שטעלע, פון א ריכטער איז אויך געווען פערבונדען די מאכט פון דער רעגירונג, וועלכע פלעגט פערווירקליכט ווערען דורך די „שוטרים" — פאליציי. דער איינצעלנער מענש, דער קליינשטעדטעלדיגער איינוואהנער, דער לאנד-ארבייטער, אדער דער פאסטוך האט געהאט איבער זיך נאר איין הערן — דעם נאהענטסטען שר, אדער ריכטער, פאר וועלכען ער פלעגט מוזען ציטערען. די אנקלאגען פון די געדריקטע פלעגען זעלטען ווען דערגרייכען צו די אויערען פון קעניג. פאר'ן פאלק איז נאך אלזא וועניג נוצען געווען דערפון, וואס חזקיהו איז געווען איידעל, פרום און א פריינד פון דעם ארעמען פאלק און פון די גערודפ'טע, דען ער האט נישט געהאט קיין מיטלען, ווי אזוי דורכצופיהרען זיין גוטען ווילען און צו פערווירקליכען זיינע גוטע פלענער. אפילו אין ירושלים גופא איז זיין מאכט געווען געבראכען, דען נעבען איהם האט זיך געפונען דער „סוכן"—דער אויפזעהער איבער'ן קעניגליכען פאלאץ, וועלכער איז געווען דער אנפיהרער איבער דער ארמעע און די בעאמטע פון קעניגליכען הויף, און וועלכער פלעגט האלטען דעם קעניג כמעט, ווי א געפאנגענעם אין קעניגליכען פאלאץ. אויך האבען פיעל מיטגעווירקט

זײַן האַרצען, אָדער זײַ האָבען מיט זײער נביא'ישען גײַסט געזעהען, אַז אויף דוד'ס טהראָן װעט זיצען אַ גרויסער מאַן, װעלכער װעט פֿאַר איהם אַ ציערונג װערען? אָדער אפשר גאָר האָבען די נביאים אַלײן גע־לערנט דעם יונגען פּרינץ און אויסגעבילדעט זײַן כאַראַקטער און גײַסט אַזוי, אַז ער זאָל װערען אַ אידעאַלער קעניג? — אַ פֿאַקט איז, אַז צװײ נביאים האָבען נאָך, װען חזקיהו איז יונג געװען, אָנגעזאָגט די בשורה, אַז אויף דוד'ס טהראָן װעט זיך זעצען אַ גרויסער קעניג, װעלכער װעט פֿערװירקליכען די גרויסע האָפֿנונגען פֿון דער אידישער מלוכה און פֿון אידישען פֿאָלק.

אין דעם משך פֿון אָחז'עס רעגירונג, װעלכע איז געװען אַ געמיש פֿון שװאַכקײַט און װיסטע שגעונות, האָבען די נביאים, און בעזונדערס די „ענוים", װעלכע זענען געװען דער קערן און דאָס האַרץ פֿון פֿאָלק, אָנגעזאָגט די בשורה, אַז אין גיכען װעט אָנהויבען קעניגען דער יונגער פּרינץ, װעלכער װעט אַראָפּבּרענגען אויפֿ'ן לאַנד יהודה די גאָלדענע צײַט פֿון דוד המלך. חזקיהו, װעלכער האָט מיט װעהטאָג אין האַרצען געקוקט אויף די פֿערברעכען פֿון זײַן פֿאָטער, האָט באַלד נאָך זײַן פֿאָטערס טויט געגעבען אַ בעװײַז, מיט װאָס פֿאַר אַ װידערװילען ער האָט געמוזט צוזעהן אַלע שלעכטע זײַנע מעשים. ער האָט זײַן פֿאָטער נישט בעגראָבען אין די קברים פֿון די מלכים פֿון דוד'ס הויז, נאָר אין אַ זײַטיגען קבר. ער האָט איהם אפילו אויך נישט אַרײַנגעלעגט אין אַ פּרעכטיגען אָרון, װי עס פֿיהרט זיך בײַ דער קבורה פֿון אַ קעניג, נאָר ער האָט איהם געלאָזט שלע־פּען אויף אַ מטה מיט שטריק.

די פֿעראָרעמטע פֿון פֿאָלק, די „שװײַגער און לײַדער", װעלכע האָ־בען אין די צײַטען פֿונ'ם קעניג אָחז געמוזט טראָגען מיט יסורים אין האַרצען זײער ערנידערונג, זײַ אַלע האָבען געװאַרט מיט אונגעדולד אויפֿ'ן מאָמענט, װען דער יונגער קעניג װעט זײַ בעפֿרײַען פֿון זײער עלענד. אײנער פֿון זײערע חברים האָט אַרויסגעזאָגט זײער װאונש אין אַן ערהאַבענעם שענעם לויב־ליעד:

„פֿון גרויסער, גרויסער פֿינסטערניש
„האָט ליכטיגקײַט דאָס פֿאָלק דערזעהען;
„פֿאַר אײַנװאָהנער פֿון טוידטען לאַנד
„האָט ליכט און גלאַנץ אַ שײַן געטהון.
„דו האָסט דײַן פֿאָלק גאַנץ גרויס געמאַכט,
„זײַן פֿרייד האָסטו פֿערגרעסערט,
זײַ פֿרעהען זיך מיט דיר.
„װי אין דעם תבואה־שניט;
„די פֿרייד איז גרויס בײַ זײַ,
„װי װען מען רויב צוטײלט.

ברענגען, זאל מוזען קומען קיין ירושלים. פאר פיעל מענשען איז דער דאזיגער פערבאט געווען געווים א צו שטרענגער און שווערער, ווייל די רעליגיאנס-פרייהייט איז ביי אידען געוועזען תמיד איינע פון זייערע עלטסטע מנהגים און טראדיציעס. פיעל ערטער אין יהודה זענען שוין לאנג היילג געווען אין די אויגען פון פאלק; פאר די פאסטוכער פון יהודה און שמעון, וועלכע האבען געוואהנט אין דער ווייטער דרום-פראווינץ, איז עס טאקי אויך געווען זעהר אונבעקוועם, צו קומען מיט זייערע קרבנות אזש קיין ירושלים און שיידען זיך פון זייערע טשערעדעס און פאשע-פעלדער. ווען ס'איז געקומען נעהנטער צו פסח, האט חזקיהו בעפויהלען, אז דעם קרבן-פסח זאל מען ברענגען נאר אין ירושלים אין בית-המקדש, אנשטאט דעם, וואס פריהער פלעגט יעדער בעל-הבית זיך מאכען דעם קרבן פסח אויף זיין היימישען מזבח, ער האט אבער אויך געהייסען אפלעגען דעם יום-טוב פסח יענעם יאהר אויף א גאנצען חדש, געווים דערפאר, וואס ניסן איז האמאלס נישט אויסגעקומען אין רעכטען פריהלינג, נאר פריהער, ווייל מען האט נישט ריכטיג צוגעפאסט די חדשים פון דער לבנה מיט די פיער יאהרעס-צייטען: פריהלינג, זומער, הערבסט און ווינטער, דען מען פלעגט נאך ביז דאמאלס נישט מאכען קיין אדר שני.

נישט לאנג האבען אבער די הויף-לייט איבערגעלאזען דעם קעניג די זעלבסטשטענדיגע פיהרונג פון דער רעגירונג, אז ער זאל קאנען אר־גאניזירען דעם אידישען גאטעס-דיענסט און די רעליגיע לויט'ן אלטען אידישען גייסט — אנ'אונטערנעהמונג, וועלכע איז זיי פארגעקומען, ווי א געפעהרליכע רעפארם. דער אויפזעהער איבער'ן פאלאץ, שבנא, האט אנגעהויבען פיהרען אינטריגעס, כדי צוצונעהמען ביי'ם קעניג די רעגיע־רונגס-מאכט איינגאנצען. חזקיהו איז געווען א דיכטער, א אידעאלע נאטור, וויינהארציג און נאכגיביג, אהן א שטארקען ווילען. מענשען פון אזא גע־מיט לאזען זיך לייכט פיהרען, און אפילו אזעלכע מלכים גיעבען זיך אויך אונטער די שטארקערע האראקטערען, וועלכע געפינען זיך ארום זיי. אזוי איז עס אויך געקומען, אז חזקיהו האט אנגעהויבען נאכצוגע־בען זיינע שטארקע שרים; באלד האט זיך אבער ארויסגעוויזען, אז דאס האט געבראכט גרויסע אונגליקען דער מלוכה פון יהודה.

די מלחמות פון שלמנאסר געגען פעניקיען און שומרון, וועלכע זע־נען אויסגעקומען אין די ערשטע יאהרען פון חזקיהו'ס רעגירונג, האָ־בען דערוועקט, ווי מען קאן זיך לייכט פארשטעלען, גרויסע בעזארגונג און שרעקענישען אין ירושלים און אין קעניגליכען הויף. מען האט גע־מוזט אננעהמען א בעשלוס, וואס פאר א פאליטיק מען זאל פיהרען: צי זאל מען זיך פעראייניגען מיט די פערבונדעטע מלכים געגען אשור, אדער בלייבען אונטערטעניג ביי אשור. צוליעב זיין שוואכען האראקטער, האט חזקיהו, ווי עס שיינט, נישט געקאנט לאנג זיך בעשליסען, וואס צו טהון.

די דאָמאָלסדיגע אנשויאונגען, וועלכע האָבען נישט ערלויבט, אַז דער קעניג זאָל זיך ערניעדריגען דורך דעם אַראָבלאָזען זיך צים פאָלק. מען האָט, למשל, געהאַלטען פאַר אַ ערניעדערונג פאַר'ן קעניג, ווען ער פלעגט זיך אינטערעסירען מיט'ן אַלטעגליכען לעבען פון געמיינעם פאָלק. דער קעניג האָט דעריבער בכלל גאַנץ ווייניג געוואוסט פון דעם, וואָס עס קומט פאָר אין דער מלוכה, און ווען ער האָט זיך שוין יאָ דערוואוסט, האָט ער נישט געקאָנט העלפען, ווייל זיינע פעראָרדנונגען פלעגען נישט אויסגעפיהרט ווערען. אין חזקיהו'ס צייט איז אַזאַ אויפזעהער איבער'ן פאַלאַץ געווען שבנא, וועלכער האָט געשפּילט אַזאַ ראָליע, פונקט ווי ער וואָלט געווען דער קעניג און די גאַנצע מאַכט פון דער מלוכה וואָלט געהערט נאָר איהם. ער האָט אַזוי פערשטאַנען איינצו־אָרדנען די גאַנצע רעגירונג, אַז ער איז געווען דער פאַקטישער בעל־הבית אין יהודה, און זיין ווילען איז פאַר אַלעמען געווען אַ געזעץ.

אין דער ערשטער צייט פון חזקיהו'ס רעגירונג האָבען די הויף־לייט, די ריכטער און די אַנדערע בעאַמטע נאָך איבערגעלאָזען דעם יונ־גען קעניג אַ ביסעל זעלבסטשטענדיגקייט, ביז מען וועט זיך דערוויסען, וואָס פאַר אַ כאַראַקטער ער האָט, און וואָהין ער איז נוטה. אין דער דאָזיגער עפּאָכע פון זיין רעגירונג האָט חזקיהו נאָך געקאָנט מאַכען וועלכע ס'איז פלענער און טיילווייז זיי אויך אויספיהרען. אַזוי איז איהם געלונגען צו דערווייטערען די געצענדיענערייַ, איינצואָרדנען צוריק דעם גאָטעס־דינסט אין בית המקדש און אָבצוזאָגען פון זייערע שטעלעס פיעל פערברעכערישע און חוצפה'דיגע בעאַמטע פון זיין הויף. ס'פערשטעהט זיך, אַז חזקיהו האָט אויך פערזאָרגט די לויים, וועלכע זענען געווען דער הויפּט־עלעמענט צווישען די „ענוים" און דערצו זינגער און דיכטער. לויט חזקיהו'ס בעפעהל האָט מען אָנגעהויבען צו געבען ווידער אין דער צייט תרומות און מעשרות, און די לויים האָבען בעקומען זייער געהערי־גען חלק.

וויפיעל האָט אָבער חזקיהו געמוזט אַרבייטען, כדי „אויסצוואַשען די אונריינקייט פון ציון", יענע שמוציגקייטען און פערדאָרבענע מדות, וועלכע די געצענדינערייַ האָט מיטגעבראַכט! דער בית המקדש איז געשטאַנען פער'יתומ'ט, וועהרענד דאָס לאַנד איז פיל געווען מיט די געצען און זייערע מזבחות. חזקיהו האָט ווידער געעפענט און אָבגערייני־ניגט דעם בית המקדש און צושטערט דאָרט אַלע בילדער פון די אָבּ־געטער; אויך די קופּערנע 'שלאַנג, וועלכע איז געווען אַ סימבאָל פינ'ם גאָט פון דער מעדיצין, האָט ער אַרויסגעוואָרפען פון בית המקדש. כדי אָבער צו מאַכען איינמאָל פאַר אַלע מאָל אַ סוף מיט דער געצענדינערייַ, האָט ער אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל, אַז מען זאָל מעהר נישט טאָרען בויען קיין מזבחות אויף די בערג (במות) און נישט ברענגען דאָרט קיין קרבנות, אפילו צו גאָט אויך נישט, נאָר יעדער, וועלכער וויל אַ קרבן

אלענפאלס איז חזקיהו דערין נישט שולדיג געווען, דען זיין שטים האט געהאט א קליינע בעדייטונג אין דער בעראטונג פון די שרים וועגען מלחמה אדער שלום. אבער העכסט איבערראשענד און משונה'דיג קומט אונז פאר די פאליטיק, וואס די שרים האבען געפיהרט, נאכדעם ווי שומרון איז געפאלען, ווען זיי האבען געראטען צו געהן זוכען הילף ביי מצרים און ארויסטרעטען געגען אשור. ווען די שרים וואלטען אזא פא־ליטיק געפיהרט נאך האן, ווען שומרון האט געהאלטען אין קאמפף פאר איהר פרייהייט, וואלט עס געווען פיעל קליגער; אלענפאלס וואלט עס גע־ווען א טהאט א שענע און אן אידעלע, וואס יהודה וואלט געגאנגען העל־פען די אידישע ברידער געגען אשור, חאטש זי וואלט זיך דאדורך אליין געשטעלט אין גרויסע סכנה; איצט אבער האט די דאזיגע פאליטיק קיין שום פערשטענדליכען גרונד נישט געהאט. די שרים פון יהודה האבען זיך געהאלטען פאר גרויסע חכמים, אבער זייער עצה ארויסצו־טרעטען איצט געגען אשור איז געווען אן'אמת'ע פערבלענדעניש. זיי זענען געגאנגען פונקט מיט'ן זעלביגען דרך, וואס שומרון איז געגאנגען מיט א יאהר צעהן פריהער. זיי האבען געזוכט שטיצע ביי מצרים, וועל־כע האט זיי געזאלט שיקען אן'ארמעע אדער פערד, צו פיהרען מלחמה געגען אשור. עס פערשטעהט זיך, אז מען האט אין דער שטרענגסטער געהיימניס אונטערגענומען די אויספיהרונג פונ'ם דאזיגען פלאן. געגען דער פאליטישער אוואנטורע האט ארויסגעטרעטען דער נביא ישעיה, ער האט בעוויזען, אז דער וועג פון די שדים איז א פאלשער, און וועט ברענגען דעם זעלביגען חורבן, וואס איז געקומען איבער שומרון. אבער די שדים האבען ביי ישעיה'ן דיווארט-פרייהייט צוגענומען; זיי האבען איהם נישט ערלויבט צו רעדען, ווייל זיי האבען געוואוסט גאנץ גוט, דאס דורך זיין רעדען וועט ער דערוועקען געגען זיי דעם קעניג און דאס פאלק. ישעיה האט קלאר געזעהן, אז פון דער האפנונג אויף מצרים וועט זיך גארנישט אויסלאזען, און אז אשור וועט צודריקען די קליינע מליכה יהודה, ווי זי האט שוין איצט געהאט איינגענומען כמעט דאס גאנצע לאנד פון די פלשתים, אויסער נאר דער ים־שטאדט אשדוד, וועלכע האט זיך נאך געהאלטען. אין ירושלים האט מען געווארט אויפ'ן סוף פון דער מלחמה געגען אשדוד זעהר געשפאנט. ישעיה האט דעריבער אויסגע־ניצט די דאזיגע געשפאנטע שטימונג, כדי צו ווארנען דאס פאלק געגען דער שלעכטער פאליטיק פון די שרים אויף זעהר אן'אריגינעלען אופן: ער האט אנגעטהון זיין הארינגען מאנטעל (דעם זאק) און האט זיך גע־לאזט געהן בארפוס אין די גאסען פון ירושלים, און דאס האט געדארפט בעדייטען: אשדוד וועט פאלען און די איינוואהנער פון מצרים וועלען דורכ'ן קעניג פון אשור געפיהרט ווערען אין געפאנגענשאפט בארפוס און נאקעט. דריי יאהר האט געדויערט די בעלאגערונג אויף אשדוד, און ווען די שטאדט איז ענדליך געפאלען, האט דער נביא שוין מעהר נישט גע־

די לאַגע איז געװען אַזאַ: די אידישע שבטים קעמפּפען שױן כמעט גאַנ־
צע דרײַ יאָהר פאַר זײער פרײַהײט, און אױב זײ װעלען פאַלען, ערװאַר־
טעט זײ אַ שרעקליכער גורל, פערקױפט צו װערען פאַר קנעכט. צו האָט
ער אַלזאָ, חזקיהו, דער קעניג פון יהודה, געקאָנט זיך אָבזאָגען פון צו
געהן געבען הילף זײַנע ברידער? פון דער אַנדערער זײַט אָבער איז איהם
אױך געװען שרעקליך צו דערװעקען געגען זײַן אײגען לאַנד דעם מעכ־
טיגען קעניג פון אשור. װאָס טהוט מען? מעגליך, אַז חזקיהו איז געװען
צופריעדען דערמיט, װאָס זײַנע שרים מיט שבנא'ן אין דער שפּיץ האָ־
בען אַלײן אַנגענומען אַ בעשלוס װעגען דער שװערער פראַגע און איהם
בעפרײַט פון דער נױטװענדיגקײַט אַלײן צו נעהמען אױף זיך די אחריות.
ס'האָט זיך אָבער באַלד אַרױסגעװיזען, אַז די שרים האָבען געפיהרט
זעהר נישט קײן שענע און אָרענטליכע פּאָליטיק אין דער בעציהונג צו
שומרון: זײ האָבען דער מלוכה פון ישראל נישט געשיקט קײן הילף,
כלומרש'ט, צוליעב דער מורא פאַר אשור; אָבער באַלד נאָך דעם שרעק־
ליכען חורבן פון די עשרת השבטים האָבען זײ אַלײן געזוכט אַלערלײ
מיטלען, װי אַזױ אַרױסצוטרעטען געגען אשור מיט אַנ'אױפשטאַנד. די
שרים זענען געװען געגנער פונ'ם קעניג, און אַט דערפון זענען אַרױסגע־
קומען פיעל סכסוכים און רײַבונגען, װעלכע זענען געװען די סבות פון
אַלערלײ גרױסע סתירות, װאָס מען בעמערקט אין חזקיהו'ס רעגירונג.
מען זעהט דאָ שענע גדלות און מאוס'ע שפלות, געהױבענע מדות טובות
און שרעקליכע מאָראַלישע פערדערבונג. יחזקיהו'ן איז אפילו נישט געלונ־
גען אײנגאַנצען צו פערטרײַבען די געצענדיענערײַ. די שרים האָבען נאָך
געהאַט איבערגעלאָזען בײַ זיך אין דערהײם זײערע גאָלדענע און זילבער־
נע געצען, אין זײערע גערטנער זענען נאָך געשטאַנען די מזבחות פון דער
אונציכטיגער געצין עשתרות אונטער די בױמער, װעלכע מען האָט פאַר
איהר געפלאַנצט.

און אױך די אױסערליכע פּאָליטיק האָט שטאַרק געליטען פון דער
אונמעכטיגקײַט פונ'ם קעניג און דעם צו שטאַרקען װילען פון די שרים
מיט'ן „אױפזעהער" שבנא בראש. די פּאָליטישע לאַגע פון אַלע קלע־
נערע מלוכות צװישען אשור און מצרים איז געװען זעהר אַ געדריקטע:
די געפאַהרען זענען פאַרגעשטאַנען מצד בײדע גרױסע מלוכות, סײַ מיט
װעמען מען איז פערבונדען געװען, סײַ מצד דעם געגנער. יהודה איז זיך
געבליעבען אונטערטעניג בײַ אשור, אפילו אױך אין דער צײַט, װען
די מלוכה פון די עשרת השבטים האָט איהר בלוטיגע מלחמה געגען
אשור געפיהרט און געקעמפּפט מיט די לעצטע כחות פאַר דער זעלבסט־
שטענדיגקײַט. איצט איז, נאַטירליך, שװער צו זאָגען, צי איז עס געװען
דאַמאָלס אַ פעהלער מצד יהודה, װאָס מען איז נישט געקומען צו הילף
די אײגענע ברידער אין דער נױט, צי איז דאָס געװען אַ פערברעכען,
אָדער אפשר גאָר אַ נױטװענדיגער שריט פון פּאָליטישער קלוגשאַפט.

שטערונג ביי'ם מאכען דעם אנפאל אויף מצרים האט שוין אשור איצט נישט בעגעגענט;

סנחריב האט געהאט מיט זיך פיעל מלכים, געהענדיג אין דער מלחמה, און ער האט זיך געמעגט בערימען, אז ער איז א „מלך איבער מלכים“. אין לאנד יהודה האט מען געמאכט די נויטיגע הכנות צו קאנען שטעלען זיך געגען דעם שרעקליכען שונא. די אידישע ארמעע איז אבער געווען צו שוואך צו פיהרען א מלחמה אויפ'ן אפענעם פעלד געגען אשור, דעריבער האט מען בעסער געטראכט וועגען די פעסטונגען אויף די בערג, וועלכע האבען געדארפט אבהאלטען אזוי לאנג די ארמעע פון אשור, ביז עס וועט קומען די הילף פון מצרים. מיט א בעזונדערען ברען האט מען בעפעסטיגט ירושלים. דעם אויבערשטען טייך, וועלכער האט בעקומען זיין וואסער פונ'ם קוואל גיחון, האט מען פערמויערט און דאס וואסער האט מען אריינגעפיהרט אין שטאדט דורך א קאנאל אונטער דער ערד; דעם וואסער־קאנאל, וואס האט זיך געצויגען פונ'ם קוואל עיטם, האט מען אויך פערשטאפט, כדי דער פיינד זאל נישט האבען קיין וואסער צו טרינקען און נישט קאנען האלטען לאנג די בעלאגערונג. אין געוועהר־הויז, „דאס הויז פון וואלד לבנון“, האט מען צונויפגענומען זעהר פיעל געוועהר.

די גאנצע דאזיגע ארבייט איז דורכגעפיהרט געווארען אונטער דער אויפזיכט פון שבנא דעם „סוכן“, וועלכער איז, צוזאמען מיט די שרים פון יהודה מיט אלע זייערע אנהענגער, געווען גאנץ מוטיג און אהן קיין שום מורא פאר'ן אנקומען פון אשור'ס ארמעע. אין ירושלים האט מען גארנישט געקאנט דערקענען, אז מען שטעהט פאר א שרעקליכער מלחמה. איבעראל האט געהערשט, א גאוה'דיגע אויסגעלאסענהייט, די אוונדען האט מען צוגעבראכט ביי בעכער וויין, מען האט געגעסען און געטרונקען און געווען לעבעדיג, לוסטיג. און ווי מען וואלט א שטייגער, שוין זיך נישט געקאנט דערווארטען צו זעהען שוין א מאל דעם טייערען גאסט — דעם פיינד ארום שטאדט, פלעגט מען ארויפגעהן אויף די דעכער פון די הייזער און קוקען אין דער וויטען, אפשר וועט מען איהם שוין דערזעהען. שבנא האט אבער, אלס קלוגער מענש, אויך א טראכט געטהון וועגען דעם פאל פון א מפלה, און ער האט פעראָרדענט, אז אויב ער וועט דער'הרג'עט ווערען אין מלחמה, זאל מען איהם מקבר זיין נישט ווי א געוועהנליכען בשר־ודם עפעס אין א קבר, נאר אין א קעניגליכען קבר, דען ער האט זיך געהאלטען אזוי גרויס, ווי א מלך. צום דאזיגען צוועק האט ער זיך געלאזען אויסהאקען א קבר אין א הויכען שטיינערנעם בארג און קעניגליך בעפוצען איהם. ישעיהו האט נישט געקאנט צוזעהען אזא פערבלענדעניש און אזא גאוה, און אין א רעדע, וואס יעדעם ווארט פון איהרווירקט, ווי א רוט, האט ער פאר'ן פאלק און די שרים געשילדערט זייער לייכטזיניגקייט און גרויס

שווייגען און ער האט עפענטליך ערקלערט, וואס ער האט געמיינט צו זאגען מיט זיין נאקעטען און בארופס'ען שפאצירען אין די גאסען פון ירושלים.

אבער אויך די מפלה פון אשדוד און די פערקלייכטונג פון די פלשתים האבען נישט איבערגעשראקען די שרים פון יהודה; זיי האבען זיך זייער פאליטיק געפיהרט ווייטער. געווים האט זיי דערצו דערוועקט דער מצרים'ער קעניג, תרהקה. שלוחים פון יהודה זענען ווידער אבגעגאנגען קיין מצרים און געשלאסען א פייערליכען בונד, ווי עס שיינט, מיט דער בעדינגונג, אז אויב אשור וועט אנפאלען אויף יהודה, זאל מצרים איהר שיקען א גרויסע רייטער־מחנה צו הילף. צוזאמען מיט די שלוחים איז אויך געשיקט געווארען א גאנצע קאראוואנע פון קעמלען און מויל־עזלען, וועלכע האבען געטראגען מתנות דעם קעניג פון מצרים, דען חאטש מצרים האט זיך אליין אויך גענויטיגט אין'ם בונד מיט יהודה, האט דאך דער קעניג פון מצרים פונדעסטוועגען נישט געוואלט צוזאגען קיין הילף אהן מתנות.

ישעיה האט אנגעווענדעט זיין גאנצע רעדנערישע קראפט צו דער־ווייזען, ווי שלעכט די פאליטיק פון די שרים איז. די שענסטע רעדעס פינ'ם נביא שטאמען פון יענער צייט. אלע מיטלען פון דער נביא'ישער רעדנערישער קונסט האט ער אנגעווענדעט געגען די שרים און זייער עקשנות; ער האט געשילדערט, ווי שרעקליך עס וועט זיין דאס קומענדע אונגליק, ער האט מיט א שארפער איראניע אויסגעלאכט די פערבלענדע־ניש פון די שרים; ער האט מילד געזאגט מוסר און דערצעהלט וועגען א בעסערער צוקונפט; די שענסטע אויסדריקען האט דער נביא אנגע־ווענדעט אין זיינע איצטיגע רעדעס. ישעיהו'ס עצה איז געווען: נישט צו מישען זיך אין דער מלחמה צווישען אשור מיט מצרים, בלייבען אינ־פארטייאיש, גאר נישט צו אונטערנעהמען געגען אשור, נאר פערהאלטען זיך רוהיג. די רעכטע שארפקייט אבער פון זיינע דאזיגע רעדעס האט ישעיהו אנגעווענדעט נאר געגען די פערבלענדעטע הויף־לייט און שרים פון יהודה.

די שרים מיט זייער פאליטיק האבען זיך אבער וועניג וואס גע־קימערט וועגען דעם, וואס דער נביא זאגט. דער קעניג חזקיהו, אדער ריכטיגער זיינע שרים, האט זיך אבגעזאגט פון אשור און האט מעהר נישט געשיקט קיין דמשק זיין יעהרליך אבצאהל. דאס, וואס האט, אלזא, געמוזט פארקומען, איז פארגעקומען. סנחריב, דער קעניג פון אשור, האט פערזאמעלט א גרויסע ארמעע, צו געהן נישט בלויז געגען יהודה, נאר אויך געגען מצרים. דען דאדורך, וואס אשור האט פריהער איינגענומען ארם, פעניקיען, שומרון און דאס לאנד פון פלשתים, איז איצט לייכטער געווען פאר דער אסירישער ארמעע צו קומען קיין מצרים, דען קיין

דאָך געוואָרענט, אַז מען זאָל נישט מאַכען דעם אויפֿשטאַנד געגען אשור און נישט האָפֿען אויף דער הילף פֿון מצרים, ווייל זי וועט נישט קומען — דוקא דער נביא ישעיה איז איצט, ווען דאָס אונגליק האָט שוין אויס־געבראָכען, אַליין געבליבען פֿעסט און נישט דערשראָקען, און ער האָט אַלעמען צוגעגעבען מוט און טרייסט. אויף איינעם פֿון די גרויסע שטאָדט־פּלעצער אין ירושלים האָט ער ווידער געהאַלטען אַ רעדע, וועלכע איז דורך איהר פֿאָלקסטימער שענער פֿאָרם און דורך איהר התלהבות'דיגען גייסט אַן אמת'ע מייסטער־ווערק, פֿון די שענסטע אין ישעיה'ס נביאות. אין דער דאָזיגער רעדע האָט ער נבואה געזאָגט, אַז סנחריב'ס אַרמעע וועט האָבען אַ מפּלה, און דערביי שילדערט דער נביא אַ גלענצענדע צוקונפֿט פֿאַר אידען, ווען די פֿערטריבענע און אַלע לענדער וועלען זיך צוריקקעהרען קיין ארץ־ישראל, און די עשרת־השבטים וועלען זיך פֿעראייניגען מיט יהודה; קנאה און פֿיינדשאַפֿט וועט מעהר נישט פֿאָרקומען און עס וועלען ווידער געשעהען אַזעלכע וואונדער, ווי עס זענען געווען בשעת אידען זענען אַרויסגעגאַנגען פֿון מצרים. דאָס פֿאָלק וועט דאַמאָלס זינגען אַ התלהבות'דיג ליעד:

„פֿרעה זיך, טריאומפֿיר, בעפֿעלקערונג פֿון ציון,
„גרויס איז צווישען דיר דער הייליגער ישראל'ס!"

פֿיעל אָפּטימיזם האָט דער נביא געמוזט האָבען, אום אין אַזאַ צייט צו מאָהלען הערליכע בילדער פֿון דער צוקונפֿט. די לאַגע איז געווען פֿערצווייפֿעלט. דאָס לאַנד איז געלעגען חרוב, די שטעדט — פֿערברענט, דער באָדען אויסגעטראָטען דורכ'ן פֿיינד, די הויפּט־שטאָדט — בעלאַ־גערט און נאָהענט צום אונטערגאַנג. און דער נביא רעדט מיט אַזאַ זיכערקייט פֿון גרויסע גליקען און שענע טעג, ווען אַן'אייביגער שלום וועט הערשען צווישען די פֿעלקער. די אַלגעמיינע לאַגע און די שרעק־ליכע אויסזיכטען זענען געווען פֿאַר אַלעמען קלאָר: סנחריב האָט זיין חיל צונויפֿגענומען דאָך נישט כדי צו געהן נאָר דוקא אויף יהודה; ער האָט דאָך געוואָלט געהן אויף מצרים; איצט, ווען פֿיעל שטעדט פֿון יהודה זענען שוין חרוב געווען, האָט ער דאָך גאָרנישט געהאַט נאָך וואָס אָפּצושטעלען זיך פֿאַר ירושלים; ער האָט געקאָנט געהן דורך דאָס לאַנד פֿון פלשתים קיין מצרים, און די הויפּט־שטאָדט פֿון יהודה, וועלכע ס'איז נישט לייכט איינצונעהמען צוליעב איהר שטאַרקער נאַטירליכער בע־פֿעסטיגונג, וואָלט זיך שוין אַליין אונטערגעגעבען.

דער קעניג חזקיהו, וועלכער האָט געזעהען אין וואָס פֿאַר אַ פֿער־צווייפֿלונג ירושלים איז געווען צוליעב דעם חורבן, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין גאַנצען לאַנד, איז געוואָרען שטאַרק דערשראָקען און האָט געשיקט שלוחים צו סנחריב'ן, כדי אויסצודריקען פֿאַר איהם די חרטה אויפֿ'ן אָב־פֿאַלען פֿון אשור און ערקלערען זיך איינגאַנצען פֿאַר אונטערטעניג. דער

-טחון אין זיך און דאַן איז ער בעזונדערס שטאַרק אַנגעפאַלען אויפ'ן פערוואַלטער שבנא, וועלכען ער האָט געהאַלטען פאַר'ן אמת'ן אונגליק-ברענגער אויפ'ן לאַנד יהודה, און מיט אַ פערניכטענדער איראָניע פרעגט ער ביי איהם:

„וואָס און ועמען האָסטו דאָ,
„דאָס דו האָסט פאַר זיך אַ קבר
„אויסגעהאַקט אין פעסטען באַרג?.
„גאָט וועט דיך פערשלײַדערן
„ווײַט, גאַנץ ווײַט אין פרעמדען לאַנד;
„דאָרטען וועסטו שטאַרבען גאָר;
„דאָרטען בלײַבען דײַנע גרויסע,
„פרעכטיגע רײַטוואָגענס, —
„שאַנד אין הויז פון דײַנעם הערן!
„פון דײַן שטאַנד, דעם איצטיגען,
„וועל איך דיך פערשטויסען;
„פון דײַן שטאַרקער, גרויסער שטעלע
„וועל איך דיך אויסרײַסען“.

צו די דאָזיגע עפענטליכע רעדע צו אַנדערע אורזאַכען האָבען געווירקט, נאָר דער קעניג האָט זיך מוט געמאַכט און דערהײַטערט דעם שטאָלצען פאַלאַץ־אויפזעהער פון זײַן שטעלע.

אָבער דאָס געשעהענע האָט מען שוין צוריק נישט געקאָנט אומקעהרען. דער גרויסער און שטאַרקער מלך פון אַשור, סנחריב, פול צאָרן איבער חזקיהו'ס אָבפאַל פון אַשור, איז שוין געווען אויפ'ן וועג צו יהודה, כדי צו פערוויסטען דאָס גאַנצע לאַנד. אַלע אידישע פעסטע שטעדט, וועלכע זענען געלעגען פאַר איהם אויפ'ן וועג, האָט ער גענומען אין שטורם און חרוב געמאַכט. די אײַנוואָהנער זענען ענטלאָפען אין גרויס אַנגסט און מיט יאָמער קײַן ירושלים, דען די אַרמעע פון אַשור האָט נישט געשוינט נישט אַלט נישט יונג, אַלעמען האָט זי אָדער אויסגע־הרג'עט, אָדער פאַר קנעכט אין געפאַנגענשאַפט גענומען. די וועגען זענען שוין איצט פערוויסט געוואָרען, קײַן מענשען האָט מען אויף זיי נישט געזעהען, ווײַל קײנער האָט זיך נישט דערוועגט צו בעווײַזען זיך אויפ'ן אָפענעם פעלד פאַר די מערדערישע מחנות. סנחריב האָט שוין אויס־געשטרעקט זײַן האַנד דראָהענד אויף ירושלים. אפילו ביי די גרעסטע גבורים איז דער מוט געפאַלען, ווען דער שטאַרקער שונא איז צו דער הויפט־שטאָדט געקומען נאָהענטער; די פריהערדיגע גאווה און בעריה־מערײַ איז איצט פערוואַנדעלט געוואָרען אין פחדנות. וועגען שטעלען זיך ענטקעגען האָט מען גאָרנישט געטראַכט. אָבער וועהרענד אַלע זענען געווען פערצווייפעלט, איז דוקא דער נביא ישעיה, וועלכער האָט

גערופען הויך צו זיי, אז זיי זאלען זיך נישט לאזען איינרעדען פון חזקיהו, אז גאט וועט זיי העלפען. „צי האבען דען די געטער פון די פעלקער, וועלכע אשור האט איינגענומען, געהאלפען די פעלקער אין דער נויט?“ דערביי האט רבשקה געפאדערט פון די אידישע קעמפפער גאר א קלייניגקייט: זיי זאלען זיך אבזאגען פון חזקיהו און איבערגעהן צו סנחריב׳ן, און ער וועט זיי אבפיהרען אין א לאנד, וואס איז אויך אזוי פרוכטבאר, ווי ארץ ישראל. הערענדיג די דאזיגע רעד האבען דאס פאלק און די קעמפפער געשוויגען און נישט געענטפערט. אבער ווען מען האט זיך אין ירושלים דערוואוסט, וועגען וואס מען האט די אונטערהאנדלונג געפיהרט, איז געפאלען אן אימה אויף אלע קלאסען פון דער בעפעלקערונג. חזקיהו האט דעריבער גוזר תענית געווען און געהייסען אלעמען קומען אין בית המקדש, גאט צו בעטען. ער אליין האט אויך צוריסען די קליידער און איז אוועקגעגאנגען, איינגעהילט אין א זאק אין בית המקדש אריין, תפלה צו טהון פאר גאט.

די דאזיגע געלעגענהייט האט אויסגענוצט ישעיהו, צו שטראפען די גרויסע שרים פון יהודה. ער האט זיי אנגעוויזען, אז זייער גאט בעטען, זייער כלומרש׳טע פרומקייט, זייערע קרבנות און תעניתים האבען נישט קיין שום ווערט, כל זמן זיי האבען נישט אויפגעהערט צו בערויבען דעם ארעמאן און צו משפט׳ן פאלש דעם גערעכטען. די דאזיגע שטראפ-רעדע פונ׳ם נביא האט געווירקט ווי א צושמעטערנדער דונער אויף די שרים, וואס זייער מוט איז איצט געווען געפאלען. אבער ווי אזוי האט מען זיך געקאנט ארויסראטעווען אינ׳ם איצטיגען מאמענט? רבשקה ווארט דאך אויף אן ענטפער! דאס פאלק און דער אידישער חיל האבען דעם מוט פערלארען; וואס טהוט מען, אויב זיי וועלען, כדי דאס לעבען צו ראטעווען, באמת אריינלאזען דעם פיינד אין שטאדט, ווי רבשקה האט זיי פארגעלעגט? איצט האבען אלע געקוקט אויפ׳ן נביא ישעיה, וואס האט געקאנט האבען דעם איינפלוס אויפ׳ן פאלק. דער קעניג האט געשיקט צום נביא איינעם פון זיינע גרעסטע שרים און דעם עלטסטען פון די כהנים, אז ער זאל גאט בעטען פאר׳ן „רעשט אידען“, וועלכע זענען נאך געבליבען פון גאנצען פאלק, און אויך זאגען אלעמען זיין טרייסט-ווארט. דער נביא האט געענטפערט אין א קורצער רעדע, אז זיי זאלען זאגען דעם קעניג חזקיהו, דאס ער זאל זיך נישט שרעקען פאר׳ן שטאלצען סנחריב, וואס ער האט גאט געלעסטערט; דען ער וועט ערהאלטען א ידיעה, וואס וועט איהם אזוי דערשרעקען, אז ער וועט די בעלאגערונג פון ירושלים ארונטערנעהמען און אבציהען צוריק אין זיין לאנד. די געשעהענישען זענען טאקי אזוי פארגעקומען. חזקיהו האט אבגעענטפערט: ער שרעקט זיך נישט פאר׳ן מלך פון סנחריב און ער וועט איהם די שטאדט נישט אבגעבען, ווייל ער האט בטחון אין גאט, אז ער וועט איהם בעשיצען פאר׳ן גרויסען חיל פונ׳ם מלך פון אשור.

מלך פֿון אַשור האָט צוערשט געפֿאָדערט די גרויסע סומע פֿון דריי הונ־
דערט ככּר זילבער און דרייסיג ככּר גאָלד. מיט אַ שווער הארץ האָט
חזקיהו געבראַכט די דאָזיגע סומע; כּדי צו האָבען דאָס געלד, האָט מען
געמוזט אָבּרייסען די גאָלדענע בעציערונג פֿון די טהירען פֿון בית
המקדש. אָבער סנחריב האָט דערמיט נאָך נישט צופֿריעדענגעשטעלט זיך;
ווען ער האָט די דאָזיגע סומע ערהאַלטען, האָט ער געפֿאָדערט נאָך מעהר
און דערצו אַנ'אונבעדינגטען אונטערגעבען זיך פֿונ'ם קעניג און זיינע
שרים. כּדי צו פֿערשטאַרקען זיין פֿאָדערונג, האָט ער געשיקט אַנ'אָב־
טהיילונג פֿון זיין חיל צו ירושלים מיט דריי בעאַמטע אין דער שפּיץ:
תּרתן, רב סרים און רבשקה. די אַרמעע פֿון אַשור האָט זיך אויסגעשטעלט
אין צפון־מזרח פֿון ירושלים, נעבען דעם אויבערשטען טייך און אָנגע־
הויבען די בעלאַגערונג. איידער אָבער מען האָט אָנגעהויבען שטורמען
אויף דער שטאָדט, האָבען די אַסירישע בעאַמטע געפֿאָדערט, אַז חזקיהו
זאָל מיט זיי האָבען אַנ'אונטעררעדונג. אַנשטאָט אַליין אַרויסצוגעהן צו
זיי, האָט חזקיהו געשיקט זיינע דריי שרים און צווישען זיי אויך אליקום
דער פֿערוואַלטער, וועלכער איז שוין איצט געוועזען אויף שבנא'ס שטעלע.
רבשקה האָט גערעדט מיט די אידישע שרים אין סנחריב'ס נאָמען מיט
אַזאַ שטאָלצען טאָן, פּונקט ווי דאָס איינעהמען פֿון ירושלים וואָלט פֿאַר
איהם געווען גאָר אַ קלייניגקייט, ווי נעהמען אַ נעסט פֿון אַ פֿויגעל אויפ'ן
פֿרייען פֿעלד. אויף דער אויסערסטער מויער פֿון שטאָדט זענען געשטאַנען
די אידישע קעמפּפֿער און צוגעהערט מיט אַ פֿערפּרעסטען אָטעם די אונ־
טערהאַנדלונג. כּדי איינצושרעקען די אידישע קעמפּפֿער, האָט רבשקה
גערעדט העברייאיש, כּדי אַלע זאָלען פֿערשטעהן, וואָס ער רעדט: „זאָגט
חזקיהו'ן, — האָט רבשקה אָנגעהויבען — אויף וואָס פֿערלאָזט דו זיך
דען? צו אַ מלחמה איז ווייניג אַרויסצוטרעטען מיט שאַרפֿע רייד, מען מוז
אויך זיין אַ גבּור און קאָנען זיך אַנ'עצה געבען. מצרים וועט דיר נישט
העלפֿען; מצרים איז ווי אַ געבראָכען שטעקעל, וואָס אויב מען שפּאַרט
זיך אָן אויף איהם, פֿערשטעכט מען זיך נאָר די האַנד און מען פֿער־
וואונדעט זיך. אָבער אויב אפילו מצרים וועט דיר שוין שיקען פֿערד,
האָסטו דאָך אויך נישט אין דער אַרמעע פֿון יהודה קיין צוויי טויזענד
מאַן, וואָס זאָלען קאָנען קעמפּפֿען. אויף גאָט'ס שוץ קאָן חזקיהו דאָך גע־
וויס זיך נישט פֿערלאָזען, דען ער האָט דאָך איינגעפֿיהרט אַ נייע אָרדנונג
און האָט דאָך דעם אַלטען גאָטעס־דיענסט צובראָכען“. — ווען חזקיהו'ס
שרים האָבען דערביי געבעטען ביי רבשקה, אַז ער זאָל בעסער רעדען
צו זיי אין זיין אייגענער שפּראַך, אַראַמייאיש, האָט רבשקה דערויף
געענטפֿערט, אַז ער רעדט בכּיון העברייאיש, כּדי די אידישע קעמפּפֿער
זאָלען הערען און פֿערשטעהן און נישט לאָזען זיך פֿערבלענדען דורך
חזקיהו'ס פֿערזיכערונגען, אַז ער וועט זיי פֿיהרען צום נצחון. און כּדי
נאָך בעסער צו ווירקען אויף די אידישע קעמפּפֿער, האָט רבשקה אויס־

„פערשמאכטעט הויב איך מיינע אויגען
„צום הימעל. אה, מיין גאט, איך בין
„געדריקט, טא העלף זשע, העלף דאך מיר!
„וואס זאל איך זאגען: ער האט דאך
„פערשפראכען מיר און אויסגעפיהרט.
„איך מוז איצט טרויערען מיין לעבען לאנג
„דען, אה, און הארצען איז מיר זעהר בּאנג.
„עס לעבען דאך די, וועלכע גאט בעשיצט
„אה, זאל מיין גייסט צו זיי געהערען איצט!
„אה, שטארק מיך, שענק דאס לעבען מיר!
„עס איז דאך פרידען, אבער מיר איז ביטער,
„דאך ערשט האסטו מיר מיט דיין ליעבע
„ארויסגעהאלפען פון דער טיעפער גרוב,
„פערגעסענדיג מיין זינד איינגאנצען.
„דען ניט דער שאול און ניט דער טויט
„דאך קאנען דאנקען, לויבען דיך,
„עס האפען אויך נישט אויף דיין חסד
„די, וועלכע ס'האט די ערד בעדעקט...
„נאר לעבען, לעבעדיגע לויבען,
„ווי איך, דיין גרויסען נאמען היינט;
„דער פאטער טהוט די קינדער זאגען
„פון דיינע גרויסע חסדים שטענדיג.
„צו העלפען מיר איז גאט דערנעבען,
„און מיינע ליעדער וועלען מיר נאך זינגען
„אין גאטעס הויז דעם גאנצען לעבען".

אין ירושלים איז געווען די פרייד זעהר גרויס, ווען דער קעניג איז צוריק געזונד געווארען, אבער זי איז געווען געשטערט דורך דער מורא פאר סנחריב'ן, ווארום אויב סנחריב וועט מנצח זיין אין זיין מלחמה געגען מצרים, וועט ער די ערשטע זאך פערוויסטען דאס גאנצע לאנד יהודה און מאכען א סוף מיט דוד'ס טהראן. אבער פלוצלונג איז אין ירושלים ערהאלטען געווארען די פרעהליכע ידיעה, אז סנחריב מיט זיין ארמעע האט זיך געשווינד אומגעקעהרט צוריק אהיים קיין אשור, ווי ער וואלט א שטיינגער, פון א פיינד אנטלאפען (781 פאר'ן צווייטען חורבן). וואס איז פארגעקומען? וואס איז געווארען פון דער גרויסער ארמעע פון אשור? גענוי האט מען שפעטער דאס אויך נישט געוואוסט, ווייל דאס מלחמה־פעלד איז געווען גאנץ ווייט פון ירושלים. אין ירושלים אבער האט מען דערצעהלט, אז דער „מלאך המשחית" — א שרעקליכע מגפה איז אויסגעבראכען אין דער נאכט איבער דער ארמעע פון אשור, און הונדערט מיט פינף און אכציג טויזענד מאן זענען טויט געפאלען. אין מצרים האט

און איידער נאָך רבשקה איז צוריקגעקומען צו סנחריב׳ן, איז שוין די גרויסע ענדערונג צום גוטען פֿאָרגעקומען: סנחריב האָט פלוצלונג ערהאַלטען אַ ידיעה, אַז תרהקה, דער קעניג פֿון מצרים, פֿונ׳ם קעניגליכען הויז פֿון כּוש, איז איהם אַרויסגעטראָטען ענטקעגען מיט אַ גרויסער אַרמעע, כּדי צו פֿערטרעטען איהם דעם וועג קיין מצרים. סנחריב האָט דעריבער אַראָבגענומען די בעלאַגערונג פֿון ירושלים און פֿערזאַמעלט זיין גרויסע אַרמעע, וועלכע איז געלעגען פֿונאַנדערגעוואָרפֿען אין פֿערשידענע ערטער, כּדי צו געהן ווייטער צום דרום־זייט ביז דער גרעניץ פֿון מצרים ביי דער שטאָדט פּעלוזיום.

אָבער פּונקט אין דעם מאָמענט, ווען ירושלים האָט פֿרייער אָבגעאָטעמט, האָט זיך געטראָפֿען אַ זאַך, וועלכע האָט ווידער פֿערשפּרייט אַ נייע אימה איבער ירושלים: חזקיהו איז פלוצלונג קראַנק געוואָרען, אַזוי געפֿעהרליך, אַז אפילו דער נביא האָט שוין געמיינט, דאָס ער וועט שטאַרבען, און איהם געראַטען צו מאַכען זיין צואה. דער טויט פֿונ׳ם קעניג אין אַזאַ שווערער צייט וואָלט געווים געבראַכט צו נייע אונגליקען, דען צווישען די שרים וואָלטען אויסגעבראָכען די אַלטע סכסוכים און עס וואָלט געקאָנט קומען צו אַ בירגערליכען קריעג. צום גליק איז חזקיהו געזונד געוואָרען, וואָס ס׳האָט אַרויסגערופֿען אַ גרויסע טיעפֿע פֿרייד אין גאַנצען לאַנד, און די פֿרייד הערט זיך אויך אין דעם געזאַנג פֿון נביא, וואָס איז געזונגען געוואָרען אין בית המקדש:

„איך האָב געמיינט: נאָך גאָר בלוט־יונג
„זאָל איך שוין דאַרפֿען געהן אין שאול,
„בערויבט פֿון מיינע רעשטע יאָהרען;
„איך האָב געמיינט, איך וועל שוין וואויל
„נישט זעהען גאָט אין לאַנד פֿון לעבען;
„איך וועל שוין מעהר קיין מענשען זעהען
„מיט די בעוואָהנער פֿון דער שטערבליך וועלט...
„מיין וואָהנונג זאָל שוין אָבגעצויגען זיין,
„אַ ביידעל גלייך פֿון פּאַשע־פֿעלד;
„מיין לעבען זאָל שוין אָבגעשניטען זיין,
„ווי פֿעדים אויף דעם וועבער־שטוהל —
„פֿון פֿריהען מאָרגען ביז דער נאַכט געענדעט!
„איך בין געגליכען אין דערפֿריה,
„ווי דורך אַ לייב שוין גאָר צובראָכען —
„פֿון פֿריהען מאָרגען ביז דער נאַכט געענדעט!
„איך האָב געצווישערט ווי אַ שוואַלב,
„פּונקט ווי אַ קראַנניך האָב איך געטשיפּצעט,
„געמורעט שטיל, וויין, ווי אַ טויב.

נאָך דעם ערשטען קעניג נבונאַסר, האָט געשיקט שלוחים מיט בריעף און מתנות צו חזקיהו׳ן, צו בעגריסען איהם, כלומרש׳ט, צו זיין אויפשטעהן פון קרענק, אָבער בלי ספק, כדי צו שליסען מיט איהם א בונד געגען אשור. ס׳פערשטעהט זיך, אַז חזקיהו האָט זיך שטאַרק געפרעהט מיט אַזאַ פאָרשלאַג, וואָס איז איהם געמאַכט געוואָרען פון אַ קעניג פון אַ וויַיטען לאַנד; ער האָט דעריבער אויפגענומען די שלוחים פון בבל מיט גרויס כבוד און האָט זיי געוויזען זיינע אוצרות, זיינע גרויסע זאַמלונגען פון בשמים און בעזונדערס דעם טייערען באַלזאַם, וועלכער איז געווען אַ זעלטענהייט און איז איבעראַל געזוכט געוואָרען.

די פופצעהן יאָהר, וואָס חזקיהו האָט געקעניגט נאָך דעם אונטערגאַנג פון דער אַרמעע פון אשור, איז געווען אַן אמת׳ע גאָלד־עפּאָכע פאַר׳ן „רעשט אידען“. יעדערער האָט געקאָנט לעבען אונגעשטערט אונטער זיין וויינשטאָק און פייגענבוים, ווי אין דוד׳ס און שלמה׳ס צייטען. איצט זענען געקומען פרעמדע איינוואָהנער אין יהודה, וועלכע מען האָט פריינדליך אויפגענומען, און זיי האָבען זיך פעראייניגט מיט׳ן אידישען פאָלק. די פעראָרעמטע מענשען, די געפּלאָגטע אָרעמע לייט האָט חזקיהו אויפגעהויבען פון זייער שפלות און געגעבען די מעגליכקייט צו פיהרען אַן ערטרעגליך לעבען. נאָר ערשט האָט חזקיהו געקאָנט פערווירקליכען זיין וואָרעמען וואונש, צו האַלטען אין זיין פּאַלאַץ נאָר די געטריַיע מענשען פון לאַנד, די פרומע און ערגעבענע גאָטספּירכטיגע לייט. צו דער הערשאַפט פון פּאַלאַץ־אויפזעהער איז שוין איצט געקומען אַן אַנדער; חזקיהו האָט זיך אויך בעפרייט פון דער אָבהענגיגקייט ביי די שרים, א דאַנק דעם גרויסען וואונדער, וואָס גאָט האָט איהם געטהון. ישעיהו׳ס תלמידים, וועלכע דער נביא האָט מיט זיין גרויסען גייסט אָנגעזאַפּט, זענען געוואָרען די ראַט־געבער פון׳ם קעניג און האָבען זיך גערופען „חזקיהו׳ס לייט“.

די צווייטע העלפט פון חזקיהו׳ס רעגיערונג איז אויך געווען די אויפבליהונגס־צייט פון דער דיכטערישער קונסט, ווי אויך פון דער געלעהרטער ליטעראַטור. די לויים האָבען בעזונגען אין לויב־ליעדער די וואונדערבאַרע ישועה, ווי אַזוי די גרויסע מחנות פון׳ם שטאָלצען סנחריב׳ן זענען אין איינציגען שלאָף געזונקען מיט זייערע פערד צוזאַמען. דאָס זענען שעהנע וואוילקלינגענדע ליעדער, וועלכע פּאַסען זעהר גוט צו ישעיהו׳ס גאָלדענער שפּראַך. די תהלים־געזאַנגען פון יענער צייט האָבען בכלל זעהר אַ הויכען פּאָעטישען ווערט דורך זייער אינהאַלט און פאָרם. „חזקיהו׳ס לייט“ האָבען געזאַמעלט אַלע עלטערע משלים און האָבען צוגעלעגט איינענע פון זייער זייט. נעבען דער פּאָעזיע האָט אויך אויפגעבליהט די פּראָזא אין דער שילדערונג פון היסטאָרישע געשעהענישען, וועלכע איז אפילו שוין פריהער בעשאַפען געוואָרען, איצט אָבער האָט זי זיך שטאַרק ענטוויקעלט ווייטער. די געשיכטע פון דער עפּאָכע פון די „שופטים“.

בען די פּריסטער דערצעהלט, אַז זעהר פֿיעל פֿעלד־מײַז האָבען אין אײן נאַכט איבערגעפּרעסען אַלע בויגענס און רימענס פֿונ׳ם געוועהר, און די אסירישע אַרמעע איז געבליבען כּמעט ווי אונבעוואָפֿענט; זײ האָבען דעריבער געמוזט ענטלויפֿען, מורא האָבענדיג, אַז דער חיל פֿון מצרים זאָל אויף זײ נישט אָנפֿאַלען אין אַזאַ לאַגע.

ווי אַזוי עס זאָל נישט האָבען פֿאָרגעקומען דער אונטערגאַנג פֿון סנחריב׳ס אַרמעע,— פֿאַר יענער צײַט איז עס ערשיענען אַלעמען, ווי אַ וואונדער פֿון גאָט, ווי אַ שטראָף, וועלכע גאָט האָט געשיקט אויף אשור פֿאַר די לעסטערנדע רעד פֿון סנחריב׳ס שרים. אין ירושלים איז די פֿרייד נאָך פֿערגרעסערט געוואָרען דאַדורך, וואָס דער נביא ישעיה האָט פֿון אָנפֿאַנג אָן נבואה געזאָגט, אַז סנחריב וועט קײן אײנציגען פֿײַל אויף ירושלים נישט וואַרפֿען און ער וועט מוזען זיך אומקעהרען צוריק אויפ׳ן וועג, מיט וועלכען ער איז געקומען.

ירושלים האָט זיך אַלזאָ בעפֿרײַט פֿון דעם שרעק פֿאַר אשור. ישעיהו׳ס נבואה: „אשור׳ס יאָך וועט פֿון דײַנע אַקסלען אַראָבפֿאַלען“ איז מקוים געוואָרען אינגאַנצען. די אײַנוואָהנער פֿונ׳ם לאַנד, וועלכע זענען טיילווײַז ענטלאָפֿען קײן ירושלים, טיילווײַז האָבען זיי זיך בעהאַלטען אין די גריבער און הייהלען, האָבען זיך איצט צוריקגעקעהרט אויף זייערע פֿעלדער און אָנגעהויבען זיי צו בעאַרבייטען.

איצט, ווען ס׳איז פֿערשוואונדען געוואָרען די מורא פֿאַר אַ פֿינסטערען בליק פֿונ׳ם קעניג פֿון אשור, האָבען די אײַנוואָהנער פֿון יהודה געקאָנט אָנהויבען טראַכטען וועגען אויפֿזוכען נײַע ערטער, וואו צו וואָהנען, דען די בעפֿעלקערונג פֿון יהודה האָט זיך שטאַרק פֿערגרעסערט *) און עס האָט פֿערפֿעהלט לאַנד אין יהודה פֿאַר די אַרבײַטער. די וואונדערליכע ישועה, וועלכע איז פּלוצלונג געקומען אין דער שווערער נויט, האָט בײַ אַלעמען געשטאַרקט דעם מוט, און מען האָט בעקומען אַ חשק צו פֿיהרען אַ נײַעם קאַמפּף. חאָטש חזקיהו איז כּלל נישט געווען קײן מלחמה־העלד, פֿונדעסטוועגען האָט דאָך יהודה פֿערנומען איצט דעם אָרט פֿון אַ מנצח צווישען די פֿעלקער, וועלכע האָבען געוואָהנט צווישען אשור און מצרים און זענען איצט אויך פֿרײַ געוואָרען פֿון אשור. אַ קעניג פֿון אַ פֿרעמד לאַנד האָט געוואָלט שליסען אַ בונד מיט׳ן מלך פֿון יהודה. בבל, וועלכע האָט זיך מיט אַ יאָהר פֿופֿציג פֿריהער בעפֿרײַט פֿון אשור, איז, ווי עס שײַנט, אונטער תּגלת פּלאָסר, שלמנאָסר און סנחריב ווידער געווען אונטערטעניג בײַ אשור. איצט, נאָך סנחריב׳ס מפּלה, איז בבל ווידער פֿרײַ געוואָרען, און דער קעניג פֿון בבל, מרודך בלאדן, דער פֿינפֿטער

*) ווי עס שײַנט, אויך צוליעב דעם, וואָס עס האָבען אין יהודה אײַנגעוואַנדערט פֿיעל ענטלאָפֿענע פֿון די עשרת השבטים נאָכ׳ן דאָרטיגען חורבן.

שארפע שטורמ'ס פון אונרוהיגקייט; נאך דער גרויסער גייסטיגער פרוכט־באַרקייט, איז געקומען א צייט פון טריקעניש פאר'ן אידישען גייסט. קיין וויכטיגע פאליטישע געשעהענישען אין דער בעציהונג פון יהודה צו די פרעמדע מלוכות זענען אין דער צייט פון חזקיהו'ס זוהן אפילו נישט פארגעקומען. אבער אין דער מלוכה גופא האבען אנגעהויבען פארקומען שענדליכע מעשים. די ממשלה האבען פערהאפט די שרים אין די הענד, און צווישען זיי האט געהערשט קנאה און שנאה, און די מלוכה איז אינ־גאנצען אבגעשוואכט געווארען. צום גרויסען אונגליק פונ'ם לאנד, האט מנשה געקעניגט זעהר לאנג—פיער און פופציג יאהר (פון 765 ביז 711 פאר'ן צווייטען חורבן), און אין אט דער לאנגער צייט האבען די סכסוכים קיינמאל נישט אויפגעהערט צווישען די „שרים און די קצינים". געקומען האט זיך דאס אונגליק דערפון, וואס מנשה איז געווארען קעניג, ווען ער איז נאך גאנץ יונג געוועזען, און די ממשלה האבען אנגעהויבען צו פיהרען די גרויסע לייט די שרים. צו א הויכער ליבע צום פאטערלאנד האבען זיך אבער די שרים פון יהודה נישט דערהויבען; זיי זענען גאר געוועזען פול מיט אנדערע געפיהלען; זיי האבען נאך נישט פערגעסען, וואס פאר א גרויסע מאכט זיי האבען געהאט פאר חזקיהו'ן און ווי זיי האבען די דאזיגע מאכט פערלוירען. איצט אלזא האבען זיי זייער לאנג איינגע־האלטענעם כעס געקאנט אויסלאזען, און זיי האבען זיך קודם כל גע־נומען דערווייטערען יענע פרומע מענשען, „חזקיהו'ס לייט", וועלכע זענען אין די לעצטע יאהרען געוועזען די ערשטע ביי'ם טהראן. נאר נישט בלויז דערווייטערען האבען זיי געוואלט די פרומע לייט, נאר אויך נקמה נעהמען אן זיי. עס זענען געקומען הויף־בעאמטע, וועלכע האבען נאר געטראכט וועגען איין זאך — צושטויסען און פערוויסטען באלד אלץ, וואס חזקיהו האט אויפגעבויט. די ארדנונג, וועלכע חזקיהו האט איינגע־פיהרט — צי איז דאס טאקי געוועזען די גאנץ אלטע אידישע ארדנונג, וועלכע ער האט צוריק איינגעפיהרט, אדער דאס איז באמת געוועזען א נייע ארדנונג, ווי מען האט זיך געקלאגט אין חזקיהו'ס צייטען — חזקיהו'ס ארדנונג איז דאך אבער אין דער ווירקליכקייט בעשטאנען בלויז אין דינען גאט אהן קיין שום בילדער און אין דעם האס געגען יעדער געצענדינעריי. אט די ארדנונג אומצוווארפען האבען זיך איצט גענומען מיט אנ'אמת'ען פאנאטיזם די שרים, וועלכע זענען געשטאנען אליין אין שפיץ פון דער רעגירונג אדער האבען געהאט אויף איהר א זייטיגען איינפלוס. עס איז אויסגעוואקסען א נייע געצענדינערישע פארטיי, וועל־כע האט פערטריבען אלץ, וואס האט געטראגען אין זיך דעם אלטען אי־דישען גייסט און כאראקטער, און איינגעפיהרט אלץ, וואס מען קאן נאר נעהמען ביי פרעמדע. צוליעב וואס האט דאס די פארטיי געטהון, צו־ליעב איהר פאלשען פערשטעהן די אמת'ע בעדייטונג פונ'ם גאטעס־דיענסט, פון דער רעליגיע, אדער צוליעב דעם, וואס מען האט בלויז נא־

דער איבערגאַנג פון יענער עפּאָכע צו דער צייט פון די ערשטע מלכים, די רייהע פון גוטע און שלעכטע מלכים ביז צו דער שפּאַלטונג אין רחבעם'ס צייטען און ביז צום אונטערגאַנג פון דער מלוכה פון שומרון אָדער דעם גלות פון די עשרת השבטים — דאָס אַלין איז געשריבען געוואָרען אין אַנ'עכט מייסטערהאַפטער פאָרם, ווי אויך די ספרים „שופטים", „שמואל" און מלכים" מיט זייער קינסטלערישער צוזאַמענשטעלונג שטאַמען פון יענער צייט. דער היסטאָרישער געדאַנק פון די דאָזיגע ספרים איז, אַז כל זמן ישראל איז געבליבען געטריי זיין גאָט, האָט ער געלעבט אין פריד און פרייד, דאַגעגען די אונגליקליכע צייט איז שטענדיג געקומען דערפון, וואָס מען האָט זיך אָבגעווענדעט פון גאָט און צוגעווענדעט זיך דער געצענדיענעריי. ווי עס שיינט, איז איינער אַ לוי, אָדער אַ תלמיד פון די נביאים פון חזקיהו'ס צייט, געווען דער מסדר פון אַט די אַלע דריי ספרים.

ביז'ן לעצטען טאָג פון זיין לעבען האָט חזקיהו געקאָנט אונגעשטערט רעגירען איבער יהודה, סנחריב'ס מפּלה איז געווען אַזאַ געוואַלדיגע, אַז ער האָט גאָרנישט געקאָנט טראַכטען וועגען אונטערנעהמען אַ נייע מלחמה געגען יהודה. אָבער דער קעניג און דאָס פאָלק זיינען געווען שטאַרק בעזאָרגט, אַז אַשור זאָל פאָרט אַמאָל נישט מאַכען ווידער אַנ'אָנפאַל אויפ'ן לאַנד. און דעריבער האָט מען מיט גרויס פרייד אויפגענומען די בשורה, אַז סנחריב, וועלכער האָט אַזוי חוצפּה'דיג און שענדליך געלעסטערט גאָט און זיין פאָלק, איז פּלוצלונג דער'הרג'עט געוואָרען דורך זיינע איינענע זיהן אין טעמפּעל פון אַנ'אָבגאָט. ווי עס שיינט, האָט חזקיהו נאָך דערלעבט די מפּלה פון זיין פיינד. די מחלוקת, וועלכע עס האָט נאָך סנחריב'ס ערמאָרדונג אויסגעבראָכען אין נינוה צווישען סנחריב'ס זיהן, האָט מעהר נאָך פערשטאַרקט די האָפנונג, אַז ס'איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבען ווייטער פאַר אַנ'אָנפאַל מצד אַשור אויף יהודה.

חזקיהו איז געווען דער לעצטער קעניג, וועלכען מען האָט מקבר געווען אין די קברים פון דוד'ס קעניגליך הויז. דאָס פאָלק, וואָס האָט איהם טיעף געליעבט, האָט איהם אָבגעגעבען גרויס כבוד נאָך זיין טויט. ווי עס שיינט, האָט חזקיהו איבערגעלאָזען נאָר איין איינציגען זוהן, מנשה, וועלכער איז געבאָרען געוואָרען אַ פּאָר יאָהר נאָך דער מלחמה מיט אַשור.

נישט לאַנג האָט געדויערט די גליקליכע עפּאָכע פון מלך חזקיהו. נאָר די לעצטע פופצעהן יאָהר פון חזקיהו'ס רעגירונג פערנעהמט די גאָלדענע צייט. דאָס אונגליק האָט באַלד נאָך חזקיהו'ס טויט, ווידער געהאַרפּט אַריינקומען אין לאַנד יהודה. נאָך דער גרויסער אחדות, וואָס האָט געהערשט אַרום חזקיהו'ן און זיינע בעאַמטע פון די „ענוים", האָבען זיך אָנגעהויבען מחלוקת און סכסוכים צווישען די נייע שרים, וועלכע האָבען פערטריבען „חזקיהו'ס לייט". די לאַגע האָט זיך בכלל אינגאַנצען פערענדערט. נאָך דער אַנגענעהמער רוה האָבען אויסגעבראָכען

דאָרט איינגעאָרדענט בעזונדערע צימערען פאַר זייערע אונציכטיגקייטען. אויך דעם שרעקליכען „תופת“, וואו מען פלעגט די קינדער פערברענען לעבעדיגערהייד, אלס א קרבן פאַר׳ן מולך, האָט מען ווידער אויפגעשטעלט אינ׳ם שענעם טהאַל „בן־הנום“. אזעלכע, כמעט אונגלויבליכע, העסליך־שענדליכע, שרעקליך־גרויזאַמע פערברעכען האָבען אין מנשה׳ס צייטען זיך ענטוויקעלט ביז דער העכסטער מדרגה פון אויסגעלאַסענקייט, ווי מען האָט עס אפילו נישט געוואוסט דערפון אויך אין שומרון אין אחאָב׳ס צייטען. די געצענדיענערײַ האָט שוין איצט געהאַט איהרע פערביסענע פאַנאַטיקער, וועלכע האָבען אָנגעווענדעט אלערליי מיטלען צו מאַכען אינגאַנצען פערגעסען דעם אידישען גאָט. ווי עס שיינט, האָבען די כהנים פון אהרן׳ס הויז פון אנפאַנג נישט געוואָלט אנטייל נעהמען אין דעם דאָזיגען פערלאָזען גאָט אינגאַנצען, און דעריבער האָט מען איינגעלאַדען פריסטער פון אויסלאַנד (כמרים) פאַר דער געצענדיענערײַ, ווי דאָס איז פאָרגעקומען פאַר איזבל׳ן און פאַר עתליה׳ן. די דאָזיגע געצענדיענערישע כמרים האָט מען אפילו אויך צוגעלאָזען צו טהון די עבודה אין בית־המקדש, נאָכדעם ווי די כהנים זענען געבליעבען דאדורך גאַר אָהן ברויט, זענען פיעל פון זיי, בעזונדערס די, וועלכע האָבען געשטאַמט פון כהן אביתר און זענען געוועזען אין זעהר א געדריקטער לאַגע, צוגעטראָטען צו געצענדיענסט, נאַטירליך, מיט א וועהטאָג אין האַרצען. ס׳האָבען אויך נישט געפעהלט קיין פאַלשע נביאים, וואָס האָבען מיט זייערע רעדעס פערטיידיגט די שענדליכע מעשים; וואָרום אויב נאָר די גדולים און שרים אונטערנעהמען עטוואָס, געפינען זיך שטענדיג מענשען, וועלכע זענען גרייט זיי צו חנפ׳ענען, און צו דערווייזען, אז זייער זאַך איז נישט בלויז א כשר׳ע, נאָר די איינציגע אמת׳ע און ריכטיגע. דער דאָזיגער צושטאַנד, וועלכער האָט לאַנג געדויערט, האָט געקאָנט ברענגען דערצו, אז אידען זאָלען אינגאַנצען פערגעסען זייער פערגאַנגענהייט, דאָס פאָלק זאָל אויפהערען צו זיין דער טראָגער פון דער גרויסער תורה מיט איהרע געבאָטען און הויכע אידעאַלען, וועלכע האָבען געדאַרפט ווערען א ברכה פאַר דער גאַנצער מענשהייט און, ממילא, אויפהערען צו עקזיסטירען, אלס א בעזונדער פאָלק און צומישט ווערען צווישען די אנדערע פעלקער. — וואָרום וואָס בעדייטעט יהודה און ישראל אָהן אָט דער תורה? אלס געצענדיענער וואָלטען זיי באַלד פערשוואונדען געוואָרען צווישען פיעל אנדערע פעלקער, ווייל זיי זענען דאָך די וועניגסטע צווישען זיי; אידען וואָלטען פערשוואונדען געוואָרען צווישען פעלקער, וואָס נאָר א דאַנק אידען און זייערע אלטע ספרים ווייסען מיר איצט, אז יענע פעלקער האָבען גאַר א מאָל עקזיסטירט!

צום גליק אָבער איז שוין דאַמאָלס געוועזען, וועניגסטענס, אין ירושלים, א שטאַרק אויסגעוואַקסענע פאַרטיי, וואָס האָט זיך פעסט געהאַלטען אָן דער תורה, וועלכע די שרים האָבען אזוי אויסגעלאַכט און

ריש געוואָלט נאָכטהון אַלץ די פֿרעמדע און געהאַסט דאָס אידישע —
דאָס איז איצט שווער צו זאָגען. מעגליך, אַז דאָ האָבען געווירקט אַלע
סבות צוזאַמען.

אין שפּיץ פֿון דער נייער פּאַרטיי זענען געשטאַנען די פּרינצען,
די יונגערע זיהן אָדער די קוזינען פֿונ׳ם מלך אָחז, וועלכע האָבען גע־
האַסט חזקיהו׳ס מעשים האַלטענדיג זיי פֿאַר נייע איינפֿיהרונגען, פֿאַר
אַנ׳אַרויסטרעטען פֿון אַ זוהן געגען זיין פֿאָטער, פֿון חזקיהו׳ן געגען
אָחז׳ן. ביז איצט האָבען זיי געמוזט שווייגען מיט אַ פֿערבעהאַלטענעם
צאָרן. דער יונגער קעניג מנשה האָט זיך געפֿונען אינגאַנצען אונטער
זייער איינפֿלוס און אויך דער פֿערוואַלטער פֿון פּאַלאַץ איז געווען פֿון
זייערע לייט. באַלד נאָך מנשה׳ס בעשטייגען דעם טהראָן, זענען די פּרי־
שטען צוגעטראָטען דורכצופֿיהרען דעם פּלאַן פֿון גרויסע ענדערונגען אין
אינערליכען לעבען אין דער מלוכה און אין דער רעליגיע. קודם כל האָט
מען ערקלערט, אַז די מזבחות אויף אַלע הויכע ערטער, די במות, וועל־
כע חזקיהו האָט אַזוי שטרענג פֿערבאָטען, ווערען ווידער ערלויבט. דאַ־
דורך איז דער המון פֿון פֿאָלק צוגעצויגען געוואָרען צו די פּרינצען, וועל־
כע האָבען איצט געקאָנט האָפֿען, אַז דאָס פֿאָלק וועט שוין מקבל באהבה
זיין אויך אַלע אַנדערע ענדערונגען, וואָס מען האָט גערעכענט צו מאַכען.
דאָס נייע געזעץ וועגען די במות האָט דאָס פֿאָלק אויפֿגענומען מיט צו־
פֿריעדענהייט, ווייל דאָס געהן צו יעדען מאָל דוקא קיין ירושלים, ווען מען
וויל אַ קרבן ברענגען, איז געווען זעהר אומבעקוועם פֿאַר די ווייטע איינ־
וואָהנער פֿון לאַנד, ווי ס׳איז שוין דערמאָהנט געוואָרען פֿריהער. אין
ירושלים און אין בית המקדש גופא האָבען די נייע בעלי בתים פֿון לאַנד,
די פֿירשטען און שרים, איינגעפֿיהרט גרויס און ברייט די געצענדיענערייַ;
נישט בלויז די אַלטע געצענדיענערייַ פֿון די פֿעלקער כנען, וועלכע אַחאָב
און איזבל האָבען מיט אַזוי פֿיעל מיה פֿערפֿלאַנצט אין דעם לאַנד פֿון
די עשרת השבטים, און עתליה — אין יהודה, נאָר אויך די נייע געצענדיענע־
רייַ פֿון אשור און בבל. מען האָט אויסגעשטעלט מזבחות פֿאַר׳ן געצענ־
דיענסט פֿון בעל און עשתרות אין ביידע פֿאָדער־הויפֿען פֿון בית המקדש;
קליינע מזבחות האָט מען אויסגעשטעלט אויף די דעכער, כדי צו דיענען
צו די פֿינף פּלאַנעטען (שטערען). בכלל האָט מען איינגעפֿיהרט פֿון דאָס
נייַ אָחז׳ס עבודה: אַ זונען־וואָגען האָט מען געווידמעט דעם גאָט פֿון
טאָג — דער זון. דערצו האָט מען אויסגעהאַלטען געהייליגטע פֿערד, כדי
צו מאַכען פּראָצעסיעס אין פֿייערטאַגען. אין הויף פֿון בית־המקדש האָט
מען אויך אַרייַנגעשטעלט אַ גרויס בילד (סמל), ווי עס שיינט, פֿון דער
אַסירישער געטין מיליטא. נאָך פֿערדערבליכער, ווי דער דאָזיגער גע־
מייַטער געצענדיענסט, זענען געווען די שלעכטע מנהגים און מדות, וואָס
זענען דערפֿון אַרויסגעקומען. פֿאַר׳ן דיענסט צו דער עשתרות האָט מען
אַרייַנגעבראַכט אין בית־המקדש זונות־מיידלעך (קדשות) און מען האָט

געהאלפען ביי'ם ברענגען די קרבנות, האט מען איצט בעהאנדעלט, ווי די שקלאפען, און געצוואונגען זיי צום געצענדיענסט צוצושטעהן. עס זענען אבער געווען נאך פיעל שווערערע נסיונות. צי האבען די פרומע דען געקאנט שווייגען, זעהענדיג די גרויסע איבערקעהרעניש געגען חזקיהו'ס ארדנונג? צי האבען זיי דען געקאנט בלייבען רוהיג, זעהענדיג, ווי מען האט אריינגעפיהרט די אינציכטיגקייט אין בית המקדש און מטמא געווען איהם, ווי מען האט דארט איינגעארדענט די זנות-מיידלעך? ניין, זיי האבען טאקי נישט געשוויגען. די נביאים פון יענער צייט האבען הויך אויפגעהויבען זייער שטים געגען אלעם דעם און אנדערע מיטגליעדער פון דער דאזיגער פארטיי האבען, בלי ספק, אויך אויף אנ'אנדער אופן ארויסגעוויזען זייער האס און פעראכטונג געגען די שרים און הויף-לייט. אבער די שרים פון יהודה און דער קעניג מנשה האבען זיך פאר קיין שענדליכען פערברעכען נישט געשראקען. די שטים פון די נביאים האבען זיי דערשטיקט אין בלוט. ווי א מאל איזבל, אזוי האבען זיי איצט געלאזט דערהרג'ענען די נביאים מיט'ן שווערד. די נעמען פון די דאזיגע „קדושים“ פאר דער הייליגער תורה פון גאט און פאר דער צניעות און פרומקייט זענען געבליבען אומבעוואוסט. די לעגענדע דערצעהלט, אז דער קעניג מנשה האט געלאזען דערהרג'ענען אויף א גרויזאמען אופן דעם גרייז-גרויען גרויסען נביא ישעיהו. ווי עס שיינט אבער, האט ישעיהו גאר נישט דערלעבט ביז דער שענדליכער רעגירונג פון מנשה; ישעיהו'ס תלמידים זענען געווים געפאלען א קרבן פון זיין גרויזאמקייט. מנשה, זיינע דינער, אדער שרים, האבען פערגאסען אזוי פיעל אומשולדיג בלוט, אז ירושלים איז, ווי דער נביא דערצעהלט, איבערפולט געווארען מיט בלוט. דען מען האט דערהרג'עט נישט בלויז די, וועלכע האבען זיך ערלויבט ארויסצוטרעטען געגען די שענדליכע מעשים פון די שרים, מען האט זייערע קינדער אויך אויסגעהרג'עט.

קיין נביאישע רעדעס זענען אונז אבער פון דער דאזיגער צייט נישט איבערגעבליבען. מעגליך, אז דער נביא מיכה האט אויך אין דער צייט נבואה געזאגט. די נביאים האט מען אפילו נישט געלאזען קיין צייט צו פערשרייבען זייערע רעדעס: דאס שווערד פלעגט מאכען אנ'ענדע מיט זייער לעבען, נאך איידער זיי פלעגען בעוויזען דעם גריפעל מיט'ן טאוועל אין די הענד צו נעהמען, אדער זיי זענען געווען געצוואונגען זייער נבואה איינצוהילען אין א משל, אז נישט אלע זאלען פערשטעהן, וואס זיי מיינען. אפילו די שרייבער פון דער געשיכטע האבען אויך נישט פערשריבען אלץ, וואס ס'איז דאמאלס פארגעקומען, און מען האט געקאנט מיינען, אז דאס איז געטהון געווארען בכיון, כדי די שפעטערדיגע דורות זאלען בעסער נישט וויסען וועגען די אלע דאמאלסדיגע העסליכע מעשים. אין מנשה'ס רעגירונג איז פארגעקומען א געשעהעניש, וועלכע האט טיעף געריהרט די בעפעלקערונג פון לאנד יהודה, אבער די געשיכ-

פֿערהאַסט, ווי אויך אַן דעם גייסטיגען גאָט און דעם צניעות'דיגען לע־
בען, פֿון וועלכע די שטאַרקע לייט האָבען זיך אָבגעווענדעט מיט עקעל.
די דאָזיגע געטריי געבליבענע אידען זענען אין אַלעמען געוועזען דער
היפּך פֿון די געצענדיענער, און זייער איבערצייגונג איז אַזוי שטאַרק גע־
ווען, אַז זיי זענען גרייט געווען פֿאַר איהר זייער בלוט צו לאָזען פֿער־
גיסען, צו פֿערטיידיגען זי און קעמפֿען פֿאַר איהר מיט מסירת־נפש.
יענע „גאָטעס־געלעהרטע קינדער", וועלכע ישעיהו האָט ערצויגען, די
אייגענע קינדער; יענע תהלים־זינגער, וועלכע האָבען אין חזקיהו'ס צייַ־
טען געזונגען שענע ליעדער וועגען דער ישועה פֿון אידישען פֿאָלק; יענע
שטילע „ענוים", וועלכע דער קעניג חזקיהו האָט דערהויבען אויף הויכע
שטעלען; יענע כהנים, בעזונדערס, פֿון צדוק'ס הויז, וועלכע האָבען זיך
נישט געוואָלט ערונטערלאָזען צו דער געצענדיענערייַ און, בעזונדערס,
יענע נביאים, וועלכע ישעיהו האָט מיט זיין רעדנערישער קראַפֿט דער־
וועקט צו אַ התלהבות'דיגער פֿערעהרונג פֿון גאָט — אָט דאָס זענען גע־
ווען די מענשען, וועלכע האָבען געהערט צו דער געטרייער אידישער
פּאַרטיי. נישט פֿיעל זענען זיי נאָך געווען, אָבער מוטיג און שטאַרק דורך
זייער גרויסען גייסט. מען קאָן זיי אָנרופֿען „די פּאַרטיי פֿון די נביאים,
אָדער פֿון די ענוים"; אַליין האָבען זיי זיך גערופֿען די „געמיינדע פֿון די
ערליכע לייט". אין דער דאָזיגער געמיינדע האָט געלעבט די איבער־
צייגונג, אַז די געצענדיענערייַ פֿון אַלע פֿעלקער, אַפּילו אויך פֿון די ווייַ־
טעסטע, איז נאַריש און נישטיג, שגעון און פֿערבלענדונג; אַז גאָט איז
נישט מיט'ן שטאַרקען, מיט'ן מעכטיגען, נאָר מיט'ן שוואַכען, אַז ער איז
אַ פֿאָטער פֿון יתומים און פֿון אלמנות און ליעבט אויך די פֿרעמדע. אויב
אין די פֿריהערדיגע צייטען האָט מען נאָך בכלל געהאַט אַ שוואַכען
בעגריף וועגען דער גאָטהייט, און אַפּילו די, וועלכע האָבען געגלויבט
אין אידישען גאָט, האָבען דערבייַ אָבער אויך אַנערקענט, אַז די אַנדע־
רע געטער האָבען אויך אַ הייליגע בעדייטונג, נישט מעהר זיי זענען אונ־
טערטעניג דעם אידישען גאָט, — איז מען שוין איצט געקומען צו דער
קלאָרער איבערצייגונג אין דאָזיגען קרייז, אַז אַלע געטער זענען אינגאַנ־
צען נישטיג, „נאַריש זענען זיי, אָהן קיין שום נוצען". און ווי נאָר אָט די
וואַהרהייט האָט זיך איינגעוואָרצעלט אין פֿאָלק, חאָטש אויך נאָר אין
אַ גאַנץ קליינעם טייל זיינעם, איז שוין דער ענדליכער נצחון פֿונ'ם אמת
געווען געזיכערט.

דער דאָזיגער קרייז פֿון פֿרומע לייט האָט געהאַט איבערצולעבען
איצט שווערע נסיונות. איינער פֿון זייערע קלענסטע נסיונות איז געווען,
וואָס מען האָט זיי דערווייטערט פֿון די שטעלען, וועלכע חזקיהו האָט
זיי געגעבען. זייערע חברים, די כהנים פֿון צדוק'ס הויז, זענען אַרויסגע־
טריבען געוואָרען פֿון בית המקדש און, ממילא, פֿערלוירען אַלע זייערע
הכנסות און געבליבען אָהן אַ שטיקעל ברויט. די לויים, וועלכע האָבען

א מפלה פאר מצרים, וועלכע איז אונגאנצען איינגענומען געווארען דורך דער ארמעע פון אשור. אסר חדון האט דארט איבערגעלאזען זיינע בעאמטע און ארויסגעפיהרט פון מצרים מיט זיך קיין אשור פיעל רויב, דארונטער אויך צוויי גרויסע שטיינערנע בילדער (ספינקסען).

דער קעניג מנשה איז צוריקגעקומען פון זיין געפענגעניש. און בעפרייט האט איהם אסר חדון אליין, אדער דער מלך, וואס האט געקעניגט נאך איהם. בעסער אבער איז מנשה נאכדעם אויך נישט געווארען: דער געצענדיענסט און די פערדארבענע מדות, ווי אויך די שרעקליכע רדיפות און בלוטיגע מערדעריען האבען נישט אויפגעהערט ביז זיין טויט. געשטארבען איז ער אין יאהר 711 פאר'ן צווייטען חורבן און צו קבורה איז ער געקומען נישט אין די קברים פון די מלכים פון דוד'ס הויז, נאר אין'ם גארטען עוזא, וואס איז געווען נעבען זיין פאלאץ, ווי עס שיינט, אונטער א בילד פון אנ'אבגאט, וועלכען מנשה האט דארט אליין געהאט אויפגעשטעלט. נאך מנשה'ן האט געקעניגט זיין זוהן אמון, און אויך אונטער איהם האט די געצענדיענעריי, וואס זיין פאטער האט איינגעפיהרט, געדויערט וויטער; ער האט אבער נישט מאריך ימים געווען אויפ'ן טהראן, סך הכל, צוויי יאהר, דען דער פאלאץ-אויפזעהער מיט זיינע שרים האבען איהם דער'הרג'עט. וואס איז געווען די סבה פון דער דאזיגער הויף-רעוואלוציע, איז שווער צו זאגען. ווי עס שיינט אבער, איז אמון געווען בעליעבט ביי'ם פאלק, דען דאס פאלק האט זיך באלד פערזאמעלט און אויסגע'הרג'עט אלע שרים, וועלכע האבען אנטיילגענומען אין'ם קעניג-מארד, און אויסגערופען פאר א קעניג זיין אכט-יעהריגען זוהן יואשיהו (פון 709 ביז 678 פאר'ן צווייטען חורבן). תחלת זענען ביי'ם נייען קעניג קיין ענדערונגען נישט פארגעקומען אין אינערליכען לעבען פון דער מלוכה, דען צוליעב דער פריהער יוגענד פונ'ם קעניג, האבען ווידער די שרים געהאלטען די מלוכה-מאכט אין זייערע הענד און געהאלטען זיך פעסט ביי דער געצענדיענעריי פונ'ם מלך מנשה, וועלכען זיי האבען גאנץ ערנסט געמיינט איינצושטעלען שוין אויף איביג ביי אידען. און טאמער איז נאך ווניג געווען אבגעטער אין ירושלים, האט מען נאך אריינגעבראכט נייע געצין פון די פרעמדע פעלקער. דער בעל, די עשתרות, דער מולך מיט זיינע שוידערהאפטע מענשען-קרבנות, די אבגעטער פון דער זון און די שטערען, וועלכע מען האט פון אשור געבראכט — דאס אלץ האט נאך צופריעדענגעשטעלט די גרויסע לייט, די נגידים און קצינים פון ירושלים; מצרים האט אין יענער צייט זיך צוריק געשטארקט אונטער'ן קעניג פסאמעטיך, און דעריבער האבען די אידישע שרים געבראכט אבגעטער אויך פון מצרים, האפענדיג, אז דאדורך וועט מען זיך פעסטער קאנען פעראייניגען מיט דער שטארקער נילוס-מלוכה. אזוי ארום האט מען אויסגעשטעלט פאר די טויערען פון ירושלים מזבחות פאר די בעק, און אונגערעכטיגקייט מיט בלוט-פערגיסונג האט

טע־שרייבער האָבען זיי אפילו נישט דערמאָהנט, אָדער נאָר דורך א משל און אַן אַלעגאָריע אָנגעוויזען אויף איהר. איינער פון סנחריב׳ס זיהן, וועלכער האָט פערהאפט דעם טהראָן, נאָכדעם ווי ער האָט זיין ברודער דער־הרג׳עט, אסר חדון, האָט אויסגענוצט דעם בירגערליכען קריעג, וועל־כער איז פאָרגעקומען אין יענער צייט אין בבל און וואָס האָט געדויערט פיעל יאָהר, און האָט איינגענומען בבל. געשטאַרקט געוואָרען דאַדורך, האָט אסר חדון, אויך אַזוי, ווי זיין פאָטער סנחריב, זיך געלאָזט געהען אויף מצרים מיט א מלחמה. איינינגע פון זיינע פעלדהערען זענען, ווי עס שיינט, אויך געקומען צום ברעג ים פון לאנד יהודה און געצוואונגען דעם קעניג מנשה דורך דראָהונגען, אַז ער זאָל זיך אונטערגעבען דעם קעניג פון אַשור. מנשה איז אַרויסגעקומען צו די פעלדהערען, כדי צו מאַכען מיט זיי שלום, חאָטש אויף די שווערסטע בעדינגונגען, אָבער זיי האָבען איהם גענומען געפאַנגען, איינגעשלאָסען אין קייטען און גע־לאָזט אָבפיהרען קיין בבל. אויסער דעם איז אָבער דאָמאָלס פאָרגעקומען נאָך א געשעהעניש, וואָס האָט שפּעטער געהאַט זעהר א וויכטיגע בע־דייטונג פאַר׳ן אידישען פאָלק, חאָטש איצט האָט עס צו דער מלוכה פון יהודה קיין שום שייכות נישט געהאַט. סנחריב האָט דאָמאָלס געבראַכט געפאַנגענע איינוואָהנער פון פיעל לענדער, וועלכע ער האָט איינגענומען, פון בבל, כותה און ספרוים, אָבגעפיהרט זיי קיין שומרון און האָט זיי דאָרט בעזעצט. די דאָזיגע פערטריבענע, וועלכע האָבען געשטאַמט פון כותים און, צוליעב זייער וואָהנען אין שומרון, האָט מען זיי גערופען שומרונים, האָבען ביסלעכווייז אָנגענומען די אידישע מנהגים, ווי עס שיינט, פון די ווענינגע אידען, וואָס זענען אין לאַנד אפרים נאָך געבלי־בען נאָכ׳ן גלות פון די עשרת השבטים. די כותים פלעגען יעהרליך געהן קיין בית אֵל, וואו עס זענען נאָך געווען געבליעבען אידישע פריעסטער, וואָס האָבען דאָרט דעם געצענדיענסט געפיהרט. ווי מען האָט שפּעטער דערצעהלט, זענען אין דעם פערוויסטען לאַנד ישראל ערשינען זעהר פיעל לייבען, וועלכע זענען אָנגעפאַלען אויף די כותים, און די כותים האָבען דערין געזעהען א סימן, אַז דער אידישער גאָט איז אויף זיי שטאַרק בייז, פאַרוואָס זיי האָבען זיך בעזעצט אין׳ם לאַנד פון זיין פאָלק. די כותים זאָלען דעריבער האָבען געבעטען ביי א קעניג פון אַשור, אַז ער זאָל זיי שיקען א אידישען כהן גדול, וועלכער זאָל דיענען פאַר׳ן גאָט פון׳ם לאַנד און אָבווענדען פון זיי זיין צאָרן. דער קעניג זאָל זיי האָבען געשיקט אַזאַ כהן גדול, וועלכער האָט זיך בעזעצט אין בית אֵל ביי די אָבגעטער פון ירבעם בן נבט. די כותים האָבען דערביי אויך געדיענט וויטער זייערע אָבגעטער און געבראַכט פאַר זיי אפילו אויך מענשליכע קרבנות. אויף אַזאַ אופן זענען זיי געווען האַלב אידען, האַלב געצענ־דיענער.

די מלחמה פון אסר חדון געגען מצרים האָט זיך אויסגעלאָזען מיט

אָבער ווערהרענד ער האָט די שטאָדט בעלאַגערט, האָט ער דערהאַלטען אַ ידיעה, דאָס אַ ווילד, באַרבאַרש פֿאָלק, גרויסע מחנות אָהן אַ צאָהל, פֿון די סטעפּעס אויף דער וואָלגאַ און דאָן, פֿון קאַווקאַז און דער אומגעגענד פֿון קאַספּישען ים, די ווילדע סקיטען אָדער סאַקען, זענען אָנגעפֿאַלען מיט מחנות פֿון פֿעלקער, וואָס זיי האָבען איינגענומען, אויף דאָס לאַנד מדי און טראָגען זיך אַרום, ווי די ווילדע חיות, אויף זייערע פֿערד, איבער'ן גאַנצען לאַנד, בערויבענדיג, פֿערברענענדיג אַלץ, און אויסהרג'ענענדיג אַלעמען, נישט שוינענדיג אויך קיין פֿרויען און קינדער. קאַקסאַרעס איז דעריבער געצוואונגען געווען אַראָבצונעהמען די בעלאַגערונג פֿון נינוה און אָבצופֿיהרען זיין אַרמעע אין זיכערהייט קיין מדי. אָבער די ווילדע מחנות פֿון די סקיטען איז ער נישט געווען אימשטאַנד איינצונעהמען, און האָט געמוזט זיי בעצאָהלען אַ גרויסע סומע געלד און מתנות, כּדי זיי זאָלען איהם לאָזען צורוה. די ווילדע סקיטען, וועלכע האָבען געהאַט נאָר אין זינען צו ראַבעווען און מאָרדען, האָבען זיך איצט אַ לאָז געטהון אויך אויף אשור און האָבען זי געוואַלדיג פֿערוויסטעט. פֿון אשור האָבען זיי זיך אַ וואָרף געטהון אויף פֿעניקיען און איהרע רייכע שטעדט, און זענען געגאַנגען מיט'ן ברעג ים אויך איבער דאָס לאַנד פֿון די פּלשתּים (632 פֿאַר דער געוועהנליכער צייט־רעכנונג), כּדי צו קומען פֿון דאָרט קיין מצרים, וואו עס זענען געווען אָנגעזאַמעלט גרויסע אוצרות פֿון עשירות. דער עגיפּטישער קעניג פּסאַמעטיך האָט זיך אָבער מקדים געווען און אַרויסגעשיקט זיי פֿיעל געלד און זילבער מיט טייערע מתנות, כּדי זיי זאָלען אין זיין לאַנד נישט אַריינקומען. אַ טייל פֿון די סקיטען זענען געבליבען אין לאַנד פּלשתּים, וואו זיי האָבען פֿערברענט דעם גרויסען טעמפּעל פֿון דער אסירישער אונציכטיגער געצין מיליטאַ. פֿון פּלשתּים־לאַנד זענען די סקיטען אויך אַריינגעקומען אין לאַנד יהודה, וואו זיי האָבען בעראַבעוועט פֿיעל שטעדט און דערפֿער, צונעהמענדיג ביי די איינוואָהנער אַלע זייערע טשערעדעס פֿיה, און פֿערברענענדיג דאָס, וואָס מען האָט נישט געקאָנט נעהמען מיט זיך. קיין ירושלים זענען זיי אָבער נישט געגאַנגען. ווי עס שיינט, איז זיי אַרויסגעקומען ענטגעגען דער יונגער קעניג יאשיהו מיט פֿיעל מתנות און געפּועל'ט ביי זיי, אַז זיי זאָלען אָבציהען פֿון זיין לאַנד.

די דאָזיגע שרעקליכע צייט מיט די מורא'דיגע ידיעות וועגען פֿערברענטע שטעדט און וועגען דער גרויזאַם־אויסגעהרג'עטער בעפֿעלקערונג האָט געוואָרפֿען אַן אימה אויף אַלע פֿעלקער אין'ם גאַנצען לאַנד. בעזונדערס שטאַרק איז אָבער געווען דער איינדרוק אין יהודה. דאָרט האָבען די נביאים פֿאָראויסגעזאָגט אַלע שרעקליכע געשעהענישען און מען האָט דעריבער געזעהען אין זיי אַ שטראָף פֿון גאָט פֿאַר'ן דיענען די פֿרעמדע אָבגעטער; אָבער אויך אויסער דעם האָט די געצענדיענעריי פֿערלוירען דעם גאַנצען חן און צוטרוי אין די אויגען פֿון פֿאָלק. די שרעקליכע מפּלות,

בען זיך נאָך געמעהרט אין דער גאַנצער יוגענד־צייט פֿון'ם קעניג יאשיה׳ו.
די מאָס פֿון די שענדליכע מעשים איז שוין אָבער איבערפֿולט גע־
וואָרען, און ווידער זענען אַרויסגעטראָטען אַ גאַנצע רייהע פֿון נביאים,
וועלכע האָבען מיט זייערע פֿייערדיגע רעדעס דאָך ענדליך אַרויסגערופֿען
אַ רעאַקציע צום בעסערען. צווישען די דאָזיגע נביאים איז אויך געוועזען
די נביאה חולדה, וואָס איהרע רעדעס זענען אַזוי בעליבט געוועזען ביי'ם
פֿאָלק, ווי פֿריהער די רעדעס פֿון דער נביאה דבורה. דער עלטסטער
צווישען די דאָזיגע נביאים איז געוועזען צפניה, וועלכער האָט געשטאַמט
פֿון ירושלים און געהערט צו אַ מיוחסת'דיגער משפחה. פֿעסט און אָהן
קיין שום מורא האָט ער געשטראָפֿט די הויכע געזעלשאַפֿט, בעזונדערס,
די שרים און פּרינצען, דערפֿאַר וואָס זיי האָבען געזעהען זייער גאַנצען
כבוד אין'ם נאַרישען נאָכטהון די פֿרעמדע פֿעלקער. ווי די פֿריהערדיגע
נביאים עמוס און יואל, האָט אויך צפניה פֿאָראויסגעזאָגט, אַז עס וועט
קומען „דער שרעקליכער טאָג פֿון גאָט“. אויך פֿאַר די פֿרעמדע פֿעל־
קער, פֿאַר די פּלשתים, עמון און מואב, האָט צפניה פֿאָראויסגעזאָגט אַ
שרעקליכען חורבן, דערפֿאַר, וואָס זיי האָבען זיך שטאָלץ געהאַלטען איי־
בער אידען. אַ בעזונדערס שרעקליכען חורבן האָט ער אָבער פֿאָראויסגע־
זאָגט פֿאַר נינוה, וועלכע האָט אינגאַנצען געזאָלט אונטערגעהן.

אין דער ווירקליכקייט, האָט אין יענער צייט זיך אָנגעהויבען די
ירידה פֿון אַשור. פֿון איהר אַמאָליגער גרויסקייט איז שוין איצט גע־
בליבען נאָר אַ שאָטען; די פֿעלקער, וועלכע האָבען נאָך נישט בעוויזען
פֿריהער אָבצופֿאַלען פֿון איהר, זענען איצט אָבגעפֿאַלען איינע נאָך די
אַנדערע, אָדער זיי זענען דערצו געצוואונגען געוואָרען דורכ'ן מלך פֿון
מדי, וועלכער האָט זיי געוואָלט מאַכען פֿאַר זיך אונטערטעניג. דער צווייי־
טער מלך פֿון מדי, פֿראַאָרטעס, האָט איינגענומען איין פֿאָלק נאָך דעם
אַנדערען און לסוף — אויך די פּערסען. אַלס קעניג פֿון צוויי גרויסע מלוכות
פּרס און מדי, האָט ער אונטערגענומען אַ מלחמה אויף דער אַלטער הויפּט־
שטאָדט פֿון אַשור, נינוה. אַשור איז אָבער נאָך פֿאָרט געוועזען אַ שטאַרקע
מלוכה, האָטש זי האָט שוין פֿערלוירען איהרע פֿרעמדע אונטערטעניגע
פֿעלקער. אשור'ס מלך, אסר חדון, איז דעריבער געלונגען אָבצוהאַלטען
אַ נצחון איבער דער פֿעראייניגטער אַרמעע פֿון פּרס און מדי (635 פֿאַר
דער געוועהנליכער צייט־רעכנונג) און דער קעניג פֿראַאָרטעס
איז אויך דערהרג'עט געוואָרען אין דער דאָזיגער גרויזאַמער
מלחמה. זיין זוהן קיאַקסאַרעס, וועלכער איז געוועזען נאָך
העלדישער און מוטיגער פֿאַר זיין פֿאָטער, האָט זיך געאיילט נקמה צו
נעהמען פֿאַר זיין פֿאָטער'ס מפּלה. ער האָט צונויפֿגענומען אַ גרויסע אַר־
מעע, וועלכע ער האָט איינגעטיילט, לויט די פֿערשיעדענע בעוואָפֿנונגען
אין פֿערשיעדענע מחנות, איז אָנגעפֿאַלען אויף אשור, צושלאָגען איהר
אַרמעע און צוגעטראָטען צו נינוה (634 פֿאַר דער אַלגעמיינער צ. ר.).

אין שפּיץ פֿון דער דאָזיגער אויפֿגאַבע האָט ער געשטעלט דעם כהן גדול חלקיהו, משולם'ס זוהן, פֿון צדוק'ס הויז. וואו האָט מען אָבער גענומען געלד? די עשירים זענען געװען געצענדיגנער און האָבען זיך װעניג װאָס געקימערט װעגען דעם בית מקדש און דאָס פֿאָלק איז, נאָכ'ן אָנפֿאַל פֿון די סקיטען, שטאַרק פֿעראָרעמט געװען. מען האָט דעריבער איצט נישט געקאָנט האָפֿען, װי אין יואש'עס צײַטען מיט 200 יאָהר פֿריער, אויף גרויסע נדבות. יאשיהו האָט דעריבער פֿונאַנדערגעשיקט לוױם איבער'ן גאַנצען לאַנד, װאָס האָבען געדאַרפֿט געהן פֿון הויז צו הויז, פֿון שטאָדט צו שטאָדט, און קלײַבען נדבות.

אויב אָבער יאשיהו איז פֿעסט געװען אין זײַן בעשלוס אויסצובעסערען דעם בית המקדש, האָט איהם נאָך אַלץ געפֿעהלט ענטשלאָסענקײַט אונטערצונעהמען דעם קאַמפּף געגען דער געצענדינערײַ. עס האָבען גע־מוזט ערשט פֿאָרקומען נײַע געשעהענישען, װעלכע זאָלען דעם קעניג צו־געבען מוט צו דער גרויסער אויפֿגאַבע. אַנשטאָט א געװעהנליכע געשעהניש, איז געקומען עטװאָס װונדערליכעס — אַ מענש און אַ ספר; אָט די בײדע האָבען געמאַכט אַ סוף צו'ם קעניג'ס האַלבקײַט און צו זײַן אונענטשלאָסענהײַט. דער מענש איז געװען דער נביא ירמיהו און דער ספר איז געװען — די תורה. בײדע, אי דער נביא מיט זײַן געװאַלדיגער שפּראַך, אי די תורה מיט איהרע ליעבליכע שטילע רעד, האָבען אַרײַנגע־פֿיהרט דעם קעניג און אַ גרעסערען קרײַז, און װעלכען זײ האָבען אויך מיט זייער גרויסער מאַכט דערװעקט די בעסערע געפֿיהלען און די אײביג יונגע קראַפֿט פֿון דער פּאָעזיע.

ירמיהו, דער זוהן פֿון חלקיהו, פֿון די כהנים, האָט געשטאַמט פֿון שטעדטעל ענתות אין שבט בנימין (אַנדערטהאַלבען שעה גאַנג אין צפֿון־מזרח פֿון ירושלים). געבוירען איז ירמיהו צװישען די יאָהרען 710 און 715 פֿאַר'ן צװײטען חורבן (געלעבט האָט ירמיהו 70 יאָהר). קײן רײַכער מאַן איז זײַן פֿאָטער נישט געװען, אָבער אויך נישט אָרעם. רײַך און פֿיל איז אָבער געװען ירמיהו'ס נשמה. אַ װײכער כאַראַקטער, עטװאָס גוטה צו מעלאַנכאָליע און טרויעריגקײַט, האָט דער פֿערדאָרבענער רעליגיעזער און מאָראַלישער צושטאַנד פֿון דער סביבה שוין אין פֿריהער יוגענד גע־מאַכט אויף איהם זעהר אַ שטאַרקען אײַנדרוק און פֿערשאַפֿט איהם װעה־טאָג און יסורים. אַלץ װאָס פֿאַלש איז, װאָס איז פֿערפֿוילט און צובראָ־כען, איז איהם געװען צוװידער און האָט אָנגעפֿילט זײַן האַרץ מיט טרויער. די אײַנװאָהנער פֿון זײַן שטעדטעל, די כהנים פֿון ענתות, האָבען איהם גערודפֿ'ט מיט אַזאַ פֿערביסענער שנאה און האַס, זינט ער האָט אָנגעהויבען נבואה זאָגען, אַז עס איז אונמעגליך צו גלויבען, דאָס זײַן גײַסט און זײַן שטימונג האָבען זיך ענטװיקעלט אין זייער סביבה. אַג'אײַנ־כ'ס האָבען אָבער געזוים [illegible] אויף איהם די נביאים, װאָס זענען פֿריהער פֿאַר איהם געװען. ער האָט זיך אַזוי שטאַרק פֿערטיעפֿט אין

וואס עס האט געהאט אשור, בבל, דאס לאנד פלשתים, די פעניקיער און
דאס לאנד מצרים מצד די סקיטען, האבען געדיענט פאר'ן פראסטען פאלק
אלס דער בעסטער בעווייז, דאס די אבגעטער פון די פעלקער זענען נישט־
טיג, דען זיי האבען דאך נישט געהאלפען זייערע געטרייע דיענער און
פערעהרער. בעזונדערס, אין ירושלים האט מען דעריבער שטארק געביטען
די מיינונג וועגען די אבגעטער, און דער יונגער קעניג יאשיהו האט זיך
גאר אבגעווענדעט פון זיי. יאשיהו איז געוועזען פון דער נאטור א מענש
מיט א מילדען כאראקטער, פרום און מיט א פיהלענד הארץ. די אבגע־
טער האט ער אין זיין יוגענד איבערגעלאזען, נאר צוליעב געוואוינהייט.
די געוואלדיגע געשעהענישען האבען איהם אבער בעוויזען, אז ער און
זיין פאלק שטעהען אויפ'ן פאלשען וועג, דיענענדיג די אבגעטער. נישט
אזוי לייכט איז איהם געוועזען צוצוטרעטען צום פערניכטען די געצענדיע־
נעריי, דען שוין העכער פופציג יאהר האט זי זיך איינגעווארצעלט אין'ם
גאנצען לאנד, און זיינע שרים וואלטען אויך, געוויס, ארויסגעטראטען
געגען איהם מיט געוואלד, אויב ער וואלט פלוצלונג געוואלט פערניכטען
זייערע הייליגטימער. יאשיהו האט זיך דערויף נישט געקאנט בעשליסען,
שפירענדיג זיך צו שוואך. פאר יאשיהו'ן איז דאס געוועזען נישט בלויז
א רעליגיעזער קאמפף, נאר אויך א פאליטישער: ער האט זיך געדארפט
בעפרייען פון דער הערשאפט פון די שרים. די פארטיי פון די פרומע
און פון די נביאים האבען אבער נישט אויפגעהערט צו ווירקען אויפ'ן
קעניג, אז ער זאל מאכען א סוף מיט דער שענדליכער געצענדיענעריי אין
ירושלים. יאשיהו האט דעריבער אונטערגענומען דערוויל נאר איין וויכ־
טיגען שריט: צו בענייען דעם בית המקדש, דען צוליעב דער איינפיהרונג
פון דער געצענדיענעריי האט מען אין די לעצטע פופציג יאהר דעם בית־
המקדש כמעט אינגאנצען פערלאזען. דאס פאלק האט געהאט אזוי פיעל
געטער, וויפיעל שטעדט, ווער זשע האט זיך געקימערט וועגען דעם היי־
ליגען הויז פונ'ם אלטען אידישען גאט? די מויערען ארום דעם בית
המקדש, זיינע זייטיגע געביידעס, דער היכל גופא זענען אזוי אבגעלאזט
און פערעלטערט געווארען, אז זיי זענען געשטאנען אין געפאהר איינצו־
פאלען; די בעפוצונג איז איבעראל געוועזען ארומגעריסען און דער שענער
בית האט געמאכט א טרויעריגען איינדרוק פון א חורבה. עס איז כלל
נישט געוועזען, ווער עס זאל זיך קימערען פאר איהם: א גרויסער טייל פון
די כהנים איז איבערגעגאנגען צום געצענדיענסט, און יענע כהנים פון
צדוק'ס הויז, וועלכע זענען געטריי געבליבען דעם אידישען גאט, זענען
פון בית המקדש ארויסגעטריבען געווארען. און אט האט יאשיהו בע־
שלאסען אויסצובעסערען די געביידעס פון בית המקדש און בעפוצען איהם
פון דאס ניי. ער האט אריינגעבראכט צוריק אין בית המקדש די כהנים
און די לויים און בעפוילען זיי, ווי אין יואש'ס צייטען, צו זאמלען געלד
פון נדרים און נדבות פאר'ן בית המקדש (697 פאר'ן צווייטען חורבן).

מדות זענען אַרײַנגעדרונגען טיעף אין פֿאָלק און די געפֿאַהר איז געווען גרויס, אויב מען וואָלט נישט געבראַכט באַלד קיין היילונג. ירמיהו האָט נישט גערעדט, ווי די פֿריהערדיגע נביאים, פֿאַר אַ קליינעם געבילדעטען קרייזעל; ער איז אַרויסגעטראָטען פֿאַר'ן גאַנצען פֿאָלק, און דאָ וואָלט די שענע קונסט געבראַכט ווייניג נוצען. דאָ האָט מען געמוזט רעדען דייט־ליך און פֿערשטענדליך, כדי די רעדע זאָל ווירקען, און אזוי האָט טאַקי גערעדט אויך דער נביא ירמיהו, מייסטענס אין איינפֿאַכער פּראָזע, נאָר זעלטען פֿלעגט ער איינפֿלעכטען אַ שעהן בלימעלע פֿון דער פּאָעזיע אין זיינע אַ רעדע. מיט נאָך איין בעזונדערער אייגענשאַפֿט האָבען זיך אויס־געצייכענט ירמיהו'ס נביא'ישע רעדעס: וועהרענד די גרעסטע נביאים פֿאַר איהם האָבען, אין מליצות און משלים, גערעדט אין אַ פֿערהילטען נעבעל וועגען דער ווייטער צוקונפֿט, האָט ער פֿאָראויסגעזאָגט דאָס, וואָס דאַרף באַלד קומען, נאָך ביי זיין לעבען. די פֿריהערדיגע נביאים האָבען גערעדט וועגען „דעם גרויסען מורא'דיגען טאָג פֿון גאָט“, וועלכער וועט מיטברענגען אַ גאַנצע איבערקעהרעניש, און ערשט דאַן וועט זיך אָנהויבען אַ אידעאַלע צוקונפֿט פֿאַר אידען. די דראָהונגען ווי אויך די ישועות פֿון אַלע פֿריהערדיגע נביאים, אויסער ישעיהו'ן, זענען געווען זעהר אומבעשטימטע, און דאָס האָט געגעבען די מעגליכקייט די איינוואָה־נער פֿון ירושלים, וועלכע זענען תמיד נוטה געווען אויסצולאַכען אַ זאַך, אויך אויסצולאַכען די נביאים. „עס וועלען נאָך פֿיעל יאָהרען אַריבער־געהן און די נבואה וועט נישט מקוים ווערען“, פֿלעגען זיי זאָגען, אָדער „די נבואה בעציהט זיך אויף זעהר שפּעטערדיגע צייטען“. ירמיהו האָט געדאַרפֿט אַרבייטען געגען אָט דער שפּאָטישער בעציהונג און געגען דער גלייכגילטיגקייט צו דער נבואה מצד דעם פֿאָלק. ער האָט געדאַרפֿט נבואה זאָגען וועגען דער שטראָף אויף ירושלים און יהודה, וואָס וועט אויסגע־פֿיהרט ווערען נאָך אין זיינע יאָהרען. ירמיהו איז געווען, מעהר ווי אַלע אַנדערע נביאים פֿאַר איהם, בעגאַבט מיט'ן נביאישען גייסט, צו קאָנען זעהען קלאָר די צוקונפֿט, וועלכע ער האָט געלעזען, ווי אין אַ ליכטיגען שפּיגעל. אין אָנפֿאַנג האָט ער פֿאָראויסגעזאָגט אַליין, וואָס וועט קומען פֿון יאָהר צו יאָהר, שפּעטער, ווען די טראַגישע געשעהעניש איז געקו־מען נעהנטער, האָט ער פֿון מאָנאַט צו מאָנאַט פֿאָראויסגעזאָגט, וואָס עס וועט קומען, און זיינע פֿאָראויסזאָגונגען זענען אויף אַ שטוינענדען אופן פּינקטליך ערפֿילט געוואָרען. ער האָט די צוקונפֿט געזעהען נישט אין חלום־בילדער, וועלכע קאָנען האָבען פֿערשיעדענע בעדייטונגען, נאָר אין העלען טאָג, ביי אַ קלאָרען זין, און דער געגענוואַרט פֿון פֿיעל זיי־טיגע מענשען. און דעריבער האָט ער נישט גערעדט אין רעטענישען און נישט אָנגעווענדעט קיין קינסטליכע משלים, נאָר ער האָט אָנגערופֿען די זאַכען ביי זייער ריכטיגען נאָמען.

און אָט די דאָזיגע נביאישע ריינע נשמה, וועלכע האָט אין זיך געז־

זייערע נבואות און רעדעס, אַז ער פֿלעגט אָפֿט רעדען מיט זייערע אויס־דריקען און ווידערהאָלען זייערע געדאַנקען. די דאָזיגע בעשעפֿטיגונג מיט די פֿעריהערדיגע נביאות פֿון די עלטערע נביאים האָט ענטוויקעלט זיין גייסט און געגעבען איהם אַ נייע ריכטונג, ווי אויך אַן ערהאַבענעם בעגריף פֿון גאָט און פֿון דער מאָראַלישער וועלט־אָרדנונג, אַ גרינדליכען קוק אויף דער גאַנצער אידישער פֿערגאַנגענהייט און איהר בעדייטונג פֿאַר דער צוקונפֿט; בעזונדערס האָט עס אין איהם ענטוויקעלט אַ שטאַרקען געפֿיהל פֿון פֿעראַכטונג פֿאַר דער געצענדיענעריי.

פֿול מיט דער דאָזיגער ערהאַבענער אַנשויאונג, האָט ער זיך דער־שפּירט, ווי פֿרעמד, אין זיין סביבה אין שטעדטעל ענתות. דער נביא אַליין דערצעהלט דעם אָנהויב פֿון זיין נביאות־זאָגען אַזוי: „אַזוי האָט גאָט צו מיר געזאָגט: איידער איך האָב דיך נאָך אין דיין מוטער'ס לייב בעשאַפֿען, האָב איך דיך שוין געקענט, און איידער די ביזט אַרויסגעקומען פֿון אונטער דיין מוטער'ס ברוסט, האָב איך דיך שוין געהאַט געווידמעט, פֿאַר אַ נביא פֿאַר די פֿעלקער האָב איך דיך בעשטימט". „אָה, רבונו של עולם, איך פֿערשטעה דאָך גאָרנישט, ווי אַזוי צו רעדען, איך בין דאָך נאָך גאָר יונג!" אָבער גאָט ענטפֿערט איהם: „זאָג נישט: „איך בין יונג!" נאָר דו זאָלסט געהן, וואוהין איך וועל דיך שיקען און זאָלסט רעדען, וואָס איך וועל דיר בעפֿעהלען". דערביי האָט ער אויך געשפּירט, ווי אַ האַנד וואָלט זיין מויל בעריהרען און אַ שטים האָט געזאָגט: „איך האָב מיין וואָרט דיר אין מויל אַריינגעלעגט, זעה! איך שטעל דיך היינט איבער אַלע פֿעלקער און קעניגרייכען, דו זאָלסט זיי פֿאָראויסזאָגען חורבנות, צושטערונגען, פֿערוויסטונגען, מפּלות, אָבער אויך צוריק אויפֿבויאונג און ווידער פֿערפֿלאַנצונג" און דאָ האָט דער נביא געהאַט „זעהונגען", וועלכע האָבען בעדייטעט, אַז „דאָס אוני־גליק וועט קומען פֿון צפֿון אויף די איינוואָהנער פֿון יהודה און ירושלים". לסוף האָט איהם די שטים דערוועקט צו זיין מוטיג, נישט צו שרעקען זיך און צו רעדען געגען די מלכים, שרים, כהנים און דעם פֿאָלק. „זיי וועלען איהם אפֿילו אַלע דערפֿאַר פֿיינד האָבען, אָבער זיי וועלען איהם נישט קאָנען בייקומען; ווי אַן אייזערנער סלופּ אָדער ווי אַ קופּערנע וואַנד וועט ער זיין".

אָט אַזוי איז ירמיהו געהייליגט געוואָרען פֿאַר אַ נביא, און ער האָט עס דערצעהלט די אַרומיגע מענשען אין ענתות אָדער אין ירושלים. זיין רעדנערישער טאַלענט קאָן גאָר נישט פֿערגליכען ווערען צום טאַלענט פֿון ישעיהו מיט זיין גרויסער קונסט. אָבער דאָס, וואָס עס האָט געפֿעהלט דעם נביא ירמיהו אין שענהייט און דערהויבענעם געדאַנק, האָט ער גע־נומען מיט זיין קלאָרער, לייכט־פֿערשטענדליכער שפּראַך און בעשטימטע רעד. ירמיהו'ס צייט האָט טאַקי אויך געפֿאָדערט אַן אַנדער נביא מיט אַן אַנדערע רעדנערישע קונסט, ווי אין ישעיהו'ס צייטען. די פֿערדאָרבענע

געהן מיט בארפוס־נאקעטע פיס, צו ליידען דורשט — זאה, דו האסט אבער פערצווייפעלט געזאגט: ניין! כ'האב ליעד, וואס פרעמד איז, און נאך די פרעמדע וועל איך געהן... טא וואו זשע זענען איצט דיינע געטער, וועלכע דו האסט דיר געמאכט? זאלען זיי אויפשטעהן, פיעלייכט וועלען זיי דיר העלפען אין דער נויט? דו, יהודה, האסט דאך געטער גענוג: וויפיעל שטעדט אזוי פיעל געטער!“

אזעלכע רעד, ארויסגעזאגט געווארען דורך א נאך גאר יונגען מענשען, האבען נישט געקאנט פערפעהלען זייער ציעל. איינינגע אדעליגע משפחות האבען זיך טאקי באלד אבגעווענדעט פונ'ם פריהערדיגען ווים־טען לעבען און צוריקגעקעהרט זיך צום גאט פון ישראל. די משפחה שפן, וועלכע האט פערנומען א הויכע שטעלע, האט זיך פעראייניגט מיט דער פארטיי פון די ענוים אדער נביאים און האט איהר שטענדיג פער־טיידיגט.

דער קעניג יאשיהו האט זיך דערווייל ערנסט בעשעפטיגט מיט'ן ארומבויען צוריק דעם אלט געווארענעם בית המקדש. דריי פון זיינע הויכע בעאמטע, צווישען זיי אויך דעם שרייבער שפן, האט יאשיהו בע־פוילען (691 פאר'ן צווייטען חורבן) צו געהן צים כהן גדול חלקיהו און זאגען איהם, אז ער זאל שוין אנהויבען פערטהון דאס געזאמעלטע געלד פאר'ן בית המקדש, כדי מען זאל צוטרעטען צו דער ארבייט. ווען דער כהן חלקיהו האט איבערגעגעבען דאס געלד די בעאמטע, האט ער אויך דערלאנגט שפנ'ען א מגלה, ערקלערענדיג: „כ'האב אין גאט'ס הויז גע־פונען אט דעם ספר, ס'איז אונזער תורה“. ווען שפן האט געלעזען דעם ערהאלטענעם ספר, איז ער אזוי ערשטוינט געווארען פון זיין אינהאלט, אז ער האט וועגען דעם מיטגעטיילט דעם קעניג. און אט דער ספר האט געהאט זעהר א שטארקע ווירקונג אויפ'ן קעניג און זיינע שרים.

די מגלה, אדער די ספר־תורה, וועלכע חלקיהו האט געשיקט דורך שפנ'ען צום קעניג, איז געווען די לעצטע צואה, וועלכע דער געזעגענער רישער נביא משה האט געלאזען פאר זיין טויט פאר זיין פאלק, וואס ער האט ערצויגען. דער ספר ענטהאלט פיעל געזעצען, און אין דער הקדמה — א קורצען איבערבליק איבער דעם אנפאנג פון דער אידישער געשיכטע, ווי אויך איינינגע געשיכטליכע געשעהענישען אין סוף וועגען די לעצטע טעג פון משה'ס לעבען און די ערשטע טעג נאך זיין טויט. מיט איין ווארט: דאס איז געווען דער פינפטער ספר פון דער תורה, דער ספר „דברים“, אדער די מ ש נ ה־ת ו ר ה.

א געזעץ־בוך דורכגעמישט מיט הארצעדיגע ליעבעס־פולע רעד איז געווען א זעלטענע ערשיינונג. די געזעצען רעדען געוועהנליך קאלט, טרו־קען און שארף, דערביי ווייזען זיי אויך א דראהענדע האנד: „דו זאלסט טהון אדער נישט טהון אט דאס און יענץ, אויב נישט, וועסטו שטרענג בעשטראפט ווערען“. אזא שפראך געפינט מען אין משנה תורה נישט

טראגען די ליכטיגקייט פון דער זון, האט צום ערשטען מאל בעקומען דעם נביא׳ישען גייסט אין יאשיהו׳ס דרייצעהנטען רעגירונגס־יאהר (696 פאר׳ן צווייטען חורבן), איין יאהר נאכדעם, ווי דער קעניג האט זיך בעפרייט פון זיין אפאטיע און אנגעהויבען צו ווירקען געגען דער געצענדינערייי. און דער נביא האט זיין שווערע אויפגאבע געדארפט ערפילען אין א משך פון א האלבען יאהרהונדערט נאכאנאנד. ווען ער האט שטענדיג געדארפט אנווייזען דעם פערארירטען פאלק דעם ריכטיגען וועג, אויף וועלכען ער דארף געהן. ווי נאר דער נביא האט ערהאלטען דעם בעפעהל, צו רעדען אהן קיין שום פחד פאר מענשען, איז אויך פערשוואונדען געווארען זיין וויכקייט און שעמעוודיגקייט. ירמיהו שילדערט אליין יענע געפיהלען, וועלכע דער נביא׳ישער גייסט האט אין איהם דערוועקט. „גאטעס ווארט האט אין איהם געברענט, ווי א פייער, און געקלאפט, ווי א געוואלדיגער האמער, וועלכער ברעכט שטיינער“. זיין ערשטע רעדע וועגען דעם אבפאל פון פאלק פון זיין אייגענעם נאציאנאלען גייסט, וועגען דער געצענדיענעריי און דער מאראלישער פערדערבונג, איז געווען פון א געוואלדיגער קראפט.

„וואס פאר אנ׳אומרעכט האבען דען געפונען אייערע עלטערען אין מיר, דאס זיי האבען זיך פון מיר דערווייטערט? זיי זענען אוועקגעגאנגען נאך דער נישטיגקייט און זענען געווארען צו נישט! און זיי האבען גאר נישט געזאגט זיך: וואו איז דער גאט, וועלכער האט אונז ארויסגעפיהרט פון לאנד מצרים דורך דעם גרויסען מדבר, דורך א לאנד פון סטעפעס און וויסטעניש, דורך א לאנד פון טרוקעניש און שאטענס פון טויט, דורך א לאנד, וואס קיינער איז נישט דורכגעגאנגען און וואו קיין מענש האט נישט געוואהנט. און איך האב אייך געבראכט אין א לאנד פון פרוכטבארע פעלדער, אז איהר זאלט זיין פרוכט עסען און זיין גוטס געניעסען, און אט זענט איהר געקומען און פעראומרייניגט מיין לאנד און פון מיין שענער נחלה האט איהר אנ׳אונווירדיגקייט געמאכט. די כהנים האבען נישט געזאגט: וואו איז גאט? און די, וואס דארפען דאס געזעץ האלטען, האבען מיך נישט דערקענט; די פאסטוכער זענען פון מיר אבגעפאלען און די נביאים האבען גערעדט אינ׳ם נאמען פון בעל און זענען נאכגעגאנגען יענע, וועלכע קאנען זיי קיין נוצען נישט ברענגען... צי האט דען א פאלק אמאל פערביטען זיינע געטער? — און דאס זענען דאך גאר קיין געטער נישט! — מיין פאלק אבער האט פערטוישט זיין גאנצען כבוד אויף א זאך, וואס האט קיין שום ווערט נישט!... איך האב דאך דיך פערפלאנצט, ווי אנ׳איידעל יונגען וויינשטאק, אינגאנצען פון עכטע זאמען, ווי אזוי דען ביזטו פערוואנדעלט געווארען אין א פרעמד־ארטיגען אבוואוקס? דו האסט דיך אזוי פערשמוצט, אז דיר וועט שוין נישט העלפען קיין שום זייף און קיין זאלץ, צום וואשען זיך. דיין שולד בלייבט פאר מיר, ווי א שענדליכער פלעק. דו האסט דאך געקאנט פערשפארען, צו

פון משה'ס צייט, אז דאס פאלק האט זיך נישט ארויסגעוויזען פאר ווערט
צו נעהמען אויך זיך די ערפילונג פונ'ם גרויסען צוועק, וואס מען האט
איהם געשטעלט, און עס פערדיענט נישט דעם גרויסען חסד, וואס גאט
האט מיט איהם געטהון. „ווידערשפעניג, עקשנות'דיג איז עס געוועזען
פונ'ם ערשטען אנפאנג ביז אויף איצטיגען טאג, און עס האט נאך אלץ
נישט קיין הארץ צו פערשטעהן, קיין אויג צו זעהען און קיין אויערען צו
הערען". ענדליך ווייזט אן די משנה תורה דורך די געשעהענישען, אז דער
אבפאל פון גאט וועט שטענדיג דורך איהם שטרענג בעשטראפט ווערען.
„גאט איז אפילו א גאט פון געטריייהייט, וועלכער האלט פעסט זיין ווארט
און זיין חסד פאר די, וועלכע ליעבען איהם און ערפילען זיין געזעץ,
ביז אין טויזענדען דור; זיינע פיינד אבער בעצאהלט ער גלייך און געזיכט
און פערניכטעט זיי".

ווי א נייע גאטס־ערשיינונג, אדער ווי א נייע ענטפלעקונג קלינגט
עס פונ'ם ספר משנה תורה דארט, וואו ער שטראפט און דערמאנט אי־
דען, צו היטען די געזעצען. דער ספר ערשיינט, אלס א נייער בונד, וואס
גאט האט געשלאסען מיט אידען קורץ פאר משה'ס טויט, אדער פאר'ן
אריבערגעהן דעם ירדן, ביי'ם אריינקומען צום ערשטען מאל אין לאנד
כנען, א נייער בונד, גאר פערשידען פונ'ם בונד, וואס איז געשלאסען גע־
ווארען אויפ'ן בארג חורב, ווי משה ערקלערט עס אליין.

די עשרת הדברות זענען אזוי קלאר און פערשטענדיג, אז אפילו
אויך א פערקנעכטעטע נשמה קאן זיי פערשטעהען. אבער דאס פערטיעפען
זיך אין די העכערע בעגריפען פון ידיעת הבורא, פון דערקענען און פער־
שטעהען גאט, ווי דאס האט זיך ענטוויקעלט אינ'ם גאנג פון דער אי־
דישער געשיכטע, דאס האבען די נעכטיגע מצרים'ער קנעכט, וועלכע
האבען, אנגעטהון אין קייטען, געקנאטען דעם ליימ, נאטירליך, נישט
געקאנט נאך פערשטעהן. ערשט זייערע זיהן און אייניקלעך האבען גע־
הארפט בעקומען די פעהיגקייט צו אזא שווערער אויפגאבע, און אט זיי
האט עס משה איינגעשפארט פאר זיין טויט אין הארצען און אין מח:
„דו זאלסט ליעב האבען דיין איינציגען גאט מיט דיין
גאנצען הארצען, מיט דיין גאנצען וועזען און מיט
דיין גאנצער קראפט". „וואס פערלאנגט, אה, ישראל, דיין גאט פון
דיר? נישט מעהר, אז דו זאלסט איהם פערעהרען, געהן אין זיינע וועגען,
ליעבען איהם און דיענען איהם מיט'ן גאנצען הארצען און מיט דיין
גאנצער נשמה". ביי אלע פעלקער פון דער ערד האט די פרומקייט גע־
שטאמט פון דער מורא: מען האט מורא געהאט פאר'ן אנגעזעהענעם,
געוואלטיגען נישט פערשטאנענעם וועזען אין די וואלקענס אדער אויף
די פייער־שפייענדע בערג; אלע נאטור־ערשיינונגען האבען געווארפען אנ־
אימה אויף די מענשען און זייערע קניע האבען אנגעהויבען ציטערען; די
מיטלען צו דער גאטעס־פערעהרונג זענען געוועזען — מזבחות, טעמפלען,

זי שטראָפֿט, זי זאָגט מוסר, זי וואָרענט, זי בעט זיך איינפאַך ביי'ם לעזער דאָס צו טהון און יענץ ניט צו טהון; זי דראָהט ניט, זי ווייזט נאָר אָן, ווי טרויעריג עס וועט זיין, אויב מען וועט ניט ערפֿילען איהרע געבאָטען. זי רעדט, ווי אַ ליעבעס־פֿולער פֿאָטער, וועלכער שטעלט אַרויס זיין זוהן גרויסע ציעלען אין לעבען און וואָרענט איהם, ניט צו פֿערפֿעהלען די גרויסע ציעלען דורך זיין אייגענער שולד און דאַדורך ווערען צו שפּאָט און צו שאַנד: „זעה, כ'האָב דיר געגעבען לעבען און גוט'ס, טויט און שלעכטס... אַ ברכה און אַ קללה, קלייב זשע אויס פֿאַר זיך דאָס לעבען, כּדי דו און דיינע קינדער זאָלען לעבען"—אַ גייסט פֿון פֿולער ליעבע אין רחמנות שוועבט איבער'ן גאַנצען ספר משנה תורה, וואָס משה האָט איבערגעלאָזען אידען פֿאַר זיין טויט. און אָט דעם ספר האָט חלקיהו געפֿונען אין בית המקדש און געשיקט צום קעניג יאשיהו.

די געשיכטליכע געשעהענישען, וועלכע ווערען דערצעהלט אין משנה־תורה, געהען ניט חראָנאָלאָגיש, נאָר זיי ווערען שטענדיג געבראַכט אַלס אַ פֿאַקטישער בעוויז פֿאַר דעם אָדער יענעם געזעץ. משה בעגלייטעט אויך יעדע נייע ערצעהלונג מיט אַ וואָרנונג, אַ התראה, אָדער אַ מוסר, צו טהון אָדער ניט צו טהון אַזוי און אַזוי, ווייל די געשיכטע פֿון די אבות האַרף דיענען אַלס אַ לעהרע פֿאַר די קינדער, פֿאַר די שפּעטערדיגע דורות. פֿיער הויפּט־געדאַנקען וויל בעזונדערס די משנה תורה איינשאַרפֿען דעם אידישען פֿאָלק אין מח און אין האַרצען: א) די ערהאַבענהייט און שענהייט פֿון גאָט; ב) דאָס גרויסע ציעל, וואָס דאָס אידישע פֿאָלק האָט צו ערפֿילען אין דער געשיכטע; ג) אַז דאָס אידישע פֿאָלק אין משה'ס צייט איז נאָך צו שוואַך און ווענינ פֿערשטענדיג באַלד צו קאָנען דערגרייכען זיין הויכען ציעל, און, ענדליך, ד) אַז אויב דאָס פֿאָלק וועט ניט שטרעבען צו זיין הויכען ציעל און ניט האַלטען זיך ביי'ם הייליגען געזעץ, וועט עס מוזען פֿיעל ליידען אַלערליי יסורים און ענוים.

דעם גאָט פֿון ישראל שטעלט פֿאַר די משנה־תורה אַלס אַ הויך ערהאַבען וועזען איבער אַלע ברואים, וועלכער קאָן בשום אופן ניט פֿערגליכען ווערען מיט יענע וועזענס, וואָס די פֿעלקער פֿערעהרען אַלס אַ גאָטהייט. „מען האָט דיר פֿאַר דיינע אויגען בעוויזען, אַז נאָר ה' איז דער איינציגער גאָט אויפֿ'ן הימעל און אויף דער ערד, און קיין אַנדערער, אויסער איהם איז נישטאָ". די משנה תורה לעגט אַ בעזונדערען ווערט אויף דאָס וויסען, אַז דער אידישער גאָט איז דער איינציגער:

„הער צו ישראל, דיין גאָט איז דער איינציגער גאָט".

דער דאָזיגער גאָט האָט געפֿיהרט דאָס אידישע פֿאָלק אין די פֿערגאַנגענע צייטען מיט אַ בעזונדערער בעזאָרגונג, ווי אַ פֿאָטער טראָגט זיין זוהן. גאָט האָט אויסגעוועהלט אידען און בעזונדערס געזאָרגט פֿאַר זיי, כּדי זיי זאָלען ווערען אַ הייליג פֿאָלק. די משנה תורה ווייזט אָן די אידען

[illegible] דינענסט, וועלכע שטאַמען געוויס פֿון אידען: „זאָלסט דאַרפֿען
קומען און עסען און זאַט זיין, צוזאַמען מיט דיין טאָכטער און דיין זוהן",
דען „דו דאַרפֿסט געדענקען, אַז דו ביזט אויך אַ קנעכט געוואָרען אין
מצרים, זאָלסטו אַלזאָ אָבהיטען אַט דעם דין". אַט אַזוי האָבען עס אַלע
געדאַרפֿט זיין גלייכע ברידער, רייך און אָרעם, הערר און קנעכט, און פֿרע-
הען זיך צוזאַמען אין די טעג פֿון יום־טוב, אָהן קיין אונטערשייד.

די משנה תורה גיעט צו אַ גרויסע בעדייטונג דער תפלה, וועלכע
מען דאַרף זאָגען, אַריינקומענדיג אין בית המקדש. מען דאַרף דאַנקען גאָט
פֿאַר זיין צוגעשיקטער ברכה און בעטען ביי איהם אויך אויף ווייטער: ווען
דער לאַנד־אַרבייטער ברענגט זיינע ערשטע פֿרוכטען, די בכורים, אין
בית המקדש אַ מתנה, דאַרף ער אַ דאַנק־תפלה זאָגען און דערמאָנען,
וואָס פֿאַר אַ חסד גאָט האָט געטהון מיט אידען, אַרויספֿיהרענדיג זיי פֿון
מצרים און געבענדיג זיי אַ רייכעס לאַנד. יעדעס דריטע יאָהר, ווען דער
איד האָט געענדיגט אָבטיילען מעשר פֿון זיינע תבואות און געגעבען
פֿאַר'ן לוי, פֿאַר'ן גר, פֿאַר'ן יתום און פֿאַר דער אַלמנה, דאַרף ער פֿאַר'ן
מזבח אין בית המקדש ערקלערען, אַז ער האָט אויסגערוימט דאָס הייי-
ליגע פֿון זיין הויז, ווי גאָט האָט געבאָטען, און ערפֿילט אַלץ, ווי עס
שטעהט אין דער תורה, געבענדיג פֿון זיין פֿערמעגען דעם אָרעמאַן. דער-
ביי דאַרף ער בעטען גאָט, אָבער נישט בלויז פֿאַר זיך, נאָר פֿאַר'ן אַלגע-
מיינעם אידישען פֿאָלק: „קוק אַרונטער, רבונו של עולם, פֿון דיין הייליגער
וואָהנונג, פֿון הימעל, און בענטש דיין פֿאָלק ישראל און דיין לאַנד, וואָס
דו האָסט אונז געגעבען".

די דריי יום־טובים, ווען מען דאַרף עולה רגל זיין „צום ערוועהל-
טען אָרט", בעטראַכט די משנה תורה פֿאַר „טעג פֿון שמחה", דאָס איז
פסח, שבועות און סכות, און אין די יום־טוב־מאָהלצייטען דאַרפֿען ווידער
אַנטייל נעהמען דער אָרעמאַן, דער גר, דער יתום און די אַלמנה.

אין משנה תורה ווערט פֿיעל אַרומגערעדט, ווי איינצואָרדנען די
געריכטען אין לאַנד. אין יעדער שטאָדט מוז מען בעשטימען ריכטער
(שופטים) און שרייבער (שוטרים); דער ערשטער זאָגט אַרויס דעם אור-
טהייל, דעם פסק־דין, און דער אַנדערער פֿיהרט אויס דעם פסק. די ריכטער
טאָרען קיין אַנדער זאַך אין זינען נישט האָבען, ווען זיי משפט'ן עמיצען,
ווי נאָר דאָס רעכט, דאָס געזעץ, און קיין שום שוחד טאָרען זיי נישט
נעהמען, נישט קיין שוחד מיט געלד, נישט קיין שוחד פֿון גוטע רעד,
אָדער וואָס שטאַמט פֿון דרך ארץ אָדער מורא פֿאַר'ן שטאַרקען און ריי-
כען, „נאָר גערעכט זאָלסטו זיין, דען די גערעכטיגקייט געהערט צו גאָט".

אַ טויט־אורטהייל קאָן אַרויסגעגעבען ווערען נאָר לויט'ן עדות־זאָגען
פֿון צוויי אָדער דריי עדות, וועלכע טאָרען אין קיין זאַך זיך נישט סותר
זיין איינער דעם אַנדערען. די עדות דאַרפֿען גרינדליך און אַלזייטיג אויס-
געפֿרעגט ווערען, כדי צו קאָנען זיך איבערצייגען, אַז די בעשולדיגונג איז

קרבנות, מתנות — דאָס אַלץ האָט געדאַרפֿט דיענען איבערצובעטען דעם שרעקליכען גאָט און שטימען איהם פֿריינדליך. צווישען דעם מענשען און דער גאָטהייט איז געלעגען אַ גאַנצע וועלט, די וועלט, וואָס איז צווישען הימעל און ערד. די משנה תורה האָט אָבער צושטערט געעפֿענט פֿאַר'ן מענשען די ליעבע צו גאָט אַלס אַ מאָטיוו פֿון פֿרומקייט און שענע מדות; דאַדורך איז דער מענש געשטעלט געוואָרען נאָהענטער צו גאָט, פֿיעל נאָהענטער. דאָס האַרץ פֿונ'ם מענשען איז דאַדורך געוואָרען אַ בית־מקדש, אין וועלכען עס ברויכט צו לעבען גאָט און זיין פֿערעהרט, און די בעציהונג פֿונ'ם מענשען צו גאָט איז דורך דער משנה תורה פֿערוואַנדעלט געוואָרען אין דער בעציהונג פֿון אַ זוהן צו אַ פֿאָטער. דער מענש ברויכט נישט מעהר צו ציטערען פֿאַר זיין גאָט, ווי דער קנעכט פֿאַר זיין שטרענגען הערן; ער ברויכט זיך צו מתקרב זיין צו גאָט מיט פֿרייד, ווי אַ קינד צו אַ ליעבענדען פֿאָטער. די דאָזיגע ערהאַבענע ליעבע צו גאָט און דאָס דערקענען איהם און פֿערשטעהן, ווערט פֿיעל מאָל איבערגע'חזר'ט אין משנה תורה.

מיט דער זעלביגער וויכטיגקייט, ווי דאָס דערווייטערען זיך פֿון דער געצענדיענעריי, ווערט אין משנה תורה אויך ערקלערט, ווי אַזוי מען דאַרף גאָט דיענען. דערביי בעמערקט מען אָבער, וואָס פֿאַר אַ קליינעם אָרט עס פֿערנעהמען אין משנה תורה די קרבנות. געוויס, אויך דאָ זענען פֿאַראַן געזעצען, אַז נאָר אין אַ בעשטימטען אָרט מעג מען ברענגען קרבנות, אינ'ם אָרט, „וואָס גאָט האָט אויסערוועהלט"; די קרבנות ווערען דאַדורך אַלזאָ אַנערקענט פֿאַר אַ בערעכטיגטע זאַך, וואָס איז גאָט אַנגענעהם. אָבער מען זעהט, אַז די משנה־תורה וויל אָט דעם גאָטעס־דיענסט זעהר בעגרענצען און נאָר ערלויבען, אָבער נישט פֿאָדערען איהם. אויסער דעם אָרט, וואָס איז בעשטימט געוואָרען דאַרויף פֿון גאָט, טאָר מען קיין קרבנות גאָרנישט ברענגען. וויל מען עסען פֿלייש, ברויכט מען עס נישט, ווי פֿריהער, צו ברענגען אַ קרבן פֿאַר גאָט. נאָר מען קאָן שעכטען און עסען, ווי מען וויל, סיי דער ריינער, סיי דער אומריינער מעג עס עסען. דאַדורך אַלזאָ איז שוין נישט נויטיג געוואָרען צו האַלטען פּריוואַטע מזבחות.

די משנה־תורה האָט געוואָלט אָבגעוואָהנען דאָס פֿאָלק פֿון די מזבחות. אפילו די קרבנות אין בית המקדש גופא האָט אויך די משנה תורה געוואָלט בעגרענצען. נאָר דעם צעהנטען פֿון די בהמות, דעם בכור צווישען זיי און די נדרים־קרבנות האָט מען דאָרט געדאַרפֿט ברענגען אויפֿ'ן מזבח (ד. ה. בלויז אין בית המקדש) און „אויב דו ועסט אויפֿהערען זיך אַ נדר צו טהון צו ברענגען אַ קרבן, וועסטו אויך קיין זינד נישט טהון דערמיט. זאָלסט גאָר ערפֿילען דאָס, וואָס דו זאָגסט צו". אויסער די כהנים, האָט די משנה תורה אויך געזאָרגט פֿאַר די לויים, פֿאַר די גרים (פֿרעמדע!), פֿאַר אַ יתום, פֿאַר אַנ'אלמנה, פֿאַר אַ קנעכט

דארף מען פריהער שטעלען בעדינגונגען פון שלום, זאָגן, אויב די איינוואוינער שטימען דערויף איין, דארפען זיי גאר אבצאהלונגען געבען, זייער לעבען אבער דארף געשוינט ווערען. אויב אבער זיי ווילען ניכט אננעהמען דעם שלום, וואס מען לעגט זיי פאר, און די שטאדט ווערט איינגענומען מיט׳ן שטורם, דארף מען אלע דערוואקסענע מאנסבילען אויס׳הרג׳ענען, נאר די ווייבער און קינדער דארף מען שוינען. ביי׳ם בעלאגערען א שטאדט, דארף מען ארום איהר ניכט אויסהאקען די פרוכט־בוימער; מען טאר זיי אפילו ניכט פערוועדען אויף צו בויען טהורעמס אדער קאמפף־בערג ארום שטאדט. יעדער מענש דארף דאס ערשטע יאהר נאך זיין חתונה פריי זיין פון קריעגס־דיענסט אדער בכלל פון יעדען דיענסט פאר דער מלוכה, „כדי ער זאל קאנען דערפרעהען זיין פרוי". פאר די פערזאמעלטע מהנות דארף מען לאזען אויסרופען: „ווער עס האט א הויז געבויט, אדער א נייעם וויינגארטען געפלאנצט, אדער פער׳קנס׳ט א מיידעל, זאל די מחנה פערלאזען, כדי אנ׳אנדערער זאל ניכט צונעהמען דאס, וואס איהם איז ליעב, זיין פרוי, זיין הויז און זיין וויינגארטען, אין פאל, אויב ער וועט פאלען". אויך דער פחדן ווערט בעפרייט פון דער מחנה, כדי ער זאל קיין אנדערע ניכט אנשטעקען דורך זיין פחדנות. די מחנה, דאס לאגער דארפען געהאלטען ווערען רייניליך און ציכטיג, און ניכט פערשמוציגען עס, „דען גאט געהט מיט דיין מחנה, דעריבער זאל דיין מחנה הייליג זיין און קיין שאנדהאפטע זאך זאל דארט ניכט געזעהען ווערען".

פריהער פאר אלץ אבער זארגט די געזעצגעבונג פון דער משנה־תורה פאר׳ן ארימאן און וויל דערוועקען די מילדע געפיהלען פון ברידערליכקייט ביי׳ם רייכען אין הארצען. ווען דער אידישער קנעכט געהט ארויס פריי, נאכדעם, ווי ער האט אבגעדיענט זעקס יאהר, דארף מען איהם ניכט אבלאזען מיט לעדיגע הענד, נאר זיין ביז־איצטיגער הערר מוז איהם געבען פון זיין פיה, תבואה און וויין. וועגען מילדקייט, מענשליכקייט און רחמנות דערמאהנט די משנה־תורה זעהר פיעל מאל. א קנעכט ניכט קיין איד, וועלכער איז ענטלאפען קיין ארץ־ישראל פון א פרעמד לאנד, דארף מען ניכט ארויסגעבען צו זיין הערן, נאר „ער זאל בלייבען וואהנען אין דיין לאנד און זאל זיך אויסקלייבען אנ׳ארט, וואו ער וויל, און דו זאלסט איהם ניכט בעדריקען". אפילו מיט א פיינד מוז מען מיטלייד האבען. אויב עמיץ ברענגט אהיים פון דער מלחמה א שענע פרוי געפאנגען און וויל מיט איהר חתונה האבען, דארף ער איהר געבען א חודש צייט, צו טרויערן נאך איהר היים און איהרע פריינד און ערשט דאן קאן ער מיט איהר חתונה האבען. אויב ער הערט איהר אויף שפעטער ליעב צו האבען, טאר ער איהר ניכט פערקויפען פאר א שקלאווין, נאר ער דארף איהר לאזען פריי". „טרעפט מען א נעסט פון א פויגעל, טאר מען ניכט אראבנעהמען די מוטער

בעגרינדעט און נישט פֿאַלש. די ריכטער דאַרפֿען זעהען, אַז עס זאָל קיין אונשולדיג בלוט נישט פֿערגאָסען ווערען; אָבער אויך, אַז קיין בלוט־שולד זאָל נישט בלייבען אונבעשטראָפֿט. פֿאַר די, וועלכע האָבען דער׳הרג׳עט עמיצען בשוגג (נישט גערנווילינג), דאַרף מען איינאָרדנען זעקס שטעדט, וואוהין דער מערדער זאָל קאָנען ענטלויפֿען (ערי־מקלט), כדי דאָרט זיכער צו זיין פֿאַר נקמה פֿון די פֿריינד פֿון דעם דער׳הרג׳עטען. מיט אַ טויט־שטראָף דאַרף מען, לויט דער משנה תורה, בעשטראָפֿען פֿאַר אַ מאָרד, פֿאַר געצענדיענעריי, פֿאַר לעבען מיט אַנ׳אשת־איש, ווי אויך פֿאַר אַ פֿער׳קנסטע כלה, וואָס האָט בעגאַנגען אַנ׳אונציכטיגקייט נאָך אין איהר פֿאָטער׳ס הויז, און פֿאַר אַ „בן סורר ומורה“. מיט גרויסער שטרענגקייט בעהאַנדעלט די משנה תורה אַ פֿאַלשען עדות: „איהם דאַרף מען טהון, אַזוי ווי ער האָט געוואָלט טהון“, אהן קיין שום שוינונג, אַ לעבען פֿאַר אַ לעבען, אַנ׳אויג פֿאַר אַנ׳אויג, אַ פֿוס פֿאַר אַ פֿוס, אַ האַנד פֿאַר אַ האַנד. די דאָזיגע געזעצגעבונג וויל אָבער נישט מבזה זיין דאָס מענשליכע געפֿיהל אפילו אויך אין אַ פֿערברעכער: דעם טויטען קערפּער פֿון אַ פֿערברעכער, וועלכער איז דורכ׳ן געריכט אויפֿגעהאָנגען געוואָרען, דאַרף מען נישט לאָזען הענגען איבער נאַכט, נאָר באַלד אַרונטערנעהמען און בעגראָבען. אויב דער ריכטער האָט עמיצען פֿעראורטיילט צו מלקות, דאַרף מען איהם געבען נאָר אַ געוויסע צאָהל שמיץ, פֿערציג, נישט מעהר, „כדי דיין ברודער זאָל פֿאַר דיינע אויגען נישט געשאַנדעט ווערען“. דורך מלקות האָט מען געדאַרפֿט בעשטראָפֿען דעם, ווער עס פֿלעגט אַרויסלאָזען אַ שלעכטען נאָמען אויף דער פֿרוי, מיט וועלכער ער האָט חתונה געהאַט.

די משנה תורה ענטהאַלט אויך געזעצען וועגען דער מלוכה און בעגרענעצט די רעכט פֿון מלך אויף אַזוי פֿיעל, אַז ער זאָל נישט קענען ווערען שעדליך דעם פֿאָלק. דער קעניג מוז דורך גאָט ערוועהלט ווערען, דאָס הייסט, אַ נביא מוז איהם בעשטעטיגען. אַ פֿרעמדער, וועלכער שטאַמט נישט פֿון אידען, טאָר ביי אידען קיין מלך נישט זיין. דער קעניג מאָר נישט האַלטען קיין פֿיעל פֿערד און נישט שליסען קיין בונד מיט מצרים, כדי צו ברענגען פֿון דאָרט פֿערד. ער טאָר נישט האָבען קיין פֿיעל ווייבער, וועלכע וואָלטען געקאָנט אָבווענדען זיין האַרץ פֿון גאָט. ער זאָל אויך נישט אָנזאַמלען צופֿיעל גאָלד און זילבער. ער זאָל איבערהויפּט נישט ווערען שטאָלץ ביי זיך, נישט דערהויבען זיך איבער זיינע ברידער, און שטענדיג האַלטען זיך פֿעסט ביי׳ם געזעץ.

אין משנה־תורה געפֿינט זיך אויך אַ ספּעציעל געזעץ וועגען מלחמה: ביי׳ם בעקעמפֿען די פֿעלקער פֿון כנען, ווען מען וועט אַריינקומען אין לאַנד, דאַרף מען קיין איינציגען נפש נישט לאָזען לעבען, „כדי זיי זאָלען דיך נישט לערנען נאָכטהון זייערע שענדליכע מעשים“. דאַגעגען, ווען מען וועט בעלאַגערן אַ שטאָדט אויסער׳ן לאַנד כנען,

רחמנות צוּ האָבֶּען אוֹיף אַנ'אָרימאַן, אָבּצוּהִיטֶען צניעות, צוּ האָבֶּען גוּטֶע מדות, צוּ פִֿיהרֶען זִיך הֵיילִיג אוּן צִיכְֿטִיג אִין לֶעבֶּען, אָבּצוּהאַלטֶען זִיך פֿוּן יֶעדֶער אוּמרֵיינֶער תאוה — צוּ לִיעבֶּען גאָט אוּן בֶּעהֶעפְֿטֶען זִיך אִין אִיהם!...

משה האָט פֿאָראוֹיסגֶעזֶעהן — דֶערצֶעהלט ווייטֶער דִי משנה־תורה — אַז נִישט אַכְֿטֶענדִיג אוֹיף זֵיינֶע שטראָף־רֵייד אִין התראות, ווֶעט דאָס פֿאָלק דאָך אִיבֶּערטרעטֶען דאָס גֶעזֶעץ אוּן דֶערפֿאַר ווֶעלֶען אוֹיף אִיהם אִין דִי שפֶּעטִיגסטֶע צֵייטֶען קוּמֶען גרוֹיסֶע אוּנגלִיקֶען. דאָס פֿאָלק ווֶעט אָבֶּער נִישט פֿערשטעהן, פֿאַרוואָס דִי אוּנגלִיקֶען זֶענֶען אוֹיף אִיהם גֶעקוּמֶען, אוּן אָט כדי צוּ דֶערמאָהנֶען דֶעם פֿאָלק, אַז גאָט אִיז גוּט אוּן בּרֶענגט קֵיין שלֶעכְֿטס נִישט אוֹיף זֵיין פֿאָלק אוּמזִיסט, האָט משה אַ גרוֹיס לִיעד גֶעזוּנגֶען אוּן בֶּעפֿוֹילֶען, אַז אִידֶען זאָלֶען אוֹיסווֶענִיג לֶערנֶען אוּן גֶעדֶענקֶען עֶס אוֹיף אֵייבִּיג. דאָס אִיז דאָס גרוֹיסֶע לִיעד „האזינו“, וואוּ עֶס ווערט פֿאָראוֹיסגֶעזאָגט, אַז דאָס פֿאָלק ווֶעט פֿוּן צוּפִֿיעל גוּטס פֿוּן רֶעכְֿטֶען ווֶעג אַראָבּגֶעהן אוּן ווֶענדֶען זִיך צוּ אָבּגֶעטֶער, ווֶעלכֶֿע זֵיינֶע עֶלטֶערֶען האָבֶּען נִישט גֶעקֶענט, אוּן אַז אַ ווִילד פֿאָלק ווֶעט זֵיי מוּזֶען בֶּעשטראָפֿען דֶערפֿאַר. עֶרשט דאַן, ווֶען דאָס אִידִישֶׁע פֿאָלק ווֶעט זֶעהן, אַז דִי פֿרֶעמדֶע גֶעטֶער קאָנֶען אִיהם נִישט הֶעלפֿען, ווֶעט עֶס אָנהוֹיבֶּען פֿערשטעהען, אַז נאָר גאָט אַלֵיין קאָן אִיהם הֶעלפֿען, דֶער גאָט, ווֶעלכֶֿער טוֹיטֶעט אוּן מאַכְֿט לֶעבֶּעדִיג, פֿערוואוּנדֶעט אוּן הֵיילט, אוּן עֶר נֶעהמט אָבֶּער אוֹיך נקמה פֿאַר'ן בֶּעפֿלֶעקטֶען באָדֶען פֿוּן זֵיין לאַנד.

שרֶעקלִיך אוּן אֵימה'דִיג אִיז דִי „תוכחה“, ווֶעלכֶֿע גֶעפִֿינט זִיך אִין משנה־תורה. זִי רֶעדט ווֶעגֶען יֶענֶע גרוֹיזאַמֶע פֿאָלגֶען, ווֶעלכֶֿע עֶרוואַרטֶען דאָס פֿאָלק אוּן דֶעם קֶענִיג, אוֹיבּ זֵיי ווֶעלֶען נִישט גֶעהֶען אִינ'ם ווֶעג פֿוּן דִי גֶעזֶעצֶען. אַלֶע ענוּיִים אוּן יסוּרים, ווֶעלכֶֿע קאָנֶען אַרֵיינבּרֶענגֶען אִין לֶעבֶּען פֿוּן אַ מֶענשֶׁען אַ שרֶעקלִיכֶֿע פֿערצווֵייפֿלוּנג, זֶענֶען גֶעשִׁילדֶערט אִינ'ם דאָזִיגֶען אֵימה'דִיגֶען בִּילד — אוּנגֶערֶעטֶענִיש, הוּנגֶער־יאָהרֶען, טרִיקֶענִיש אוּן מגפות פֿוּן אֵיין זֵייט, אוּן פֿוּן דֶער אַנדֶערֶער — שפלוּת, בזיון, שווֶערֶע קנֶעכְֿטשאַפֿט אוּן חרפות, ווִי אוֹיך אַלֶערלֵיי פגעים רעים, ווֶעלכֶֿע בּרֶעכֶֿען דאָס הארץ פֿוּנ'ם מֶענשֶׁען אוּן בּרֶענגֶען אִיהם צוּ שגעון אוּן טֶעמפּקֵייט. „גאָט ווֶעט אוֹיך זִיך בּרֶענגֶען אַ פֿאָלק פֿוּן דֶערווֵייטֶען, פֿוּן עֶק ווֶעלט, וואָס ווֶעט קוּמֶען צוּפֿלִיהֶען שנֶעל, ווִי אַנ'אָדלֶער, אַ פֿאָלק, וואָס דוּ פֿערשטעהסט נִישט זֵיין שפּראַך, אַנ'עזוּת־פֿאָלק, אַ האַרט־הֶערצִיג, וואָס שוֹינט נִישט קֵיין זקן אוּן האָט קֵיין רחמנות נִישט אוֹיף אַ קִינד... אוּן עֶס ווֶעט בֵּיי דִיר אַלץ צוּנֶעהמֶען אוּן ווֶעט בֶּעלאַגֶערן דֵיינֶע פֿעסטֶע אוּן הוֹיכֶֿע שטֶעדט, אוֹיף ווֶעלכֶֿע דוּ פֿערלאָזט זִיך אַזוֹי שטאַרק. אִין דֶער נוֹיט פֿוּן דֶער בֶּעלאַגֶערוּנג ווֶעסטוּ דאָס פֿלֵיישׁ פֿוּן דֵיינֶע אֵייגֶענֶע קִינדֶער עֶסֶען... גאָט ווֶעט דִיך צוּשפּרֵייטֶען צווִישֶׁען

פון איהרע פויגעלעך. נאָר אַבטרייבען די מוטער און ערשט דאַן די פויגעלעך צונעהמען".

משה האָט בעזונדערס הארום געבעטען דעם אידישען פֿאָלק אָבצוהיטען אָט די אַלע געזעצען, דען „זיי זענען אייער חכמה און פֿערשטענדיגקייט אין די אויגען פון די פֿעלקער", וועלכע וועלען זאָגען, ווען זיי וועלען דערפון הערען: „געוויס איז דאָס דאָזיגע גרויסע פֿאָלק קלוג און פערשטענדיג". „עס ליעגט דאָך נישט אין הימעל, אַז דו זאָלסט קאָנען זאָגען — ווער וועט עס מיר פון הימעל אַראָבברענגען, אַז מיר זאָלען דאָס הערען און פֿאָלגען; עס איז דאָך נישט אויף יענער זייט ים, אַז דו זאָלסט קאָנען זאָגען — ווער וועט עס אונז פון איבער'ן ים ברענגען? דאָס ליעגט דאָך נאָהענט נעבען דיר, אין דיין מויל, און דיין הארצען, דו קאָנסט עס אַלץ טהון".

די משנה־תורה לעגט אויך פֿאָר, אַז מען זאָל תורה לערנען מיט'ן פֿאָלק; יעדעס זיבעטע יאָהר, דעם שמיטה־יאָהר, אום סכות, ווען אַלע אידען וועלען זיך צוזאַמענקומען אינ'ם „ערהויבענעם אָרט", דאַרף מען לעזען די תורה פֿאַר אַלעמען; מען דאַרף דערצו „פֿערזאַמלען אַלע מאַנסבילען, פֿרויען, קינדער און גרים, זאָלען אַלע הערען און לערנען און פֿערשטעהן, ווי אַזוי צו זיין גאָטספֿאָרכטיג און אָבהיטען צו טהון אַלץ, ווי עס שטעהט אין דער תורה". אויך דער קעניג איז מחויב צו לאָזען זיך שרייבען אַן'אייגענע משנה־תורה און האַלטען זי ביי זיך, כדי שטענדיג צו לעזען אין איהר.

מיט רעכט האָט דער דאָזיגער געפֿונענער ספר געמאַכט אַזאַ שטאַרקען איינדרוק אויפ'ן מלך יאשיהו מיט זיינע שרים. דער גאַנצער ספר איז עטוואָס ערהאַבענעס און זעלטענעס, וואָס מען טרעפֿט עס גאָרנישט אין דער וועלט־ליטעראַטור. די פֿערעפֿענטליכונג פונ'ם ספר משנה־תורה אין יאשיהו'ס צייט איז געוואָרען אַ גרויסע עפּאָכע נישט בלויז אין דער אידישער געשיכטע, נאָר אויך אין דער געשיכטע פון אַלע קולטור־פֿעלקער. דער אינהאַלט פונ'ם דאָזיגען געזעץ, די פֿאָרמע, און וועלכער ס'איז בעקליידעט, די הערצליכע, פֿאָטערליכע שפּראַך, וועלכע הערשט דערין, דער בעפֿעהל, אַז זי זאָל אין געוויסע צייטען געלעזען ווערען און דעם גאַנצען פֿאָלק, אויך פֿרויען און קינדער, בעקאַנט געמאַכט ווערען דאָס אַלץ האָט אַ הויכע בעדייטונג. און די דאָזיגע תורה האָט נישט געדאַרפֿט בלייבען אין אַן'ענגען קרייז פון כהנים, אָדער געלעהרטע, נאָר זי האָט געדאַרפֿט געהערען דעם גאַנצען פֿאָלק, און אפילו אויך די גרים, דאָס הייסט, די פֿרעמדע מענשען פון אַנדערע פֿעלקער, וועלכע ווילען זיך נאָר מיט איהר בעקענען. אין דער משנה־תורה געפֿינען זיך אפילו אויך געזעצען וועגען בית־המקדש, קרבנות, טומאה און טהרה — אַלץ ספּעציעל־אידישע דינים; אָבער די מייסטע געזעצען בעציהען זיך אויף אַלמענשליכע זאַכען: צו זיין גערעכט,

דערביי האט ער זיך גענומען די משנה־תורה פאר א וועג־ווייזער און האט נאך שטרענגער, ווי חזקיהו, געווירקט ביי דער אבשאפונג פון דער געצענדיענעריי. ער האט איינגעארדענט אין בית המקדש א גרויסע פאלקס־פערזאמלונג, צו וועלכער ער האט איינגעלאדען די עלטסטע לייט פון ירושלים און פונ'ם גאנצען לאנד, ווי אויך די גאנצע בעפעלקערונג פון ירושלים, די נביאים און די כהנים, אפילו אויך די נידעריגסטע פון פאלק, די האלץ־העקער און וואסער־טרעגער פון בית־המקדש, און געלאזען פארלעזען פאר אלעמען דעם געפינענעם ספר משנה־תורה, וועהרענד ער אליין איז געשטאנען אויף דעם הויכען סלופ, וואס איז אין בית־המקדש געווען בעשטימט פאר'ן קעניג. דער קעניג האט אויך געלאזט שליסען א פארמאלנעם „בונד", און אלע אנוועזענדע האבען זיך געמוזט מתחייב זיין שטרענג אבצוהיטען אלע געזעצען פונ'ם ספר און ערפילען זיי מיט'ן גאנצען הארצען און מיט דער גאנצער נשמה. דערביי האט מען הויך געלייענט דעם פסוק: „פערשאלטען זאל זיין יענער, וועלכער עס וועט נישט מקיים זיין דאס, וואס די תורה הייסט". אלע אנוועזענדע האבען דערויף געענטפערט: „אמן!"

באלד נאכדעם האט מען, אויפ'ן קעניג'ס בעפעהל, אבגערייניגט דעם בית־המקדש פון אלע געצענדיענערישע אונצילכטיגקייטען — דאס שענדליכע בילד פון דער „עשתרות", וועלכע מנשה האט אין בית־המקדש אריינגעבראכט, די מזבחות פאר די אבגעטער, די הייזלעך פאר די זנות־מיידלעך, די פערד פאר'ן דיענסט צו דער זון, וועלכע זענען געשטאנען אין אריינגאנג פון בית־המקדש, און אויך די מזבחות צו דער זון און צו די שטערען — דאס אלץ האט מען צושטויסען, פערניכטעט, און אבגעפיהרט דערנאך אין טהאל קדרון, וואו מען האט עס פערברענט און די אש האט מען צושפרייט אויף די קברים פון געמיינעם פאלק. די ערטער אינ'ם טהאל „הנום", וואו דער תופת איז געשטאנען, אויף וועלכען מען פלעגט פערברענען קינדער פאר א קרבן צום שוידערהאפטען מולך, האט יאשיהו געלאזט פעראונרייניגען. דער־נאך האט מען אויך ווידער פערבאטען, ווי אין חזקיהו'ס צייטען, די „במות" — די פריוואטע מזבחות אויף אלע הויכע ערטער; די כהנים פון די געצען און פון די „במות" האט מען דערווייטערט פון זייערע שטעלען און געבראכט קיין ירושלים, וואו זיי האבען געמוזט לעבען אונטער א בעזונדערער אויפזיכט, כדי מען זאל זיכער זיין, אז זיי וועלען זיך שוין מעהר נישט בעשעפטיגען מיט דער געצענדיענעריי. צום דיענסט אין בית־המקדש האט מען זיי נישט צוגעלאזען, האטש זיי זענען געווען כהנים און לויים, אבער זייער חלק פון תרומות און מעשרות האט מען זיי יא געגעבען, כדי זיי זאלען נישט אויסשטארבען פון הונ־גער. יענע „כהנים" אדער „כומרים", וועלכע מען האט אראבגעבראכט פריהער פאר דער געצענדיענעריי פון אנדערע לענדער, האט מען אויצו

אַלע פֿעלקער אין אַלע עקען וועלט. און דאָרט װעסטו דיענען אַבגעטער פֿון האָלץ און שטיין און צווישען די פֿעלקער וועסטו קיין מנוחה נישט האָבען, נאָר שטענדיג וועסטו דאַרפֿען ציטערן פֿאַר דיין לעבען און פֿערצווייפֿעלט זיין. אין פֿריהען מאָרגען וועסטו זאָגען: „אָה, ווען ס'וואָלט שוין נאַכט געקומען!" און אין דער נאַכט וועסטו בעטען: „אָה, ווען ס'וואָלט שוין טאָג געוואָרען!" און אויך דיין קעניג, וועלכען דו האָסט זיך אויסגעוועהלט, וועט מיט דיר אין געפֿאַנגשאַפֿט אַבגעפֿיהרט ווערען צו אַן'אונבעקאַנט פֿאָלק".

אַט דעם ספר מיט זיינע האַרציג־ריהרענדע שטראָף־רייד און מיט זיינע אימה־בילדער וועגען אַ טרויעריגער צוקונפֿט, וועלכען דער כהן־גדול חלקיהו האָט געפֿונען אין בית־המקדש און, נאָכדעם, ווי ער האָט עס געלעזען, האָט ער עס איבערגעגעבען דעם קעניגליכען שר, שפֿן, האָט דער לעצטער געבראַכט דעם קעניג יאשיהו און געלעזען פֿאַר איהם איינציגע שטעלען פֿון דאָרט. איבעררהאַשט און ערשראָקען פֿון דער שרעקליכער תוכחה, צושמעטערט אינגאַנצען דורך דער איבערצייגונג, אַז ער איז אַליין שולדיג און פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר אַלע פֿאָלקס־אונגליקען, דערמיט, וואָס ער דערלאָזט יענע אַלע פֿערברעכענס, וועלכע זענען אין ספר אַנגעוויזען, האָט דער קעניג פֿון גרויס וועהטאָג צוריסען אויף זיך די קליידער. אַ פּחד איז געפֿאַלען אויף זיין האַרצען, ער האָט געציטערט, דאָס די אַלע שטראָפֿען וועלען טאַקי באַלד ערפֿילט ווערען. דער קעניג האָט געשיקט דופֿען צו זיך דעם כהן־גדול חלקיהו. לויט דער עצה פֿונ'ם כהן־גדול, האָט דער קעניג געשיקט איהם אַליין מיט נאָך עטליכע פֿון זיינע שרים צו דער נביאה חולדה, כדי צו פֿרעגען ביי איהר וועגען דער צוקונפֿט. ביי ירמיהו'ן האָט מען נישט געפֿרעגט, ווי עס שיינט, צוליעב דעם, וואָס ער איז נאָך צו־יונג געווען, אָבער אויך צום עלטערען נביא צפניה האָט מען זיך נישט געווענדעט, צוליעב אַן'אונבעוואוסטען טעם. די נביאה חולדה איז געווען די פֿרוי פֿון שלום, וועלכער איז געווען דער ממונה אויף די קליידער פֿון קעניג, און געשטאַמט פֿון זעהר אַ הויכער משפחה פֿון ירושלים. די נביאה האָט דעם קעניג בערוהיגט דורך זיינע שלוחים, און ערקלערט, אַז דאָס אונגליק וועט קומען איבער דעם פֿאָלק און דעם קעניג נישט אין זיינע צייטען, דערפֿאַר וואָס ער האָט זיך צו גאָט צוריקגעווענדעט און ליידט די יסורים פֿון אַ ביטערער חרטה. מען דאַרף אָבער ביי דער בלויזער חרטה זיך נישט אַבשטעלען, נאָר מען דאַרף אונטערנעהמען מעשים, כדי צו פֿערטרייבען דעם געצענדיענסט מיט אַלע זיינע אונציכטיגקייטען, ווי אויך אויסבעסערן אַלע אונגערעכטיגקייטען געגען דעם אָרימען פֿאָלק.

בערוהיגט איבער דעם גורל פֿון זיין פֿאָלק, ווייניגסטענס, אין זיינע צייטען, האָט דער קעניג זיך גענומען ענערגיש דורכצופֿיהרען אַלע פֿערבעסערונגען, וועגען וועלכע די נביאה חולדה האָט איהם אַנגעוויזען.

וויכטיגסטע תקנות, וואָס יאשיהו האָט איינגעפיהרט, איז געווען וועגען דעם ארון מיט די לוחות. ביז דאַמאָלס האָט מען בעטראַכט דעם ארון ווי אַ מיטעל, וואָס דאַרף בעשיצען אידען אין מלחמה געגען דעם פיינד. בשעת אַ מלחמה פלעגען די לויים טראָגען דעם ארון אויפ'ן מלחמה-פעלד. איצט אַבער האָט יאשיהו בעפוילען, אַז דאָס זאָל מעהר נישט פאָרקומען: דער ארון דאַרף זיך געפינען שטענדיג נאָר אין „דביר", דאָס הייסט אין קודש הקדשים פון בית-המקדש, און זיין דער צענטער פון בית-המקדש און פונ'ם גאַנצען אידישען פאָלק. ווי עס שיינט, האָט יאשיהו נעבען דעם ארון אויך אַריינגעבראַכט אין קודש-הקדשים דעם ספר תורה.

אין זיין ערשטער נבואה האָט ירמיהו פאָראויסגעזאָגט, אַז אין דער וועלט וועלען פאָרקומען גרויסע חורבנות און נאָכדעם וועלען זיך אָנהויבען אויפבויען נייע מלוכות. אָט די נבואה איז מקוים געוואָרען אין די לעצטע יאָהרען פון יאשיהו. דאָס גרויסע לאַנד אשור, וואָס האָט אין אַ משך פון כמה יאָהרען איינגענומען פיעל פעלקער און אַרויפגעלעגט אויף זיי זיין שווערען יאָך, האָט געדאַרפט אינגאַנצען אונטערגעהן און אויף זיין אָרט האָבען געדאַרפט אויסוואַקסען נייע מלוכות. די מלכים קיאַקסאַרעס פון מדי און נבו-פולאַסר פון בבל, האָבען צוריסען די לעצטע פעדים, וועלכע האָבען זיי פערבונדען מיט אשור, און ערקלערט זיך אינגאַנצען אומאָבהענגיג פון איהם. די וואַקסענדע שוואַכקייט פון אשור האָט אויך געוואָלט אויסנוצען מצרים, כדי צו נעהמען נקמה פאַר אַלדאָס שלעכטס, וואָס עס האָט געזעהען פריהער פון איהם. אין מצרים איז אַרויפגעשטיגען אויפ'ן טראָהן אַ מוטיגער קעניג נכה, אָדער נעקאָס, אַ זוהן פון פסאַמעטיך, וועלכער האָט געוואָלט צוריקשטעלען די אַמאָליגע מאַכט פון מצרים. אַזוי אַרום זענען אין דער זעלביגער צייט אַרויס-געטראָטען פיעל שטאַרקע און מוטיגע מלכים, וועלכע האָבען גע-שטרעבט צו מאַכען אַ סוף מיט אַשור'ס הערשאַפט. נכה איז געווען נאָך מעהר העלד און אונטערנעהמער פאַר זיין פאָטער; דורך דעם פלאַט פון די פעניקיער האָט ער געלאָזט זיינע לייט אַרומרייזען און בעזעהען אַלע ברעגען פון אַפריקא אין מיטעללענדישען ים; איצט האָט ער בע-וואָפענט אַ שטאַרקען פלאָט, כדי צו בעזעצען איהם. מיט אַ גרויסער אַרמעע און איינצונעהמען אשור, אָדער, וועניגסטענס, דערנידעריגען איהם. נכה האָט געהאָפט, אַז איהם וועט געלינגען לייכט איינצונעהמען די לענדער אין סיריען, מעגליך אויך גאָר פעראייניגען גאַנץ אַשור מיט זיין לאַנד מצרים. די דאָזיגע האָפנונג זיינע האָט ער בעזונדערס בעגרינדעט זערויף, וואָס זיין געגנער קיאַקסאַרעס איז איצט געווען פערנומען מיט אַ מלחמה געגען אַליאַטעס, דעם קעניג פון לידיען, און ער האָט איהם אַלזאָ נישט געקאָנט שטערען אין אויספיהרען זיינע גרויסע פלענער.

צוריק אַרויסגעטריבען פון ארץ־ישראל. אַ שרעקליכע אויסנאַהמע האָט יאשיהו געמאַכט פאַר די אידישע כהנים, וועלכע האָבען געדיענט ביי די קעלבער אין בית־אֵל, וואָס ירבעם בן נבט האָט אויפגעשטעלט און זיי האָבען מיטגעהאָלפען צו פערפיהרען אידען אין דער געצענדיענעריי: יאשיהו האָט זיי געלאָזט דער׳הרג׳ענען אויף זייערע מזבחות, און די מזבחות גופא האָט ער געלאָזט פעראונרייניגען דאדורך, וואָס מען האָט אויף זיי פערברענט ביינער פון טויטע מענשען. דעם דאָזיגען גרויזאַמען אַקט האָט יאשיהו אויסגעפיהרט צוליעב דעם, וויל פון בית־אֵל איז געקומען צו אידען נישט בלויז די געצענדיענעריי, נאָר אויך דער פאַלשער בעגריף וועגען דעם אידישען גאָט גופא, וויל, ווי עס איז שוין דערמאָהנט געוואָרען, האָט ירבעם נישט געזאָגט, אַז ער פיהרט איין אַ פרעמדע געצענדיענעריי, נאָר טאַקי דעם אידישען גאָט, דעם גאָט, וואָס האָט אַרויסגעפיהרט אידען פון מצרים, שטעלט ער אַ ממשות׳דיג בילד. די איצטיגע כהנים פון בית־אֵל זענען אפילו וועניג וואָס שולדיג געווען דערין, דען זיי האָבען אין זייער פּראָסטקייט גע־מיינט, אַז זיי דיענען טאַקי באמת דעם אידישען גאָט, זיי האָבען אָבער בעצאָהלט מיט זייער לעבען פאַר די זינד פון זייערע עלטערן. אַט דאָס איז געווען דער סוף פון דעם קאַלבען־קולט פון בית־אֵל. דאָס מטמא מאַכען און פערניכטען פון די מזבחות אין בית־אֵל האָט דורכגעפיהרט דער קעניג יאשיהו פערזענליך.

און צו יענעם פסח (691 פאַר׳ן צווייטען חורבן) האָט יאשיהו צוזאַמענגערופען דאָס גאַנצע אידישע פאָלק קיין ירושלים, כדי צו מאַכען דאָרט דעם קרבן־פסח, ווי די תורה האָט געבאָטען. און איצט האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דאָס פאָלק איז געקומען קיין ירושלים, נישט ווי אין חזקיהו׳ס צייטען, געצוואונגען, כמעט מיט געוואַלד, — איצט זענען אַלע אַליין געקומען מיט געזאַנג און פרייד. דעם קרבן־פסח האָט מען געבראַכט מיט גרויסער פייערליכקייט, ביי׳ם זינגען תהלים און בעגלייטען דעם געזאַנג מיט׳ן שפּיעלען אויף פערשיעדענע מוזיקאַלישע אינסטרומענטען. פאַר דער נביאים־פּאַרטיי איז די דאָזיגע געשעהעניש געווען אַזאַ וויכטיגע, אַז מען האָט אָנגעהויבען פון איהר צו פיהרען אַ נייע צייט־רעכנונג; מען האָט געזאָגט, למשל, „דאָס איז פאָרגעקומען אַזוי און אַזוי פיעל יאָהרען נאָך יאשיהו׳ס ערשטען קרבן־פסח“. אויך די געזעלשאַפטליכע בעציהונגען האָבען זיך געבעסערט. יאשיהו האָט דורכגעפיהרט אין לעבען אַלע געזעצען, וועלכע ער האָט געפונען גע־שריבען אין משנה־תורה, און אַט האָט ער אויך בעפוילען, אַז מען זאָל צום שמיטה־יאָהר פריילאָזען אַלע אידישע קנעכט און געבען זיי שעפּסען, תבואה און וויין, ווי משה האָט בעפוילען. ווי עס שיינט, האָט יאשיהו אויך פונאַנדערגעשיקט אין די שטעדט און דערפער לויים, וועלכע האָבען געדאַרפט איבעראַל לערנען מיט׳ן פאָלק די משנה־תורה. איינע פון די

## צווייטעס קאפיטעל.

# די לעצטע מלכים פון יהודה.

(פון 678 ביז 656 פאר'ן צווייטען חורבן, אדער פון 608 ביז
פאר דער געוועהנליכער צייט-רעכנונג).

די פארזיכטיגקייט פון א מענשען, ווי ווייניג וייט קאן זי דער־
גרייכען! א שפאן ווייט איבער דער געגענווארט. יאשיהו האט געמיינט,
אז דאדורך, וואס ער וועט שטערען דעם מלך פון מצרים איינצונעהמען
פרעמדע פעלקער און לענדער, וועט ער בעווארענען די זעלבסטשטענדיג־
קייט פון יהודה, און האט דאדורך גאר מיטגעבראכט די פערקנעכטונג
פון זיין לאנד דורך מצרים גופא. אין דער פערלארענער מלחמה ביי
מגדו איז, ווי עס שיינט, אומגעקומען די גאנצע אידישע ארמעע, דען
מען האט אפילו נישט געמאכט די פראבע צו דערוועקען אנ'אויפשטאנד
אין יהודה געגען נכה, נאכדעם, ווי ער איז מיט זיינע מחנות אוועקגע־
גאנגען ווייטער צום צפון־קאנט. אין ירושלים האט מען קיין אנדער
שריט נישט געטהון, ווי אויסצוּוועהלען א נייעם קעניג נאך יאשיהו'ן.
פון צוויי פרויען זענען נאך יאשיהו'ן איבערגעבליבען דריי זיהן: דער
עלטערער אליקים און צוויי אינגערע שלום און מתניה. ווי עס שיינט,
האט דער מלך יאשיהו ליעבער געהאט זיין צווייטען זוהן שלום, און
דעריבער האט דאס פאלק געמאכט איהם פאר א קעניג, כדי צו ער־
פילען דעם ווילען פונ'ם געליעבטען קעניג יאשיהו, און כדי צו פערמיידען
א אינערליכע מלחמה וועגען דעם טהראן, האט מען איהם, אלס א אויס־
נאהמע, געזאלבט מיט'ן הייליגען בוימעל פאר א קעניג, חאטש א מלך,
א זוהן פון א מלך, האט גארנישט געברויכט געזאלבט צו ווערען. שלום
האט ביי'ם ארויפגעהן אויפ'ן טהראן אנגענומען דעם נאמען יהואחז.

די לאגע פון יהודה איז אבער שוין איצט געווען אזוי נידעריג,
אז נישט דאס פאלק האט געהאט די מאכט א קעניג אויסצוקלייבען,
נישט עס האט געהאלפען די הייליגע זאלבונג. די זאך איז שוין געווען
אבהענגיג גאר פון אנ'אנדער מאכט, פונ'ם קעניג פון מצרים. די מאכט
איבער יהודה איז דורך דער מלחמה ביי מגדו אריינגעקומען אין דער
האנד פון נכה, און ער, דער נייער הערשער איבער יהודה, האט בע־
שלאסען נישט אזוי, ווי דאס אידישע פאלק האט געוואלט. תחלת האט
מען געקאנט מיינען, אז נכה קימערט זיך כלל נישט וועגען דעם, וואס
עס קומט פאר אין יהודה; ער איז אוועקגעגאנגען באלד נאך דער
מלחמה ביי מגדו צו דער געגענד פון טייך פרת, האט איינגענומען די
לענדער פון ארם, אדער סיריען, וועלכע האט שוין איצט געהערט צו
אשור, און זיך בעזעצט אין רבלה. אהין איז אבגעגאנגען דער נייער

אבער דעם דאזיגען פלאן האט נכה נישט געקאנט פערווירקליכען אינ־
גאנצען, ווייל קיאקסארעס האט פלוצלונג געשלאסען א בונד מיט
נבופולאסר און מיט אליאטעס, א בונד, וואס איז בעקרעפטיגט געווארען
דורך שידוכים: א זוהן פון קיאקסארעס האט חתונה געהאט מיט
א טאכטער פון אליאטעס און א טאכטער פון קיאקסארעס האט חתונה
געהאט פאר א זוהן פון נבופולאסר. דעם דאזיגען בונד האט מען גע־
שלאסען געגען אשור, וואו עס האט דאמאלס געהערשט דער קעניג
סארדאנאפאל, א מענש א לוסטיגער, וואס איז אינגאנצען געווען איבער־
געבען צו שכרות און זנות. אין איין צייט זענען אלזא ארויסגעטראטען
די דאמאלדיגע דריי מעכטיגסטע מלכים איינצונעהמען גרויסע לענדער:
קיאקסארעס און נבופולאסר פון איין זייט, איינצונעהמען נינוה, די
הויפט־שטאדט פון אשור, און נכה, דער מלך פון מצרים, פון דער אנ־
דערער — איינצונעהמען די לענדער אויפ'ן טייך פרת. דער מצרים'ער
קעניג האט דערביי געדארפט דורכציהען מיט זיינע מחנות דורך ארץ־
ישראל, און דער קעניג יאשיהו האט איהם דערין געשטערט. יאשיהו
האט פעסט געגלויבט, אז נאכדעם, ווי ער האט זיך צוריקגעקעהרט
מיט'ן גאנצען הארצען צו גאט, וועט איהם גאט נישט פערלאזען און
העלפען אין זיין ארויסטריט געגען דעם שטארקען מלך פון מצרים. ווי
נאר נכה איז געקומען מיט זיין ארמעע אין טהאל יזרעאל, האט ער
זיך ביי מגדו בעגעגענט מיט דער ארמעע פון יהודה, וועלכע האט איהם
געוואלט פערשטעלען דעם וועג. ס'איז פארגעקומען א מלחמה, וועלכע
האט זיך געענדיגט אונגליקליך פאר יאשיהו'ס ארמעע. די דאזיגע
ארמעע איז שרעקליך צושלאגען געווארען און ער אליין איז אויך גע־
פעהרליך פערוואונדעט געווארען (678 פאר'ן צווייטען חורבן). די דיענער
פון קעניג האבען געבראכט אין איילעניש דעם גוסס'דיגען געליבטען קעניג
קיין ירושלים, וואו ער איז באלד געשטארבען. אין ירושלים האט דערביי
אויסגעבראכען א גרויס געוויין און א טרויער, און ווען מען האט דעם
קעניג געבראכט צו קבורה אין גארטען פון עוזא, וואו מען האט איצט פון
דאס ניי געגרינדעט אנ'ארט פאר די קברים פון די מלכים פון דוד'ס
הויז, האבען אלע געקלאגט און געיאמערט: „אה, קעניג, אה זיין
דורכלייכט!" און יעדעם יאהר האט מען אינ'ם טאג, ווען דער לעצטער,
בעסטער קעניג פון דוד'ס הויז איז געפאלען אין קאמפף פאר זיין פאלק,
געליינט א קינה, וועלכע דער נביא ירמיהו האט נאך איהם אין טרויער
געדיכטעט. מיט א ריינערען הארצען האט מען נאך נישט בעקלאגט
קיין אנדער קעניג, ווי יאשיהו. די אונגליקליכע מלחמה ביי מגדו אין
טהאל יזרעאל איז געווארען א טרויעריגע עפאכע אין דער געשיכטע
פון יהודה, וועלכע האט באלד נאכדעם אנגעהויבען שרעקליך צו פאל־

אדער דער הימעלס־קעניגין, וועלכע איז געווען שטארק פערעהרט אין מאיס, און דער רעזידענץ פונ'ם קעניג נכה. דאס פאלק האט געמאכט אזא חשבון: די דאזיגע געטין האט דאך געפיהרט דעם מלך פון מצרים צו א נצחון, קען זי דאך אויך העלפען איצט אידען, אויב מען וועט צו איהר פלייסיג דיענען. און אט האט מען אין די גאסען פון ירושלים און פון אנדערע שטעדט אנגעהויבען ברענגען קרבנות דער דאזיגער געטין; אין די הייזער האט מען ווידער אויסגעשטעלט בילדער פון אבגעטער, געמאכטע פון גאלד, זילבער, האלץ און שטיין, מען האט ארויסגעשטעלט די אבגעטער, וועלכע זענען געווען אבגעמאלט מיט יונגע טיילען פון לייב, וועלכע זענען געגען דער צניעות, און דערצו אין זעהר אנ'אונציכטיגער פאזע. אין בית־המקדש האט מען ווידער, ווי פריהער, אריינגעבראכט די שענדליכסטע געצענדיענערייט. דאס שרעקליכסטע אבער איז געווען, וואס מען האט ווידער אנגעהויבען ברענגען מענשליכע קרבנות, ווי אין די צייטען פון אחז און מנשה. מען האט אויפגעשטעלט פון־דאס־ניי דעם תופת אין טהאל פון חנום און געבראכט דארט קרבנות צום מולך. בעזונדערס שטארק פלעגט מען ברענגען פאר א קרבן די בכורים. די געצענדיענערייט, וועלכע מען פלעגט אמאל געברויכען בלויז כדי נאכצוטהון אנדערע פעלקער, האט מען איצט, אונטער יהויקים, ווי אין מנשה'ס צייטען, איינגעפיהרט מיט ליידענשאפטליכער איבערגעבונג.

האנד ביי האנד מיט דער געצענדיענערייט, מיט די אונציכטיגקייטען און ברענגען קינדער פאר קרבנות, איז אויך געגאנגען די מאראלישע פערדערבונג: זנות מיט אשת־איש'ן, בעדריקונג פון גרים, אלמנות און יתומים, שוחד־נעהמען פון די ריכטער, שקרים, אונעהרליכקייט, פראצענט־נעהמערייט און הארטהערציגקייט געגען די, וועלכע האבען נישט געקאנט צאהלען זייערע חובות צו דער צייט, ווי אויך מערדערייען — זענען געווארען א טעגליכע ערשיינונג.

די בעסערונג, וועלכע יאשיהו האט מיט אזוי פיעל מיה איינגעפיהרט, איז אין עטליכע יאהר נאך זיין טויט פערשוואונדען געווארען; די שטראף־רעד פון דער געפונענער משנה־תורה זענען באלד פערגעסען געווארען, חאטש זיי האבען אין אנהויב געמאכט אזא געוואלדיגען איינדרוק. די פאלקס־מאסע האט גאר מעהר פון זיי נישט געוואלט וויסען. ס'איז אפילו נאך געווען א גרויסע קלאס מענשען, וועלכע האט זיך פעסט געהאלטען ביי'ם געזעץ און האט ביטער געזיפצט, זעהענדיג די אלגעמיינע פערדערבעניש פון די מדות־טובות, אבער געגען דער גרויסער מאסע פון פאלק, וועלכע איז אלץ מעהר צוגעשטאנען צום געצענדיענסט און צו דער אויסגעלאסענקייט, האבען די דאזיגע בעסערע מענשען גארנישט געקאנט אויפטהון. ס'איז איצט ווידער פארגעקומען די פריהערדיגע ערשיינונג, ווי אין מנשה'ס צייט: פיעל כהנים זענען

אידישער קעניג, שלום—יהואָחז, כּדי צו בּעשטעטיגען זיין וואַהל, אַלס קעניג. דעם נייעם מנצח איז אָבּער יהואָחז עפּעס נישט געפעלען גע־וואָרען: ער האָט איהם פאַר אַ קעניג נישט אָנערקענט און געלאָזט שמידען אין קייטען און אָבּגעשיקט קיין מצרים, נאָכדעם, ווי יהואָחז האָט געקעניגט בּלויז דריי מאָנאַטען. פאַר אַ קעניג האָט דער מלך פון מצרים אָנערקענט זיין עלטערען בּרודער אֶליקים, וועלכער איז בּאַלד בּעשטעטיגען דעם טהראָן און זיך אַ נאָמען געגעבען יהויקים (677 בּיז 666 פאַר'ן צווייטען חורבן). דער דאָזיגער קעניג האָט בּאַלד, ווי ער איז אַרויפגעשטיגען אויפ'ן טהראָן, געדאַרפט אויספיהרען אַ שווערע אויפגאַבּע: נכה האָט אַרויפגעלעגט אַ גרויסע שטראָף אויף דאָס לאַנד יהודה, דערפאַר וואָס יאשיהו האָט איהם נישט געוואָלט דורכלאָזען דורך זיין לאַנד — אַ גרויסע סומע פון גאָלד און זילבּער, וואָס יהויקים האָט איצט געמוזט בּעצאָהלען איהם. אין קעניגליכען פּאַלאַץ און אין בּית־המקדש זענען דאַמאָלס קיין אוצרות נישט געווען. יהויקים האָט דעריבּער געמוזט אַרויפלעגען אויף אַלע פערמעגליכע מענשען אַ גרויסען אָבּצאָהל, וועלכען ער האָט געלאָזט איינמאָהנען מיט געוואַלט דורך זיינע בּעאַמטע. צו דער גרויסער ערניעדערונג און דערשלאָגענהייט פון פאָלק, צו זיין שוואַכקייט און פערקנעכטיגונג דורכ'ן פיינד, איז אַלזאָ צוגעקומען נאָך אַ נייע אונגליק. צוליעב דער רעליגיעזער און מאָראַלישער בּעסערונג, וועלכע ס'איז פאָרגעקומען אין יאשיהו'ס צייטען, האָט דאָס פאָלק געהאָפט, אַז עס זאָלען אויך מקוים ווערען די הבטחות, וועלכע זענען געווען געשריבּען אין דער געפונענער משנה־תורה, און יהודה וועט ווידער פערנעהמען צווישען די פעלקער אַזאַ אָרט, ווי עס האָט געהאַט פערנומען אין די צייטען פון דוד און שלמה. איצט איז פאָרגעקומען גאָר פערקעהרט. דער קעניג, וועלכער איז געווען ערגעבען צו גאָט, איז דער'הרג'עט געוואָרען אויפ'ן מלחמה־פעלד, די אידישע יוגענד, זיין אַרמעע, איז אָבּגעלאָפען מיט בּלוט, דער מלך, יאשיהו'ס זוהן, ליעגט אין געפענגעניש, געשמידעט אין קייטען, און דאָס לאַנד איז אַריינגעפאַלען אין אַ שענדליכער קנעכטשאַפט.— וואָס פאַר אַ שרעקליכע ענטטוישונג! דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבּען צו טראַכטען, אַז דער אידישער גאָט קאָן כּלל נישט העלפען, דען ער האָט נישט מקיים געווען זיין הבטחה, וואָס ער האָט צוגעזאָגט אין משנה־תורה! דאָס פאָלק האָט אין זיין פער־צווייפלונג אָנגעהויבּען צו מורמלען, אַז די געטער, וועלכע מנשה האָט געהאַט איינגעפיהרט, וואָלטען מעהר געווען אימשטאַנד צו מאַכען גליקליך דאָס לאַנד, און דעריבּער האָבּען זיך פיעל מענשען אַ וואָרף געטהון צוריק צום געצענדיענסט. מען האָט אין איילעניש אויסגעשטעלט מזבחות אויף אַלע בּערג און אונטער יעדען גרינען בּוים, און ווידער איז אין יהודה געווען אַזוי פיעל געטער, וויפיעל שטעדט. בּעזונדערס שטאַרק האָט מען אָנגעהויבּען צו דיענען דער מצרים'שער געטין נעים.

מעשים און נישט צוריקקעהרען זיך צו גאָט. ווען יהויקים האָט זיך דערוואוסט וועגען דער דאָזיגער נבואה, האָט ער געשיקט שלוחים אויפ־צוזוכען דעם נביא און צו דער׳הרג׳ענען איהם. אוריהו איז אָבער ענט־לאָפען קיין מצרים. יהויקים איז אזוי אויפגערעגט געווען געגען איהם, אַז ער האָט געשיקט איינעם פון זיינע שרים קיין מצרים, צו פאָדערען, אַז מען זאָל איהם דעם נביא אַרויסגעבען, און ווען מען האָט דעם נביא צוריקגעבראַכט קיין ירושלים, האָט ער געלאָזען איהם דער׳הרג׳ענען און אַרויסוואַרפען זיין טויטען קערפער אויף די קברים פון געמיינעם פאָלק. יועגען דאָס לעבען פון דעם נביא וויסען מיר אָבער גאָרנישט.

ירמיהו׳ס נביא׳ישע טעטיקייט הויבט זיך אָן ערשט מיט דער רעגירונגסצייט פון יהויקים, ווען דאָס פאָלק און די שרים זענען צוריק אַריינגעפאַלען אין דער אַמאָליגער געצענדיענעריי. ערשט איצט האָט דער נביא פערשטאַנען, וואָס פאַר אַ בעדייטונג עס האָבען געהאַט די נביא׳ישע ווערטער, וועלכע ער האָט געהערט אין ערשטען מאָמענט, ווען ער איז נאָך אַלס יונגערמאַן געהייליגט געוואָרען פאַר אַ נביא: „איך מאַך דיך פאַר אַ פעסטע שטאָדט, פאַר אַן׳אייזערנעם סלופּ און פאַר אַ קופּערנע מויער פאַר די מלכים פון יהודה, פאַר די שרים, פאַר די כהנים און פאַר׳ן פאָלק. ער האָט געמוזט בלייבען אונערשראָקען און קו־קען אָהן קיין שום מורא אין די אויגען דער גרויסער סכנה און די גרויסע דראָהונגען, וואָס מען וועט איהם מאַכען. ער האָט דעריבער איצט אָנגעהויבען פאַראויסצוזאָגען מיט גרויסער פעסטיגקייט דעם נאָ־הענטען הורבן, כאָטש זיין ווייך האַרץ האָט דערביי זיך בעגאָסען מיט בלוט פון ווערטאָג. „הלואי וואָלט מיין קאָפּ אויף וואַסער צוגאַנגען און מיינע אויגען זאָלען קוואַלען טרעהרען ווערען, כדי איך זאָל קאָנען בע־וויינען די דערשלאָגענע פון מיין עלענד פאָלק״. זינט ירמיהו האָט זיין ערשטע נבואה, אַלס יונגערמאַן, געזאָגט, איז אַריבער פיעל צייט, אָבער ער האָט נאָך אַלץ קיין פרוי נישט גענומען, דען ווי אַזוי האָט ער גע־קאָנט טראַכטען וועגען בויען זיך אַ הויז און נעהמען אַ פרוי, צו פיהרען אַ פאַמיליען־לעבען, ווען די שרעקליכע שאָטענס האָבען זיך אַראָבגעלאָזט אויף זיין נשמה און זענען געוואָרען אַלץ געדיכטער און פינסטערער, אַלץ שווערער און אימה׳דיגער:

„מיין אינגעווייד, מיין אינגעווייד
„ווי ציטערט עס אין מיר!
„אַ שטורם אין מיין האַרצען
„איך קאָן, איך טאָר נישט שווייגען.
„די שטימע פונ׳ם שופר,
„טרומייטען פון מלחמה,
„נאָר דאָס הערט מיין נשמה.

אַליין צוגעטראָטען צו דער געצענדינעריי, און דורך זייער אַנזעהען איז דער העפּליכער דיענסט געהיילינט געוואָרען אין די אויגען פונ'ם פאָלק. בעזונדערס שטאַרק זענען צוגעשטאַנען צו דער געצענדינעריי די כהנים פון ענתות, ירמיהו'ס צמאָליגע פריינד, און אויך די מיטגליעדער פון זיין משפחה. די פאַלשע נביאים האָבען שוין איצט פערטיידיגט אין זייערע רעדעס דעם געצענדיענסט נישט בלויז צוליעב געלד, ווי אין די פריהערדיגע צייטען, נאָר פון טיעפער איבערצייגונג, ווי אויך צוליעב זייערע אייגענע ליידענשאַפטען. וואָס - זשע האָט אָבער דערביי פאַר אַ ראָליע געשפּילט דער מלך יהויקים? קיין בעזונדערער אַנהענגער פון דער געצענדיענעריי, ווי מנשה, איז ער נישט געווען; ער האָט נישט געצוואונגען דאָס פאָלק צו איהר, ער האָט אויך נישט בעזונדערס מיט-געווירקט איהר; ער האָט אָבער דערלאָזען די אַלע שענדליכע מעשים און איז נישט אַרויסגעטראָטען געגען זיי; טיילמאָל האָט ער אַליין אויך טיילגענומען אין דער אַלגעמיינער אויסגעלאַסענקייט, און דערמיט האָט ער שוין אויך מיטגעווירקט ביים פערשפּרייטען די געצענדיענעריי און דער מאָראַלישער פערדאָרבענהייט.

עס פערשטעהט זיך, אַז די לאַגע פון די נביאים, וועלכע זענען אַרויסגעטראָטען, ווי שטענדיג, פאַר דער פרומקייט, פאַר די ריינע מדות, פאַר דער ערגעבענהייט צו גאָט, — אַז זייער לאַגע איז איצט געווען זעהר אַ שווערע. מען האָט זיי ווידער אָנגעהויבען פערפאָלגען, ווי אין מנשה'ס צייטען. די נביאים האָבען אָבער דערויף ווענינ וואָס אַכטונג געגעבען. טראָץ די אַלע געפאַהרען און פערפאָלגונגען, זענען זיי הויך און שאַרף אַרויסגעטראָטען געגען דער מאָראַלישער און רעליגיעזער געפאַלענקייט. אין קיין עפּאָכע זענען ביי אידען נישט געווען אַזוי פיעל נביאים, וועלכע האָבען דאָס פאָלק געלערנט און געשטראָפט, ווי אין די לעצטע צוויי צעהנדליג יאָהר פאַר'ן חורבן בית-המקדש. די נביאים האָבען גערעדט צום פאָלק כמעט טאָג-טעגליך, ביי יעדער געלעגענהייט; זיי האָבען אויך גערעדט צו די שרים, צו די הויכע בעאַמטע, צו די רייכע לייט, צום מלך; זיי האָבען געזאָגט מוסר, געוועקט, געדראָהט, פאָראויסגעזאָגט אַ שרעקליכען חורבן. פון די אַלע דאָזיגע נביאים זענען אונז בעקאַנט בלויז פיער: ירמיהו, אוריהו, חבקוק און יחזקאל; עס זענען אָבער ראויך געבליבען נבואות פון אַנדערע נביאים, וואָס זייערע נעמען זענען פאַר אונז געבליבען אונבעוואוסט. מיר ווייסען, למשל, אַז ס'איז געווען אין יענער צייט אַ נביא אוריהו, שמעיהו'ס זוהן, פון קרית-יערים, און ער איז געשטאָרבען מיט אַ טראַגישען טויט, דורך דער גרויזאַמקייט פון קעניג יהויקים. אין דער ערשטער צייט פון יהויקים'ס רעגירונג (677 ביז 674 פאַר'ן צווייטען חורבן) האָט אוריהו פאָראויסגעזאָגט, אַז דאָס לאַנד יהודה וועט חרוב ווערען, אויב דאָס פאָלק און דער קעניג וועלען זיך נישט אָבזאָגען פון זייע־ע שלעכטע

מענש פערדיענט נישט דעם טויט, ווייל ער האט גערעדט צו אונז אין'ם
נאמען פון אונזער גאט". אזוי ארום איז ירמיהו פרייגעשפראכען געווא־
רען דעם מאל, און דאס אויך נאר דורך דער בעמיהונג פון זיינע פריינד
און, בעזונדערס, פון אחיקם, שפן'ס זוהן. אבער דער האס פון די כהנים
און פאלשע נביאים, זייער פערביסענע שנאה געגען ירמיהו, איז איצט
געווארען נאך שטארקער, און זיי האבען נאר געווארט אויף א געלעגענהייט צו קאנען איהם בייקומען.

אין יענער צייט זענען פארגעקומען גרויסע ענדערונגען אין די
מלוכות, וואס ארום יהודה, אשור, די דאזיגע גרויסע מלוכה, וועלכע האט
אין א משך פון העכער זעקס הונדערט יאהר דיקטירט איהרע געזעצען
פיעל פעלקער און האט זיך געצויגען פון די קאווקאזער בערג און פון
קאספישען ים ביז דעם פערסישען ים־אויסגוס און פון מזרח־מדי ביז
קליין־אזיען און מצרים; די מלוכה, וואס האט מיט גרויזאמקייט פער־
קנעכטעט פיעל פערשידענע פעלקער און וואס איהרע מלכים האבען
זיך געהאלטען כמעט אליין פאר געטער — אט די גרויסע מלוכה איז
שענדליך געפאלען דורך דער פעראייניגטער אנשטרענגונג פון קיאקסא־
רעס, דעם מלך פון מדי, און נבופולאסר, דעם מלך פון בבל. די גרויסע
שטאדט נינוה איז געפאלען, נאכדעם, ווי זי האט אויסגעהאלטען א לאנגע
בעלאגערונג (675 פאר'ן צווייטען חורבן). דעם דאזיגען משפט איבער
אשור האבען פאראויסגעזאגט די נביאים צפניה און נחום. די נביאים,
וועלכע האבען אויפמערקזאם בעאבאכטעט די פאליטישע געשעהענישען
אין דער וועלט, האבען אין אשור'ס אונטערגאנג דערזעהען א בעווייז
פאר דער ריכטיגקייט פון זייער איבערצייגונג, אז אין דער געשיכטע
און אין'ם לעבען פון די פעלקער הערשט א געזעץ פון גערעכטיגקייט,
און די שלעכטע מעשים, די גרויזאמקייטען פון די פעלקער בלייבען
נישט אונבעשטראפט. אשור איז געפאלען, ווייל די מלוכה איז געוועזען
זעהר פערדארבען און שטאלץ; אזוי אבער וועלען אויך פיעל אנדערע
גרויסע מלוכות האבען א מפלה, אויב זיי וועלען זיין פערדארבען, ווי
אשור. נאך אשור'ס מפלה האט די גאנצע דאמאלסדיגע פאליטישע וועלט
בעקומען אנ'אנדער געשטאלט. עס איז פארגעקומען א גרויסע פערענ־
דערונג אין די בעציהונגען צווישען פעלקער און מלוכות. מדי איז גע־
ווארען דער הויפט־יורש פון אשור; דער קעניג פון מדי, קיאקסארעס,
האט גענומען פאר זיך דעם גרעסטען חלק פון אשור'ס לענדער און
איבערגעלאזען פאר נבופולאסר נאר בבל און עילם, ווי אויך די לענדער
אויפ'ן מערב־זייט פון טייך פרת; צווישען די לענדער, וועלכע האבען
זיך געדארפט געפינען אונטער נבופולאסר'ס הערשאפט, איז אויך געוועזען
דאס לאנד יהודה.

ווען נבופולאסר איז געשטארבען, האט דער קעניג פון מצרים, נכה,
געמיינט, אז איצט איז געקומען פאר איהם די צייט צו געהן מלחמה

„אַ בראַך, אַ בראַך רופט עס,
„פערוויסטעט איז דאָס לאַנד;
„די צעלטען פלוצים גאַנץ בערויבט,
„געשווינד די הילען פון דער וואַנד“.

דער נביא זעהט, ווי דאָס לאַנד ווערט פערוויסטעט, און אַט פיהרט ער אַנ׳איינזאַם טרויעריג לעבען און נעהמט נישט קיין אַנטהייל אין דער געזעלשאַפט; ער ווינשט זיך בעסער צו זיין ערגעץ וואו ווייט אין אַ מדבר, כדי נישט צו דאַרפען זעהען די שלעכטסקייט אַרום זיך. ער טהוט תפלה פאַר גאָט, ער זאָל אָבווענדען דאָס אונגליק פון זיין פאָלק, אָבער יעדעס מאָל האָט ער געהערט איין ענטפער: „אומזיסט דיין געבעט, טהו נישט קיין תפלה פאַר׳ן דאָזיגען פאָלק, איך הער דיך נישט“...

דורך איינע פון זיינע ערשטע רעדעס אין יהויקים׳ס רעגירונגס־צייט האָט דער נביא שטאַרק אַריינגעבראַכט אין כעס די פאַרטיי פון די ליידענשאַפטליכע געצענדיענער, בעזונדערס, פון זייערע כהנים און פאַלשע נביאים. דער נביא האָט איינמאָל געהאַלטען אַ שאַרפע שטראָף־רעדע, בשעת אַ גרויסער פאָלקס־פער־זאַמלונג אין אַ יום־טוב, ווען מען האָט געבראַכט פיעל קרבנות. בעזונדערס שטאַרק האָט דער נביא דאַמאָלס געשטראָפט פאַר׳ן דיענען צום נייען אָבגאָט, צו דער מצרים׳ער געטין נ ע י ט, אָדער די „הימעלס־קעניגין“, און געגען דעם ברענגען קינדער פאַר קרבנות צום מולך.

ווי נאָר ירמיהו האָט זיין רעדע געענדיגט, האָבען איהם פעסט גענומען די כהנים און די פאַלשע נביאים און אויסגערופען: „דו זאָלסט שטאַרבען, ווייל דו האָסט נבואה געזאָגט: אַז דער בית־המקדש וועט חרוב ווערען, ווי דער משכן אין שילה“. באַלד זענען זיך צוזאַמענגע־לאָפען צום בית־המקדש זעהר פיעל מענשען, וועלכע האָבען געוואָלט בעשיצען דעם נביא. עס זענען דעריבער אויך אַרויסגעקומען פון קעניג־ליכען פאַלאַץ עטליכע שרים, צווישען וועלכע ס׳איז געווען אחיקם, דער זוהן פון שפן, און אַנדערע, וועלכע האָבען געהערט צו דער פאַרטיי פון די נביאים. די דאָזיגע שרים האָבען באַלד איינגעאָרדענט אַ געריכט נעבען טויער פון בית־המקדש, כדי אויסצוהערען די אַנקלאַגע אויף׳ן נביא און זיין פערטיידיגען זיך. די כהנים און די פאַלשע נביאים האָבען גע׳טענה׳ט: „דער מענש פערדיענט דעם טויט, ווייל ער האָט פאָראויס־געזאָגט אונגליק פאַר דער שטאָדט ירושלים און פאַר׳ן בית־המקדש“. ירמיהו אָבער האָט ערקלערט, אַז ער האָט גערעדט אין גאָט׳ס נאָמען: „איהר זאָלט וויסען — האָט ירמיהו אויסגערופען — אויב איהר וועט מיך דערהרג׳ענען, וועט איהר אונשולדיג בלוט פערגיסען. בעסערט־אויס אייערע דרכים און אייערע מעשים, וועט גאָט דאָס אונגליק פון אייך אָבווענדען“. דאַן האָבען די שרים אַרויסגעזאָגט זייער אורטייל: „דאָס

„גֶעהְט אִיהר זוּיך, אִיהר הֶעלְדֶען!
„כּוּש אוּן פּוּט, אִיהר פַּאנְצִיר־טְרֶעגֶער,
„לוּדִים־שִׁיסֶער, בּוֹיגֶען־שְׁפַּאנֶער! —
„אָה, דֶער טָאג גֶעהֶערְט נִיט אֵייךְ!
„עֶר גֶעהֶערְט נָאר גָאט אַלֵיין,
„אָט דֶעם גְרוֹיסֶען גָאט צבאות!
„ס'אִיז נקמה פַאר זַיין פָאלְק
„פַאר דֶעם הֵיילִיג פְּרִיעדֶען!
„פְרֶעס דָאךְ, שְׁווֶערְד, אוּן ווֶער־זַשׁע זָאט
„טְרִינְק פוּן זַייעֶר בּלוּט!
„גֶעה אַצִינְד קַיין גלעד, נֶעהם דִיר
„בַּאלְזַאם, טָאכְטֶער פוּן מצרים —
„כ'הָאבּ אוּמְזִיסְט רפואות גְרֵייט,
„הֶעלְפֶען ווֶעט דִיר נִישְׁט...
„פֶעלְקֶער הֶערֶען אִיצְט דַיין שַׁאנְד,
„דַיין גֶעשְׁרֵיי פוּן לַאנְד צוּ לַאנְד;
„בִּיזְט גֶעפַאלֶען הֶעלְד אוֹיף הֶעלְד,
„בְּלוּטִיג לִיעגֶען זֵיי אִין פֶעלְד!“...

נכה'ס אַרְמֶעע הָאט אִין דֶער ווִירְקְלִיכְקֵייט גֶעהַאט בַּיי'ם טַייךְ פרת אַ גֶעוואַלְדִיגֶע מפלה (604 פַאר דֶער אַלְגֶעמֵיינֶער צַייט־רֶעכְנוּנְג). דֶער מצרים'ער מנצח הָאט זִיךְ גֶעמוּזְט אָבְּזָאגֶען פוּן זַיין פְּלַאן אַיינְצוּנֶעהמֶען בּבל. דִי אַיינְוואוֹינֶער פוּן לַאנְד יהודה הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דֶעם רֶעשְׁט פוּן דֶער גְרוֹיסֶער מצרים'ער אַרְמֶעע צוּרִיקְקֶעהרֶען אִין אַיילֶענִישׁ קַיין מצרים. ארץ־ישׂראל אִיז דוּרךְ מצרים'ס מפּלה בַּיי כרכמיש בֶּעפְרַייט גֶעווֶארֶען פַאר'ן אוֹיגֶענְבְּלִיק פוּן מצרים'ס יאָך. נָאךְ פוּן אַ צְווֵייטֶער, גְרֶעסֶערֶער מורא הָאבֶּען זִיךְ דֶערְשְׁפִּירְט בֶּעפְרַייט דָאס פָאלְק אוּן, בֶּעזוּנְדֶערְס, דִי שׂרים — פוּן דֶער מורא, אַז דִי מלוכה פוּן יהודה זָאל אִיינְגֶעמֶעצְט נִישְׁט אוּנְטֶערגֶעהְן. ירמיהו הָאט דָאךְ אָפְט נבואה גֶעזָאגְט אַ שְׁרֶעקְלִיכֶען חורבן, אוֹיבּ מֶען ווֶעט זִיךְ נִישְׁט אָבְּזָאגֶען פוּן דֶער גֶעצֶענְדִיעֶנֶערֵיי. דֶער קֶענִיג מִיט זַיינֶע שׂרים הָאבֶּען אֲפִילוּ דֶעם נביא נִישְׁט גֶעווָאלְט פָאלְגֶען, אָבֶּער אִין טִיעפֶען הַארְצֶען הָאבֶּען זֵיי זִיךְ שְׁטַארְק גֶעשְׁרָאקֶען פַאר זַיין נבואה. אִיצְט אָבֶּער הָאט דֶער גְרֶעסְטֶער פַיינְד פוּן יהודה, מצרים, גֶעהַאט אַ מפּלה אוּן אָבְּגֶעשְׁוואַכְט גֶעווָארֶען; דִי מלוכה פוּן אַשׁוּר, ווֶעלְכֶע אִיז הֶעכֶער הוּנְדֶערְט יָאהר גֶעשְׁטַאנֶען אִיבֶּער יהודה מִיט אִיהר גֶעוואַלְדִיגֶער קְרַאפְט, שְׁטֶענְדִיג גְרֵייט צוּ מַאכֶען אַנְפַאלֶען, שְׁטֶענְדִיג פֶערְקְנֶעכְטֶענְדִיג דָאס אִידִישֶׁע פָאלְק, אִיז אִיצְט פֶערְשְׁווּנְדֶען גֶעווָארֶען פוּן דֶער צָאהל פוּן דִי פְרַייע פֶעלְקֶער. דֶער קֶענִיג יהויקים מִיט זַיינֶע שׂרים זֶענֶען דֶערִיבֶּער אִיצְט פְרֵיי גֶעווָארֶען פוּן זַייעֶרֶע זָארְגֶען, דאגות אוּן מורא, אוּן הָאבֶּען זִיךְ ווִידֶער גֶעקֶאנְט אָבּ־

האַלטען אויף בבל און אײַננעהמען איהר, דען דאָרט איז אַרויף אויפ'ן טהראָן אַ יונגער מלך, וועלכען נכה האָט געהאַלטען פאַר זעהר אַ שוואַ־כען. אָבער דער דאָזיגער יונגער מלך איז געווען נבוכדנאצר (פון 674 ביז 631 פאַר'ן צווייטען חורבן), — אַ העלדישער קעניג, וועלכער האָט אינ־גאַנצען געדאַרפט פערענדערן די פאָליטישע בעציהונגען צווישען די פעלקער, וואָס האָבען געלעבט צווישען דעם טײַך פרת און מצרים, און מאַכען אַנ'אמת'ע איבערקעהרעניש אין דער דאַמאָלסדיגער וועלט. אין יהודה און אין ירושלים האָט מען ערוואַרטעט מיט גרויסער שפּאַנונג אויפ'ן רעזולטאַט פונ'ם צוזאַמענשטויס צווישען מצרים און בבל. דאָס אידישע פאָלק האָט געוואָלט, אַז נכה זאָל האָבען אַ מפלה, ווײַל ער האָט פערקנעכטעט דאָס לאַנד יהודה. די דאָזיגע שפּאַנונג האָט זיך בעזונדערס געשטאַרקט, נאָכדעם ווי ירמיהו האָט געהאַלטען אַ גרויסי רעדע, אין וועלכער ער האָט פאָראויסגעזאָגט די מפלה פון דער אַרמע פון מצרים, — אַ רעדע, וועלכע האָט אַ גרויסען קינסטלערישען ווערט.

„שילד און פאַנצער גרייט זיך,
„טרעט אַרויס צום קאַמפף;
„שפּאַנט די פערד און זעצט זיך, רײַטער;
„שטעלט זיך אויך די היטלען אויף;
„שאַרפט די שפּיזען, טהוט פאַנצירען אָן!
„וואָס־זשע זעה איך זײַ דערשראָקען,
„טרעטען אָב צוריק?
„העלדען מוטיגע — צושמעטערט.
„לויפען, פליהען,
„אויגען גליהען,
„קוקען גאָרנישט הינטער זיך —
„שרעק פון אַלע זײַטען!
„נישט אַנטלאָפען דער געשווינדער,
„נישט אַנטרונען איז דער שטאַרקער.
„דאָרט אין צפון, בײַ'ם טײַך פרת,
„שטרויכלען, זינקען זײַ און פאַלען...
„ווער פערפלייצט אַלץ, ווי אַ טײַך,
„טרײַבט די חוואַליעס שטראָם־געוואַלדיג? —
„ס'איז מצרים! אַליץ פערפלייצט ער
„ס'ברויזען, זשומען זײַנע חוואַליעס,
„און ער טראַכט זיך גאָר:
„כ'וועל פערפלייצען, אַליץ פערגיעסען,
„לאַנד און שטעדט וועל איך פערניכטען
„מיט די אײַנוואוינער.
„שפּרינגט־זשע, לויפט־זשע, פערד און רײַטער,

פֿון צפון וועט קומען דאָס אונגליק אויף יהודה, און אויך פֿיעל אַנדערע נביאים האָבען טאָג־טעגליך געוואָרענט דאָס פֿאָלק אין׳ם זעלביגען זין. איצט איז ער מודיע ווידער, אַז דאָס אונגליק וועט קומען אויף יהודה פֿונ׳ם צפון־פֿאָלק, מיט זײַן מלך נבוכדנאצר אין דער שפּיץ, וועלכער איז אויסערוועהלט געוואָרען פֿון גאָט צו בעשטראָפֿען אַלע פֿעלקער אוי אויך דאָס לאַנד יהודה.

אין דער זעלביגער צײַט, ווי ירמיהו, האָט אויך געהאַלטען זײַנע נביא׳ישע רעדעס דער נביא חבקוק. „אַ שרעקליכער שטראָף־משפּט דאַרף קומען איבער יהודה און ירושלים — האָט חבקוק געזאָגט — און אויספֿיהרען וועלען דאָס די חאַלדייער“. — חבקוק איז זעהר ענליך געוועזען צו ירמיהו׳ן; ער איז אויך אַזוי ווייך און געפֿיהלפֿול געוועזען, ווי דער נביא פֿון ענתות.

די שטראָף־רעד, נבואות און שעהנע רעדעס פֿון ירמיהו, חבקוק און די אַנדערע נביאים האָבען גאָרנישט געווירקט אויף דעם מלך מיט זײַנע שרים. דוקא דערפֿאַר, וואָס די נביאים האָבען טאָג־טעגליך גע־רעדט, האָבען זיך אַלע צו זיי שוין צוגעוואָהנט און זיי צוגעהערט גאַנץ גלײַכגילטיג. מען האָט זיך געלעבט אין ירושלים גאָר אָהן זאָרג, האָ־פֿענדיג נאָר אויפֿ׳ן צופֿאַל. צו נבוכדנצר׳ס מאַכט האָט מען זיך בעצויגען גאַנץ גרינגשעצענד, און די נביאים האָט מען טיילמאָל גאָר אויסגעלאַכט, ווײַל זייער נבואה איז דאָך נישט באַלד מקוים געוואָרען. „וואו איז דאָס וואָרט פֿון גאָט? — פֿלעגט מען פֿרעגען מיט שפּאָט — זאָל עס שוין קומען!“ מען פֿלעגט גאָר אויך אָבלייקענען, אַז די נבואה איז אמת: „אונגליק וועט אויף אונז נישט קומען, פֿון קיין מלחמה און פֿון הונגער־נויט וועלען מיר נישט וויסען, די נביאים רעדען מיט׳ן ווינד, גאָט׳ס שטים רעדט נישט פֿון זיי!“ אפילו אויך יענע, וואָס האָבען יאָ געגלויבט אין די נביאים, האָבען זיך אויך געטרייסט דערמיט, אַז די נבואה וועט דאָך זיי פֿאָרט נישט טרעפֿען, ווײַל זי בעציהט זיך אויף שפּעטערדיגע צײַטען: „די טעג וועלען אריבערגעהן, און די נבואות וועלען אויך פֿער־שווינדען“. אויך די פֿאַלשע נביאים האָבען שטאַרק געשטערט דער גוטער ווירקונג פֿון ירמיהו׳ס רעד און די רעד פֿון זײַנע חברים. די פֿאַלשע נביאים פֿלעגען בערוהיגען דאָס פֿאָלק און האַלטען אין איין טענה׳ן: „שלום, שלום! אין לאַנד וועט זײַן שלום, און פֿון קיין מלחמה וועט מען נישט הערען“. פֿון אַזעלכע פֿאַלשע נביאים און פֿאַלשע כהנים האָט ירמיהו בעזונדערס פֿיעל געהאַט צו לײַדען, ווײַל ער פֿלעגט צו־שאַרף אָנריהרען די וואונד, וועלכע זיי האָבען געשטרעבט צו פֿער־דעקען. ירמיהו׳ס אייגענע קרובים, די נאָהענטע פֿערוואַנדטע, די ברי־דער פֿון זײַן משפּחה, האָבען געזוכט פֿלענער, ווי אַזוי איהם צו פֿער־דערבען. צוזאַמען מיט איהם האָט אויך געליטען רדיפֿות זײַן תלמיד,

געבען מיט זייערע געלוסטיגקייטען און דער אויסגעלאסענקייט.

יהויקים האט זעהר ליעב געהאט צו בויען שענע פאלאצען, און מ'האט געקאָנט מיינען, אז ער טהוט בכיון לכבוד דעם שונא, בעפוצענדיג זיין קרבן, די שטאדט ירושלים, וועלכע ער האט געפיהרט צום חורבן דורך זיינע פערברעכערישע מעשים. ער האט זיך געלאזט אויסבויען א פראכט־פאלאץ, מיט גרויסע ליכטיגע זאלען און פיעל פענסטער, בעדעקט מיט טאוולען פון צעדער־האלץ און בעפארבען מיט די שענסטע בילדער. ער האט זיך געהאלטען מיט אזא גדלות, אז ער האט געוואלט שפיעלען די ראליע פון א צווייטען שלמה, און האט זיך געלאזט ברענגען טייער געהילץ פאר זיינע געביידעס פון בארג לבנון. אבער ביי דער גרויסער און שווערער ארבייט האט ער נישט פערווענדעט די קנעכטי פון פאלק כנען, ווי שלמה האט געטהון, נאר ער האט די אידישע איינוואהנער געצוואונגען מיט געוואלדיגער גרויזאמקייט, צו ארבייטען, ווי געמיינע קנעכט. אזוי האט זיך דער קעניג יהויקים בעגאנגען מיט פרייע בירגער. די, וועלכע האבען זיין ארבייט נישט געוואלט טהון, האט ער געלאזט פייניגען מיט געוואלדיגער אכזריות, אפט ביז אין טויט. און איצטיגען מאמענט האט דער קעניג זיך דערשפירט פריי פון דאגות און נאך גרויזאמער אנגעהויבען בעגעהן זיך מיט די פרייע בירגער; ער האט זיך אויך אבגעגעבען שטארק מיט שכרות און די ווילדעסטע תאוות צוזאמען מיט זיינע שרים.

פון דער דאזיגער זארגלאזיגקייט און פריצות האט דער נביא ירמיהו געוועקט אהן אויפהער דעם קעניג מיט די שרים. מיט זיין נביא'יש אויג האט דער נביא געזעהען, אז מיט דער מפלה פון אשור וועלען נישט אויפהערען די מהומות און מלחמות. אין'ם חאלדייאישען פאלק, וואס איז ביז האמאלס קוים בעוואוסט געווען מיט'ן נאמען, און זיין יונגען קעניג נבוכדנאצר, האט ירמיהו דערזעהען, ווי עס וואקסט א נייע מלוכה, וועלכע וועט פיעל אריבערשטייגען אשור און פערוואונדערן די גאנצע וועלט מיט איהרע געוואלדיגע מעשים. באלד נאך נבוכדנאצר'ס ערשטען ארויסטריט, נאכדעם, ווי ער האט אבגעהאלטען א נצחון איבער נכה, דעם מלך פון מצרים, האט ירמיהו נבואה געזאגט וועגען דער גרויסער מאכט פונ'ם נייען מלך פון בבל איבער אלע אנדערע פעלקער און לענדער, בעזונדערס אבער, איבער יהודה. ביי א געלעגענהייט, ווען די איינוואהנער פון יהודה און ירושלים האבען זיך פערזאמעלט פאר'ן בית־המקדש, איז דער נביא פון ענתות ארויסגעטראטען אהן קיין שום מורא און געהאלטען זיין נבואה, און וועלכער ער האט געשילדערט קלאר, וואס עס האבען צו ערווארטען אלע פעלקער און, צווישען זיי, אויך יהודה, פון „דעם ליבב, וואס איז ארויס פון זיין הייהל" — פון נבוכדנצר'ן. אין זיין דאזיגער נבואה דערמאהנט ירמיהו, ווי נאך מיט דריי־און־צוואנציג יאהר פריהער האט ער שוין געזעהען א נבואה, אז

די סכּנה איז אָבער דערווײַל געוואָרען אַלץ גרעסער; דאָס פֿאָלק פֿון יהודה האָט שוין איצט געזעהען, ווי עס קומט אָן נבוכדנצר'ס מאַכט; אין גרויסער אימה האָט מען בעשטימט אַ פֿאָלקס־תּענית אין נײַנטען חודש (אין ווינטער 670 פֿאַר'ן צווייטען חורבן) און בעפֿוילען, אַז דאָס גאַנצע פֿאָלק זאָל קומען קײַן ירושלים, גאָט צו בעטען. ווי דאָס פֿאָלק איז נישט געווען פֿערווילדעוועט בײַ זײַער געצענדיענערײַ, האָבען דאָך נאָך אַלע געהאַט צוטרוי צום בית־המקדש אין ירושלים, און צו גאָט, וועלכער רוהט אין איהם, אַז ער וועט בעשיצען די שטאָדט און דאָס לאַנד פֿון דעם מעכטיגען פֿײַנד. די געפֿאַהר האָט געזאָלט אָבגעווענדעט ווערען פֿון יהודה דורך גרויסע קרבּנות אין בית־המקדש און דורך אָנטהון זיך טרויער־זעק אויפֿ'ן לײַב מיט'ן בעשיטען דעם קאָפּ מיט אַש. דאָס פֿאָלק האָט זיך פֿון אַלע זײַטען געלאָזט געהן אין געוואַלדיגער אויפֿרעגונג צום בית־המקדש, האָפֿענדיג צו געפֿינען דאָרט די גוטיגע הילף. דאַן האָט ירמיהו בעפֿוילען זײַן תּלמיד ברוך, נריה'ס זוהן, אויפֿצושרײַבען זײַן נבואה, וועלכע ער האָט נאָך מיט עטליכע יאָהר פֿריהער געהאַלטען וועגען דער סכּנה, וואָס עס שטעהט פֿאַר דאָס לאַנד יהודה מצד די חאַלדייער, און די דאָזיגע נבואה זאָל ברוך לייענען פֿאַר'ן פֿערזאַמעלטען פֿאָלק נעבען בית־המקדש. דאָס פֿאָלק האָט דאַדורך געדאַרפֿט זיך איבערצײַגען, ווי ריכטיג דער נביא האָט פֿאָראויסגעזאָגט און אָנהויבען גלויבען דעם נביא און פֿאָלגען זײַנע אָנווײַזונגען. דער נביא אַליין האָט נישט געקאָנט קומען צום בית־המקדש, צו האַלטען די פֿאָרלעזונג, ווײַל ער איז געווען אַרעסטירט. ברוך האָט תּחילת נישט געוואָלט נעהמען אויף זיך אַזאַ אויפֿגאַבע, וועלכע איז געווען פֿערבונדען מיט סכּנה פֿאַר'ן לעבען, ער האָט אָבער זיך ערגעבען און געפֿאָלגט דעם נביא, דערבײַ האָט ער אויסגערופֿען: „וועה מיר, גאָט לעגט מיר צו אַ נײַען טרויער צו מײַן אַלטען וועהטאָג! איך בין שוין מיעד געוואָרען זיפֿצענדיג און קאָן זיך קיין מנוחה נישט געפֿינען“. ירמיהו האָט אָבער איהם דערויף געענטפֿערט, שטראָפֿענדיג איהם מיט גרויס רחמנות: „אַזוי זאָגט צו דיר גאָט: זעה, וואָס איך האָב געבויט וויל איך אַליין צושטערען, וואָס איך האָב געפֿלאַנצט, וויל איך אַליין אויסרײַסען, און דו פֿערלאַנגסט פֿאַר זיך עפּעס גרויסע זאַכען. דו זאָלסט עס נישט פֿערלאַנגען“... דער יחיד מוז זיך מקריב זײַן מיט'ן גוטען ווילען פֿאַר אַ קרבּן אין דער שווערער צײַט פֿון איבערקעהרענישען און מלחמות. ברוך האָט זיך ערגעבען און גענומען אויף זיך די שווערע שליחות. ער האָט געדאַרפֿט לייענען די שרעקליכע נבואה און געבען אַן עצה דעם פֿערזאַמעלטען פֿאָלק, אַז מען זאָל זיך אונטערגעבען נבוכדנצר'ן, וועהרענד דאָס פֿאָלק האָט זיך גאַר פֿערזאַמעלט גאָט צו בעטען, אַז ער זאָל שיקען אַ ישועה געגען נבוכדנצר'ן. ברוך האָט אַלזאָ גענומען די מגילה און איז געקומען צום טויער פֿון בית־המקדש, וואו ער האָט פֿאָרגעלײענט

בּרוּך, נריה'ס זוהן, וועלכער איז שטענדיג געווען מיט איהם, ווי פריהער אלישע בּיי דעם נביא אליהו.

די רעד פון די נביאים האָבּען זיך אָבּער ענדליך אַרויסגעוויזען ריכטיג; דאָס אוּנגליק, וואָס זיי האָבּען פאָראוֹיסגעזאָגט מצד די חאַל־דייער, האָט אָנגעהויבּען צו קומען נאָהענטער. נאָכדעם, ווי נבוּכדנצר האָט פערשטאַרקט זיין פערגרעסערטע מלוּכה פון אינוועניג און גע־מאַכט אין איהר אָרדנוּנג; נאָכדעם, ווי ער האָט אויך געלעגט די פונ־דאַמענטען צו די געוואַלדיג גרויסע געבּיידעס אין בּבל און געלאָזט בּויען קאַנאַלען, כּדי צו פערבּרייטערן די טייכען עפראַט און טיגרים און מאַכען מעגליך די שיפערייען אין די גרעסטע טיילען פון זיין מדינה, האָט ער פערזאַמעלט זיין אַרמעע און זיך געלאָזט געהן אויף מלחמות, כּדי איינצונעהמען נאָך לענדער. אשור, אָדער סיריען, האָט זיך איהם אוּנטערגעגעבּען אָהן ווידערשטאַנד; פון דאָרט האָט ער זיך גע־לאָזט געהן צו פעניקיען, וואָס איהר קעניג אתבעל דער צווייטער איז שוין געווען אוּנטערטעניג בּיי איהם. זיין הויפּט־ציעל איז אָבּער געווען צו געהן אויף מצרים. כּדי צו קומען אינ'ם לאַנד פוּנ'ם נילוּס, האָט נבוּכדנצר געדאַרפט איינעהמען די מלוּכות, וואָס זענען געלעגען אויפ'ן וועג: דאָס לאַנד פון די פּלשתּים, אדום און יהוּדה. ווי קליין ס'איז נישט געווען די בּעדייטוּנג פון די דאָזיגע מלוּכות געגען דער גרויסער וועלט־מאַכט פון נבוּכדנצר, האָבּען זיי דאָך איהם געקאָנט שטערען אין זיין גאַנג קיין מצרים. נבוּכדנצר האָט דעריבּער בּעשלאָסען זיי איינצו־נעהמען; דערבּיי האָט ער אויך געהאַט נאָך אַ כּונה: דוּרך די איינגע־נוּמענע פעלקער וועט ער קאָנען פערגרעסערן זיין אַרמעע, ווייל ער פלעגט בּאַלד צווינגען די איינגענוּמענע קעמפפער צו פעראייניגען זיך מיט זיין אַרמעע. אַט אַזוי איז נבוּכדנצר געגאַנגען אויף מצרים, איינ־נעהמענדיג אויפ'ן וועג פרעמדע פעלקער און פערגרעסערנדיג זיינע מחנות. אויך צוּם קעניג יהויקים האָט נבוּכדנצר געשיקט זאָגען, אַז ער זאָל זיך איהם אוּנטערגעבּען, אָדער ער וועט איהם איינעהמען און פער־ניכטען. פון דער אַנדער זייט אָבּער, האָט דער קעניג פון מצרים גע־וואָלט מאַכען שווערער נבוּכדנצר'ס גאַנג אויף זיין לאַנד, און דעריבּער האָט ער אָנגערעדט דעם מלך פון יהוּדה נישט אוּנטערצוּגעבּען זיך נבוּכדנצר'ן. דערבּיי האָט מצרים, ווי איהר שטייגער איז געווען תּמיד, געמאַכט גרויסע הבטחות, צו שיקען הילף דעם קעניג פון יהוּדה געגען נבוּכדנצר'ן, אָבּער געשיקט האָט זי גאָרנישט. יהוּדה איז איצט געקוּמען צו דערזעלבּיגער לאַגע, אין וועלכער זי איז געווען אין חזקיהוּ'ס צייטען: זי האָט געדאַרפט ווערען דער קאַמפף־פּלאַץ צווישען צוויי גרויסע מלוּכות — בּבל און מצרים. יהויקים האָט געוואַרט אויף אַ וואוּנדער אָדער אויף די הילף פון מצרים און אָבּגעלעגט דעם ענטפער פאַר נבוּכדנצר'ן פון טאָג צו טאָג.

אין ירושלים איז עס געווען געווים א טאָג פֿון גרויסער אויפֿרעגונג, אָבער די גרויסע תענית־פֿערזאַמלונג איז זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען מיט גאָרנישט. די פֿאָרלעזונג פֿון דער מגלה האָט פֿונדעסטוועגען געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג: זי האָט געבראַכט צו אַ שפּאַלטונג צווישען די שרים. יענע, וועלכע זענען געווען איבערצייגט אין דער ריכטיגקייט פֿון ירמיהו'ס נבואה און האָבען איהם אַרויסגעראַטעוועט פֿון אַ זיכערען טויט, זענען פֿעסט געווען בעשלאָסען, צו פּועל'ן, אַז מען זאָל זיך אונטערגעבען נבוכדנצר'ן; צווישען די דאָזיגע שרים איז אויך געווען אלישמע דער סופֿר, וואָס איז געווען אויפֿגענומען איבער דער אַרמעע, און ווען ער מיט נאָך פֿיעל אַנדערע שרים אין דעם מלוכה־ראַט זענען געווען געגען דער מלחמה, האָט דער מלך יהויקים נישט געקאָנט אונטערנעהמען קיין קריעג געגען נבוכדנצר'ן. ווי עס שיינט, האָט מען איהם איבערצייגט, אַז ער קאָן פֿערליערען זיין טהראָן, און ער האָט זיך דערשראָקען. יהויקים האָט אלזאָ בעשלאָסען צו ערפֿילען נבוכדנצר'ס פֿאָדערונג און איהם אַרויסגעשיקט דעם פֿערלאַנגטען אָבצאָהל; ער האָט זיך אויך מתחייב געווען, צו געבען איהם חילות צו דער מלחמה מיט מצרים, ווי אַן אונטערטעניגער קעניג פֿלעגט דאַמאָלס מוזען טהון. אָט אַזוי האָט זיך דאָס אָנגעהויבען די אונטערטעניגקייט פֿון יהודה ביי'ם קעניג פֿון בבל (670 פֿאַר'ן צווייטען חורבן). ירמיהו האָט שוין איצט געקאָנט פֿערלאָזען זיין בעהאַלטענעם אָרט: ווי אויפֿגעבראַכט דער קעניג איז געווען געגען איהם, האָט ער דאָך אָבער איצט נישט געקאָנט אָנריהרען אַ האָהר פֿון זיין קאָפּ, וויל די שרים האָבען איהם בעשיצט. אויך דער קעניג נבוכדנצר, וועלכען מען האָט זיכער שוין געהאַט איבערגעגעבען, אַז ירמיהו האָט פֿאַר איהם נבואה־געזאָגט אַ גלענצענדע צוקונפֿט, האָט, בלי ספק, שוין דאַן איהם אָנגעהויבען צו בעשיצען, ווי ער האָט עס אויך געטהון שפּעטער.

יהויקים האָט אָבער געטראָגען מיט אַ פֿערביסענעם צאָרן נבוכדנצר'ס יאָך, דען ער האָט שוין איצט נישט געקאָנט נאָכגעהן פֿריי נאָך זיינע גלוסטיגקייטען. ס'איז זיכער, אַז דער מלך פֿון מצרים האָט אויך נישט אויפֿגעהערט איהם אויפֿצורייצען, אַז ער זאָל אַראָבוואַרפֿען פֿון זיך נבוכדנצר'ס יאָך. און ווען דער פֿעניקישער קעניג אֶתבעל האָט מיט צוויי יאָהר שפּעטער זיך אָבגעוואָרפֿען פֿון בבל און בעפֿעסטיגט זיין הויפּט־שטאָדט צור אַזוי שטאַרק, אַז זי האָט זיך אַ לאַנגע צייט געקאָנט האַלטען געגען נבוכדנצר'ן, האָט אויך יהויקים זיך געלאָזט פֿערבלענדען דורך זיינע תאוות אויף אַן אונפֿערשטענדיגען שטייגער און אָבגעזאָגט זיך צו שיקען דעם אָבצאָהל צום מלך פֿון בבל. דערביי האָט ער געשלאָסען אַ בונד מיט מצרים און, ווי עס שיינט, אויך מיט'ן מלך פֿון צור. נבוכדנצר האָט איצט געמוזט אָנווענדען אַלע זיינע כחות געגען פֿעניקיען; ער האָט אָנגעהויבען בעלאַגערן צור און איינגענעהמען זי.

ירמיהו׳ס נבואָה דעֶם פֿעֶרזאַמעֶלטעֶן פֿאָלק. פֿיעלעֶ פֿון די פֿעֶרזאַמעֶלטעֶ האָבעֶן זיכעֶר שוין געֶהעֶרט די דאָזיגעֶ נבואָה פֿריהעֶר אויך, אָבעֶר זיי האָבעֶן דאַמאָלס אויף איהר נישט אַכטונג געֶגעֶבעֶן און זי פֿעֶרגעֶסעֶן. איצט אָבעֶר, ווען נבוכדנצר׳ס אַרמעֶע איז שוין געֶשטאַנעֶן נישט ווייט פֿון ירושלים, האָט די נבואָה געֶמאַכט אַ געֶוואַלדיגעֶן איינדרוק מיט איהר שרעֶקליכעֶן אינהאַלט. די געֶשעֶהעֶניש, וועֶלכעֶ דראָהט איצט דעֶר שטאָדט ירושלים, האָט דעֶר נביא שוין פֿאָראויסגעֶזאָגט עֶטליכעֶ יאָהר פֿריהעֶר: „דעֶר קעֶניג פֿון בבל וועֶט געֶוויס קומעֶן אין לאַנד, אויב דאָס פֿאָלק וועֶט זיך נישט בעֶסעֶרן“. די פֿעֶרזאַמלונג איז געֶשטאַנעֶן צושמעֶטעֶרט אינגאַנצעֶן, און איינעֶר פֿון די פֿעֶרזאַמעֶלטעֶ, מיכיהו, שפן׳ס אַנ׳אייניקעֶל, איז באַלד אַוועֶקגעֶגאַנגעֶן צו די שרים, וואָס זעֶנעֶן געֶוועֶן פֿעֶרזאַמעֶלט אין קעֶניגליכעֶן פּאַלאַץ, און מודיע געֶוועֶן, אַז ירמיהו׳ס נבואָה האָט געֶמאַכט אַ געֶוואַלדיגעֶן איינדרוק אויפֿ׳ן פֿעֶרזאַמעֶלטעֶן פֿאָלק. אויך אויף די שרים איז געֶפֿאַלעֶן אַנ׳אֵימה, און זיי האָבעֶן געֶשיקט נאָך ברוך׳ן, אַז עֶר זאָל אויך זיי פֿאָרלעֶזעֶן ירמיהו׳ס נבואָה. יעֶדעֶס וואָרט פֿון דעֶר נבואָה האָט זיי געֶטראָפֿעֶן, ווי אַ דונעֶר. זיי האָבעֶן דעֶריבעֶר בעֶשלאָסעֶן מודיע צו זיין וועֶגעֶן דעֶר נבואָה דעֶם קעֶניג און ראַטעֶן איהם אונטעֶרצוגעֶבעֶן זיך דעֶם קעֶניג פֿון בבל און צו ווענדעֶן זיך צו גאָט, ווי עֶס האָט אַמאָל געֶטהון זיין פֿאָטעֶר יאשיהו. ווען די שרים זעֶנעֶן געֶקומעֶן צום קעֶניג, האָבעֶן זיי געֶמיינט, אַז זיי האָבעֶן זייעֶר ציעל שוין דעֶרגרייכט, דען דעֶר קעֶניג האָט בעֶפֿוילעֶן צו ברענגעֶן די מגלה און פֿאָרצולעֶזעֶן פֿאַר איהם. צוליעב דעֶם קאַלטעֶן וועֶטעֶר, איז דעֶר קעֶניג געֶזעֶסעֶן פֿאַר אַ פֿייעֶר־פֿאַן מיט ברעֶנעֶנדיגעֶ קויהלעֶן; די פּרינצעֶן און די שרים זעֶנעֶן געֶשטאַנעֶן אַרום איהם. מיט גרויסעֶר שפּאַנונג האָבעֶן זיי עֶרוואַרטעֶט צו זעֶהעֶן, וואָס פֿאַר אַנ׳איינדרוק די מגלה וועֶט מאַכעֶן אויפֿ׳ן קעֶניג. איינעֶר פֿון די שרים האָט זי פֿאָרגעֶלעֶזעֶן אויפֿ׳ן בעֶפֿעֶהל פֿון קעֶניג און דעֶר קעֶניג האָט צוגעֶהעֶרט גאַנץ רוהיג; דעֶרביי אָבעֶר האָט עֶר זיך געֶנומעֶן יעֶדעֶס נייעֶ דורכגעֶלעֶזענעֶ בלאַט פֿון דעֶר מגלה און אָרויפֿגעֶלעֶגט געֶלאַסעֶן אויפֿ׳ן פֿייעֶר. די שרים האָבעֶן געֶקוקט דעֶרויף מיט גרויס פּחד און געֶבעֶטעֶן דעֶם קעֶניג נישט צורייצעֶן גאָט. עֶר אָבעֶר האָט זיך געֶמאַכט, ווי נישט הערעֶנדיג זייעֶרעֶ רעֶד, און געֶלעֶגט די מגלה בלאַט פֿאַר בלאַט אויפֿ׳ן פֿייעֶר, ביז זי איז גאַנץ פֿעֶרברעֶנט געֶוואָרעֶן. דעֶרנאָך האָט יהויקים געֶגעֶבעֶן אַ בעֶפֿעֶהל צו פֿעֶרהאַלטעֶן דעֶם נביא מיט זיין תלמיד און דעֶר׳הרג׳עֶנעֶן זיי, ווי מעֶן האָט עֶס פֿריהעֶר געֶטהון מיט׳ן נביא אוריה. צום גליק אָבעֶר, האָבעֶן אייניגעֶ שרים פֿון ירמיהו׳ס פֿריינד פֿאָראויסגעֶזעֶהן דאָס און האָבעֶן איהם מיט זיין תלמיד בעֶהאַלטעֶן אין אַנ׳אָרט, וואו קיינעֶר האָט זיי נישט געֶקאָנט געֶפֿינעֶן. אַזוי אַרום זעֶנעֶן זיי געֶראַטעֶוועֶט געֶוואָרעֶן פֿון אַ זיכעֶרעֶן טויט.

שוינענדיג אויף דעם קעניג מיט זיין מוטער, די קעניגין. געשטיצט דורך די שרים, האט ער איצט גערעדט זעהר שארף און דראהענד און געוואָרענט, אז מען זאל זיך בעסערן. אבער יהויכין'ען איז אפילו נישט איינגעגעבען קיין צייט צו בעסערן זיך, ווייל די נויט פון די בעלאַגערטע האט זיך געשטארקט פון טאג צו טאג. ווי עס שיינט, האט אויך פערפעהלט וואסער אין שטאדט, ווייל ס'איז קיין רעגען נישט געגאנגען. ווען דער קעניג נבוכדנאצר אליין איז ענדליך געקומען אין לאגער פאר ירושלים, זענען צו איהם ארויסגעקומען דער קעניג מיט זיין מוטער מיט די שרים, צו בעטען, אז ער זאל זיך בעגעהן מיט גנאד. דער מנצח האט אבער קיין רחמנות נישט געהאט, און געשטעלט זעהר שווערע שלום־בעדינגונגען: יהויכין האט געמוזט אראבגעהן פון טהראן און וואנדערען מיט זיין מוטער און זיינע פרויען און די גרויסע שרים און כריסים אין גלות קיין בבל. געקעניגט האט ער סך הכל הונדערט טעג. נבוכדנאצר האט נאך געטהון א חסד, וואס ער האט איהם געשאנקען דאס לעבען און האט בכלל קיין בלוט נישט פערגאסען. ער האט נאר פערטריבען צעהן טויזענד איינוואהנער פון ירושלים, וועלכע ער האט בעזעצט אין בבל; צווישען זיי זענען געווען 7000 קעמפפער, 2000 פערזאן פון די עלטסטע אידישע משפחות — צווישען וועלכע עס זענען געווען פיעל כהנים, לויים און פון די אנגעזעהענסטע לייט פון בנימין, וואס האבען אין ירושלים געוואהנט, ווי אויך 1000 מייסטערס, וואס האבען אויסגעארבייט געוועהר און פערשטאנען די קונסט, ווי אזוי צו בעפעסטיגען א שטאדט. דערמיט, וואס נבוכדנאצר האט ארויסגענומען גאר דאס גאלד און זילבער פון קעניגליכען פאלאץ און פון בית המקדש, האט ער, לויט די דאמאלסדיגע בעגריפען, קיין רויבעריי נישט בעגאנגען; ער האט ארויסגעפיהרט אלע גאלדענע און זילבערנע כלים, וואס שלמה המלך האט געמאכט פאר'ן היכל אין בית המקדש. ער האט אבער נישט אנגערירט די בעפעסטיגונגען פון דער שטאדט ירושלים, נישט דעם בית המקדש. דער ערשטער אויסלענדישער מנצח, וועלכער איז אריינגעקומען קיין ירושלים, 500 יאהר נאכדעם, ווי די שטאדט איז געבויט געווארען, האט זיך בעגאנגען מיט איהר פיעל מילדער, ווי פיעל אנדערע איינגעהמער, וועלכע זענען אריינגעקומען קיין ירושלים הונדערטער און טויזענדער יאהר נאכדעם.

אויף דוד'ס טהראן האט נבוכדנאצר נישט גערירט, און האט אויף איהם ארויפגעזעצט דעם קעניג'ס פעטער, מתניה, וועלכען ער האט א נאמען געגעבען צדקיהו. דאס איז געווען א מענש מיט א מילדען כאראקטער, נישט קיין קריגערישער העלד, א מענש, וואס לאזט זיך לייכט פיהרען דורך א שטארקערען פון זיך. דער קעניג פון בבל האט דעריבער געהאפט, אז ער וועט איהם זיין א געטרייער אונטערטאן און נישט צווינגען צו געהן ווידער פיהרען מלחמה געגען ירושלים. אום אבער נאך זיכערער צו זיין, אז צדקיהו וועט געגען איהם קיין אויפשטאנד נישט מא־

די בעלאַגערונג האָט געדויערט גאַנצע דרייצעהן יאָהר, און דאָס האָט געהינדערט נבוכדנצר'ן צו געהן באַלד אויף ירושלים. יהויקים האָט זיך געקאָנט דערווייל לעבען אין דער גוטער האָפנונג, אַז איהם איז געלונגען צו בעפרייען זיך אינגאַנצען פון נבוכדנאצר'ן און ווערען אונאָבהענגיג. קיין גרוים פרייד האָט איהם אָבער די זאַך נישט געקאָנט מאַכען, ווייל אויב נבוכדנצר האָט נישט געקאָנט שיקען קיין גרויסע אַרמעע אויף דאָס לאַנד יהודה, האָט ער דאָך אָבער געשיקט קליינע אָבטיילונגען, וועלכע זענען אָנגעפאַלען אויף פערשידענע פונקטען אין לאַנד יהודה אין געמאַכט דאָרט אַ'אמת'ן חורבן. דאָס איז געווען די התחלה פאַר נאָך אַ שרעקליכערע צייט, וועלכע האָט באַלד געדאַרפט קומען. אין דער דאָזיגער אונרוהיגער צייט איז דערווייל געשטאָרבען דער קעניג יהויקים (667 פאַר'ן צווייטען חורבן), און מען האָט איהם מקבר געווען אין גאָרטען עוזא, וואו עס זענען געווען די קברים פון די מלכים, וועלכע מנשה האָט געלאָזט בויען. יהויקים איז געווען דער לעצטער קעניג פון דוד'ס הויז, וועלכער איז אין זיין אייגען לאַנד געשטאָרבען און דאָרט געקומען צו קבורה.

נאָך יהויקים איז אַרויפגעשטיגען אויפ'ן טהראָן זיין אַכצעהן יעהריגער זוהן יהויכין, אָדער יכניהו (אויך כניהו, פערקירצט); געהערשט איבער'ן לאַנד האָט אָבער נישט ער, נאָר זיין מוטער נחושתא, די טאָכטער פון דעם ירושלים'ער איינוואוהנער, אלנתן. יהויכין האָט זיך אויך געהאַלטען ביי זיין פאָטער'ס טעות, אַז ס'וועט איהם געלינגען צו קאָנען האַלטען זיך געגען נבוכדנצר'ן, און ער האָט דעריבער איהם נישט געשיקט קיין אָבצאָהל און בכלל נישט אָנערקענט בבל'ס הערשאַפט איבער יהודה. יהויכין האָט אין אַנדערע ענינים זיך אויך געפיהרט אויף זיין פאָטער'ס שטייגער און געדינט די אָבגעטער. נישט לאַנג אָבער האָט געדויערט די פערבלענדעניש פון יהויכין מיט זיין מוטער. נבוכדנצר האָט ענדליך געקאָנט אָבטיילען אַ גרויסע אַרמעע פון זיינע מחנות נעבען צור, כדי צו געהן געגען מצרים, וועלכע האָט אָנגעהויבען מאַכען הכנות, אַרויסצוגעהן געגען איהם מיט אַ גרויסער אַרמעע. נבוכדנצר'ס אַרמעע, וואָס האָט זיך געלאָזט געהן געגען מצרים, האָט לייכט איינגענומען דאָס גאַנצע לאַנד ביז נחל מצרים (Rhinokorura) אויך גאַנץ יהודה האָט זי איינגענומען, אויסער עטליכע שטעדט אין דרום־קאַנט. יהויכין האָט זיך אָבער נאָך אַלץ געהאַלטען פעסט ביי זיך; ער האָט געגלויבט, אַז הינטער די פעסטע מויערען פון ירושלים איז ער זיכער פאַר'ן שונא, און אויסערדעם האָט ער געוואַרט אויף הילף פון מצרים. נבוכדנצר איז זעהר געררייצט געוואָרען דאַדורך און האָט געשיקט עטליכע פון זיינע הויפטלייט, צו בעלאַגערן ירושלים.

ירמיהו, וועלכער האָט אין די לעצטע עטליכע יאָהר געשוויגען, איז איצט ווידער אַרויסגעטראָטען מיט זיינע שטראָף־רעדעס, נישט

שטארק איז געוועזען דער אלגעמיינער טרויער; אבער נאך גרעסער פאר אלץ איז געוועזען דער אלגעמיינער דלות. וואס איז געבליבען נאך נבוכדנצר'ס אבציהען פון ירושלים. דאס קליינע לאנד האט פערלוירען א גרויסען טייל פון זיין פערמעגען. באלד אבער האט דאס לאנד יהודה זיך ווידער געשטארקט און דערגרייכט א גרויסען וואוילשטאנד. ס'איז כמעט אנ'אונגלויבליכע זאך: נאכדעם ווי נבוכדנצר האט ארויסגעפיהרט אלע אוצרות פונ'ם קעניג'ס פאלאץ, פון בית המקדש און כמעט בערויבט דאס לאנד, איז אין ירושלים באלד ווידער געוועזען אזא עשירות, אז קינדער זענען געגאנגען געקליידעט אין פורפור און אבגעוואויגען געווארען מיט גאלד. ביז דער לעצטער צייט האט ירושלים גע'שמ'ט אלס א רייכע און א שענע שטאדט מיט א גרויסער בעפעלקערונג; איהרע איינוואהנער האבען זי געריהמט, אז זי איז די „קרוין פון דער שענהייט“, די „פרייד פונ'ם גאנצען לאנד“, די „פירשטין אונטער די לענדער“. ירושלים'ס לאגע אויף פיעל בערג, אין דער מיט פון שענע טהאלען און הויכע בערג-קייטען, איז נאך דערהויבען געווארען דורך איהרע פרעכטיגע פאלאצען און גרויסע בעצירטע געביידעס. נעבען דעם פאלאץ, וואס שלמה האט אויפגעבויט און וואס איז פערגרעסערט און פערשענערט געווארען דורך יהויקים, זענען אויך געוועזען פיעל שענע געביידעס פון די שרים, — געביידעס געבויטע פון גרויסע פירקאנטיג ארומגעהאקטע שטיינער און פון צעדער-און ציפרעסען-האלץ. דער בית המקדש, וועלכער איז אין פערשיעדענע צייטען אויסגעבעסערט און פערגרעסערט געווארען און איז געשטאנען אויפ'ן הויכען בארג מוריה ארומגערינגעלט פון א גרויסער שטיינערנער מויער, האט געהאט א שענעם ערהאבענעם אנבליק.

פון וואנען האט דאס קליינע לאנד, וועלכעס האט איצט קוים גערייכט פון ירדן ביז דעם מיטעללענדישען ים און פון צפון ביי דער שטאדט גבע ביז דרום ביי באר שבע, נעבען מדבר פון אדום — פון וואנען האט עס בעקומען אזא רייכע הכנסה, אז עס האט געהאט אזא שען אויסזעהען? דאס איז געוועזען דער רייכער פרוכטבארער באדען, וועלכער האט אט די גרויסע שפע געגעבען; דער באדען פון ארץ ישראל האט געגעבען דעם אידישען פאלק נישט בלויז ברויט צו זאט, ער האט איהם אויך געגעבען גאנצע קוואלען פון עשירות. די פעניקיער, וועלכע האבען אין אלע לענדער זייער האנדעל געפיהרט און פלעגען פאר זייער גאלד און זילבער בעקומען די בעסטע פראדוקציעס, וואס דער באדען און די נאטור האט דארט געגעבען, האבען אויך אין יהודה געקויפט דעם בעסטען וויין, דעם שענסטען האניג פון די טייטלען, בוימאייל, באלזאם און נאך א טייערען פראדוקט, פנג, וואס די שפראך-פארשער וויסען נאך עד היום נישט, וואס דאס איז געוועזען. די גארטענס, וואו דער טייערער באלזאם איז געוואקסען, דער דרום-קאנט פון גלעד אויף יענער זייט ירדן איז שוין אפילו לאנג געוועזען אבגעריסען פון יהודה און די הכנסה פונ'ם באל-

כען, האט נבוכדנאצר מיט איהם געשלאסען א פֿעריליכען בונד, און צדקיהו האט געשוואָרען, צו זיין איהם א געטרייער אונטערטאַן. פֿאַר נבוכדנאצר'ן איז זעהר וויכטיג געוועזען, צו האבען אין זיין מאכט דאס לאַנד יהודה, כדי צו קאָנען לייכטער אונטערנעהמען א מלחמה געגען מצרים. מיט צדקיהו'ס שבועה אליין האט אבער נבוכדנאצר זיך נאך נישט בערוהיגט, ער האט געוואָלט האבען א גאראַנטיע און צו דעם צוועק, האט ער געלאָזט אפּפֿיהרען די אידישע שרים און אָנגעזעהענע לייט אין גלות קיין בבל. בכלל האט יהודה געדאַרפֿט בלייבען א שוואכע מלוכה, וועלכע דאַרף זיך שטיצען נאָר אויף איהם, אויף נבוכדנאצר'ן, און איהר גאַנצע קראַפֿט שעפּען נאָר אין איהם. איבערגעלאָזען האט ער פֿון די שרים אין ירושלים נאָר יענע, וועגען וועלכע ער איז זיכער געווען, אָדער ער האט, ווענינגסטענס, געגלויבט אזוי, אז זיי וועלען געגען איהם נישט אַרויסטרעטען. די דאָזיגע שרים זענען געווען דער צענטר פֿון דער „חאַלדייאישער פּאַרטיי“. אויף וועלכער נבוכדנאצר האט געהאָפֿט צו קאָנען זיך פֿערלאָזען. אין דער שפּיץ פֿון דער דאָזיגער פּאַרטיי איז געשטאַנען דאס הויז פֿון שפן, וואָס זיין אייניקעל גדליה איז שפּעטער געבליבען געטריי נבוכדנצר'ן אויך נאָך דעם חורבן פֿון ירושלים. דער נביא ירמיהו איז אפילו נישט געווען קיין מיטגליעד פֿון אָט דער פּאַרטיי. אָבער פֿאַר נבוכדנצר'ן איז ער נאָך געווען וויכטיגער פֿון איהר, ווייל ער האט אונאויפֿהערליך נבואה געזאָגט, אַז גאָט אַליין האט אזוי בעשטימט, דאס נבוכדנצר זאָל הערשען איבער יהודה און ירושלים. נבוכדנצר האט דעריבער פֿערלאַנגט נישט בלויז, אַז די מלוכה יהודה זאָל אויך אויף ווייטער גאַנץ בלייבען, נאָר ער האט אויך געוואָלט, אז זי זאָל זיך שטאַרקען, און די איינוואָהנער איהרע זאָלען קאָנען לעבען רוהיג און געניעסען פֿונ'ם גוט'ס פֿון דעם פֿרוכטבאַרען לאַנד. נאָר זעלבסט־שטענדיג האט יהודה נישט געדאַרפֿט ווערען. זי האט געדאַרפֿט גלייך זיין, ווי איין נביא האט זיך שיין אויסגעדריקט, צו „א ווייַנשטאָק פֿון ניעדעריגען געוויקס מיט אַראָבגעהאַנגענע צווייגען; דער ווייַנשטאָק וואַקסט אפילו יא, אָבער אַלע זיינע צווייגען מוזען זיך ווענדען נאָר צו איהם, צום מלך פֿון בבל, און די וואָרצלען זאָלען אויך נאָר אונטער זיין באָדען זייער יניקה האבען“.

אין דער ווירקליכקייט האט יהודה זיך אפשר געקאָנט נאָך האלטען גאַנץ לאַנג, אויב זי וואָלט זיך בעגנוגט מיט דער ראָליע פֿון א קליינער מלוכה און זיך נישט געשטעלט געגען די שטאַרקע מלוכות, אָדער צווישען זיי. פֿון די שטאַרקע שלעג, וואָס יהודה האט בעקומען און איז דורך זיי עקאָנאָמיש רואינירט געוואָרען, — דערפֿון האט זי זיך געקאָנט לייכט צוריק ערהאָלען. שמערצליך איז געווען פֿאַר'ן לאַנד, דאס וואָס מען האט זיינע גבורים פֿערטריבען קיין בבל; גרויס איז געווען דער בזיון, וואָס די אָנגעזעהענסטע משפחות, די מיוחסים, האבען געמוזט געהן געפֿאַנגען;

רישער קונסט, די תהלים-זינגער מיט זייערע געבעט-לידער און לויב-געזאנגען, די חכמים מיט זייערע טיעף-קלוגע שפריכווערטער — אט דאס איז געווען די בילדונגס-שולע פאר'ן פאלק. די יוגענד איז געווען אין א געוויסער מאס ארומגערינגעלט פון אן'אטמאספערע פון פאעזיע און הויכע, שענע רעדעס. די קינסטלערישע רעדעס פון די נביאים מיט זייער שענער מאס און פיינע אויסדריקען זענען געווען אויסגערעכענט נישט פאר'ן פראסטען אונגעבילדעטען המון, נאר פאר א געבילדעט פאלק. די פיין צוגעשפיצטע שטעך-ווערטער, די איידעלע און שארפע איראניע, די שענע אנצוהערענישען, וואס די נביאים פלעגען געברויכען אין זייערע רעדעס, דאס אלץ בעוויזט, אז דאס דאמאלדיגע פובליקום, די צוהערער זענען געשטאנען אויף א הויכער מדרגה פון ענטוויקלונג.

די אידישע פרויען האבען גענומען א שטארקען אנטייל אין געזעלשאפטליכען לעבען, סיי אין גוטען, סיי אין שלעכטען. זיי האבען עס געטריבען די מאנסבילען צו דריקען דעם אָרעמאן, צו נעהמען גרויסע פראצענטער און טהון אונרעכט, נאר כדי צו קאנען בעפרידיגען זייערע געלוסטיגקייטען און דינען די געצען. און דעריבער האט בעפוילען די משנה תורה, וועלכע מען האט ענטדעקט אין יאשיהו'ס צייטען, אז אויך די פרויען זאלען דערביי זיין, בשעת מען וועט די תורה לעזען, כדי זיי זאלען גלייך מיט די מאנסבילען לערנען פרום צו זיין און צו פיהרען א מאראליש לעבען. די משלים, אין וועלכע עס דריקט זיך אויס די לעבענס-חכמה און די פראקטיק פון א פאלק, ווי אויך זיין ארט לעבען,— די אידישע משלים ענטהאלטען פיעל שטעלען, וועלכע בעציהען זיך אויף דעם לעבען פון א מאנסביל מיט א גוטער און מיט א שלעכטער פרוי, אויף דעם גליק, וואס די ערשטע, און אויף די יסורים, וואס די אנדערע ברענגט איהם מיט. פון די דאזיגע משלים זעהט מען ארויס, אז בכלל האט יעדער דעם גליק, וואס די ערשטע, און אויף די יסורים, וואס די אנדערע ברענגט מאן דאמאלס געהאט נאר איין פרוי ביי זיך אין שטוב, און דעריבער האט די פרוי אויך געהאט די פרייהייט אנטייל צו נעהמען אין עפענטליכען געזעלשאפטליכען לעבען, דען אויף איהר האט זיך דאס גאנצע הויז געהאלטען; זי איז געווען די „עקרת הבית“.

אין יהודה איז בכלל נישט געווען פערבאטען פרויען און מאנסבילען צו פערברענגען צוזאמען. בחורים און מיידלעך פלעגען אפט טאנצען צוזאמען לוסטיג און פרעהליך, בעגלייטענדיג דעם טאנץ מיט א האנד-פויק, בעזונדערס, אויף חתונות, אדער אין דער צייט, ווען מען פלעגט זאמלען די טרויבען אין די וויינגערטנער. ווען עס פלעגט דערביי אויך נישט פעהלען קיין לאכען און קיין פרעהליכע געזאנגען. ירושלים איז איבערהויפט געווען א שטאדט פול לעבען און לוסטיגקייט. יונגע לייט פלעגען זיך צוזאמענקומען אין די וויינהייזער, וואו זיי פלעגען טרינקען און

זאַם האָט שוין געהערט צו אַן׳אַנדער מלוכה. אָבער די גרויסע פלייסיג־קייט, מיט וועלכער די אידישע לאַנד־אַרבייטער פלעגען זייערע פעלדער און גערטנער בעאַרבייטען, האָט באַלד אומגעקעהרט דעם גרויסען פער־לוסט. די בערג פון ירושלים ביז חברון זענען געווען בעדעקט מיט איילבירטען און וויינגערטנער אַזוי רייך, אַז מען האָט פיעל אייל און ווין געקאָנט פערקויפען קיין אויסלאַנד. די בערג זענען געווען בעאַרבייט ביז זייערע שפיצען. אונטען זענען געלעגען די ווייַנשטאָקען און איילבירטען, העכער — די פעלדער פון ווייץ, קאָרן און גערשטען. אין ארץ ישראל זענען געווען גוט־געאַיבטע גערטנער, וועלכע פלעגען ערציהען די שענ־סטע פרוכט־בוימער מיט דער גרעסטער קונסט. וואָס עס האָט געפעהלט ארץ ישראל אין שטח אין דער לענג און אין דער ברייט, דאָס האָט זי נייטגעמאַכט אין דער הויך. אין יענע וויסטע געגענדען, וואו עס פעהלט וואַ־סער, און רעגענס זענען וועניג, האָט מען אויסגעבויט קאַנאַלען, וואָס פלע־גען צופיהרען דעם וואַסער פון ירדן, אָדער פון די וויטע קוואַלען. די פלייסיגקייט פונ׳ם אידישען פאָלק האָט אַרויסגעצויגען פונ׳ם באָדען זיינע שענסטע אוצרות, און דערין איז געלעגען דער סוד פון דער גרויסער אי־דישער עשירות.

אויך געוויסע קענטנישען אין דער שענער קונסט זענען אין ארץ ישראל געווען גאַנץ היימיש. די קונסט צו בויען פעסטונגען האָט דאָרט דערגרייכט זעהר צו אַ הויכער מדרגה, לויט דער דאַמאַלסדיגער צייט. די סקולפטור־ווערק האָט מען אין יהודה, ווי אויך פריהער אין ישראל, גע־בראַכט פון אשור. די אידישע מעטאַל־גיסער פלעגען אָבער, געגען זייער איינגענער תורה, פערפערטיגען בילדער און סטאַטועען אין נאַטירליכער גרויס פון גאָלד און זילבער. אַלע הייזער פון די עשירים זענען געווען אויסגעמאַהלט מיט די שענסטע פאַרבען, און די פאָדלאָגעס אין די צי־מערען זענען געווען אויסגעפּלאַסטערט מיט מאָזאַיק־אַרבייט פון די שענסטע שטיינער. דאָס אידישע פאָלק, ווייניגסטענס אין ירושלים, האָט בעזעסען בילדונג אין אַ הויכער מדרגה. שרייבען און לעזען האָבען געקאָנט אין ירושלים אַלע, סיי די גאַנץ רייכע, סיי די גאַנץ אָרעמע. שרייבען פלעגט מען, געוועהנליך, אויף מגלות פון פאַרמעט; אויב דער אינהאַלט פון דער געשריבענער זאַך איז געווען בעזונדערס וויכטיג, פלעגט מען עס אויסקריצען אויף טאָוולען פון האָלץ אָדער פון שטיין, כדי עס זאָל קאָנען לאַנג האַלטען. עס האָט זיך דאַמאָלס אויך אויסגעבילדעט אַ לייכטע פאָלקס־שריפט, וואָס יעדער זאָל זי קאָנען שרייבען און לעזען, אויסער דער שווערער שריפט, וועלכע עס האָבען געקאָנט לעזען נאָר די געלעהרטע.

די הויכע בילדונג פון די איינוואוינער פון ירושלים האָט זיך אַרויס־געוויזען אין ערנסטע און לוסטיגע געזאַנגען, אין טרויער־ליעדער (קינות) און אין משלים. די נביאים מיט זייער ערהאַבענער און הויכער רעדנע־

די אײנװאױנער פון די שטעדט האבען געהערט מײסטענס צום שבט בנימין, דאגעגען דער שבט יהודה האט געװאױנט צום גרעסטען טײל אױפ'ן לאנד. די שרים פון ירושלים זענען מײסטענס געװען פון שבט בנימין. א דאנק זײער עשירות, זײער יחוס און הױכער שטעל, האבען זײ בעזעסען א געװיסע שענהײט און זײער בעװעגונג, א געשליפענע גלאטע שפראך און פײנע מאניערען. דורך די דאזיגע אײגענשאפטען איז זײ לײכט געװען אױפצוטהון אױך אזױ פיעל, װי דורך דער געװאלד, װאס זײ פלעגען אפט אנװענדען; זײ האבען געקאנט די מאסע דערמיט אונטער־קױפען, אז זי זאל אונטערשטיצען זײערע פלענער און זײן אױף זײער צד. פאר די פשוטע אײנװאױנער פון לאנד זענען זײ, נאטירליך, ערשיענען אלס פאלשע מענשען, חונפים און שקרנים. און אט דערפון האט גע־שטאמט די געגענזײטיגע שנאה, חאטש מען האט געהערט צו אײן פאלק. די ירושלים'ער יחסנים האבען געהערשט נישט בלױז איבער'ן פאלק, נאר אױך איבער דעם קעניגליכען הױף. די מלכים האבען שױן איצט געהאט א קלײנע בעדײטונג, בעזונדערס, זינט זײ האבען אנגעהױבען נאכצוטהון די מלכים פון אשור און פלעגען זיך לעבען און זײער הארעם, פערברענ־גענדיג די צײט מיט די פרױען, װײט פון פאלק. דארט, אין זײער פא־לאץ, צװישען די פרױען, האט קײנער פון פאלק נישט געהאט קײן רעכט ארײנצוקומען. ארום דעם קעניג האבען זיך געפונען שװארצע נעגערן און סריסים, װעלכע פלעגען קײנעם צו איהם נישט צולאזען. די מלכים זענען געװען ארומגערינגעלט מיט א גרױסער פראכט און צערעמאניען, װעלכע מען פלעגט מוזען אױספיהרען מיט דער גרעסטער גענױאיגקײט; אבער װאס מעהר זײ האבען זיך בעשעפטיגט מיט אט די קלײניגקײטען, אלץ מעהר האבען זײ פערלױרען די מעגליכקײט, צו בעשעפטיגען זיך מיט די װיכטיגע אנגעלעגענהײטען פון פאלק. מען האט געקאנט מײנען, אז די שרים האבען זײ בכיון ארומגערינגעלט מיט די צערעמאניעס און מיט נישט װיכטיגע ענינים, כדי צוצונעהמען בײ זײ די גאנצע מאכט אין די אײגענע הענד ארײן. די מלכים זענען געװען פערצערטעלט, די פרינ־צען ארום זײ זענען װײביש־װײך געװארען, און זײ האבען געהאט נאר אײן תאװה — אכטונג צו געבען אױף זײער שענהײט. אױך די פרינצען האבען מעהר געהאלטען פון די צערעמאניעס, פון דער פראכט ארום זײ־ער פערזאן, אײדער פון די לעבענס־אינטערעסען פון'ם פאלק, אדער פון דער קרעפטיגונג פונ'ם לאנד.

אט אזױ איז די מאכט איבער'ן לאנד געװען פאקטיש נאר בײ די ירושלים'ער יחסנים פון יהודה און בנימין. אין װיכטיגע אנגעלעגענהײ־טען האבען זײ געהאט די גאנצע דעה און דעם כח עטװאס אונטערצו־נעהמען. בעזונדערס שטארק האבען זײ געקאנט ארױסװײזען זײער מאכט אט איצט, צוליעב צדקיהו'ס שװאכקײט און מוטלאזיגקײט. דער מלך האט אפילו נישט געהאט אזױ פיעל שטארקײט, אז ער זאל זיך דערװעגען צו

חבר׳שאַפֿט, שפּיעלענדיג דערבּײַ מיט דער האַרפֿע פֿרעהליכֿע ליעדער, אויסלאַכֿענדיג זיך פֿון אַ טרויעריגען מאָרגען.

ווי נאָר אַ פֿאָלק דערגרייכֿט אין זײַן ענטוויקלונג צו אַזאַ מדרגה, אַז מען בּעטראַכֿט שוין זאַכֿען און מעשים, נישט בּלויז טאַפּענדיג מיט׳ן אונזיכֿערען אינסטינקט, נאָר אורטיילענדיג מיט׳ן געזונדען פֿערשטאַנד, און ווען די רייכֿע ערפֿאַהרונג פֿון פֿאָלק לערנט איהם צו בּעטראַכֿטען די געשעהענישען ווײַט און בּרייט איבּער דער קליינער שפּאַן צײַט פֿון דער געגענוואַרט, הויבּען זיך אָן בּײַ׳ם פֿאָלק צו דיפֿערענצירען, אויסטיילען זיך בּעזונדערע קלאַסען: די געבּילדעטע קלאַס און די אונבּעוואוסטזיניגע פֿאָלקס־מאַסע. בּיידע דאָזיגע קלאַסען האָבּען די זעלבּיגע שפּראַך, די זעלבּיגע געוואָהנהייטען, אַ יין געמיינזאַם נאַציאָנאַל געפֿיהל, אַ געמיינזאַמע אָבּשטאַמונג, ווי אויך שותּפֿות׳דיגע נאַציאָנאַלע זכרונות; אָבּער דער געדאַנקענגאַנג, די אַנשויאונגען, די אידעאַלען און שטרעבּונגען זענען שוין בּײַ בּיידע קלאַסען אַזוי פֿערשידען, אַז מען האָט געקאָנט מיינען, דאָס זיי געהערען צו צוויי פֿערשידענע נאַציעס. אַזוי איז עס שוין געוועזען איצט אויך אין דער מלוכה פֿון יהודה. די געבּילדעטע פֿאָלקס־קלאַס, וועלכֿע האָט געוואָהנט אין דער הויפּט־שטאָדט, איז דערוועקט און ענטוויקעלט געוואָרען דורך די פּאָליטישע געשעהענישען און די וויכֿטיגע ערשײַנונגען אין גײַסטיגען לעבּען; זי איז דעריבּער געשטאַנען פֿיעל העכֿער פֿאַר דער בּעפֿעלקערונג פֿון די קלענערע שטעדט, אָדער פֿונ׳ם לאַנד, וואָס פֿלעגט זיך מייסטענס בּעשעפֿטיגען אַ יאָהר נאָך אַ יאָהר מיט לאַנד־אַרבּײַט און איז זיך געבּליבּען איינפֿאַך און פּראָסט. די אײַנוואָהנער פֿונ׳ם לאַנד, די פּראָווינצער און דאָרפֿסלײַט, האָבּען גאַנץ ווייניג געוואוסט וועגען די גרויסע וועלט־געשעהענישען און נאָך ווייניגער האָבּען זיי פֿערשטאַנען זיי. די געבּילדעטערע קלאַס אין דער הויפּט־שטאָדט, דער אַדעל, איז אָבּער שוין געוועזען צופֿיעל פֿערשפּיצט און פֿערפֿײַנערט. מיט אַ שטאָלצער גדלות האָט ער גערעדט וועגען זײַן חכמה און געניטקײַט און האָט געמיינט, אַז מען בּרויכֿט איהם שוין גאָרנישט צו לערנען. „מיר זענען אַליין אויך קלוג — פֿלעגען די אַדעל־לײַט זאָגען — און גאָט׳ס תּורה איז בּײַ אונז“. צו אָט די לײַט האָט ירמיהו געמוזט זאָגען: „דער חכם דאַרף זיך נישט בּערימען מיט זײַן הכמה, דער מוטיגער דאַרף זיך נישט בּערימען מיט זײַן מוטיגקײַט און דער רייכֿער — נישט מיט זײַן עשירות“. דערמיט האָט דער נביא געוואָלט זיי אָנווײַזען, אַז אומזיסט מיינען זיי, דאָס זיי זענען שוין געזיכֿערט פֿאַר אַ פֿעהלער און ווייסען שוין אַלץ. צווישען די אײַנוואָהנער פֿון לאַנד און פֿון דער הויפּט־שטאָדט האָט אויך געהערשט אַ געוויסע בּעציהונג פֿון קנאָה און שנאָה: די אײַנוואָהנער פֿונ׳ם לאַנד האָבּען נישט געקאָנט פֿערטראָגען די גדלות פֿון די ירושלים׳ער אײַנוואָהנער און זייער שטאָלץ; ס׳איז אויסגעוואַקסען פֿון דאָס נײַ די אַלטע שנאָה צווישען יהודה און בּנימין אין אַ נײַער פֿאָרם.

שען די ירושלים'ער מיוחסים איז אויסגעוואקסען א „מצרים'ער פארטיי", וועלכע האט געפאדערט, אז מען זאל אבפאלען פון נבוכדנצר'ן און שליסען א בונד מיט מצרים. עפענטליך האבען זיי זייער פריינדשאפט פאר מצרים נישט געטארט ארויסווייזען, האבען זיי דאס ארויסגעוויזען דאדורך, וואס זיי האבען ווידער אנגענומען דעם מצרים'ער קולט פון'ם אקס אפיס. אין איינע פון די פרעכטיגסטע געביידעס, וואס איז געווען ביי'ם בית המקדש, האבען זיי אריינגעבראכט די בילדער פון די פערגעטערטע חיות פון מצרים און גערייכערט פאר זיי קטורת.

אבער אויך פון א צווייטער זייט האט מען אנגערעדט יהודה אבצופאלען פון נבוכדנאצר'ן — פון פעניקיען און פון די איבריגע קליינע פעלקער. דער קעניג פון צור, אתבעל, האט זיך ארומגעטראגען מיט א פלאן צו פערבינדען אלע קליינע פעלקער געגען בבל. צו זיין בונד זענען שוין צוגעשטאנען אדום, עמון און מואב; איצט האט ער אויך געדארפט געווינען פאר'ן דאזיגען פלאן דעם קעניג צדקיהו.

און נאך פון א דריטער זייט האט מען אנגערעדט, צו מאכען דעם אויפשטאנד: די אידען, וועלכע זענען פערטריבען געווארען צוזאמען מיט יהויכין קיין בבל, האבען נישט איבערגעריסען זייערע בעציהונגען מיט זייער פאטערלאנד, און פלעגען אפט שיקען אהיים בריעף און שלוחים. איצט האבען זיי אנגעהויבען איינצורעדען די ירושלים'ער איינוואהנער, צו מאכען א בונד געגען נבוכדנצר, וויל זיי האבען געהאפט, אז נבוכדנצר'ס ארמעע וועט אפשר האבען א מפלה, און זיי וועלען דאדורך פריי ווערען פון גלות און קאנען קומען צוריק אהיים.

אין פירטען יאהר פון צדקיהו'ס רעגירונג (663 פאר'ן צווייטען חורבן) זענען געקומען קיין ירושלים אין דער זעלביגער צייט שלוחים פון פערשידענע לענדער, וועלכע האבען געוואלט בעוועגען צדקיהו'ן צו ברעכען זיין שבועה, וואס ער האט געגעבען נבוכדנצר'ן, צו זיין איהם געטריי. דאס זענען געווען די שלוחים פון עמון, מואב, אדום און פון צור און צידון. זיי האבען אנגעווענדעט זייער גאנצע רעדנערישע קונסט איבערצורעדען דעם וויינקלמוטיגען צדקיהו צוצושטעהן צו זייער בונד געגען נבוכדנאצר'ן; דערביי האבען זיי איהם געמאכט די גלענצענדסטע הבטחות. יהודה האט געקאנט שטאלץ זיין דערויף, וואס אזוי פיעל מלוכות האבען איצט געזוכט איהר פריינדשאפט און געשיקט צו איהר שלוחים. אבער דער נביא ירמיהו איז דערפון וועניג וואס נתפעל געווארען, דען ער האט געוואוסט, אז דאס שטאמט נישט דערפון, וואס יהודה איז באמת שטארק געווארען, און ער האט אויך געזעהען מיט זיין נביאיש אויג, וואס פאר אן'אונגליק דער אויפשטאנד וועט ברענגען אויף אידען. ער האט דעריבער געהאלטען פאר זיין חוב צוווארענען, אז מען זאל זיך נישט דערוועגען צוצוטרעטען צום בונד געגען בבל; ער האט אויך דערוויזען די אידישע פערטריבענע אין בבל, אז זייער האפנונג,

רעדען אַ וואָרט געגען די שרים. צדקיהו האָט פערלאַנגט צו טהון גוט'ס; ער האָט נישט ליעב געהאַט די געצענדיענערײַ, און די מאָראַלישע פערדערבונג איז איהם געוועזען צווידער; ער האָט אויך גערן אויסגעהערט דעם נביא ירמיהו. ער האָט אָבער נישט געהאַט די קראַפט אַרויסצוטרעטען געגען די מיוחסים און עטוואָס אונטערצונעהמען געגען זייערע מעשים. אין דער ערשטער צײַט, באַלד נאָכדעם ווי מען האָט אָבגעפיהרט געפאַנגען דעם קעניג יהויכין מיט זײַן מוטער און די שרים פון ירושלים קיין בבל, זענען אַלע געוועזען אזוי ניעדערגעשלאָגען, אַז מען האָט אפילו גאָרנישט אָנגעהויבען טראַכטען וועגען אָבפאַלען צוריק פון בבל. אַלע האָבען געלעבט אין איין אימה, אַז די שרעקליכע געשעהענישען זאָלען זיך נישט ווידער איבערחזר'ן. דעריבער איז אין די ערשטע יאָהרען פון צדקיהו'ס רעגיערונג אַלץ געוועזען לויט דער אַלטער אָרדנונג. די געצענדיענערײַ, די אונגערעכטיגקײַט, דאָס רודפ'ן די אָרעמע לײַט און דריקען זיי מצד די רײַכע—אַלץ איז געבליעבען, ווי אין יהויקים'ס צײַטען. נאָך דאָס רודפ'ן די פאַרטיי פון די נביאים האָט אויפגעהערט, ווײַל צדקיהו איז געוועזען מילדער פאַר יהויקים'ן און האָט נישט געלאָזט אָנווענדען קיין גוואַלדטהאַטען. ער האָט אויך אין טיעפען הארצען געהאַט אמונה אין ירמיהו'ס נבואָה, און ירמיהו האָט נישט אויפגעהערט צו שטראָפען און ערקלערען, אַז מען מוז זיך צופריעדענשטעלען מיט דער אונטערטעניגקײַט בײַ'ם מלך בבל און נישט מאַכען קיין שום פלענער וועגען אַנ'אויפשטאַנד, כדי אז מען זאָל קאָנען לעבען ווײַטער אין'ם לאַנד.

ביסלעכווײַז אָבער האָבען די שרים אָנגעהויבען צוריקצוקעהרען זיך צו זייער אַלטער געוואָהנהײַט, גרויס־פּאָליטיק צו פיהרען. ס'איז זיי נמאס געוואָרען דאָס רוהיגע לעבען אָהן דער מעגליכקײַט צו געוועלטיגען אינגאַנצען איבער'ן פאָלק, לויט זייער איינציגען פערלאַנג, נישט רעכענענדיג זיך מיט דער מאַכט פונ'ם קעניג פון בבל. זיי האָבען דעריבער אויפגעטהון דעם פלאַן צו מאַכען אַנ'אויפשטאַנד געגען בבל און אַרײַנגעצויגען דאַדורך דעם קעניג און דאָס פאָלק אין אָבגרונד פון עלענד און יאָמער. אַ שרעקליכער שגעון האָט אַרומגענומען די שרים, און זיי האָבען נישט געוואָלט הערען די וואָרנונגען פון דעם נביא, נאָר געלאָזט זיך פערפיהרען פון די אונטערהעצונג מן הצד, אויפצוהויבען די פאָהן פון אויפשטאַנד געגען נבוכדנצר. צוערשט איז עס געוועזען דער אַלטער „גוטער פרײַנד" פון יהודה — מצרים. דאָרט האָט איצט געקעניגט פסאַמעטיך דער צווייטער, אַ זוהן פונ'ם קעניג נכה, וועלכער איז אויך אַזוי פאַלש און בעטריגעריש געוועזען, ווי זײַן פאָטער; ער האָט געמאַכט תמיד די גלענצענדסטע הבטחות, שליסענדיג מיט עמיצען אַ בונד, און האָט זיי קיינמאָל נישט געהאַלטען. פאַר יהודה איז ער געוועזען, ווי איין נביא האָט איהם גאַנץ ריכטיג בעצייכענט, „אַ צובראָכענער שטעקען, וואָס אויב מען שפאַרט זיך אויף איהם אָן, פערוואונדעט מען זיך און מען פאַלט". צווי־

צדקיהו האט מיט זיין שוואכקייט לאנג נישט געקאנט בייםטעהן די איבערעדונגען פון די פרעמדע מלכים, בעזונדערס, פון מצרים, ווי אויך די לייזדענשאפטליכע פאדערונגען פון די שרים פון יהודה, וועלכע האבען גע'טענה'ט, אז די ישועה איז נאהענט, אויב גאנץ יהודה וועט זיך נאר אויפהויבען, ווי איין מאן. צדקיהו האט זיך אלזא געלאזט פערשלע־פען אין דעם געוואלדיגען שטראם און ענטזאגט זיך, צו שיקען נבוכדנצר'ן דעם יעהרליכען אבצאהל; דערמיט האט ער געבראכען זיין שבועה און אבגעפאלען פון בבל (661 פאר'ן צווייטען חורבן).

אט אזוי איז געווארפען געווארען דער גורל, וועלכער האט געדארפט בעשליסען וועגען דער גאנצער צוקונפט פון יהודה און פון אידישען פאלק. די גרעסטע האפנונג האבען די איינוואהנער פון ירושלים געהאט אויף די איבערנאטירליכע גייסטיגע קראפט, וועלכע ירושלים בעזיצט. אויף די וואונדער, וועלכע גאט טהוט מיט איהר. אין דער גאנצער צייט, וואס מען האט זיך צוגעגרייט צו דער מלחמה, האט מען ירמיהו'ס שטים נאך ווע־ניגער געהערט. אין דער ערשטער צייט האט מען טאקי געקאנט מיינען, אז די פאלשע נביאים זענען גערעכט, ווייל נבוכדנצר האט זיך נישט גע־איילט צו שיקען זיין ארמעע צו ירושלים און בעשטראפען דעם מלך צדקיהו'ן פאר'ן עובר זיין אויף זיין שבועה. העכער א יאהר איז אריבער־געגאנגען, איידער ער איז ארויסגעטראטען מיט זיין ארמעע, און דערנאך איז ווידער אריבער א יאהר, איידער ער איז געקומען צו ירושלים.

אין ירושלים האט געהערשט אויסגעלאסענע פרעהליכקייט אין די פאר יאהר, וואס די חאלדייאישע ארמעע האט זיך נאך נישט בעוויזען אין יהודה. אונטער די אידען, וואס האבען געלעבט אין גלות אין בבל, איז די פרייד געווען נישט ווענינער גרויס, חאטש מ'האט זי דארט נישט געטארט ארויסווייזען. די הארץ-קלעמעניש נאך דעם אייגענעם לאנד און דער לייזדענשאפטליכער פערלאנג, צו קומען צוריק אהיים און פערנעהמען דארט די אמאליגע הויכע שטעל, האט געמאכט פאר זיי פון דער ווייטער אויסזיכט אויף א בעפרייאונג—א פעסטע האפנונג, און פון דער האפנונג—א ווירקליכקייט. זיי האבען שוין באמת געגלויבט, אז זיי וועלען אין גי־כען אויסגעלייזט ווערען, און זייער פעסטען גלויבען האבען זיי איבערגעגע־בען זייערע ברידער אין ירושלים דורך בריעף און שלוחים; אזוי ארום האט מען גארנישט געקאנט רעדען וועגען איבערלעגען די לאגע רוהיג אדער בעטראכטען, וואס מען דארף, וועניגסטענס, אונטערנעהמען.

אבער דא איז ארויסגעטראטען צווישען די פערטריבענע אידען אין גלות אנ'אמת'ער נביא, וועלכער האט געדארפט, נאך גרויסע קאמפפען און אינערליכע נסיונות, דורכברעכען דעם וועג פאר דער ריינער גאטעס וויסענשאפט און דעם הויכען געדאנק צווישען די אידען אין גלות. דאס איז געווען יחזקאל, דער זוהן פון בוזי הכהן (געבוירען 690—געשטאר־בען 640 פאר'ן חורבן). דאס איז געווען א מענש מיט א שטארק אנציהענ־

אויסגעליזט צו ווערען פון גלות דורך אנ'אויפשטאנד, איז א פוסטע האפנונג און זיי דארפען זיך נישט לאזען פערפיהרען דורך די פאלשע נביאים, וועלכע רעדען זיי איין, אז זייער הילף איז נאהענט. צו די שלוחים פון די פערשידענע מלכים האט ער צו יעדען געשיקט א בעכער ווין, אנוויזענדיג זיי דערמיט, אז זיי וועלען אלע מוזען טרינקען דעם גיפט־בעכער פון נבוכדנצר'ס האנד. אויסער דעם האט ירמיהו געשיקט צו זיינע ברידער, די אידען, אין בבל, פאלגענדען בריעף: „בויט זיך הייזער און וואהנט אין זיי, פלאנצט וויינגערטנער און גענייעסט זייער פרוכט; נעהמט אייך פרויען, זאלען זיי אייך געבוירען זיהן און טעכטער; נעהמט פרויען אויך פאר אייערע זיהן און גיעט אויס אייערע טעכטער דארט אין דער פרעמד, און זאלען זיי זיך מעהרען און נישט מינדערען. זארגט אויך פאר'ן וואוילשטאנד פון דער שטאדט, וואוהין איהר זענט פערשיקט געווארען, וויל אייער וואוילשטאנד איז פערבונדען מיט איהרען. לאזט זיך נישט איבערעדען און פערפיהרען דורך אייערע פאלשע נביאים און שווינדלער... וויל זיי זאגען אייך פאלש אין גאט'ס נאמען... ערשט אין זיבעציג יאהר ארום וועל איך אייך צוריקברענגען קיין יהודה".

ווען דער דאזיגער בריעף איז ערהאלטען געווארען אין בבל, האט איינער פון די דארטיגע אידישע פאלקס־פערפיהרער, שמעיה הנחלמי, געשיקט א בריעף צו די שרים אין ירושלים און אנגעקלאגט ירמיהו'ן, אז ער איז א פאלקס־פעררעטער, וויל ער רעדט אן די אידישע פערטריבענע, צו בעזעצען זיך אויף שטענדיג אין בבל און מיאש צו זיין זיך אינגאנצען פון יהודה און ירושלים. שמעיה האט אויך געמאכט א ביטערען פאר־וואורף דעם אויפזעהער אויפ'ן בית המקדש, דעם כהן צפניה, פארוואס ער שרייט נישט אן אויף ירמיהו'ן און דערלאזט איהם פריי צו האלטען זיין נבואה, שמעיה הנחלמי פאדערט פון צפניה'ן, אז ער זאל זעהר שטרענג זיין געגען ירמיהו'ן און די איבעריגע נביאים, וואס האלטען מיט איהם צוזאמען און פיהרען זיך, ווי די משוגעים; מען דארף זיי פער־האלטען און אפשר גאר אויך פייניגען. אין ירושלים האבען זיך דאמאלס געפונען פיעל מענשען, וועלכע האבען איינגעשטימט מיט די שווינדלער פון שמעיה'ס חברים אין בבל. די דאזיגע פאלשע נביאים פלעגען האלטען אין איין טענה'ן: „איך האב א חלום געזעהען" און דערביי פלעגען זיי דערצעהלען אלע זייערע חלומות וועגען די גרויסע גליקען, וואס שטעהען פאר יהודה, אויב זי וועט מאכען דעם אויפשטאנד געגען בבל'ס יאך. צוליעב דעם דאזיגען ווילדען געשפילדער האט מען ירמיהו'ס שטים גע־הערט אלץ ווייניגער, און ירמיהו'ן איז נאר געבליבען איבריג צו טרוי־ערן ביטערליך אויף דער אלגעמיינער פערבלענדעניש: „וועגען די נביאים איז מיין הארץ אין מיר געבראכען, עס שוידערט מיין גאנץ וועזען, איך בין ווי שכור געווארען, ווי א מענש, וואס דער ווין האט איהם דורכגע־נומען".

נער וועלען געצוואונגען זיין צו עסען זייער ברויט אויפ'ן וואג און מיט דאגה, און וואסער וועלען זיי טרינקען מיט א מאס און אין שרעקליכער בעטריבעניש... אז א גרויסער טייל פון פאלק וועט אומקומען אין פייער און פון שווערד, און דורך צושטערונג, און צושפרייט ווערען און אלע עקען וועלט, און נאר א קליינער טייל וועט איבריג בלייבען; עס וועט איבער'ן פאלק קומען אונגליק איבער אונגליק, און דער בית המקדש וועט אויך תרוב ווערען.

יח׳ נביא האט זיין דאזיגע שרעקליכע נבואה געזאגט מיט אזא טרויעריגער שטים און א צובראכען הארץ, אז מען האט אנגעהויבען גלויבען, דאס ער רעדט באמת אין גאט'ס נאמען. פון דאמאלס אן האבען צו איהם אנגעהויבען קומען די עלטסטע פון פאלק און פלעגען איהם שטעלען פערשיעדענע שאלות, און די, וועלכע זענען נאר צו איהם אין הויז אריינגעקומען און זיין רעדען געהערט, זענען שוין געווען צו איהם מיט לייב און זעעל צוגעבונדען, וויל זיין בערעדעוודיקייט און זיין זיסע שטים האבען געהאט א וואונדערליכע קראפט, וואס קיינער האט געגען איהר נישט געקאנט ביישטעהן. יחזקאל האט אפילו בכלל זיך געבילדעט נאך ירמיהו'ן, וועלכען ער האט זיך פאר א מוסטער גענומען, און זיין שפראך איז געווען אויך עהנליך צו ירמיהו'ס שפראך; אבער זיין לעבהאפטע פאנטאזיע און זיין דיכטערישער טאלענט איז געווען העכער פאר ירמיהו'ס. זיינע רעדעס זענען דעריבער געהויבענער, רייכער אין שענע אויסדריקען און זעהר אנציהענד, גאנץ אפט אויך קינסטלעריש געבויט און זעהר שפאנענד דורך די משלים, אלעגאריען און דעם לייכטען שפיעלען מיט'ן ווארט. ירמיהו'ס רעדעס זענען געווען קורצע, שארפע און קלארע, לויט'ן ענין, וועלכען ער האט געדארפט ארויסזאגען; זיינע בילדער זענען צארט און ווייך, זיינע געדאנקען עלעגיש, טרויעריג, דורכגעזאפט פון א ווייכען צוועהטאגטען געפיהל, מען זעהט, ווי ירמיהו גיעסט טרעהרען רעדענדיג, און בלוט רינט פון זיין הארץ. יחזקאל דאגעגען האט געליעבט צו רעדען באריכות; די בילדער, וועלכע ער האט געברויכט האט ער געשילדערט אלזייטיג, נישט אויסמיידענדיג אויך קיין הארטע אויסדריקען, אבי נאר צו געבען זיין געדאנק די בולט'ע פארם. דעריבער בלייבט ער אליין כמעט גאר קאלט און פעסט, און ווייזט נישט ארויס דעם צוהערער זיינע טיעפע וואונדען אין הארצען.

מיט'ן ערשיינען פון דעם דאזיגען רייכבעגאבטען נביא אין בבל הויבט זיך אן צווישען די דארטיגע פערטריבענע אידען אנ'ענדערונג אין זייער מאראלישען לעבען. אין זיינע רעדעס ווייזט אן דער נביא אויף די שענדליכע מעשים פונ'ם גאנצען פאלק, נישט שוינענדיג דעריבער נישט די קצינים נישט די שרים. דער נביא האלט זיך אויך נישט אב דורך א קליינליכער רחמנות און צושטערט איינגאנצען זייער האפנונג, אז די אידישע מלוכה זאל נאך קאנען האלטען זיך וויטער און איהר אינצייגען

דער רעדנערישער קראַפט, מיט אַ לעבעדיגער, שענער און העלסט ריינער
פּאָעזיע, מיט אַ זיסער, האַרציגער שטים, אַ מעגיש מיט שטאַרקען מוט
און אויסגעהאַלטענקייט. דורכגעדרונגען מיט אַ הויכען אידעאַל, וועלכעס
דאָס אידיש׳ע פאָלק האָט געהאַרפט פערווירקליכען אין דער צוקונפט. ער
איז געקומען מיט די פערטריבענע, צוזאַמען מיט׳ן קעניג יהויכין קיין בבל,
און האָט געוואָהנט אין „תל אביב“, נעבען דעם גרויסען קאַנאַל כבר,
וועלכען נבוכדנאצר האָט געבויט, כדי צו פעראייניגען די טייכען עפראַט
און טיגריס. דאָ האָבען געוואָהנט פיעל אַנגעזעהענע משפחות פון די אי־
דישע פערטריבענע. און זיי האָבען דאָ געהאַט אַ פאָלקאָמע פרייהייט; די
געמיינדע האָט זיך געפיהרט, לויט איהרע אַלטע מנהגים, וועלכע זי האָט
מיטגעבראַכט פון דערהיים, און קיינער האָט איהר ניט געשטערט דערין.
אין דער דאָזיגער געמיינדע האָט יחזקאל געלעבט עטליכע יאָהר גאַנץ רו־
היג און געפיהרט אַ פאַמיליען־לעבען מיט זיין פרוי אין זיין אייגענעם הויז.
אָבער פּלוצלונג האָט ער בעקומען „זעהונגען“. ווי ער דערצעהלט, האָט
זיך פאַר איהם „דער הימעל געעפענט און ער האָט געטליכע ערשיינונגען
געזעהען“. תחלת האָט דאָס שרעקליכע ערהאַבענע „געזיכט“, וואָס האָט
זיך פאַר איהם בעוויזען, ניט געווירקט אויף איהם דערהויבענד, נאָר
עס האָט איהם איבערגעשראָקען און גאַנץ צובראָכען. ווי אַ צומישטער,
האָט ער זיך אומגעקעהרט צוריק אהיים צו די פערטריבענע ברידער און
איז געזעסען צווישען זיי זיבען טעג, ניט „רעדענדיג מיט קיינעם קיין
וואָרט און גאַנץ צושטערט“. דאַן האָט ער אַנגעהויבען דערצעהלען די
ערומיגע אידען וועגען זיין זעהונג. דערביי האָט ער ערקלערט, אַז מען
האָט איהם בעפוילען נבואה צו זאָגען עטוואָס שרעקליכעס, ניט אַזוי,
ווי די פאַלשע נביאים, וועלכע האָבען אַלעמען אומזיסט געטרייסט. יחזקאל
האָט דערצעהלט, אַז גאָט האָט איהם געזאָגט: „איך האָב דיך געמאַכט
פאַר אַ וועכטער ביי׳ם אידישען פאָלק; וואָס דו וועסט פון מיר הערען,
מוזטו איהם איבערגעבען און מזהיר זיין... דו זאָלסט רעדען שאַרף מיט
די זינדיגע עלטערען, האָטש זיי שטעהען געגען דיר ווי די דערנער... האָב
פאַר זיי ניט מורא, דען זיי זענען פון אַ ווידערשפּעניג הויז“. די דאָזיגע
ערשטע רייד פון׳ם נביא האָבען איהם באַלד געקאָסט טייער. מען האָט
זיך מיט איהם בעגאַנגען, ווי מיט אַ משוגענעם: מען האָט געבראַכט
שטריק, געבונדען איהם און פערבאָטען עפענטליך צו רעדען. דער נביא
איז אַזוי איבערגעבליבען אין תפיסה, טיילס געגען זיין ווילען און טיילס
מיט זיין אייגענעם ווילען, פיער הונדערט מיט דרייסיג טעג. אין דער
דאָזיגער לאַנגער צייט האָט ער געטהון פערשידענע מעשים, וועלכע
האָבען געהאַט אַ סימבאָלישע בעדייטונג און געמוזט פאָרקומען אונפער־
שטענדליך פאַר זייטיגע מענשען, צוליעב זייער אונגעוואָהנליכקייט. אָבער
ווען מען האָט ביי איהם געפרעגט, וואָס עס בעדייטען די דאָזיגע מעשים,
האָט ער ערקלערט, אַז ירושלים וועט בעלאַגערט ווערען, און די איינוואָה־

א מויער־וואנד, פערהילט זיין פנים און געטראגען זיין בינטעל קליידער און זאכען אויף זיינע אקסלען. ווען מען האט איהם געפרעגט, וואס דאס בעדייטעט, האט ער געענטפערט, אז ער בעווייזט זיי א בילד פון דער נאהענטער צוקונפט פון פאלק יהודה מיט זיין קעניג.

מיט יעדער נייער רעדע איז אלץ מעהר געוואקסען דער גוטער נאמען פונ'ם נביא און זיין גרויסקייט אין די אויגען פון פאלק, וואס איז געוועזען מיט איהם צוזאמען אין גלות. יענע זקנים, וועלכע האבען אליין איהם פריהער געלאזט בינדען מיט שטריק און געפייניגט, זענען איצט געקומען צו איהם אפט, כדי צו פרעגען, וואס וועט זיין דער סוף פון דער מלחמה ארום ירושלים, וועלכע זיי האבען בעאבאכטעט מיט דער גרעסטער שפאנונג. זיי זענען געקומען צו איהם אויך אפילו מיט זייערע געצען־בילדער אויפ'ן הארצען, כדי איהם אויסצופרעגען. דאן האט דער נביא איין מאל ערקלערט, אז ער וועט נישט ענטפער'ן יענע, וועלכע וועלען זיך בעווייזען פאר איהם עפענטליך אלס געצענדיענער. ווי עס שיינט, האט די דאזיגע דראהונג געווירקט, דען די זקנים פלעגען נאך שפעטער אויך קומען צום נביא און ער פלעגט מיט זיי שמועסען און זיי אפט זאגען אזעלכע זאכען, וועלכע זענען פאר זיי גאר נישט ליעב געוועזען.

סוף כל סוף איז געקומען נאהענטער דער שרעקליכער מאמענט: נבוכדנצר, וועלכער האט זיך א לאנגע צייט געהאלטען שטיל און רוהיג, איז ענדליך ארויסגעטראטען מיט זיין ארמעע, כדי צו בעשטראפען די פעלקער, וועלכע זענען אויפגעשטאנען געגען איהם, און צו בעגעהן זיך מיט זיי, ווי מיט געמיינע אבגעפאלענע קנעכט. געקומען צו דער געגענד פון לבנון אדער פון ירדן, האט נבוכדנצר זיך אבגעשטעלט פאר דער פראגע: וואוהין זאל ער געהן פריהער, צי אויף עמון אדער אויף יהודה? די דאזיגע פראגע האט געדארפט פערענטפערט ווערען דורך א גורל. ער האט אבגעשאסען פיילען מיט די נעמען פון עמון און יהודה, ער האט געפרעגט ביי זיינע היימישע אבגעטער און אויך געפרובט טרעפען אויף דער לעבער פון די געבראכטע קרבנות. דער גורל איז געפאלען צוערשט אויף ירושלים.

ווי עס שיינט, האבען די שכנות'ע פעלקער פון יהודה, וועלכע האבען די ערשטע אנגערעדט צו מאכען דעם אויפשטאנד, אויך די ערשטע זיך אונטערגעגעבען נבוכדנצר'ן, און געקראכען קנעכטיש פאר'ן פיינד, ווי נאר ער איז צוגעקומען נאהענטער צו זייער לאנד. אדום האט נאך דערביי אויך פערנומען א פיינדליכע שטעלונג געגען יהודה און מיטגעהאלפען נבוכדנצר'ן צו קעמפפען געגען איהר. צור (פעניקיען) איז אליין געוועזען אין א געדריקטער לאגע און האט קיין הילף נישט געקאנט שיקען דעם מלך צדקיהו. יהודה איז אלזא אויסגעקומען צו ווארטען אויף הילף נאר פון מצרים, אבער די דאזיגע מלוכה האט, ווי איהר

יאָמערליכען צושטאַנד. קלאָר און דײַטליך װײַזט ער אָן זײַנע צוהערער דעם װעג, װי אַזוי אָנצוהויבען פיהרען אַ בעסער לעבען. װי ירמיהו, זאָגט אויך פּאַראויס יחזקאל, אַז די אידישע הילף און זײער אויסבעסערונג װעט אַרויסקומען נישט פון די גאַנץ אויסגעלאָסענע און פערדאָרבענע אידישע אײַנװאָהנער אין ארץ ישראל, נאָר פון די גלות־אידען אין בבל. דעם עצם מהות פון דער ענדערונג צום גוטען, װאָס דאַרף פּאָרקומען אין אידישען פּאָלק, בעצײכענט דער נביא דאָדורך, װאָס אידען װעלען בעקומען אַ נײַ האַרץ מיט אַ נײַען גײַסט. דער נביא שטעלט זיך נישט אָב בלויז בײַ'ם זאָגען מוסר, אַז זײ זאָלען אַ נײַ האַרץ און אַ נײַען גײַסט אין זיך אויסאַרבײַטען, נאָר ער איז זײ אויך מבטיח, אַז זײער פערשטײנערטע האַרץ װעט װערען װײך, לעבעדיג און פיהלענד — אַ האַרץ פון פלײש. דער נביא פון גלות האָט דער ערשטער אַרויסגעזאָגט קלאָר דעם געדאַנק, אַז דאָס אידישע פּאָלק װעט נײַ אויפלעבען, נאָכדעם װי עס װעט קומען צו דער פולער איבערצײַגונג, אַז זײַנע פריהערדיגע מעשים האָבען איהם געפיהרט צום פערדערבען, און װען עס װעט אָנהויבען פערשטעהן דעם אמת'ען מהות פון זײַן גאָט. דאָס נײַ־אויפגעלעבטע אידישע פּאָלק אין גלות װעט דינען פאַר אַ גוטען בײַשפּיעל פאַר אַלע איבריגע אידען אויך אין ארץ־ישראל.

דעם דאָזיגען געדאַנק זאָגט אַרויס דער נביא שאַרף פאַר די אידישע עלטסטע, באַלד, װי זײ זענען געקומען איהם בעזוכען צום ערשטען מאָל; דער נביא הזר'ט אויך איבער דעם געדאַנק פיעל מאָל אין פערשידענע פאָרמען: „גאָט האָט זיך אָבגעזאָגט פון יהודה און ירושלים, דאַגעגען די פערטריבענע אידען װעט ער מאַכען פאַר'ן פונדאַמענט, פאַר'ן זיכער־רען יסוד פונ'ם נײַען פּאָלק". און װעהרענד די אײַנװאָהנער פון ירושלים, אפילו אויך די בעסערע, װעלכע זענען געשטאַנען נאָהענט צו די נביאים און זײער קרײַז, האָבען פעסט געגלויבט, אַז ציון, גאָט'ס שטאָדט און גאָט'ס בית־המקדש, װעלען זײַן אַן'אײַביגער אָרט, װאו אידען װעלען זיך קאָנען בעשיצען פאַר'ן פײַנד, װײל קײן פײַנד און קײן אונגליק קאָנען זײ דאָרט נישט אָנריהרען, האָט יחזקאל ערקלערט, אַז די שטאָדט און דער מקדש זענען אינגאַנצען פערלאָזען, און גאָט געפינט זיך מעהר נישט אין בית־המקדש, נאָר מיט די פערטריבענע אידען אין בבל.

פערקעהרט אָבער, די שרים פון יהודה, די מיוחסים, װעלכע זענען אין בבל פערטריבען געװאָרען, האָבען געלעבט איצט מיט דער האָפנונג, אַז ס'איז נאָהענט די צײַט, װען זײ װעלען זיך צוריק אומקעהרען אַהײם, און דאָס װאָס צדקיהו איז אָבגעפאַלען פון נבוכדנצר, האָט זײ בעזונ־דערס געשטאַרקט אין דער דאָזיגער האָפנונג. די דאָזיגע האָפנונג האָט דער נביא יחזקאל צושטערט דורך זײַנע רעדעס און סימבאָלישע צײ־כענס. ער האָט אָנגעטהון קלײדער פון אַ געפאַנגענעם און פלעגט אין זײ אַרומגעהן בײַטאָג; בײַנאַכט האָט ער זיך אונטערגעגראָבען אונטער

קומען זי בעלאגערן. ווי נאר ס'איז פאראיבער די שרעק פון דער בעלאגערונג, האבען די „קצינים, עשירים און שרים" זיך ווידער גענומען דריקען דאס ארימע פאלק; די נישט לאנג בעפרייטע קנעכט און דינ־סטען האט מען ווידער געצוואונגען צו טהון שווערע ארבייט און צו דערנידעריגען איהר מענשליך רעכט, נישט קוקענדיג דער־רויף, וואס מען האט פריהער געשלאסען פייערליך א בונד און געשווארען שוין נישט צו צווינגען מעהר די אייגענע אידישע ברידער צו זיין קנעכט. די דאזיגע הארטהערציגקייט און אייגענניציגקייט האט שטארק געקרענקט דעם נביא ירמיהו, און ער האט געהאלטען פאר'ן קעניג און די שרים א געוואלדיגע שטראף־רעדע, אין וועלכער ער מאכט זיי א בי־טערען פארוואורף פאר זייער ברעכען די שבועה: „איך וועל פריי לאזען אויף אייך — זאגט גאט — דאס שווערד, די מגפה, דעם הונגער און איהר וועט ווערען א שרעק־בילד פאר אלע מלוכות פון דער וועלט". דער־ביי האט ירמיהו נבואה געזאגט, אז די חאלדייער וועלען צוריקקומען, די שטאדט איינגעהמען און פערניכטען. די פערבלענדעטע איינוואהנער וועלען אומקומען אין פייער און פון שווערד. ווי עס שיינט, האט דער מלך צדקיהו געגלויבט אין דער נבואה פון ירמיהו'ן, דען ער האט גע־שיקט צוויי פון זיינע שרים און דעם אויפזעהער איבער'ן בית־המקדש, צפניה, דעם זוהן פון מעשיה, צו ירמיהו'ן, אז ער זאל גאט בעטען, דאס די חאלדייער זאלען זיך מעהר צוריק נישט אומקעהרען צו ירושלים; ירמיהו האט דערויף געענטפערט פאלגענדעס: „אויב איהר וועט אפילו אויס'הרג'ענען די גאנצע חאלדייאישע ארמעע, און עס וועלען פון איהר בלייבען בלויז עטליכע פערוואונדעטע, וועלען אט די לעצטע קומען און אונטערצינדען די שטאדט".

אויב פיעל שרים פון יהודה זענען שוין פריהער אויך געווען געגנער פון ירמיהו'ן, זענען זיי איצט, נאך זיין לעצטער רעדע וועגען די קנעכט, געווארען זיינע דם־שונאים. ווען ירמיהו האט געוואלט ארויס־געהן פון שטאדט, כדי צו בעזוכען זיין געבורטס־שטאדט ענתות גלייך מיט די איבריגע אידען, וועלכע זענען, נאך דעם אבציהען פון נבוכדנצר, ארויסגעגאנגען פון שטאדט, כדי זייער היים צו בעזוכען, האט איהם פעסטגעהאלטען אן'אויפזעהער און געבראכט איהם צוריק אין ירושלים, בעשולדיגענדיג איהם, אז ער האט געוואלט אריבערגעהן צו די חאלדייער. אומזיסט האט ירמיהו גע'טענה'ט און זיך געשווארען, אז ער האט דאס גאר נישט געהאט אין זינען, מען האט איהם אבגעגעבען צו זיינע פיינד, די שרים, אין די הענד, פאר וועלכע דאס איז געווען אן'אמת'ע שמחה, וייל זיי האבען איצט געקאנט נקמה נעהמען אן איהם און אויסגיסען אויף איהם זייער גאנצען כעס. די שרים האבען בעהאנדעלט ירמיהו'ן, ווי א שפיאן און א פערראטער; זיי האבען איהם געשלאגען און אריינ־געווארפען אין דער תפיסה פון יהונתן דעם סופר, וועלכער איז געווען

שטייגער איז שטענדיג געוועזען, נישט געאײַלט זיך צו שיקען די צוגע־
זאָגטע הילף און בפרט נאָך אַרויסצוטרעטען אַליין די ערשטע געגען
בבל. פֿאַר נבוכדנצר'ן איז יעם דעריבער לײַכט געוועזען צו נעהמען דעם
גרעסטען טייל פֿון די אידישע בעפֿעסטיגטע שטעדט. דאַן איז די חאַל־
דייאישע אַרמעע צוגעקומען נאָהענטער צו ירושלים און אָנגעהויבען
פֿיהרען די בעלאַגערונג אויף איהר דעם צעהנטען טבת (658 פֿאַר'ן
צווייטען חורבן). ירושלים האָט זיך דערווײַל בעפֿעסטיגט און בעזאָרגט
זיך מיט עסענוואַרג און וואַסער אויף אַ לאַנגע צײַט. אָבער די אײַנ־
וואָהנער פֿון לאַנד זענען מיט זייערע ווײַבער און קינדער ענטלאָפֿען
פֿאַר'ן פֿײַנד קײַן ירושלים, און דעריבער האָט דאָס אָנגעגרייטע פּראָוו־
יאַנט געקאָנט קלעקען נישט אויף לאַנג. אויפֿ'ן בעפֿעהל פֿון קעניג, ווי
עס שײַנט, לויט ירמיהו'ס עצה, האָבען די עשירים און שרים בעפֿרײַט
זייערע אידישע קנעכט און דינסטען; מעגליך, אַז מען האָט דאָס גע־
טהון צוליעב דעם, כדי מען זאָל דורך די קנעכט קאָנען פֿערגרעסערען
די אידישע אַרמעע, וואָס האָט געדאַרפֿט פֿערטיידיגען די שטאָדט. די
אײַנוואָהנער פֿון ירושלים האָבען, ווי עס שײַנט, זעהר העלדיש זיך פֿער־
טיידיגט, דען די בעלאַגערונג האָט געדויערט כמעט אָנדערטהאַלבען
יאָהר (פֿון טבת 658 ביז אָב 656 פֿאַר'ן צווייטען חורבן). דער אָנפֿיהרער
פֿון די אידישע פֿערטיידיגונגס־מחנות איז געוועזען אײנער פֿון צדקיהו'ס
סריסים. דער קעניג אַליין האָט וועניג אַנטייל גענומען אין דער מלחמה;
ער איז נישט געוועזען דער אָנפֿיהרער נישט פֿון דער פֿערטיידיגונג, נישט
פֿון דער גאַנצער בעוועגונג פֿאַר'ן אויפֿשטאַנד.

אַ יאָהר צײַט האָט שוין כמעט געדויערט די בעלאַגערונג אַרום
ירושלים; אין משך פֿון דער דאָזיגער צײַט זענען פֿאָרגעקומען פֿיעל
צוזאַמענשטויסונגען צווישען די בעלאַגערער און די בעלאַגערטע, וועלכע
פֿלעגען אָפֿט אַרויסקומען פֿון שטאָדט און מאַכען אָנפֿאַלען אויף די
חאַלדייער, כדי צו שטערען זייער אַרבײַט בײַ'ם אײַנאָרדנען די בעלאַ־
גערונג, אָדער אָבצושוואַכען זיי. אַרום סוף דעם ערשטען יאָהר איז
אָבער פֿאָרגעקומען אַ נײַעס: דער קעניג פֿון מצרים, הפרע (Apries),
האָט בעשלאָסען, ענדליך, צו ערפֿילען זײַן הבטחה, וואָס ער האָט פֿיעל מאָל
געגעבען דעם אידישען קעניג, און האָט אַרויסגעשיקט אַנ'אַרמעע געגען
נבוכדנצר'ן. די אַרמעע איז, משמעות, געוועזען זעהר אַ גרויסע, דען די
חאַלדייער האָבען באַלד פֿערלאָזען די בעלאַגערונג פֿון ירושלים, כדי
אַרויסצוטרעטען געגען איהר (סוף ווינטער 656 פֿאַר'ן צווייטען חורבן).
אין ירושלים איז די שמחה זעהר גרויס געוועזען. ווי נאָר מען האָט גע־
עפֿענט די טויערען פֿון שטאָדט, האָט די גאַנצע בעפֿעלקערונג זיך אַ לאָז
געטהון פֿון שטאָדט אַרויס, כדי צו געניסען די פֿרײַהײַט, ווי אויך צו
בעזוכען די פֿעלדער, גערטנער און פֿרוכטגערטנער און אָנצוגרייטען נײַע
פּראָוויאַנט פֿאַר דער הויפּטשטאָדט אין פֿאַל, אויב דער פֿײַנד וועט ווידער

נביא'ס ביטע, שוין נישט געלאָזען אָבפיהרען איהם צוריק אין זיין שרעקליכער תפיסה אונטער יהונתן'ס אויפזיכט, נאָר ער האָט בעפוילען, אַז מען זאָל איהם געבען אַן אָרט אין קעניגליכען פאַלאַץ, אין „חצר המטרה", וואוהין מען האָט איהם טעגליך געשיקט פון דער קעניגליכער בעקערײַ אַ שטיק ברויט. דאָ איז ירמיהו געבליבען עטליכע חדשים. ער איז אפילו דאָ געווען אונטער דער אויפזיכט פון די בעאַמטע, דאָך האָט ער געהאַט די פרייהייט, אויפצונעהמען בײַ זיך געסט און פרײַנד און רעדען מיט זיי, וועגען וואָס ער האָט געוואָלט. זײַן געטרײַער תלמיד און בעגלייטער, ברוך בן נריה, איז ווידער געווען בײַ איהם.

די לאַגע פון די בעלאַגערטע און אײַנגעשלאָסענע אין ירושלים איז דערווײַל געוואָרען אַלץ גרויזאַמער. חוץ־דעם, וואָס דורך דער מלחמה זענען טאָג־טעגליך געפאַלען פיעל מענשען פון ירושלים, האָבען די אײַנוואָהנער אויך נאָך אָנגעהויבען לײַדען הונגער. אין שטאָדט האָט פערפעהלט ברויט, און מען האָט עס געמוזט שוין אָנהויבען אויסטיילען אין קלײַנע פאָרציעס אויפ'ן וואָג. באַלד איז שוין אָבער איבערגעבליבען אין שטאָדט גאַנץ ווענינג ברויט, און די אײַנוואָהנער האָבען אָנגעהויבען הונגערן. דער בלאַסער הונגער־טויט האָט טאָג־טעגליך אַרויסגעריסען נײַע קרבנות: „פון דרויסען — דאָס שווערד, אין שטאָדט — דער הונגער". די צאָהל פון די מתים און דער'הרג'עטע איז אַזוי גרויס געוואָרען, אַז מען האָט זיי אויפגעהערט צו בעגראָבען, און אין די הײַזער, ווי אויך אויף די גאַסען, האָבען זיך געוואַלגערט טויטע מענשען. צוליעב דעם הייסען זומער, האָבען זיי באַלד אָנגעהויבען פוילען און פערפעסטעט די לופט. אין שטאָדט האָט אויסגעבראָכען אַ שרעקליכע מגפה.

אַלע אֵימה'דיגע נבואות פון די נביאים אין אַ משך פון עטליכע הונדערט יאָהר, אַלע קללות, וועלכע זענען דערמאָנט געוואָרען אין דער תוכחה — אַלץ איז איצט מקוים געוואָרען וואָרט אין וואָרט. צאַרטע קינדער האָבען געבלאָנדזשעט אין די גאַסען און געזיפצעט מיט די לעצטע כחות: „אָה, גיעב אונז ברויט אַ שטיקעל, אַביסעל ווײַן" און דערבײַ פאַלען, ווי די שוואַלבען, אָהן כחות אין זייער מוטערס שוים. עלטערע און אָנגעזעהענע לײַט, וואָס פלעגען אַלע מאָל עסען נאָר דאָס שענסטע און בעסטע און געהן געקליידעט אין זײַד און פורפור, האָבען זיך איצט אַרומגעשלעפט אין די גאַסען, פערשמאַכטעטע און פער־חלש'טע, ווי די שאָטענס; קיינער וואָלט איצט אין זיי נישט דערקענט די אַמאָליגע לוסטיגע און פריש־געזונדע העררען; ערגעץ וואו אין אַ ווינקעל אונטער אַ וואַנד פלעגען זיי בלײַבען ליעגען אָהן כחות, ביז דער טויט פלעגט זיך אויף זיי דערבאַרימען. צו קבורה פלעגט זיי קיינער נישט ברענגען, די צאָהל פון די מתים איז אָהן זיי אויך גענוג גרויס געווען! ווי די נביאים און, בעזונדערס, יחזקאל, האָט פאָראויסגעזאָגט, האָבען איצט די עשירים געוואָלט געבען אוצרות געלד פאַר אַ שטיקעל

אַ מענש מיט אַן׳איַיזערנעם האַרץ, וואָס ווייס נישט פֿון קיין רחמנות און קיין מיטגעפֿיהל. דאָרט איז ירמיהו געבליבען אין אַן׳ענגער שמוּ־ציגער אונגעזונדער גרוב פֿיעל טעג. זיין שטרענגער אויפֿזעהער האָט צו איהם קיין מענשען נישט צוגעלאָזען, אפילו נישט זיינע קרובים, און עס האָט אויסגעוויזען, אז ער מיינט באמת איהם צו לאָזען אומקומען אין זיין עלענד, אָדער, וועניגסטענס, צו דערניעדריגען איהם אזוי, אז ער זאָל שוין מעהר נישט אַרויסטרעטען מיט זיינע שאַרפֿע רעדעס. דער׳הרג׳ענען אָבער האָבען איהם די שרים נישט געוואגט. זיבצענדיג אין דער דאָזיגער שרעקליכער גרוב, האָט דער נביא געקלאָגט אויף זיינע יסורים אין זיין טיעף־ריהרענד קלאָג־ליעד: „מען האָט מיך אַריינגעזעצט אין דער פֿינסטערניש, ווי אַן׳איוביג־געשטאָרבענעם; מען האָט אַרום־געצוימט אַרום מיך, און שווער געמאַכט מיינע קייטען; מיין לייב האָט מען מיר צוריסען, מיינע ביינער צובראָכען“...

נישט לאַנג האָט געדויערט די שמחה אין ירושלים. די אַרמעע פֿון די כאַלדייער האָט צושלאָגען די אַרמעע פֿון מצרים; איצט האָט שוין יהודה גאָרנישט געהאַט מעהר, פֿון וואַנען צו וואַרטען אויף הילף. די אַרומיגע פֿעלקער, אפילו אויך יענע, וועלכע האָבען אַ בונד גע־שלאָסען מיט יהודה, האָבען איצט נאָר אָבגעלאַכט פֿון איהר און האָבען זיך קוים געקאָנט דערוואַרטען דעם טאָג, ווען זי וועט שוין פֿאַלען. די כאַלדייער זענען באלד צוריקגעקומען און האָבען נאָך פֿעסטער אַרום־גערינגעלט ירושלים, כדי צו מאַכען גיכער מיט איהר אַן׳ענדע. איצט האָט שוין באמת אָנגעהויבען פֿאַלען דער מוט ביי די בעלאַגערטע. פֿיעל פֿון זיי האָבען שוין געטראַכט נאָר אַרויסצוראַטעווען זיך מיט לייב און לעבען, און פֿלעגען זיך אַרויס׳גנב׳ענען פֿון שטאָדט דורך די נישט־בעוואַכטע ערטער, כדי צו ענטלויפֿען קיין מצרים, אָדער איבערצוגעהן צו די כאַלדייער. דער קעניג צדקיהו אליין האָט זיך שוין אויך איבער־צייגט, אז ס׳איז געווען אַ ווילדער שגעון פֿון אזאַ קליינער, שוואַכער מלוכה, ווי יהודה איז, אונטערצונעהמען אַ מלחמה גענען דעם געוואַל־דיגען פֿיינד, נישט האָבענדיג נאָך דערצו מיט זיך אויך דאָס גאַנצע פֿאָלק, וועלכעס זאָל קעמפֿען מיט פֿייער און התלהבות פֿאַר זיין פֿרייהייט. די לעצטע האָפֿנונג האָט צדקיהו איצט געהאַט נאָר אויף ירמיהו׳ן; בשתיקה האָט ער געשיקט רופֿען דעם נביא צו זיך אין פּאַלאַץ אַריין. און ביי איהם געפֿרעגט, אויב ער האָט געזעהן אַ וועלכע ס׳איז נבואָה פֿון גאָט וועגען דעם סוף פֿון דער מלחמה. ירמיהו האָט איהם דערויף געענטפֿערט, אז ער האָט אזאַ נבואָה: „אויב דו וועסט נישט אונטער־געבען זיך דעם קעניג פֿון בבל — האָט ירמיהו געזאָגט — וועסטו זיכער אַריינפֿאַלען אין זיינע הענד“. מיט אַ צובראָכען האַרץ און ערגעבען זיין ביטערען גורל, האָט צדקיהו אויסגעהערט די דאָזיגע נבואָה און דעם נביא קיין שלעכטס נישט געטהון; ער האָט נאָך אפילו, אויף דעם

איז טאַקי אַ בעשלאָסענע זאַך, אַז די שטאָדט וועט פֿאַלען. און אויך,
אויב ער וועט זיך אונטערגעבען דעם מלך פֿון בבל, צי וועלען איהם
די אידען, וואָס זענען שוין איבערגעגאַנגען צו איהם, נישט מבזה זײַן
איהם, אָבשפּאָטען און דער׳הרג׳ענען איהם. דער נביא האָט איהם דערויף
פֿעסט פֿערזיכערט, אַז קיין האָר פֿון זײַן קאָפּ וועט אין חאַלדייאישען
לאַגער נישט גערירט ווערען. דערבײַ האָט נאָך דער נביא צוגעלעגט,
אַז אויב ער וועט זיך עקש׳נען און פֿיהרען די מלחמה ווײַטער, וועלען
זײַנע אייגענע פֿרויען פֿון איהם אָבשפּאָטען, ווײַל ער בעגעהט דערמיט
אַ נאַרישען שריט. דעם קעניג האָט אָבער געפֿעהלט מוט, צו טהון דאָס,
וואָס ירמיהו האָט איהם אַנ׳עצה געגעבען; זי צײַט איז געגאַנגען פֿאַר־
ווערטס, און ער איז געזעסען און געוואַרט, וואָס זײַן ביטערער גורל
וועט איהם ברענגען. ביז׳ן לעצטען מאָמענט איז דער קעניג נישט געווען
אימשטאַנד מנצח צו זײַן זײַן אונענטשלאָסענקײַט. און אָט דאָס איז
געווען דער לעצטער קעניג פֿון דוד׳ס הויז — אַ שוואַך, ווײַביש בע־
שעפֿעניש!

דער דרײַפֿאַכער טויט — דאָס שווערד, דער הונגער און די מגפה —
האָט דערווײַל געמאַכט אַ שרעקליכען חורבן פֿון דער ירושלים׳ער בע־
פֿעלקערונג אין די לעצטע דרײַ חדשים: די צאָהל פֿון די קעמפפֿער איז
געוואָרען אַלץ ווייניגער, און עס האָט פֿערפֿעהלט פֿערטיידיגער בײַ
דער מויער אַרום שטאָדט. אין די לעצטע טעג פֿלעגען די קעמפפֿער
אָבגעהן צו דער מויער, ווי טרויער־שאָטענס, אָהן מוט און אָהן כח,
טייל פֿון זיי פֿלעגען פֿאַלען אויפֿ׳ן וועג, אויסגעמאַטערטע פֿון הונגער,
טייל — פֿון די פֿײַלען, וואָס די חאַלדייער האָבען אָהן אויפֿהער גע־
שלײַדערט אויף די פֿערטיידיגער פֿון דער מויער. איינער נאָך דעם אַנ־
דערען זענען געפֿאַלען די לעצטע קעמפפֿער אויף דער מויער פֿון דער
שטאָדט, און ענדליך האָט געשלאָגען די לעצטע שעה: די פֿעסטע
שטאָדט, וועלכע די פֿרעמדע פֿעלקער האָבען אויך געהאַלטען פֿאַר
אונמעגליך אײַנצונעהמען, איז געפֿאַלען. דעם נײַנטען תמוז (656 פֿאַר׳ן
צווייטען חורבן) האָט זיך געשטאַרקט דער הונגער אין שטאָדט; קיין
ברויט איז שוין מעהר גאָרנישט געווען; די קעמפפֿער זענען געווען
אַזוי מיעד און אָהנמעכטיג, אַז זיי האָבען נישט געקאָנט גוט אָבהיטען
די מויער אַרום שטאָדט, און דאַדורך איז עס געלינגען די חאַלדייער
דורכצוברעכען זי אין איין אָרט און אַרײַנצוקומען אין שטאָדט. די
חאַלדייאישע הויפּטלײַט, וועלכע האָבען די בעלאַגערונג געפֿיהרט, זענען
אַרײַנגעקומען מיט זייערע מחנות ביז אין מיטען שטאָדט, נישט בעגע־
געגענדיג קיין ווידערשטאַנד, ווײַל ס׳איז פּשוט נישט געווען שוין מעהר
קיין קעמפפֿער. אין דעם טויער, וועלכער פֿערבינדט די אונטערשטאָדט
מלוא מיט׳ן באַרג ציון, האָבען זיי אויפֿגעשטעלט זייער געצעלט, כדי
צו משפּט׳ן דאָרט די בעפֿעלקערונג. די חאַלדייאישע קריגער האָבען

ברויט, אָבער קיינער האָט זיי נישט געקאָנט העלפען. דאָס גרויזאַמסטע
דערביי איז געווען, וואָס צאַרטע מוטערס האָבען זייערע אייגענע קינדער
דערשאָכטען, געקאָכט און זייער פלייש געגעסען, אַבי דעם הונגער צו
שטילען.

און אין אַט דער צייט פון אַלגעמיינעם יאָמער און עלענד האָט דער
נביא ירמיהו געראַדט צו אַלעמען, ווער עס האָט נאָר איהם געקאָנט
הערען: „ווער עס וועט אין שטאָדט בלייבען, וועט אומקומען דורכ'ן
שווערד, פון הונגער און פון דער מגפה; ווער אָבער עס וועט צו די
כאַלדייער אַרויסגעהן, וועט זיין לעבען ראַטעווען, דען די שטאָדט וועט
פאַלען און פערברענט ווערען“. ווי נאָר די שרים האָבען דערהערט, אַז
דער נביא האַלט אַזאַ נבואה, האָבען זיי געפאָדערט פון קעניג, אַז מען
זאָל איהם בעשטראָפען מיט'ן טויט, ווייל ער נעהמט צו ביי די קעמפפער
דעם מוט ווייטער צו פיהרען דעם קאַמפף. צדקיהו האָט זיך נישט גע־
קאָנט אַנ'עצה געבען, ווי אַזוי אָבצוראַטעווען ירמיהו'ן, דען ער איז
געווען צו־שוואַך געגען זיינע שרים. ער האָט דעריבער געענטפערט:
„דער נביא איז דאָך אין אייערע הענד, דער קעניג קאָן דאָך געגען אייך
גאָרנישט טהון“. דאַן האָבען די שרים געלאָזט אַריינוואַרפען ירמיהו'ן
אין אַ לעהם־גרוב, וואו ער איז שיער נישט איינגעזונקען געוואָרען. צו
דער'הרג'ענען איהם אָבער האָבען די שרים אויך איצט נאָך נישט גע־
וואַגט, נאָר זיי האָבען געהאָפט, אַז אינ'ם לעהם־גרוב וועט ער שוין
אַליין אומקומען. און ער וואָלט טאַקי דאָרט אומגעקומען, ווען עס וואָלט
זיך נישט דערבאַרימט אויף איהם אַ כושי פון די דינער פון קעניג,
מיט'ן נאָמען עבד־מלך. דער דאָזיגער קנעכט איז העכסט ביז געוואָרען
אויף דער גרויזאַמער טהאַט פון די שרים געגען דעם נביא, ווי אויך
אויף דער שוואַכקייט פונ'ם קעניג, וועלכער האָט עס דערלאָזען. ער
האָט צדקיהו'ן אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז דער נביא וועט אין גרוב
אומקומען, ווען מען וועט איהם נישט העלפען. און דער קעניג האָט
איהם ערלויבט אַרויסצוברענגען דעם נביא פון גרוב מיט שטריק. די
גרוב איז געווען אַזוי טיעף, און די ירושלים'ער איינוואָהנער זענען
דאַמאָלס אַזוי שוואַך געווען, אַז מען האָט געברויכט צו האָבען דרייסיג
מענשען, כדי צו קאָנען אַרויסנעהמען איין מענשען, ירמיהו'ן, פון דער
גרוב. ירמיהו'ס לעבען איז געראַטעוועט געוואָרען, אָבער זיין פרייהייט
האָט ער צוריק נישט בעקומען. צדקיהו האָט איהם געלאָזט האַלטען פער־
שלאָסען אין דער „מטרה“, ער האָט אָבער שוין נישט דערלאָזען די שרים
צו טהון איהם מעהר שלעכטס. צדקיהו האָט בכלל נוטה געווען אונטער־
צוגעבען זיך דעם פיינד, נאָר פערשיעדענע געדאַנקען און פחדים האָבען
איהם דערפון אָבגעהאַלטען. צדקיהו האָט דעריבער געזוכט אַנ'עצה ביי'ם
נביא, מיט וועלכען ער האָט זיך איצט ווידער געזעהן אין אַ געהיימען
זאָל אין פאַלאַץ. דער קעניג האָט ווידער געפרעגט ביי'ם נביא, צי עס

ווייט פון ירדן, וואו ער האָט זיך געקאָנט ראַטעווען אַריבערגעהענדיג דעם טייך. ווי נאָר דעם קעניג'ס בעגלייטער האָבען דעריזהען פון דער־ווייטען די כאַלדייער, זענען זיי זיך צולאָפען, טייל פון זיי איבער'ן ירדן, טייל פון זיי ערגעץ וואו אַנדערש, איבערלאָזענדיג דעם קעניג. זיינע זיהן מיט עטליכע פרינצען אין די הענד פון פיינד. דעם געפאַנגענעם קעניג מיט זיינע זיהן און די אַנדערע שרים האָט מען אָבגעפיהרט ווייט פון זייער פאָטערלאַנד, קיין רבלה, וואו נבוכדנאצר האָט געהאַט זיין הויפט־קוואַרטיר. דאָרט האָט נבוכדנאצר אויסגעגאָסען זיין גאַנצען צאָרן אויף צדקיהו'ן, פאַרוואָס ער האָט דורך זיין ברעכען די שבועה געבראַכט צו דער מלחמה. די שטראָף, וועלכע נבוכדנאצר האָט אויף איהם אַרויפ־געלעגט, איז אָבער געווען גרויזאַם. צדקיהו האָט פערדיענט מעהר פאַר אַנדערע מלכים אין זיין לאַגע רחמנות, ווייל ער איז געווען נאָר אַ אינ־סטרומענט אין די הענד פון די שרים און זיין גאַנצע זינד איז בעשטאַנען נאָר דערין, וואָס ער איז געווען פון דער נאַטור אַ שוואַכער מענש, כמעט אָהן אַ'איינענעם ווילען. נבוכדנאצר האָט אָבער פון רחמנות נישט געוואוסט: ער האָט געלאָזט צדקיהו'ס זיהן און אַלע זיינע פער־וואַנדטע פרינצען אויסשעכטען פאַר זיינע אויגען, דערנאָך האָט ער איהם אויך געלאָזט בלינד מאַכען און אָבפיהרען געשמיעדט אין קייטען קיין בבל אין געפענגעניש. דאָרט האָט דער לעצטער אידישער קעניג געלעבט נישט לאַנג. דער טויט האָט איננגיכען געמאַכט אַ'ענדע צו זיין אונגליקליך טרויעריג לעבען.

אויך פ.ג'ל שרים האָט נבוכדנאצר געלאָזט אויסשעכטען אין רבלה, צווישען זיי — דעם כהן־גדול, שריה, דעם צווייטען כהן, צפניה, סך־הכל, עטליכע און זיעבציג שרים.

ירושלים איז געוואָרען אַ מתים־הויז. טויטע מענשען האָבען זיך געוואַלגערט אין אַלע איהרע גאַסען און אין די הייזער. אַלע איהרע טויערען און עפענטליכע פלעצער זענען געשטאַנען פוסט און וויסט. אויף אַלע וועגען צו איהר איז געלעגען אַ טרויער. די שטאָדט איז אָבער נאָך גאַנץ געווען. וואָס האָט פון איהר געזאָלט ווערען ווייטער? די כאַלדייאישע הויפטלייט, וועלכע האָבען זי איינגענומען, האָבען נאָך נישט געהאַט קיין בעפעהל פון נבוכדנאצר'ן, וואָס מען זאָל מאַכען מיט דער הויפט־שטאָדט ירושלים. נבוכדנאצר האָט כלל נישט געוואָלט פער־וויסטען דאָס לאַנד יהודה, דען ער האָט עס געמוזט האָבען אין זיינע מלחמות מיט מצרים. אָבער אַ לאַנד אָהן אַ פעסטער הויפט־שטאָדט קאָן זיך דאָך נישט האַלטען, ווייל די אַרומיגע פעלקער וואָלטען דאָך עס באַלד איינגענומען. פאַר נבוכדנאצר'ן איז דעריבער גלייכער געווען, אַז ירושלים זאָל בלייבען גאַנץ אונבעריהרט. פון דער אַנדער זייט אָבער איז עס געווען געפעהרליך פאַר די כאַלדייער צו לאָזען בעפעסטיגטע אַזאַ

זיך דערווייל צוגאָסען אין אַלע גאַסען פֿון שטאָדט און גע'הרג'עט יונגע
לייט און עלטערע, וועלכע' זענען נאָר פֿעהיג געוועזען נאָך צו קעמפּפֿען,
אַנדערע האָבען זיי גענומען געפֿאַנגען און איינגעשמידט אין קייטען.
די ווילדע קריגער, וועלכע זענען, דורך דער לאַנגער בעלאַגערונג, נאָך
מעהר פֿערווילדעט געוואָרען, האָבען געשענדעט פֿרויען און יונג־פֿרויען
און אויסגע'הרג'עט אָהן רחמנות קינדער און אַלטע לייט. אויך אין
בית־המקדש זענען זיי אַריינגעקומען און געמאַכט דאָרט אַנ'אמת'ע
בלוט־באָד צווישען די כּהנים און נביאים, וועלכע האָבען זיך דאָרט
בעהאַלטען. די חאַלדייער האָבען אין מקדש געמאַכט אַזאַ ליאַרם און
אַ געפֿילדער, פּונקט, ווי זיי וואָלטען געוואָלט דאָרט פֿיהרען אַ קאַמפּף
אויך מיט'ן אידישען גאָט. צוזאַמען מיט די חאַלדייער זענען אויך גע־
קומען די שכנות'ע פֿעלקער, וועלכע נבוכדנאצר האָט געצוואונגען צו
געהן מיט זיינע מחנות, די פֿעלקער פלשתים, אדום און מואב. זיי האָבען
צוגעפּט אַלע אוצרות פֿון בית־המקדש און איהם מטמא געווען.

אין דער גרויסער מהומה איז דערווייל געלונגען דעם מלך צדקיהו
מיט'ן רעשט פֿון די קעמפּפֿער צו ענטלויפֿען ביינאַכט דורך אַ גאַנג
אונטער דער ערד. ער האָט געוואָלט געשווינד ענטלויפֿען אויף יענער
זייט ירדן. אָבער די חאַלדייאישע רייטער, „פֿלינק ווי די אָדלערס“,
האָבען זיך געלאָזט נאָכיאָגען נאָך זיי, וועהרענד זיי זענען געגאַנגען
מיט די לעצטע קרעפֿטען. אין איינעם פֿון די ענגע דורכגענג בײַ'ם ירדן
האָבען די חאַלדייער געחאַפּט צדקיהו'ן מיט זיין מחנה און גענומען זיי
געפֿאַנגען. אין ירושלים גופא האָבען דערווייל די חאַלדייער גענומען
געפֿאַנגען דעם כּהן־גדול שריה און דעם אויפֿזעהער איבער'ן בית־המקדש,
צפניה, דעם סרים, וועלכער איז געוועזען דער ממונה אויף דער אידישער
אַרמעע, פֿינף אָדער זיעבען שרים פֿון דעם קעניג'ס מקורבים און נאָך
זעכציג מאַן. אַלע דאָזיגע געפֿאַנגענע האָט מען אָבגעפֿיהרט קיין רמה,
וואו נבוכדנאצר האָט געדאַרפֿט אַרויסזאָגען זיין אורטייל איבער זיי.
צווישען די געשלאָסענע אין קייטען איז אויך געוועזען דער נביא ירמיהו.
די חאַלדייער האָבען איהם גענומען געפֿאַנגען אין קעניגליכען הויף אין
דער מטרה און זיי האָבען געמיינט, אַז ער געהערט צו די קעניגליכע
דיענער. פֿאַר אַנ'אויפֿזעהער איבער די געפֿאַנגענע האָבען די חאַלדייער
בעשטימט איינעם פֿון די אָנגעזעהענסטע אידען פֿון ירושלים, גדליהו
דעם זוהן פֿון אחיקם, שפֿן'ס אַנ'אייניקעל, וועלכער האָט פֿון אָנפֿאַנג
בעלאַגערונג אָן געהערט צו דער „חאַלדייאישער פּאַרטיי“, ד. ה. צו די,
וואָס האָבען געראַטען שלום צו מאַכען מיט נבוכדנאצר'ן.

ווען דער אונגליקליכער רעשט פֿון אידישען פֿאָלק האָט זיך דער־
וואוסט, אַז דער קעניג איז אויך גענומען געוואָרען געפֿאַנגען, איז ביי
איהם פֿערשוואונדען געוואָרען דער לעצטער פֿונק פֿון האָפֿנונג. צדקיהו
מיט זיינע מענשען זענען גענומען געוואָרען געפֿאַנגען אַרום יריחו, נישט

די פערזען געהען נאכ'ן אלף־בית. די ערשטע קינה איז געדיכטעט גע־ווארען באלד נאכ'ן איינגעהמען ירושלים, ווען די שטאדט איז נאך גע־שטאנען גאנץ און די מויערען מיט די פאלאצען זענען נאך נישט צו־שטערט געווארען, אבער די איינוואהנער זענען שוין געווען פער־שוואונדען צוזאמען מיט דער איבעיגער פרייד, וואס האט אין שטאדט געהערשט. די דאזיגע קינה בעקלאגט איבערהויפט ירושלים'ס עלענד און די פאלשקייט פון יענע פעלקער, וועלכע האבען אליין אנגערעדט אבצופאלען פון בבל, און איצט לאכען זיי נאר פון איהר גרויסען בראך. מיט א פערביטערט הארץ קלאגט דער נביא:

ציון ברעכט די הענד און קלאגט —
ס'איז קיין טרייסט פאר איהר ניטא.
יעקב'ס פיינד האט גאט בעפוהלען
אנצופאלען איהם ארום.
ירושלים איז געווארען
ווי א פרוי אנ'אויסגעלאסענע —
פאר די פעלקער אומעטום...
הערט, אה, הערט, איהר פעלקער אלע,
זעהט מיין ביטער שמערץ:
מיינע שענע, יונגע טעכטער,
מיינע גרויסע, וואוילע זיהן,
קנעכט־געפאנגען שמאכטען זיי.
רופען טהו איך מיינע פריינד —
פאלש געווארען זענען זיי...
מיינע כהנים און זקנים
האבען ברויט אין שטאדט געבעטעלט —
אויסגעגאנגען עלענד, וועה!

די צווייטע קינה טרויערט מעהר איבער דעם חורבן פון דער שטאדט ירושלים און איהרע מויערען, בעזונדערס אבער, איבער דעם בית־המקדש:

ווי האט מיין גאט מיט צארן
פערהילט די טאכטער ציון
מיט שווארץ־געדיכטע וואלקענס!
די הערליכקייט ישראל'ס
פון הויכען שענעם הימעל
געווארפען אויף דער ערד...
דערמאנט אפילו אויך נישט
זיין איינגעם טהראן, דעם קלארען
אין טאג פון גרויסען צארן...
געווארען מיר א פיינד

שטאָדט מיט אַזעלכֶע העֶלדישֶׁע אוּן שטאָלצֶע אײַנוואָהנעֶר, וועֶלכֶע וואָל־
טעֶן אַוּדאַי נישט געֶזוימט אײנגיכעֶן ווידעֶר אָבצוּפאַלעֶן פוּן בבל. אוּן
ווידעֶר, וואָו נעֶהמט מעֶן אַ געֶטרײַעֶן מעֶנשעֶן, וואָס מעֶן זאָל איהם
קאָנעֶן אָנטרויעֶן אַזאַ שטאָדט, נאָכדעֶם, ווי אפילו דעֶר עֶהרליכעֶר
צדקיהו איז אויך פאַלש געֶוואָרעֶן געֶגעֶן בבל? דעֶר דאָזיגעֶר לעֶצטעֶר
געֶדאַנק איז פאַר נבוכדנאצר'ן געֶוועֶן דעֶר וויכטיגסטעֶר אוּן עֶר האָט
געֶגעֶבעֶן אַ בעֶפעֶהל זײַן הויפּטמאַן, נבוזראדן חרוּב צוּ מאַכעֶן ירושלים.

ווי נאָר נבוזראדן איז אַרײַנגעֶקוּמעֶן מיט זײַנעֶ מחנות אין ירושלים,
זעֶנעֶן פאַר איהם אַרויסגעֶטראָטעֶן די אַלטעֶ אידישעֶ שונאים, די שרים
פוּן אֶדום, אוּן דעֶרוועֶקט איהם, אַז עֶר זאָל די צוּשטעֶרוּנג דוּרכפיהרעֶן
אָהן קײן שוּם רחמנוּת, אין שוינוּנג. „צוּשטעֶרט, צוּשטעֶרט אַלץ ביז'ן
גרוּנד!" — האָבעֶן זײ געֶפאָדעֶרט. נבוזראדן האָט דעֶריבעֶר באַלד געֶ־
לאָזט אוּנטעֶרצינדעֶן דעֶם בית־המקדש, דעֶם קעֶניגליכעֶן פּאַלאַץ אוּן די
פּאַלאַצעֶן פוּן אַלעֶ שרים; עֶר האָט אויך בעֶפויהלעֶן אַראָבצוּרײַסעֶן די
גאַנצעֶ וואַנד־מויעֶר אַרוּם שטאָדט, אוּן אַלעֶ בעֶפעֶסטיגוּנגעֶן, אוּן דעֶר
דאָזיגעֶר בעֶפעֶהל איז פּינקטליך אויסגעֶפיהרט געֶוואָרעֶן (10־טעֶר אָב,
656 פאַר'ן צווײטעֶן חוּרבן). די אוצרות, וועֶלכֶע זעֶנעֶן נאָך איבעֶרגעֶ־
בליבעֶן אין בית־המקדש, די קינסטלעֶריש־געֶאַרבײַטעֶ קוּפּעֶרנעֶ סלוּפּעֶס,
דעֶר קוּפּעֶרנעֶר ים (אַ ווײַסעֶר בעֶקעֶן), די קוּפּעֶרנעֶ וואַסעֶר־וואָגעֶנס, די
כלים פוּן גאָלד אוּן זילבעֶר, וועֶלכֶע מעֶן האָט געֶנוּצט בײַ די קרבנות,
די מוּזיקאַלישעֶ אינסטרוּמעֶנטעֶן — אַלץ, אַלץ האָט מעֶן צוּשלאָגעֶן אוּן
צוּבראָכעֶן אָדעֶר אָבגעֶפיהרט קײן בבל. „פוּן ירושלים איז געֶבליבעֶן —
ווי די נביאים האָבעֶן פאָראויסגעֶזאָגט — אַ באַרג צוּבראָכעֶנעֶ געֶבײַדעֶס,
פוּן באַרג מוריה, וואָו דעֶר בית־המקדש איז געֶשטאַנעֶן — אַ הויכעֶר
וואַלד־באַרג".

אָבעֶר קײן „ײנג.געֶ" פוּן די גרויסעֶ וועֶלט־הויפּטשטעֶדט, וועֶלכֶע
האָבעֶן איבעֶרגעֶלעֶבט אַזאַ חוּרבן, ווי ירושלים, זעֶנעֶן נישט אַזוי העֶרליך
בעֶקלאָגט געֶוואָרעֶן, ווי ירושלים. צוּ אַזאַ ליבעֶנד טרויעֶריג געֶפיהל,
ווי ס'האָט זיך אויסגעֶגאָסעֶן נאָך ירושלים'ס חוּרבן, האָט נאָך קײן
גרויסעֶ שטאָדט נישט זוכה געֶוועֶן. די פּאָעֶזיעֶ האָט געֶשילדעֶרט איהר
טרויעֶריגעֶן סוף אין קינות, תהלים־קלאָגעֶן אוּן תפלות מיט אַזעֶלכֶע
ריהרעֶנדעֶ טעֶנעֶר, אַז יעֶדעֶם ווײך־געֶשטימט האַרץ שפּירט נאָך איצט
אויך מיטלײד מיט'ן גרויסעֶן אוּנגליק פוּן דעֶר הײליגעֶר שטאָדט. אַ מעֶר־
טירעֶר־קרוין האָט די פּאָעֶזיעֶ אויסגעֶפלאָכטעֶן אַרוּם ירושלים. צי איז
עֶס געֶוועֶן ירמיהו, בײַ וועֶלכעֶן ס'האָט זיך די עֶרשטעֶ קינה אויסגעֶגאָסעֶן
פוּן האַרצעֶן אויף ירושלים'ס חורבות, צי איז עֶס געֶוועֶן זײַן תלמיד ברוך?
אָדעֶר אפשר זעֶנעֶן געֶוועֶן נאָך אַנדעֶרעֶ דיכטעֶר, וועֶלכֶע האָבעֶן טײַכעֶן
טרעֶהרעֶן אין זײעֶר דיכטוּנגס־קוּנסט פעֶראײביגט? ווער קאָן דאָס וויסעֶן
איצט. אַלעֶ דאַמאָלסדיגעֶ קינות האָבעֶן אײנעֶ אין די זעֶלביגעֶ פאָרם.

פון די איבריגע שבטים, וועלכע זענען פערבליבען אין לאַנד יהודה, איז אַ גרויסער טייל אויסגעהרג'עט געוואָרען, אָדער אומגעקומען אין הונגער און אין מגפות, אַ קלענער טייל איז אָבגעפיהרט געוואָרען אין געפאַנגענשאַפט. נאָך אַ קלענערער טייל האָט אויסגעוואַנדערט קיין מצרים, אָדער אין אַנדערע לענדער, אָדער האָט נאָך געלעבט אין קימער און אין נויט אין ארץ־ישראל גופא, אויסקומענדיג דערמיט, וואָס דער פיינד האָט איהם איבערגעלאָזען. ווי ריכטיג איז ערפילט געוואָרען די נבואה פון יחזקאל: „אַ דריטעל וועט אומקומען דורכ'ן הונגער אין ירושלים, אַ דריטעל וועט פאַלען אונטער'ן שווערד און אַ דריטעל וועט צוזייהט און צושפרייט ווערען אויף אַלע ווינדטען, אָבער אויך איבער איהם וועט דאָס שווערד הענגען און עס וועט זיין צו שאַנד און שפּאָט צווישען די פעלקער". אויף דעם קליינעם רעשט פון אידישען פאָלק האָט זיך באמת אויסגעגאָסען דער גאַנצער ווילדער צאָרן פון פערשיעדענע פיינד, כדי איהם אויך צו פערטיליגען, אום עס זאָל קיין איינציגער נישט בלייבען אין זיין היימישען לאַנד. דאָס, וואָס איז פאָרגעקומען נאָכ'ן חורבן, איז געוועזען אויך אַזוי גרויזאַם, ווי דער חורבן גופא.

די איבעריגע קריעגער, וועלכע זענען ענטלאָפען אין דער פינסטערער נאַכט צוזאַמען מיט צדקיהו דורך אַ גאַנג אונטער דער ערד, זענען, ווי שוין דערמאַהנט, זיך באַלד צולאָפען, ווי נאָר זיי האָבען דערזעהען פון דערווייטען די חאַלדייאישע פערפאָלגער. אַ קליינער הייפעל פון זיי איז, אונטער דער אָנפיהרונג פון אַ פירשט פון דעם קעניג'ס משפחה, ישמעאל, דער זוהן פון נתניה, ענטלאָפען איבער'ן ירדן און אויפגענומען געוואָרען פריינדליך פונ'ם קעניג פון עמון, בעלים; איינינגע פון זיי זענען געבליבען אין עמון, אַנדערע האָבען זיך בעזעצט אין מואב. די איבריגע זענען ענטלאָפען קיין מצרים, וואוהין עס האָבען שוין פריהער אַריבערגעוואַנדערט פיעל אידישע משפחות, ווייל זיי האָבען געהאָפט, אַז דער דאָרטיגער קעניג הפרע, וועלכער האָט געשלאָסען אַ בונד מיט צדקיהו'ן, וועט זיי אויפנעהמען פריינדליך און בעשיצען. אָבער כדי צו קאָנען קומען אַהין, האָבען זיי געמוזט דורכגעהן דאָס לאַנד אדום, וואו דאָס פאָלק האָט געהערט צו די שרעקליכסטע אידישע פיינד. די אַלטע שנאה, וואָס איז געווען צווישען אדום און יהודה, איז אַזוי גרויס געווען, אַז אדום האָט נישט אָבגעקיהלט זיין כעס און שנאה אפילו אויך דאַן, ווען ער האָט געזעהען דאָס גרויסע אידישע עלענד און נאָכדעם, ווי ער האָט אַליין געהאָלפען חרוב מאַכען ירושלים און איז רייך געוואָרען, רויבענדיג אין איהרע גאַסען. אדום האָט אויסגעשטעלט שומרים אויף זיינע גרעניצען און איז אָנגעפאַלען אויף אַלע אידישע ענטלאָפענע, וועלכע מען פלעגט אָדער באַלד אויס'הרג'ענען, אָדער איבערגעבען די חאַלדייער, כדי דאַדורך זיי צו חנפ'ענען און אַרויסווייזען זיי די אייגענע כלומר'שטע געטריייט. אדום האָט אויך דערביי געהאַט

איז גאָט אין זיין צושטערען...
צובראָכען גרויסע פאלאַצען,
פערדאַרבען זיינע פעסטונגען,
פערוואָרפען זיין מזבח
געשענדעט זיין בית־מקדש,
דעם פיינד האָט ער פערשאַנקען
די מויערען פון ציון...

די פירטע*) קינה בעקלאָגט דעם עלענד פון אַלע טייערע און ערהאַבענע מענשען פון ציון, וועלכע זענען אומגעקומען אין דער הונגער־נויט, אָדער זענען אַבגעפיהרט געוואָרען אין געפאַנגענשאַפט, ווי אויך דאָס פערשווינדען אַלע האָפנונגען דורך דעם נעהמען אין געפאַנגענשאַפט דעם קעניג:

ווי גאָלד קאָן, אַך, ווערען פערדונקעלט,
ווי גין־גאָלד — אַזוי שטאַרק פערענדערט!
ווי וואַלגערן זיך הייליגע שטיינער
אַרום אין די אָפענע גאַסען!
די טייערע קינדער פון ציון —
מיט גאָלד זענען זיי דאָך געוואויגען —
צו שאַרבענס געמיינע פון טעפער,
אוי, זענען זיי איצט שוין געגליכען...

די גאַנצע טיעפקייט אָבער פון'ם ברענענדיגען וועהטאָג האָט אויסגעגאָסען אַ לוי פון דער משפחה אָסף, וועלכער איז, געשמידעט אין קייטען, פערטריבען געוואָרען אין בבל, — אין זיין תהלים־טרויער:

אָה גאָט!
געקומען זענען היידען — אַריין צו דיר אין מקדש
פעראומרייניגט דיין היכל — — — —
געמאַכט ירושלים — אַ באַרג אַ גרויסען אַש...
פערגאָסען בלוט ווי וואַסער — אַרום דער הייליגער שטאָדט,
געוואָרען זענען מיר — צו שאַנדע און צו שפּאָט.

טויזענד יאָהר איז פאַראיבער, זינט די שבטים פון ישראל זענען מיט יונגען מוט און גרויסער האָפנונג אַריבערגעגאַנגען דעם ירדן אונטער אַ קרעפטיגען מנהיג און פערנומען אַ פעסטען אָרט אין לאַנד כנען; פינף הונדערט יאָהר איז אַריבער, זינט די ערשטע מלכים פון דוד'ס הויז האָבען דערהויבען זייער לאַנד צו דער מדרגה פון אַ וועלט־מאַכט. און וואָס פאַר אַ סוף! דער גרעסטער טייל פון די צעהן שבטים איז שוין העכער הונדערט יאָהר פערשוואונדען געוואָרען צווישען פרעמדע פעלקער;

*) די דריטע קינה „איך בין דער מאַן" בעציהט זיך פערזענליך אויף ירמיהו'ן, זי טען האָט שוין געזעהען פריהער.

רבונו של עולם, דערמאהן זיך,
וואס איז פון אונז אידען געווארען;
די חרפות, די ביטערע אונז׳רע,
אה, גאטעניו, קוק זשע און זעה!
צו פרעמדע געהערט אונזער נחלה,
צו גוים, — אה, אונזערע הייזער!
מיר זענען געווארען פער׳יתומ׳ט,
קיין פאטער מעהר האבען מיר נישט;
געבליבען, אה, אונזערע מאמעס,
ווי פינסטערע, וויסטע אלמנות...
דאס וואסער, צו לעשען דעם דורשט,
בעקומען מיר טייער פאר זילבער;
דאס האלץ צו דערווארמען דאס לעבען,
ווי ביטער מיר מוזען עס קויפען!
אין נאקען פערפאלגט מען אונז שטענדיג,
מיר זענען, אה, מיעד, אהן קיין רוה...
עס הערשען די קנעכט איבער אונז,
בעפרייער, וועה, האבען מיר נישט.
דאס טרוקענע שטיקעלע ברויט —
מיט׳ן לעבען בעצאהלען מיר עס —
פון שווערד אין דעם מדבר פערפאלגט,
עס ברענט אונז די הויט אויפ׳ן לייב
פון צעהרענדען, שרעקליכען הונגער...
פערשטערט איז די פריידע אין הארצען,
א טרויער, אנשטאט אונזער טאנץ!
דאס הארץ, אוי, עס שמאכטעט פון וועהטאג,
ס׳ווערט פינסטער, אוי, אונז אין די אויגען:
דען ציון, ווי ליעגט זי פערוויסטעט,
און שאקאלען געהען אויף איהר...

איין אויגענבליק זאט שוין אויסגעוויזען, אז עס נעהמט א סוף מיט׳ן עלענד פון די געבליבענע פונ׳ם מורא׳דיגען פאלקס-חורבן, און עס הערט אויף דער גרויזאמער, פערניכטענדער קאמפף געגען דעם הייפעל ענטלאפענע. נבוכדנאצר האט נישט געוואלט, אז דאס לאנד יהודה זאל אונטערגעהן אינגאנצען, ער האט עס געמוזט האבען ביי זיין דורכגעהן אויף זיין מלחמה מיט מצרים, און האט דעריבער בעשלאסען, צו לאזען עס עקזיסטירען אויך ווייטער, אלס א קליין לאנד אהן א בעזונדערער מאכט. עס פערשטעהט זיך, קיין אידישער קעניג האט שוין מעהר איבער׳ן לאנד נישט געדארפט זיין נאכדעם, ווי דריי מלכים פון דוד׳ס הויז האבען געגען איהם אנ׳אויפשטאנד געמאכט.

אין זינען אַ פּאָליטישע קאָמבינאַציע. ער האָט געוואָלט דאַדורך דער־
שלאָגען זיך דערצו, אַז נבוכדנאצר זאָל איהם אָבגעבען גרויסע שטיקער
לאַנד פון יהודה. אויסערדעם, ווען מען וועט די אידען אויס׳הרג׳ענען,
וועט דאָך אויך נישט זיין מעהר קיין בעל־הבית אויפ׳ן לאַנד, עס וועט
ווערען הפקר, און מען וועט קאָנען פערנעהמען, וואָס מען וועט וועלען.
אָדום האָט זיך אפילו אויך נישט געשעמט אָפען צו בערימען זיך:
„ביידע לענדער, יהודה און ישראל, וועלען מיר געהערען, איך וועל זיי
ירש׳ענען“. — נאָר אַ קליינער טייל פון די אידישע ענטלאָפענע האָבען
זיך געקאָנט דורכשלאָגען מיט גרויסער מיה קיין פעניקיען, וואו זיי
האָבען אַ פריינדליכע אויפנאַהמע געפונען, ווייל פעניקיען איז נאָך פון
אַלטע צייטען פריינדליך געווען פערבונדען מיט יהודה. פעניקיען איז
אָבער געלעגען צו־וויט פון יהודה, און פיעל ענטלאָפענע זענען אויפ׳ן
וועג איבערגענומען געוואָרען דורך די חאַלדייער, וועלכע האָבען זיי
אָדער דער׳הרג׳עט, אָדער אָבגעפיהרט אין געפאַנגענשאַפט.

די מייסטע הויפטלייט, וועלכע זענען מיט צדקיהו ענטלאָפען פון
ירושלים, האָבען אָבער זיך בעשלאָסען בעסער צו בלייבען אין לאַנד
יהודה. זיי האָבען זיך אַזוי פעסט געהאַלטען אָן זייער באָדען, וואו זיי
זענען געבוירען געוואָרען און אויסגעוואַקסען, אַז זיי האָבען זיך מיט
איהם נישט געקאָנט שיידען. אין שפיץ פון די דאָזיגע מענשען איז גע־
שטאַנען יוחנן, דער זוהן פון קרח. זיי האָבען אָבער געמוזט אויפזוכען
הייהלען און גריבער, צו בעהאַלטען זיך פאַר׳ן פיינד און נישט אַריינ־
פאַלען צו איהם אין געפאַנגענשאַפט. הייהלען און גריבער האָבען זיי גע־
פונען אין די בערג, אָדער אויך אונטער די חורבות פון די פערוויסטעטע
שטעדט. פון דאָרט פלעגען זיי אָפט אַרויסציהען אין לאַנד אַרום צו
זוכען עסענוואַרג, אָדער אָנצופאַלען אויף קליינע אָבטיילונגען פון די
חאַלדייער און אויס׳הרג׳ענען זיי. דען זיי האָבען נאָך אַלץ נישט פער־
לאָרען די האָפנונג צו קאָנען פערבלייבען אין לאַנד יהודה און אָנהויבען
דאָרט באַלד אַ נייַ לעבען: „אונזער פאָטער אברהם — האָבען זיי גע־
זאָגט — איז אַליין געווען אין לאַנד, און האָט עס געערבט, מיר זענען
דאָך פיעל, וועלען מיר עס געווים ערבען“. שרעקליך איז אָבער געווען
זייער גורל, ווען זיי פלעגען, זוכענדיג ברויט פאַר ווייב און קינדער,
אַריינפאַלען צו די חאַלדייער אין די הענד. דורכ׳ן ביטערסטען טויט
פלעגען זיי אומקומען, נאָכדעם, ווי מען פלעגט זיי פייניגען און אָבי־
שפּאָטען פון זיי. „אַלטע שרים פלעגט מען אויפהענגען, יונגע לייט
פלעגט מען צווינגען צו טראָגען מיהל־שטיינער“ און ערפילען אַנ׳אַנדער
שקלאַווען־דינסט. וועגען דער דאָזיגער פערצווייפעלטער לאַגע האָט
איינער פון די דיכטער, וואָס איז געווען צווישען די אונגליקליכע, גע־
דיכטעט אַ קינה, וועלכע איז, מיט איהרע קורצע געדריקטע פערזען,
פול טרעהרען און יאָמער:

דאס דער נביא ירמיהו האט וועגען איהם נבואה געזאגט שרייט פאר שרייט, פון זיין טהראן-בעשטייגען אן, און איהם פאראויסגעזאגט א גרויסע צוקונפט, אדער עס האט איהם בכלל הנאה געטהון, צו הערען, אז אפילו א נביא פון א פרעמד פאלק ווידמעט איהם זיינע נבואות און שטעלט איהם איבער אלע פעלקער. ווען נבוזראדן איז אבגעגאנגען קיין רמה פון ירושלים, כדי דארט אויסצוקלייבען פון די געפאנגענע אידען די, וועלכע ער דארף אבשיקען קיין רבלה און אבשיקען די איבריגע קיין בבל, האט ער בעפרייט ירמיהו'ן פון זיינע קייטען, אין וועלכע ער איז געווען געשמידעט, גלייך מיט אלע אנדערע געפאנגענע, און איהם ערלויבט צו געהן, וואוהין ער וויל — צי קיין בבל מיט די געפאנגענע, אדער צו גדליהו'ן מיט די געבליבענע אין לאנד. דערביי האט ער איהם אבער אנ'עצה געגעבען בעסער צו געהן קיין מצפה, צו גדליהו'ן.

ירמיהו האט געהאט דאס פולע רעכט צו קלאגען: איך בין עס דער מענש, וועלכען די השגחה פון גאט האט אויסגעקליבען אויף צו זעהען דעם גאנצען עלענד פון מיין פאלק. איצט האט ער געמוזט צו־זעהען די יאמערליכע סצענעס, ווי מען האט די געפאנגענע אידען גע־בונדען אין קייטען, אבגעפיהרט אין קנעכטשאפט קיין בבל פון רמה. הארצרייסענד זענען געווען די יאמער-געשרייען און דאס קלאגען פון די מאנסבילען, ווייבער און קינדער, וועלכע מען האט געשלעפט פון זייער היים אין א פרעמד לאנד. ירמיהו האט זיי געטרייסט, אז אויב אפילו נישט זיי אליין, וועלען דאך, וועניגסטענס, זייערע קינדער, אדער אייניקלעך, צוריקקומען אהיים:

א שטים ערקלינגט אין רמה
זי קלינגט און טרויערט, יאמערט, —
די מאמע-רחל וויינט,
זי וויל קיין טרייסט נישט נעהמען
נאך איהרע ליעבע קינדער,
זיי זענען מעהר נישט דא.
אזוי זאגט אבער גאט:
האלט איין דיין שטים פון וויינען,
ווישאב די טרעהרען דיינע:
צוריק נאך וועלען קומען
פון לאנד פון שטארקען פיינד
די ליעבע קינדער מיינע.
און צוקונפט איז פאר דיר
א האפענונג א גרויסע:
דאס לאנד וועט דיינע קינדער
נאך וויט און ברייט געהערען.

זעהר שווער איז געווען פאר ירמיהו'ן, צו בעשליסען זיך, וואוהין

א מלך פון א פרעמד פאָלק צו זעצען איבער אידען, האָט נבוכדנאצר אויך נישט געוואָלט. דען ער האָט פערשטאַנען, אז א פרעמדען מענשען וועט דאָס אידישע פאָלק נישט וועלען געהאָרכען, און אין לאַנד וועט קיין רוהיגקייט נישט צוריקגעשטעלט ווערען. ער האָט דעריבער בעשלאָסען צו בעשטימען נאָר א פערוואַלטער איבער'ן לאַנד, און אויסגעקליבען האָט ער דערויף גדליהו, דעם זוהן פון שפן, וועלכער האָט זיך ארויסגעוויזען פאַר א קלוגען מענשען פון דער חאַלדייאישער פּאַרטיי, און נבוכדנאצר האָט צו איהם געהאַט צוטרוי. גדליהו האָט געדאַרפט צונויפזאַמלען אַרום זיך דעם רעשט פון פאָלק, די אַלע, וועלכע האָבען געלעבט אין אימה און פחד, בעהאַלטענדיג זיך ערגעץ וואו אין א הייהל, אָדער אין אַנ'אַלטער איינגעפאַלענער חורבה, אויפמונטערן זיי צוריקקעהרען צו זייערע פעלדער און וויינגערטנער און בעאַרבייטען דאָס לאַנד, אז עס זאָל נישט פערוויסטעט ווערען. נבוזראדן, וועלכער האָט חייב געמאַכט די שטאָדט ירושלים און גענומען געפאַנגען זעהר פיעל אידען, האָט ערהאַלטען דערויף א בעפעהל פון נבוכדנאצר'ן איבערצולאָזען אין לאַנד אַלע אָרימע, שטילע איינוואָהנער און אָבפיהרען צו איהם קיין רבלה אַלע געפאַנגענע, וועלכע זענען נאָך פעהיג ווייטער דעם קאַמפף צו פיהרען; טייל פון זיי האָט מען גלייך געדאַרפט אָבפיהרען קיין בבל. די געבליבענע אין לאַנד האָבען געדאַרפט ערהאַלטען פעלדער און געערטנער פון נבוכדנאצר'ס האַנד מיט דער בעדינגונג צו בעאַרבייטען עס און נישט לאָזען דאָס לאַנד ווערען א וויסטען מדבר. די אַלע דאָזיגע לאַנד־אַרבייטער האָבען זיך געזאָלט געפינען אונטער גדליהו'ס מאַכט, וועלכער האָט געדאַרפט וואָהנען אין מצפה, אַנדערטהאַלבען שעה גאַנג פון ירושלים.

גדליהו איז געווען געווים דער רעכטער און בעסטער מענש פאַר דער שווערער אויפגאַבע אין דער איצטיגער לאַגע. ער איז געווען א מילדער מענש, וואָס ליעבט דעם שלום, און אין א געוויסער מאָס — א תלמיד פון דעם נביא ירמיהו, דען זיין פאָטער אחיקם איז געווען א פריינד און א בעשיצער ירמיהו'ס. גדליהו איז שוין אפשר געווען צו גוט, אָדער ער האָט געהאַט צופיעל צוטרוי צו מענשען און זיך פערלאָזען מעהר, ווי מען מעג, אויף זייער דאַנקבאַרקייט. איהם האָט נבוכדנאצר אָנגעטרויט די רוהיגע געפאַנגענע, די טעכטער פון קעניג צדקיהו, פיעל ווייבער און קינדער און אויך די סריסים פון צדקיהו'ס הויף. לאַנד־אַרבייטער האָבען זיך געפונען אונטער זיין שוץ לערך טויזענד מאַן.

נבוכדנאצר האָט אויך געהאַט בדעה איבערצולאָזען ביי גדליהו'ן אַלס א ראַטגעבער דעם נביא ירמיהו, און האָט דעריבער געגעבען א בעפעהל זיין הויפטמאַן נבוזראדנ'ען, צו בעהאַנדלען ירמיהו'ן גוט און ערפילען אַלע זיינע פערלאַנגען. מעגליך, אז נבוכדנאצר האָט געהערט,

צו בלייבען געטריי דעם קעניג נבוכדנאצר. זיי האָבען פֿערזייהט די פֿעלדער, אויסגעבעסערט די ווייַנגערטנער און פֿרוכטגערטנער. דער תבואה-שניט האָט זיי געגעבען הונדערט מאָל מעהר, ווי זיי האָבען פֿערזייהט, די גערעטעניש איז געווען זעהר גרויס. קיין איינוואָהנער זענען אין לאַנד כמעט נישט געבליבען, און דעריבער האָבען זיי געהאַט פֿיעל לאַנד און גרויסע הכנסות. איינציגע שטעדט האָבען זיך ווידער אויפֿגעהויבען פֿון זייערע חורבות. גדליהו האָט אויך אויסגעבויט אַ גאָטעס-הויז אין מצפה, ווייַל ירושלים און דער באַרג מוריה זענען געווען פֿערוויסטעט, שאַקאַלען זענען דאָרט אַרומגעגאַנגען, און די שטאָדט האָט מען צוריק נישט געלאָזט אויפֿבויען.

מצפה האָט פֿון אייביג אָן געגאָלטען פֿאַר אַ הייליגען אָרט, ווייַל דאָרט האָט דאָך אויך שמואל געבויט אַ מזבח און פֿערזאַמעלט אַהין אַלע אידען. די האַלב-אידישע, האַלב-געצענדינערישע קאָלאָניע האָט איצט אויך אָנערקענט מצפה פֿאַר אַ הייליגען אָרט, און עס זענען אַהין געקומען אויך די איינוואָהנער פֿון אפרים, די כותים פֿון שומרון, שילה און שכם, און געבראַכט קרבנות און קטורת, נאָכדעם, ווי די כהנים פֿון בית-אל און די מזבחות פֿון עשתרות זענען פֿערניכטעט געוואָרען. אַזוי אַרום איז מצפה געוואָרען דער צענטער פֿון די קליינע קהלות. דער „רעשט אידען", איבער וועלכע גדליהו איז געווען אויפֿגענומען, האָבען אפילו געהאַט אויף זיך נאָך שטאַרקע חאַלדייאישע משגיחים, וועלכע האָבען געדאַרפֿט בעאָבאַכטען אויך דעם אויפֿגענומענעם גדליהו, אַז ער זאָל נישט מאַכען קיין אויפֿשטאַנד געגען נבוכדנאצר. אָבער ביי'ם שרעקליכען אַרומיגען עלענד, ביי דעם גרויסען חורבן, וואָס איז געוואָרען פֿונ'ם גאַנצען לאַנד, האָט מען נאָך געקאָנט ערטראָגען לייַכט די דאָזיגע חאַלדייאישע השגחה; אַלענפֿאַלס, האָבען די אידען, וואָס זענען אין לאַנד געבליבען, געריכט זיך אויף אַ פֿיעל ערגערען צושטאַנד. סוף-כל-סוף זענען זיי דאָך פֿאָרט געווען אין דערהיים; לפחות!

אויך יענע אידישע העלדען, וועלכע האָבען זיך אויפֿגעהאַלטען אין די מדבריות און צווישען די בערג, און געפֿיהרט אַ שטענדיגע מלחמה מיט די ווילדע חיות און מיט די נאָך ווילדערע מחנות פֿון די חאַלדייער, — אויך זיי האָבען זיך איצט ענטשלאָסען צו קומען צו גדליהו און אונטערגעבען זיך איהם, נאָכדעם, ווי זיי האָבען זיך איבערצייַגט, אַז יעדער ווייַטערדיגער קאַמפּף מיט'ן שווערד וועט שוין דעם פֿאָטערלאַנד און דעם פֿאָלק קיין נוצען נישט ברענגען. יוחנן, קרח'ס זוהן, און אַנדערע אָנפֿיהרער האָבען אָנגעהויבען אונטערהאַנדלען מיט גדליהו'ן, און ווייַל ער האָט זיי פֿערזיכערט און געשוואָרען, אַז וועגען זייער פֿערגאַנגענהייַט וועט מען פֿערגעסען, אויב זיי וועלען נאָר איצט געטריי בלייַבען נבוכדנאצר'ן, האָבען זיי זיך אויך איבערגעגעבען גדליהו'ן,

צו געהן. זיין הארץ האָט איהם געצויגען מיט די אונגליקליכע אין גלות אריין, בפרט נאך, אז אין דערהיים, אין לאנד, האָט ער שוין מעהר נישט געהאַט, וואָס צו טהון. ירמיהו האָט פערגליכען די פערטריבענע אין גלות מיט גוטע, שמעקעדיגע פריהע פייגען; דאגעגען די אידען, וואָס זענען אין לאנד געבליבען, האָט ער פערגליכען מיט פערפוילטע פייגען, וואָס דער שטורם-ווינד האָט אראבגעריסען. ער האָט פיעל מאָל געראטען דעם קעניג צדקיהו, אונטערצוגעבען זיך דעם קעניג נבוכדנאצר און אויסצוואנדערן אין בבל, ווייל די אידען, וועלכע בלייבען אין לאנד, זענען פערשאלטען דורך גאָט און בעשטימט צום אונטערגאנג. ירמיהו האָט דעריבער אליין אויך געדארפט געהן אין גלות קיין בבל. פון דער אנדער זייט אָבער איז עס שווער געווען דעם אלטען נביא צו שיידען זיך פון זיין געליעבט לאנד; שווער איז איהם געווען אָבער אויך, צו בלייבען מיט גדליהו'ן, ווייל די פערטריבענע ברידער האָבען זיך שוין, ווי עס שיינט, געקלאָגט אויף איהם, אז ער וויל זיי פערלאָזען אין דער צייט, ווען ער האָט געקאָנט פיעל ערלייכטערן זייער ביטערען גורל, זייענדיג א חשוב ביי נבוכדנאצר'ן. ירמיהו האָט דעריבער איבערגע-לעבט א שווערען קאמפף און האָט זיך געקלאָגט: „וועה איז מיר, מיין מוטער, וואָס דו האָסט מיך געבוירען — א מענש, וואָס מוז זיך קריג-גען מיט א וועלט!... איך בין קיינעם נישט קיין בעל-חוב, און מאָהן ביי קיינעם נישט קיין געלד, און אלע שילטען מיך“. ענדליך האָט ירמיהו בעשלאָסען צו בלייבען אין לאנד מיט גדליהו'ן און ווערען א לעהרער און ערציהער פאר די פערווילדעטע איבערגעבליבענע ברידער, און ער האָט דעריבער ערקלערט עפענטליך: „אזוי האָט גאָט געזאָגט: איך האָב דיך געלאָזט איבערלעבען דעם חורבן, כדי דו זאָלסט אויך גוטס דער-לעבען, און אויב דו וועסט דאָס אוידעלע פון דאָס געמיינע ארויסבע-קומען, וועסטו ווירקען, ווי איך אליין וויל. זיי וועלען זיך ווענדען צו דיר, און נישט דו צו זיי!

מיט א טרויעריג הארץ איז ירמיהו אַבגעגאנגען קיין מצפה צו גדליהו'ן. זיין תלמיד ברוך איז ווידער געווען מיט איהם. נבוכדנאצר האָט פון ירמיהו'ס טעטיגקייט ערווארטעט אזוי פיעל גוטס, אז ער האָט בעפאָהלען, דאָס מען זאָל איהם געבען מתנות און זיין שטענדיג אויסקומעניש. ירמיהו'ס געגענווארט ביי גדליהו'ן האָט אין דער ווירקליכקייט אויפגעמונטערט די געבליבענע אונגליקס-ברידער, און זיי האָבען אָנגעהויבען צו האָפען אויף א בעסערע צוקונפט. גדליהו האָט געלאָזט וויסען אלעמען, אז יענע, וועלכע וועלען צו איהם אונטער זיין שוץ קומען, וועלען קאָנען לעבען רוהיג אויפ'ן לאנד און אין די שטעדט. אזוי ארום האָבען אָנגעהויבען צו קומען צו גדליהו'ן די אידישע צולאָ-פענע פון די פערשיעדענע ארומיגע לענדער. אלע געקומענע האָבען גע-שלאָסען מיט איהם „שלום“, דאָס הייסט: זיי האָבען זיך מתחייב געווען

חאַראַקטער-שוואַכקײט, איז געוואָרען אַ פֿערדערבעניש פֿאַר'ן אידישען רעשט, ווי אויך פֿאַר דער צוקונפֿט פֿון דער יונגער אידישער געמיינדע, וואָס האָט זיך נאָר-וואָס איינגעאָרדענט אין לאַנד. פֿיער יאָהר זענען פֿערלאָפֿען, זינט גדליהו האָט, באַלד נאָכ'ן חורבן, אָנגעהויבען זאַמלען אַרום זיך די צעוואָרפֿענע און צעשטרייטע אידען, ווען ישמעאל איז געקומען איינמאָל קיין מצפה צו אַ פֿערזאַמלונג, און גדליהו האָט איהם איינגעלאַדען צו זיך אויף אַ מאָהלצייט. מעגליך, אַז די פֿערזאַמעלטע זענען שוין געווען בערוישט פֿונ'ם געטרונקענעם וויין, און האָבען פֿון קיין שלעכטס נישט געוואוסט,— ישמעאל מיט זיינע צעהן מענשען האָבען זיך פּלוצלונג געוואָרפֿען מיט בלויזע שווערדען אויף גדליהו'ן און איהם דער'הרג'עט; דערנאָך האָבען זיי אויך אויסגע'הרג'עט אַלע איבריגע אידען און חאַלדייער, וועלכע זענען דאָרט געווען פֿערזאַמעלט און געווען פֿעהיג צו האַלטען געוועהר אין קאַמפּף. די איבריגע איינוואָהנער פֿון מצפה, די זקנים, פֿרויען און קינדער, ווי אויך די סריסים, האָבען זיי גענומען געפֿאַנגען און געהיט, אַז מען זאָל נישט געבען צו וויסען עמיצען וועגען דער מערדעריי. ישמעאל האָט זיך דערוואוסט, אַז אויף מאָרגען דאַרפֿען קומען 80 מענשען פֿון שכם, שילה און שומרון מיט קרבנות און מתנות אין גאָטעס-הויז אַריין. ישמעאל האָט זיי אויפֿגענומען פֿאַר דער שטאָדט און, ווען זיי זענען אַריינגעקומען אין מצפה, האָט ער זיי צושניידעט און געלאָזט אויסשעכטען זיבעציג מענשען פֿון זיי און נאָר צעהן האָט ער געלאָזט לעבען, וויל זיי האָבען איהם צוגעזאָגט אָבצוגעבען די אוצרות, וועלכע זיי האָבען בעהאַלטען אין פֿעלד. דערנאָך האָט ישמעאל מיט זיינע צעהן מענשען גענומען געפֿאַנגען מיט זיך די טעכטער פֿון קעניג, די זקנים, די פֿרויען, די קינדער, ווי אויך דעם אַלטען נביא ירמיהו מיט זיין תלמיד ברוך, כּדי זיי אָבצופֿיה־רען אַלעמען איבער'ן ירדן קיין עמון. דאָרט האָט דער פֿערברעכער געהאָפֿט צו קאָנען זיך בעהאַלטען פֿאַר'ן צאָרן פֿון נבוכדנאצר, נאָכדעם, ווי ער האָט אויסגע'הרג'עט זיין אויפֿגענומענעם איבער'ן לאַנד און די חאַלדייער, וועלכע יענער האָט דאָרט געלאָזען. וואָס האָט אָבער גע־וואָלט ישמעאל מאַכען אין עמון מיט די זקנים און קינדער, איז שווער צו וויסען.

ווי שטאַרק ישמעאל האָט נישט אָבגעהיט די געהיימנים פֿון זיין פֿערברעכען, האָט מען זיך דאָך באַלד פֿון איהר דערוואוסט. יוחנן און די איבריגע הויפּטלייט זענען דורך דער דאָזיגער ידיעה שרעקליך דער־שראָקען געוואָרען. דורך דעם פֿערברעכען האָט מען בײַ זיי צוגענומען דעם לעצטען אָרט, וואו זיי האָבען זיך געקאָנט האַלטען, דען פֿאַר זיי איז קיין ספק נישט געווען, אַז נבוכדנאצר וועט זיי בעשולדיגען אין פֿערברעכען און זיי האַרט בעשטראָפֿען. זיי האָבען דעריבער בעשלאָסען באַלד די ערשטע זאַך, צו פֿערפֿאָלגען ישמעאל'ן. נייבען טייך, אַרום

אַרויסגעבענדיג איהם זייער געוועהר; זיי האָבען זיך אַלע איצט פֿער־
נומען מיט פֿריעדליכער אַרבייט: זיי האָבען בעאַרבייט זייערע פֿעלדער
און אָנגעהויבען אַבבויען די שטעדט, וואָס אין זייערע חורבות האָבען
זיי זיך ביז איצט בעהאַלטען. זיי און זייערע לייט זענען געוועזען אַ גאַנץ
היבשע מחנה, און וויל זיי זענען אַלע געוועזען געלערנטע קעמפּפער און
האָבען זיך געקאָנט האַלטען אַ לאַנגע צייט געגען נבוכדנאצר'ס מחנות,
האָבען זיי אויך איצט, מיט זייער געגענוואַרט, געהויבען דעם מוט
פֿון דער גאַנצער אידישער בעפֿעלקערונג אַרום גדליהו'ן. לסוף איז אויך
געקומען צו גדליהו'ן דער הויפּטמאַן ישמעאל, נתניה'ס זוהן, פֿון דער
קעניגליכער משפחה.

מיט דעם דאָזיגען שלעכט־הערציגען, האַרטען מענשען האָט זיך
אַריינגעצויגען אין מצפה אַ בייזער גייסט, וואָס האָט פֿערטריבען דעם
שלום און די רוהיגקייט פֿון דער קליינער געמיינדע, וואָס איז נאָך אי־
בערגעבליבען אין לאַנד יהודה. ישמעאל האָט אפילו אויך שלום־געמאַכט
מיט גדליהו'ן און די חאַלדייער, אָבער אין טיעפֿען האַרצען האָט ער
געשפּירט אַ געוואַלדיגען צאָרן געגען ביידען און געשמיעדט פּלענער,
איינער גרויזאַמער פֿאַר'ן אַנדערען. צי איז עס געווען די קנאה געגען
גדליהו'ן, וואָס ישמעאל, אַליין אַ קעניגליכער פּרינץ, האָט געמוזט
איהם געהאָרכען, אָדער אין ישמעאל'ן האָט זיך נישט געקאָנט בערו־
היגען דאָס בעליידיגטע פּאַטריאָטישע געפֿיהל, זעהענדיג, וואָס די
חאַלדייער האָבען געמאַכט פֿונ'ם אידישען לאַנד, אָדער אפשר ביידע
געפֿיהלען צוגלייך, האָבען געטריבען ישמעאל'ן צום גרויזאַמען, שרעק־
ליכען פֿערברעכען אַבצוּרוימען גדליהו'ן פֿון וועג? ס'איז קיין ספק נישט,
אַז דעם פּלאַן צום פֿערברעכען האָט אויפֿגעגעבען ישמעאל'ן דער קעניג
פֿון עמון בעלים, וועלכער האָט נישט געקאָנט צוזעהן רוהיג, ווי אין
יהודה האָט אָנגעהויבען וואַקסען אַ נייע לעבען אונטער'ן שוץ פֿון קעניג
נבוכדנאצר. ישמעאל האָט אַ געוויסע צייט צוגעבראַכט אין עמון און
דאָרט האָט איהם דער קעניג בעלים אויפֿגערייצט געגען גדליהו'ן און
אָנגערעדט איהם צו דער'הרג'ענען. דאַדורך האָט בעלים געהאָפֿט, אַז
מען וועט נבוכדנאצר'ס צאָרן אַזוי שטאַרק דערהיצען, דאָס ער וועט
פֿערטיליגען דעם רעשט אידען, וואָס איז נאָך געבליבען אין יהודה. די
איבריגע הויפּטלייט, בעזונדערס, יוחנן קרח'ס זוהן, האָבען זיך דער־
וואוסט פֿון ישמעאל'ס שענדליכען פּלאַן צו ערמאָרדען גדליהו'ן און
האָבען דעם לעצטען געוואָרענט און פֿאַרגעלעגט איהם זייער דיענסט;
זיי האָבען געבעטען ביי איהם אַנ'ערלויבניש צו דער'הרג'ענען ישמעאל'ן,
כדי עס זאָל נישט אונטערגעהן דאָס רעשט אידען. אָבער גדליהו האָט
דער וואָרנונג נישט געגלויבט און ערקלערט, אַז מען טראַכט אויס
אַ שקר געגען ישמעאל'ן.

גדליהו'ס צו־גרויסער גלויבען און צוטרוי אין מענשען, אָדער זיין

דאַרף אויסוואַנדערן קיין מצרים. ווען ירמיהו האָט אַרום זיך פֿערזאַ־
מעלט אַלע אָנפֿיהרער און דאָס פֿאָלק, יונג און אַלט, כדי צו ערקלערען
זיי זיין נבואה, אַז גאָט האָט בעפֿוילען, דאָס זיי זאָלען אין לאַנד
בלייבען, דען נבוכדנאצר וועט זיי קיין שלעכטס נישט טהון, האָט ער
באַלד בעמערקט נאָך זייערע פֿינסטערע פנים'ער, אַז זיי זענען בייז
געגען איהם, דען זיי האָבען שוין בעשלאָסען צו געהן קיין מצרים. דער
נביא האָט דעריבער ערקלערט ווייטער, אַז אויב זיי וועלען געהן קיין
מצרים, וועט זיי דערגרייכען דאָרט דאָס שווערד, פֿאַר וועלכען זיי האָבען
מורא. קיינער פֿון זיי וועט שוין מעהר דאָס פֿאָטערלאַנד נישט זעהען,
און זיי וועלען אומקומען אין פֿערשיעדענע פגעים רעים. ווי נאָר ירמיה׳
האָט זיין רעדע געענדיגט, זענען די אָנפֿיהרער אַרויסגעטראָטען געגען
איהם און אויסגערופֿען: „דו רעדסט ליגען! נישט גאָט האָט דיר דאָס
געזאָגט, נאָר ברוך האָט דיר אָנגערעדט אונז צו געבען אַזאַ עצה“. און,
נישט וועלענדיג הערען ווייטער דעם נביא, האָבען זיי זיך אין וועג ־־־
לאָזען קיין מצרים, פֿיהרענדיג מיט זיך די גאַנצע מחנה, ציי מיט'ן גוטען
ווילען צי געגען דעם. אויך ירמיהו און ברוך האָבען געמוזט מיטגעהן,
וואָרום וואָס האָבען זיי אַליין געקאָנט טהון אין'ם פֿערלאָזענעם לאַנד?
אַזוי האָט די גאַנצע מחנה געוואַנדערט, ביז זי איז געקומען צו דער
גרעניץ־שטאָדט תחפנחס (Taphnaï), א בעפֿעסטיגטע שטאָדט
אויף איינעם פֿון די טייכען, וואָס גיסען זיך אַריין אין נילוס. דער קעניג
פֿון מצרים, הפרע, האָט זיי אויפֿגענומען פֿריינדליך; ער האָט דאָך פֿאָרט
געשפּירט, אַז אין אַלע אידישע אומגליקען איז ער דער הויפּט־שולדיגער,
דען ער האָט אידען אָנגערעדט, צו מאַכען דעם אויפֿשטאַנד געגען בבל.
אין מצרים האָבען זיי געפֿונען אידישע געמיינדעס, וועלכע האָבען זיך
שוין דאָרט פֿריהער בעזעצט אין די שטעדט מגדל, תחפנחס, מוף און
סאין (מעמפֿיס און תתרום). אָט אַזוי זענען די בני יעקב נאָך פֿערלויף
פֿון העכער טויזענד יאָהר צוריקגעקומען אַהין. ווי פֿערענדערט האָט
זיך אָבער איצט די לאַגע! דאַמאָלס זענען עס געווען קרעפֿטיגע מענשען,
וועלכע האָבען געשטאַמט פֿון פאַסטוכער, מיט א גאַנצער, נישט צובראָ־
כענער נשמה, פֿול מיט די שענסטע האָפֿנונגען; איצט אָבער זענען
צוריקגעקומען צובראָכענע נשמות, נאָך א לאַנגען קעמפֿפֿען, מיט
א פֿערוויסטען הארץ, מיט א צושטערטען גייסט, ווייט פֿון זייער גאָט,
ווייט פֿון זייער לאַנד, אָבגעריסען פֿון זייער פֿאָלקסטימליכקייט, אָבער
נאָך נישט אויף אַזוי פֿיעל, אַז זיי זאָלען זיך קאָנען אינגאַנצען אָברייסען
פֿון איהר און צונויפֿגיסען זיך מיט די אַרומיגע פֿעלקער, כדי אונטער־
צוגעהן און פֿערשווינדען, נישט זייענדיג מעהר קיין בעזונדער פֿאָלק.
דערווייל האָבען זיי געלעבט אין מצרים, צוהערענדיג זיך דורשטיג, ווי
געוועהנליך עמיגראַנטען טהוען, צו יעדער פּאָליטישער נייער געשע־
העניש, אין דער האָפֿנונג, אפשר וועט זיך פֿאַר זיי עפֿענען א געלעגענ־

גבעון, האָבען זיי איהם אָנגעיאָגט און געוואָלט מיט איהם פיהרען מלחמה. ישמעאל׳ס געפאַנגענע זענען אַריבערגעגאַנגען צו זיי, און, ווי עס שיינט, איז עס געקומען צו אַ מלחמה צווישען יוחנן און ישמעאל׳ן, דען פון ישמעאל׳ס לייט זענען צוויי מענשען דער׳הרג׳עט געוואָרען. ישמעאל׳ן איז אָבער געלונגען צו ענטלויפען איבער׳ן ירדן מיט זיינע איבריגע אַכט מענשען צוריק קיין עמון. זיין אונמענשליך פער־ברעכען איז איהם געלונגען אויסצופיהרען: מיט גדליהו׳ס טויט איז אויך חרוב געוואָרען דאָס רעשט פון אַ אידיש לעבען אין יהודה.

דען די איבערגעבליבענע אידען האָבען זיך נישט געקאָנט בעַ־שליסען אין לאַנד צו בלייבען. זייער לאַגע איז געווען שרעקליך; זיי האָבען נישט געגלויבט, אַז נבוכדנאצר זאָל פון זיי נישט נעהמען קיין נקמה און האָבען דעריבער געזעהען פאַר זיך נאָר איין וועג — דעם לאַנגען וועג קיין מצרים. דערצו האָט מען זיך אָבער געמוזט צואַיילען, נאָך איידער נבוכדנאצר וועט שיקען זיינע מחנות זיי צו פערפאָלגען. די אידישע אָנפיהרער מיט יוחנן בראש האָבען זיך דעריבער געלאָזט געהן צו דרום־צו, קיין מצרים. באַלד אָבער האָבען זיך געלאָזט הערען רו־היגערע שטימען, וועלכע האָבען געפרעגט, אויב עס וואָלט אפשר נישט געווען גלייכער צו האַלטען זיך פעסט אַרום איינענעם לאַנד, איידער צו געהן אין אַ פרעמד לאַנד געגען אַנ׳אונבעוואוסטער און אונזיכערער צוקונפט. ווי עס שיינט, האָט דעם דאָזיגען געדאַנק דערוועקט ברוך, ירמיהו׳ס תלמיד; איינציגע אָנפיהרער האָבען מיט איהם איינגעשטימט, וועהרענד אַנדערע זענען געווען געגען עס. די פראַגע איז געווען זעהר אַ וויכטיגע, ווייל פון איהר איז אָבגעהאַנגען די צוקונפט און דאָס לע־בען פון פיעל מענשען, די אָנפיהרער האָבען אָבער זיך נישט געקאָנט צוזאַמענרעדען און אָננעהמען אַנ׳איינשטימיגען בעשלוס. ס׳איז דעריבער געבליבען ביי זיי איבערצולאָזען די פראַגע דעם נביא ירמיהו׳ן, וועלכער זאָל גאָט בעטען, אַז ער זאָל איהם ענטדעקען אין אַ נבואה, וואָס זיי זאָלען טהון. דערביי האָבען אַלע געשוואָרען, אַז זיי וועלען פאָלגען דעם נביא, וואָס ער זאָל זיי נישט ראַטען, צי ווי זיי ווילען, צי געגען זייער ווילען.

צעהן טעג נאָכאַנאַנד האָט ירמיהו גאָט געבעטען, אַז ער זאָל איהם דעם נביא׳ישען גייסט געבען און וויזען דעם ריכטיגען וועג, ווי אַזוי צו ראַטען זיינע אונגליקליכע ברידער. די שרעקליכע ענוים, וואָס דער אַלטער נביא איז אויסגעשטאַנען אין די לעצטע וואָכען, די גרויסע מאָראַלישע און פיזישע יסורים האָבען פערפינסטערט זיין גייסט, ווי עס שיינט, און דער ריינער נבואה׳ישער גייסט האָט זיך שוין אַזוי אָפט צו איהם נישט געוויזען. דערווייל האָט זיך אָבער געענדערט די שטי־מונג אַרום דעם נביא, און די אַלגעמיינע מיינונג איז געווען, אַז מען

נידעריגען געביעט (שפלה) ביז'ן מיטעללענדישען ים. צווישען די פער־
טריבענע אידען האט געגען דעם געהערשט א שטארקער צארן, אויפ־
רעגונג און שנאה געגען די אדומים, וועלכע זענען אזוי פרעהליך געווען
זעהענדיג דאס אונגליק פון אידישען פאלק און האבען מיט אזא חשק
טיילגענומען אינ'ם צושטערען די שטאדט ירושלים, דעם בית־המקדש
און בערויבען דאס לאנד. ווי אויך געגען זייער גרויזאמקייט ביי'ם
ארויסגעבען די אידישע אנטלאפענע צו די כאלדייער און פערנעהמען
זייער לעצט ביסעל פערמעגען. צווייי נביאים, וועלכע האבען זיך ארויס־
געראטעוועט פון דער שרעקליכער בלוט־באד און געלעבט צווישען די
פערטריבענע אידען אין גלות, האבען ארויסגעזאגט זייערע געפיהלען
פון צארן און וועהטאג געגען אדום: עובדיה און נאך איין נביא, וואס
זיין נאמען איז אונז אונבעוואוסט. ביידע האבען נבואה געזאגט אויף
דאס „פערהאסט קליין פעלקעל“, אז עס וועט אויך טרינקען דעם ביטערען
בעכער, און אדום וועט פערוויסטעט ווערען אויף אייביג פאר אלע
שלעכטסקייטען, וואס די אדומים האבען ארויסגעוויזען געגען אידען.

די אויסגעוואנדערטע און ענטלאפענע פון יהודה האבען איבעראל
זיך בעגעגענט מיט ווענינ ליעבשאפט מצד די פעלקער; מייסטענס האט
מען זיי אויפגענומען גאר ניט אנ'אפענער. אדער א פערבעהאלטענער
שנאה. דאס אידיש לאנד איז געלעגען וויסט און פערהוילדעט און א טייל
איהרען האט גאר פערנומען אדום. דאס אלץ האט אבער נישט צוגע־
נומען ביי די פערטריבענע און אויסגעוואנדערטע אידען די האפנונג, אז
זיי זאלען זיך באלד ווידער צוריקקעהרען אין זייער לאנד און בעזעצען
עס. די דאזיגע האפנונג האט זיך אין זיי געשטארקט, בעזונדערס, צו־
ליעב די מלחמות, וואס האבען דאמאלס אויסגעבראכען אין לאנד.
פונ'ם דאזיגען טעות האט זיי געוואלט בעפרייען דער אלטער נביא
ירמיהו. ער האט אויסגערעדעם אויך געוואלט זאגען זיין שארף ווארט
די אידען, וואס האבען אין מצרים געוואהנט, ווייל דאס אלגעמיינע
אידישע אונגליק האט זיי נישט געבעסערט, און זיי האבען אין מצרים
ווידער אנגענומען דעם קולט פון דער געצין נעאיט. אדער דער
הימעלס־קעניגין, ווי מען פלעגט זי רופען. ביי דער דאזיגער שטרע־
בונג, צו שטעלען הויך אלץ, וואס פרעמד איז, האבען זיי אבער, אויך
זיי גאר אונפערשטענדליכען אופן, אין פערבלענדעניש זיך נישט אבגע־
זאגט אויך פון זייער אייגענעם קולט. דיענענדיג צו דער מצרים'שער
געצין, פלעגען זיי נאך פונדעסטוועגען רופען אין דער נויט צום אידישען
גאט, מתפלל זיין צו איהם און זיין שווערען אין זיין נאמען. צום לעצטען
מאל פאר זיין טויט האט דער נביא ירמיהו געוואלט זאגען זיינע ברי־
דער, אז ביי אזא אונפערבעסערליכקייט וועלען זיי זייער פאטערלאנד
קיינמאל צוריק נישט זעהען. ירמיהו האט דעריבער געלאזט צוזאמענ־
רופען די אידען אויף א גרויסער פערזאמלונג אין תחפנחס. דער אלטער

הייט צו קומען צוריק אהיים און קאָנען דאָרט לעבען אין דער אמאָליגער איינענער פרייהייט.

דאָס לאַנד יהודה איז דערווייל אינגאַנצען וויסט געבליבען אָהן א בעפעלקערונג. נבוכדנאצר האָט נישט אויפגענומען גלייכגילטיג די געשעהענישען אין מצפה, וואו מען האָט ערמאָרדעט גדליהו'ן מיט זיינע מענשען. ווי עס שיינט, האָט ער איינגעזעהען, אַז ער האָט געמאַכט א פעהלער, וואָס ער האָט געלאָזען וואָהנען מענשען אין לאַנד אָהן קיין שום בעשיצונג, בלויז פערלאָזענדיג זיך אויף איין מענשען. נבוכדנאצר האָט ווידער געשיקט זיין הויפטמאַן נ ב ו ז ר א ד ן; נאָר ער האָט שוין די אידישע אָנפיהרער דאָ נישט אָנגעטראָפען, אויסער עטליכע רוהיגע לאַנדאַרבייטער, גערטנער און וויין-זאַמלער, מיט זייערע ווייבער און קינדער, סך-הכל זיבען הונדערט מיט פינף און פערציג פערזאָן, שוין גאָר דאָס לעצט ביסעל פונ'ם גאַנצען אידישען פאָלק. זיי אַלעמען האָט נ ב ו ז ר א ד 'ן גענומען געפאַנגען און אָבגעפיהרט קיין בבל (652 פאַר'ן צווייטען חורבן). דאָס איז געווען דער דריטער און לעצטער גלות נאָך יהויכין. די אונשולדיגע האָבען אויך דאָס מאָל געדאַרפט בעצאָהלען פאַר די שולדיגע. וואָס עס איז געוואָרען פון ישמעאל מיט זיינע בלוטיגע לייט, האָט די געשיכטע נישט פערצייכענט. דער נאָמען פון ג ד ל י ה ו, אחיקם'ס זוהן, איז, צוליעב דעם געוואַלטזאַמען טויט און זיינע שרעק-ליכע פאָלגען פאַר'ן רעשט אידען, געבליבען צום אייביגען אָנדענקען ביי אידען. צום אָנדענקען פון זיין טויט האָט מען בעשטימט דעם דריטען טאָג פון חודש תשרי פאַר א טאָג פון טרויער און תענית פאַר אַלע אידען, וואָס זענען געווען אין גלות, סיי אין בבל, סיי אין אַנדערע לענדער. — נבוכדנאצר האָט בעשלאָסען, נאָך גדליהו'ס טויט, קיין איינציגען אידען נישט איבערצולאָזען אין גאַנצען לאַנד יהודה. דאָס לאַנד איז דעריבער געבליבען גאָר פערוויסטעט, אָהן מענשען. אנשטאָט זיי האָבען ווילדע חיות זיך אריינגעצויגען אין לאַנד. א שפּעטערדיגער נביא האָט געקלאָגט איבער דעם דאָזיגען חורבן: „די היילינע שטעדט זענען וויסט געוואָרען, ציון איז א מדבר, ירושלים — א גרויזאַמער אָרט פון פערוויסטונג". אין גאַנץ יהודה האָט מען מעהר קיין לעבע-דיגען מענשען, קיין בהמה, אפילו קיין פויגעל אין ערגעץ נישט געקאָנט טרעפען, אַלע זענען פערוואָגעלט געוואָרען, אַלע ארויסגעגאַנגען פונ'ם לאַנד. אויך די דאָזיגע תוכחה, וועלכע די נביאים האָבען פאָראויסגע-זאָגט, איז מקוים געוואָרען. דער באָדען פון יהודה האָט זיך איצט גע-קאָנט אויסרוהען און פייערען די שמיטה- און יובל-יאָהרען, וועלכע די בעפעלקערונג האָט נישט געפייערט, ווען זי האָט נאָך אין לאַנד גע-וואָהנט. נאָר אין דרום-קאַנט האָבען די איינוואָהנער פון אדום פער-נומען איניגע ערטער פון יהודה — מיט דער ערלויבניש פון נבוכדנאצר, אָדער אָהן איהר — און אויסגעברייט דאַדורך זייער לאַנד אויף דעם

נאר נישט דורך נבוכדנאצר'ן איז הפרע אומגעקומען. אין א מלחמה געגען קירענע האט די מצרים'שע ארמעע געהאט א גרויסע מפלה, אין די מצרים'ער קריעגער, וועלכע זענען אין כעס געוועזן אויף'ן קעניג, פאר וואס ער פלעגט מיט א בעזונדער ליעבשאפט זיך ארימרינגלען מיט קריעגער, געדונגענע פון די גריכען, האבען זיך צובונטעוועט געגען דעם קעניג הפרע. איין עגיפטער פון נידריגען שטאנד האט זיך גע־שטעלט אין שפיץ פון'ם בונט; ער האט מנצח געוועזן דעם קעניג הפרע און אראבגעזעצט איהם פון טהראן. דערנאך האט ער איהם געלאזט דערווערגען און זיך געזעצט אויף זיין טהראן. דער דאזיגער נייער קעניג פון מצרים האט קודם־כל געזעהען צו מאכען זיך בעליעבט ביי'ם פאלק אין מצרים, ווי אויך ביי די געדונגענע גריכישע קריעגער; די אידישע איינגעוואנדערטע פון לאנד יהודה האבען פאר איהם קיין שום בעדיי־טונג נישט געהאט. מיט זיי האט זיך מעהר קיינער נישט אינטערעסירט, און אט ערשט האבען זיי איינגעזעהען, אז זייער חלום, צו קאנען זיך אומקעהרען צוריק קיין יהודה מיט דער הילף פון מצרים, איז געוועזן — א פוסטער חלום. ווי עס שיינט, האט ירמיהו נאך דערלעבט די דאזיגע צייט אויך, און ער האט געהאט די מעגליכקייט צו זעהען, ווי די אידען האבען זייער טעות אנערקענט.

און טיעפען עלטער איז דער נביא ירמיהו נאך טרויעריגער גע־ווארען, ווייל עס איז איהם נישט געלונגען „ארויסצוציהען דאס ערהא־בענע פון'ם געמיינעם“, ווי גאט האט פון איהם פערלאנגט. דער רעשט אידען, מיט וועלכען ער איז קיין מצרים געקומען, האט מיט א ווילדער עקשנות זיך פעסטגעהאלטען ביי זיינע שגעונות און געצענדיענערייע. ירמיהו'ס מיה איז אבער נישט געוועזן אומזיסט: די זאמען, וועלכע ער האט פערזייהט אין מצרים, זענען אויפגעגאנגען אין אנ'אנדער באדען, אין לאנד בבל, אונטער דער גוטער אויפזיכט פון זיינע חברים, די נביאים. דאס, וואס ער האט געהערט אין זיין ערשטער נבואה, אז ער איז בעשטימט געווארען נישט בלויז אויף צו צושטערען און צוברעכען, נאר אויך אויף צו בויען און צו פלאנצען, — דאס איז מקוים געווארען אין אנ'אנדער קרייז, דארט אין צפון־לאנד, אין בבל, וואו עס האט אנגעהויבען וואקסען און בליהען א נייע לעבען, מיט נייע אידעאלען ביי'ם אידישען פאלק.

ענדע פון דעם ערשטען פעריאָד

נביא איז נאָך פֿאָרט געוועזען אַ גרויסער חשוב ביי אידען, און אויף זיין
איינלאַדונג זענען געקומען פֿיעל מענשען. דער נביא האָט די פֿערזאַ־
מעלטע געשילדערט מיט קלאָרע ווערטער זייער פֿערדאָרבענהייט: „צו
וואָס זאָלט איהר אַליין זיך טהון שלעכטס, אַז עס זאָל פֿון אייך קיין
שריד ופליט נישט איבערבלייבען, און מאַן און פֿרוי, יונג און קינד
זאָלען איינגאַנצען פֿערטיליגט ווערען פֿון לאַנד יהודה? דאָס אלץ מוז
דאָך אָבער קומען צוליעב אייערע שלעכטע מעשים, צוליעב אייער גע־
צענדיענערייי אפילו אויך אין אַ פֿרעמד לאַנד. איהר ווערט דאָך אַ קללה
און אַ חרפה צווישען די פֿעלקער“... די דאָזיגע האַרציגע, נישט־גע־
קינסטעלטע רעד פֿון'ם גרייז־גראָהען נביא האָבען אָבער זייער ציעל
נישט דערגרייכט. דער געצענדיענסט איז אַזוי טיעף געוועזען איינגעוואָר־
צעלט אין די אידישע הערצער, אַז זיי האָבען זיך מיט איהם עפֿענטליך
בעריהמט און האָבען דעם נביא אין די אויגען געזאָגט, אַז זיי וועלען
זיך פֿון איהם נישט אָבזאָגען. אויף אַ העכסט־חוצפה'דיגען אופן זענען
אָבער אַרויסגעטראָטען די פֿרויען: „דעם נדר, וואָס מיר האָבען זיך
געטהון, צו ברענגען ווייהרויך און וויין דער הימעלס־קעניגין, וועלען
מיר ערפֿילען, ווי מיר און אונזערע אבות האָבען דאָס געטהון אין לאַנד
יהודה און אין די גאַסען פֿון ירושלים. דאַמאָלס האָבען מיר געהאַט
אַלץ אין אַ פֿולער מאָס, אי ברויט, אי וויין, און מיר זענען געוועזען
גליקליך. זינט אָבער מיר האָבען אויפֿגעהערט צו ברענגען קרבנות דער
הימעלס־קעניגין, ליידען מיר מאַנגעל אין אַלץ און מיר זענען אומגעקו־
מען דורכ'ן שווערד און אין הינגער“. ירמיהו האָט ערקלערט: „ערפֿילט־
זשע אייערע נדרים... און אַלע אידען אין לאַנד מצרים וועלען אומקומען.
נאָר נישט פֿיעל פֿון זיי וועלען זיך אַרויסראַטעווען פֿון טויט דורכ'ן
שווערד, צו קאָנען קומען צוריק אין לאַנד יהודה, און אַט זיי וועלען
וויסען, וועמענס וואָרט איז דאָס ריכטיגע, מיינע, אָדער אייערע“. און
דער נביא האָט אויך געגעבען זיי אַ צייכען צום בעווייז, אַז ער זאָגט
אמת: דער קעניג פֿון מצרים, חפרע, אויף וועלכען זיי האָבען זיך אַזוי
שטאַרק פֿערלאָזען, וועט אַריינפֿאַלען אין די הענד פֿון זיינע פֿיינד,
פּונקט, ווי דער מלך צדקיהו איז אַריינגעפֿאַלען אין נבוכדנאצר'ס הענד.

אין יענער צייט (641 פֿאַר'ן צווייטען חורבן) האָט נבוכדנאצר,
ווי עס שיינט, צוזאַמענגענומען ווידער אַ גרויסע אַרמעע, צו געהן געגען
מצרים. דעם פּלאַן איינצונעהמען מצרים, וועלכען ער האָט אויפֿגענומען,
באַלד ווי ער איז קעניג געוואָרען, האָט נבוכדנאצר בעזונדערס איצט
געוואָלט פֿערווירקליכען, ווייל חפרע האָט עס געוואַגט אָנצופֿאַלען אויף
פֿעניקיען, וועלכע איז געווען איהם, נבוכדנאצר'ן, אונטערטעניג. צווי
גרויסע נביאים, ירמיהו אין מצרים און יחזקאל אין בבל, האָבען פֿאָר־
אויסגעזאָגט, אַז מצרים וועט האָבען אַ מפּלה דורך נבוכדנאצר'ן. די
נביאות, אַז חפרע וועט האָבען אַ מפּלה, זענען טאַקי מקוים געוואָרען,

## דער צווייטער פעריאד.

# דער גלות פון בבל און די ערשטע צייט פון בעפרייאונג.

---

### ערשטער קאפיטעל.

## דער גלות פון בבל.

(פון 656 ביז 608 פאר'ן צווייטען חורבן, אדער 586 ביז 536 פאר דער געוועהנליכער צייט-רעכנונג).

די נבואה פון ישעיהו, ירמיהו און יחזקאל, אז פון גאנצען פאלק יהודה וועט איבערבלייבען בלויז א קליינער טייל, „שארית ישראל“, איז מקוים געווארען. ווייניג, זעהר ווייניג איז געבליבען פון אידען, גאנץ קליין איז געוועזען דער „רעשט“. פון אונגעפעהר פיער מיליאן נפשות, פון וועלכע ס'איז בעשטאנען די בעפעלקערונג פון די צוועלף שבטים אין דוד המלך'ס צייט, האט מען גערעכנט אנגענומען, אז די שבטים יהודה און בנימין האבען געהאט א מיליאן נפשות. אין א משך פון פיער הונדערט יאהר האט זיך דער דאזיגער מיליאן געווים געמעהרט און פערגרעסערט. פון דער דאזיגער גרויסער צאהל איז נאך דער מלחמה און אלע איבעריגע פגעים-רעים געבליבען זעהר ווייניג. מיליאנען מענשען זענען אומגעקומען דורך דעם שווערד, פון הונגער און אין דער מגפה; זעהר פיעל זענען אבער אויך פערלארען געגאנגען אין געפאנגענשאפט אין פרעמדע לענדער. פונ'ם דאזיגען רעשט איז דער גרעסטער טייל פערשיקט געווארען קיין בבל, העכסטענס הונדערט-טויזענד נפשות; קלענערע גרופעס האבען זיך בעזעצט אין מצרים, אויסער דעם זענען געוועזען טייל אידען פון די עשרת-השבטים אויך אין די לענדער מדי, פרס און פעניקיען. וויפיעל אידען זענען אבער פערקויפט געווארען פאר שקלאפען דורך די גריכישע מענשען-הענדלער!

ווי אזוי האט זיך געזאלט ערהאלטען און נאך ווידער איפלעבען אט דער „קליינער רעשט“, וועלכער איז דאך אי קערפערליך, אי גייסטליך, געוועזען שוואך און נידערגעשלאגען, פערוואגעלט אין דער פרעמד און פערהאסט פון די פרעמדע פעלקער, צווישען וועלכע ס'האט געלעבט

# ער צווייטער פעריאד:

## דער גלות בבל און די ערשטע צייט פון צווייטען בית־המקדש.

### ערשטעס קאפיטעל:

#### דער גלות־בבל.



### צווייטעס קאפיטעל:

#### דער ארויסגאנג פון גלות און די נייע ירושלים.



### [illegible]טע ק[illegible]טעל:

#### די ערשטע צייט נאך נחמיה, אדער די צייט פון די סופרים.

פלעגט זיי רופען, „דוד'ס קינדער", האָבען זיך געלעבט, אַלס אַ בעזונדערע געשלאָסענע גרופע. די דאָזיגע מיוחסים האָבען אויך געקאָנט האַלטען ווייטער ביי זיך זייערע האַלב־שקלאַפען, ד. ה. די, וועלכע זענען אַרויסגעקומען פון יענע כנען־פעלקער, וואָס שלמה האָט גע־צוואונגען צו ערפילען שווערע קנעכטישע אַרבייט. אויך די משפחה פון כהן־גדול האָט ערהאַלטען אַנ'ערלויבניש צו האַלטען אויך ווייטער איהרע שקלאַפען, וואָס האָבען געשטאַמט פון די פאַרצייטיגע „גבעונים", אין פלעגען פאַר'ן בית־המקדש ערפילען דעם דיענסט פון האָלץ־העקער און וואַסער־טרעגער (אין יענער צייט האָט מען זיי גערופען „נתינים"). די בעוואוסטע משפחות פון לאַנד יהודה האָבען זיך געקאָנט שפירען אין בבל גאַנץ היימיש, דען דער גלות האָט זיך מיט קיין שום בעגרענצונג פון זייערע רעכטע נישט אַרויסגעוויזען. זיי האָבען אויך באַלד אויסגע־לערנט די בבל'ישע שפראַך (חאַלדייאיש), וועלכע זיי האָבען איינגע־פיהרט ביי זיך אין דערהיים און אין טעגליכען געברויך; דאָס איז בע־זונדערס לייכט געווען, וויל די דאָזיגע שפראַך איז גאַנץ עהנליך צו העברעאיש, און נאָך פריהער האָבען זיי שוין די דאָזיגע שפראַך, ווע־ניגסטענס, פערשטאַנען. די יחוס־משפחות האָבען זיך געהאַלטען פעסט איינע אָן די אַנדערע און געפיהרט כמעט אַנ'אָבגעשלאָסען לעבען, בע־זונדערס, דערפאַר, וואָס זיי האָבען געהאָפט, אַז אינגיכען וועט פאָר־קומען אַ גינסטיגע געשעהעניש, וועלכע וועט פאַר זיי מעגליך מאַכען דאָס אומקעהרען זיך צוריק אין ארץ־ישראל און פערנעהמען ווידער די ממשלה אין זייערע הענד. די דאָזיגע משפחות האָבען זיך בבל וועניג וואָס געבעסערט דורך דער שרעקליכער תוכחה, וואָס האָט זיך אויף דאָס אידיש פאָלק אויסגעגאָסען; אויך נבוכדנאצר'ס מילדקייט געגען זיי, האָט זיי אַליין נישט געמאַכט מילדער אין דער בעציהונג צו יענע מענשען, וואָס זענען פון זיי אָבהענגיג געווען. ווען דער גייסט פון אָט די „מיוחסים" וואָלט זיך געשטאַרקט צווישען די פערטריבענע אידען אין גלות, וואָלטען זיי גיכער געקאָנט ברענגען שאָדען, דעם אי־דישען פאָלק, אוידער נוצען. זיי האָבען נאָך איצט אויך נישט אויפגע־הערט צו טראַכטען וועגען מאַכען אַנ'אויפשטאַנד געגען בבל, אין דעריבער פלעגט דער נביא יחזקאל זיי שטענדיג שטראָפען און אָנרופען זיי „דאָס ווידערשפעניג הויז". די גאוה און די האַרטהערציגקייט האָבען די יחסנים געבראַכט מיט זיך פון ירושלים אויך אין גלות.

צום גליק אָבער, האָט די אידישע צוקונפט זיך נישט געהאַלטען אויף די דאָזיגע יחסנים; נישט פון זיי האָט געזאָלט קומען די אידישע ישועה. זיי זענען זיך געבליבען מיט זייערע פעהלערען, אונפערבעסערט אין שטאָלץ, האַרטהערציג און פערברעכעריש; עס זענען אָבער אָבגע־פיהרט געוואָרען קיין בבל אויך בעסערע עלעמענטען, אַזעלכע אידען, וואָס זענען געווען אינגאַנצען אָנגעזאָפט מיט'ן גייסט פון די נביאים

אין געפאנגענשאפט? לויט'ן געוועהנליכען מענשליכען חשבון האט אט דאס קליין הייפעלע איבערגעבליבענע אידען געדארפט אין דער פרעמדער, שטארקער סביבה איינגאנצען אונטערגעהן אין א קורצער צייט, אהן קיין שום שפור נאך זיך. אידען זענען אבער נ י ש ט אונטערגעגאנגען; זיי האבען זיך דערהויבען פון דער ניעדעריגסטער שפלות, פונ'ם שטויב, און דערלעבט נאך גלענצענדע צייטען, און דאס איז דער וואונדער פון דער היסטאריע.

נבוכדנאצר האט פערוויסטעט דאס אידישע לאנד, חרוב געמאכט די הויפטשטאדט ירושלים און דעם בית־המקדש, אבער מיט יענע אידען, וועלכע ער האט געלאזט אפפיהרען קיין בבל, האט ער זיך בע־גאנגען אנדערש, נאכדעם, ווי זיי האבען זיך בעזעצט אין זיין לאנד: ער האט זיי געלאזט פריי לעבען. נבוכדנאצר איז בכלל נישט גלייך געוועזען צו יענע ווילדע דעספאטען פון פריהערדיגע אדער שפעטער־דיגע צייטען, וועלכע האבען איינגענומען פרעמדע לענדער און, צוליעב זייער קורצזיכטיג נקמה־געפיהל, האבען זיי זייער איינגענומענעם פיינד אבגעשוואכט ביז פאלקאמער אונמעגליכקייט, אדער איהם גאר פער־ניכטעט מיט אכזריות, ווי א חיה, וואס מען פערוואונדעט אויף דער יאגד. פאר'ן חאלדייאישען קעניג נבוכדנאצר איז אויך אזוי וויכטיג געוועזען דאס גרינדען און אויפבויען נייע לענדער, ווי דאס איינגעהמען פרעמדע מלוכות. די גרויסע מלוכה, וואס ער האט געגרינדעט, האט ער געשטרעבט צו בעפעלקערען און מאכען רייך און מעכטיג. צו דער אלטער שטאדט בבל האט ער צוגעבויט א נייעם שטאדט־טייל אין מזרח־זייט פון טייך פרת און אויסגעבויט א מויער ארום דער אלטער און נייער שטאדט, וואס איז געוועזען, לפחות, פינף און זעכציג ווייארסט לאנג. אזא גרויסע שטאדט, אויב זי האט נישט געזאלט בלייבען פוסט און איינזאם, האט געברויכט צו האבען א גרויסע בעפעלקערונג. ער האט דעריבער געגעבען די אידישע געפאנגענע, ווי אויך בכלל אלע געפאנ־גענע, וואס ער האט צוזאמענגעבראכט פון פערשיעדענע פעלקער, פרייע פלעצער אין זיין הויפטשטאדט בבל, כדי זיי זאלען זיך דארט בעזעצען. בעזונדערס גערן האט ער בעזעצט אין זיין הויפטשטאדט יענע געפאנ־גענע, וועלכע האבען זיך איהם איבערגעגעבען נאך פאר'ן חורבן פון ירושלים; די דאזיגע אידען האט ער בעהאנדעלט מיט א בעזונדערען חסד; דער חסד איז געגאנגען אזוי וויט, אז ער האט אפילו ערלויבט גאנצע משפחות און איינוואהנער פון די שטעדט אין יהודה און בנימין, צו לעבען מיט אלע זייערע פריינד צוזאמען, ווי אויך מיט זייערע שקלאפען, וועלכע האבען געמעגט ביי זיי בלייבען, און זיי האבען גע־קאנט לעבען, ווי א בעזונדערע געמיינדע, ווי זיי זענען געוועזען ביי זיך אין דער היים. די אייזעלע משפחות, וואס מען האט פערטריבען קיין בבל פון ירושלים, די פרינצען פון קעניגליכען הויז, אדער, ווי מען

הויבען צו רעדען, און דאס, וואס ער האט איצט גערעדט, איז געוואָרען פאר'ן רעשט פון אידישען פאלק א קוואל פון לעבען און אויפלעבונג.

אין זיינע שטראף-רעדעס ווענדעט זיך דער נביא יחזקאל פריהער פאר אלץ צו יענע „יחסנים פון יהודה“, די שרים און זקנים, וועלכע האבען זיך איינגעאָרדענט אין בבל אנ'אנגענעהם לעבען, און געדריקט שטארק זייערע קנעכט, די גבעונים און די האלב-קנעכט פון שלמה המלך, בעגעהענדיג זיך מיט זיי מיט הארטער גרויזאמקייט. דערנאך איז ער ארויסגעטראטען געגען דער געצענדינעריי, פון וועלכער פיעל אידען האבען זיך נישט געקאָנט אבזאגען.

יחזקאל האט אבער געדארפטווירקען נאך אין אנ'אנדער ריכטונג אויך. ווי די איבעריגע נביאים, האט ער געפלאנצט די האפנונג, אז אידען וועלען זיך נאך אומקעהרען אין זייער לאנד, דערביי וועט מוזען פארקומען א גרינדליכע ענדערונג אין זייערע אנשויאונגען און האראקטער. עס זענען אבער געווען צווישען די פערטריבענע נישט ווייניג מענשען, וועלכע זענען אזוי שטארק פערצווייפעלט געווען דורך די איבערגעלעבטע אונגליקען, דאס זיי האבען גארנישט געגלויבט, אז דאס פאלק זאל קאָנען נאך א מאל אויפלעבען, און די האפנונג וועגען אומקעהרען זיך צוריק אין ארץ־ישראל האבען זיי געהאלטען פאר א פוסטען חלום. זיי האבען גע'טענה'ט: „פערטריקענט זענען אונזערע ביינער, פערשוואונדען איז אונזער האפנונג, מיר זענען פערניכטעט“. יחזקאל האט דעריבער געהאלטען פאר די וויכטיגסטע אויפגאבע צו פערטרייבען אט דעם יאוש פון די הערצער. ער האט געמאָהלט דאס גראנדיעזע בילד פון א טהאל, פול מיט מענשליכע צעוואָרפענע ביינער, די ביינער האבען דערשפירט לעבען אין זיך, רוקען זיך נעהנטער איינער צו'ם צווייטען, אין א הויט ווערט אויף זיי אריבערגעצויגען, און בלוט האט אנגעהויבען קוועלען אין די אדערען, און א לעבעדיגער אטעם איז אין זיי אריינגעקומען, און זיי האבען זיך ענדליך דערהויבען און אויפגעשטאנען — א גרויסע לעבעדיגע מחנה. — אין אט דעם משל האט יחזקאל בעוויזען די פערצווייפעלטע, ווי אזוי די אידישע אויפלעבונג וועט פארקומען.

און נאך איין פערצווייפעלטע גרופע איז געווען צווישען די פערטריבענע אידען אין גלות — יענע, וועלכע האבען שוין אליין אויך פערשטאנען, אז די זינד פון אידישען פאלק איז צו־גרויס, און זי האט זיך שוין צו־שטארק איינגעגעסען אין פאלקס־ארגאניזם, דאס עס זאל נאך מעגליך זיין, אז דאס פאלק זאל זיך קאָנען אויסבעסערן. הונדערטע יאָהרען האט דאס פאלק געדיענט די אבגעטער און געפיהרט א פערדארבען לעבען. איצט איז דאס שוין א זאך, וואס געהערט דער פערגאנגענהייט, פון וועלכער קיינער קאָן עס נישט אויסמעקען; די זינד קאָן ברענגען נאר צו איין זאך: דער זינדיגער מוז אבשטארבען. די דאזיגע גרופע האט גע'טענה'ט: „אונזערע פערברעכענס און אונזער

אין פֿון דער תּורה, און אַט זיי האָבען פֿעסט געגלויבט אין גאָט'ס חסד, און פֿאַר זיי איז קיין ספק נישט געווען, אַז גאָט וועט זיין אידיש פֿאָלק נישט פֿערלאָזען און נישט דערלאָזען אונטערגעהן, נאָר צוריקפֿיהרען איהם אין זיין לאַנד. אַט די אידען האָבען מעגליך געמאַכט דאָס ווייטערדיגע לעבען פֿון אידישען פֿאָלק אויך דאַדורך, וואָס זיי האָבען מיט זיך געבראַכט אַ רייכע ליטעראַטור פֿון גרויסע ליכטיגע ספרים. דאָס זענען געווען די כּהנים פֿון צדוק'ס הויז, וועלכע האָבען זיך קיינמאָל נישט בעפֿלעקט מיט דער געצענדיענערייַ. זיי האָבען מיטגעבראַכט מיט זיך אין גלות די תּורה, אָדער דעם חומש, משה'ס פֿינף ספרים, און פֿון די דאָזיגע בלעטער האָבען זיי אליין געלערנט, צו פֿיהרען אַ הייליגע לעבען און אויך מיט אַלעמען אַרום זיך דאָס זעלביגע געלערנט. עס זענען אויך געקומען אין בבל אין גלות די לויים, די תּהלים־זינגער און דיכטער, וועלכע האָבען מיטגעבראַכט מיט זיך דעם תּהלים, וועלכען זיי האָבען נאָך דאָ אין בבל פֿערגרעסערט דורך נייַע שירים און טרויער־ליעדער. עס זענען, ענדליך, אויך געקומען די „ענוים“, די „אָרימע ליידענדע“ און די תּלמידים פֿון די נביאים, וועלכע האָבען געטראָגען אין האַרצען די הויכע אידעאַלען פֿון זייערע גרויסע לעהרער, די נביאים, און געשטרעבט צו פֿערווירקליכען זיי אין לעבען. זיי האָבען געבראַכט מיט זיך פֿיעל פֿערשריבענע נבואות, געשיכטע־ספרים און משלים. די ספרים זיינען געוואָרען דער איינציגער טרייסט פֿון די פֿערוואָגעלטע אידען אין'ם פֿרעמדען לאַנד. די יונגע תּלמידים פֿון די נביאים פֿלעגען פֿאָרלעזען פֿאַר'ן פֿאָלק די דאָזיגע ספרים און אַזוי אַרום געגעבען נישט בלויז אַ טרייסט די פֿערטרויערטע און פֿערביטערטע הערצער, נאָר איינפֿלאַנצען אין זיי שענע מדות און הויכע אידעאַלען. די אַלע תּוכחות פֿון דער תּורה און פֿון די נביאים זענען פֿאַר די אויגען פֿון די פֿער־טריבענע מקוים געוואָרען, און דאָס האָט פֿאַר אַלעמען געדיענט פֿאַר'ן בעסטען בעוויַז, אַז אויך די גוטע הבטחות און נבואות וועלען מקוים ווערען.

וויכטיגער פֿאַר אַלץ איז אָבער געווען דאָס לעבעדיגע וואָרט פֿונ'ם נביא יחזקאל. זיינע ערשטע נבואות זענען געפֿאַלען אין די הערצער פֿון די ערשטע פֿערטריבענע, וואָס זענען געקומען צוזאַמען מיט'ן קעניג יהויכין. זיין גרויסע אַרבייט האָט יחזקאל איצט ווייטער געפֿיהרט צווישען די נייַע פֿערטריבענע, וועלכע מען האָט געבראַכט נאָכ'ן חורבן. יחזקאל'ס איינפֿלוס אויפֿ'ן פֿאָלק האָט זיך אַלץ געשטאַרקט, און אפילו יענע, וועלכע האָבען נישט געוואָלט הערען דעם נביא און נישט גע־גלויבט איהם קיינמאָל, זענען איצט אויך געקומען אַליין צו איהם. בשעת די מלחמה האָט געשטורמט אַרום ירושלים, האָט דער נביא געשוויגען. ערשט דאַן, ווען עס איז געקומען די טרויעריגע בשורה, אַז אַלע שרעק־ליכע נבואות זענען מקוים געוואָרען, ערשט דאַן האָט ער ווידער אָנגע־

געוועזן אַ געוועהנליכע ערשיינונג, אַז די אויפגענומענע איבער'ן פֿרויען־הויז פֿון קעניג (האַרעם), וועלכע האָבען געדאַרפֿט דינען דעם קעניג און געהאָרכען זיינע קלענסטע קאַפּריזען, אַז אָט די משגיחים פֿלעגען אַליין ווערען גאַנצע בעלי־בתים איבער זייערע דעספּאָטישע הערען. ווי עס שיינט, האָט דער קעניג אויל מרודך זיך אויך געפֿונען אונטער'ן איינפֿלוס פֿון איינעם פֿון זיינע אידישע בעדינטע פֿון די פֿירנצען און שרים, וואָס האָבען אין זיין הויף געלעבט, און אויך גע'פּועל'ט, אַז ער זאָל בעפֿרייען פֿון תפיסה דעם פֿריהערדיגען קעניג פֿון יהודה, יהויכין. אין דעמזעלביגען יאָהר, וואָס ער איז קעניג געוואָרען, האָט אויל מרודך געטהון זיין וואונדערליכען חסד מיט'ן אידישען קעניג. ער האָט איהם געלאָזט אַרויספֿיהרען פֿון תפיסה, וואו יהויכין איז געזעסען זיבען און דרייסיג יאָהר; ער האָט מיט איהם גערעדט פֿריינדליך, אָנגעטהון אין קעניגליכע קליידער, איינגעלאַדען איהם צו זיך צום טיש און געגעבען איהם אַלע זיינע בעדערפֿנישען אויפ'ן קעניגליכען אופֿן. און ווען נאָר דער קעניג אויל מרודך פֿלעגט איינלאַדען צו זיך זיינע גרויסע שרים און די אונטערטעניגע מלכים און געבען פֿאַר זיי גרויסע מאָהלצייטען, פֿלעגט ער יהויכינ'ען זעצען העכער פֿאַר זיי אַלע־מען. אַלע האָבען געדאַרפֿט וויסען, אַז דער קעניג פֿון בבל האָט זעהר געעהרט און געשעצט דעם געוועזענעם קעניג פֿון יהודה. ס'איז קיין ספק, אַז די דאָזיגע גנאָד צום אידישען קעניג איז אויך איבערגעגאַנגען צום אידישען פֿאָלק, וואָס האָט אין בבל געוואָהנט. מען האָט זיי געגעבען גרעסערע פֿרייהייטען, און יענע אידען, וועלכע מען האָט פֿריהער געהאַלטען אין תפיסה, אָדער אונטער אַ בעזונדערער השגחה, ווייל מען האָט געוואוסט, דאָס זיי זענען געזאָנען זעהר פֿיינדליך געגען נבוכדנאצר'ן און טראַכטען וועגען אַנ'אויפשטאַנד, אויך יענע אידען האָט מען איצט בעפֿרייט. ס'איז גאַנץ מעגליך, אַז אויב אויל מרודך וואָלט נישט צו־גיך געשטאָרבען, וואָלט ער אפשר ווידער געמאַכט יהויכין פֿאַר אַ קעניג איבער יהודה און וואָלט געלאָזט די אידען פֿריי צו געהן צוריק אין זייער לאַנד. אָבער די בעסערע צייט מיט די שענע האָפֿנונגען האָבען נישט לאַנג געדויערט. נאָך אַ רעגירונג פֿון צוויי יאָהר איז אויל מרודך דער־הרג'עט געוואָרען דורך זיין שוואָגער נרגל אסר (Neriglissar 560 פֿאַר דער אַלגעמיינער צייט־רעכנונג). דערמיט האָט זיך געענדיגט דער שענער חלום וועגען אומקעהרען זיך באַלד צוריק קיין ארץ־ישראל, וואָס איינציגע אידען האָבען שוין געהאַט. באַלד האָבען זיי געדאַרפֿט פֿערזוכען אויף אַ גרויזאַמען אופֿן דעם ביטערען טעם פֿון גלות.

נישט קוקענדיג דערויף, וואָס פֿון דער האָפֿנונג אויף אַ גיכער בעפֿרייאונג האָט זיך גאָרנישט אויסגעלאָזען, האָבען דאָך אָבער די בעסערע עלעמענטען פֿון דער אידישער געמיינדע אין גלות זיך פֿעסט־געהאַלטען אין דער פֿערזיכערונג פֿון די נביאים, אַז אברהם־אבינו'ס

זינר שטעקט אין אונז און דורך זיי מוזען מיר אומקומען". יחזקאל האָט אונטערגענומען אַ קאַמפף אויך געגען דער דאָזיגער פערצווייפלונג. ער האָט ערקלערט, אַז די אַנשוויאונג פון דער גרופּע איז בכלל אַ פאַלשע. די אַלטע מיינונג, אַז די זינד און די שטראָף זענען פעסט פערבונדען מיט איינאַנדער, דאָס געגען דער זינד איז קיין אַנדער מיטעל נישטאָ, ווי די שטראָף, וועלכע קאָן נאָר אַליין אָבמעקען דעם פערברעכען, — אָט די מיינונג האָט יחזקאל ערקלערט פאַר נישט ריכטיג. „געגען דער זינד — האָט דער נביא ערקלערט — קאָן ווירקען די חרטה". דער געדאַנק איז אפילו קיין נייער נישט געוועזען שוין אויך דאַמאָלס אין דער אידישער רעליגיע, אָבער יחזקאל האָט אַ בעזונדערען ווערט אַרויפגעלעגט אויף חרטה און תשובה. „ווען נאָר דער זינדיגער האָט באמת חרטה, און בעסערט אוים זיינע מעשים, ווערען זיינע זינד שוין מעהר נישט דער־מאָהנט און ער וועט לעבען". וועגען דער גרויסער און שענער אידישער צוקונפט האָט דער נביא יחזקאל גערעדט פיעל מאָל, און ער האָט גע־שילדערט די דאָזיגע צוקונפט מיט די העכסט־אידעאַלע פאַרבען. ער איז בכלל אַזוי זיכער געוועזען אין דער אויפלעבונג פון פאָלק און זיין אָבבויען זיך פון דאָס ניי אין זיין לאַנד, אַז ער האָט אפילו אויך צוזאַ־מענגעשטעלט אַ פלאַן פון'ם קינפטיגען בית־המקדש, און איינגעאָרדענט, ווי אַזוי מען דאַרף דאָרט דעם קולט פיהרען און ווי אַזוי די כהנים און לויים דאַרפען אין בית־המקדש דעם דיענסט טראָגען.

יחזקאל האָט אָבער כלל קיין טעות נישט געהאַט צו מיינען, אַז די גלענצענדע און אויסגעלייטערטע צוקונפט איז טאַקי באמת נאָהענט. ער אַליין האָט די ישועה נישט דערלעבט. ערשט נאָך דעם טויט פון ירמיהו און יחזקאל איז פלוצלונג געקומען אַן ענדערונג צום בעסערען. נבוכדנאצר האָט אפילו בעהאַנדעלט אידען אין בבל מיט חסד, פונדעסט וועגען האָבען אידען שטאַרק געליטען אויף שריט און טריט אי מאָראַ־ליש, אי פאַקטיש פון די אַרומיגע פיינד. די יסורים אַליין האָבען שוין אויך געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף די געדאַנקען און די מדות פון פאָלק; נאָך מעהר האָט געווירקט אויף זיי דאָס לערנען תורה פון די יונגע נביאים און יענע גרויסע ספרים, וועלכע מען האָט מיט זיך אין גלות געבראַכט. עטוואָס בעסער איז אויך געוואָרען די לאַגע פון די פערטריבענע אידען נאָך נבוכדנאצר'ס טויט.

נבוכדנאצר'ס זוהן, וואָס האָט איהם נאָך געקעניגט, אויל מרודך (Illorodamos) איז גאָר נישט געוועזען עהנליך צו זיין פאָטער. נישט ער איז געוועזען אַ העלד, נישט עס האָט איהם געגלוסט צו פיהרען מלחמות, נישט ער האָט אפילו אויך חשק געהאַט צו בעשעפטיגען זיך מיט די אַנגעלעגענהייטען פון זיין גרויסער מלוכה. אין זיין הויף האָבען דאַמאָלס געלעבט יונגע אידישע פרינצען פון דוד'ס הויז און געדינט אין קעניגליכען פאַלאַץ. אין דער דאַמאָלסדיגער אַלטער צייט איז עס

דאך אזוי קינסטלעריש שען, בעזונדערס אבער: לעבעדיג און שפאנענד. פאר די אידען אין גלות פון בבל איז דאס געווען, נאך ירמיהו'ס „מגלות", דאס צווייטע פאלקס-בוך, און מען האט עס געלעזען נישט בלויז געגן שפאנט, נאר אויך מיט הארץ און גייסט. די לוויים, וועלכע האבען גוט געקאנט די מלאכה פון איבערשרייבען, האבען געמאכט פון'ם נייען בוך פיעל קאפיעס, וועלכע מען האט פערשפרייט צווישען דעם פאלק און אט די ספרים האבען אנגעהויבען ארויסצוברענגען דעם גרויסען וואונדער: זיי האבען איבערגעשאפען דאס פאלק פון דאס ניי. די גרויסע אויפגאבע, וואס יחזקאל האט פון איהר געמאכט בלויז די התחלה, האבען אנגעהויבען פערווירקליכען די תלמידים פון ירמיהו'ן.

די ערשטע ווירקונג, וואס די ספרים האבען געמאכט אויף די לעזער, איז געווען — חרטה, טיעפע חרטה אויף אלערליי פערברעכענס, וועלכע דאס אידישע פאלק האט בעגאנגען אין א משך פון הונדערטער יאהרען. די העסליכע פערגאנגענהייט פון דער אייגענעגעסענער געצענדיענעריי און פון דער אונדאנקבארקייט געגען גאט האבען די אידישע לעזער געוואלט אויסמעקען דורך ביטערע טרעהרען פון חרטה און טיעפער צוברא‏כענקייט. זיי האבען אנערקענט, אז די אונגליקען, וועלכע האבען זיי געטראפען, האבען זיי אליין פערדיענט דורך זייערע מעשים: „גאט האט מיט אונז זיך בעגאנגען לויט אונזערע דרכים און געמיינע מעשים" — האבען זיי זיך געקלאגט. פיעל פון די פערטריבענע האבען מיט'ן גאנצען הארצען חרטה געהאט, און די פיער אונגליקס-טעג פון דער לעצטער צייט: ע ש ר ה ב ט ב ת, ווען נבוכדנאצר האט אנגעהויבען די בעלאגערונג אויף ירושלים, שבעה עשר בתמוז, ווען די מויער ארום ירושלים איז דורכגעבראכען געווארען, ת ש ע ה ב א ב, ווען דעם בית-המקדש האט מען אונטערגעצונדען און אנגעהויבען צו פערוויסטען די שטאדט ירושלים, און ענדליך דעם ד ר י ט ע ן ט א ג ת ש ר י, אדער צום-גדליה, צום אנדענקען, וואס ישמעאל בן נתניה האט דער'הרג'עט דעם לעצטען אידישען מנהיג גדליהו—אט די פיער טעג האט, אנפאנגס א קלייגער טייל פון די אידען אין גלות, דערנאך אבער דער גאנצער גלות אין בבל, אנערקענט פאר טעג פון טרויער, וועלכע מען פערברענגט אין תענית און קלאגען, און אין אנטהון. א זאק און שיטען זיך אש אויפ'ן קאפ. די דאזיגע פיער טעג זענען אלזא אויך געווען תשובה-טעג, ווען דאס פאלק פלעגט וויינען אויף די געמאכטע נאציאנאלע פעהלערען, וועלכע האבען צוריסען ביי איהם יעדע אחדות און ממילא געבראכט צו שוואכקייט און מעגליך געמאכט, אז א פרעמד פאלק זאל עס פערקנעכטען. די טיעפע חרטה אויף דער פערגאנגענהייט האט זיך אויך אבגעשפיגעלט אין עטליכע תהלים-געזאנגען, וועלכע זענען א פאלקס-ודוי. פונקט, ווי מען האט דעם יונגען דור נאך יציאת-מצרים געמוזט האלטען אין דער מדבר און ערציהען איהם אין בטחון אין גאט, כדי צו דערוועקען

קינדער זאָלען נישט אונטערגעהן. יענע אידען, וועלכע האָבען אַליין פֿערשטאַנען צו לערנען תורה, האָבען געזוכט זייער טרייסט אין דער תורה, וועלכע מען האָט אַרויסגעראַטעוועט מיט זיך. בעזונדערס פֿיעל האָט מען אָבער געלייענט ירמיהו׳ס נבואות. דער ווייכער עלעגישער טאָן פֿון ירמיהו׳ס נבואה האָט אַמבעסטען געפּאַסט צו דער גלות־שטימונג. ירמיהו׳ס „מגלות“, וועלכע זיין תלמיד ברוך בן נריה האָט, ווי עס שיינט, געבראַכט קיין בבל פֿון מצרים, נאָכדעם ווי ירמיהו איז דאָרט געשטאָרבען, זענען געוואָרען פֿאַר די אידען אַן אמת פֿאָלקס־בוך. דאָס, וואָס דאָס לעבעדיגע וואָרט פֿונ׳ם נביא האָט נישט געקאָנט דער־גרייכען, דאָס האָבען דערגרייכט די טויטע אותיות, וועלכע האָבען אָט דאָס לעבעדיגע וואָרט אויסגעדריקט. דער גייסט פֿונ׳ם נביא איז איבער־געגאַנגען אין האַרצען פֿון זיינע לעזער און האָט זיי ערפֿילט מיט האָפֿנונגען, מעגליך מאַכענדיג אויך, אַז זיי זאָלען איבערבייטען אינ־גאַנצען זייערע געדאַנקען און זייערע אַנשויאונגען. ביסלעכווייז האָט ביי זיי אָנגעהויבען וואַקסען „אַ נייַ האַרץ און אַ נייער גייסט“.

איינער פֿון די אידישע גייסטיגע מנהיגים, ווי עס שיינט, ברוך בן נריה, האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ נייע זאַמלונג ספרים, אַ אידישע געשיכטע, אַ ספר, וועלכער הויבט אָן פֿון דער בעשאַפֿונג פֿון דער וועלט און דער געבורט פֿון אידישען פֿאָלק, זיין וואַקסען און שטאַרקען זיך, זיין לעבען און פֿאַלען ביז׳ן לעצטען מאָמענט, ווען מען האָט יהויכין אַרויסגעפֿיהרט פֿון תפיסה און דערהויבען איהם איבער אַלע שרים. דער דאָזיגער זאַמלער און צוזאַמענשטעלער האָט געשטעלט אין אָנפֿאַנג פֿון דער נייער רייהע ספרים — די תורה, דערנאָך געהען: יהושע, די געשיכטע פֿון די ריכטער: שופֿטים, די געשיכטע פֿון שמואל, שאול און דוד: שמואל; דערצו האָט ער צוגעגעבען די געשיכטע פֿון די מלכים: מלכים, פֿון שלמה ביז יהויכין, וואָס זיין געשיכטע האָט דער שרייבער אַליין געזעהן מיט זיינע אויגען. די געשיכטע פֿון די מלכים האָט ער דערצעהלט מיט אַ געוויסער טענדענץ: ער האָט געוואָלט דער־ווייזען, אַז דאָס, וואָס אין דער אידישער מלוכה האָט זיך אָנגעהויבען נאָך שלמה׳ן אַ בעוועגונג פֿון פֿאַלען אַלץ ניעדריגער און ניעדריגער, ווי אויך אַלע אונגליקען, וועלכע האָבען דערגרייכט ביידע חלקים פֿון אידישען פֿאָלק: ישראל און יהודה, — אַז דאָס אַלץ האָט געשטאַמט דערפֿון, וואָס די מלכים און דאָס פֿאָלק האָבען זיך אָבגעווענדעט פֿון גאָט און געדיענט צו פֿרעמדע אָבגעטער און ממילא האָבען זיי אָנגע־נומען אַלע שלעכטע מנהגים און די גאַנצע מאָראַלישע פֿערדערבונג פֿון די פֿעלקער.

דער זאַמלער פֿון די דאָזיגע ספרים האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ „געש־יכטע“, וועלכע האָט נישט איהר גלייכען. זי איז אַזוי קורץ און דאָך אַזוי רייך אין געשעהענישען און אין הויכען גייסט, אַזוי איינפֿאַך און

פנים צו ירושלים, ווען זיי פלעגען פאר גאט בעטען, ווייל זיי האבען
געהאלטען פאר הייליג דעם ארט, וואו דער בית־המקדש איז געשטאנען,
און פון דארט האבען זיי געהאפט צו בעקומען גנאד ביי גאט. און ווייל
קיין קרבנות האבען זיי אין דעם לאנד פון גלות נישט געבראכט,
האבען זיי זיך צוגעוועהנט, צו בעטראכטען די תפלות, ווי א הייליגען
קרבן. דריי מאל אין טאג פלעגען זיי זיך פערזאמלען אין א גרעסערער,
אדער קלענערער צאהל, אין אנ'עדה, גאט צו בעטען, און דאס געבעט־
הויז האט ביי זיי פערנומען דעם ארט פון א בית־המקדש.

בעזונדערס שטארק האט אבער מיטגעווירקט צו דערהויבען די
התלהבות'דיגע שטימונג פאר ציון, פאר דער גאולה און פאר דער
תורה א נייע וואונדערליכע ערשיינונג, וואס האט זיך אנגעהויבען אפט
ווידערהאלען: די ארטיגע געצענדיענער, ניט־אידען, האבען אנגענומען
גאטס תורה און פעראייניגט זיך מיט אידען. די דאזיגע ערשיינונג האט
געשטאמט פון דער גרויסער בעגייסטערונג, וואס עס האט געהערשט
צווישען די „ענוים", און זייער פרום לעבען. די פייערדיגע התלהבות
האט אנגעצונדען אויך פרעמדע הערצער.

די נייע אידען, די גרים, האבען אבגעהיט שבת און אויך פיעל
אנדערע געזעצען פון דער אידישער תורה. דאס איז געוועזען דער ערשטער
נצחון פון די אידען אין גלות, און דער דאזיגער נצחון האט אויך צוריק־
געווירקט אויף פיעל אבגעשטאנענע אידען, אז זיי זאלען זיך צוריק־
קעהרען צו זייער פאלק און זייער גאט, וועלכע זיי האבען אנגעהויבען
צו ליעבען ערשט דאן, ווען זיי האבען דערזעהען, אז די פרעמדע
ליעבען זיי. סך־הכל צוויי צעהנדליג יאהר זענען אריבער נאכ'ן טויט
פון די נביאים, ירמיהו און יחזקאל, וועלכע האבען זיך אזוי שטארק
געקלאגט אויף דער הארטקייט, עקשנות און דאס פערשטיינערט אידיש
הארץ; איצט איז דאס דאזיגע הארץ שוין פון דאס ניי געבוירען גע־
ווארען. די תורה און די נביאים, וועלכע מען האט געלערנט מיט'ן
גאנצען פאלק, איז געווארען א קוואל פון פרישען קלארען וואסער,
וואס האט אבגעפרישט דאס הארץ און דעם גייסט און אריינגעגעבען
דעם פאלק יונגע כחות.

אבער אנ'אנדער טייל פון די פערטריבענע אידען, בעזונדערס די
עשירים און יחסנים, לא די, וואס זיי האבען זיך געהאלטען פעסט ביי
זייערע אלטע פערברעכענס, האבען זיי נאך אנגענומען נייע פעהלער;
אין דער ארומיגער סביבה פון די געצענדיענער. די געוואלדיג־גרויסע
שטאדט בבל און די גרויסע חאלדייאישע וועלט־מלוכה האבען געהאט
א בעצויבערנדען חן אין די אויגען פון די אמאליגע אידישע שרים און
יחסנים, פאר וועלכע דאס קאנען געוועלטיגען איז געוועזען דאס העכסטע
אידעאל אין לעבען; אויך איצט האבען זיי אין בבל'ס גרויסקייט און
מאכט געזעהען פאר זיך א גוטע געלעגענהייט צו ענטוויקלען זייערע

איהם צו גרויסע מעשים, אַזוי האָט מען אויך איצט די אידישע יוגענד אין גלות־בבל געדאַרפֿט ערציהען אין געפֿיהלען פֿון חרטה אויף די מעשים פֿון זייערע עלטערען. און דער מדבר האָט די ערציהונג פֿון פֿאָלק דורכגעפֿיהרט דער גרויסער משה; איצט זענען עס געוועזען זיינע ספרים און די ספרים פֿון די נביאים, וועלכע האָבען דעם וואונדער פֿער־ווירקליכט. די צאָהל פֿון די „ענוים" אָדער גאָט־זוכער האָט זיך געמעהרט פֿון טאָג צו טאָג. עס פֿערשטעהט זיך, אז דער צענטר, דער קערן פֿון דער נייער בעוועגונג זענען געוועזען די „ענוים" אָדער די „אָרימע עלענדע". זיי האָבען געטרויערט נאָך ירושלים, נאָך איהר אמאָליגע גלענצענדע גרויסקייט, פֿון וועלכער די ספרים האָבען געגעבען א פּרעכטיג בילד. זיי זענען אַרומגעגאַנגען מיט געבראָכענע הערצער, מיט עניוות און טראָגענדיג צייכענס פֿון טרויער און האָבען זיך גערופֿען „די טרויערנדע נאָך ציון". זייער געמיט איז פֿול געוועזען מיט ירושלים. זיי האָבען גע־ליעבט די שטיינער פֿון דער היילִיגער שטאָדט און דאָס האַרץ זייערס האָט געגאַרט, צו וואַלגערן זיך אין׳ם שטויב, וואָס ליעגט אויף איהרע חורבות. דער לוי, וועלכער האָט אין׳ם נאָמען פֿון זיינע חברים אויסגע־דריקט די דאַמאָלסדיגע שטימונג, וואָס האָט צווישען זיי געהערשט, גיעט זי איבער אין פֿאָלגענדען עלעגישען בעוואוסטען תהלים־ליעד:

„אויף די טייכען פֿון לאַנד בבל
זענען מיר געזעסען
און געוויינט, דערמאָהנענדיג אָן ציון.
אויף די ווערבעס האָבען מיר
געהאַנגען אונז׳רע האַרפֿען,
דען די פֿיינגער אונזערע
האָבען דאָרט פֿון אונז פֿערלאַנגט,
דאָס מיר זאָלען ליעדער זינגען,
און די שפּאָטער: — „זינגט דאָך אונז
ליעדער פֿרעהליכע פֿון ציון!"
ווי־זשע קאָנען מיר דאָ זינגען
גאָטעס ליעד אין פֿרעמדען לאַנד!
אויב איך וועל, ירושלים,
דיך אמאָל פֿערגעסען,
זאָל די רעכטע האַנד מיינע
אויף אייביג מיר אָבדאָרען;
זאָל מיין צונג צום גומען קלעבען,
אויב איך וועל דיך נישט דערמאָהנען
אויב איך וועל ירושלים
נישט געדענקען אין מיין גרעסטער פֿרייד"...

די טרויערנדע נאָך ציון (אבלי ציון) האָבען זיך געווענדעט מיט׳ן

וועלכער איז געווען זעהר גנעדיג פאר די פערטריבענע אידען, און זיך געזעצט אויף זיין טהראן, האט איינער פון די חאלדייאישע שרים, נאבאנאד, דער׳הרג׳עט נרגל אסר און פערנומען אליין דעם טהראן (555 פאר דער אלגעמיינער צייט-רעכנונג).

איינינגע יאהר פאר דעם האט דער פערסישער העלד כורש (קירוס) אראבגעווארפען פון טהראן דעם קעניג פון מדי, זיין (מוטער׳ס פאטער, אסטיאגעס, פערנומען זיין הויפטשטאדט עגבאטאנא (אחמתא) און איהרע פראווינצען און פעראייניגט די מלוכות פרס און מדי אין זיין האנד. די פרומע אידען אין בבל האבען באלד דערזעהען דערין א סימן, אז עס דארף פארקומען א פערענדערונג צו זייער טובה, דען זיי האבען דאך פעסט געגלויבט אין די נבואות פון ירמיהו און יחזקאל, אז אידען וועלען זיך אומקעהרען צוריק פון גלות קיין ארץ-ישראל. ווי עס שיינט, האבען זיי זיך אויך געווענדעט מיט א ביטע צום חאלדייאישען קעניג נאבאנאד, אז ער זאל זיי ערלויבען אומצוקעהרען זיך צוריק אין זייער פאטערלאנד אהיים. די האפנונג, אז דער קעניג וועט זייער פערלאנג ערפילען און ערלויבען זיי צו גרינדען אין דערהיים אנ׳איינענע מלוכה אונטער׳ן שוץ פון די חאלדייער, האט זיך בעזונדערס געשטארקט אין זיי, צוליעב דעם, וואס דער קעניג נאבאנאד האט, באלד נאך זיין ארויפגעהן אויפ׳ן טהראן, ערפילט די ביטע פון די פעניקיער און ער־לויבט אומצוקעהרען זיך פון בבל קיין פעניקיען דעם געפאנגענעם קעניג מרובעל און ווערען קעניג אין פעניקיען אונטער דער הערשאפט פון די חאלדייער, און ווען מרובעל איז אין א פאר יאהר ארום געשטארבען, האט ער אויך ערלויבט זיין ברודער חירום אומצוקעהרען זיך צוריק פון בבל קיין צור און פערנעהמען דארט דעם טהראן. פארוואס־זשע האט נאבאנאד נישט געזאלט ערלויבען דאסזעלבע אויך די אידען? ווי עס שיינט, האט דעם קעניג יהויכין׳ס זוהן, שאלתיאל, געבעטען וועגען דעם ביי דעם נייען חאלדייאישען קעניג, און די אידישע שרים, וועלכע האבען געלעבט אין חאלדייאישען הויף, האבען אויך געשטיצט זיין בקשה. נאבאנאד האט אבער נישט געוואלט ארויסלאזען אידען פון בבל, ווי פרעה האט עס מיט טויזענד יאהר פריהער נישט געוואלט פון מצרים.

די דאזיגע נישט־ערפילטע האפנונג האט ביי די נאציאנאלע אידען אנגעצונדען אין הארצען א האס געגען בבל און איהר קעניג. די אלטע וואונדען האבען זיך ווידער געעפענט. מען האט אנגעהויבען דערמאהנען אלע אונגליקען, וואס בבל האט געבראכט אויף יהודה, און די שנאה צו בבל האט זיך צופלאקערט אין אידישען הארצען אלץ שטארקער. די נאציאנאלע און פרומע אידען האבען זיך אבער נישט אבגעהאלטען בלויז ביי׳ם טראגען די שנאה אין הארצען בעהאלטען; זיי האבען זייער שנאה ארויסגעוויזען אויך עפענטליך, סיי אין די רעדעס, וואס זיי פלעגען

כּחות. אין בבל האָט געבליהט דער מסחר און די לאַנד־אַרבּייט, ווי אויך די פּראָדוקציע פון קינסטליכע שטאָפען, וועלכע די אויסלענדער פלעגען זוכען צו קויפען, און זיי פלעגען דעריבער שטאַרק פערשפּרייט ווערען אין דער ווייטער וועלט. בבל איז געווען אַ גרויסע האַנדעלס־שטאָדט. די רייכע אידען האָבען זיך דעריבער באַלד גענומען צום מסחר און געפיהרט איהם אין אַ גרויסען מאַסשטאַב. זיי האָבען אָנגעהויבען צו מאַכען ווייטע רייזען אין פערשידענע לענדער, נעהמענדיג מיט זיך פיעל געלד, כּדי איינצוקויפען פערשידענע סחורות.

די אידישע סוחרים זענען דאַדורך זעהר רייך געוואָרען, און פיהרענדיג אַ לעבען פון לוקסוס, האָבען זיי נאָכגעטהון די חאַלדייער און געפיהרט, ווי זיי, אַ ווייביש־ווייכע אַרט לעבען; דערבּיי האָבען זיי אויך אָנגענומען די חאַלדייאישע געצענדיענערייַ, צוגעגרייט אַ רייכען טיש מיט פעטע שפּייזען פאַר׳ן גאָט פון גליק, „גאַד,“ און אָנגעפילט גרויסע בעכער׳ס ווייַן פאַר דער געטין פון הצלחה, מני (Meni). כּדי די דאָזיגע געטער זאָלען בעשירמען און שטיצען זייערע אונטער־נעהמונגען.

די רייכע אידען האָבען אין זיך אַזוי שטאַרק איינגעזאַפּט דאָך לעבען פון בבל, די דאָרטיגע מנהגים, מדות און געצענדיענערייַ, אַז זיי האָבען אינגאַנצען פערגעסען אָן ירושלים. איצט האָבען זיי שוין בעך וואוסטזיניג געוואָלט זיין אמת׳ע חאַלדייער און בלייבען אויף שטענדיג אַזעלכע, און זיי פלעגען זיך אויסלאַכען פון די, וואָס פלעגען נאָך טרויערן אויף ירושלים. אין אידישען לעבען האָבען דאַמאָלס געהערשט צוויי קאָנטראַסטען, וועלכע האָבען געקעמפּפט געגען איינאַנדער. פון איין זייט — אַ פייערדיגע פרומקייט, אַ התלהבות פאַר דער תורה און פאַר׳ן אָנדענקען פון דער שטאָדט ירושלים, וועלכע מען האָט איצט שטאַרק אידעאַליזירט. און פון דער אַנדערער — אַ פרעהליכע געלוסטיג־קייט, אַ תאוה צו אַ וועלטליכען לעבען מיט אַלע זיינע זיסיגקייטען און אַנ׳אָבגעשטאָרבענקייט פאַר אַלע גרויסע און הייליגע זכרונות.

דאָס זענען געווען צוויי פרעמד־געוואָרענע קלאַסען מענשען, וועל־כע האָבען נאָר לויט זייער אָבשטאַמונג געהערט צו איין פאָלק, אָבער אין זייערע בעציהונגען, אין זייער בעטראַכטען זאַכען און געשעהענישען, רעליגיע און מעשים, אין זייערע האָפנונגען און פּחדים, האָבען זיי איינע די אַנדערע גאָרנישט פערשטאַנען. ווערהרענד איין קלאַס האָט פער־יאָמערט איהר לעבען, טרויערנדיג נאָך ציון, האָט די אַנדערע זיך גאָר־נישט געקימערט נישט וועגען דער אידישער פערגאַנגענהייט, נישט וועגען איהר צוקונפט, און האָט געלעבט נאָר מיט דער געגענוואַרט.

דער דאָזיגער קאָנטראַסט צווישען ביידע קלאַסען האָט זיך נאָך פערשאַרפט דורך די פּאָליטישע געשעהענישען פון יענער צייט. זעכ־צעהן יאָהר נאָכדעם, ווי נרגל אסר האָט ערמאָרדעט דעם קעניג אויל מרודך־

האָט דער נביא פֿאָראויסגעזאָגט אַ שרעקליכען סוף.

וועגען די אַלע דאָזיגע נבואות האָט דער קעניג נאַבאָנאַיד זיך באַלד דערוואוסט און האָט אויפגעפלאַקערט מיט אַ גרויסען צאָרן געגען אידען, בעזונדערס געגען די פֿרומע, וועלכע ער האָט באַלד אָנגעהויבען שטאַרק צו רודפ'ן. בעזונדערס שטאַרק האָט ער אָבער געררודפ'ט די „ענוים" אָדער די נאַציאָנאַלע אידישע יוגענד. פֿאַר יעדער קלייניגקייט האָט מען זיי האַרט בעשטראָפֿט און אויסער דעם האָבען זיך אַ שיט געטהון אויף זיי פֿערשידענע גזירות, וועלכע מען האָט אויסגעפֿיהרט מיט שרעקליכער גרויזאַמקייט; ער האָט געוואָלט פֿערטיליגען אינגאַנצען די אידישע פֿאָלקסטימליכקייט. פֿאַר די אידישע יוגענד האָט דאָס געדאַרפֿט זיין די האַרטע פּראָבע, אין וועלכער זיי האָבען געזאָלט אויסגעלייטערט ווערען, ווי איוב אין זיינע צרות און יסורים. אייניגע אידען האָט מען געצוואונגען צו טהון שווערע אַרבייט „אָהן קיין שום רחמנות, אפילו זקנים האָט מען נישט געשוינט"; מיט אַנדערע האָט מען זיך בעגאַנגען נאָך גרויזאַמער. מען האָט זיי געשלאָסען אין קייטען און אַריינגעוואָרפֿען אין אַ פֿינסטערע תפיסה, וואו מען האָט זיי מיט שרעקליכער אכזריות געשלאָגען, געריסען דאָס פֿלייש פֿון זייער לייב און שענדליך אָבגעשפּאָט פֿון זיי. די פֿרומסטע פֿון זיי, וועלכע האָבען זיך ערלויבט פֿאָראויסצוזאָגען, אַז די חאַלדייאישע מלוכה וועט אונטערגעהן מיט איהר געצענדיענערייַ דורך דעם מלך כורש, האָט מען דער'הרג'עט מיט געוואַלדיגער אכזריות. צווישען די קדושים, וועלכע זענען אויף אַזאַ אופֿן דער'הרג'עט געוואָרען, האָט אויך געזאָלט זיין אַן אייניקעל פֿונ'ם לעצטען כהן-גדול, שריה, מיט'ן נאָמען יהושע בן יהוצדק, וועלכען מען האָט פֿעראורטיילט צו פֿערברענען לעבעדיגערהייד, אָבער ער איז ניצול געוואָרען על פי נס, און מען פֿלעגט איהם דעריבער רופֿען „אַ האַלאָוועשקע, וואָס איז אַרויסגעראַטעוועט געוואָרען פֿון פֿייער".

נישט אומזיסט האָט מען די ענוים גערופֿען „געדולדיג ליידענדע": די נסיונות, וועלכע זענען זיי איצט פֿאָרגעשטאַנען מצד די חאַלדייער, די גרויזאַמע רדיפֿות און אכזריות'דיגע יסורים, וואָס די חאַלדייער האָבען זיי אָנגעטהון, האָבען זיי אויסגעהאַלטען, ווי אמת'ע קדושים (מערטירער). אַ נביא פֿון יענער צייט, וועלכער האָט איבערגעלעבט די פֿערפֿאָלגונגען מיט זיינע חברים צוזאַמען, שילדערט זיי אין קורצע ווערטער, וועלכע זענען פֿיל וועהטאָג. ער בעטראַכט זיין פּאַרטיי, אַלס דעם הויפּט-קערן פֿון אידישען פֿאָלק, און וועגען זייערע יסורים רעדט ער, ווי וועגען די יסורים פֿון גאַנצען פֿאָלק:

„פֿערלאָזען פֿון מענשען, פֿעראַכטעט
פֿערוועהטאָגט, געקרענקט און פֿערשמאַכטעט...

. . . . . . . . . . .

געוועזען געפּייניגט, געריהרט.

האַלטען פֿאַר זייערע ברידער, סײַ אויך אין מעשים, וואָס זיי פּלעגען טהון געגען די חאַלדייער. דען פֿאַר די נאַציאָנאַלע אידען איז בבל געווען נישט בלויז אַ מלוכה, וואָס האָט חרוב געמאַכט דאָס אידישע לאַנד. עס איז אויך געווען אַ לאַנד פֿון אונציכטיגקייט, פֿון געצענדיענערײַ, „אַ לאַנד פֿון אָבגעטער, וואָס ריהמט זיך מיט זיינע געצען". פֿאַר די פֿרומע אידען איז דאָס געווען אַן'אונווירדיגע העסליכע זאַך, און זיי פּלעגען זייערע געפֿיהלען וועגען דעם אַרויסזאָגען גאַנץ אָפֿען אויך פֿאַר די חאַלדייער, מיט וועלכע זיי פּלעגען קימען אין בעציהונגען. זיי פּלעגען זיי ערקלערען קורץ: „די געטער, וועלכע האָבען הימעל און ערד נישט בעשאַפֿען, וועלען פֿערשווינדען פֿון דער ערד און פֿון אונטער'ן הימעל". אַזוי האָט די אידען געלערנט צו רעדען מיט די חאַלדייער איינער פֿון די ענוים. די לעצטע פּלעגען עפֿענטליך אָבשפּאָטען פֿון די חאַלדייאישע אָבגעטער, די „האָלץ-קלעצער, וועלכע זענען בעדעקט מיט גאָלד און זילבער, און צוגעשלאָגען מיט טשוועקעס, כדי זיי זאָלען נישט אומפֿאַלען, וואָס מען מוז זיי טראָגען אויף די הענד". די דאַמאָלסדיגע נביאים האָבען אויך פֿאָראויסגעזאָגט, אַז די פֿערברעכערישע מלוכה פֿון די חאַלדייער מיט איהר הויפּטשטאָדט בבל, וואָס איז פֿול מיט איהרע געצען און אונציכטיגקייטען, וועט אינגיכען אונטערגעהן. די אידען האָבען דאַמאָלס בעאָבאַכטעט מיט גרויסער שפּאַנונג און ערוואַרטונג דאָס פֿערשטאַרקען זיך פֿונ'ם יונגען קעניג כורש, וועלכער האָט פֿעראייניגט ביידע גרויסע מלוכות. פּרס און מדי, און אויך איינגענומען פֿיעל פֿעלקער; זיי האָבען איינגעזעהען, אַז עס איז גאָר אונמעגליך, דאָס ער זאָל זיך נישט צוזאַמענשטויסען, פֿריהער אָדער שפּעטער, אויך מיט דער חאַלדייאישער מלוכה. כורש האָט דאַמאָלס זיך געלאָזט געהן אין מלחמה געגען לידיען, אין קליין-אַזיען, וואו עס האָט געקעניגט דער רײַכער מלך קרעזוס, וועלכער האָט גע'שמ'ט מיט זיינע גרויסע, אָנגעזאַמעלטע אוצרות פֿון גאָלד און זילבער. קרעזוס האָט געהאָפֿט אויף דער הילף פֿון בבל און מצרים. און די דאָזיגע צוויי מלוכות, וועלכע זענען פֿריהער געווען דם-שונאים איינע דער אַנדערער, האָבען איצט (קעניג אַמאַזיס אין מצרים און נאַבאָנאַד אין בבל) געשלאָסען אַ בונד, צו געהן שטיצען לידיען, ווײַל זיי האָבען פֿאָראויסגעזעהן, אַז כורש וועט נאָכ'ן איינעהמען לידיען, ווענדען זיך אויך געגען זיי. דער דאָזיגער בונד האָט אָבער נאָך מעהר אויפֿגערייצט דעם מלך כורש, און ער האָט בעשלאָסען צו ברעכען די מאַכט פֿון בבל, וועלכע איז געלעגען האַרט ביי די גרעניצען פֿון זיין לאַנד. איין נביא האָט דאַמאָלס פֿאָראויסגעזאָגט, אַז „דאָס האַלדייאישע לאַנד וועט אַזוי איבערגעקעהרט ווערען, ווי סדום און עמורה, און ווילדע חיות פֿון דעם מדבר וועלען וואָהנען אין די לוסט-פּאַלאַצען פֿון בבל; מדי, וועלכע בעציהט זיך גרינגשעציג צו גאָלד און זילבער, וועט אינגיכען מאַכען פֿון זיי אַ סוף". דעם קעניג פֿון בבל

און מנהגים, מיט וועלכע עס דארף זיך אויסצייכענען. אין תהלים ווערט פיעל מאל ארויסגעזאגט, אז די גוטע מעשים פון א מענשען מוזען מיט דער צייט בעצאהלט ווערען מיט גוטס, און אז גאט איז גוט פאר די וועלכע טהוען צו איהם האפען, דאגעגען דער סוף פון די רשעים איז אויסגעראטעט צו ווערען. „אויב די, וואס טהוען אונרעכט שפראצען ארויס ווי פון דער ערד און די רשעים בליהען אויף, ווי גראז, איז עס כדי זיי זאלען אויף אייביג דערנאך פערטיליגט ווערען", און ווידער: „כ'האב קיינמאל נישט געזעהען קיין פרומען מענשען, וועל־ער זאל גאר פער־לאזען ווערען און זיינע קינדער זאלען דארפען געהען בעטלען ברויט".
אין „משלי" ווערען ארויסגעזאגט געדאנקען, וועלכע די לעבענס־חכמה, אדער די פראקטיק האט דאמאלס געלערנט: „די ערשטע חכמה איז מורא צו האבען פאר גאט, דען דאס שיצט אונז פון פערדערבען, דאגעגען די זינד איז א שגעון און זי ברענגט דעם רשע צו א מפלה. דער וואוילשטאנד פון די נארען הרג'עט זיי אליין אב, זייער גליק פערניכטעט זיי". די פרומע דיכטער אין גלות בבל האבען אנגעוויזען, אז דאס אומקעהרען זיך צוריק פון גלות קיין ארץ ישראל אהיים וועט זיין די העכסטע בע־לויהנונג פון די פרומע:

„צדיקים וועלען זיין דעם לאנד טהון וואוינען
„די פרומע וועלען דארטען אייביג בלייבען;
„רשעים וועלען פון דעם לאנד פערשניטען ווערען
„פעררעטער וועלען אויסגעווארצעלט זיין".

פאר די שוואכע מענשען איז אבער די דאזיגע אויסזיכט געווען א קנאפע נחמה, וועלכע קאן מעהר אריינווארפען א ספק אין די ריכטיגקייט פון די גרויסע הבטחות, איידער שטארקען זיי אין דער אמונה. נישט איינער פון זיי האט געהאלטען אין טענה'ן: „זעה נאר, די רשעים, ווי גליקליך זיי זענען, ווי שטארק און מעכטיג! גאר אומזיסט האב איך מיין הארץ געלייטערט און געוואשען מיינע הענד אין אונשולד". אין לעבען, ארום זיך איז שווער געווען אבצולייקענען, אז די רשעים לעבען גליקליך און אז דוקא די צדיקים ווערען שטארק פערפאלגט. דאס, וואס דער תהלים־דיכטער זאגט, „איך האב קיינמאל נישט געזעהען, אז א צדיק זאל פער־לאזען ווערען", האט דאס לעבען געוויזען תמיד פערקעהרט; אדער מען האט געדארפט האבען א ספק, אז דער פרומער איז באמת פרום, אויב ער ליידט אזוי פיעל, אדער מען האט געדארפט אננעהמען, אז די השגחה איז נישט גערעכט. אויב אבער אט די צדיקים זענען נאך אויך נישט גערעכט געגען גאט, טא ווער זשע קאן געגען איהם גערעכט זיין?... די דאזיגע געדאנקען און ספקות אין דער גערעכטיגקייט, וואס הערשט אין דער וועלט, האבען זיך דערוועקט דוקא צווישען די ארענטליכע אידען, וואס זענען געשטאנען נאהנט צום קרייז פון די ענוים; די ספקות האבען גע־קאנט ווערען געפעהרליך פאר'ן גלויבען אין גאט און אין דער תורת

אַ מויל נישט געעפֿענט, געשוויגען;
ווי שעפּסען צום שלאַכטען געפֿיהרט,
ביי׳ם שערען — געשטומט, נישט געברומט,
אַ מויל נישט געעפֿענט, געשוויגען".

פֿאַר די אידען אין בבל האָבען זיך אָנגעהויבען אַזעלכע גלות־ענוים, ווי מיט טויזענד יאָהר פֿריהער אין מצרים, נאָר מיט׳ן אונטערשיעד, וואָס דאָרט האָט מען זיי געצוואונגען צו אַרבייטען אויף די פֿעלדער און ביי׳ם בויען גרויסע בנינים, איצט אָבער האָט מען געשלעפּט אין תפיסה, געפּייניגט און דער׳הרג׳עט דורך אַ שרעקליכען טויט; דאַגעגען יענע אידען, וועלכע האָבען זיך אַליין אָבגעזאָגט פֿון זייער נאַציאָנאַליטעט, האָט מען נישט געריהרט און געלאָזט צורוה. אַ שרעקליכער טרויער האָט אַרומגענומען דאָס אידיש האַרץ און עס איז פֿערצווייפֿעלט געוואָרען. די געדריקטע טרויעריגע שטימונג, וואָס האָט דאַמאָלס געהערשט צווישען אידען, ווערט געשילדערט אין פֿערשיעדענע תהלים־קלאָגען, וועלכע זענען געדיכטעט געוואָרען אין יענער צייט פֿון רדיפות.

כדי נישט צו מוזען ליידען מיט זייערע אונגליקליכע ברידער צוזאַמען און דאַרפֿען זיין פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר די חאַלדייער פֿאַר זייערע מעשים, האָבען די אידישע עשירים זיך אָנגעהויבען אָבצוזאָגען פֿון אידישען פֿאָלק און זיך פֿעראייניגט אַלץ ענגער מיט די חאַלדייער, אָננעהמענדיג זייער לעבען, מנהגים און מדות. זיי האָבען אפילו אויך אָנגעהויבען אַליין צו פֿערפֿאָלגען די נאַציאָנאַלע אידען מיט זייער שנאה און האַס און האָבען דאַדורך נאָך מעהר פֿערביטערט דאָס אידישע לעבען. זיי האָבען די געטרייע אידען בעטראַכט, ווי פּוסטע פֿאַנטאַזיאָרען, ווי משוגעים, וועלכע מען מוז מאַכען אונשעדליך. אַ דאַנק דעם דאָזיגען אָבזאָגען זיך און פֿרעמד ווערען פֿאַר׳ן אייגענעם פֿאָלק און ענטלויפֿען פֿון דער אייגענער פֿאָהן, האָבען די עשירים געקאָנט לעבען רוהיג, פֿערגרעסערען זייערע גיטער און לעבען אַ גוטען טאָג.

די הצלחה און עשירות פֿון די דאָזיגע „רשעים", ווי די ענוים פֿלעגען זיי רופֿען, און דער שרעקליכער צושטאַנד פֿון די געטרייע אידען — דאָס אַלץ איז געווען אַ רעטעניש פֿאַר יענע אידען, וועלכע זענען געשטאַנען נאָהנט צום קרייז פֿון די פֿרומע, נאָר זיי האָבען נישט געהאַט אַזוי פֿיעל העלדישקייט, ווי יענע, צו קאָנען זיך מוסר נפש זיין פֿאַר זייער גלויבען, אָדער זיי זענען בכלל געווען צו שוואַך אין זייער גלויבען אין גאָט, אַז עס זאָל ביי זיי רעכט זיין צו ליידען יסורים פֿאַר די איבערצייגונגען פֿון די ענוים. די דאָזיגע אידען האָבען געליטען מאָראַליש פֿון די גרויסע ספקות, וועלכע האָבען זיי נישט געגעבען קיין רוה. אין תהלים און אין שלמה המלך׳ס „משלים" ווערט פֿיעל מאָל איבערגעחזר׳ט דער הויפּט־געדאַנק פֿון די ענוים, אַז דאָס גליק אָדער אונגליק פֿון אידישען פֿאָלק הענגט אָב אינגאַנצען פֿון זיין געטריישאַפֿט צו גאָט, ווי אויך פֿון זיינע גוטע מדות

„בין איך געגאַנגען אונטערזוכען"...

„צי האָב איך דען דאָס רעכט פון מיינס א שקלאַף
„פון מיינס א דינסט און זייער קרוג
„מיט מיר א מאָל פעראַכטעט?"

„צי האָב איך דען אַ מאָל ענטזאָגט
„דעם אָרעמאַן און זיין פערלאַנג?
„און אַן אלמנה און איהר נויט
„געלאָזען אפשר ווארטען לאַנג?
„געגעסען מיין שטיק ברויט אַליין
„און נישט געגעבען אויך דעם יתום?"

„צי האָב איך אויף מיין גאָלד געבויט
„מיין גאַנצע האָפענונג און לעבען?
„און צום גין־גאָלד אַ מאָל געזאָגט:
„דו ביזט מיין איינציגער בטחון?"

„צי האָב איך זיך אַ מאָל געפרייעט
„ביי׳ם גרויסען אונגליק פון מיין פיינד?
„געטאַנצט פאַר שמחה, זיך געדרעהט,
„ווען שלעכטס האָט איהם געטראָפען?"

„און דרויסען נעכטיגט נישט קיין פרעמדער
„די טהירען מיינע שטעהען אָפען"...

ביי אַן אַנדער געלעגענהייט דערצעהלט איוב אויך, אז ער האָט קיינמאָל נישט אָבגעוויכט פון גאָטס געבאָט און זיינע מצוות, וואָס גאָט האָט געגעבען אידען דורך משה'ן. אָט דאָס איז געווען איוב'ס גאָטס־פורכטיגקייט, און פונדעסטוועגען איז ער אויף דער פערזאַמלונג פון די הערשאַפטען אין הימעל ביי גאָט אַנגעקלאַגט געוואָרען דורכ'ן שטן, אַז ער איז ערגעבען צו גאָט נאָר דערפאַר, וואָס ער איז רייך און גליקליך. פדי צו פרובירען איוב'ס פרומקייט האָט גאָט ערלויבט דעם שטן צוצוגעהן־נעמען ביי איהם זיינע גוטער. באַלד האָט איוב אָנגעהויבען ערהאַלטען בשורות, איינע שרעקליכער פאַר דער אַנדערער. רויבער־מחנות זענען אָנ־געפאַלען אויף זיינע פעלדער און בערויבט זיי, אַ בליץ האָט איינגעשלאָ־גען אין זיינע טשערעדעס און זיי פערניכטעט, אַ שטורם־ווינד האָט איינ־געוואָרפען זיין הויז און דער'הרג'עט זיינע זיהן און טעכטער. די דאָזי־גע נסיונות איז איוב גוט ביישטאַנען, ער זאָגט מיט ערגעבונג צו גאָט: „נאַקעט בין איך אויף דער וועלט געקומען און נאַקעט וועל איך זי־

פון די אבות. מען האט דעריבער געמוזט געבען דערויף אנ'ענטפער, א קלארען ענטפער, וואס זאל מאכען א סוף צו אלע ספקות. און אט כדי צו ערפילען די דאזיגע אויפגאבע, האט מען פערפענטליכט דעם ספר איוב, וואס וועגען דעם, ווער זיין מחבר איז געוועזען, זענען פארהאן פערשידענע מיינונגען. דער דאזיגער ספר איז א קונסט־ווערק, וועלכער ווערט גערעכענט צווישען די גרעסטע, וואס דער גייסט פון'ם מענשען האט בעשאפען. דער אונבעוואוסטער דיכטער האט בעשאפען דעם ספר איוב, כדי ארייננצוטראגען ליכטיגע שטראהלען אין די ספקות פון'ם פער'חשכ'טען לעבען פון זיין צייט. ער האט זיך אויך געשטעלט דעם זעלבי־גען צוועק, ווי דער ספר משלי און ווי פיעל תהלים־געזאנגען, אבער זיין פארם איז גאר אנ'אנדערע. אין אנ'ערנסטען אבער זעהר אנציהענדען ויכוח צווישען פריינד האבען געדארפט פערענטפערט ווערען די אייביגע שאלות, וועלכע מאטערען שטענדיג דעם מענשען'ס געוויסען. דעם ויכוח צווישען די פריינד האט אבער דער דיכטער איינגעוויקעלט אין א שע־נער אנציהענדער ערצעהלונג, און דורך דער דיכטערישער התלהבות און שענע משלים האט ער זיין ספר געמאכט זעהר שפאנענד.

דער פלאן פון דעם דאזיגען דיכטונג־ווערק איז דורכאויס א קינסטלע־רישער. די געדאנקען און למודים, וועלכע ער האט געוואלט דערוויזען, אלס ריכטיגע אדער נישט־ריכטיגע, האט ער איינגעטיילט אין פערשידע־נע ראליען. מען קאן דעם ספר איוב נישט פערגלייכען מיט קיין שום פילאזאפישען, אדער דיכטערישען בוך. דאס איז א ספר, וואס שטעהט איינער אליין אין זיין מין, ווייל קיינער קאן זיך מיט איהם נישט פער־גלייכען. דאס איז נישט קיין דראמע, נאר א דראמאטישער ויכוח מיט א גע־שיכטע אין דער התחלה און אין סוף. אין דער התחלה דערצעהלט דער דיכטער דעם מאטיוו, וואס האט געבראכט צום דאזיגען געשפרעך: אין לאנד עוץ האט געלעבט א שטילער גאטספורכטיגער מאן מיט'ן נאמען איוב, וועלכער איז געוועזען געבענשט מיט קינדער, עשירות און א שם טוב צווישען זיינע מיטבירגער. דער דיכטער דערצעהלט נישט, אין וואס עס איז בעשטאנען איוב'ס פרומקייט און זיינע מעשים טובים, נאר ער לאזט זיין העלד ביי דער געלעגענהייט אליין רעדען וועגען דעם:

„דער ארעמאן האט מיך געבענשט,
„געזונגען האט דורך מיין מתנה
„דאס ארעם הארץ פון דער אלמנה“.

— — — — —

„איך בין געוועזען פאר בלינדע — אויגען
„און פאר די הינקעדיגע — פיס,
„א טרייער פאטער פאר אביונים.
„א שטרייט, וואס האט מיך נישט בערוהרט,

אָט אַזוי ענטוויקעלט דער דיכטער די שווערע פֿראַגען, אויף וועלכע מען מוז אַנ׳ענטפֿער געבען. די פֿראַגען זענען העכסט הייכע און וויכטיגע, עס האַנדעלט זיך דאָך וועגען גאָט׳ס אייביגער גערעכטיגקייט און וועגען דעם, צי דאַרף דער מענש פֿיהרען אַ לעבען פֿון יושר, פֿרומקייט און אָרענטליכקייט. אויב, חלילה, פֿאַר גאָט איז גאַנץ גלייך גערעכטיגקייט און אומגערעכטיגקייט, פֿרומקייט און פֿערברעכען, טאָ ברויכט דאָך דער מענש נישט דוקא איינס צו טהון און דאָס אַנדערע פֿערמיידען. כדי צו געפֿינען אַנ׳ענטפֿער אויף דער גרויסער פֿראַגע וועגען גאָט׳ס השגחה אויף דער וועלט, וועגען זיין בעצאָהלען מיט גוט׳ס פֿאַר מעשים טובים און זיין בעשטראָפֿען מיט יסורים פֿאַר פֿערברעכענס, פֿיהרט אַרויס דער דיכטער אין זיין ופּוּח צוזאַמען מיט די זקנים אויך אַ יונגען מאַן מיט אַ פֿייערדיגער שפּראַך, וועלכער נעהמט אַנטהייל אין וכּוּח. איוב האָט אַרויסגעזאָגט זיין וואונש, אַז איינער זאָל אַרויסטרעטען איהם צו פֿערטיידיגען געגען דעם, וואָס די פֿריינד האָבען איהם בעשולדיגט, אַז ער איז, מסתּמא, אין געהיים נישט געווען אַזאַ צדיק, ווי עס האָט אויסגעוויזען לפּנים. און אָט טרעט אַרויס דער יונגער אֱליהוּא אין דער ראָליע פֿון איוב׳ס פֿערטיידיגער. ער בעמיהט זיך צו דערווייזען, אַז גאָט איז גערעכט געגען איוב׳ן, און פֿערענטפֿערט אויך איוב׳ן געגען דער בעשולדיגונג, וואָס זיינע פֿריינד שטעלען אַרויס געגען איהם. אֱליהוּא׳ס הויפּט־געדאַנק איז, אַז יסורים און אומגליק קומען כלל נישט שטענדיג נאָר אַלס אַ בעשטראָפֿונג פֿאַר די זינד, זיי דאַרפֿען נאָר דיענען פֿאַר אַ התראה פֿאַר׳ן גליקליכען, אַז ער זאָל פֿון גרויס וואוילטאָג נישט זינדיגען.

אָבער אויך די חכמה פֿונ׳ם יונגען אֱליהוּא קאָן נישט פֿערענטפֿערען די שווערע פֿראַגע וועגען דער השגחה פֿון גאָט איבער דער וועלט. די דאָזיגע פֿראַגע קאָן פֿערענטפֿערען נאָר גאָט אַליין. און אָט ערשיינט גאָט פֿאַר איוב׳ן. אָבער ער פֿערענטפֿערט כלל נישט, ווי אַזוי ער פֿיהרט זיין השגחה אויף דער וועלט, פֿאַר איוב׳ן; ער ערשיינט פֿאַר איהם אין שטורם און שטעלט איהם פֿראַגען איבער פֿראַגען מיט אַ געוואַלדיגער קראַפֿט און איראָניע; ער רעכענט פֿאַר איהם אויס אַ גאַנצע רייהע גרויסע און מעכטיגע ערשיינונגען אין דער נאַטור, און אין דער מלוכה פֿון די בעשעפֿענישען, וואו מען זעהט אַרויס גאָט׳ס גרויסקייט, זיין גוטסקייט און חסד פֿאַר אַלעמען, פֿאַר גרויס און קליין, זיין ליעבע און בעזאָרגונג פֿאַר אַלעמען. איוב בלייבט איבעראַשט און צוטומעלט פֿון גאָט׳ס רייד, פֿון די פֿיעל פֿראַגען, וואָס גאָט שטעלט איהם און ער האָט אויף זיי קיין ענטפֿער נישט; ער ערקלערט דעריבער: „אָה, יאָ, איך בין דאָך צו קליין געגען דיר, וואָס זשע קאָן איך ענטפֿערען?... איך מוז שווייגען. איך זעה, אַז עס זענען פֿאַרהאַן וואונדערליכע זאַכען און מעשים, וועלכע איך קאָן נישט פֿערשטעהען; כ׳האָב שוין דעריבער חרטה אויף מיינע רייד און איך ליעג פֿאַר דיר אין שטויב און אין אַש“... דער ליידענדער איוב ערקענט

אומקעהרען צוריק. גאָט האָט געגעבען און גאָט האָט גענומען, זאָל זיין נאָמען זיין געבענשט". כדי צו פרובירען נאָך מעהר איוב'ס גאָטספורכטיג־קייט, ערהאַלט דער שטן די ערלויבניש, צו בעדעקען איוב'ן מיט העסלי־כע קרעץ פון קאָפּ ביז די פים. מיט אַ שאַרבען האָט איוב געמוזט זיין לייב קראַצען; קיין הויז האָט ער שוין נישט געהאַט און איז געזעסען אויף אַ בערגעל אַש. אָבער אויך דעם דאָזיגען נסיון איז ער בייגעשטאַנען; זיין פרוי רעדט איהם אפילו יאָ אָן צו לעסטערען גאָט, איוב אָבער זאָגט צו איהר: „צי זאָלען מיר דען בלויז דאָס גוטע פון גאָט אָננעהמען, אָבער נישט דאָס שלעכטע?" איוב לעסטערט נישט גאָט, אָבער ער הויבט אָן צו שטעלען שאלות דעם אויבערשטען און ער קלאָגט זיך ביטערליך, פאַר־וואָס ער ליידעט גאָר אומשולדיג דורך גאָט, וועלכער פערפאָלגט איהם, ווי אַ פיינד; ער פאַלט אריין אין ספקות אין גאָט'ס גערעכטיגקייט.

זיינע דריי פריינד, וואָס זענען געקומען איהם צו טרייסטען, האָבען נישט געקאָנט ליידען זיינע אָנקלאַגען געגען גאָט'ס השגחה און זיין גע־רעכטען משפט, זיי האָבען זיך גענומען פערטיידיגען די גערעכטיגקייט, וואָס הערשט אין דער וועלט און די ריכטיגקייט פון גאָט'ס השגחה אי־בער איהר. זיי ענטוויקלען זייער אַנשויאונג אין צוויי געדאַנקען: דאָס ליידען יסורים שטאַמט פון דער זינד; ווען מען עס טרעפען יסורים, איז עס אַ סימן, אַז ער איז געוועזען זינדיג, האָטש ער האָט געפיהרט לפנים אַ פרום לעבען. זיי האָבען דאַדורך בעשולדיגט איוב'ן, אַז זיין פרומקייט איז נישט געוועזען קיין אמת'ע, נישט מעהר זיי האָבען זייער דאָזיגע האר־טע בעשולדיגונג אויך פערענטפערט דאַדורך, אַז עס איז בכלל שווער גע־רעכט צו זיין געגען גאָט, „וועלכער גלויבט נישט אפילו זיינע קדושים און דער הימעל אַליין איז אויך נישט גאַנץ קלאָר אין זיינע אויגען, און אַ מענש, וואָס איז געבוירען פון אַ פרוי, קאָן אין זיינע אויגען אַודאי נישט זיין גערעכט". דער צווייטער געדאַנק איז: נאָכ'ן טויט הויבט זיך אָן אַ נייע לעבען. דאָס דאַרף אַלזאָ דיענען פאַר אַ טרייסט פאַר די, וועלכע ליידען אויף דער וועלט, חאָטש זיי זענען אמת'ע צדיקים; זיי וועלען נאָך אַ מאָל ערוואַכען צו אַ נייעם לעבען. דער צדיק טאָר דעריבער קיינמאָל נישט פער־צווייפלען, דען גאָט וועט איהם בעצאָהלען רייך פאַר זיינע מעשים אין עולם הבא. דער דאָזיגער ענטפער שטעלט אָבער נישט צופריעדען איוב'ן; אַנשטאָט צו שעפען אין איהם טרייסט, דערוועקט עס נאָך מעהר זיין פערצווייפלונג, און ער הויבט גאָר אָן צו האָבען אַ ספק אין'ם גרויסען גלויבען פון תחית המתים. ער פרעגט:

„עס שטאַרבט דער מענש, פערליערט זיין קראַפט
„און ער פערגעהט, וואו איז ער דאַן?
„וועט ער צוריק אויפלעבען דען?
„אויך ווען די הימלען שוין פערגעהען,
„וועט ער נישט אויפוואַכען פון שלאָף"...

בײ'ם נביא, װעלכער זאגט פאראױס גרױסע בשורות אין'ם צװײטען טײל פון ישעיה (פון קאפיטעל פערציג ביז'ן סוף) אדער, װי מען רופט איהם, בײ ישעיה דעם צװײטען. די רעדעס פון'ם דאזיגען נביא צײכענען זיך אױס מיט א הױכער רײכקײט פון געדאנקען און א העכסט קינסטלערישער פאלקאמענהײט אין דער פארם. דא זענען פעראײניגט צוזאמען געװאלדיגע קראפט מיט קינדערשער װײכקײט, א ריכטיגע מאס פון גאנצקײט מיט א גרױסער פערשידענהײט, א דיכטערישע התלהבות מיט א גרױסער אײנפאכקײט און תמימות, און דאס אלץ צוזאמען איז אײנגעפאסט אין אזא אידעלער שפראך און ארױסגעזאגט אין אזא װארעמען הארציגען טאן, אז חאטש די רעדעס זענען געװען צוגעפאסט צו יענער צײט, האבען זײ געקאנט דיענען אױך פאר פיעל אנדערע צײטען און זענען טאקי פערשטאנען געװארען תמיד מיט'ן גאנצען הארצען אין אלע צײטען גלײך. דער נביא ישעיה האט געװאלט טרײסטען זײן פאלק, דערהױבען עס און אנװײזען איהם, װאס פאר א גרױסען ציעל עס האט פאר זיך אין לעבען אין דער געגענװארט, װי אױך אין דער גאנץ װײטער צוקונפט. דערמיט האט דער נביא אױך פערענטפערט און ערקלערט אי דעם לײדענדען אידישען פאלק, אי די פעלקער און מענשען, װאס פאר א שפראך זײ זאלען נישט רעדען און װאס פאר א לאנד זײ זאלען נישט װאהנען, יענע גרױסע און אײביגע רעטעניש װעגען דעם מהות פון אידישען פאלק, אדער די גרױסע װאונדערליכע פראגע: װי אזױ א פאלק קאן אין דער זעלביגער צײט זײן אזױ קלײן און אזױ גרױס, אזױ עלענד ביז אין טױט ארײן געיאגט און דאך אזױ שטארק און זײן גײסטיג לעבען און אונשטערבליך אין זײן אײביגער געשיכטע, אזױ פעראכטעט און פערקנעכטעט און דאך אזױ ערהאבען, אז עס דיענט פאר אלע פעלקער פאר א מוסטער־ביל‍ד?... דער נביא ישעיה גיעט די ריכטיגע ערקלערונג אױף דער דאזיגער רעטעניש.

אױך די טרײסט פון דעם נביא ישעיה פאר'ן אידישען פאלק איז בעזונדערס שטארק. קײנער האט עס נישט פערשטאנען אזױ גוט, װי ישעיה, צו טרײסטען, צו דערהױבען און אױפצומוטיגען די אונגליקליכע אידישע קהלות אין לאנד בבל. זײנע רײד מאכען לײכטער דעם װעהטאג װי דער טײערסטער באלזאם — א קראנקע װאונד, אדער, װי א לײכטער װינטעל אין א ברענענדיגער היץ אױף א פערשמאכטעט הארץ. „טרײסטעט, טרײסטעט, מײן פאלק" — דאס איז דעם נביא'ס אנפאנג:

„טרײסט זשע, טרײסט מײן פאלק,
„זאגט דאך אײער גאט!
„צו ירושלים'ס הארצען רעדט,
„רופט זשע, זאגט דאך איהר —
„דאס די גלות־צײט האט זיך געענדיגט,
„דאס איהר שולד איז שױן פערגעבען,

אַליין, אַז אין די וואונדער פון דער נאַטור, וועלכע גאָט האָט איהם אין אַזאַ הערליכער פּראַכט געשילדערט, הערשען נישט קיין אונגערעכטיגקייט און ווילקיהר, נאָר אַ העכערע אָרדנונג און אַ השגחה פון גאָט, וועלכע דער מענש קאָן מיט זיין שוואַכען פערשטאַנד גאָרנישט פערשטעהן.

אין דער ווירקליכקייט אָבער געפינט זיך שוין דער ענטפער אויף אַלע שאלות אין דער התחלה פונ'ם ספר: די יסורים זענען געקומען אויף איוב'ן אַלס אַ פּראָבע און אַ נסיון. גאָט פּרובט די צדיקים דורך יסורים, אויב זיי וועלען בלייבען אין זייער פרומקייט אפילו אויך דאַן, ווען זיי וועלען זיין אָרעם, פערלאָזען און געפּלאָגט מיט קרענק און יסורים אין זייער לייב. דעם דאָזיגען נסיון איז איוב גוט בייגעשטאַנען, און דאַרום האָט איהם גאָט דאָפּעלט אומגעקעהרט זיינע שאָדענס, וואָס ער האָט געהאַט.

אָט אַזוי האָט דער אונבעוואוסטער דיכטער פערענטפערט די גרויסע און שווערע פראַגען. די ספקות האָט ער אָבגעשוואַכט און געשטאַרקט אין זייער גלויבען אין גאָט יענע לייט, וועלכע האָבען נישט געהאַט אין זיך גענוג שטאַרקייט אויסצושטעהן גרויסע יסורים און רדיפות און זענען אַריינגעפאַלען אין יאוש. דער דאָזיגער העכסט שעהנער און קינסטלערישער ספר איז דאָס ערשטע ווערק אין דער רעליגיאָנס־פילאָזאָפיע. דער ספר איוב האָט פיעל מיטגעווירקט, צו פערשטאַרקען דעם גייסט פון די אידען אין גלות בבל און זייער אמונה אין אַ בעסערע צוקונפט. ווי גאָט האָט איוב'ן אַלץ אומגעקעהרט צוריק דאָפּעלט, אַזוי האָט ער אידען אויך געדאַרפט צוריקפיהרען אין זייער לאַנד, און זייער צוקונפט האָט געדאַרפט ווערען בעסער און שעהנער, ווי די גרויסע פערגאַנגענהייט. דער גלות בבל איז געווען פאַר'ן אידישען פאָלק נאָר אַן'אַרויפגעלעגטער שווערער נסיון, כדי צו זעהען, אויב זיי וועלען אויסהאַלטען אין זייער אמונה און ערגעבענהייט צו גאָט.

און אָט אין דעם צושטאַנד איז אָנגעקומען אַלץ נאָהענטער דער מאָמענט, וועלכער האָט געדאַרפט בעשליסען איבער'ן גורל פונ'ם לאַנד בבל און, ממילא אויך, פונ'ם אידישען פאָלק. דער גבור כורש האָט אַלץ מעהר בעוואָפענט זיך צו דער מלחמה מיט בבל. פיעל נביאים האָבען פאָראויסגעזאָגט, אַז בבל וועט האָבען אַ מפלה מיט אַלע איהרע אָבגעטער, און אַז די אידישע ישועה איז נאָהענט. אונטער די אידען איז די שטימונג געווען אַ העכסט אָנגעשטרענגטע. מען האָט געלעבט מיט דער גרויסער האָפנונג און געוואַרט אויף די ישועות, וועלכע אַלע נביאים האָבען פאָראויס געזאָגט; אָבער קיינער פון די נביאים האָט זיך נישט אַרויסגעזאָגט מיט אַזאַ דייטליכקייט וועגען דעם נצחון פון כורש דעם מלך פון פרס און מדי איבער דעם קעניג פון בבל, נאַבאָנאַד, מיט אַזאַ בעשטימטהייט, געוויסקייט און קלאָרקייט, מיט אַזאַ פייערליכער בערעדטעוודיגקייט און אין אַזאַ קינסטלערישער פאָרם, ווי מיר געפינען עס

דער נביא ערקלערט אויך, ווי אזוי דאס קליינע פאלק וועט ערפי־
לען גאטעס גרויסע שליחות:

„אט איז ער, מיין דיענער, איך שטיץ איהם,
„ער איז מיין דערוועהלטער, געליעבטער:
„געגעבען האב איך איהם מיין גייסט—
„גערעכטיגקייט פאר אלע פעלקער.
„ניט שרייען, ניט ליארעמען וועט ער,
„און גאס ניט אויפהויבען געפילדער,
„געבראכענעם שטעקען ניט ברעכען,
„געטליהעטע פלאקס ניט פערלעשען,
„נאר אורטיילען אלץ לויט'ן אמת.
„ניט מיעד וועט ער ווערען און קרעפטען,
„ביז משפט וועט הערשען א וועלט;
„עם וועלען זיך פעלקער בעהעפטען
„צו איהם און זיין תורה־געצעלט.

נישט דורך געוואלד וועט גאטעס שליח פיהרען דעם **אמת** צום
נצחון און פערשפרייטען זיין תורה, נישט דורך פייער און שווערד. ווי
אזוי אבער וועט ער עס מאכען, אז אלע זאלען זיין תורה אנערקענען?
דורך זיין אייגענעם ביישפיעל, דאדורך וואס ער וועט ווערען
א מערטירער, א פריינוויליגער קדוש פאר זיין תורה, און וועט בלייבען
שטיהן פעסט געגען אלע פערפאלגונגען, טראגענדיג געדולדיג די פערא־
כטונג און פערשפאטונג. דער נביא בעווייזט אידען זייער לעבענס־אויפגאבע
מיט א זעלטענער רעדנערישער קונסט, וועלכע מען קאן ביי קיינעם נישט
בעגעגענען; זיינע רייד לעגט ער אריין דעם אידישען פאלק גופא אין מויל:

„הערט איהר פעלקער ווייטע אלע:
גאט האט מיך פון בויך גערופען,
פון מיין מוטער'ס שויס
האט ער שוין דערמאנט מיין נאמען.
און ער זאגט צו מיר:
ביזט מיין קנעכט, ישראל,
כ'טהו מיט דיר זיך ריהמען.
איך האב אבער שוין געמיינט:
גאר אומזיסט מיין מיה,
ווינד און פוסט מיין קראפט פערטהון.
מיין גערעכטיגקייט וויים אבער גאט,
אה, מיין טהאט איז גאנץ פאר איהם!“

אט דאס טראגען גאטעס־ווארט און בשוואוסטזיניג ליידען פאר איהם,
בלייבען תמיד שטאנדהאפטיג געגען די יסורים און ווייך און איידעלמוטיג
אין די מעשים — דאס האט געמוזט ברענגען דעם נצחון פאר ישראל'ס

„דאָס געגומען האָט זי דאָפּעלט שטראָף
„שוין פון גאָט פאַר איהרע זינד".

דער נביא שילדערט די אידישע געמיינדע אין גלות, וועלכע האָט זיך שוין אַנגעליטען איבער איהרע כחות און נויטיגט זיך אין טרייסט, ווי אַ פערשטויסענע מוטער, ביי וועלכער מען האָט אַוועקגערויבט איהרע קינדער, וועלכע איז אָבער נאָך אַלץ טייער געבליבען איהר מאַן, אַלס זיין ערשטע ליעבע. די דאָזיגע פערלאָזענע פרוי איז ירושלים, און אַם דער נאָמען איז פאַר דעם נביא דער געגענשטאַנד פון זיין גאַנצער צערט־ליכקייט, פון אַלע וואַרעמסטע געפיהלען פון זיין הארצען. דער נביא רופט צו דער דאָזיגער פערלאָזענער מוטער:

„דערהויב זיך, דערהויב זיך, שטעה אויף, ירושלים!
„דו האָסט שוין געטרונקען דעם ביטערען בעכער פון גאָט,
„דעם ביטערען בעכער פול גאַל און פול גיפט
„האָסטו אויסגעטרונקען, ער האָט אויסגעטריפט!...
„זי האָט נישט קיין פיהרער פון אַל' איהרע קינדער
„וואָס זי האָט געבוירען,
„זי האָט נישט קיין שטיצע פון אַל' איהרע קינדער
„וואָס זי האָט ערצויגען"...

די טרייסט, וואָס דער דאָזיגער נביא האָט אַרויסגעזאָגט פאַר זיינע ברידער אין גלות, בעשטעהט נישט אין דער האָפנונג צו הערשען, צו גלענצען, צו האָבען מאַכט, דען נישט מיט קראַפט וועט יהודה צוריק גרויס און שטאַרק ווערען, נאָר מיט זיין גייסט, מיט גאָטעס הילף, וואָס וועט איהם געטהון ווערען פאַר די אויגען פון אַלע פעלקער. אין די רעדעס פונ'ם דאָזיגען נביא פון גלות געפינען מיר ווידער די אַמאָליגע ברכה, וואָס גאָט האָט געגעבען אַברהם'ן, אַז מיט איהם וועלען זיך בענשען אַלע משפחות פון דער וועלט, אַז גאָט האָט געמאַכט זיין פאָלק אַנ'עדות פאַר אַלע פעלקער, אַ ליכט פאַר זיי, אַז די אידישע הילף זאָל שיינען אין אַלע עקען וועלט. אַ גאַנץ נייע אָרדנונג זאָל אין דער וועלט קומען, אַ נייער הי־מעל און אַ נייע ערד זאָלען בעשאַפען ווערען, דאָס אַלטע זאָל פערגעסען און פערגעבען ווערען, און אַלע פעלקער וועלען דאָס אַנערקענען. פאַר'ן אידישען גאָט וועט זיך בויגען יעדע קניע, יעדע צונג וועט צו איהם שווערען.

„קעהרט זיך צו מיר און ווערט געהאָלפען אַלע עקען וועלט!
„איינער בין איך גאָט, קיין אַנדערער נישטאָ!
„ביי מיין נאָמען טהו איך שווערען — צדקה פאַר אַ וועלט —
„אייביג וועט מיין וואָרט איצט ווערען:
„יעדע קניע וועט מיר זיך בוקען,
„יעדע צונג וועט מיר טהון שווערען.

פעסט און נישט געבויגען. דער גלות בבל איז דעריבער אויך א נויט־ווענדיגקייט געוועזען: דאס אידישע פאלק האט געדארפט געלייטערט ווע־רען „אין א טיגעל פון עלענד“, כדי עס זאל ווערען ריין און שען, און אויך, ממילא, פעהיג צו ערפילען זיין גרויסע אויפגאבע.

דער נביא זאגט אויך אן די בשורה, אז עס איז נאהענט דער טאג, ווען גאט וועט זיין גערעכטיגקייט און הילף ענטפלעקען פאר אלע פעל־קער דורך זיין קנעכט ישראל. די מפלה פון דער חאלדייאישער מלוכה מיט איהר גאנצער איגנציכטיגקייט און געצענדיענערייט און די אויסלייזונג פון אידישען פאלק פון גלות וועלען פערווירקליכען די דאזיגע גרויסע תשועה. דער נביא רעדט וועגען בבל'ס מפלה ווי וועגען א זיכערען פאקט און ווידמעט איהר אפילו אויך א העכסט־שענעם שפאט־ליעד, וואו ער לאכט אוים מיט א בייסענדער איראניע בבל'ס שווערע געצענדיענערייט און איהר אסטראלאגישע קונסט, מיט וועלכער די חאלדייאישע חכמים האבען זיך אזוי שטארק געריהמט און געזאגט, אז זיי קאנען דורך דער אסטראלאגיע פאראויסזאגען די צוקונפט.

דער נביא ערקלערט, אז צוזאמען מיט כורש'עס נצחונות איבער בבל וועט אויך פארקומען די אידישע ישועה, וועלכע דער נביא שילדערט פאראוים מיט א דערהויבענער דיכטערישער שפראך און גרויסער התלהבות. „עס וועלען פארקומען וואונדער, ווי אין די טעג פון יציאת מצרים. א וועג וועט זיך עפענען אין דער מדבר, קוואלען וואסער וועלען זיך ענטפלעקען אין דער וויסטעניש, וועלכע וועט ווערען, ווי א גן־עדן מיט בליהענדע בוימער. אין דער אלטער היים וועלען זיי אויפבויען צו־ריק די חורבות און אויפשטעלען די איינגעווארפענע שטעדט. אלע וויסטע ערטער וועלען זיי אומוואנדלען אין פרעכטיגע גערטנער און קאנען לעבען רוהיג און זעהען פריידען. דער גייסט אבער, וועלכען גאט האט אויף זיין קנעכט ארויפגעלעגט, און זיין תורה, וועלכע ער האט איהם אין מויל געגעבען, וועלען שוין קיינמאל זיך נישט אבטהון נישט פון איהם, נישט פון זיינע קינדער און קינדס־קינדער אויף אייביג“.

און אויך א גרויסען געדאנק, וועלכער האט געדארפט שפעטער אין גאנצען פערענדערען די רעליגיעזע אנשויאונג און דערהויבען זי, האט דער נביא ארויסגעזאגט: די גאטהייט איז צופיעל ערהאבען, אז מען זאל זי קאנען איינשליסען אין א מקדש; דער אמת'ער בית מקדש דארף זיך געפינען אין'ם מענשען'ס הארצען.

„דער הימעל איז מיין שטוהל,
„די ערד—א באנק פאר מיינע פים
„וואס פאר א הויז ווילט איהר מיר בויען,
„אין וועלכען ארט קאן איך דען רוהען?
„דאס אלץ האט דאך מיין האנד בעשאפען
„דורך מיינם אווארט איז אלץ געווארען

תּורה און סוף כּל סוף אויך דעם כשר פערדינענטען לויהן. אזוי האָט ער־קלערט דער נביא פון גלות פאר זיינע ברידער די אידען. די געדאַנקען אָבער לאָזט ער זאָגען דעם אידישען פאָלק גופא. די פעלקער וועלען קי־מען צו דער איבערצייגונג, אַז דאָס אידישע פאָלק, און זיין קנעכט־געשטאַלט, האָט טאַקי דורך זיינע יסורים, דורך זיין אויסגעהאַלטענקייט און גרייטקייט צו ברענגען זיך פאר א קרבן פאר זיינע געדאַנקען, ערפילט זיין גרויסע אויפגאַבע און געבראַכט די פעלקער הילף און פרידען:

„ער איז דאָך קלוג, מיין קנעכט,
„ערהאַבען, זעהר גרויס, גערעכט...
— — — — — — — — — — — — —
„ווער האָט געקאָנט דאָס גלויבען,
„און וועמען האָט דאָס גאָט דערהויבען:
„אַנ׳עלענד צווייג זיך אויפגעהויבען
„א װאָרצעל פון א וויסטען לאַנד,—
„אָהן שענהייט, אָהן געשטאַלט,
„אָהן פאָרם, איהם צו בעגעהרען,
„פעראַכטעט, אויסגעמידען,
„א מענש פון קרענק און וועהטאָג...
— — — — — — — — — — — — —
„געליטען האָט ער אָבער
„גאָר אונזער קרענק און וועהטאָג;
„נאָר מיר האָבען געטראַכט,
„אַז גאָט האָט איהם פעראַכט,
„געשלאָגען און געבויגען...
„פערוואונדעט האָט איהם אונזער זינד,
„געדריקט נאָר אונזער שלעכטיגקייט...
„זיין שטראָף—זי ברענגט אונז פרידען...
„מיר זעהען, ס׳וועט פערשוואונדען
„די אַלטע קרענק ביי אונז
„דורך זיינע שווערע וואונדען"...

דער גרונד־געדאַנק, וועלכען דער דאָזיגער ערהאַבענער נביא פון גלות זאָגט אַרויס אין אַנ׳אַנדער מאָנאָלאָג, אַז פון אידען וועט אַרויס־געהן הילף און א וואוילטהאָט פאר אַלע פעלקער, דריקט ער אויס אזוי: „מיין הויז, דער מקדש פאר׳ן אידישען גאָט, וועט נאָך ווען א מאָל ווע־רען א געבעט־הויז פאר אַלע פעלקער".

אָט אזוי האָט עס דער נביא ערקלערט די רעטעניש אין לעבען פון אידישען פאָלק. אידען האָבען גענומען אויף זיך די שווערע אויפגאַבע, צו טראָגען דעם געטליכען געדאַנק צו אַלע פעלקער, און די דאָזיגע אויפ־גאַבע וועט דאָס אידישע פאָלק ערפילען דורך ליידען רדיפות און בלייבען

בכלל וועגען א פערענדערונג אינ'ם איצטיגען לעבען. די ערשטע האבען מיט פערצווייפלונג די הענד געבראכען, געקלאגט און געיאמערט, אז גאט האט זיך פון זיין פאלק אבגעזאגט; די צווייטע ווידער האבען נאך אבגע־לאכט פון זיי: „אדרבא, זאל זיך גאט איך בעווייזען אין זיין גרויסקייט, מיר וועלען אייער פרייד זעהען“. דער נביא האט דעריבער געהאט צוויי פערשיעדענע אויפגאבען: פאר די ערשטע האט ער געדארפט רייד־ען וועגן און היילען די וואונדען פון זייער הארצען דורך טרייסט און פאראויסזא־גען נחמות; די אנדערע דאגעגען האט ער געמוזט שטראפען, אדער אויך בעטען, אז זיי זאלען ענדערען זייערע געדאנקען, דערביי פלעגט ער זיי אנווייזען אויף די געשעהענישען פון דער געגענווארט, וועלכע האבען קלאר געדעט, אז גאט'ס ישועה איז נאהנט, און מען טאר די צייט נישט פערלאזען און מ'דארף אבווענדען זיך פון די שלעכטע דרכים. וואס נאהענטער דער נביא קומט צום סוף פון זיינע נבואות און בשורות טובות, אלץ שארפער ווערט זיין ארויסטרעטען געגען די וועלטליכע לייט און עשירים, וועלכע ווילען פון קיין זאך נישט וויסען, אויסער דער געצענ־דיענעריי און זייערע אונזיניגע מנהגים מיט זייער גאנצער אונציכטיגקייט און אונעהרליכקייט. און וועהרענד דער נביא איז מבטיח גאטעס גנאדע די פרומע, שטראפט ער די וועלטליכע און זאגט זיי פאראויס א זיכערען פערדערבען. לסוף שילדערט דער נביא די ישועות און דאס צוריקקעהרען זיך פון גלות, און זאגט נבואה, אז אלע צושטרייטע און צושפרייטע פון יהודה און ישראל וועלען קומען צוריק צום הייליגען בארג ציון, און דאן וועלען אלע עולה רגל זיין יעדען שבת און חודש קיין ירושלים, כדי דעם גאט פון ישראל צו בעטען און דיענען; די רשעים אבער וועט גאט בע־צאהלען לויט זייער פערדיענסט פאר אלע זייערע שלעכטע מעשים.

וועגען דעם נצחון פונ'ם גבור כורש האט דער נביא געredט מעהר,

מיט בעט נישט

וועגען דעם נצחון פונ'ם גבור כורש האט דער נביא גערעדט מעהר, ווי וועגען א פאקט, איידער ווי וועגען א נבואה, וואס ער זאגט פאראוים. דערביי זאגט אבער דער נביא פאראוים, אז כורש וועט געבען אלע פער־טריבענע פון ישראל און יהודה די פרייהייט אומצוקעהרען זיך צוריק קיין ירושלים און צו בויען דארט דעם מזבח. דער נביא ערקלערט, אז ער זאגט וועגען דעם נבואה בכיון, כדי אלע זאלען זעהען, ווען דאס וועט פארקומען אין דער ווירקליכקייט, אז גאט האט זיין השגחה פון אידען נישט אבגעטהון און ער לאזט וויסען זיין פאלק פאראוים דורך די נביאים, דאס, וואס וועט פארקומען. דער גבור פון פרס, וועלכער האט איינגענו־מען מדי און באקמזויען, לידיען, קליין־אזיען און זעהר פיעל פעלקער, איז אויסערוועהלט געווארען פון גאט צו פערווירקליכען די אידישע ישועה או צו בעפרייען זיי פון גלות.

מעגליך, אז אפילו דער חאלדייאישער קעניג מיט זיין גאנצען פאלק האט נישט געווארט אזוי געשפאנט אויף דעם סוף פון דער מלחמה מיט כורש'ן, ווי די דארטיגע גלות־אידען. די גלענצענדסטע האפנונגען און

„איך קוק נאר אויף דעם עלענדען, געדריקטען,
„דעם עניו, וואס טהוט היטען מיין געבאט“.

די ריינע, דורכגעדאכטע פרומקייט פון איינציגע אידען אין גלות האט זיך גענומען דעם דאזיגען געדאנק פאר איהר הויפט־לעהרע „די הימלען קאנען דיך, גאט, נישט ארומנעהמען, טא ווי אזוי זשע וועט דאס קאנען טהון דער בית המקדש“.

אבער אויב דער נביא האט געשילדערט שען און שטארק די ליכטיגע זייט פונ'ם אידישען לעבען אין גלות, האט ער נאך שטארקער געשילדערט די פינסטערע זייט פון דער דאזיגער געגענווארט: די מאסע האט זיך פערהאלטען גלייכגילטיג צו די רייד פון די נביאים, אדער זי האט זיך גאר אבגעקעהרט פון זיי. דאס פאלק, וועלכעם דער נביא האט בעשטימט צו זיין א קנעכט פון גאט, וואס דארף ערפילען זיין גרויסע שליחות, האט זיך אבגעזאגט צו טהון זיין דיענסט; עס האט נישט געוואלט זיין קיין שליח, וואס זאל עפענטליך ערקלערען גאטעסווארט, עס איז געבליבען בלינד פאר די געשעהענישען פון לעבען און טויב פאר די רייד פון די נביאים. אנשטאט צו דערהויבען דעם כבוד פון דער תורה, האט דאס פאלק עס פעראכטעט, און איז דאדורך אליין פעראכטעט געווארען. צו דער דאזיגער קלאס מענשען זאגט דער נביא:

„הערט, איהר טויבע, בלינדע, קוקט און זעהט:
„ווער איז בלינד, אויב נישט מיין קנעכט?
„ווער איז טויב, ווי דער פון מיר געשיקט?
„ווער איז בלינד, ווי מיין בעצאהלטער דיענער?
„ווער איז בלינד, ווי גאטעס קנעכט?
„זעהען פיעל—צום הארצען ניט צו נעהמען,
„האבען אפען אויערען, אבער נישט צום הערען“...

דען טאקי דערפאר, וואס אין דער ווירקליכקייט איז דאס פאלק אזוי וויים געווען דאמאלס פונ'ם גרויסען אידעאל, וואס דער נביא האט איהם אנגעוויזען, האט דער נביא געמוזט נעהמען אויף זיך די אויפגאבע צו מוסר'ן, צו לערנען, צו וועקען, צו טרייבען די פרומע און נאציאנאל־געזאנענע אידען צו שענע מעשים, ווי אויך צו שטראפען און אבשפא־טען פון יענע אידען, וואס האבען פון קיין שום אידעאלען גארנישט גע־וואלט וויסען און האבען זיך פעסט געהאלטען נאר בײ'ם אויסגלאסענעם לעבען פון די חאלדייער. די נאציאנאלע און פרומע אידען, די, וועלכע האבען געטרויערט נאך ציון, זענען דורך די רדיפות געווארען פער־צווייפעלט; א ביטערער יאוש איז ארייגעדרונגען אין זייער הארצען, און זיי האבען נישט געוואגט ארויסצוטרעטען עפענטליך; דאגעגען די וועלטליכע אידען, וואס האבען זיך אנגעשלאסען צו די חאלדייער, האבען גאר אליין געדרודפ'ט אלע אידען, וואס האבען געוואגט צו רעדען עטוואס וועגען דעם אידישען גייסט און וועגען אנ'אויסלייזונג פון גלות, אדער

בבל. דער פערסישער קעניג, כורש, האט פערנומען דעם פאלאץ פון חאלדייאישען קעניג און זיך געזעצט אויף זיין טהראן, אויסרופענדיג זיך אלס קעניג פון בבל און נאכפאלגער פונ'ם פריהערדיגען קעניג. ער האט אנגעהויבען צעהלען די צייט פון זיין רעגירונג ערשט פונ'ם יאהר, ווען ער האט איינגענומען בבל. אלע דיענער פון פאלאץ, וועלכע האבען זיך פריהער געבוקט צו נאבאנאד און שיער נישט געהאלטען איהם פאר א גאט, זענען איצט אריינגעטראטען אין דיענסט צו כורש'ן. צווישען זיי זענען אויך געוועזען די סריסים פון דער אידישער קעניגליכער משפחה, וועלכע זענען געטריי געוועזען דער אידישער תורה. און אט די אידען, צוזאמען מיט די אנגעזעהענע גרים, וועלכע האבען זיך פעראייניגט מיט'ן אידישען פאלק, האבען זיך אנגעהויבען משתדל צו זיין ביי כורש'ן, אז ער זאל פריילאזען די פערטריבענע אידען אומצוקעהרען זיך צוריק אהיים. ווי עס שיינט, איז דער הויפט-שתדלן געוועזען דער אייניקעל פונ'ם אידישען קעניג יהויכין, זרובבל, דער זוהן פון שאלתיאל. ביי כורש'ן האבען די שתדלנים געפועל'ט נאך מעהר, ווי מען האט געהאפט: ער האט זיי ערלויבט אומצוקעהרען זיך קיין ארץ ישראל און אויפבויען צוריק די שטאדט ירושלים צוזאמען מיט'ן בית המקדש. מיט'ן איינגעהמען בבל איז כורש אויך געווארען קעניג איבער אלע לענדער און פעלקער, איבער וועלכע נבוכדנאצר האט געוועלטיגט, איבער אלע פראווינצען ביז צום מיטעללענדישען ים און דער גרעניץ פון מצרים, און דאס לאנד יהודה האט דעריבער אויך געהערט צו איהם. וואס פאר מאטיוועו האבען געקאנט אנווייזען די שתדלנים פאר אזא שטארקען מלך, ווען זיי זענען געקומען ביי איהם בעטען, אז ער זאל זיי לאזען פריי און, אין א געוויסער מאס, מאכען זעלבסטשטענדיג זייער לאנד? וואס האט אויך בעוואויגען דעם מלך כורש צו זיין אזוי גוט געגען אידען און בעווילינגען זיי זייער ביטע? איז דאס געוועזען רחמנות, אדער בלויז א פלוצלונגע פאנטאזיע פון א שטארקען מלך? אדער אפשר איז טאקי ריכטיג, וואס עס האט שפעטער דערצעהלט יוסף פלאוויוס, אז די אידישע סריסים פון קעניגליכען הויף האבען פארגעלעזען דעם מנצח כורש די נבואה פונ'ם אידישען נביא ישעיה, אז גאט האט אויסערוועהלט איהם, כוריש'ן, דאס ער זאל איינעהמען פיעל פעלקער און אומקעהרען צוריק דאס אידישע פאלק אין זיין לאנד? אדער אפשר גאר האט כורש איינגעזעהען די גרויסקייט פון דער אידישער תורה און דעם אידישען גאט און ער האט דעריבער בעגנעדיגט דאס פאלק, וואס האט אזעלכעס? ווי דארט איז נישט געוועזען, א וואונדער איז עס געווים, דאס באלד, ווי כורש האט איינגענומען בבל האט ער מודיע געוועזען אין זיין גאנצער מלוכה דורך שליחים-אויסרופער (העראלדען) און אויך ארויסגעגעבען א מאניפעסט, אז עס ווערט ערלויבט אלע אידען צו געהן צוריק קיין ירושלים און בויען דארט דעם בית המקדש. ער האט ערלויבט די אידען, וואס ווילען בלייבען אין בבל,

דער גרעסטער יאוש האָבען זיך אלע ווילע געביטען אין זייערע הערצער,
וויל פון כורש'עס נצחון איז אָבגעהאנגען די ישועה פון אידען אָדער
זייער אונטערגאַנג. אָבער איידער מען האָט זיך נאָך ארומגעקוקט, איז
שוין געשטאַנען פאַר די טהויערען פון דער שטאָדט בבל אַ גרויסע פּער־
סישע אַרמעע. די חאַלדייער האָבען געהאַלטען זייערע גרויסע און שטאַר־
קע בעפעסטיגונגען אַרום דער שטאָדט פאַר דער בעסטער בעשיצונג, און
דעריבער האָבען זיי זיך גאָרנישט געקימערט וועגען דעם פיינד. כורש
אָבער האָט געלאָזט אָבפיהרען אין די זייטיגע קאַנאַלען דאָס וואַסער פון
טייך עפראַט, וועלכער איז געגאַנגען אונטער דער מויער פון שטאָדט. דער
טייך איז אויסגעטריקענט געוואָרען, און די פּערסישע אַרמעע איז אין
דער נאַכט אַריינגעקומען דורך זיין טרוקענעם גרונד אונטער דער מויער
אין שטאָדט. די חאַלדייער האָבען די גאַנצע נאַכט געהוליעט און געשכור'ט
און נישט געוואוסט פון קיין בייז. און ווען עס איז טאָג געוואָרען, האָ־
בען זיי דערזעהען, אַז די שטאָדט איז פול פּערסישע קריעגער. אַזוי אַרום
איז געפאַלען די גרויסע און מעכטיגע שטאָדט בבל (539 פאַר דער אַלגעמ.
צייט־רעכנונג). דעם חאַלדייאישען קעניג און פאָלק האָט נישט געטראָפען
קיין שווערע שטראָף, דען כורש איז געווען אַ מילדער מענש. געפאַלען איז
נאָר איינגאַנצען די העסליכע געצענדיענעריי באַלד, ווי מען האָט די
שטאָדט איינגענומען. דער גאָטעס־דיענסט פון די בעזיעגער, פון פרס און
מדי, איז, אין פערגלייך מיט דער חאַלדייאישער געצענדיענעריי, געווען
פיעל איידעלער און ריינער. זיי האָבען געהאַט נאָר צוויי־דריי געטער, און
דעם דיענסט צו די בילדער, וועלכען מען האָט שטאַרק פערעהרט אין
בבל, האָבען זיי געהאַסט.

בבל'ס מפּלה האָט אויסגעהיילט מיט איין מאָל אינגאַנצען דאָס אי־
דישע פאָלק פון זיין געצענדיענעריי אויף אייביג. דאָס פאָלק האָט שוין
איצט געזעהען מיט די אייגענע אויגען, ווי דער אָבגאָט בל, צו וועלכען
מען האָט זיך געבוקט מיט דער גרעסטער פערעהרונג נאָך מיט אַ טאָג
פריהער, האָט זיך איצט געוואַלגערט אויפ'ן מיסט, און די אָבגעטער נבו
און מרודך האָט מען צושטויסען. בבל'ס מפּלה האָט אינגאַנצען פער־
ענדערט דאָס אידישע פאָלק און געגעבען איהם „אַ האַרץ פון פלייש, אַנ־
שטאָט אַ שטיינערנעם". אַלע אידען אָהן אויסנאַהם, אויך די וועלטליכע
אידישע עשירים, האָבען זיך איצט געווענדעט צו גאָט פון ישראל, נאָכ־
דעם ווי זיי האָבען דערזעהען, ווי ריכטיג עס איז פערווירקליכט געוואָרען
די נבואה פונ'ם נביא. די „ענוים", די, וואָס האָבען געטרויערט נאָך ציון
און ירושלים, האָט מען שוין איצט נישט פערהאַסט און פעראַכטעט; מען
האָט זיי אָנגעהויבען בעהאַנדלען מיט'ן גרעסטען כבוד, און געשטעלט אין
שפּיץ פון דער געמיינדע. די פרומע אידען האָבען, באַלד נאָך בבל'ס
מפּלה, אָנגעהויבען ענערגיש צו אַרבייטען, כדי צו פערווירקליכען די אי־
דישע ישועה און דאָס אומקעהרען זיך צוריק קיין ארץ ישראל פון גלות

זעהען דערין א וואונדער, וואס דער גאט פון ישראל האט בעוויזען זיין פאלק. אין איין „שיר המעלות“ שפיגעלט זיך אב די דאמאלסדיגע שטימונג פון די צוריקקעהרענדע:

וועך גאט האט אומגעקעהרט צוריק
די עלענדע געפאנגענע פון ציון—
גלייך ווי א חלום איז ערשינען אונזער גליק.
דער מויל איז פול געווארען פרייד,
די צונג האט אנגעהויבען זינגען.
די פעלקער אלע האבען דאן גערעדט:
„ווי גרויס האט גאט געטהון מיט זיי!“
יא, גרויס האט גאט געטהון מיט אונז,
מיר זענען טאקי פרעהליך אל׳ געוועזען.

ווען די נאציאנאל-געזאנגענע האבען זיך צוגעגרייט אויסצונוצען די פרייהייט, וואס מען האט זיי געגעבען און געהן צוריק קיין ירושלים, האט איין דיכטער זיי געווארענט אין א תהלים-געזאנג צו בעטראכטען גוט, אויב זיי זענען טאקי ווערט צו געניעסען פון׳ם דאזיגען חסד פון גאט.

ווער דארף דערהויבען זיך צו גאטעס בארג?
ווער שטעהן דארף אויף זיין הייליג ארט?
נאר ריינע הענד,, א הארץ א קלארס,
וואס גלוסטעט נישט נאך פוסטען ווינד
און שווערט קיין פאלשע שבועות ניט.

נאר די, וואס זענען אמת ווערט דעם גרויסען חסד, דארפען זיך צוריק פערזאמלען אויף די הייליגע ערטער. ווער קאן אבער בעשטימען און זאגען, ווער עס איז באמת דער ווערטער און גערעכטער?...

---

צווייטעס קאפיטעל;

## דער ארויסגאנג פון גלות און די נייע ירושלים.

(פון 607 ביז 490 פאר׳ן צווייטען חורבן; פון 537 ביז 420 פאר דער געוועהנליכער צייטרעכנונג).

אינ׳ם זעלביגען חודש, ווען די אידען זענען מיט א יאהר נייןהונדערט פריהער ארויסגעגאנגען פון מצרים, האבען זייערע אייניקלעך פערלאזען דאס לאנד בבל, צו געהן צוריק אהיים און פערנעהמען ווידער די שטאדט ירושלים. דאס איז געווען א העכסט וויכטיגער מאמענט, וועלכער האט געטראגען אין זיך די צוקונפטיגע געשיכטע פון טויזענדער יאהרען.

גישט ווי פערציטערטע, שרעקעדיגע שקלאווען, פון וועלכע מען האט נאר וואס די קייטען ארונטערגענומען, זענען אידען ארויסגעטראטען, נאר

צו שטיצען די, וואס ווילען געהן קיין ארץ ישראל, מיט גאלד און זילבער, מיט פערמעגען און מיט בהמות, און, ענדליך, האט ער בעפוילען זיין שאץ־מייסטער, מתרדת, ארויסצוגעבען אידען צוריק די היילינע כלים פון בית המקדש, וואס נבוכדנאצר האט געבראכט, אלס א צייכען פון זיי־נע נצחונות, און אויסגעשטעלט אין טעמפעל פון זיין אבגאט בל. איצט האבען די אידען, וואס האבען זיך געלאזט אין וועג צוריק קיין ירושלים, גענומען אט די היילינע כלים מיט זיך, לויט כורש'עס בעפעהל.

ווי נאר כורש האט געגעבען זיין ערלויבניש די אידען, צו געהן צוריק אהיים, האבען זיך פערזאמעלט אנגעזעהענע אידען צו ארגאניזירען דעם ארויסגאנג פון בבל און אבצורוימען אלע מעגליכע שוועריגקייטען פונ'ם וועג פון די איבערוואנדערער. אין שפיץ פון דער אויסוואנדערונג האבען זיך געשטעלט צוויי גרויסע אידען, וואס האבען געהאט דאס רעכט צו ארגאניזירען דעם ארויסגאנג פון בבל, לויט זייער הויכער געבורט. דאס זענען געוועזען — דעם קעניג יהויכינס אייניקעל זרובבל בן שאלתיאל און דער כהן יהושע בן יהוצדק, אן אייניקעל פונ'ם לעצטען כהן גדול, שריה, וועלכען נבוכדנאצר האט געלאזט טויטען אין רבלה. מיט זיי האבען זיך פעראייניגט נאך צעהן בעוואוסטע אידען, אלזא, צוזאמען צוועלף מאן, ווי די צאהל פון די אידישע שבטים, וועל־כע זיי האבען געזאלט אין א געוויסער מאס פערטרעטען. זרובבל'ן האט כורש געגעבען א גרויסען טיטול פחה, אדער שטאטהאלטער (נאמיעסטניק) פונ'ם לאנד יהודה, וועלכעס אידען וועלען איצט צוריק פערנעהמען און אויפבויען. דער טיטול פון זרובבל איז, אין גרונד־גענומען, געוועזען די ער־שטע מדרגה צום קעניג. צו די אידישע צוועלף אנפיהרער זענען געקו־מען אלע אידען, וועלכע האבען געוואלט צוריקקעהרען קיין ירושלים. אין פערגלייך מיט דער צאהל אידען, וואס זענען ארויסגעגאנגען פון מצרים, איז די איצטיגע צאהל געוועזען זעהר קליין, סך הכל צוויי און פערציג טויזענד דריי הונדערט און זעכציג נפשות, מאנסבילען, פרויען און קינדער, עלטערע פאר צוועלף יאהר; דאך איז די צאהל געוועזען פיעל גרעסער, ווי מען האט געהאפט. די דאזיגע אידען האבען געהערט מייס־טענס צו די שבטים יהודה און בנימין, אויסער דעם זענען צווישען זיי אויך געוועזען כהנים און א קליינע צאהל לויים. אויך פון אנדערע שבטים האבען זיך דא געפונען אידען, ווי אויך גרים, דאס הייסט, נישט־אידען, וואס זענען צוגעשטאנען צום אידישען פאלק.

די שמחה פון די אידען, וואס האבען זיך געקליבען צו געהן צוריק קיין ארץ ישראל, איז געוועזען א געוואלדיגע. ס'איז זיי פערגעקומען די גאנ־צע זאך, ווי א זיסער חלום; קיינעם האט זיך נישט געגלויבט, אז זיי זאלען זוכה זיין, צוריק אהיים צו געהן און ווידער אויפבויען דאס לאנד און דעם בית המקדש. די געשעהעניש האט געמאכט א שטארקען איינ־דרוק אויך צווישען די פעלקער; מען האט וועגען דעם גערעדט אין גע־

טעט; שטילע, טויט־שטילע חורבות האָבען די ווידערגעקעהרטע פֿאַר זיך דערזעהען. ירושלים האָט איצט געמוזט ווידער אויף דאָס נייַ אויפֿגע־בויט ווערען. אָבער אויך נישט דאָס גאַנצע לאַנד איז געלעגען פֿרייַ: אַ גרויסען טייל פֿון לאַנד יהודה האָבען פֿערנומען די כותים און די אדומים, די ערשטע אין צפון, די אַנדערע אין דרום־קאַנט פֿונ׳ם לאַנד. די דאָזיגע פֿעלקער האָבען איצט טיילוויַיז געדאַרפֿט פֿערלאָזען דאָס לאַנד און אָב־געבען מס די צוריקגעקומענע אידען. אָבער נאָר דער שבט בנימין האָט געקאָנט אינגאַנצען צוריק בעזעצען זיַין לאַנד; דער שבט יהודה האָט גע־קאָנט נאָר בעקומען צוריק אַ טייל פֿון זיַין לאַנד.

דער אָנפֿאַנג פֿון דער נייַער אידישער מלוכה איז געוועזען קליין און אָרעם. פֿערציג טויזענד מענשען האָבען נישט געקאָנט בעאַרבייטען און קולטיווירען אַ גאַנץ גרויסען שטח לאַנד. די צוריקגעקומענע קאָלאָניע האָט דעריבער זיך איַינגעאָרדענט אַרום ירושלים. דאָס דאָזיגע לעבען צו־זאַמען האָט אָבער אויך געהאַט אַ מעלה: די בעפֿעלקערונג, וואָס האָט געלעבט נישט וויַיט פֿון דער הויפּטשטאָדט, האָט שטענדיג געקאָנט ווי־סען, וואָס עס קומט דאָרט פֿאָר און אויך אַנטייל נעהמען אין צענטראַלען לעבען, אָדער קומען צו הילף, ווען עס וועט זיַין נויטיג.

אויב אָבער דער קליינער אָנפֿאַנג פֿון דער נייַער קאָלאָניע האָט פֿיעל פֿערקלענערט די שמחה און בעזונדערס די גרויסע האָפֿנונגען, וועגען וועלכע עס האָבען גערעדט די נביאים אין דער לעצטער צייַט פֿון גלות, נאָכדעם ווי זיי האָבען אין דער ווירקליכקייַט דערזעהען זייער אָרעמקייַט און שוואַכקייַט,—זענען פּלוצלונג פֿאָרגעקומען גרויסע געשעהע־נישען, וועלכע האָבען ווידער ערוועקט זייער התלהבות און די בעגייַס־טערונג וועגען דער מעגליכקייַט פֿון אַ נייַער גרויסער אידישער מלוכה. פֿון פֿיעל לענדער, פֿון מערב, דרום און צפון, פֿון מצרים, פֿון פֿעניקיען און אפילו פֿון די גריכישע לענדער אויף די ברעגען פֿון ים און זייערע אינזלען, וואו מען האָט אידען פֿערקויפֿט פֿאַר קנעכט, אָדער וואוהין זיי האָבען אַליין אויסגעוואַנדערט,— פֿון אַלע עקען וועלט האָבען איצט אָנ־געהויבען צו קומען אידען קיין ירושלים. אָבער נישט בלויז אידען זענען געקומען, אויך אַ היבש ביסעל גרים, מענשען פֿון גאָר פֿרעמדע פֿעלקער, זענען צוגעשטאַנען צו אידען און געקומען מיט זיי צוזאַמען פֿון פֿער־שידענע לענדער „גרויסע און קליינע“, אָנגעזעהענע און ווייניג אָנגעזע־הענע. אידען האָבען זיי אויפֿגענומען מיט צופֿריעדענהייט און ליעבע, דען עס זענען געוועזען אַזעלכע, וואָס האָבען באמת דערקאָנט גאָט׳ס תורה און בעהעפֿט זיך צו אידען מיט׳ן גאַנצען האַרצען. אין די דאָזיגע גרים האָבען די אידען דערזעהען אַ ריכטיגען סימן, אַז זייער צוקונפֿט וועט נאָך גרויס זיַין, ווי די נביאים האָבען פֿאָראויס געזאָגט.

אין ווען עס איז געקומען דער זיבעטער חדש (תשרי), אין וועל־כען עס קומען פֿאָר די מייסטע ימים־טובים, לויט׳ן געזעץ פֿון דער תורה,

מיט אַ פֿרײַען מוט, אין אַ געהויבענער בעגײַסטערטער שטימונג און מיט
אידעאַלע האָפֿנונגען אין הארצען. אַ חאָר פֿון זינגער, פֿידלען און פויקען
האָט בעגלייט זייער גאַנג. נײַע געזאַנג־ליעדער האָבען זיי געזונגען:

„הודו לי״י כי טוב, כי לעולם חסדו״—„דאַנקט גאָט, דען ער איז גוט,
דען אייביג איז זײַן גנאַד״. די אידען, וועלכע זענען געבליעבען אין בבל—
און אַזעלכע זענען געווען פֿיעל, רײַכע סוחרים און גוטבעזיצער — האָ־
בען אַרויסגעוויזען זייער מיטגעפֿיהל דאַדורך, וואָס זיי האָבען בעגלייט
די צוריקקעהרענדע אחיים און מיטגעגעבען זיי גרויסע געשענקען אויף צו
בויען די שטאָדט און דעם בית המקדש. דער קעניג כורש האָט זיי מיט־
געגעבען טויזענד רײַטער, וועלכע האָבען זיי געדאַרפֿט אָבהיטען אויף
דער ווײַטער רײַזע פֿון רויבער־אָנפֿאַלען; זיי האָבען אויך געהאַרפֿט אי־
בערגעבען דעם קעניג׳ס בעפֿעהל צו יענע פֿעלקער, וואָס האָבען זיך בע־
זעצט אין לאַנד יהודה, אַז זיי זאָלען זיך אַרויסציהען פֿון לאַנד און אָב־
געבען עס די צוריקגעקומענע אידען. די נבואה, וועלכע איז ערשט נישט
לאַנג געזאָגט געוואָרען: „אין פֿריידען וועט איהר פֿון בבל אַרויסגעהען
און אין פֿרידען וועט איהר געפֿיהרט ווערען אחיים״— די דאָזיגע נבואה
איז מקוים געוואָרען אינגאַנצען. אין פֿרידען און אָהן סכנה האָבען די
מייסטען אידען געקאָנט דורכמאַכען דעם לאַנגען וועג פֿון כמעט טויזענד
וויאָרסט פֿון בבל קיין יהודה אונטער דעם שוץ פֿון דער מחנה פּערסישע
רײַטער. די רײַכע לייט האָבען געמאַכט די רײַזע אויף קעמלען, פֿערד
און מויל־עזלען, זיי האָבען אויך געהאַט מיט זיך זייערע שקלאַווען און
האַלב־שקלאַווען, זיי צו בעדיענען; אפילו די אָרעמע האָבען אויך גע־
קאָנט זייערע זקנים, ווײַבער און קינדער לאָזען פֿאָהרען, דען די מחנה
האָט געהאַט זעהר פֿיעל עזלען, קעמלען, פֿערד און מויל־עזלען. דעריבער
איז וועגען דער לאַנגער רײַזע נישט געבליעבען קיין שום בעשרײַבונג,
אָדער זכרונות, ווי בײַ דעם געהן פֿון מצרים צום לאַנד כנען; מען האָט
נישט געפֿונען פֿאַר נויטיג צו פֿערצייכענען די ערטער, וואו מען האָט
זיך אויסגערוהט; די מחנה איז זיך געגאַנגען לאַנגזאַם איהר וועג, דען
פֿיעל מענשען האָבען געמאַכט דעם וועג צופֿוס; קיין וויכטיגע געשעהע־
ניש איז אָבער דערבײַ מיט זיי נישט פֿאָרגעקומען. „גאָט האָט זיי גע־
פֿיהרט מיט אַ גלײַכען און זיכערען וועג צום אָרט, וואָס זיי האָבען פֿער־
לאַנגט״— ווי עס דריקט זיך אויס איינער פֿון די תהלים־זינגער.

ווען די מחנה אַרויסגעהער פֿון גלות האָט נאָך פֿערלויף פֿון פֿיער,
אָדער פֿינף מאָנאַטען דערגרייכט ענדליך די גרעניץ פֿון לאַנד יהודה, איז
די פֿרייד געווען געוואַלדיג גרויס. אַלע נבואות און האָפֿנונגען, אַלע גרוי־
סע ליכטיגע חלומות פֿון די אידען אין גלות, האָט זיך געדוכט, ווערען
שוין פֿערווירקליכט. די גרויסע פֿרייד איז אָבער אויך געווען געמישט
מיט טרויער: דאָס גאַנצע לאַנד, בעזונדערס, די היילינגע שטאָדט, דער גע־
גענשטאַנד פֿון זייער ליעבע און שטרעבען—אַלץ איז געלעגען פֿערוויסט־

אקט, וועלכער איז אויסגעפיהרט געווארען מיט גרויס פייערליכקייט. די כהנים זענען ווידער ערשיענען אין זייערע היילינע קליידער; די לויים פון אסף׳ם הויז האבען א דאנק־ליעד געזונגען, אז גאטעס גנאד דויערט אייביג. די כהנים האבען אין טרומייטען געשאלט, דאס פאלק האט אויפגעהויבען א פרעהליך געשריי, דער לאנג ערווארטעטער טאג איז ענדליך געקומען: מען גרינדעט ווידער גאטעס הויז. אין דער שמחה האט זיך אבער אויך אריינגעמישט א טרויער: דער צווייטער בית המקדש איז געווען קלענער און נישט מיט אזא עשירות האט מען אנגעהויבען בויען, ווי דעם ער־שטען, וואס שלמה האט געבויט. די זקנים האבען נישט געקאנט פער־געסען די פראכט פונ׳ם ערשטען בית המקדש.

די שמחה און די התלהבות פון דער ערשטער צייט האבען נישט לאנג געדויערט פאר די אומגעקעהרטע פון גלות. נייע דאגות האבען זיך אנגעהויבען און נייע פגעים רעים האבען זיך בעוויזען. הארט ביי דער גרעניץ פון לאנד יהודה האט געוואהנט א געמישט פאלק, די כותים, וועלכע די אידישע כהנים האבען אין בית אל געלאזט אננעהמען די אי־דישע תורה; אבער די כותים האבען עס געטהון נישט אינגאנצען, נאר טיילוויז, דען ביי זיך אין דערהיים האבען זיי אויך געדיענט צו זייערע אבגעטער, וואס זיי האבען מיטגעבראכט פון זייער אמאליג פאטערלאנד. איצט זענען געקומען פארשטעהער פון די כותים אין ירושלים און ער־קלערט, אז זיי ווילען אויך אנטייל נעהמען אין בויען דעם בית המקדש, כדי אויפגענומען צו ווערען פאר אידען גלייך מיט אלעמען. די זאך איז געווען אין די אידישע אויגען זעהר וויכטיג, און זיי האבען דעריבער צוזאמענגערופען א בעראטונג, אויף וועלכער ס׳איז בעשלאסען געווארען נישט אנצונעהמען דעם פארשלאג פון די כותים. זרובבל, דער וועלטליכער מנהיג פון די געקומענע אידען, האט ערקלערט די אנפיהרער פון די שומרונים, אדער כותים, אז מען וועט זיי נישט צולאזען צום בויען דעם בית המקדש, דען דאס איז אונמעגליך: אין אידישען בית המקדש קאנען אלע פעלקער קומען גאט בעטען, אבער בויען דארפען איהם נאר אידען אליין, ווייל אנדערש וועט ער נישט זיין קיין אידישער. דער דאזיגער בע־שלוס האט געבראכט אין דער צוקונפט זעהר טרויעריגע רעזולטאטען. עס האבען זיך באלד אנגעהויבען רייבונגען. די שומרונים האבען אנגעהוי־בען ארויסצוטרעטען פיינדליך געגען אידען, און מען האט געקאנט זעהען, דאס פיעל פון זיי זארגען גאנץ וועניג וועגען דעם טייל־נעהמען אין בית המקדש, נאר זיי ווילען ברענגען אידען שאדען און נישט דערלאזען זיי גרינדען און איינארדנען א נייע מלוכה אין לאנד יהודה, ווי אויך צו שטערען זיי צו בויען דעם בית המקדש. די שומרונים האבען אנגעהויבען פיהרען אינטריגעס: פון איין זייט האבען זיי אנגעהויבען אבצורעדען פיעל אידען נישט צו בויען דעם בית המקדש, פון דער אנדערער זייט האבען זיי זיך בעמיהט צו ווירקען אויף די פערסישע בעאמטע, אז זיי זאלען שטע־

האָבען זיך פערזאַמעלט די עלטסטע פון די משפחות פון אַלע קלאַסען קיין ירושלים און אונטער דער הנהגה פון זרובבל בן שאלתיאל און דעם כהן גדול יהושע בן יהוצדק האָבען זיי צוגעטראָטען צו פערווירקליכען דעם ערשטען אַקט פון דער נייער מלוכה. זיי האָבען אויסגעבויט אַ מזבח פון שטיינער, ווי עס שטעהט געשריבען אין דער תורה; דער דאָזיגער־מזבח האָט געדאַרפט זיין דער ערשטער שריט צום בויען דעם בית המקדש, וועלכער האָט געדאַרפט ווערען דער צענטער פון דער נייער מלוכה. דערווייל איז מען נאָך נישט צוגעטראָטען צו בויען דעם בית המקדש, ווייל עס האָט געפעהלט בוי־מאַטעריאַל, געהילץ און שטיינער, וואָס מען ברויכט צו אַזאַ גרויסער געביידע. צווישען די אַלטע כהנים און לויים זענען נאָך געווען אַזעלכע לייט, וואָס האָבען געזעהען דעם ער־שטען בית המקדש און גוט געדענקט, וואו דער מזבח איז געשטאַנען, און אויך ווי אַזוי דער בית המקדש האָט אויסגעזעהען. באַלד, ווי מען האָט דעם מזבח אויפגעשטעלט, זענען די כהנים צוגעטראָטען צו זייער עבודה, און די לויים צום געזאַנג. און, בשעת מען האָט דעם ערשטען קרבן אויפ'ן מזבח געבראַכט, האָבען די לויים געזונגען:

„קומט זינגען צו גאָט, לאָמיר שאַלען
„דעם פעסטונג־פעלז פון אונזער הילף

— — — — — — — — — — —

„דערצעהלט די נאַציאָנען זיין כבוד,
„און פעלקער דערצעהלט זיינע וואונדער.

— — — — — — — — — — —

„פערשעמט זאָלען זיין אַלע דינער צו געצען,
„וואָס ריהמען זיך גרויס מיט די נישטיגע געטער.

— — — — — — — — — — —

„צו גאָט טהוט־זשע זינגען אַ נייעם געזאַנג,
„דען וואונדער פיעל האָט ער געטהון.

— — — — — — — — — — —

„זיין הילף האָט ער אָפען אצונד אונז בעוויזען,
„פאַר פעלקער ענטפלעקט זיינע צדקות“.

באַלד איז מען אויך צוגעטראָטען צו בויען דעם בית המקדש. פאַר די רייכע נדבות און מתנות, וועלכע זענען ערהאַלטען געוואָרען פון די גלות־לענדער, האָט מען געדונגען אַרבייטער און בעלי־מלאכות. מען האָט ווידער געבראַכט צעדער־בוימער פון לבנון, ווי אין שלמה'ס צייטען, און געבראָכען שטיינער פונ'ם קאַלך־באָדען, און ווען מען האָט שוין צוגע־גרייט פערפערטיגטע מאַטעריאַלען גענוג, איז מען צוגעטראָטען צו לעגען דעם פונדאַמענט פאַר'ן צווייטען בית המקדש. נישט בלויז די אַנפיהרער זרובבל און יהושע בן יהוצדק, נאָר אויך די עלטסטע פון אַלע משפחות, אַ גרויסער המון מענשען האָבען זיך פערזאַמעלט צום דאָזיגען גרויסען

פערסישער קעניג (פון 591 ביז 555 פאַר'ן צווייטען חורבן). אין זיין צייט זאָל די לאַגע פון אידען אין יהודה זיך פערענדערט צום גוטען. דריוש איז גלייך געווען נישט צו קאַמביזעס'ן, נאָר צו כורש'ן; ער איז געווען אַ מילדער און אַ ווייכהערציגער הערשער. אַנ'אַלטע לעגענדע דערצעהלט, אַז זרובבל איז געגאַנגען קיין פערסיען און האָט שטאַרק אויסגענומען ביי דריוש'ן, צוליעב זיין גרויסער חכמה. אַלס אַ בעווייז פון זיין חסד צו איהם, האָט דריוש איהם געגעבען אַנ'ערלויבניש צו געהן צוריק קיין ירושלים און בויען דאָרט ווייטער דעם בית המקדש אויפ'ן חשבון פונ'ם קעניג. די זאַך איז אָבער אַזוי לייכט נישט דורכגעגאַנגען. נאָכדעם ווי מען האָט אָבגעשטעלט דאָס בויען דעם בית המקדש אין אַ משך פון פופצעהן יאָהר, צוליעב די אַרומיגע מלחמות אין די צייטען פון קאַמביזעס, האָבען די אידישע מנהיגים, זרובבל און יהושע, אפילו געטראַכט ווידער אָנצוהויבען בויען איהם, אָבער דאָס פאָלק, די עלטסטע פון די משפחות, האָבען געטענה'ט: „ס'איז נישט די צייט צו בויען גאָטעס הויז", דען זיי האָבען מורא געהאַט, אַז דאָס וועט זיי קאָסטען געלד און טרחה; זיי האָבען איצט געטענה'ט בכלל, אַז מען מוז פריהער בעפעסטיגען זיך אין לאַנד, ווערען רייך און שטאַרק, און ערשט דאַן וועט מען קאָנען טראַכטען וועגען בויען אַ בית המקדש. כדי אַז די אַרבייט זאָל זיך ביי'ם בויען דעם בית המקדש ווידער קאָנען אָנהויבען, האָט מען פון דאָס ניי געברויכט צו האָבען די אַמאָליגע פייערדיגע רעדעס פון נביאים, וועלכע זאָלען דערוואַרעמען דאָס האַרץ ביי'ם פאָלק. אַזעלכע נביאים זענען געווען חגי און זכריה. די דאָזיגע נביאים האָבען אין אַ משך פון פיעל חדשים גערעדט צום פאָלק און געשטראָפט איהם, און דורך זייערע רעדעס האָבען זיי ענדליך ווידער דערוועקט די ליעבע ביי אידען צו דער תורה און צום בית המקדש. זיי האָבען אויך נבואה געזאָגט וועגען דער צוקונפט און אינ'ם איצטיגען מאָמענט האָבען זיי גערופען אין גאָטעס נאָמען: „אַזוי זאָגט גאָט: איך בין מיט אייך, שטאַרקט זיך ביי דער אַרבייט!" אַ דאַנק די פייערדיגע רעדעס פון די נביאים, איז מען ענדליך ווידער צוגעטראָטען צו דער אַרבייט; צום צווייטען מאָל האָט מען אָנגעהויבען בויען דעם בית המקדש מיט בעגייסטער מוט און ענערגיע.

דאָס בויען האָט געדויערט פיער יאָהר (פון 589 ביז 585 פאַר'ן צווייטען חורבן), און ווען דער בנין איז ענדליך פאַרטיג געוואָרען נאָך פיעל מיה, שטערונגען און אָנשטרענגונגען, האָט מען געמאַכט דעם חנוכת הבית, קורץ פאַר פסח, מיט גרויסער פרייד און פייערדיגער התלהבות, פונקט אין זיבעציג יאָהר אַרום נאָך דעם חורבן פונ'ם ערשטען בית המקדש. צום חנוכת הבית איז זיך צוזאַמענגעקומען קיין ירושלים דאָס גאַנצע אידישע פאָלק פון לאַנד יהודה. דער בית המקדש איז פון איצט אָן געוואָרען דער צענטער פון אידישען פאָלקס-לעבען. דריי וואָכען נאָך דעם חנוכת הבית האָט מען געפייערט פסח, און די גרים,

רען אידען אין זייער בויען דעם בית המקדש. פאר די אידען האט זיך בכלל איצט איבערגע׳חזר׳ט נאך אמאל די זעלביגע שלעכטע לאגע, ווי זי איז געוועזען, ווען זיי זענען אריינגעקומען צום ערשטען מאל אין לאנד כנען. דאס גאנצע לאנד האט זיי נישט געהערט, און די ארומיגע פעל־קער האבען מיט אלערליי מיטלען געזוכט צו טהון זיי שאדען. וואס האבען די אידען איצט געקאנט טהון? וועגען פערטיידיגען זיך מיט געוועהר האט מען גארנישט געקאנט טראכטען, דען עס האבען געפעהלט דערצו אלע מיטלען, און אידען זענען אויך צו קליין געוועזען אין דער צאהל. פון די פערסישע בעגלייטער און בעאמטע האבען זיי געקאנט ווייניג וואס האפען אויף ישועות. צום אלגעמיינעם אונגליק האבען די געקומענע איר־דישע גרויסע לייט, די שרים און יחסנים, ווידער אנגעהויבען טראכטען מעהר פאר זיך און זייער אייגענעם נוצען, ווי פאר׳ן טובת הכלל. אנ־שטאט צו בויען דעם בית המקדש און בעפעסטיגען די שטאדט, האבען זיי געבויט פאלאצען פאר זיך אליין, ווי עס שיינט, פונ׳ם מאטעריאל, וואס מען האט געזאמעלט פאר׳ן בית המקדש. דערצו זענען נאך געקומען עטליכע יאהר נאכאנאנד אונגערעטענישען. „עס איז נישט געוועזען קיין רע־גען, די ערד האט ארויסגעגעבען צוריק דעם לאנד ארבייטער וועניגער, ווי ער האט פערזייהט; עס האט פערפעהלט עסענוואארג פאר זיך און פאר די בהמות, מען איז געבליבען אהן קליידער, און ווער עס פערדיענט, האט ער א לאך אין קעשענע“— אט אזוי קלאגט זיך א דאמאלסדיגער שריפטשטעלער. נאך ערגער איז געוועזען די מאראלישע לאגע, צוליעב דער גרויסער נויט. אין דער געצענדיענערייַ זענען שוין אידען אפילו מעהר נישט אריינגעפאלען, דען דערפון האבען זיי זיך שוין אויסגעהיילט אויף אייביג; אבער אנדערע פערברעכען, שלעכטסקייט געגען דעם ארעמאן, הארטהערציגקייט, אייגענגוציגקייט — אט די פעהלערען זענען זעהר פער־שפרייט געוועזען.

אפילו די פעסטגלויביגע האבען אויך אנגעהויבען צווייפלען און פערלארען דעם מוט. וואס איז געווארען פון אלע גרויסע הבטחות נאכ׳ן צוריקקעהרען זיך קיין ירושלים? אנ׳עלענדער ארעמער צושטאנד מיט ניעדעריגע מדות. דער בנין פון בית המקדש האט זיך אויך געמוזט אפ־שטעלען.

אכט יאהר איז אריבער, זינט אידען זענען ארויסגעגאנגען פון בבל. דער קעניג כורש איז דאמאלס געשטארבען און אויף זיין טהראן איז ארויף זיין זוהן, קאמביזעס. דער דאזיגער קעניג האט געהאט גרויסע פלענער; ער האט געוואלט איינעמען מצרים, נוביען, כוש און די בע־ריהמטע שטאדט קארטאגען, און דעריבער האט ער זיך נישט געקאנט אפ־געבען מיט די אידישע ענינים. קאמביזעס האט געקעניגט נאר אכט יאהר, און נאך זיין טויט איז געווארען קעניג אין פרס דריוש, דער דריטער

אויסקלייבען, ווער עס זאל בלייבען און ווער עס זאל אבטרעטען, וואלט
געמוזט אבטרעטען זרובבל, ווייל אהן א כהן גדול האט דער בית מקדש
דאך נישט געקאנט זיך פיהרען. אזוי ארום האט זיך דוד'ס הויז צוריק־
געצויגען פון דער הויכער אויפגאבע צו שטעהן אין שפיץ פון אידישען
פאלק. ווי עס שיינט, האט זרובבל פערלאזען ארץ ישראל, און איצט איז
די גאנצע הנהגה, סיי די וועלטליכע, סיי די גייסטליכע געבליבען אין
די הענד פון'ם כהן גדול יהושע בן יהוצדק, און נאך זיין טויט איז זי
איבערגעגאנגען צו זיין זוהן, יהויקים. צי האט די דאזיגע ענדערונג עפעס
געבראכט נוצען, איז שווער צו זאגען. קיין שלעכטס ווערט אפילו נישט
דערצעהלט פון די ערשטע צוויי כהנים גדולים, אבער קיין פיעל גוטס,
וואס זיי זאלען האבען אויפגעטהון,— אויך נישט. מען האט נישט פער־
צייכענט פון זיי קיין גרויסע מעשים, דורך וועלכע זיי זאלען האבען בע־
זונדערס דערהויבען און געשטארקט די יונגע אידישע קהלות. ווי עס
שיינט, איז די וועלטליכע מאכט נישט געווען אינגאנצען אין רשות
פון כהן גדול, נאך זרובבל'ס ארויסגעהן פון ארץ ישראל. די מאכט האט
גאר איבערגענומען דער פערסישער פחה, אדער דער שטאטהאלטער,
וועלכען די פערסישע מלכים אדער די סירישע סאטראפען (הויכע
שרים) פלעגען בעשטימען איבער יהודה. דער פחה פלעגט גאר נישט
וואהנען אין ירושלים, נאר צייטענווייז פלעגט ער אהין קומען און משפט'ן
דאס פאלק, זיצענדיג אויף א טהראן, אדער, אויב ער איז בעזונדערס
פיינדליך געווען געשטימט געגען אידען, פלעגט ער נאך דערביי מאכען
א רעש, אז אידען טראכטען נאר וועגען בונטען געגען דעם מלך פון פרס.
צווישען אידען זענען דאמאלס געווען פיעל מענשען, וואס האבען מיט'ן
ריינעם הארצען געגלויבט, אז עס וועלען אין גיכען מקוים ווערען די
נבואות פון ישעיה, אז דאס לאנד יהודה וועט ווערען א שטארקע מלוכה,
און פעלקער און מלכים וועלען איהר זיין אונטערטעניג. מען האט דער־
ריבער אידען חושד געווען, אז זיי טראכטען אבצופאלען פון פרס, אפילו
שוין אויך דאמאלס, ווען זרובבל האט פערלאזען ארץ ישראל, און אין
דעם זין האט מען געשריבען מסירות אויף אידען. אזעלכע מסירות האט
מען אנגעהויבען שרייבען באלד נאך דעם טויט פון מלך דריוש, ווען עס
איז ארויפגעשטיגען אויף זיין טהראן אחשורוש (Xerxes) (פון 555 ביז
534 פאר'ן צווייטען חורבן). די אידישע שונאים, נעמליך, די שומרונים
אדער כותים, האבען נישט דורכגעלאזען קיין געלעגענהייט אנצוווייזען
אויף דער שעדליכקייט פאר דער פערסישער מלוכה, וואס עס שטעקט
אין'ם גייען אויפוואקסען פון די אידישע קהלות אין ארץ ישראל, און אז
דעריבער איז נויטיג, ארויסצוגעבען בעגרענעצענדע געזעצען און גזירות
געגען אידען. אויסער דעם האבען די פחות (שטאטהאלטערס) אנגעהוי־
בען נעהמען גרויסע אבצאהלונגען ביי אידען, בעזונדערס ביי די לאנד־
בעזיצער, וועלכע פלעגען זיי מוזען געבען פיעל געלד און תבואות. די

וועלכע האָבען זיך באמת בעהעפטעט צו אידען, האָבען אין דער דאָזיגער פּייערונג אָנטייל גענומען מיט אַלעמען גלייך.

אין דער נייער אידישער קהלה האָט זיך שוין איצט געפיהרט אַלץ לויט'ן דין פון דער תורה. די גאַנצע געמיינדע, דאָס יונגע פאָלק איז געווען איינגעזאַפּט מיט דער תורה און דעם גייסט פון די נביאים; אַלע מצוות האָט מען שטרענג אָבגעהיט, אויף וויפיעל דאָס איז נאָר געווען מעגליך דאַמאָלס. אַלע האָבען געשטרעבט צו אחדות, און עס האָט גע־הערשט אַ װאַרעמער גייסט צווישען אַלע אידען אין יהודה. אָבער בכלל איז די געמיינדע נאָך געווען צו יונג, און עס איז שווער געווען אויסצו־מיידען אינערליכע שפּאַלטונגען און רייבונגען. אין יהודה האָבען דאַמאָלס געהערשט צוויי הערען: זרובבל, דער אייניקעל פון אידישען קעניג, וועלכער האָט געשטאַמט פון דוד'ס הויז, און דער כהן גדול יהושע בן יהוצדק, וועלכער האָט געשטאַמט פון אַלטען הויז פון כהנים פון צדוק'ס קינדער. דער ערשטער האָט געהאַלטען די וועלטליכע מאַכט, דער אַנדערער — די גייסטליכע, און ס'איז שווער געווען אויסצומיידען, אַז איינער פון זיי זאָל נישט אַריבערטרעטען די גרעניץ פון זיין מאַכט און נישט אַריינמישען זיך אין דער הערשאַפט פונ'ם צווייטען. זרובבל האָט געהאַט, נאַטירליך, פאַר זיך די ליעבע פונ'ם פאָלק, ווייל מען האָט אין איהם געזעהען גאָט'ס משיח פונ'ם געזאַלבטען קעניגליכען דוד'ס הויז, וועלכער האָט דערמאָהנט אָן דער גלענצענדער צייט פון דער אידישער מלוכה און אָן די גרויסע הבטחות פון די נביאים. דער נביא חגי האָט איהם אָנגערופען „דעם געליעבטען פון גאָט, זיין טייערען חתימה־רינג". אָבער טאַקי דערפאַר האָט ער געקאָנט ווערען געפעהרליך, דען די אידי־שע פיינד האָבען אָנגעגעבען אַ מסירה, אַז אידען טראַכטען אויסצורו־פען דעם נשיא פון דוד'ס הויז פאַר אַ מלך, און אידען הערען נישט אויף צו טראַכטען, ווי אַזוי ווידערצושפּעניגען געגען פּרס און אָבפאַלען פון איהר.

פון דער אַנדערער זייט ווידער האָט זכריה נבואה געזאָגט, אַז דער כהן גדול יהושע וועט טראָגען די קרוין און זיצען אויפ'ן טראָהן, און אין איהם וועט זיך פערווירקליכען די האָפנונג וועגען אַ משיח פון גאָט. דער־מיט האָט דער נביא געגעבען דעם כהן גדול אַ יתרון געגען דעם נשיא פון דוד'ס הויז. אַזוי אַרום איז די בעציהונג צווישעןביידע מנהיגים און זייערע אָנהענגער געוואָרען זעהר אַ געשפּאַנטע. און עס האָט געהאַלטען ביי אַ שפּאַלטונג, וועלכע האָט געזאָלט צוטיילען די קליינע אידישע גע־מיינדע אויף צוויי פּאַרטייען. די נבואה, אַז צווישען ביידע פּאַרטייען וועט ווערען שלום, האָט זיך נישט פערווירקליכט. דער שלום האָט געקאָנט צוריקגעשטעלט ווערען נאָר דאַדורך, וואָס איינער פון ביידע מנהיגים זאָל זיך אָבזאָגען פון זיין מאַכט. זייער הנהגה צוזאַמען האָט נאָר שטענדיג געקאָנט זיין אַ נייע סבה צו מחלוקת. אויב אָבער מען וואָלט געדאַרפט

באטען מתחתן צו זיין זיך, אפילו מיט זיי האבען אידען זיך איצט אנ־
געהויבען מתחתן זיין, און דעם ערשטען שריט האבען געמאכט די אי־
דישע מיוחסים, די הויכע שרים און עשירים. נאר דאס פאלק אדום, פון
עשו'ס קינדער, האט זיך שטארק געהאלטען ביי זיין אלטער פערביסע־
נער שנאה צו אידען און האט אליין נישט געוואלט מתחתן זיין זיך מיט
אידען, חאטש זיי האבען געוואהנט אויף דער אידישער גרעניץ. אין יע־
נער צייט איז אנגעפאלען אויף דאס פאלק אדום איינער פון די אראבישע
שבטים, די „בני נביות“ (. abatäer) , און האבען זיי פערטריבען
פון זייער געבירגיג לאנד, צונעהמענדיג ביי זיי אויך זייער הויפט־שטאדט
סלע (l'etra) . אדום האט דעריבער זיך בעזעצט אין דרום־קאנט
פון לאנד יהודה און פערנומען דאס לאנד פון די שבטים יהודה און
שמעון, פערהאפענדיג אויך די שטאדט חברון. דאס אידישע לאנד, וואס
ווערענד דאס פריהערדיגע לאנד אדום האט בעקומען דעם נאמען נא־
באטעא. אדום'ס פיינדשאפט געגען יעקב האט זיך געהאלטען וויטער
אויך, נאכדעם ווי אידען זענען שוין געקומען פון גלות בבל צוריק אין
זייער לאנד. די שומרונים דאגעגען האבען טיילווייז באמת געוואלט אי־
דען ווערען. צווישען די שומרונים איז דאמאלס געווען א מענש מיט'ן
נאמען סנבלט, וועלכער האט זיך גערעכענט פאר זייער מנהיג. דאס איז
געווען א מענש מיט אנ'אייזערנעם ווילען און א גרויסער ענערגיע, קלוג
און היטרע, ווילד און אויסגעהאלטען, און אט ער האט מיט'ן גאנצען האר־
צען געוואלט זיך אנשליסען צום אידישען פאלק און פעראייניגען זיך מיט
איהם, כדי צו האבען א חלק אי אין בית המקדש, אי אין דער תורה, אי
אין גאט. ער האט אבער געוואלט דאס דערגרייכען נישט אויפ'ן וועג פון
שלום, נאר דורך מלחמה. מען האט געקאנט מיינען, אז ער וויל דעם הי־
מעל און דעם גאט איינגעהמען אין מלחמה־שטורם. ווען אידען האבען
איהם באלד נישט אריינגענומען אין זייער סביבה, האט ער זיך גענומען
צו געוואלדיגע מעשים און אינטריגעס, כדי צו פערדערבען די אידישע
קהלה. צוזאמען מיט סנבלט האט געווירקט א מענש פון פאלק עמון,
טוביה, וועלכען פיעל אידען פון שבט יהודה האבען געשווארען פריינד־
שאפט און ער האט זיך דאפעלט מיט זיי מתחתן געווען: אליין האט ער
געהייראטעט מיט דער טאכטער פון איינעם פון די אידישע שרים, שכניה
בן ארח, און אנ'אנגעזעהענער איד, משולם בן ברכיה, האט גענומען זיך
פאר אנ'איידעם טוביה'ס זוהן, יהוחנן. ווי געזאגט אבער, זענען אזעלכע
חתונות מיט די עמונים און מואבים פערבאטען געווארען דורך דער תורה.
די כהנים און די פערטרעטער פון אידישען פאלק, וועלכע האבען כלל
נישט געוואלט ברעכען עפענטליך א געזעץ פון דער תורה, האבען עס
געטהון מיט א היתר, ערקלערענדיג דעם פערבאט פון דער תורה אויף
א מילדערען אופן. נישט אזוי האט זיך אבער בעציהגען צום דאזיגען

לאַגע פון די אידען אין זייער אַלטער היים. וואוהין זיי זענען אַריינגעקו־
מען מיט אַזעלכע גרויסע ליכטיגע האָפנונגען, האָט אין צווייטען און דריט־
טען דור אָנגעהויבען צו ווערען ערגער פון טאָג צו טאָג.

כדי וועניגסטענס פטור צו ווערען פון די אינטריגעס און מסירות
מצד די שומרונים, האָבען די אידישע מנהיגים, די עלטסטע פון די יחוסי
משפחות, געמאַכט אַ שריט, וועלכער האָט שפּעטער געבראַכט צו זעהר
טרויעריגע פערוויקלונגען און אויך אונגליקען. זיי האָבען אָנגעהויבען זיך
מתקרב צו זיין צו די אַרומיגע פעלקער, אָדער האָבען פריינדליך אויפגע־
נומען זיי, ווען יענע זענען געקומען צו זיי מיט כלומרש'ט פריינדליכע
פאָרשלאַגען. כדי פעסטער צו בעפריינדען זיך, האָבען זיי אָנגעהויבען
מתחתן זיין זיך מיט זיי. ווי אין דער ערשטער צייט נאָכ'ן אַריינקומען
אין לאַנד כנען, אין דער ערשטער עפּאָכע פון די „שופטים", האָבען
אידען געוואָלט פערזיכערען זייער רוהיגקייט און זיכערקייט דורכ'ן לעבען
בשלום מיט די אַרומיגע פעלקער און צוליעב דעם האָבען זיי זיך מיט זיי
מתחתן געווען, אַזוי האָבען זיי געטהון אויך איצט. די בעציהונגען זענען
אָבער איצט געווען גאָר אַנדערע. די פעלקער פון כנען, די אמורים, החתים
און אַנדערע אַלטע איינוואוהנער פונ'ם לאַנד, זענען געווען געצענדיענער
און דורכ'ן מתחתן זיין זיך מיט זיי זענען אידען אַריינגעשלעפּט געוואָרען
אין דער געצענדיענעריי. די איצטיגע פעלקער אַרום דאָס לאַנד יהודה,
בעזונדערס, די שומרונים, האָבען זיך כמעט שוין גאָר אָבגעוואָרפען פון
דער געצענדיענעריי און האָבען באמת געשטרעבט צום אידישען קולט,
זיי האָבען געוואָלט אַנטייל נעהמען אינ'ם גאָטעס־דיענסט אין בית
המקדש. דאָס זענען געווען, אייגענטליך, גרים, אָדער האָבען עס געוואָלט
זיין; זיי האָבען געוואָלט אַריינטרעטען אין אידישען בונד מיט גאָט און
פעראייניגען זיך אינגאַנצען מיט'ן אידישען פאָלק. צי האָט מען דען אַלזאָ
געדאַרפט זיי אָבשטויסען פון זיך מיט עקשנות? צי וואָלט דען נישט גע־
ווען גלייכער, אַז מען זאָל זיי מקרב זיין צו זיך און באמת מאַכען זיי פאַר
אידען? די אידישע יחוס־משפחות מיט זייערע אָנפיהרער האָבען זיך
מעהרסטענטייל אַרויסגעזאָגט, אַז מען דאַרף זיי יאָ אַריינגעהמען אין
דער אידישער סביבה און מקרב זיין זיי, אַנשטאָט אָבצושטויסען זיי פון
זיך. דער דאַמאָלסדיגער כהן גדול, יהויקים, אָדער זיין זוהן אלישיב, האָט
אויך איינגעשטימט דערמיט אינגאַנצען און געשטיצט דעם ענין דורך זיין
הויכען אַמט און נאָמען.

דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, אַז פיעל פון די אָנגעזעהענע
אידישע משפחות, אפילו אויך די מיטגליעדער פון דער משפחה פונ'ם
כהן גדול, האָבען זיך מתחתן געווען מיט די אַרומיגע פעלקער. די
שומרונים מיט די אידען האָבען געהאַלטען ביי'ם צוזאַמענגיסען זיך אין
איין פאָלק. אויך מיט די פעלקער עמון און מואב, אַט די אַמאָליגע פערביי־
ערטסטע אידישע פיינד, מיט וועלכע די משנה־תורה האָט בפירוש פער־

אין אַ קורצע צייט אָבער איז אויך דאָס לעבען אין ארץ-ישראל אריינגעשלעפּט געוואָרען אין דער נייער שטרעמונג און אָנגענומען דעם נייעם האַראַקטער.

אין בבל זענען געבליבען זעהר פיעל אידען, אויך נאָכדעם, ווי אַ טייל אידען האָבען אויסגעוואַנדערט צוריק קיין ארץ-ישראל. די סבּה פון זייער איבערבלייבען אין גלות-לאַנד איז שווער גענוי צו בעשטימען. מעגליך, אַז דערין האָט געווירקט די ליעבע און געוועהנהייט צום נייען לאַנד, מעגליך, אַז זיי האָבען נישט געקאָנט פערלאָזען דאָס לאַנד, צוליעב זייערע געשעפטען, אָדער ווייל זיי האָבען שוין דאָרט געהאַט אינבעוועגליכע גיטער. די געוואַלדיגע התלהבות, אין וועלכער עס האָבען געלעבט די אידען, וואָס זענען געגאַנגען פון גלות קיין ארץ-ישראל, האָבען איבערגעלעבט אויך די געבליבענע אידען, און זיי האָבען זייער התלהבות אַרויסגעוויזען דורך די גרויסע מתנות, וואָס זיי האָבען מיטגעגעבען די אַרויסגעהענדע, און די נדבות אויף צו בויען צוריק דעם בית המקדש אין די שטאָדט ירושלים, אָבער אַליין צוריקגעהן קיין ירושלים האָבען זיי נישט געוואָלט. בלייבענדיג אין בבל, האָבען זיי אָבער נישט געמיינט אָבצורייסען זיך פון אידישען פאָלק; זיי האָבען אָנגעווענדעט אַלע מעגליכע מיטלען, כדי אָבצוהיטען זייער פאָלקסטימליכקייט און נאַציאָנאַלען חאַראַקטער. זיי האָבען געלעבט אָבגעזונדערט פון דער אַרומיגער נישט-אידישער וועלט, האָבען זיך מיט נישט-אידען נישט מתחתן געווען און געפיהרט זיך אין זייער היימישען און געזעלשאַפטליכען לעבען, לויט ווי די תורה האָט געבאָטען. און טאַקי נאָר דערפאַר, וואָס זיי האָבען געלעבט אָבגעריסען פון זייער אַלטען פאָטערלאַנד און פון זיינע הייליגע ערטער, האָבען זיי בעזונדערס געזאָרגט דערפאַר, אַז זיי זאָלען בלייבען אידען און לעבען, לויט ווי די תורה האָט געבאָטען, כדי דערין צו האָבען אַ נייע פאָטערלאַנד, — אַ תורה, וואָס זאָל פעראייניגען פעסט אַלע זייערע מיטגליעדער. קיין קרבנות האָבען זיי געוויס נישט געקאָנט מעהר ברענגען; זיי האָבען אויך נישט געקאָנט ערפילען אַלע יענע געבאָטען פון דער תורה, וועלכע האָבען אַ שייכות צום בית-המקדש, אָדער זענען פערבונדען מיט ארץ-ישראל. אָבער דערפאַר האָבען זיי אָבגעהיט מיט מעהר פייער און ערגעבענהייט אַלע יענע געבאָטען, וואָס האָבען נישט געהאַט קיין שייכות צום בית המקדש און צום לאַנד, ווי, למשל, שבת, פסח, מילה, אַ כשר'ע קיך א. ד. גל. זיי האָבען, בלי ספק, געהאַט שוהלען (בתי תפלה), וואו זיי פלעגען זיך פערזאַמלען און פעראייניגען אין געוויסע, בעשטימטע צייטען. אמת, זיי האָבען אינגאַנצען אָנגענומען די אַראַמייאישע, אָדער חאַלדייאישע, אָרטס-שפּראַך און פלעגען זי געברויכען אויך צווישען זיך; אָבער די העברעאישע שפּראַך האָבען זיי אויך מיט גרויס חשק געלערנט און פערפרעמדעט זיינען זיי פון איהר נישט געוואָרען. פון וואַנען האָבען זיי געקאָנט נעה-

ענין דאָס גאַנצע פֿאָלק. פֿיעל אידישע יחוס־משפחות האָבען זיך ריין געהאַלטען פֿון מתחתן זיין זיך מיט פֿרעמדע פֿעלקער און זיך שטאַרק געקלאָגט ד... ויף, וואָס מען ברעכט די אידישע תורה און מען מאַכט־איבער אינגאַנצען דעם אידישען פֿאָלקס־כאַראַקטער דורכ'ן אַריינבריינגען אין זיין בלוט און אין זיין סביבה נייע, פֿרעמדע עלעמענטען. בעזונדערס שאַרף זענען אָבער אַרויסגעטראָטען געגען דעם, ווי עס שיינט, די לויים און דיכטער, די ליעבהאָבער און בעאַרבייטער פֿון דער העברעאישער שפּראַך און די אַלטע אידישע ספרים, דען זיי האָבען אָנגעוויזען, דאָס דורך די געמישטע חתונות פֿערדאַרבט מען די אידישע שפּראַך, אָדער מען פֿערגעסט איהר אינגאַנצען. „די קינדער, וואָס זענען געבוירען פֿון געמישטע חתונות, רעדען האַלב אַשדודיש, און פֿערשטעהען שוין קיין העברעאיש גאָר נישט“ — האָבען זיי זיך געקלאָגט. זיי זענען דעריבער געווען אינגאַנצען געגען די געמישטע חתונות, אָבער קיין ווירקונג האָבען זייערע פּראָטעסטען פֿון אָנפֿאַנג נישט געקאָנט האָבען, וויל זיי זענען געווען אין דער מינדערהייט. לסוף אָבער איז אין ירושלים אַרויס־געטראָטען געגען די געמישטע חתונות אַ גרויסע פּערזענליכקייט, וועלכע איז געקומען פֿון בבל — עזרא הסופר. איצט האָט זיך מיט איהם פֿער־אייניגט די מינדערהייט און אַלץ העכער אָנגעהויבען פֿאָדערן, אַז מען זאָל מאַכען אַ סוף מיט די געמישטע חתונות און אָבשאַפֿען זיי אינ־גאַנצען. אין פֿאָלק האָט אויסגעבראָכען אַ שאַרפֿע רעאַקציע, וועלכע האָט מיט דער צייט געבראַכט צו זעהר גרויסע פֿערוויקלונגען, וואָס זענען געווען פֿאַר אידען זעהר אונאַנגענעהם.

זעלטען קומען פֿאָר אין דער געשיכטע פּלוצלונגע איבערקעהרעני־שען און ענדערונגען אין לעבען פֿון די פֿעלקער, אַז דער לעבעדיגער דור זאָל עס אינגאַנצען אַליין קאָנען דורכמאַכען און זעהען מיט זיינע אויגען, ווי דאָס אַלטע שטאַרבט אָב, און דאָס נייע אָרדענט זיך איין אָנשטאָט איהם. געוועהנליך בעמערקט מען נישט באַלד די וויכטיגע ענדע־רונגען, וועלכע קומען פֿאָר אין די אַנשויאונגען, מנהגים און מדות אָדער אפילו אין דער שפּראַך, נאָר ערשט אין אַ צייט אַרום, ווען עס לעבען איבער צוויי־דריי דורות, קאָן מען די פֿאָרגעקומענע ענדערונג ערשט גוט זעהען און פֿערשטעהן, אין וואָס זי איז בעשטאַנען. אָט אַזאַ התחלה פֿון אַ נייער עפּאָכע איז פֿאָרגעקומען אין די ערשטע דורות נאָכ'ן אויפֿ־בויען דעם צווייטען בית־המקדש. די דאַמאָלסדיגע אידען האָבען געמיינט, אַז זיי פֿיהרען נאָר ווייטער די אַרבייט פֿון זייערע אָבות און מיט די זעלביגע מיטלען, ווי יענע; אין דער ווירקליכקייט אָבער האָבען זיי זיך אַליין אויך פֿערענדערט, אויסאַרבייטענדיג אַ גאַנץ נייע אָרדנונג אין אַ גאַנץ נייעם גייסט, וועלכער איז פֿאַר זיי אַליין גאַנץ ווייניג קלאָר געווען. די נייע ענדערונג אין אידישען גייסט און לעבען האָט געשטאַמט נישט פֿון ארץ־ישראל און פֿון ירושלים, נאָר פֿונ'ם גלות־לאַנד, פֿון בבל;

ער האָט טיעפֿער און בעסער געלערנט די תּורה, ווי אַלע, וואָס זענען געוועזען דערמיט בעשעפֿטיגט פֿריהער פֿאַר איהם, ווי אויך אַלע זיינע קרובים. נאָכדעם, ווי ער האָט זיך אינגאַנצען געווידמעט דער תּורה און איז אַריינגעדרונגען אין איהר גייסט, האָט ער אָנגעהויבען צו אַרבייטען דורכצופֿיהרען אַלע איהרע געזעצען אין לעבען. די געזעצען פֿון דער תּורה האָבען נישט געדאַרפֿט בלייבען בלויז געשריבענע בוכשטאַבען, נאָר זיי האָבען געדאַרפֿט ווערען לעבענס-פֿאַקטען און מעשים. די התחלה האָט עזרא, נאַטירליך, געמאַכט פֿון זיך אַליין. אַלע דינים, וואָס האָבען זיך בעצויגען אויף קליידער, וואָהנונגען, עסענוואַרג, שבתים און ימים-טובים — אַלץ האָט עזרא אָבגעהיט מיט דער גרעסטער פּינקטליכקייט און גענויאיגקייט. דאַן איז ער אַרויסגעטראָטען, אַלס לעהרער, פֿאַר זיינע פֿאָלקס-ברידער און האָט זיי אַזוי גוט און קלאָר ערקלערט די תּורה, אַז זיי האָבען זי געקאָנט ליכט פֿערשטעהן; דערביי האָט ער זיי דערמאָהנט, אַז זיי זאָלען זיך בעמיהען „צו היטען זי צו טהון“. די תּורה איז פֿאַר עזרא'ן געוועזען די גאַנצע ענטוויקלונג פֿאַר אידען, וועלכע משה האָט פֿאַר זיי מעגליך געמאַכט. עזרא האָט דעריבער געשטעלט די תּורה העכער, אונענדליך העכער, ווי די ספרים פֿון די נביאים. זייענדיג אַליין דורכגעדרונגען פֿונ'ם גייסט פֿון דער תּורה, איז איהם אויך געלונגען זיינע איבערצייגונגען איבערצוגעבען זיינע ברידער אין גלות פֿון פּרס און בבל. עזרא האָט פֿערנומען זעהר אַ הויכען אָרט אין אידישען לעבען אין גלות; דאָס פֿאָלק האָט געהאַט צו איהם דעם העכסטען צוטרוי; מען האָט גערן איהם געוואָלט הערען רעדען און געפֿאָלגט אַלע זיינע בעפֿעהלען. זיין וואָרט איז געוועזען פֿאַר אַלעמען אַזוי היילג, ווי די רעד פֿון די לעצטע נביאים.

ווי האָט עזרא זיך דערוואוסט, אַז אין ארץ-ישראל היט מען נישט אָב די תּורה, און ער האָט בכּיון געוואָלט אונטערנעהמען אַ רייזע קיין ירושלים, כּדי צו לערנען דאָרט מיט אידען תּורה, אָדער אפשר האָט איהם געטריבען צו דער רייזע זיין פֿערלאַנג צו וואָהנען בּיי'ם בּית המקדש און קאָנען מקיים זיין די מצוות פֿון קרבּנות און אַנדערע מצוות, וואָס האָבען אַ שייכות צום היילינגען לאַנד, — וואָס די סבּה פֿון זיין בעשלוס צו געהן קיין ירושלים איז געוועזען, — אָבער ווי נאָר ער האָט דעם בעשלוס אָנגענומען, האָט ער זיך צוזאַמענגערעדט מיט נאָך פֿיעל אַנדערע אידען, וועלכע האָבען געוואָלט מיט איהם אַרויסגעהן פֿון בבל. די צאָהל אידען, וואָס זענען מיט איהם געגאַנגען, איז געוועזען נישט קיין קליינע — טויזענד מיט זעקסהונדערט מאַנסבּילען און פֿיעל פֿרויען און קינדער פֿון די אָנגעזעהענסטע משפּחות, וואָס זענען נאָך בּיז איצט געבליבען אין גלות-לאַנד. צווישען זיי איז אויך געוועזען זרובבל'ס אַן אוראייניקעל פֿון דער קעניגליכער דוד'ס משפּחה. יענע אידען, וועלכע האָבען נישט געקאָנט מיטגעהן, האָבען געגעבען עזרא'ן גרויסע נדבות — גאָלד,

מען די ידיעה פון דער אייגענער שפּראַך, ווען נישט פון די אידישע הייליגע ספרים, וועלכע זיי האָבען מיט זיך געבראַכט נאָך באַלד נאָכ'ן הורבן קיין בבל? די דאָזיגע ספרים האַבען זיי געלערנט מיט דער גרעס־טער ערגעבענהייט, דען אין זיי האָבען זיי נישט בלויז די אידישע שפּראַך געפונען, נאָר אויך די אידישע רעליגיע, די אידישע תורה, דעם אַלטען אידישען גייסט און די גרויסע נחמות פון די נביאים. דאַדורך האָבען זיי זיך אויך נאָהענט בעקאַנט מיט דער תורה און בעזונדערס מיט דער משנה־תורה, וועלכע מען פלעגט פריהער גאַנץ וועניג בעאַב־אַכטען, לעזענדיג מיט'ן גרעסטען חשק נאָר די נביאים, וועלכע פלעגען זיי דיענען פאַר אַ טרייסט אין שווערע צייטען. ווי נאָר מען האָט זיך גענומען איינאָרדנען פון דאָס ניי אַ לעבען, אויסצודריקען די שטימונג און מיינונגען אין מ ע ש י ם, האָט מען זיך גענומען צום ח ו מ ש. אין דער תורה האָט מען געפונען אַלע יענע געזעצען, וועלכע האָבען געגע־בען אַ בעזונדערען חאַראַקטער דעם אידישען לעבען און דעם מהות פון אידישען פאָלק. אין דערהיים האָט מען די תורה פערנאַכלעסיגט, ווייל מען האָט דאָרט געהאַט אַ בית־המקדש מיט קרבנות, אַ מלך מיט כהנים; דאָ אָבער אין בבל, וואו דאָס אַלץ האָט געפעהלט, האָט מען זיך גענומען ערפילען און טייער אָבהיטען די געזעצען פון דער תורה. אין ארץ־ישראל, למשל, האָט מען נישט אָבגעהיט אַזוי שטרענג שבת, ווי מען האָט עס געטהון אין גלות, אין די קהלות פון בבל און פרס. אַ ביישפּיעל פון אַנ'אמת'ן פרומען אידען, וואָס איז געווען אינגאַנצען דורכגעדרונגען מיט'ן הייסען פערלאַנג צו ערפילען אַלע געבאָטען פון דער תורה, האָט מען דאַמאָלס געפונען אין ע ז ר א ה ס ו פ ר. ער האָט עס דורכגעפיהרט די גרויסע ענדערונג אין אידישען לעבען און אין זיי־ערע אַנשויאונגען אין געגעבען איהם אַ נייעם חאַראַקטער. עזרא איז אָבער דערין נישט געשטאַנען אַליין. ער האָט געהאַט פיעל חברים, וואָס האָבען געלעבט מיט די זעלביגע מיינונגען און געדענקט, ווי ער.

דער דאָזיגער גרויסער מענש, וועלכער איז געווען דער שעפּפער פון דער רעליגיעז־געזעצליכער ריכטונג ביי אידען, איז, לויט זיין געבורט אין יחוס, געווען ווי געבוירען פאַר זיין גרויסער ראָליע. ער האָט גע־שטאַמט פון כהנים גדולים; איינער פון זיינע אור־עלטערען איז געווען דער כהן־גדול חלקיהו, וועלכער האָט ענטדעקט די משנה־תורה אין בית המקדש און געגעבען זי דעם קעניג יאשיהו צו לייענען, אַרויסרו־פענדיג דאַדורך אַ גאַנצע איבערקעהרעניש אין מאָראַלישען לעבען ביי אידען אין יענער צייט. עזרא איז אויך געווען אַנ'אייניקעל פונ'ם לעצטען כהן־גדול אין ערשטען בית־המקדש, שריה, וועלכען נבוכדנאצר האָט געלאָזט טויטען אין רבלה. שריהו'ס קינדער האַבען געבראַכט מיט זיך די אידישע תורה קיין בבל, און עזרא האָט דעריבער געהאַט אַ גוטע געלעגענהייט צו לערנען די תורה און פערטיעפען זיך אין איהר. אָבער

פערברעכען. לויט ווי עזרא האט דאס געזעץ פערשטאנען, האט מען אודאי געמעגט מקבל זיין גרים און געבען זיי פאלקאמע בערעכטיגונג, אבער זיי האבען געדארפט לעבען אלס א בעזונדערע גרופע און נישט צומישען זיך מיט דעם אידישען פאלק, ווי די פארצייטיגע גבעונים אדער די שקלאפען פון בית המקדש (וועלכע מען האט גערופען „נתינים“), וואס זענען שוין העכער טויזענד יאהר אריינגענומען געווארען אין דער אידישער מלוכה און זענען געטריי געוועןן דער אידישער תורה, אין פונדעסטוועגען האט מען זיי נאך געהאלטען אן א זייט פונ'ם אינער־ליכען אידישען לעבען און זיך מיט זיי נישט מתחתן געוועןן; אזוי האט מען אויך געדארפט בעגעהן זיך מיט די נייע גרים. די פערבינדונג מיט זיי האט נישט געדארפט זיין קיין אינערליכע. עזרא האט צוריסען אויף זיך די קליידער, זיך געריסען די האהר פון קאפ און איז געזעסען א גאנצען טאג טרויעריג און פערוויסט, נישט נעהמענדיג קיין עסען אין מויל. דאן איז ער אוועקגעגאנגען אין פאדערהויף פון בית המקדש, געפאלען אויף די קניע און אנגעהויבען צו לעזען א טרויעריגען ודוי פאר'ן גאנצען פאלק: דאס פאלק האט זיך נאך אלץ נישט געבעסערט פון זיינע אלטע פעהלערען, חאטש ס'האט איבערגעליטען אזוי פיעל יסורים און ענוים; איצט איז דאס פאלק ווידער אריינגעפאלען אין די אלטע פערברעכענס. זיין ודוי האט עזרא פארגעלעזען הויך פאר'ן גאנצען פאלק און מיט אזא טיעף צובראכענעם געפיהל און געוויין, אז אלע, וועלכע זענען ארום עזרא'ן געשטאנען, האבען אויך אויסגע־בראכען אין א ביטער געוויין; עס האבען געוויינט מאנסבילען, פרויען און קינדער, יונג און אלט. אונטער'ן שטארקען איינדרוק פונ'ם געשע־הענעס, איז ארויסגעטראטען איינער פון די אנוועזענדע, שכניה בן יחיאל, און האט געזאגט צו עזרא: „מיר האבען געזינדיגט, נעהמענדיג פרעמדע פרויען, אבער ס'איז דאך פאראן א מיטעל אויסצובעסערען דאס געשעהענע און אבצוווענדען פון אידען די שלעכטע פאלגען. מיר וועלען שליסען א בונד פאר גאט, אבצושיקען צוריק די פרעמדע פרויען און אויסשליסען פון אונזער סביבה די קינדער, וואס זיי האבען אונז געבוירען. אזוי ווי די תורה האט געהייסען וועלען מיר טהון. שטעה אויף, דו דארפסט די זאך דורכפיהרען און מיר געהען נאך דיר. שטארק זיך און טהו“. די דאזיגע ווערטער האבען געמאכט א שטארקען רושם. עזרא איז באלד אויפגעשטאנען און געפאדערט פון די אנוועזענדע עלטערן פון די משפחות, אין געגענווארט פון בית המקדש, צו שווערען ביי גאט, אז אלע, וועלכע האבען גענומען פרעמדע פרויען, זאלען זיך פון זיי שיידען און אבשיקען זיי מיט זייערע קינדער צוריק צו זייער פאלק. דאס איז געוועןן א וויכטיגער אויגענבליק, וועלכער האט גע־דארפט בעשליסען וועגען דער גאנצער אידישער צוקונפט. עזרא און זיינע חברים האבען אויפגעשטעלט א פעסטע וואנד צווישען אידען

ז...ר אין טייערע כלים צו שענקען זיי אין בית המקדש אריין. ווי וואונדערליך איז עס אבער, וואס אויך דער פערסישער קעניג ארתחשסתא לאנג־האנד (Artaxerxes Lo... ...nus) האט איהם אויך געגעבען גרויסע מתנות פאר'ן בית המקדש אין ירושלים, און דאסזעלבע האבען אויך געטהון דעם קעניגס שרים און יועצים. מעגליך, אז עזרא איז אליין געווען א גרויסער חשוב אין קעניגליכען הויף, מעגליך אויך, אז די חשוב'ע אידען אין קעניגליכען הויף האבען דארט פיעל גוטס גערעדט וועגען איהם און האבען בכלל געוואונען ביי אלעמען חן דורך זייער געטרייהייט דער אידישער תורה און דעם אידישען גאט. א פאקט איז עס אבער, אז אין יענער צייט איז גאט'ס נאמען שטארק געווען דער־הויבען ביי די פערסער און ביי אנדערע פעלקער. „פון זונען־אויפגאנג ביז איהר אונטערגאנג איז גרויס געווען גאט'ס נאמען צווישען די פעלקער און איבעראל האט מען פאר זיין נאמען געבראכט ריינע מתנות“. ארתחשסתא האט נישט בלויז געגעבען עזרא'ן די ערלויבניש צו געהן קיין ארץ־ישראל, ער האט איהם אויך מיטגעגעבען בריעף צו זיינע סאטראפען (שרים) פון די לענדער, דורך וועלכע עזרא האט געדארפט געהן, ווי אויך צו די פערסישע הויכע בעאמטע אין ארץ־ישראל. ער וואלט איהם אויך מיטגעגעבען, ווי פריהער דריוש, רייטער צו בעגלייטען איהם אויפ'ן ווייטען וועג, ווען עזרא וואלט זיך דערפון נישט אבגעזאגט, וויל ער און זיינע בעגלייטער האבען פערזיכערט דעם קעניג, אז גאט וועט זיי בעשירמען און שיצען, ווי ער בעשיצט אלע, וואס דיענען איהם, פון אלערליי סכנות און שלעכטע פיינד.

עזרא'ס אנקונפט קיין ירושלים (528 פאר'ן צווייטען חורבן) מיט זיין גרויסער קהלה אידען האט דארט, בלי ספק, געמאכט א שטארקען איינדרוק אויף אלעמען. די נייע קהלה איז געקומען מיט פולע הענד פאר'ן בית המקדש, מיט א גרויסער התלהבות פאר דער תורה און מיט בריעף פון קעניג צו די פחות און בעאמטע, אז זיי זאלען זיך בעציהען מיט כבוד און דרך ארץ צום אידישען פאלק און צום בית המקדש. עזרא'ס גוטער נאמען, אלס גרויסער געלעהרטער און פערשטענדיגער אין גאט'ס תורה, איז שוין, אהן צווייפעל, אויך פריהער געווען בעוואוסט אין לאנד יהודה, און דעריבער האט מען איהם אויפגענומען מיט גרויס כבוד. ווי נאר עזרא איז אנגעקומען, זענען אנטקעגען איהם ארויסגעטראטען יענע פרומע אידען, וועלכע זענען געווען נישט צופריעדען מיט די גע־מישטע חתונות מיט די ארומיגע פעלקער, בעזונדערס, מיט די פעלקער עמון און מואב, און האבען איהם דערלאנגט זייער אנקלאגע געגען יענע אידען, וועלכע האבען אזעלכע חתונות געשלאסען. אויסהערענדיג די אנקלאגע, איז עזרא נבהל און נשתומם געווארען. די פערטרעטער פון פאלק און די כהנים אליין אויך האבען זיך ערלויבט אבצושפאטען פון אידישען געזעץ! עזרא האט דאס געהאלטען פאר א שרעקליכען

דעם אידישען גלויבען. זיי האָבען גע׳טענ׳עט, אַז עזרא׳ס שטרענגקייט האָט נישט קיין גרונד. אין אַ משך פֿון מויזענד יאָהר האָבען אידען שטענדיג גענומען פֿרעמדע פֿרויען, און אַז פֿרומע גרים זענען ביי אידען שטענדיג געווען, וועלכע האָבען נישט פֿערשענדעט די אידישע אמונה, נאָר דערהויבען זי. מען האָט אויך אָנגעוויזען אויף דעם ספר „רות“, פֿון וועלכען מען קאָן זעהען, אַז די אַלטע אידישע קעניגליכע משפּחה פֿון דוד׳ס הויז האָט געשטאַמט פֿונ׳ם ריכטער בועז, וועלכער האָט געהייראַטעט מיט דער פֿרוי רות פֿון מואָב, וואָס האָט זיך בעהעפֿטעט צום אידישען פֿאָלק. מען האָט גע׳טענ׳עט, אַז אויך צווישען די איצטיגע פֿרויען זענען פֿאַרהאַן נישט וועניג אַזעלכע, וואָס האָבען ליעב דאָס אידישע פֿאָלק נישט וועניגער, ווי רות, און די אונשולדיגע קינדער דאַרפֿען דאָך געוויס נישט אַרויסגעשטויסען ווערען דורך זייערע עלטער־ן, כדי צו דיענען פֿרעמדע אָבגעטער.

אָבער אַט די אַלע טענות האָבען נישט געהאַט קיין ווירקונג אויף עזרא׳ן. ער און זיין בית־דין האָבען זיך געהאַלטען פֿעסט ביי׳ם בעשלוס, אַז אַלע פֿרויען, וואָס געהערען נישט צו די „היילינע אידישע קינדער“, דאַרפֿען, מוזען אַרויסגעשטויסען ווערען. עס האָבען זיך געפֿונען אַנגעזעהענע מענשען, וועלכע האָבען געוואָלט מאַכען אַ פּשרה און אַ שלום, אָבער עזרא האָט נישט געוואָלט נאָכגעבען, און דעריבער האָבען זיך אָנגעהויבען רייבונגען און מחלוקת, וועלכע האָבען געדויערט דרייצעהן יאָהר (פֿון 527 ביז 514 פֿאַר׳ן צווייטען חורבן). די איינוואָהנער פֿון ירושלים, וועלכע זענען געווען געגען עזרא, האָבען דוקא נישט אַזוי שטאַרק געווירקט געגען איהם, ווייל זיי האָבען באַלד איינגעזעהען, אַז ער איז כלל נישט געווען קיין מענש פֿון מלחמות און מחלוקת, ער האָט נאָר געקאָנט גאָט בעטען און ריהרען מענשען מיט זיינע זיסע און ליעבע שטראָף־רעד, אָבער פֿון נצחונות און קריעג איז ער גאָר ווייט געווען. נישט אַזוי האָבען אָבער געקוקט אויף דער זאַך די אידישע געגנער, סנבלט און טוביה, וועלכע זענען דורכגעדרונגען געווען מיט אַ געפֿיהל פֿון האַס פֿאַר זייערע פֿעראַכטער; זיי האָבען נישט דורכגעלאָזען קיין איינציגע געלעגענהייט צו ברענגען אידען שאַדען. ס׳איז געקומען אַזוי ווייט, אַז זיי האָבען אפילו געמאַכט אַנ׳אָנפֿאַל אויף ירושלים. פֿון וואַנען האָט זיך גענומען ביי סנבלט׳ן מיט זיינע לייט אַזאַ דרייסטיגקייט אַרויס־צוטרעטען געגען אידען, נאָכדעם ווי עס איז בעוואוסט געווען, אַז עזרא איז געווען אַ גרויסער חשוב ביי׳ם קעניג אַרתחשסתּא און ביי זיינע שרים? צי האָט זיי אפשר געשטיצט דער סירישער הויפּטמאַן מעגאַביצוס (Megabyzus) ? דער דאָזיגער סאַטראַפּ איז געווען אַ ממונה מצד פּערסיען איבער יהודה און שומרון און האָט געמאַכט אַנ׳אויפֿשטאַנד געגען פּרס; איהם איז געלונגען אפילו אויך עטליכע מאָל צו צושלאָגען די פּערסישע אַרמעע, וואָס ארתחשסתּא האָט אַרויס־

אין די איבריגע פעלקער. דאס אידישע פאלק האט געדארפט בלייבען
ריין פון יעדער צומישונג פון א פרעמדען פאלק. זיין פאָדערונג האט
עזרא פערשטארקט דורך א שטרענגע דראָהונג: יעדער, וועלכער ער
וועט נישט פאָלגען, וועט ארויסגעשטויסען ווערען פון דער אידישער
געמיינדע און זיין פערמעגען וועט קאָנפיסקירט ווערען. די דאָזיגע
דראָהונג האט געווירקט. צוערשט האבען זיך געשיידט פון די פרעמדע
ווייבער די איינוואָהנער פון ירושלים און דערנאך אויך די איינוואָהנער
פון דער פראָווינץ און פון לאנד. ווי עס שיינט אבער, האבען נישט אלע
געפאָלגט עזרא'ס פאָדערונג אבצושיידען זיך פון זייערע געליעבטע פרויען
און קינדער, ווי אויך צוליעב זייערע עלטערען און קרובים, מיט וועלכע
זיי זענען געשטאנען אין נאָהענטע בעציהונגען. צי האט מען אויסגע-
פיהרט איבער זיי עזרא'ס דראָהונג איז נישט בעוואוסט.

די דאָזיגע שטרענגקייט, מיט וועלכער עזרא האט דורכגעפיהרט
זיין בעשלוס וועגען די פרעמדע פעלקער, בעזונדערס, אין דער בעציהונג
צו די שומרונים, האט געהאט זעהר וויכטיגע פאָלגען פאר אידען. די
אייזערנע וואנד, וועלכע עזרא האט אויפגעשטעלט געגען יענע, וואס
האבען זיך געוואָלט פעראייניגען מיט אידען מיט'ן גאנצען הארצען,
בעזונדערס, געגען די שומרונים, האט די לעצטע אריינגעבראכט אין
א געוואלדיגער ערביטערונג געגען אידען. זיי האבען געזאָלט אויסגע-
שלאָסען ווערען פון'ם גאט, וועלכען זיי האבען אויסגעוועהלט, פון'ם
בית המקדש, וואס זיי האבען אין זיין דיענסט טיילגענומען, ווי אויך
פון דער שטאָדט ירושלים! פון די בעסטע פריינד, וואס זיי זענען געווען
מיט אידען, זענען זיי איצט געוואָרען פערביסענע פיינד. דער טרויער
פון די טעכטער און שוועסטער, וועלכע זענען פון זייערע מענער פער-
שטויסען געוואָרען, דאס עלענד פון די קינדער, וואס זייערע פאָטערס
האבען זיך פון זיי אבגעווענדעט, האבען געמוזט דערוועקען אין די
הערצער פון זייערע קרובים א געוואלדיגע ערביטערונג. צום אונגליק
פאר אידען, זענען דאמאָלס געשטאנען אין שפיץ פון די ארויסגעשטוי-
סענע שומרונים מיט זייערע פריינד צוויי שטארקע מענשען, סנבלט און
טוביה, וועלכע האבען זיך עניג מתחתן געווען מיט אידען. זיי זענען
אמת געווען ערגעבען דער אידישער תורה און דעם פאָלק, און איצט
האט מען זיי פערשטויסען. זיי האבען באלד אנגעהויבען ארבייטען: זיי
האבען געוואָלט מיט געוואלד אדער דורך פאלשקייט דורכברעכען פאר
זיך א וועג אין אידישען לעבען, צום אידישען בית המקדש און צום גאט.
אין יענער צייט איז אין ירושלים און אויף דער פראָווינץ געווען א פאר-
טיי, וועלכע איז געווען געגען עזרא'ס שטרענגקייט און וועלכע האט
בכלל אנדערש געקוקט אויף די געמישטע חתונות. די געלעהרטע פון
דער דאָזיגער פארטיי האבען געהאט גאר אנ'אנדער מיינונג וועגען די
פרויען פון די פרעמדע פעלקער, וועלכע זענען נאר לפנים געווען געטריי-

זיי האבען בעזונדערס שטארק געהאפט אויף נחמיה'ס הילף, וועלכער איז געווען איינער פון די אנגעזעהענסטע שרים ביי'ם קעניג ארתחשסתא. צווישען די לייט פון יהודה, וואס זענען איבערגעגאנגען קיין פרס, איז געווען איינער א איד, חנני, פון נחמיה'ס קרובים, און ער האט געזעהען אלץ, וואס איז פארגעקומען אין ירושלים. איצט איז ער געקומען צו נחמיה'ן און איהם געשילדערט די טרויעריגע לאגע פון לאנד יהודה און פון דעם חורבן פון דער הייליגער שטאדט ירושלים. נחמיה איז ערציטערט געווארען, הערענדיג די טרויעריגע ערצעהלונג, דען ער איז געווען פון די פרומע אידען אין פרס, וועלכע זענען געווען געטרייע אנהענגער פון דער תורה. די הייליגע שטאדט האט געלעבט ביי איהם אין הארצען גאר אין אנ'אנדער געשטאלט: זי איז א שטאדט, וועלכע געפינט זיך אונטער גאט'ס שוץ, וואס רינגעלט איהר ארום, ווי א פייער-מויער, צו וועלכער קיין פיינד קאן זיך נישט דערנעהנטערען און זאל נישט שווער בעשטראפט ווערען. איצט איז זי גאר אבגעשוואכט געווארען, ווי א געוועהנליכע שטאדט! גרויס איז געווען נחמיה'ס שמערץ, אבער דאס האט ביי איהם נישט צוגענומען זיין מוט און ענטשלאסענהייט עטוואס צו טהון. נחמיה איז געווען א מענש פון גרויסער ענערגיע און טעטיגקייט, וועלכער געפינט זיך אנ'עצה אין דער שווערסטער לאגע. נאכדעם, ווי ער האט זיך אויסגעוויינט דאס הארץ און געפאסט און גאט געבעטען, אז ער זאל איהם העלפען אין זיין אונטערנעהמונג, איז ער אוועקגעגאנגען אין קעניגליכען הויף. דארט איז ער געווען א היימי-שער מענש און ער האט פערשטאנען די קונסט ווי אזוי צו רעגירען, ווי אזוי מען קאן מיט א פעסטען ווילען ברענגען דערצו, אז די גרויסע מענשען זאלען ערפילען זיין פערלאנג. נחמיה האט זיך געהאט פעסט בעשלאסען, צו געהן אליין קיין ירושלים און מאכען דארט אנ'ענדע מיט דער טרויעריגער לאגע. ווי אזוי אבער זאל ער זיך בעפרייען פון זיין דיענסט ביי'ם קעניג? ער האט טאקי געהאט גרויס חן ביי'ם קעניג און געווען ביי איהם א גרויסער חשוב, אבער דאס גופא האט איהם גע-האלטען געבונדען, אז ער זאל נישט קאנען שיידען זיך פון קעניגליכען הויף און געהן קיין ירושלים.

נחמיה'ס קלוגשאפט האט איהם אבער ארויסגעהאלפען אין זיין שווערער לאגע. ער איז נישט ארויסגעטראטען פאר'ן קעניג מיט א ביטע, נאר ער האט געווארט, ביז עס וועט זיך מאכען א גינסטיגע געלעגענהייט צו רעדען. זיין טיעפער וועהטאג וועגען דעם אידישען אונגליק האט איהם אבער געקאסט אזוי פיעל געזונד, אז זיין געזיכט איז פערפינסטערט געווארען און זיין שטענדיגע געמיטליכקייט איז פערשוואונדען געווארען. לויט זיין דיענסט, איז נחמיה געווען א „שר-המשקים" — דאס הייסט, ער איז געווען דער ממונה אויפ'ן קעניגליכען ווייו-קעלער און האט געדארפט זיין דערביי, בשעת מען האט דעם קעניג און זיין מ[illegible]

געשיקט געגען איהם, און ער האט שוין געטראַכט צו גרינדען אַנ'אייגענע מלוכה אין סיריען. צי האָבען די שומרונים אַלזאָ איהם צוגעזאָגט זייער הילף געגען פרס, אויב ער וועט זיי שטיצען אין זייער אָנפּאַל אויף יהודה? גענוי ווייס מען די זאַך נישט. נאָר דאָס ווייסען מיר, אַז סנבלט האט געמאַכט אַנ'אָנפּאַל אויף ירושלים, ער האט דורכגעבראָכען איהרע מויערען, אונטערגעצונדען די הילצערנע טויערען און חרוב געמאַכט פיעל הייזער אין ירושלים. קיין וואונדער איז עס נישט געוועזען, דען סנבלט האט געהאַט בעוואָפּענטע מענשען, און די אידען האָבען דאָס נישט געהאַט. ירושלים איז ווידער געלעגען, ווי אַ וויסטע איינגעפאַלענע חורבה. נאָר דעם בית המקדש האָבען די שומרונים נישט אָנגעריהרט, ווייל ער איז אויך פאַר זיי הייליג געוועזען. ער איז אָבער פערּ'יתומ'ט געוואָרען, ווייל דער גרעסטער טייל איינוואָהנער פון ירושלים האָבען שוין איצט מורא געהאַט צו בלייבען וואָהנען אין שטאָדט, נאָכדעם, ווי מען האט די מויערען אַרום איהר צובראָכען, און זיי האָבען זיך דעריבער אַרויסגעצויגען אין די פּראָווינץ־שטעדט אָדער אויפ'ן לאַנד. נאָכ'ן אַרויסציהען זיך פון די איינוואָהנער פון שטאָדט, זענען אויך די כהנים און לויים געבליבען אָהן שטיצע, דען מען האט זיי אויפגעהערט צו געבען תרומות און מעשרות, און זיי זענען געוועזען געצוואונגען צו געהן זוכען ערגעץ וואו צו פערדיענען זייער ברויט. דאָס איז געוועזען זעהר אַ טרויעריגע צייט פאַר דעם נייען אידישען לעבען אין יהודה. קיין הונדערט יאָהר איז נאָך נישט פאַראייבער, זינט מען איז צוריקגעקומען אין לאַנד יהודה און דאָס לעבען האט זיך נאָך אַלץ נישט איינגעאָרדענט, און שטענדיג זענען פאָרגעקומען פערשיעדענע שטערונגען און געשעהענישען, וועלכע האָבען שיער נישט חרוב געמאַכט דעם גאַנצען ישוב. פיעל אידישע מיוחסים האָבען שלום געמאַכט מיט די שכנים און אריינגענומען די פערטריבענע פרויען און קינדער צי זיך צוריק; פיעל האָבען געשלאָסען נייע שדוכים מיט די פרעמדע פעלקער און כדי דער בונד זאָל זיין אַ פעסטער, האָבען זיי געשוואָרען איינע די אַנדערע צו זיין געטריי. עס האט אויסגעוויזען, אַז עזרא'ס טעטיגקייט האט געדאַרפט ווערען צו נישט, און דאָס נייע לעבען אין לאַנד יהודה איז אויך געשטאַנען אין סכנה אונטערצוגעהן, נישט פיעל האט עס געפעהלט צו אַ פאָלקאָמענעם חורבן.

אָבער אין דער ווירקליכקייט האט זיך אויסגעלאָזען אַנדערש. עזרא'ס טעטיגקייט האט געלאָזען טיעפע וואָרצלען אין פאָלק; די ליעבע, וועלכע ער האט דערוועקט פאַר דער תורה, האט נישט געקאָנט לייכט אויסגעלאָשען ווערען דורך די דערווייליגע אונגליקען און צופאַלען. ווי נאָר ירושלים איז דורך די שומרונים צושטערט געוואָרען און איהרע איינוואָהנער האָבען זיך געמוזט אַרויסציהען פון איהר, האָבען עטליכע אָנגעזעהענע אידען געאיילט צו געהן קיין פרס, כדי דאָרט הילף צו זוכען.

וואָלט בעקענען מיט'ן אָרט און מיט די מענשען, מיט וועלכע עם וועט
ניהם אויסקומען צו אַרבייטען, ווי אויך צו דערגעהן אַליין אַלץ, וואָס
דאָרט איז פאָרגעקומען. ער האָט איינגעאָרדענט זיין פּאַלאַץ רייך,
פירשטליך, מיט אַ גאַנצען הויף פון בעדיענטע — ער איז דאָך געווען
זעהר רייך און האָט געוואָלט בכיון פיהרען זיך, ווי אַ גרויסער פחה; דער־
ביי האָט ער אָבער נישט געפאָדערט, ווי די פריהערדיגע פחות, קיין אָפּ־
צאָהלונג פאַר זיך פון'ם פאָלק. וועגען דעם צוועק פון זיין קומען האָט
ער מיט קיינעם נישט גערעדט, אפילו פאַר די אידישע שרים האָט ער
קיין וואָרט וועגען דעם נישט געזאָגט, ווייל ער האָט דערוויילע נאָך צו
קיינעם נישט געהאַט קיין צוטרוי. אין אַ געווייסער נאַכט איז ער מיט
עטליכע מענשען אַרויסגעריטען בשתיקה פון שטאָדט, צו בעטראַכטען
דעם חורבן פון דער מויער און די געגענד אַרום איהר און צו זעהען, וואָס
פאַר אַן אַרבייט מען וועט מוזען אונטערנעהמען, כדי אַלץ צוריק אויפ־
צובויען, און כדי אויך צו קאָנען צוזאַמענשטעלען אַ פּלאַן פון דער אַר־
בייט. ערשט דאַן האָט ער צוזאַמענגערופען די עלטסטע פון די משפחות
און די אידישע שרים און האָט זיי ערקלערט, צו זייער איבערראַשונג, אַז
ער איז בעפאָלמעכטיגט דורך דעם קעניג, נישט בלויז אויפצובויען צוריק
די מויער אַרום דער שטאָדט, נאָר אויך צו זיין אַ פחה און געוועלטיגען
איבער'ן גאַנצען לאַנד, און אַז זיין כונה איז אַראָבצונעהמען פון אידען
די חרפה פון זייער שוואַכקייט און מאַכען אַ סוף מיט'ן עלענד פון דער
אידישער מדינה. די פערזאַמעלטע זענען שטאַרק געווען פערוואונדערט
פון דער דאָזיגער ערקלערונג און זיי האָבען אויסגערופען מיט שמחה:
„לאָמיר געהן בויען", אפילו יענע אידען, וועלכע האָבען זיך מתחתן געווען
מיט די פרעמדע פעלקער, האָבען געמוזט ווייזען אַ גוטען און אַ פרעהלי־
כען פנים, ווייל נחמיה האָט פערשטאַנען, ווי אַזוי צו געווינען באַלד
ביי'ם ערשטען אַרויסטריט די ליבע פון פאָלק. די אויפגאַבע, וועלכע
נחמיה האָט זיך געשטעלט, איז געווען זעהר אַ שווערע. ער האָט גע־
דאַרפט אויפבויען פון דאָס ניי אַ קהלה, וועלכע איז כמעט אינגאַנצען
צופאַלען געוואָרען אוים שרעק פאַר די פיעל פיינד פון די אַרומיגע לענדער
אין פעלקער, אַ קהלה, וואָס איהרע מיטגליעדער האָבען נישט געהאַט אין
זיך אַליין גענוג אחדות, שטאַרקייט און מוט, נישט אַריינצופאַלען אין
אַזאַ שוואַכקייט. נחמיה האָט דעריבער די ערשטע זאַך זיך גענומען ווי־
דער בעפעסטיגען די מויער אַרום דער שטאָדט, ווייל אָהן דעם וואָלט
פון יעדער גוטער התחלה גאָרנישט געוואָרען; אַ נייער אָנפאַל מצד די
שומרונים האָט געקאָנט אַלץ מיט אַ מאָל חרוב מאַכען.

די אַרבייט צו בעפעסטיגען די מויער האָט נחמיה געפיהרט אונ־
טער זיין אייגענער אויפזיכט און מיט דער הילף פון די אידישע שרים.
לייכט איז אָבער די אַרבייט נישט געגאַנגען. די אַרוים:עשטויסענע גרים,
מיט סנבלט און טוביה און דער שפיץ, וועלכע נחמיה האָט באַלד אין אַנ־

דערלאַנגט ווײַן צום טרינקען. און אַט ווען נחמיה איז אײַנמאַל אַזוי
געשטאַנען פאַר'ן קעניג און דער קעניגין און ערפילט זײַן דינסט, האָט
דער קעניג פלוצלונג בעמערקט זײַן טרויעריג אויסזעהן און געפרעגט:
„וואָרום ביזטו אַזוי טרויעריג און זעהסט אויס שלעכט, צי ביזטו נישט
קראַנק?" נחמיה האָט באַלד אויסגענוצט די גינסטיגע שטימונג פון'ם
קעניג און געענטפערט: „ווי אַזוי זאָל איך נישט אויסזעהן שלעכט,
ווען די שטאָדט, וואו עס געפינען זיך די קברים פון מײַנע אָבות, איז
חרוב און איהרע טויערען זענען פערברענט געוואָרען?" דערבײַ האָט
נחמיה אַרויסגעזאָגט זײַן פערלאַנג צו געהן קיין ירושלים, כדי צו העלפען
דאָרט זײַנע ברידער אין זייער טרויעריגער לאַגע. אַרתחשסתא האָט זײַן
פערלאַנג דערפילט. ער האָט איהם ערלויבט, צו געהן קיין ירושלים און
אויפבויען דאָרט ווידער די מויער אַרום דער שטאָדט און ברענגען
אָרדנונג אין דער קהלה. ער האָט איהם אויך געגעבען בריעף צו די
פערסישע בעאַמטע, נישט צו שטערען איהם אויף זײַן רייזע און וועג
און צו געבען איהם אויפ'ן אָרט געהילץ פאַר די געבײַדעס. ער האָט
איהם אפילו אויך געגעבען אַ בעגלייטונג פון קריעגער, פוסגעהער און ריי־
טער, און האָט איהם בעשטימט פאַר אַ פחה (שטאַטהאַלטער) איבער
יהודה. נאָר איין בעדינגונג האָט איהם דער קעניג געשטעלט: ער זאָל
נישט פערבלײַבען אין ירושלים צו לאַנג און קומען צוריק אויף זײַן
שטעלע.

מיט נחמיה'ס רייזע קיין ירושלים (514 פאַר'ן צווייטען חורבן) הויבט
זיך אָן אַ נײַע עפּאָכע אין דער געשיכטע פון די אידען אין לאַנד יהודה
בײַ'ם צווייטען בית־המקדש, אָדער בעסער: עס ווערט ווײַטער געפיהרט
און פערשטאַרקט די ריכטונג, וועלכע עזרא האָט אַרײַנגעבראַכט אין דאַ־
מאָלסדיגען אידישען לעבען. דער נײַער אידישער פחה, נחמיה, האָט פער־
לאָזען די פערסישע הויפט־שטאָדט שושן מיט אַ גרויסער מחנה פון זײַנע
קרובים, קנעכט און די בעגלייטער־קריעגער, וואָס דער קעניג האָט איהם
געגעבען. אויפ'ן וועג איז איהם אויסגעקומען צו געהן דורך דאָס לאַנד,
וואָס האָט פריהער געהערט צו די עשרת השבטים, וואו די כותים, אָדער
שומרונים, האָבען איצט געוואָהנט, און ווען נחמיה האָט איבערגעגעבען
דעם קעניג'ס בריעף דעם דאָרטיגען פערסישען פחה, האָבען זיך דערפון
דערוואוסט סנבלט און טוביה, און זיי האָבען פערשטאַנען, אַז דער צוועק
פון דער רייזע און צו פיהרען אַ קאַמפף געגען זיי. פאַר זיי איז די זאַך
געוועזען זעהר אונאַנגענעהם, וואָס אַ פרומער איד, אַ פרײַנד פון קעניג, איז
בעשטימט געוואָרען פאַר אַ פחה איבער דאָס לאַנד יהודה, און זיי האָבען
פערשטאַנען, אַז ער וועט זיך געוויס אָננעהמען פאַר זײַנע געראָדפ'טע
ברידער.

ווען נחמיה איז געקומען קיין ירושלים, איז ער די ערשטע דרײַ טעג
נישט אַרויסגעגאַנגען פון זײַן וואָהנונג, ווײַל ער האָט זיך צוערשט גע־

נחמיה זיך לאזען אויסרופען פאר א מלך. דאדורך האבען זיי געוואלט דערשרעקען פיעל לייכטגלויביגע און קליינמוטיגע ארבייטער, וועלכע וועלען מורא האבען, אז די פערסער זאלען נישט מיינען, אז זיי זענען אויך מיט נחמיה'ן אין בונט געגען דעם קעניג פון פרס, און וועלען דעריבער ווארפען די ארבייט. זיי האבען אויך געדונגען פאר געלד פעררעטער צווישען די אידען, אויך פיעל אידישע שרים, וועלכע האבען זיך מתחתן געווען מיט די אידישע פיינד און זענען מיט זיי בעפריינדעט געווען, זענען געשטאנען בשתיקה אין פערבינדונג מיט סנבלט'ן און טוביה, כדי צו שטערען. ווי עס איז די ארבייט. אבער פון אלע אינטריגעס האט זיך גארנישט אויסגעלאזען, ווייל נחמיה האט פעסט געטהון זיין ארבייט און דערוויילטערט אלע שטערונגען. ענדליך איז פערטיג געווארען די ארבייט, וועלכע נחמיה האט איינטערגענומען, און זי איז געווען אזוי געלונגען און גוט, אז אפילו די אידישע פיינד האבען זי געמוזט בעוואונדערען.

מיט דער מויער ארום שטאדט האט זיך אבער נאך נישט געענדיגט נחמיה'ס ארבייט. ער האט זיך אויך געשטעלט אנ'אויפגאבע צו ברענגען ארדנונג אין איניערליכען לעבען פון אידען, און אט דא האט ער זיך בעגעגענט מיט נייע שוועריגקייטען, נישט קלענערע פאר די ערשטע. עס איז איהם אויסגעקומען צו פיהרען א קאמפף מיט פיעל אידישע שרים, וועלכע האבען געשפיעלט א צווייטיגע ראליע, שטעהענדיג בשתיקה אין פערבינדונג מיט די אידישע פיינד און איבערגעבענדיג זיי יעדעס ווארט און וועגען יעדער טהאט, וואס נחמיה האט געזאגט, אדער איינגענומען. די דאזיגע שרים האבען געדריקט די ארעמע לייט אהן קיין ... רחמנות. אויב די ארעמע לייט פלעגען ביי די עשירים בארגען געלד אויף צו בעצאהלען דער פערסישער מלוכה דעם שטייער אויף זייער אדער אויב זיי פלעגען בארגען זריעה, צו פערזייהען זייער פעלד ה.. פאר זיך צו עסען ביז דעם נייעם תבואה-שניט, פלעגען די עשירים ביי זיי נעהמען אין משכון זייערע פעלדער, זייערע וויין- און אייל-גערטנער אדער זייער הויז; זיי פלעגען זיך אויך אפילו נישט שעמען צו נעהמען ביי זיי פאר א משכון זייערע קינדער, און, ווען דער בעל-חוב פלעגט נישט קאנען בעצאהלען אין דער צייט זיין חוב, פלעגען זיי ביי איהם צונעהמען זיין נחלה און די קינדער פלעגען זיי מאכען ביי זיך פאר קנעכט. ווען די קלאגען פון די ארעמע לייט זענען געווארען אלץ אפטער און העכער, ביז זיי זענען אנגעקומען אויך צו נחמיה'ן, האט ער זיך בעשלאסען, צו פאדערען וועגען דעם א רעכנונג ביי די עשירים. ער האט צונויפגערופען א גרויסע פערזאמלונג און ארויסגעטראטען מיט א רעדע, אין וועלכער ער האט אנגעוויזען, ווי גרויזאם די עשירים בעגעהן זיך מיט די אייגענע ברידער, און ווי די תורה האט אזא האנדלונג שטרענג פערבאטען. „מיר אידען אין פרס האבען מיט אונזער געלד אויסגעלעזט די געפאנגענע אידען, אויף וויפיעל עס האבען נאר געקלעקט אונזערע מיטלען; ווען איהר

פאַנג פון זיין טעטיגקייט אָבגעזאָגט יעדע האָפנונג אויף צו פעראייניגען
זיך מיט זיי—„גאָט וועט אונז צושיקען הצלחה, מיר זענען זיינע קנעכט
און מיר ווילען אַליין בויען, איהר זאָלט קיין שום אנטייל, קיין שום רעכט
און אָנדענקען נישט האָבען אין ירושלים"—האָט ער [illegible] שאַרף ער־
קלערט,— אָט די פערשטויסענע האָבען ווידער ענטוויקעלט אַ שטאַרקע
ענערגיע צו שטערען אידען אין זייער אַרבייט. אָנפאַנגס האָבען זיי אָנגע־
ווענדעט ליסטיגקייט און פאַלשקייט. די ערשטע זאַך האָבען זיי זיך גע־
נומען פאַר דאָס אַלטע געוועהר פון פאַלשע מסירות; זיי האָבען געוואָלט
וואַרפען אַ חשד אויף נחמיה'ן, אַז ער אַרבייט אויס מיטלען אָבצופאַלען
פון פרס, כדי צו ווערען אַליין קעניג אין יהודה. דערנאָך האָבען זיי גע־
פרובט אָבריידען די אַרבייטער און אָבשוואַכען זייער מוט; זיי האָבען
אָבגעשפאָט פון דעם בנין, אַז ער איז צו שוואַך, „אַ פוקס וועט אויף
דער מויער אַרויפגעהן, וועט ער איהר דורכברעכען"—האָבען זיי גע־
לאַכט. ווען זיי האָבען אָבער דערזעהען, אַז די אַרבייט ווערט געפיהרט
פלייסיג און די מויערען זענען שוין ביז דער העלפט פון זייער הויך
אויסגעבעסערט און פעסט, האָבען זיי אָבגערעדט מיט די אידישע שונאים,
צו מאַכען אַן אָנפאַל אויף די אַרבייטער און מבטל מאַכען די אַרבייט.

נחמיה האָט אָבער געהאַט אַ שאַרף אויג אויף אַלץ. ער האָט אויס־
געשטעלט אַ טייל פון זיינע לייט און די אידישע שרים מיט'ן פאָלק בע־
וואָפענט, כדי צו האַלטען שמירה אַרום די אַרבייטער. אויך די אַרבייטער
האָט ער געלאָזט אָנגורטען זיך שווערדען, און יענע אַרבייטער, וואָס
האָבען משא געטראָגען, האָבען אין איין האַנד געטראָגען די משא און
אין דער אַנדערער האָבען זיי דאָס געוועהר געהאַלטען. דערביי האָט
נחמיה אַלעמען צוגעגעבען מוט, ערקלערענדיג: „קעמפפט פאַר אייערע
ברידער, זיהן און טעכטער, פרויען און הייזער!" כדי אָבער די אַרבייט זאָל
אויסגעפיהרט ווערען וואָס גיכער, האָט נחמיה געהייסען אַרבייטען פון
פריהען מאָרגענשטערן ביז די ערשטע שטערן אין אָווענד, און אַ טייל אַר־
בייטער האָבען דערווייל געמוזט שטענדיג שטעהען אויף דער וואַך אין
ירושלים. די שרים און אויך נחמיה האָבען אַ לאַנגע צייט אפילו די קליי־
דער נישט אויסגעטהון. נחמיה אַליין איז שטענדיג געוועזען ביי'ם פלאַץ,
וואו די אַרבייט האָט זיך געפיהרט, און איז געגאַנגען פון איין אָרט צום
אַנדערען צו בעאָבאַכטען אי די אַרבייט, אי די געגענד אַרום, אויב עס
ווייזען זיך נישט קיין פיינד. מיט איהם איז געגאַנגען אַ מענש מיט אַ
שופר צו לאָזען באַלד אַלעמען וויסען, אַז מען דאַרף זיך פערטיידיגען,
אויב די פיינד וועלען זיך בעווייזען.

איצט האָבען סנבלט מיט זיינע לייט דערזעהען, אַז עס וועט זיי
נישט געלינגען, צו שטערען די אַרבייט, און דעריבער האָבען זיי זיך
ווידער גענומען פיהרען אינטריגעס. איבעראַל האָבען זיי פערשפרייט אַ
קלאַנג, אַז ווי נאָר די מויער אַרום ירושלים וועט ווערען פאַרטיג, וועט

אויך צו יענע, וואס האבען זיך לכתחלה בעזעצט אויף דער פראווינץ, אז זיי זאלען זיך בעזעצען אויף שטענדיג אין ירושלים. אויפ'ן דאזיגען אויפרוף האבען זיך באלד אבגערופען פיעל אנגעזעהענע משפחות, וועלכע האבען זיך אריינגעצויגען אין דער בענייטער שטאדט ירושלים. דערמיט איז אבער וועניג וואס בעסער געווארען, דען די צאהל פון די נייאנגעקומענע איז געווען נישט גרויס, און דעריבער האט מען בעשלאסען, צו ברענגען אין דער הויפט-שטאדט ירושלים א צעהנט חלק פון דער גאנצער בעפעלקערונג, דאס הייסט, פון יעדע צעהן משפחות האבען ניין געדארפט איבערבלייבען וואהנען אויף דער פראווינץ, און די צעהנטע האט זיך געדארפט אריינציהען אין ירושלים. דורכגעפיהרט האט מען דאס דורך א גורל: אויף וועמען דער גורל איז געפאלען, יענער האט זיך געדארפט באלד אריינציהען אין ירושלים. נחמיה האט אבער נישט געוואלט אריינברענגען אין דער הייליגער שטאדט אבי וועמען; נישט אלע זענען אין זיינע אויגען ווערט געווען צו האבען די זכיה, צו בעזעצען זיך דארט. בעזונדערס האט ער נישט געוואלט, אז אין ירושלים זאלען זיך בעזעצען יענע אידען, וועלכע זענען געבוירען געווארען פון געמישטע חתונות. דעריבער האט נחמיה בעפויהלען, אז מען זאל איהם ברענגען די רשימות פון אלע אידישע משפחות, וועלכע זענען געקומען פון בבל, און ער האט אונטערגעזוכט דעם יחוס און די אבשטאמונג פון יעדער משפחה, כדי צו וויסען, אויב זי איז ווערט בעזעצט צו ווערען אין ירושלים. נחמיה האט זיך דערביי בעגאנגען זעהר שטרענג. אזוי, למשל, האט ער בעפויהלען ארויסצושיקען צוריק פון ירושלים זעקס הונדערט מיט צוויי און פערציג פערזאן, וואס האבען געשטאמט פון דריי משפחות, וועלכע האבען נישט געקאנט דערוויזען, אז זיי שטאמען פון אידען. אויך דריי משפחות פון כהנים, וועלכע האבען נישט געקאנט דערוויזען, אז זיי קומען ארויס פון אהרן הכהן, זענען דורך נחמיה'ן דערווייטערט געווארען פון דער כהונה.

נחמיה האט אויך געלאזט אויפבויען אין צפון-זייט פון בית המקדש א פעסטונג, כדי צו בעשיצען איהם פון אנפאלען מצד יענע אידען, וועלכע זענען אבגעזונדערט געווארען פון פאלק, אלס ארויסגעקומענע פון געמישטע חתונות. אין דער דאזיגער פעסטונג האט נחמיה אריינגעפיהרט זיין בעוואפענטע מחנה, וואס דער קעניג ארתחשסתא האט איהם מיטגעגעבען. די דאזיגע מחנה האט פון איצט אן געדארפט בעשיצען דעם בית המקדש. די דאזיגע פעסטונג, וועלכע האט שפעטער געדארפט שפיעלען א וויכטיגע ראליע אין דער אידישער געשיכטע, האט ער א נאמען געגעבען בירה.

נאכדעם ווי נחמיה האט א געוויסע צייט געארבייט פאר דער מאטעריעלער זייט פון'ם נייעם אידישען לעבען אין ארץ-ישראל, און בעפעסטיגט ירושלים דורך א שטארקער מויער און אויך בעפעלקערט זי, כדי

זוּכט אַלזאָ פערקויפען אייערע ברידער, וועלכע זיי ווידער אַריינפאַלען אין אונזערע הענד"—האָט נחמיה אויסגעלאַכט די עשירים פון יהודה. נחמיה האָט שוין דאַמאָלס געהאַט אַ גרויסען אויטאָריטעט ביי אידען, זיינע רייד האָבען געמאַכט זעהר אַ שטאַרקען איינדרוק אויף די עשירים, בפרט נאָך, ווען ער האָט צו זיי גערעדט אין נאָמען פון דער תורה, — אַלע עשירים האָבען באַלד צוגעזאָגט נישט בלויז צו בעפרייען צוריק די פערקנעכטעטע אידען, נאָר אָבצוגעבען זיי אויך זייערע פעלדער, גערטנער און הייזער און בכלל אָבצוזאָגען זיך אינגאַנצען פון זייערע חובות, וואָס זיי מאָהנען ביי די אָרעמע לייט. נחמיה האָט אויסגענוצט די דאָזיגע גינ־סטיגע שטימונג און בעשווארען די שרים און עשירים צו ערפילען זייער הבטחה. אויף דער שבועה האָבען די עשירים און שרים געענטפערט „אָמן!" — און נאָכדעם ווידערהאָלט זייער הבטחה.

דאָס איז געווען אַ גרויסער נצחון, וואָס די תורה האָט דורך נחמיה'ן אָבגעהאַלטען. דער אידישער פחה, נחמיה, האָט אָבער אַליין בע־וויזען אַ ביישפיעל, ווי מען דאַרף זיך פיהרען אָרענטליך אין דער בע־ציהונג צום אָרעמאַן און בכלל צום צווייטען מענשען. נישט נאָר וואָס ער האָט נישט געפאָדערט די אָבצאָהלונג פאַר זיך, וועלכע האָבען איהם געהערט, לויט'ן געזעץ, נאָר ער האָט נאָך אַליין געבאָרגט די אָרעמע לייט געלד און תבואה, און ווען זיי האָבען נישט געקאָנט בעצאָהלען, האָט ער דעם חוב געלאָזען פערפאַלען. אַזוי האָבען זיך אויך בענאָנגען זיינע קרובים און זיינע קנעכט מיט איידעלקייט און גוטהאַרציגקייט.

דורך זיין אייגענעם גוטען ביישפיעל איז עס געלונגען נחמיה'ן מנצח צו זיין די שוועריגקייטען, וועלכע האָבען זיך איהם פאָרגעשטעלט ביי'ם איינאָרדנען די אינערליכע ענינים פונ'ם פאָלק און לאַנד יהודה. דאָס פאָלק האָט איהם פערגעטערט, און אויך די עשירים האָבען איהם געפאָלגט, צי ווילענדיג, צי נישט. עס האָבען אָבער קיין פערלעגענהייטען נישט געפעהלט. ווען די מויערען פון שטאָדט זענען שוין געווען פאַרטיג, האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די שומרים, די לויים, און בכלל דער שבט לוי איז פערשוואונדען פון שטאָדט. צוליעב דעם, וואָס מען האָט און די לעצטע עטליכע יאָהר זיי נישט געגעבען קיין געהאַלט, דען מען האָט נישט אָבגעשיידעט קיין תרומות און מעשרות, זענען זיי אַרויסגעגאַנגען פון ירושלים און זיך געלאָזט זוכען אַ שטיקעל ברויט צו פערדיענען. מען האָט אַלזאָ געמוזט אויפזוכען די לויים, כדי צו האָבען בעדיענער פאַר'ן בית המקדש און שומרים פאַר דער שטאָדט־מויער. עס האָט זיך אויך אַרויסגעוויזען בכלל, אַז אין ירושלים זענען פאַרהאַן וועניג הייזער און איינוואָהנער. מען האָט ערשט געדאַרפט די שטאָדט בעזעצען. נחמיה האָט דעריבער אַרויסגעלאָזען אַן אויפרוף צו אַלע יענע אידען, וועלכע האָבען זיך אַרויסגעצויגען פון ירושלים אין דער אונזיכערער צייט, ווי

בבל. דאָס, וואָס די נביאים האָבען אָנגעהויבען בויען, האָבען פֿערענדיגט די חכמים פֿון דער תורה.

דאָס פֿאָלק איז אַזוי שטאַרק צוגעבונדען געוואָרען צו זיין תורה, אַז מען האָט איצט שטענדיג געגלויבט צו הערען איהר לערנען, חאָטש מען האָט פֿריהער פֿון איהר גאָרנישט געוואוסט, אָדער אויך נישט געוואָלט וויסען. די אָנפֿיהרער פֿון די משפחות, וואָס זייערע אבות האָבען זיך מיט אַ געוואַלדיגער עקשנות געשטעלט געגען די נביאים און האָבען הונדערטער יאָהרען נישט געוואָלט פֿון זיי וויסען,—אָט די אָנפֿיהרער און שרים זענען אויף צוזאַמענס אַליין געקומען צו עזרא'ן און געבעטען, אַז ער זאָל ווידער לעזען פֿאַר'ן פֿאָלק די תורה און לערנען אַלעמען, וואָס מען דאַרף טהון און ווי אַזוי מען ברויך צו לעבען, לויט דער תורה. דאַן האָט עזרא געלעזען וועגען די ימים־טובים, וואָס מען ברויכט צו פֿייערען אין זיבעטען חודש (תשרי). באַלד נאָך דער קריאת התורה דורך עזרא'ן האָבען די זקנים און שרים געלאָזט אויסרופֿען פֿאַר'ן פֿאָלק, אַז אַלע זאָלען ברענגען פֿון די נאָהנטע בערג צווייגען פֿון אייל־בירטען, הדסים, לולבים און אַנדערע צווייגען פֿון בוימער, כדי צו בויען סוכות און פֿייערען דעם נאָהענטען יום־טוב, ווי גאָט האָט געבאָטען אין דער תורה. און דאָס פֿאָלק האָט מיט דער גרעסטער שמחה ערפֿילט דעם בעפֿעהל, און מען האָט געפֿייערט דעם יום־טוב סכות, ווי קיינמאָל נישט פֿריהער, ווייל אידען האָבען נישט געהאַט קיין סכות פֿון דער צייט פֿון יהושע בן נון אָן ביז עזרא'ן. אין דעם גאַנצען יום־טוב סכות האָט עזרא טאָג טעגליך געלייענט פֿאַר'ן פֿאָלק די תורה, און פֿון דאַמאָלס אָן איז די „קריאת התורה" — דאָס „לייענען אין דער תורה" — געוואָרען אַ בעשטימטער טייל פֿונ'ם גאָטעס־דיענסט ביי אידען.

די געהויבענע שטימונג ביי'ם פֿאָלק האָבען עזרא און נחמיה געוואָלט אויסנוצען, כדי צו פּועל'ן, אַז מען זאָל זיך מיט'ן גוטען ווילען לאָזען שיידען פֿון די פֿרעמדע פֿרויען. צו דעם צוועק האָבען עזרא און נחמיה בעשטימט אַ תענית צבור באַלד נאָך סכות, דעם פֿיער און צוואַנציגסטען טאָג פֿון חודש תשרי. אין דעם טאָג האָבען זיך פֿערזאַמעלט אַלע אידען פֿאַסטענדיג און געקליידעט אין אַ זאַק, בעדעקט מיט ערד אויפֿ'ן קאָפּ און אַזוי האָבען זיי זיך מתודה געווען פֿאַר זייערע זינד און פֿאַר די זינד פֿון זייערע עלטערען. די לוים האָבען געלעזען פֿאַר'ן פֿאָלק אין דער תורה יענע פּרשה, וואו עס געפֿינט זיך דער פּסוק: „עס זאָל נישט אַריינגענומען ווערען קיין מענש פֿון עמון און מואב אין גאָטעס געמיינדע ביז אייביג". דעם פּסוק האָבען די לוים ערקלערט פֿאַר'ן פֿאָלק אַזוי, אַז אַלע זאָלען פֿערשטעהן זיין גאַנצע בעדייטונג. די ווירקונג איז געווען אַ געוואַלדיגע: אַלע אידען האָבען זיך באַלד אַליין, מיט'ן גוטען ווילען אָבגעשיידעט פֿון זייערע פֿרעמדע פֿרויען און פֿון די קינדער, וואָס זיי האָבען מיט זיי געבוירען. מען האָט זיך אָבגעשיידעט נישט בלויז פֿון עמון און מואב,

אַז זי זאָל ווערען אַ צענטער פֿאַר'ן גאַנצען אידישען פֿאָלק, האָט ער זיך אויך גענומען פֿערזאָרגען דאָס גייסטיגע לעבען. צו דער דאָזיגער נייער אַרבייט האָט ער זיך גענויטיגט אין מענשען, וועלכע האָבען אַ גרינדליכע ידיעה אין דער תורה מיט איהרע געזעצען, און אָט איצט איז ווידער אַרויסגעטראָטען עזרא, וועלכער האָט וועניג אַנטייל גענומען אין די ערשטע אַרבייטען פֿון נחמיה'ן, אין דער מאַטעריעלער אויסבעסערונג פֿון דער אידישער לאַגע, וועלכע איז נישט געווען עזרא'ס פֿאַך.

אין ערשטען טאָג פֿון זיעבעטען מאָנאַט, דאָס הייסט, פֿון חדש תשרי, אינ'ם אידישען יום־טוב ראש השנה, האָט דאָס גאַנצע אידישע פֿאָלק זיך פֿערזאַמעלט אין ירושלים אין דער גאַס, וואָס געפֿינט זיך פֿאַר'ן וואַסער־טהויער. עס זענען געקומען נישט בלויז אַלע איינוואָהנער פֿון ירושלים, נאָר אויך אַלע אידען פֿון דער פּראָווינץ. מען האָט אויפֿגעשטעלט אַ בימה אויף דער גאַס פֿאַר'ן וואַסער־טויער און עזרא איז אַרויפֿגעגאַנגען לייענען די תורה. עזרא האָט איינגעאָרדענט די זאַך אַזוי, אַז די פֿאָרלעזונג זאָל מאַכען אַ שטאַרקען רושם, וואָס זאָל לאַנג בלייבען אין האַרצען פֿון פֿאָלק. די פֿערזאַמלונג איז געווען זעהר אַ גרויסע; נישט בלויז מאַנסבילען זענען געקומען, נאָר אויך ווייבער און קינדער. און ווען עזרא האָט געעפֿענט דעם ספר תורה, האָבען זיך אַלע אויפֿגעהויבען פֿון אָרט, און דאַן האָט עזרא צום ערשטען מאָל געמאַכט די ברכה אויף דער תורה אין גאָטעס נאָמען, און דאָס גאַנצע פֿאָלק האָט זיך דערביי געבוקט טיעף צו דער ערד, אויסרופֿענדיג „אמן!“ דערנאָך האָט עזרא אָנגעהויבען לעזען אויפֿ'ן קול און די אַנוועזענדע האָבען געהערט מיט גרויס אויפֿמערקזאַמקייט. פֿאַר די פֿרויען און די דאָרפֿס־לייט, וועלכע האָבען נישט געקאָנט אַלץ אַליין פֿערשטעהן, האָבען די לויים אַזוי דייטליך ערקלערט דאָס געלעזענע, און זיי אַלע האָבען גוט פֿערשטאַנען. הערענדיג דאָס לעזען די תורה, האָט דאָס גאַנצע פֿאָלק זיך שטאַרק צעוויינט און איז טיעף גע־ריהרט געווען. ווי עס שיינט, האָט עזרא פֿאָרגעלעזען די תוכחה פֿון דער משנה תורה, וואו עס ווערען פֿאָראויסגעזאַגט די שרעקליכסטע שטראָפֿען פֿאַר'ן נישט היטען די תורה. די לעזונג פֿון דער תורה האָט געדויערט פֿון פֿריהען מאָרגען ביז האַלבען טאָג, דערנאָך, ווען דער עולם האָט זיך עטוואָס בערוהיגט נאָכ'ן לעזען, האָט זיך אָנגעהויבען די פֿייערונג פֿון יום־טוב אין זעהר אַ געהויבענער שטימונג; מען האָט זיך געפֿרייעט, אַז מען האָט אַלץ פֿערשטאַנען פֿון דאָס געלעזענע. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, ווען דאָס גאַנצע פֿאָלק האָט געהערט לעזען די תורה און האָט אַלץ פֿערשטאַנען, אַנשליסענדיג זיך דערביי פֿעסט צו דער אידישער קהלה און שפּירענדיג, אַז פֿון איצט אָן ווערט מען אַ טרעגער פֿון דער תורה און אַן'אַבהיטער פֿון איהרע געזעצען. ערשט אין יענעם מאָמענט איז ענדליך פֿאָרגעקומען די פֿאָלקאָמע ענדערונג און די גרויסע אויסבעסערונג פֿון אידישען פֿאָלק, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבען אין גלות, און

שוין כמעט צופאלענעם ישוב און בעזארגט די איינוואוהנער פון דער הויפט־שטאדט פון אנ'אנפאל מצד די פיינד, דאדורך וואס ער האט בעפעסטיגט די מויערן ארום דער שטאדט, נאר ער האט אויך אריינגע־בראכט א נייעם גייסט אין פאלק און איהם פעראייניגט מיט דער תורה. דערגרייכט האט ער דאס דורך זיינע גרויסע פאלקס־פערזאמלונגען, וועלכע ער פלעגט איינארדנען בכיון מיט גרויס פאראד, וויסענדיג, וואס פאר א שטארקען איינדרוק א גרויסע פערזאמלונג מאכט אויפ'ן פאלק, און אז דאס ווירקט פיעל בעסער, ווי אלערליי ערקלערונגען און שטראף־רייד. אזוי האט ער אויך איינגעארדענט א נייע פאלקס־פערזאמלונג, כדי צו פייערן די בעניי־אונג פון דער שטאדט ירושלים און פון דער נייער מויער, וועלכע ער האט מיט אזוי פיעל מיה געענדיגט אויפצובויען. צו דער דאזיגער פערזאמלונג האט נחמיה ווידער בעפוילען צו ברענגען אויך די פרויען און די קינדער. דער צוועק פון דער פערזאמלונג איז געווען משמח צו זיין דאס פאלק און טרייסטען איהם נאך דעם לעצטען טרויעריגען תענית. נחמיה האט דעריבער בעשטעלט אלע לויים פון דער זינגער־אבטיילונג צו קומען קיין ירושלים, כדי משמח צו זיין דאס גאנצע פאלק דורך זייער גע־זאנג און שפיעלען אויף אינסטרומענטען. ער האט איינגעארדענט צוויי גרופעם פון פאלק, וועלכע האבען געדארפט ארויסגעהן פון שטאדט ארום דער מויער אין פערשיעדענע ריכטונגען, ביז זיי וועלען זיך צוזאמענטרע־פען ווידער ביי'ם בית המקדש. פאר יעדער גרופע איז געגאנגען א חאר לויים און מיט'ן חאר זענען געגאנגען די לויים־מוזיקאנטען, וועלכע האבען געשפיעלט אויף אלערליי אינסטרומענטען; דער חאר האט געזונגען תהלים־געזאנגען אונטער דער בעגלייטונג פון די מוזיקאנטען. הינטער איין חאר איז געגאנגען עזרא מיט די זקנים, הינטער דעם אנדערען—נחמיה מיט א טייל זקנים. מיט יעדער גרופע זענען געגאנגען א טייל אידישע שרים און נאך זיי דאס פאלק מיט די פרויען און קינדער, און אזוי זענען די גרופעם געגאנגען אין דער פראצעסיע: איינע פון דרום־מערב־זייט צום מזרח און די אנדערע פון צפון מערב־זייט צום מזרח. די פראצעסיע איז געווען א גרויסארטיגע: ווייט ארום אין דער געגענד האבען זיך געהערט די גע־זאנגען, דאס שפיעלען פון די אינסטרומענטען, דאס קלאפערייַ פון די פוי־קען, וועלכע דער ווידערקלאנג פון די ארומיגע בערג האט הילכיג אבגע־ענטפערט, דערהויבענדיג דאדורך די פייערליכע שטימונג. אזוי ארום האט די דאזיגע גרויסע שמחה אבגעשוואכט אביסעל דעם שרעקליכען איינדרוק פונ'ם תענית־און טרויער־טאג, וואס מען האט געהאט איינגעארדענט באלד נאך סכות, און האדורך אויפגעמונטערט דאס פאלק צו א נייעם לעבען.

נחמיה האט אויך געזארגט דערפאר, אז עס זאל איינגעארדענט ווע־רען א רעגולירע „עבודה“ אין בית המקדש, דאס הייסט, אז דער גאטעס־דיענסט זאל דארט קאנען פארקומען שטענדיג אין דער געהעריגער צייט

נאָר אויך פֿון די כּותים. נחמיה האָט אויסגענוצט די גינסטיגע שטימונג אויף נאָך אַנ'אופן: צוזאַמען מיט עזרא'ן האָט ער בעוואויגען דאָס פֿאָלק צו שליסען אַ בונד, אַז פֿון איצט אָן זאָלען זיי זיך נישט אָבשיידען פֿון דער תורה, וועלכע דאַרף ווערען די איינציגע וועג־ווייזערין אין לעבען, און מעהר זאָל מען שוין נישט אַריינפֿאַלען אין פֿערשיעדענע פֿערברעכענס, וועלכע האָבען געבראַכט אידען ביז איצט אַזעלכע גרויסע אונגליקען. דער נייער אידישער ישוב אין ארץ־ישראל מוז זיין אינגאַנצען איינגעזאַפּט מיט'ן גייסט פֿון משה'ס תורה. דעם נייען בונד געטריי צו זיין האָבען גע־שוואָרען אַלע: מאַנסבילען, פֿרויען, פֿערשטענדיגע קינדער, די האַלב־קנעכט און די גרים, וועלכע האָבען זיך געטריי פֿעראייניגט מיט אידען. בעזונ־דערס וויכטיג האָט מען בעשוואָרען אַלעמען צו היטען די פּונקטען, נישט חתונה צו מאַכען די אידישע טעכטער פֿאַר פֿרעמדע און נישט צו הייי־ראַטען מיט אַ פֿרוי פֿון אַ פֿרעמדען פֿאָלק. דער דאָזיגער פּונקט איז בע־זונדערס וויכטיג געוועזען אין די אויגען פֿון עזרא און נחמיה, און דעריבער האָט מען איהם צוערשט אַריינגעשטעלט אין דער שבועה. דער צווייטער פּונקט פֿון דער שביעה איז געוועזען צו היטען שבת און יום־טוב און נישט צו קויפֿען אין די טעג קיין סחורות ביי די נישט־אידען, ווען זיי קומען מיט סחורה צו פֿערקויפֿען. דער דריטער פּונקט איז געוועזען, צו היטען „שמיטה“—דאָס הייסט: דעם זיבעטען יאָהר, ווען מען טאָר נישט בע־אַרבייטען די פֿעלדער און אַלע חובות ביי אידען ווערען בטל. מען האָט זיך אויך מתחייב געוועזען צו געבען אויף אויסצוהאַלטען דעם בית המקדש און זיינע בעדערפֿנישען, יעדער איד האָט געדאַרפֿט געבען יעהרליך אַ דריטעל „שקל“ אין אין בעשטימטע צייטען — האָלץ פֿאַר'ן מזבח, לויט אַ גורל. מען האָט זיך אויך פֿערפֿליכטעט אָבצוהיטען צו געבען אין דער צייט תרומות און מעשרות, ווי אויך בכּורים און בכלל אויסצוהאַלטען בכּבוד די כּהנים און די לויים און נישט צו פֿערנאַכלעסיגען דעם בית המקדש.

אַלע דאָזיגע פּונקטען פֿונ'ם בונד האָט מען אויפֿגעשריבען אויף אַ „מגלה“, און די עלטסטע פֿון די משפּחות פֿון אַלע קלאַסען פֿון דער אי־דישער בעפֿעלקערונג, ווי אויך די פֿערטרעטער פֿון פֿאָלק האָבען זיך דער־רויף אונטערגעשריבען. דער ערשטער האָט זיך אונטערגעשריבען נחמיה, און בּסך הכּל זענען פֿיער אַדער פֿינף און אַכציג חתימות געוועזען אויף דעם „בונד“. עס איז אָבער פֿאַרהאַן אַ מסורה, וועלכע דערצעהלט, אַז דעם דאָזיגען בונד האָבען אונטערגעשריבען הונדערט און צוואַנציג פֿאָלקס־פֿערטרעטער. די דאָזיגע פֿערזאַמלונג האָט מען אַ נאָמען געגעבען: „די גרויסע פֿערזאַמלונג“ (כּנסת הגדולה).

פֿיעל, זעהר פֿיעל האָט נחמיה בעוויזען אויפֿצוטוהן אין אַ קורצער צייט! ער האָט נישט בלויז ווידער בעפֿעסטיגט און איינגעאָרדענט דעם

וואָס נחמיה האָט זיך ווייניג וואָס גערעכענט מיט זיין מיינונג, האָטש ער
איז געוועזען כהן גדול. געגען דעם בן שלום פֿון דער „כנסת הגדולה“, אָבער
וואַהרשיינליך מיט דער הסכמה פֿון כהן גדול האָט מען זיך ווידער אָנ-
געהויבען מתקרב צו זיין צו די שומרונים און די איבריגע פֿרעמדע פֿעל-
קער, און כדי צו בעפֿעסטיגען דעם נייעם בונד מיט די פֿרעמדע, האָט אַ
מיטגליעד פֿון כהן גדול'ס משפחה, מנשה, געהייראַטעט מיט סנבלט'ס
טאָכטער, ניקאַסאָ. דעם ביישפּיעל פֿון'ם כהן גדול'ס משפחה האָבען נאָכ-
געטהון אַנדערע, וועלכע זענען שוין פֿריהער געוועזען אונצופֿריעדען מיט'ן
בעשלוס פֿון עזרא און נחמיה וועגען די געמישטע חתונות. דאָס סיסטעם
האָט זיך איצט אינגאַנצען געביטען. נחמיה'ס פֿיינד, דער עמוני טוביה,
איז איצט עפֿענטליך געקומען קיין ירושלים און מען האָט איהם אָבגעגע-
בען אַ וואָהנונג אין הויף פֿון בית המקדש. די כהנים, וועלכע האָבען זיך
מתחתן געוועזען מיט די פֿרעמדע פֿעלקער, האָבען גאָרנישט געמיינט צו
בעגעהן אַ פֿערברעכען געגען דער אידישער תורה; זיי האָבען ערקלערט,
אַז דאָס, וואָס זיי טהוען, איז כלל נישט געגען דער תורה, און יענע ער-
טער, וואו די תורה פֿערבאָט מתחתן צו זיין זיך מיט פֿרעמדע פֿעלקער
האָבען זיי ערקלערט אויף אַן אַנדער אופֿן ווי עזרא און נחמיה, און עס
איז אויסגעקומען, אַז אין די ביידע נגינגען, בײַ וועלכע זיי זענען זיך מתחתן
מיט די שומרונים, אָדער אַנדערע פֿעלקער, בעגעהען זיי קיין שום פֿערברע-
כען נישט.

דער דערזולטאַט פֿון דער דאָזיגער פֿלוצלונגער איבערקעהרעניש איז
געוועזען זעהר אַ שלעכטער. דאָס פֿאָלק איז גאָר מבולבל געוואָרען, זע-
הענדיג, ווי היינט האָט מען ערלויבט צו טהון אַזאַ זאַך, וואָס איז נעכ-
טען געוועזען שטרענג פֿערבאָטען. אַ צווייטע ווירקונג איז געווען, אַז אַ
גרויסער טהייל פֿון פֿאָלק האָט פֿערלוירען דעם גאַנצען עהרען-געפֿיהל פֿאַר
דער כהונה און האָט זיך אָנגעהויבען בעציהען צו די כהנים מיט פֿעראַכ-
טונג, און די גוט-בעזיצער האָבען אויפֿגעהערט צו געבען זייערע תרומות און
מעשרות. דאַדורך האָבען אָבער געליטען אויך די גאַנץ אונשולדיגע: די
לויים האָבען פֿערלאָרען זייער חלק און, כדי נישט אומצוקומען פֿון הונגער,
האָבען זיי ווידער פֿערלאָזען דעם בית המקדש און די שטאָדט. עס האָבען
אויך פֿערפֿעהלט נדרים און נדבות פֿאַר'ן בית המקדש, און עס איז נישט
געוועזען, פֿון וואַנען צו נעהמען אויף קרבנות. כדי די עבודה זאָל גאָרנישט
איבערגעריסען ווערען, האָבען די כהנים געקויפֿט ביליגע בהמות און
שעפּסען: בלינדע, הינקעדיגע, גערויבטע און העסליכע. דאָס האָט גע-
בראַכט דערצו, אַז פֿיעל מענשען האָבען זיך מיט פֿעראַכטונג אָבגעזונ-
דערט פֿון בית המקדש, טענה'נדיג: „גאָטעס טיש איז פֿערהעסליכט גע-
וואָרען“. צוזאַמען דערמיט אָבער האָט זיך דאָס פֿאָלק אויך אָבגעווענדעט
פֿון דער תורה און פֿון די אַלגעמיינע פֿאָלקס-ענינים; יעדער האָט נאָר גע-

און אין א בעשטימטער ארדנונג. כדי די קרבנות זאלען קאנען געבראכט ווערען אין דער צייט איז נויטיג געוועזען, צו פערזארגען די כהנים און לויים מיט מיטלען צום לעבען. די לאנד־ארבייטער האבען זיך אפילו מתחייב געוועזען צו געבען אין הערבסט תרומות און מעשרות; נחמיה האט זיך אבער נישט געוואלט פערלאזען אויף דער בלויזער הבטחה, נאר ער האט געוואלט בעשטימען בעאמטע, וועלכע האבען געדארפט אין דער צייט פון תבואה־שניט אכטונג געבען, אז מען זאל די תרומות און מעשרות ריכטיג אבשיידען און אבשיקען אין בית המקדש אריין; די בעאמטע האבען געדארפט אליין געהן איבער'ן גאנצען לאנד אין דער צייט פון תבואה־שניט, צו לערנען איבעראל דאס פאלק, ווי אזוי אבצושיידען תרומה און מעשר. נחמיה האט אויך געלאזט אויסבויען גרויסע האלען ארום דעם בית המקדש, וואוהין מען פלעגט אריינברענגען אלע תרומות און מעשרות, ווי אויך די גארטען־פרוכטען, און דארט איז דורכגעפיהרט געווארען די חלוקה, לויט'ן דין, צווישען די כהנים און לויים, אונטער דער אויפזיכט פון א ספעציעלען בעאמטען. אויך פאר דער אינערליכער ארדנונג פון דער שטאדט ירושלים האט נחמיה געזארגט. ער האט נישט בלויז בעזעצט די שטאדט מיט איינוואהנער, ער האט אויך געלאזט אויסבויען פיעי הייזער פאר דער בעפעלקערונג און פאר די ארעמע לייט, וועלכע האבען אליין נישט געהאט קיין מיטלען אויף צו בויען פאר זיך הייזער, האט ער געלאזט בויען אויף זיינע אייגענע הוצאות; האט בכלל געגעבען זעהר פיעל פון זיין פערמעגען פאר די נויטיגע בעדערפנישען פון דער שטאדט אי פאר'ן צבור, אי פאר'ן יחיד. אט אזוי האט עס נחמיה אויפגעבויט א שטאדט, וועלכע האט געהאט דאס צייל, צו דיענען אלס ביישפיעל פאר אלע אנדערע אידישע שטעדט, ווי אזוי מען דארף לעבען, לויט ווי די תורה האט געבאטען. צוועלף יאהר איז נחמיה געשטאנען אין שפיץ פון דער אידישער מדינה אלס פערוואלטער, אדער פחה (פון 514 ביז 502 פאר'ן צווייטען חורבן). דערנאך האט ער זיך געמוזט אומקעהרען צוריק אין הויף פון קעניג ארתחשסתא, ביי וועלכען ער איז נאך אלץ געוועזען א חשוב. נחמיה האט גענומען אבשייד פון ירושלים אין דער גוטער האפנונג, אז דאס ווערק, וואס ער האט בעשאפען, סיי אין בעציהונג צו דער אויסערליכער זיכערהייט מצד די ארומיגע פיינד, סיי אין דער אינערליכער ארדנונג, וועט זיך לאנג האלטען און האבען א קיום.

אזוי איז אבער נישט געוועזען. ווי נאר נחמיה האט פערלאזען ירושלים און אבגעגאנגען צוריק קיין שושן, אין דער הויפט־שטאדט פון פרס, איז פארגעקומען אין דער נייער אידישער סביבה אנ'ענדערונג. ווי עס שיינט, האט דעריין געשפיעלט א וויכטיגע ראליע דער כהן גדול אלישיב, וועלכער איז געוועזען שטארק אונצופריעדען מיט די ארדנונגען פון עזרא און נחמיה. בעזונדערס שטארק האט ער זיך געשפירט בעליידיגט דערמיט.

די קייט פֿון נביאים, וועלכע האָט זיך געצויגען פֿיער הונדערט יאָהר.

די פֿערצווייפֿעלטע און טרויערנדע פֿרומע אידען האָט מלאכי געטרייסט מיט דער בשורה, אַז אינגיכען וועט קומען דער הער, אויף וועלכען זיי וואַרטען, גאָטעס שליח פֿון היילינען בונד, וועלכער דאַרף ברענגען די בעסערע צייטען. „ווער וועט אָבער אַריבערטראָגען דעם טאָג פֿון זיין קומען, ווער וועט בּיישטעהן, בשעת ער וועט זיך בּעווייזען? — פֿרעגט דער נביא — ער וועט זיין, ווי דאָס פֿייער, וואָס רייניגט מעטאַלען, און ווי דער זייף, וואָס וואַשט די וועש. ער וועט זיך זעצען רייניגען און לייטערן בעזונדערס די זיהן פֿון שבט לוי, ער וועט זיי לייטערן, ווי גאָלד און ווי זילבער, און דאַן ערשט וועלען זיי קאָנען ברענגען ריינע קרבנות אין גערעכטיגקייט פֿאַר גאָט". דער נביא מלאכי מוסר'ט דאָס גאַנצע פֿאָלק, אַז זיי זאָלען נישט אויפֿהערען צו ברענגען תרומות און מעשרות, צוליעב דעם, וואָס עטליכע יחידים האָבען געזינדיגט, נאָר זיי זאָלען ווידער אַלץ ברענגען זייערע היילינע חובות אין די שפּייכלערס פֿון בית־המקדש, ווי נחמיה האָט איינגעאָרדענט. מלאכי בּעגרענצט זיך אָבער נישט מיט דער נבואה וועגען דער נאָהענטער צוקונפֿט; ווי די פֿריהערדיגע ערשטע נביאים, זאָגט ער נבואה אויך וועגען דער וויטער צוקונפֿט, וועגען גאָט'ס גרויסען שרעקליכען טאָג, ווען דאָס פֿאָלק וועט עפּענטליך זעהען דעם אונטערשיעד „פֿון אַ צדיק ביז אַ רשע, צווישען דעם, ווער עס דיענט גאָט, און דעם, ווער עס דיענט איהם נישט". איידער דער דאָזיגער גרויסער טאָג וועט קומען, וועט גאָט שיקען זיין נביא אליהו, און ער וועט ווידער שלום מאַכען צווישען די טאַטעס מיט די זיהן. כּדי צו ווייסען, ווי אַזוי צו פֿיהרען אַ פֿרום לעבען, ערקלערט דער נביא: „געדענקט די תּורה פֿון מיין קנעכט משה, וואָס איך האָב איהם אָנגעזאָגט אויפֿ'ן באַרג חורב און געגעבען געזעצען און גערעכטיגקייט". מיט דער דאָזיגער צוואה האָט די נבואה גענומען אָבשייד בּיי'ם אידישען פֿאָלק. די תּורה, וועלכע עזרא האָט געלערנט מיט'ן פֿאָלק און איז דורך איהם איבערגעגעבען געוואָרען אַ קרייז פֿון געלעהרטע און פֿערשטענדיגע לייט, — אָט די תּורה האָט פֿון איצט אָן געדאַרפֿט פֿערנעהמען בּיי אידען דעם אָרט פֿון דער נבואה. פֿון איצט אָן ווערט שוין דער לעהרער פֿון פֿאָלק נישט דער נביא, נאָר דער געלעהרטער, דער, ווער עס איז דורכגעדרונגען מיט'ן גייסט פֿון דער תּורה; ער לייענט די תּורה פֿאַר די אידען אין אַלע זייערע פֿערזאַמלונגען אום שבתים און ימים־טובים, ער גיעט דעם פֿאָלק צו ערקלערען די תּורה און ער לערנט אויך דאָס פֿאָלק, ווי אַזוי צו לעבען אין גערעכטיגקייט. די קריאת־התּורה פֿערנעהמט פֿון דאַמאָלס אָן בּיי אידען דעם זעלביגען אָרט, וואָס פֿריהער די שטראָף־רעדעס פֿון די נביאים.

ציי האָט נחמיה זיך דערוואוסט אין קעניגליכען הויף אין שושן, ווי שטאַרק מען גאַרט נאָך זיין קומען אין לאַנד יהודה און אין ירושלים,

טראַכט וועגען זיך אַליין און וועגען זיינע פּערזענליכע אינטערעסען. זינט מען האָט איינגאַנצען פערגעסען אויפ'ן געשלאָסענעם בונד און דער שבועה, וואָס מען האָט מיט אַזאַ פייערליכקייט געגעבען עזרא'ן און נחמיה'ן. און ווען אָט די פאַלש געוואָרענע לייט האָבען הצלחה געהאַט אין זייערע געשעפטען און ענינים, זענען די פרומע און די תמימים זעהר טרויעריג געוואָרען אין זייער ביטערען לעבענס־קאַמפף: „אומזיסט — האָבען זיי געטענ'עט — דינען מיר גאָט, און וואָס העלפט עס אונז, וואָס מיר היטען אָב זיינע געזעצען, אַז מיר ווערען סיי ווי סיי פערפינסטערט פאַר גאָט. מיר מוזען גליקליך שעצען די פערברעכער, און זעהען, ווי זיי זענען אויפגעקומען!“...

נאָך ערגער איז געוועזען דער פּרוד הדעות, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען ביי אידען — אַ פּרוד. וועלכער האָט זיך אויך אַריינגעריסען אין דער אידישער משפּחה און געבראַכט צו אַ מחלוקת צווישען די עלטערען און זייערע קינדער. עס זענען ענטשטאַנען פערשידענע בעגריפען וועגען רעכט און געזעץ. די עלטערען און די זיהן האָבען זיך בעקומען וועגען דעם יעדער זיינע אייגענע מיינונגען. די זיהן האָבען געהאַלטען פעסט מיט די כהנים און געשטרעבט. צו פעראייניגען זיך מיט די פרעמדע פעלקער; זייערע עלטערען דאַגעגען האָבען געזאָרגט פאַר'ן האַלטען ריין די אידישע אומה פון יעדער צומישונג מיט אַנדערע פעלקער, לויט ווי עס האָבען געלערנט עזרא און נחמיה. אין משפּחה־לעבען האָבען זיך אָנגעהויבען העסליכע מחלוקת. די פרומע אידען, וועלכע האָבען זיך נאָך געהאַלטען פעסט אָן די געזעצען פון עזרא און נחמיה, האָבען זיך דאַמאָלס צוזאַמענגערעדט צו אַרבייטען געגען דער נייער פערדערבליכער שטרעמונג, לויט אַ בעשטימטען פּלאַן. די הויפּט האָפנונג אָבער האָבען זיי געהאַט אויף נחמיה'ן, וועלכער האָט שוין איצט ווידער געלעבט ביי'ם קעניגליכען הויף אין שושן; זיי האָבען געגלויבט, אַז ווען ער זאָל צוריקקומען קיין ירושלים, וועט ער מיט איין טריט מאַכען אַ סוף צו דער אונאָרדנונג אין דער אידישער קהלה. אינ'ם דאָזיגען קרייז פון די פרומע אידען האָט דאַמאָלס געלעבט דער נביא מלאכי, וועלכער האָט מיט אַ בעזונדערער ערביטערונג בעאָבאַכטעט די שענדליכע מעשים פון די כהנים, וועלכע ברענגען אַריין אַ מאָראַלישע פערדערבונג אין פאָלק. מלאכי איז געוועזען אַ מענש פון הויכען גייסט און נביאישען קוק. ער האָט געהאַט זעהר אַ שטאַרקען מוט און איז אַרויסגעטראָטען מיט קלאָרע רייד געגען די כהנים, וועלכע „האָבען זיך אָבגעקעהרט פון גלייכען וועג און געמאַכט שטרויכלען פיעל מענשען דורך די פּשט'לעך, וואָס זיי לערנען אין דער תורה, און האָבען אויך פערדאָרבען דעם בונד פון שבט לוי“. שטראָפענדיג די שלעכטע מענשען, טרייסט אָבער מלאכי די פרומע, אַז זיי זאָלען נישט אַריינפאַלען אין יאוש. מלאכי איז געוועזען דער לעצטער נביא ביי אידען; מיט איהם ענדיגט זיך

שלעכטע עלעמענטען און געמאַכט אָרדנונג אין ירושלים, איז ער אַרויס־געפֿאָהרען און אין די פּראָווינץ־שטעדט, צו בעקענען זיך דאָרט מיט'ן אי־דישען לעבען און מאַכען דאָרט אַ סוף מיט די אונאָרדנונגען, ווי אויך, כּדי צו פֿעראייניגען אידען צוריק מיט דער תּורה. אין דער געגענד, וואו אידען האָבען געוואוינט אין שכנות'שאַפֿט מיט די עמונים, מואבים, אשדודים און שומרונים, האָבען זיי איבעראַל זיך מתחתן גע־ווען מיט זייערע שכנים פֿון די פֿעלקער און דער סוף דערפֿון איז גע־ווען, אַז די קינדער, וועלכע די פֿרעמדע פֿרויען האָבען זיי געבוירען, האָ־בען אַ העלפֿט פֿון זיי קיין וואָרט אידיש אפילו נישט געקאָנט רעדען,
בען אַ העלפֿט פֿון זיי קיין וואָרט אידיש אפילו נישט געקאָנט רעדען,
און זיי פֿלעגען רעדען נאָר אשדודית, ווי זייערע מוטערס. די דאָזיגע פֿערפֿרעמדונג פֿון אידישע קינדער פֿון אידישען פֿאָלק האָט בעזונדערס שטאַרק דערוועקט נחמיה'ס צאָרן און וועהטאָג; ער האָט זיך שטאַרק געקריגט מיט די עלטערען, געשאָלטען זיי און פּיעל פֿון זיי געלאָזט האַרט בעשטראָפֿען. דורך אַזעלכע שטרענגע מיטלען איז עס געלונגען נחמיה'ן ווידער צו צווינגען דאָס פֿאָלק צו לאָזען זיך שיידען פֿון די פֿרעמדע פֿרויען און צו ערהאַלטען די אייגענע העברעאישע פֿאָלקס־שפּראַך ביי'ם יונגען דור.

נחמיה האָט אויך צוריק איינגעפֿיהרט דאָס שטרענגע אָבהיטען שבת, וועלכע אידען האָבען דאַמאָלס אָבגעהיט זעהר שוואַך. די תּורה האָט אפילו פֿערבאָטען, נישט צו אַרבייטען אום שבת און מען האָט עס גע־היט, אָבער דאָס פֿאָלק, בעזונדערס אויף דער פּראָווינץ און אויפֿ'ן לאַנד, האָט גאָרנישט געוואוסט, וואָס פֿאַר אַן'אַרבייט מען מיינט דער־ביי, וויַיל אין דער תּורה איז עס נישט אויסגערעכענט געוואָרען, און דעריבער פֿלעגען זיי אַרבייטען אין די קעלטערס און מאַכען וויין, פֿיה־רען תּבואה פֿון פֿעלד, בעלאַדען זייערע עזלען און אָקסען מיט טרוי־בען און פֿייגען, וועלכע זיי פֿלעגען אום שבת פֿיהרען קיין ירושלים צו פֿערקויפֿען אויפֿ'ן מאַרק. ווי נאָר נחמיה האָט דאָס בעמערקט, האָט ער צוזאַמענגערופֿען די אידישע פֿויערען, וועלכע זענען געקומען אויפֿ'ן מאַרק און געגעבען זיי צו ערקלערען, אַז זיי בעגעהן דערמיט אַ פֿער־ברעכען, דען זיי היטען נישט אָב קיין שבת, דערביי האָט ער זיי גע־געגעבען צו ערקלערען אַלע דינים, וואָס זענען נוגע צו שבת, און די אי־דישע פֿויערען האָבען איהם באַלד אַלע געפֿאָלגט. אַ שווערערע אויפֿגאַ־בע האָט נחמיה געהאַט מיט די איינוואָהנער פֿון ירושלים, וועלכע זע־נען געווען גרויסע עקשנים, און האָבען איהם נישט געוואָלט פֿאָלגען אָבצוהיטען דעם שבת, ווי ער האָט געפֿאָדערט. די סוחרים פֿון צור, וואָס האָבען אין ירושלים געוואָהנט, פֿלעגען ברענגען שבת צום מאַרק־טאָג איבער'ן ים פֿרישע פֿיש און אַלערליי אַנדערע סחורות, און די אי־דען פֿלעגען ביי זיי קויפֿען, און ווען נחמיה האָט דאָס פֿערבאָטען, ער־

אָדער ער האָט געהערט, אַז מלאכי האָט נבואה געזאָגט, דאָס ער וועט באַלד ווידער ערשיינען און אויסבעסערן דאָס פֿאָלק, — איידער מען האָט זיך נאָך אַרומגעזעהען, איז ער שוין ווידער ערשיענען אין ירושלים. נחמיה האָט צום צווייטען מאָל בעקומען בײַ'ם קעניג אַנ'ערלויבניש, צו געהן צוריק אין זײַן גײַסטיג פֿאָטערלאַנד, וואו ער האָט ווידער פֿערבראַכט עטליכע יאָהר (פֿון 500 ביז 495 פֿאַר'ן צווייטען חורבן). און טאַקי באַלד ווי ער איז געקומען, האָט ער אָנגעהויבען צו ווירקען, ווי דער נביא מלאכי האָט געזאָגט, ווי „דאָס פֿײַער רייניגט מעטאַל און דער זייף — וועש". ער האָט צוריק אָבגערייניגט דעם ישוב פֿון די נישט־אידישע עלעמענטען; ער האָט דערווײַטערט דעם עמוני טוביה פֿון בית־המקדש, וואו עס האָט אײַנגעאָרדענט פֿאַר איהם אַ וואָהנונג זײַן קרוב, דער כהן־גדול אלישיב. אויך דעם לעצטען האָט ער דערווײַטערט פֿון זײַן שטעלע און האָט ריין־געמאַכט די געבײַדעס פֿון בית־המקדש פֿון זײַטיגע מענשען, אַרײַנבערענגענדיג צוריק אויף זייער אָרט די כלים, וועלכע האָבען געהערט צום בית־המקדש. דערנאָך האָט ער צונויפֿגערופֿען אַ גרויסע פֿערזאַמלונג פֿון די שרים און די זקנים און געמאַכט זיי שטרענגע אַרויפֿ, שטראָפֿענדיג זיי, אַז דורך זייער שולד איז דער בית־המקדש אָבגעלאָזען געוואָרען; די לויים האָבען איהם געמוזט פֿערלאָזען, ווײַל מען האָט אויפֿגעהערט צו ברענגען תרומות און מעשרות און זיי האָבען פֿערלוירען זייער הכנסה. איין איינציגער אויפֿרוף פֿון נחמיה'ן צום פֿאָלק האָט געווירקט: „די גוט־בעזיצער פֿון גאַנצען לאַנד יהודה האָבען ווידער געבראַכט דעם מעשר פֿון קאָרן און פֿון ווײַן אין די אוצרות פֿון בית המקדש אַרײַן". די לוים זענען ווידער געקומען קיין ירושלים אויף נחמיה'ס אײַנלאַדונג, וועלכער האָט זיי צוריק אײַנגעשטעלט אויף זייערע שטעלעס סײַ אין בית המקדש גופא, סײַ אַרום איהם. די לײַכטזיניגע אָנגעשטעלטע האָט נחמיה דערווײַטערט פֿון בית המקדש. דאָס וויכטיגסטע איז געווען פֿאַר נחמיה'ן צו לאָזען שיידען די כהנים און דאָס פֿאָלק פֿון די פֿרעמדע ווײַבער, וועלכע זיי האָבען, זינט זײַן אַרויספֿאָהרען פֿון ירושלים, ווידער גענומען. דערבײַ האָט ער זיך צוזאַמענגעשטויסען מיט דער משפחה פֿון כהן גדול, ווײַל מנשה, וועלכער איז געווען אַ זוהן, אָדער אַ נאָהנטער קרוב פֿונ'ם כהן גדול יהוידע, האָט זיך נישט געוואָלט שיידען פֿון זײַן פֿרוי ניקאַסאָ, די טאָכטער פֿונ'ם שומרוני סנבלט. נחמיה האָט זיך אָבער פֿעסט גע־האַלטען בײַ זײַן פֿאָדערונג און, ווען מנשה האָט זיך פֿער'עקשנ'ט און נישט געוואָלט איהם פֿאָלגען, האָט ער איהם אַרויסגעטריבען פֿון לאַנד יהודה. צוזאַמען מיט מנשה'ן האָט נחמיה אויך פֿערטריבען פֿון לאַנד יהודה פֿיעל כהנים און ישראלים, וועלכע האָבען זיך נישט געוואָלט שיידען פֿון זייערע פֿרעמדע פֿרויען.

נאָכדעם, ווי נחמיה האָט אָבגערייניגט דעם בית המקדש פֿון די

און עזרא זענען געווען די גרויסע שעפּפער פון א נייער גייסטיגער שטרעמונג ביי אידען, וועלכע האט פון איצט־אן בעקומען א שטארקע קראפט, פאר אלע תקנות און אלע געזעצען, וואס די דאזיגע ביידע מנהיגים האבען איינגעפיהרט ביי אידען, האבען די שפעטערדיגע דורות זיי אנערקענט פאר די בעניטער פונ׳ם אידישען גייסט.

בכלל האבען אידען געלעבט אין יענער צייט גאנץ רוהיג סיי אין ארץ ישראל, סיי אין אלע מדינות פון דער מלוכה פון מדי און פרס. — נאר איין געשעהעניש איז דאמאלס פארגעקומען, וועלכעס האט שיער ניט געבראכט א פערדערבען דעם גאנצען אידישען פאלק. דאס איז געווען, ווען דער קעניג אחשורוש, אדער קסרקסש, דער זוהן פון דריוש דעם ערשטען, האט דערהויבען זיין שר המן, און יענער האט איהם אנגערעדט, צו לאזען אוים׳הרג׳ענען אלע אידען אין אלע מדינות פון זיין מלוכה. געהאלפען האבען דאמאלס אידען מרדכי און אסתר, וועלכע האבען געפועלט ביי׳ם קעניג, אז מען זאל די גזירה מבטל מאכען. אידען פייערען נאך עד היום דעם יום־טוב פורים, אלס אנדענקען פון דער דאזיגער געשעהעניש.

---

## דריטעס קאפיטעל.

## די צייט פון די סופרים. די ערשטע דורות נאך נחמיה׳ן.

(פון 490 ביז 402 פאר׳ן צווייטען חורבן, אדער פון 420 ביז 232 פאר דער געוועהנליכער צייט־רעכנונג).

„ער האס, וועלכער שטאמט פון ליעבע, איז שטארקער און ליידענשאפטליכער, ווי דער, וואס שטאמט פון קנאה, אדער פון א נאטירליכער אנטיפאטיע. סנבלט מיט זיינע חברים, די שומרונים, און די איבריגע פרעמדע פעלקער האבען באמת געוואלט זיך פעראייניגען פון אנפאנג מיט אידען און מיט זייער גאט, וואס רוהט אין ציון, כדי אויפגענומען צו ווערען אין דער אידישער געמיינדע. די העפטיגקייט, מיט וועלכער זיי זענען ארויסגעטראטען געגען נחמיה, וועלכער האט בעפעסטיגט די אידישע מדינה, אז זי זאל ניט צעפאלען ווערען איינגאנצען, איז געווען, אייגענטליך, א שטומע ערקלערונג פון ערגעבענהייט און איניגער ליעבשאפט; דאס זענען געווען שלעכטע שריט, וועלכע זענען געמאכט געוואָרען מיט א גוטער כונה, צו צווינגען דעם געגנער צו פעראייניגען זיך און ווערען גוטע פריינד. אבער וויל מען האט די פרעמדע אלץ מעהר אבגעשטויסען, זענען־זיי געוואָרען ערביטערטע שונאים פון אידען. מיט׳ן מתחתן זיין זיך מיט דער משפחה פון

קלערענדיג, אז זיי זענען דאדורך מחלל שבת, האט מען זיך אבגעזאגט איהם צו פאלגען. דאן האט נחמיה בעפוילען, אז מען זאל אלע פרייטאג פאר נאכט שליסען די טהויערען פון שטאדט און האלטען זיי געשלאסען ביז שבת צונאכט און נישט ארייננלאזען איבער שבת קיין הענדלער אין שטאדט אריין. פיעל איז נחמיה'ן אויסגעקומען צו קעמפפען מיט די „פריצים" פון יהודה, איידער ער האט זיין בעשלוס דורכגעפיהרט; ער האט געמוזט דערביי אנווענדען די מאכט פון זיינע לייט, וועלכע ער האט געבראכט מיט זיך פון פרס. די פרעמדע סוחרים, וועלכע האבען געבראכט אום שבת די סחורות צום מארק צו פערקויפען, האט נחמיה מיט געוואלד צעיאגט און אנגעזאגט זיי, אז אויב זיי וועלען זיך דערוועגען ווידער צו קומען אום שבת, וועט ער זיך בעגעהן מיט זיי זעהר שטרענג. פון דאמאלס אן האבען זיי שוין אויפגעהערט צו קומען אום שבת, און אין לאנד יהודה האט מען אנגעהויבען אבהיטען שבת מיט שטרענגער פינקטליכקייט. עזרא מיט נחמיה'ן האבען געווירקט צוזאמען האנד ביי האנד: עזרא האט איינגעארדענט די דינים און געלערנט זיי מיט'ן פאלק, און נחמיה האט דורכגעפיהרט, אז מען זאל די דינים שטרענג אבהיטען; זיי ביידע האבען געפועלט, אז צווישען די אידען און די פרעמדע פעלקער איז אויפגעשטעלט געווארען א פעסטע וואנד, וועלכע מען האט שוין מעהר נישט געקאנט דורכברעכען. יענע אידען, וועלכע זענען מיט דער דאזיגער שטרענגקייט נישט געווען צופריעדען, האבען געמוזט ארויסטרעטען פון דער אידישער געמיינדע און גרינדען פאר זיך אן'אייגענע סעקטע. עס איז גאנץ מעגליך, אז נחמיה האט נאך אליין דערלעבט צו זעהן, ווי די דאזיגע סעקטע איז ענטשטאנען, און ווייל ער האט אליין מיטגעווירקט, אז דאס זאל מעגליך ווערען, און מען האט איהם פון פערשיעדענע זייטען געמאכט דעריבער פארווירפע, האט ער עס געהאלטען פאר נויטיג, צו פערענטפערען זיך און אנווייזען, אז זיין כונה איז געווען נאר, צו פערשטארקען ביי אידען די רעליגיע און דעם נאציאנאלען פערבאנד: „דערמאן דאס מיר, מיין גאט, צו גוטען און פערניכט נישט מיינע חסדים, וואס איך האב געטהון אין הויז פון מיין גאט און אין זיינע ארדנונגען, אז זיי זאלען קאנען אבגעהאלטען ווערען אין זיכערהייט".— אט אזוי ענדיגט נחמיה זיין ספר, וועלכען ער האט געשריבען אויף דער עלטער, און וואו ער דערצעהלט טיילווייז אין קורצען, טיילווייז באריכות, אלץ, וואס ער האט אויפגעטהון אין זיינע ביידע נסיעות קיין ירושלים, צו דערהויבען דעם כבוד פון דער תורה, פעסט צו האלטען דעם געזעץ און צו פערזיכערען די קליינע אידישע מדינה פון אנפאלען, מצד די פרעמדע פעלקער.

נחמיה'ס נאמען איז אייביג געבליבען לעבען אין אידישען פאלק, וועלכעס איז איהם דאנקבאר געווען פאר זיינע גרויסע מעשים. נחמיה

יחוס פֿון זײַן פֿאָלק און דערװײַזען, אַז זײ נױטיגען זיך כלל נישט אין די אידען פֿון לאַנד יהודה. עס איז טאַקי גאַנץ מעגליך אױך, דאָס צװישען די שומרונים האָבען זיך געפֿונען נישט װעניג אידען פֿון די עשרת השבטים, דען נישט דאָס גאַנצע פֿאָלק האָט דאָך דער מלך אשור געקאָנט פֿערטרײַבען, און אידען זענען אין לאַנד געװיס געבליבען אױך נאָכ׳ן גלות פֿון אשור, אָבער אַז אַלע שומרונים אַרום סנבלט האָבען געזאָלט זײַן נישט כותים, נאָר אידען פֿון שבט יוסף, אָדער פֿון אפֿרים, דאָס איז געװען אײנע פֿון יענע פֿאַלשע המצאות, װעלכע אי־בערראַשען אפֿילו אױך די, װעלכע גלױבען אין זײ נישט. די געמישטע שפּראַך פֿון די שומרונים, װעלכע איז בעשטאַנען פֿון ארמית און די שפּראַכען פֿון אַנדערע אַרומיגע פֿעלקער, אַ זשאַרגאָן, װאָס איז שװער אפֿילו צו בעװײַזען פֿון װאַנען ער קומט אַרױס,— אָט די שפּראַך האָט אָמבעסטען בעװיזען, אַז די שומרונים שטאַמען פֿון פֿערשידע־נע פֿעלקער און נישט פֿון אידען, חאָטש עס איז שװער צו בעװײַזען, פֿון װעלכע פֿעלקער, אײגענטליך, זײ האָבען געשטאַמט.

סנבלט׳ס אױפֿטהועכץ איז פֿאַר די שומרונים געװען זעהר אַ גע־לונגענע. איצט האָבען זײ שױן געהאַט אַנ׳אײגענעם מקדש, געבױט, פּינקט, װי דער אידישער, און דאָרט האָבען זײ זיך געקאָנט פֿערזאַמ־לען שבת און יום־טוב; זײ האָבען אױך געהאַט כהנים, װאָס האָבען געשטאַמט פֿון אַהרנ׳ס הױז, און האָבען אין זײער מקדש דעם דינסט געהאַלטען. דעם באַרג גריזים האָבען זײ געשטעלט העכער פֿאַר׳ן באַרג מוריה, אָנװײַזענדיג פֿון די פּסוקים אין משנה־תורה, אַז גאָט אַלײן האָט בעשטימט דעם באַרג גריזים פֿאַר אַ הײליגען אָרט, דען פֿון דאָרט האָט זיך געדאַרפֿט לאָזען הערען די ברכה פֿאַר׳ן אידי־שען פֿאָלק. זיך האָבען די כותים אַ נאָמען געגעבען „בני ישראל“, װײַל זײ האָבען געטענ׳עט, דאָס זײ שטאַמען פֿון די עשרת השבטים. סנבלט און זײַנע נאָכפֿאָלגער האָבען פֿונדעסטװעגען דערבײַ נישט פֿער־געסען, צו בעמיהען זיך אַרײַנצוברענגען אין זײַן סביבה װאָס מעהר אידען פֿון לאַנד יהודה. די אידען, װעלכע זענען צו זײ אַריבערגעגאַנ־גען, האָבען זײ אײַנגעטײלט לאַנד און געשטיצט זײ אין אַלע זײערע בעדערפֿעניסען. אין שומרון זענען דעריבער די שטעדט געװאָרען אַ מין „ערי מקלט“ פֿאַר יהודה: אַלע פֿערברעכער פֿון לאַנד יהודה, װעל־כע האָבען געװאָלט אױסמײַדען די פֿערדינטע בעשטראָפֿונג, פֿלעגען אַנטלױפֿען קײן שומרון, װאו מען פֿלעגט זײ אױפֿנעהמען מיט אָפֿענע אָרעמ׳ס. אױף אַזאַ אופֿן איז אױסגעװאַקסען אַ נײַע האַלב־אידישע סעקטע, װאָס האָט זיך געלעבט אױף דעם לאַנד פֿון די עשרת השבטים, װי אַ בעזונדערע מדינה — די שומרונים אין לאַנד שומרון מיט צװײ הױפּט־שטעדט שכם און שומרון. פֿון דער דאָזיגער סעקטע איז מיט דער צײַט אױסגעװאַקסען אַ קלײן פֿאָלק, זעהר אַ פֿעהיגעס, אַ ריהרעװ־

כהן גדול, האָט סנבלט געמײנט, אַז ער איז שוין נעהענטער בײַ זײַן
ציעל, און אינגיכען װעלען שוין די שומרונים אַרײַנגענומען װערען אין
דער אידישער געזעלשאַפֿט. װען אָבער ער האָט דערזעהן, אַז מען האָט
אפילו אויך דעם כהן מנשה פֿערטריעבען פֿון לאַנד יהודה, נאָר דער־
פֿאַר, װאָס ער האָט געהײראַטעט מיט זײַן טאָכטער, דאַן איז די מאָס
פֿון סנבלט׳ס שנאה פֿול געװאָרען, און ער האָט אונטערגענומען אַ
פּלאַן אונטערצוגראָבען דעם פֿונדאַמענט פֿון דער אידישער מדינה
מיט דער הילף פֿון די אידען גופא. פֿון לאַנד יהודה האָט נחמיה אַרויסגע־
טריבען פֿיעל ישראלים און כהנים, דערפֿאַר, װאָס זײ האָבען נישט גע־
װאָלט זיך שײדען פֿון די פֿרעמדע װײַבער, װאָס זײ האָבען גענומען. צי
איז אַלזאָ אפשר נישט אַ פּלאַן צו בויען אַ צװײטען בית המקדש טאַקי
פֿאַר׳ן זעלביגען גאָט, פֿון װעלכען זײ זענען פֿערשטויסען געװאָרען? דער
דאָזיגער בית המקדש האָט געקאָנט פֿיהרען אַ קאָנקורענץ מיט׳ן בית
המקדש פֿון ירושלים, דען ישראלים און כהנים האָט מען דאָך אויך גענוג,
און מען װעט דאָך קאָנען אויפֿבויען דעם אַנדערען בית המקדש לויט אַלע
דינים פֿון דער תורה, פּונקט װי דער, װאָס שטעהט אויפֿ׳ן באַרג ציון.
סנבלט׳ס אײדעם, מנשה, האָט דאָרט געקאָנט זײַן אַ כהן גדול, און די
איבריגע פֿערטריעבענע כהנים האָבען געקאָנט איהם שטעהען צו הילף.
אין׳ם דאָזיגען פּלאַן האָט סנבלט געפֿונען אַלץ װאָס ער פֿערלאַנגט: ער
פֿעראײניגט זיך מיט׳ן גאָט פֿון ישראל און ער װעט נאָך אַלײן דערצו־
שטעהן אין שפּיץ פֿון אַ גוט אײַנגעאָרדענטער אידישער געמײנדע. דעם
דאָזיגען פּלאַן האָט סנבלט פֿערװירקליכט.

אויפֿ׳ן שפּיץ פֿון פּרוכטבאַרען באַרג גריזים, װאָס געפֿינט זיך נע־
בען שכם אין רעכטען צענטר פֿון ארץ־ישראל, האָט סנבלט אויסגעבויט
זײַן מקדש, װי עס שײַנט, שוין נאָכ׳ן טויט פֿון ארתחשסתא (490 פֿאַר׳ן
צװײטען חורבן). דעם אָרט האָבען, װי עס שײַנט, אויסגעקליבען די פֿער־
טריבענע כהנים פֿון ירושלים, װײַל זײ האָבען געװאוסט פֿון דער משנה
תורה, אַז אויפֿ׳ן באַרג גריזים דאַרפֿען כהנים בענשען דאָס פֿאָלק, װאָס
היט אָב די תורה. דערפֿאַר האָבען די שומרונים טאַקי אויך אַ נאָמען גע־
געבען דעם באַרג גריזים: דער „ברכה באַרג“, און מיט דעם נאָמען רופֿען
זײ איהם נאָך עד היום, כדי אָנצוװײַזען דערמיט, אַז פֿונ׳ם באַרג
גריזים לאָזט זיך אַראָב די ברכה אויף דער װעלט, און נישט פֿון באַרג
מוריה. אפילו די שטאָדט שכם גופא האָבען זײ אויך אַ נאָמען געגעבען
„מברכתא“, װאָס הײסט: „אַ בענשונג“. װײַטער האָט סנבלט, אָדער
אפשר די כהנים פֿונ׳ם נײַעם מקדש, ערקלערט, אַז די שומרונים שטאַ־
מען כלל נישט פֿון יענע פֿרעמדע פֿעלקער, װאָס דער קעניג פֿון אשור
האָט בעזעצט אין שומרון, נאָכדעם, װי ער האָט פֿערטריעבען די
עשרת השבטים, נאָר דאָס זענען די אַמאָליגע אידען, װעלכע שטאַ־
מען פֿון שבט אפרים. דאַדורך האָט סנבלט געװאָלט דערהויבען דעם

שומרון, וועלכע האט געהערשט בשעת עס האט נאך עקזיסטירט די מלוכה פון די עשרת השבטים, נאר איצט איז שוין דאס געווען נישט קיין פאליטישע פיינדשאפט, נאר א רעליגיעזע; דאדורך איז אבער די פיינדשאפט געווארען נאך לײדענשאפטליכער און שטארקער.

א געוויסען נוצען האבען אבער אידען יא געהאט פון'ם פאקט, וואס איז אויסגעוואקסען די נײע שומרונ'ישע סעקטע: זי האט זיי געדיענט פאר א גוטען ווערק. די דעות און מיינונגען, וועלכע זענען ארויסגעזאגט געווארען צווישען די שומרונים וועגען דער אידישער תורה און דעם אידישען גאט, זענען געווען אזוי צווידער דעם אידישען פאלקס־גייסט און זיין חאראקטער, אז דאס האט געטריעבען אידען טיעפער נאכדענקען וועגען זייער אייגענעם מהות און וועגען דער תורה. די שומרונים האבען אויף א נישט־דירעקטען אופן געהאלפען אידען צו ארבייטען אויף זייער דערקענען זיך זעלבסט. דאדורך האט זיך אבער אנגעהויבען צו ענטוויקלען און צו וואקסען די אידישע קולטור, דאס ריינע אידענטום. די ערשטע וויכטיגסטע פראגע, וואס אידען האבען זיך דאן געשטעלט, איז געווען: וואס איז דער עצם פון דער זאך, וואס מאכט אידען אזוי פערשיעדען נישט בלויז פון די געגענדיגערישע פעלקער, נאר אפילו אויך פון זייערע נאהענטע שכנים, וועלכע דיענען צום זעלבינען גאט, ווי זיי, און לערנען די זעלבינע תורה? אט ערשט איז פאר אידען קלאר געווארען, אז אין זיי לעבט עפעס א בעזונדערע אייגענשאפט, א נאטירליכע קראפט, וועלכע העלפט זיי בעטראכטען זאכען און געשעהענישען, געזעץ און רעכט, גאטהייט און אייביגקייט אויף א בעזונדערען אייגענארטיגען אופן, און אט די דאזיגע בעזונדערע אידישע אייגענשאפטען, אדער דער בעגריף וועגען „יודענטום", האט צום ערשטען מאל זיך דאן דערוועקט אין דער בעוואוסטזיניגקייט פון אידישען פאלק. „יודענטום" (יהדות) האט מעהר נישט געדארפט בעדייטען א נאציאנאליטעט, נאר א רעליגיע. דער נאמען „יהודי" האט שוין מעהר נישט בעדייטעט, ווי פריהער, „א מענש פון שבט יהודה", נאר א מענש, וואס האלט דעם „דת משה ויהודית", דאס הייסט, די אידישע תורה, אלץ איינס, צי ער שטאמט פון שבט יהודה, בנימין, אדער ער איז א כהן אדער א לוי.

דער ערשטער יסוד פון אידענטום, אדער פונ'ם „דת משה ויהודית", איז אנצוערקענען, אז עס איז פארהאן נאר איין גאט, וועלכער האט בעשאפען דעם הימעל און די ערד און אלץ, וואס געפינט זיך אויף זיי און אין זיי. גאט געוועלטיגט איבער דער גאנצער נאטור און ער האט אויסערוועהלט דאס אידישע פאלק, צו זיין איהם א קנעכט און איבערנעהמען אלע זיינע געזעצען.

דער צווייטער יסוד, וועלכער איז אויך אזוי וויכטיג, ווי דער ערשטער, איז, אז גאט אליין האט זיך ענטפלעקט צום אידישען פאלק

דיגען, וואָס האַלט זיך זעהר שטאַרק אין זיין אמונה, און איז דערצו מאָלעגנטירט און ענערגיש, פּונקט ווי סנבלט וואָלט אינ'ם דאָזיגען פֿאָלק זיין גייסט אַריינגעגאָסען. דאָס דאָזיגע פֿאָלק איז אויף אַ וואונדערליכען אופן גאַנץ געבליעבען אין די פֿערשיעדענסטע שווערע ציי־טען, נישט־קוקענדיג אויף די גרויסע געשעהענישען, וואָס זיינען פֿאָרגעקומען איבעראַל אין לאַנד און אויף דער גאַנצער וועלט, און נאָך עד היום איז געבליעבען אַרום שכם זייערע אַ קליינע געמיינדע. דאָס אויפֿוואַקסען פֿונ'ם נייעם שומרונ'ישען פֿאָלק איז אייגענטליך געווען אַ נצחון פֿאַר דער אידישער תורה און קולטור; אַ פֿאָלק, וואָס איז בעשטאַנען פֿון אַזעלכע פֿערשיעדענע עלעמענטען, אַנ'ערב רב פֿון פֿער־שיעדענע פֿעלקער, האָט זיך דערשפּירט אַזוי שטאַרק צוגעצויגען צו אידען און צו דער אידישער תורה, אַז עס האָט זי געמאַכט צום פֿונ־דאַמענט פֿון זיין לעבען און, נישט־קוקענדיג אויף אַלערליי אונגליקען און שלעכטע צייטען, האָט עס זיך געהאַלטען פֿעסט ביי איהר און גע־בליעבען איהר געטריי. די תורה, וועלכע עס האָבען געבראַכט צו זיי די כהנים, וואָס נחמיה האָט פֿערטריעבען פֿון ירושלים, משה'ס תורה, האָבען זיי געהאַלטען טייער און אָבגעהיט אַלע איהרע געזעצען נאָך ביז היינטיגען טאָג אויך אַזוי היילינג, ווי די אידען טהוען דאָס, און האָבען אויך איינגעאָרדענט לויט דער תורה זייער רעליגיעזען און בירגערליכען לעבען. אָבער נישט־קוקענדיג דאַרויף, האָט דאָס אידישע פֿאָלק אין לאַנד יהודה ווייניג נחת געהאַט פֿון די נייע אָנהענגער פֿון דער אידישער תורה. די דאָזיגע ערשטע אידישע סעקטע האָט פֿערשאַפֿען אידען אַזוי פֿיעל יסורים, ווי די שפּעטיגערע רעליגיע, וואָס האָט זיך אויך ענטוויקעלט פֿון דער אידישער. די שומרונים זענען אַ לאַנגע צייט געוועזען נישט בלויז די פֿערביטערסטע אידישע שונאים, זיי האָבען גאָר פּשוט ענטזאָגט אידען דאָס רעכט צו עקזיסטירען און צו טראָגען דעם נאָמען פֿון אַ אידיש פֿאָלק, דען זיי האָבען גע'טענ'עט, אַז נאָר זיי אַליין שטאַמען פֿון די בני ישראל אַרויס, דער בית המקדש אין ירושלים האָט נישט אַזאַ קדושה, ווי זייער מקדש אויפֿ'ן באַרג גריזים און אַלץ, וואָס אידען האָבען בעשאַפֿען אין די לעצטע יאָהרען, האָבען די שומרונים אָנגערופֿען אַ פֿעלשונג פֿון דער אַלט־ישראל'שער קולטור און תורה. אמת, זיי האָבען אַליין שטענדיג בעאָבאַכטעט מיט אָפֿענע אויגען אַלץ, וואָס עס קומט פֿאָר אין לאַנד יהודה, כדי באַלד נאָכצו־טהון דאָס, נאָר אויב עס וואָלט געווען אין זייער מאַכט, וואָלטען זיי פֿערניכטעט דאָס גאַנצע אידישע פֿאָלק, חאָטש זיי האָבען איהם גע־האַט צו פֿערדאַנקען זייער תורה און זייער קולטור. די אידען פֿון זייער זייט האָבען אויך געצאָהלט די שומרונים מיט'ן זעלביגען האָס און האָבען זיי גערופֿען: „דאָס אויסגעלאָסענע פֿאָלק פֿון שכם“. עס האָט איצט ווידער אויפֿגעלעבט די אַלטע שנאה צווישען ירושלים און

מצוות. אין יעדער שטאָדט האָט מען אויסגעקליבען „גבאים“ און „ממונים“, וועלכע האָבען געדאַרפֿט בעזאָרגען די אָרעמע לייט מיט אַלעם נויטיגען. די שטראָף־רעדעס פֿון די נביאים און דאָס קלאָגען זיך פֿון די תהלים־זינגער געגען דער האַרטהערציגקייט פֿון די עשירים און זייער בייך ציהונג צום אָרעמאַן האָבען שוין איצט נישט געברויכט איבערגעחזר'ט צו ווערען, ווייל דאָס אידישע האַרץ האָט זיך וואַרעם אָבגעגעבען מיט'ן אָרעמאַן. דערין האָט זיך אַמבעסטען אַרויסגעוויזען, ווי ריכטיג עס זענען געווען דעם נביא'ס ווערטער: „איך וועל דיר געבען אַ האַרץ פֿון פֿלייש, אָנ־שטאָט אַ האַרץ פֿון שטיין“. פֿון איצט אָן איז דאָס רחמנות געוואָרען איינע פֿון די הויפּט־איינגענשאַפֿטען פֿון אידישען כאַראַקטער.

די יוסטיץ האָט מען איינגעאָרדענט אויפֿ'ן פֿאָלקאָמסטען אופֿן, אַזוי אַז זי האָט געקאָנט דיענען פֿאַר אַ מוסטער פֿאַר אַלע פֿעלקער פֿון דער וועלט מיט איהר געוויסענהאַפֿטיגקייט און גערעכטיגקייט. די פֿאָלקאָמענע גלייכהייט פֿון אַלע איינוואָהנער פֿון לאַנד איז געווען אַזאַ זעלבסטפֿער־שטענדליכע זאַך, אַז מען האָט עס אפילו נישט געברויכט בעזונדערס צו בעטאָנען. צוויי מאָל אין דער וואָך זענען פֿאָרגעקומען עפֿענטליכע זיצונ־גען פֿון געריכט (פֿון אַ „בית־דין“) אין אַלע גרעסערע אידישע שטעדט, געוועהנליך: מאָנטאַג און דאָנערשטאַג. פֿאַרוואָס האָט מען בעשטימט דוקא די טעג און נישט קיין אַנדערע, איז שווער איצט צו זאָגען; מעגליך, אַז אין די טעג פֿלעגען שוין פֿון פֿריהער פֿאָרקומען מערק און פֿון די דערפֿער און קלענערע ישובים פֿלעגט מען ברענגען אין די טעג אַלערליי סחורות צו פֿערקויפֿען; מעגליך, אַז עס איז אפשר געווען אויך אַנ'אַנ־דער מאָטיוו דערצו.

נאָכדעם אָבער, ווי די גייסטיגע מנהיגים האָבען בעשלאָסען, אַז אַלין דאַרף זיך פֿיהרען, לויט ווי די תורה האָט געבאָטען, סיי אין'ם פּאָליטי־שען לעבען פֿון דער מדינה, סיי אין עקאָנאָמישען און מאָראַלישען לע־בען פֿון די קהלות, סיי אויך אין די פּריוואַטע בעציהונגען צווישען די איינוואָהנער, האָבען זיי שוין ממילא געמוזט אויך טראַכטען וועגען איינ־אָרדנען אַ העכערע געריכטליכע אינסטיטוציע, אָדער אַ „בית דין הגדול“, וועלכער זאָל דאַרפֿען ערקלערען די געזעצען פֿון דער תורה, ווי אויך האָ־בען דאָס רעכט אַרויסצוגעבען געזעצען און דינים, מתקן צו זיין תקנות, וועלכע זענען נויטיג פֿאַר דער נאַציאָן איצט אָדער שפּעטער. די משנה תורה ערקלערט בפירוש, אַז מען איז מחויב צו בעשטימען אַזאַ הויכע געריכטס־אינסטיטוציע אין'ם „ערוועהלטען אָרט, וואו גאָט וועט מאַכען רוּ־הען זיין נאָמען“. דער דאָזיגער הויכער בית־דין דאַרף האָבען דאָס רעכט צו ערקלערען אַלע ספקות און געזעצען פֿון דער תורה, ער האָט אויך דאָס העכסטע רעכט צו משפּט'ן דאָס פֿאָלק און צו לערנען איהם, און איהם מוז מען פֿאָלגען; „קיינער האָט נישט דאָס רעכט אָבצוּווענדען זיך רעכטס אָדער לינקס פֿון זיינע ערקלערונגען“. די „סופֿרים“, וועלכע האָבען גע־

און געגעבען איהם די תורה דורך משה'ן. ווי גרויס עס איז פריהער געוועזען די גלייכגילטיגקייט פון אידען צו דער תורה, אלס צום הויפט־ספר פון דער אידישער רעליגיע, אזוי שטארק איז איצט אויסגעוואקסען איהר פערעהרונג ביי אידען, איהר גרויסקייט און די אויגען פון אידישען פאלק נאך עזרא און נחמיה. מען האט איצט פערעהרט די תורה די העכסטע לויב־געזאנגען. עס פערשטעהט זיך פון זעלבסט, אז פאעזיע, וועלכע האט דאמאלס נאך געבליהט, האט געזונגען פאר דער תורה די העכסטע לויב־געזאנגען. עס פערשטעהט זיך פון זעלבסט, אז די תורה איז דעריבער אויך געוואָרען דאס גרונד־געזעץ פאר דער נייער קליינער מלוכה, פאר דער אידישער מדינה. און אלע וויכטיגע ענינים, און אלע נייע געזעצען, וואס מען האט געדארפט ארויסגעבען, האט מען די ערשטע זאך געשטעלט די פראגע, צי איז דאס, לויט ווי עס שטעהט געשריבען אין דער תורה, אדער נישט. — די קנעכטשאפט פאר א אידען האט שוין דאמאלס אויפגעהערט צווישען אידען אינגאנצען, וויל מען האט אבגעהיט דעם דין פון דער תורה, אז א איד טאר נישט זיין קיין קנעכט. אויב א איד האט שוין אין דער נויט זיך געוואלט פערקויפען פאר א קנעכט, האט איהם קיינער נישט געקויפט; דעריבער איז אויך בטל געוואָרען דאס יובל־יאהר, וועלכעס איז בעשטימט געוועזען בעזונדערס אויף פריי צו לאזען די קנעכט; *) איצט איז אבער דאס ממילא געוועזען איבריג, וויל קיין אידישע קנעכט זענען שוין נישט געוועזען. דאגעגען האט מען שטרענג אבגעהיט דאס שמיטה־יאהר פאר פעלדער און פערזאָנען: מען האט נישט בעארבייט אין זיבעטען יאהר די פעלדער און אלע פריוואטע חובות זענען בטל געוואָרען. ווי עס שיינט, האבען שוין פריהער געפועל'ט די אידישע שרים און פערסישען קעניגליכען הויף, אז מען זאל אין דעם שמיטה־יאהר נישט פאדערען ביי אידען קיין אבצאהלונגען פון דעם תבואה־שניט און פון די הכנסות פון די גערטנער. אט אזוי האט מען עס רעגולירט דאס אידישע עפענטליכע לעבען, לויט די געזעצען פון דער תורה. בעזונדערס גענוי האט מען איינגעאָרדענט דעם ענין פון צדקה, דאס שטיצען ארעמע לייט, לויט ווי עס ווערט דער־מאהנט אין דער משנה תורה: „קיין ארעמאן וועט אין לאנד קיינמאל נישט פעהלען, דעריבער זאלסטו נישט פערמאכען דיין האנד פאר'ן ארע־מאן“. דאס געבען צדקה איז געוואָרען ביי אידען איינע פון די גרעסטע

*) דאס אבגעבען אין יובל־יאהר צוריק די געקויפטע ערד האט ביי'ם צווייטען בית־המקדש זיך שוין נישט נוהג געוועזען, וויל נאכ'ן גלות־בבל איז דער באדען שוין נישט געוועזען איינגעטיילט לויט די שבטים, ווי פריהער. עס איז אויך פארהאן א דעה, אז די יובלות זענען בטל געוואָרען נאך פיעל פריהער — באלד נאכדעם, ווי עס זענען פערטריבען געוואָרען די דריטהאלבען שבטים פון יענער זייט ירדן: ראובן גד און האלב מנשה.

חאראקטער דעם אידענטום. אלע פערענדערונגען, וועלכע זענען שפעטער, אין א משך פון צוויי הונדערט יאהר, פארגעקומען אין אידישען לעבען, האבען געשטאמט פון איהם. די נייע תקנות און פערארדנונגען, וועלכע שטאמען, לויט דער קבלה, פון עזרא'ן, אדער וועלכע זענען בעוואוסט מיט'ן נאמען די „תקנות פון די סופרים", שטאמען פונ'ם הויכען בית־דין, וועלכער האט געלעגט יא פונדאמענט צו א בנין פון א רעליגיע, וואס לעבט נאך איצט אויך אינגאנצעןביי אידען. די ערשטע זאך האט מען איינגע־ארדענט א רעגעלמעסיגע „קריאת התורה": יעדען שבת און יום־טוב דארף מען פארלעזען פאר'ן אידישען עולם א בעזונדערע פרשה פון דער תורה, אבער אויך צוויי מאל אין דער וואך,— מאנטאג און דאנערשטאג, ווען די דארפסלייט פלעגען קומען אין שטאדט אריין פערקויפען זייערע פראדוק־טען, אדער צו משפט'ן זיך, האבען אויך געדארפט געלעזען ווערען איני־גע פסוקים אין דער תורה. אין דער ערשטער צייט פלעגען פארלעזען אין דער תורה נאר די, וועלכע האבען גוט פערשטאנען וואס זיי לייענען. ביס־לעכווייז איז עס געווארען א כבוד־זאך, און יעדערער האט געוואלט ארויס־טרעטען אלס א פארלעזער אין דער תורה. אבער כדי יעדערער זאל קאנען לעזען, האט דער כתב פון דער תורה געדארפט זיין אזעלכער, אז אלע זאלען איהם קאנען לעזען. די תורה איז אבער ביז דאמאלס געווען גע־שריבען אין אנ'אלטען העברעאישען, אדער פעניקישען, כתב, און נאר די מלומדים האבען איהם פערשטאנען צו לעזען. פאר די אידען פון לאנד ברכ איז די תורה, מיט'ן דאזיגען כתב געשריבען, געווען א ספר, וואס איז פער'חת'מעט מיט זיעבען חתימות, און אפילו אויך אין ארץ־ישראל האָ־בען זעהר ווענין געקאנט דעם כתב לעזען.

עס איז דעריבער געווען נויטיג, צו פערבייטען דעם אלטען העברע־אישען כתב אויף אנ'אנדערען, וועלכער איז דאמאלס געווען פערשפרייט אין די לענדער אויף די טייכען עפראט און טיגרים און אלע אידען האָ־בען איהם פערשטאנען צו לייענען. דעם דאזיגען כתב האבען די אידען אין ארץ־ישראל נאך בעסער געקענט לעזען, ווי די אידען אין די גלות־לענדער, און זיי פלעגען איהם געברויכען אין זייער טעגליכער בעדערפע־ניש. און אט דער כתב איז איינגעפיהרט געווארען צו שרייבען מיט איהם די תורה און די נביאים. צום אונטערשייד פונ'ם אלטען העברעאישען כתב, האט מען איהם א נאמען געגעבען „כתב אשורית"—דעם אסירישען כתב — ווייל ער האט געשטאמט פון די פראווינצען, וואס האבען א מאל געהערט צו אשור. די שומרונים דאגעגען, נישט וועלענדיג ערפילען די תקנות פון ירושלים'ער בית־דין, האבען איבערגעלאזען ביי זיך דעם אל־טען העברעאישען כתב אין זייערע ספרי תורה. נאך עד היום שרייבען די שומרונים זייערע ספרי תורה אין דעם אלטען העברעאישען כתב, וועלכען קיינער פון זיי קאן אבער נישט לעזען; אפילו זייערע כהנים פערשטעהען עס אויך נישט אלע צו לעזען.

לעבט אין דער ערשטער צייט נאָך נחמיה'ן און זענען געוועזן די גייסטיגע
מנהיגים פון אידישען פאָלק, זענען געוועזן איינגאַנצען דורכגעדרונגען
מיט'ן גייסט פון דער תורה, און אַט זיי האָבען עס געוויס געהאַלטען פאַר
זייער הייליגע פפליכט איינצואָרדנען אַזאַ „בית דין הגדול“. פון וויפיעל
מיטגליעדער האָט דער בית־דין געדאַרפט בעשטעהן? דערויף האָט
מען געפונען אַנ'אָנווייזונג אין דער תורה. משה האָט זיך אויסדערוועהלט
זיבעציג „זקנים“, וועלכע האָבען געדאַרפט מיט איהם צוזאַמען „טראָגען די
משא פון די פאָלקס־ענינים“. די זקנים זענען געוועזן די פערטרעטער פון
די זיבעציג הויפּט־משפחות, וועלכע זענען אַריינגעקומען אין מצרים. מען
האָט אַלזאָ איצט דעם „בית־דין הגדול“ אויך געדאַרפט גרינדען פון זיע־
בעציג פערזאָן, אָדער „זקנים“. די דאָזיגע אינסטיטוציע, וועלכע מען האָט
שפּעטער אָנגערופען „סנהדרין“, האָט געדויערט די גאַנצע צייט פון צווי־
טען בית־המקדש; זי האָט אָפּגעהיט דאָס אידישע געזעץ און אין געוויסע
צייטען האָט זי דערגרייכט אַ גאַנץ גרויסע בעדייטונג. עס איז קיין ספק
נישט, אַז די הויכע געריכטס־אינסטיטוציע איז געגרינדעט געוואָרען אין
דער איצטיגער עפּאָכע, דאָס הייסט, אין דעם ערשטען דור נאָך נחמיה'ן.
פון דער גרויסער פערזאַמלונג, וועלכע נחמיה האָט צוזאַמענגערופען נאָר
איין מאָל, כדי אָנצוטרויען איהר די פפליכט אַבצוהיטען די גאַנצקייט
פונ'ם „בונד“, וועלכען מען האָט דאַמאָלס געשלאָסען און פייערליך אונטער־
געשריבען,— פון אָט דער פערזאַמלונג האָט זיך ענטוויקעלט אַ שטענדי־
גער ראַט פון זקנים, אָדער לעהרער אין רעליגיעזע, יורידישע און מאָראַ־
לישע פראַגען. די זיעבציג מיטגליעדער פון בית־דין הגדול האָט מען, ווי
עס שיינט, אויסגעקליעבען פון די פערשיעדענסטע משפחות. דער כהן
גדול, אַלס די ערשטע פערזאָן אין דער אידישער מדינה אין יהודה, האָט,
ווי עס שיינט, געמוזט שטעהן אין שפּיץ פונ'ם גרויסען בית־דין און זיין
אין איהם פאָרזיצענדער. איהם האָט די פערסישע מאַכט אויך אָנגעטרויט
די הנהגה פון דער אידישער מדינה. ער האָט געהאַט אַ געוויסע פאָליטישע
בעדייטונג, און אָט דעריבער האָט מען פערגרעסערט די צאָהל פון דעם
הויכען בית־דין מיט איין פערזאָן, און ער איז בעשטאַנען פון איין און
זיעבעציג פערזאָן. די דאָזיגע צאָהל איז שוין געבליעבען אויף שטענדיג.
דער פאָרזיצענדער פון בית־דין האָט געהייסען „דער פאָטער פון געריכט“,
אָדער „אב בית־דין“. די מייסטע מיטגליעדער זיינע זענען געוועזן די גע־
לעהרטע אין דער תורה, אָדער ווי מען האָט זיי פון דאַמאָלס אָנגעהויבען
רופען „די סופרים“.

ווי נאָר דער נייער „בית־דין הגדול“ איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען,
האָט ער אָנגעהויבען אַרבייטען אין דער ריכטונג פון עזרא און נחמיה,
כדי איינצופיהרען דאָס אידענטום, אָדער דאָס אידישע געזעץ און לעבען
און מאַכען עס דעם פאָלק פאַר אַ געוואָהנהייט. דער הויכער בית־דין
האָט מתקן געוועזן פיעל נייע תקנות און דאדורך געגעבען אַ גאַנץ נייעם

באטען פיעל ערלויבטע זאכען, וועלכע האבען א שייכות, אדער זענען ענג־ליך צו די נישט ערלויבטע זאכען, און קאנען דעריבער לייכט פערטוישט הייערען מיט זיי. די דאזיגע טענדענץ, אדער שטרעבונג צו פערהיטען אויף יעדען אופן, אז מען זאל נישט עובר זיין אויף די געזעצען פון דער תורה, אדער ווי מען רופט עס, די „ארומצוימונג פון דער תורה“—דער כיג—האט אין יענער איבערגאנגס־צייט געהאט זעהר א וויכטיגע בעדייטונג און איז געווען א נויטווענדיגע זאך. דאס פאלק איז בכלל נאך דאמאלס געווען גארנישט געלערנט, און אט דאדורך האט מען עס געקאנט גע־וואוינען אפצוהיטען די מצוות פון דער תורה. פון דעם דאזיגען פרינציפ—איינצופיהרען נייע תקנות און דינים, כדי דאס פאלק זאל נישט עובר זיין אויף די גרונד־געזעצען פון דער תורה, איז ארויסגעקומען א גאנצע רייהע געזעצען, וועלכע שטאמען פון דער צייט פון די סופרים. אזוי, למשל, האט מען דאן פערבאטען חתונה צו האבען מיט אזעלכע קרובים, מיט וועלכע דאס איז, לויט דער תורה, נישט פערבאטען (מיט א באבען, מיט'ן ווייב פון אנ'אייניקעל, א. ד. גל). זארגענדיג פאר דער צניעות און צילטיגקייט ביי אידען, האט מען פערבאטען צו זיין צוזאמען און איין זייטיגען צימער מיט אנ'אשת איש. צוליעב דעם, וואס מען האט אין נחמיה'ס צייטען זעהר שוואך אפגעהיט שבת, האט מען איינגעפיהרט נייע דינים און תקנות, כדי אז מען זאל אפהיטען שבת זעהר שטרענג: אנהויבען מוז זיך דער שבת אדער דער יום־טוב נאך איידער די זון געהט אונטער ערב שבת אין יום־טוב, און די דאזיגע רוהע־טעג ענדיגען זיך ערשט נאך דעם זונען־אונטערגאנג, ווען עס בעווייזען זיך שטערען אויפ'ן הימעל. מען האט אפילו אויך בעשטימט א ספעציעלען בעאמטען, וועלכער האט געדארפט מודיע זיין דעם פאלק ערב שבת און יום־טוב, ווען מען דארף אויפהערען צו ארבייטען. דער דאזיגער בעאמטער האט געדארפט עטליכע מאל בלא־זען אין א שופר, צו געבען דעם צייכען, אז עס הויבט זיך אן דער שבת. וועגען דעם מהות פון דער ארבייט גופא, וואס מען טאר נישט טהון אום שבת, האט מען ארויסגעגעבען פיעל דינים; מען האט אויסגערעכענט ניין און דרייסיג הויפט־מלאכות, ווי למשל: בויען, דרעשען, באקען, קאכען א. א. וו.; אויסער די הויפט־מלאכות האט מען אויך פערבאטען אנדערע זאכען צו טהון, האטש זיי זענען כלל נישט קיין מלאכה, ווי, למשל, רייטען, שווימען, האנדלען א. ד. גל.; מען האט אפילו אויך פערבאטען אנצו־ריהרען זיך אן פיעל זאכען, וועלכע מען בענוצט אויף א מלאכה, וואס מען טאר נישט טהון שבת (מוקצה).

אום שבת און יום־טוב דארף ביי אידען אין שטוב הערשען א געהוי־בענע שטימונג, א הייליגע; די טרדות און עגמת נפש פון א גאנצע וואך מוזען פערגעסען ווערען. און דעריבער האט מען פעראָרדענט, אז ביי'ם אנקומ'ען און ביי'ם אבגאנג פון שבת־קודש, ווי אויך פון יום־טוב, זאל מען דעם טאג הייליגען מיט א ברכה אויף א בעכער ווייו. ביי'ם אנפאנג שבת

די רעגולערע פֿאָרלעזונג פֿון דער תּורה, ווי אויך דער לייכטער כּתב, וועלכער מאַכט מעגליך פֿאַר אַלע אידען צו לעזען די תּורה, האָט מיטגע־ווירקט, אַז די תּורה און די נביאים זאָלען שטאַרק פֿערשפּרייט ווערען צווישען אידען, און דאָס פֿאָלק האָט אין זיך איינגעזאַפּט דעם גייסט פֿון די הייליגע ספרים, ביז עס האָט בעקומען אַ גאַנץ אייגענטימליכען כאַראַק־טער. די תּורה איז געוואָרען אַנ׳אייגענטום פֿון פֿאָלק, זיין קודש הקדשים.

נאָך אַ צווייטען אינסטיטוט האָט מען געגרינדעט אין יענער צייט: „בּתּי מדרש“ פֿאַר דערוואַקסענע מענשען, אָדער יונגע לייט, וואו זיי זאָלען קאָ־נען לערנען תּורה און ליעב בעקומען איהר. די דאַמאָלסדיגע גייסטיגע מנהיגים פֿון פֿאָלק, אָדער די „אנשי כּנסת הגדולה“, האָבען געלאָזען אַ גרויסע צוואה פֿאַר די קומענדיגע דורות: „איהר זאָלט אויפֿשטעלען פֿיעל תּלמידים“; זיי האָבען געגרינדעט „הייזער אויף צו לערנען תּורה“, אָדער ווי מען וואָלט עס היינט גערופֿען „וויסענשאַפֿטליכע קלובען“. אַזאַ העכע־רע שולע האָט מען זיכער געגרינדעט אין ירושלים באַלד נאָך נחמיה׳ס טויט. די לעהרער פֿון דער שולע האָט מען גערופֿען „סופֿרים“, אָדער „חכמים“, די שילער האָט מען גערופֿען „תּלמידי חכמים“. די טעטיגקייט פֿון די סופֿרים איז געווען אַ דאָפּעלטע: זיי האָבען ערקלערט די געזעצען פֿון דער תּורה און די מצוות און אזהרות, וועלכע געפֿינען זיך אין איהר, זיי האָבען אָבער אויך געדאַרפֿט איינאָרדנען די מצוות און געזעצען אַזוי, אַז מען זאָל זיי קאָנען אָנווענדען אין לעבען, סיי פֿאַר׳ן כּלל ישראל, סיי פֿאַר׳ן יחיד. אָט די ערקלערונג פֿון דער תּורה דורך די סופֿרים האָט גע־הייסען „מדרש“, אָדער „אויסטייטשונג“, און געמאַכט האָט מען דאָס נישט סתּם אַזוי, ווי איינער האָט געוואָלט, אָדער ווילקירליך, נאָר לויט געוויסע כּללים, וועלכע מען האָט ערהאַלטען פֿון עזרא׳ן און פֿון די נביאים; דאָס זענען געווען די בעוואוסטע מדות, לויט וועלכע די תּורה ווערט ערקלערט.

פֿון די דאָזיגע בּיידע אינסטיטוציעס איז אַרויסגעגאַנגען די גייסטיגע אויפֿלעבונג פֿון אידישען פֿאָלק. דער העכער בּית־דין, אָדער, ווי מען האָט איהם שפּעטער גערופֿען, דער „סנהדרין“, פֿון וועלכען עס זענען אַרויסגע־קומען אַלע נייע תּקנות און די אופֿנים פֿון תּורה לערנען, האָט זיך אָבער נישט בעגרענעצט מיט׳ן אויסטייטשען די געזעצען פֿון דער תּורה און איינפֿיהרען זיי אין לעבען, נאָר ער האָט זיך אויך איינגעאָרדענט אַלס אַ געזעצגעבערישע אינסטיטוציע, אַרויסגעבענדיג אַליין נייע געזעצען, וועל־כע דאַרפֿען רעגולירען דאָס רעליגיעזע און מאָראַלישע לעבען פֿון פֿאָלק. שוין אין די גאַנץ אַלטע צייטען האָבען די סופֿרים געלערנט זייערע תּלמידים, ווי אויך אָנגעזאָגט פֿאַר די שפּעטערדיגע דורות: „איהר זאָלט מאַכען אַ צוים פֿאַר דער תּורה“, דאָס הייסט: מען זאָל צוגעבען נייע תּקנות און געזעצען, כּדי צו פֿערהיטען, אַז די גרונד־געזעצען פֿון דער תּורה זאָלען שטרענג ערפֿילט ווערען. אויף אַזאַ אופֿן האָט מען אָנגע־צייכענט די ריכטונג פֿון דער נייער געזעצגעבונג: זי האָט געדאַרפֿט פֿער־

פאר גאט די חרטה אויף זיי און מקבל זיין אויף זיך ווייטער נישט צו זינדיגען, האט איצט די תפלה בעקומען דורך די סופרים גאר אנ'אנדער כאראקטער. קיין שטענדיגער נוסח פון תפלה איז אפילו נאך נישט געווען, אבער אין אלגעמיינן איז שוין דער הויפט-געדאנק פון די תפלות געווען פארגעצייכענט. די תפלות אין די שולען פון דער פראווינץ זענען געווען איינגעארדענט לויט'ן מוסטער פון די תפלות אין בית-המקדש, וואו זיי פלעגען פארקומען אין די צייטיגע געביידעס, וועלכע האבען זיך געפונען ביי'ם בית-המקדש, און פלעגען זיך אנהויבען גאנץ פריה מיט עטליכע מזמורים פון תהלים. ווען מען פלעגט ענדיגען זינגען די מזמורים, פלעגען אלע אנוועזענדע אויסרופען: „געלויבט איז דער גאט פון ישראל, וועלכער טהוט אליין אלע וואונדער, און געלויבט איז דער נאמען פון זיין כבוד אויף אייביג, און זיין כבוד זאל ערפילען די גאנצע וועלט. אמן און אמן!" דערנאך פלעגט מען זאגען א ברכה פאר דער ליכטיגקייט פון דער זון, וועלכע גאט האט בעשאפען פאר אלע מענשען, און פאר דער ליכטיגקייט פון דער תורה, וועלכע גאט האט געגעבען אידען. נאכהער פלעגט מען לעזען גאנצע פרשיות פון דער תורה: „עשרת הדברות, שמע, ואהבת, והיה אם שמוע און ויאמר". אין די דאזיגע פרשיות ווערט אנערקענט די איינציגקייט פון גאט און די ליעבע צו איהם, ווי אויך די אזהרה נישט נאכצוגעהן נאך די זאכען, וואס דאס הארץ געלוסט און דאס אויג זעהט. בשעת דער חזן פלעגט אויסרופען: „הער צו, ישראל, אונזער גאט איז איינציג" (שמע ישראל), פלעגען אלע אנוועזענדע ענטפערען: „געבענשט זאל זיין דער נאמען פונ'ם כבוד פון זיין קעניגרייך אויף אייביג" (ברוך שם כבוד). די הויפט-תפלה איז בעשטאנען פון זעקס ברכות, אדער אונזערע ערשטע דריי ברכות פון שמונה-עשרה און די לעצטע דריי: א דאנק פאר גאטס גנאד פאר אונזערע אבות אברהם, יצחק און יעקב, די אנערקענונג פון גאטס מעכטיגקייט אין דער נאטור דורך די פרוכטבארע רעגענס, וואס ער ברענגט אויף דער ערד, און דאדורך, וואס ער וועט דערוועקען די מתים און לעבעדיג מאכען זיי צוריק; אנערקענונג פון גאט'ס הייליגקייט (אתה קדוש); א געבעט, אז גאט זאל אויפנעהמען די תפלה פון יעדען מענשען, ערפילען זיין וואונש און גוט אננעהמען זיין קרבן (רצה); א דאנק פאר דאס געשענקטע לעבען (מודים) און אויפהאלטען איהם, און לסוף — א תפלה פאר'ן שלום (שים שלום), וועלכע געהט באלד נאך דער ברכה פון די כהנים. צו מנחה און צו מעריב פלעגט מען זיך ווידער צוזאמענקומען, אבער די תפלה פלעגט שוין דויערן נישט לאנג, ווייל מען פלעגט נישט זאגען די מזמורים פון תהלים און אויך נישט לייענען אלע פרשיות פון דער תורה.

דער סדר פון דער תפלה אום שבת און יום-טוב איז נישט געווען בעזונדערס פערשיעדען פון דער וואכעדיגער תפלה, נאר וואס מען פלעגט

מאַכט מען קדוש, בײַ זײַן אָבגאַנג — הבדלה; דורך דעם ערשטען הײליגט
מען שבת און יום־טוב, דורך דעם אַנדערען שײדעט מען איהם אָב פֿון
דער אַרבײטס־צײט. דורך די דאָזיגע בעשטימונגען, װעלכע זענען נישט גע־
בליעבען קײן טויטע בוכשטאַבען, נאָר אַלע אידען פֿלעגען עם הײליג אָב־
היטען, האָט דער שבת בעקומען זײן הײליגען כאַראַקטער, זײַן צניעות'דיג
אויסזעהען און זײַן אמת'ע רוהיגקײט, װעלכע האָט איהם געמאַכט פֿאַר אַ
הײליגע מתנה פֿאַר אידען. אויך דער ערשטער אָװענד פֿון פסח האָט אין
דער צײט פֿון די סופֿרים בעקומען אַ בעזונדער הויכע בעדײַטונג. עס איז
געװען אַ תקנה, אָדער אַ מנהג, אַז יעדער איד, אפילו דער גרעסטער
אָרעמאַן, מוז האָבען װײן אויף ארבע כוסות. דעם, װער ס'האָט נישט
געקאָנט אַלײן בעװײַזען דאָס צו קויפֿען, האָט מען געגעבען
געלד דערויף פֿון דער קהל'שער קאַסע, פֿון צדקה, כדי ער זאָל „דער־
פֿרײען זײַן הארץ מיט'ן בעכער װײן". הײמיש און פֿרײַנדליך גע־
שטימט זענען געזעסען אַלע מיטגליעדער פֿון דער משפחה מיט זײערע
פֿרײַנד ארום דעם פסח־טיש דעם ערשטען אָװענד פֿון יום־טוב, און
דערבײַ האָט מען נישט געדאַרפֿט זיך אָנעסען און אָנזויפֿען, מאַכען
אַ רײַכען און אַ פֿעטען מאָהלצײַט, נאָר דערצעהלען זיך די װאונדערליכע
געשעהענישען פֿון יציאת מצרים און זינגען הלל און אַנדערע לויב־
ליעדער פֿאַר גאָט פֿון די אָבות, װעלכער האָט מיט'ן אידישען פֿאָלק
געטהון אַלע גרויסע נסים. די צאָהל פֿון די טײלנעהמער אין יעדען
קרבן־פסח איז געװען זעהר גרויס, װײל מען האָט געהאַלטען די פֿײערונג
פֿאַר אַ פֿאַמיליען־יום־טוב, װעלכער דאַרף דיענען אויף צו פֿעראײניגען
דאָס פֿאָלק, צו שטאַרקען צװישען אידען די אחדות און די נאַציאָנאַלע
געפֿיהלען, און דעריבער פֿלעגט מען אײַנלאַדען װאָס מעהר מענשען,
אָדער עס פֿלעגען זיך צוזאַמענעהמען פֿיעל שותּפים אויף אײן שעפּס
און אַלע פֿלעגען פֿערברענגען דעם פסח־אָװענד צוזאַמען. נאָכ'ן עסען
דעם קרבן־פסח פֿלעגט מען זינגען תהלים־געזאַנגען; מען האָט דאַן
אויך אײַנגעפֿיהרט בכלל צו לויבען און דאַנקען גאָט פֿאַר'ן עסען און
נאָכ'ן עסען (ברכת המזון). מיט דער צײט איז דער פסח־אָװענד, אָדער
דער „סדר", געװאָרען אַן'אמת'ער געמיטליכער פֿאַמיליען־יום־טוב, װי
ער איז איבערגעבליבען אויך אפילו שפּעטער, װען מען האָט שוין קײן
קרבן־פסח גאָרנישט געבראַכט.

אויסער די קרבנות אין בית־המקדש, האָט מען דאַמאָלס אויך אײַנ־
געפֿיהרט אַ נײַעם גאָטעס־דיענסט — תפלה, צו װעלכער די אידען אין
גלות־בבל האָבען זיך נאָך צוגעװעהנט. דרײַ מאָל אין טאָג פֿלעגט מען
דאַװנען: אין דערפֿריה — די תפלה פֿון שחרית; פֿון נאָכמיטאָג אָן —
די תפלת מנחה און נאָך דעם שטערען־ערשײַנען, אין אָװענד — מעריב.
װעהרענד אָבער פֿריהער איז דאָס גאָט־בעטען געװען אַן'אַקט פֿון
תשובה, בשעת מען פֿלעגט זיך מתודה זײַן פֿאַר די עבירות, אַרויסזאָגען

חאטש זייער הייליגקייט איז נישט אזוי גרויס, ווי די הייליגקייט פון די פינף ספרים פון דער תורה.

אט אזוי האט מען עס איינגעאָרדענט דעם גאָטעס-דינסט, אָדער די תפלה אין דער צייט פון די סופרים. זי איז געהאַלטען געוואָרען אינ'ם ריינעם גייסט פון דער תורה און פון די נביאים, ווי אויך פון די תהלים-זינגער. נאָר איין איינציגער נייער עלעמענט איז אַריינגענומען געוואָרען אין איהר, וועלכער ווערט בפירוש נישט דערמאָהנט ביי די נביאים: די אמונה אין תחית-המתים, אינ'ם גרויסען טאָג פון גאָט, ווען גאָט וועט ווידער וויזען זיין חסד פאַר זיין פאָלק.

ווייל די איינוואָהנער פון דער פראָווינץ אַרום ירושלים פלעגען אָפט קומען אין ירושלים אפילו אויך נישט אויף יום-טוב אָדער אויף שבת, און פלעגען דאָ זעהען די אָרדנונג, אין וועלכער עס ווערען אָבגע-האַלטען די תפלות אין בית-המקדש, האָבען זיי דעריבער אויך איינגע-אָרדענט ביי זיך אין דערהיים שוהלען, וואו די תפלות פלעגען פאָרקומען אין דערזעלביגער אָרדנונג. איצט האָט שוין דאָס פאָלק אַליין דאָס גע-טהון און מען האָט נישט געדאַרפט האָבען דערצו קיין בעפעהל פון אַ העכערען, ווי אין נחמיה'ס צייטען. אויף אַזאַ אופן זענען אויסגע-וואַקסען שוהלען אָדער סינאַגאָגען אין די גרעסערע שטעדט אויף דער פראָווינץ און מען האָט איינגעפיהרט די תפלות אין דער אָרדנונג, ווי זי האַלט זיך נאָך אויך ביז'ן היינטיגען טאָג און איז דער פונדאַמענט פון דעם גאָטעס-דינסט ביי אידען. אינ'ם גאָטעס-דינסט אין די שוהלען האָבען שוין די כהנים נישט געשפּיעלט קיין שום ראָליע, זייער אָרט האָט פערנומען דער „תלמיד חכם", אָדער דער קענער אין דער תורה; ער האָט דאָ געהאַט צו זאָגען די הויפּט-דעה, ער פלעגט לייענען אין דער תורה, ער פלעגט אויך זיין דער ערשטער מתפלל (חזן).

ביי אַלעם דעם איז פונדעסטוועגען די עבודה אינ'ם בית-המקדש, דאָס ברענגען קרבנות, מנחות און קטורת, געבליבען דער עיקר פון דער רעליגיע, ווייל דאָס איז געהאַלטען געוואָרען לויט די געזעצען פון דער תורה און דער בית-המקדש איז דאָך דערויף געבויט געוועזען. די עבודה אין בית-המקדש איז פאָרגעקומען, אָבהיטענדיג שטרענג אַלע געזעצען פון דער תורה און די אָרדנונג, וועלכע זי האָט אָנגעוויזען. און חאָטש צווישעןביידע אופנים צו דינען גאָט האָט געהערשט אַ גרויסע פער-שיעדענהייט אי אין זייער פאָרם, אי אין זייער האַראַקטער, פונדעסטווע-גען האָבען זיי אויסגעמאַכט צוזאַמען איין גאַנצע זאַך, זיי האָבען איינע די אַנדערע משלים געווען אָדער אויך עטוואָס גענומען איינער ביי'ם אַנדערען. דער גייסטיגער גאָטעס-דינסט, די תפלה, פלעגט פאָרקומען לויט דער צייט פון די קרבנות אין בית-המקדש: וועהרענד די כהנים פלעגען אין בית-המקדש ברענגען דעם קרבן-תמיד אין דערפריה אָדער פאַרנאַכט, פלעגען זיך אויך פערזאַמלען די געמיינדעס צום דאַווגען;

אַרייַנשטעלען אַ בעזונדערע ברכה צווישען די ערשטע און די לעצטע דריי ברכות, לכבוד דעם שבת אָדער דעם יום־טוב. נאָר דאַדורך פלעגט זיך בעזונדערס אונטערשיידען די שבת־ און יום־טוב־תפלה, וואָס מען פלעגט נאָכ'ן דאַווגען פאָרלעזען אַ גאַנצע פרשה פון דער תורה און שפּעטער האָט מען אויך אָנגעהויבען לעזען דערביי אויך פון די נביאים אַזעלכע שטעלען, וואָס זענען געשטאַנען אין נאָהענטען צוזאַמענהאַנג מיט'ן געלעזענעם פון דער תורה. דאָס לייענען די נביאים נאָך דער תורה נעהמט זיך פון דער פערשיעדענהייט אין די אַנשויאונגען, וואָס האָבען געהערשט צווישען די אידען און די שומרונים. די לעצטע האָבען, ווי בעוואוסט, ערקלערט, אַז דער בית־המקדש אין ירושלים איז גאָרנישט היילינ און זייער אייגענער מקדש שטעהט העכער פון איהם. דער דאָזיגער אומשטאַנד האָט זיי אָבער אויך געצוואונגען אָבצוזאָגען זיך פון די נביאים, וועלכע האָבען שטענדיג גערעדט וועגען ירושלים, ווי וועגען אַ היילינע שטאָדט, אַן אָרט, וואָס איז אויסגעוועהלט געוואָרען פון גאָט, און וועגען דעם בית־המקדש, ווי וועגען אַ היילינטום, וואו גאָט האָט געמאַכט רוהען זיין כבוד. און אָט דערייבער האָבען די סופרים, די פערטרעטער פון יודענטום, געפונען פאַר נויטיג צו לייענען די נביאים און צו רופען זיי פאַר עדות אויף דער היילינקייט פון ציון און ירושלים, דען דאָס האָט מען געהאַלטען פאַר אַ וויכטיגען פונקט פון דער אידישער אמונה; יעדען שבת און יום טוב האָט מען דעריבער געלעזען די נביאים, כדי צו דערמאָהנען דערין דאָס פאָלק און אייַנפּלאַנצען ביי איהם אין האַרצען די אהבה צו ציון און ירושלים. מיט'ן לעזען די נביאים פלעגט זיך ענדיגען די תפלה, און דעריבער האָט מען די דאָזיגע לעזונג גערופען „הפטרה אָדער אפּטרתא", וואָס הייסט: די „שלוס־אָבטיילונג" פון דער תפלה. די דאָזיגע איינאָרדנונג האָט אויך אַרויסגערופען די נויטווענדיג־קייט צו זאַמלען אַלע נבואות פון די נביאים און אָבצושליסען זיי, אָדער ריכטיגער: צו ערקלערען, וועלכע ספרים דאַרפען צו זיי צוגערעכענט ווערען, און וועלכע נישט. ס'איז העכסט מעגליך, אַז דאָס אויסקלייבען פון די ספרים און בעשטימען, וועלכע דאַרפען געהאַלטען ווערען פאַר היילינ, איז געמאַכט געוואָרען דורכ'ן הויכען בית־דין פון די סופרים אינ'ם ערשטען דור נאָך נחמיה'ן. אין דער דאָזיגער זאַמלונג זענען אַרייַנגענומען געוואָרען די פיער געשיכטליכע ספרים: יהושע, שופטים, שמואל און מלכים, וועלכע הייסען אויך: די עלטערע נביאים; די דריי גרעסערע ספרים פון די נביאים: ישעיה, ירמיה און יחזקאל, און די צוועלף קלענערע ספרים פון די נביאים: הושע, יואל, עמוס, עובדיה, יונה, מיכה, נחום, חבקוק, צפניה, חגי, זכריה און מלאכי, וועלכע ווערען גערופען די „שפּעטערדיגע נביאים". די אַלע דאָזיגע נבואה־ספרים זענען אָנערקענט געוואָרען פאַר „כתבי־הקודש" — די היילינע שריפטען,

זיי אַזוי צו ווערען ריין. לעבענדיג צוזאַמען מיט די פּערסער, האָבען די אידען אויך איבערגענומען שטוואָס ביי די מאַגיער; אַלענפֿאַלס, האָבען זיי זיך געפֿונען פֿיעל־וועניג אונטער זייער איינפֿלוס.

געוויס, דער הויפּט־בעגריף פֿון גאָט'ס מהות, אַלס אַן'איינציגען, גייסטיגען, ערהאַבענעם און פֿאָלקאָמענעם עצם, דער גלויבען אין איין אַלמעכטיגען גאָט איז אַזוי טיעף געווען איינגעוואָרצעלט אין אידישען האַרצען און אַריינגעדרונגען אין דער גאַנצער אידישער וועלט־אַנשויאונג, אַז דער פּערסישער בעגריף וועגען דעם גאָט פֿון ליכטיגקייט, הורמיז (אַהורא־מאַזדאַ), האָט אויף די אידישע חכמים קיין איינפֿלוס נישט געקאָנט האָבען, חאָטש דער בעגריף פֿון די פּערסער איז געווען אַ גאַנץ גייסטיגער און גאַנץ פֿרעמד פֿון דער פֿערגרעבטער געצענדיענערײַ פֿון אַנדערע פֿעלקער. די אידישע נביאים האָבען מיט זייער שאַרפֿזיניגקייט באַלד איינגעזעהען דעם טעות פֿון דער מאַגישער רעליגיע וועגען די צוויי כחות אָדער גאָטהייטען, וואָס געוועלטיגען אין דער וועלט: דער גאָט פֿון ליכט און גוטסקייט (אַהורא־מאַזדאַ), וועלכער פֿיהרט אייביג מלחמה מיט'ן גאָט פֿון פֿינסטערניש, אָדער שלעכטסקייט, אַהרימאַן (אַנגראָ מאַיניוּס). דער נביא ישעיה, וועלכער האָט פֿאָראויסגעזאָגט די מפלה פֿון בבל דורך כורש'ן, האָט אַרויסגעשטעלט געגען דעם בעגריף פֿון דער גאָטהייט ביי די פּערסער זיין אייגענעם אידישען בעגריף וועגען גאָט: „דער, וואָס בילדעט די ליכטיגקייט און בעשאַפֿט די פֿינסטערניש, וועד עס מאַכט פֿריעדען און בעשאַפֿט שלעכטס — דאָס בין איך נאָר איינער אַליין, איך, דיין גאָט, טהו דאָס אַלץ". די וועלט און די מענשען ווערען נישט געצויגען אַהין און אַהער דורך צוויי געגענווירקענדע פֿיינדליכע כחות, ווי די פּערסישע רעליגיע האָט געלערנט, נאָר אַחדות און פֿריעדען הערשט אין דער וועלט. די דאָזיגע דעה און איבערצייגונג וועגען דער איינהייט, אָדער אַחדות פֿון'ם אידישען גאָט, פֿון'ם גייסטיגען מנהיג פֿון דער וועלט, האָבען די סופרים אויך אַריינגעשטעלט אין דער פֿריהמאָרגענדיגער אידישער תפלה, כדי אַז אידען זאָלען וויסען און האָבען אַ פֿעסטע איבערצייגונג, אַז זייער גאָט איז דער „יוצר אור ובורא חשך, עושה שלום ובורא את הכל" — „ער אַליין ברענגט־אַרויס די ליכטיגקייט און בעשאַפֿט די פֿינסטערניש, ער שאַפֿט דעם פֿריעדען אויף דער וועלט און האָט די גאַנצע וועלט בעשאַפֿען".

אָבער אויב די אידען זענען געבליבען שטאַרק מיט זייער געלײַטערטער ריינער אמונה אין גאָט געגען דעם איינפֿלוס פֿון די פּערסער, האָבען זיי דאָך פֿונדעסטוועגען אַריינגענומען, מעגליך, גאַנץ אונבעוואוסטזיניג, אייניגע מנהגים און מיינונגען פֿון די פּערסער. אַלענפֿאַלס איז זיכער, אַז זיי האָבען פֿון אַלע פּערסישע אַנשויאונגען זיך געוויס נישט דערהויטערט. זייער כונה איז געוויס געווען גוט. זיי האָבען, למשל, געהויבט, אַז זיי וועלען דערהויבען די גאָטהייט, אויב זיי וועלען אַרומ־

יום־טוב און שבת, ווען אין בית־המקדש פֿלעגט מען ברענגען אויך
דעם קרבן־מוסף, פֿלעגען די קהלות אויך קומען פֿיער מאָל אָבהאַלטען
תפלות. פֿון דער אַנדער זייט ווידער פֿלעגט מען דאָס ברענגען די
קרבנות בעגלייטען אויך מיט תפלות און תהלים־געזאַנגען, און צווישען
איין עבודה און דער אַנדערער פֿלעגט מען זינגען שירים און מזמורים
מיט'ן כאָר און אין דער בעגלייטונג פֿון מוזיק. דער אַקט פֿון די קרבנות
פֿלעגט זיך אַזוי אַרום צוזאַמענגיסען מיט דער תפלה און דעם געזאַנג
און אַרויסרופֿען אַ הייליגע און ערהאַבענע רעליגיעזע שטימונג.

אָבער אין דער עבודה ביי די קרבנות אין בית־המקדש איז אויך
געווען אַ געוויסער פּונקט, וואָס האָט זעהר שטאַרק געדריקט אויף דער
שענער שטימונג פֿון דער תפלה און אויפֿ'ן פּאָעטישען גייסט, מיט וועל־
כען עס אָטעמען אַזוי שטאַרק די מזמורים פֿון תהלים און די שטעלען
פֿון די נביאים, וועלכע זענען דער הויפּט־טייל פֿון דער תפלה. דאָס איז
געווען דער פּונקט פֿון ריין און אומריין (טומאה וטהרה), וועגען וועלכען
מען האָט דאַמאָלס אַרויסגעגעבען זעהר פֿיעל דינים. דער דאָזיגער
פּונקט האָט שיער נישט אונטערגעהאַקט די פֿליגלען ביי'ם פּאָעטישען
געדאַנק, מיט וועלכען עס איז אַזוי פֿול די אידישע תפלה, און צוגענומען
ביי איהם די מעגליכקייט צו דערהויבען זיך צו די ליכטיגע הימלען, אין
דער מלוכה פֿונ'ם טיעפֿען און ערהאַבענעם פֿיהלען און דענקען, וואו דער
מענש פֿערגעסט אויף דער שפּל'ער וועלט און פֿעראייניגט זיך מיט גאָט.
אמת, אין דער תורה געפֿינען זיך אפילו אויך בעשטימטע געזעצען וועגען
טומאה און טהרה, ריין און אומריין. אַ מענש, וואָס איז טמא, טאָר
נישט ברענגען קיין קרבן, ער טאָר נישט אַריינקומען אין בית־המקדש,
ער טאָר בכלל נישט אָנריהרען זיך אָן אַ הייליגע זאַך. עס זענען אָנגע־
וויזען געוואָרען פֿערשיעדענע מדרגות פֿון אומריינקייט. דאָס געזעץ וויזט
אויך אָן, ווי אַזוי די טמאים, אָדער די טמא־געוואָרענע, קאָנען ווערען
צוריק טהור, און וואָס פֿאַר מיטלען מען דאַרף דערביי אָנווענדען; בע־
זונדערע געזעצען זענען פֿאַרהאַן פֿאַר דער אָפֿט פֿאָרקומענדע טומאה
ביי'ם אָנריהרען זיך אָן אַ מת. די ענדגילטיגע בעסטע ריינוגונג קומט־
פֿאָר דורכ'ן באָדען זיך אין קוואַל־וואַסער. אָבער די אַלע דאָזיגע דינים
פֿון דער תורה האָבען מייסטענס געהאַט אַ שייכות בלויז צו דער כהונה
און צו די לויים; און זיי וואָלטען קיינמאָל נישט דערגרייכט צו אַזאַ
גרויסער בעדייטונג און הערשונג אין לעבען פֿון גאַנצען פֿאָלק, ווען די
אידען וואָלטען אין אַ משך פֿון עטליכע יאָהרהונדערט נישט געלעבט
צוזאַמען מיט די פּערסער, וועלכע האָבען געהאַט נאָך שטרענגערע גע־
זעצען אין דער הינזיכט, ווי אידען, און האָבען זיי אָבגעהיט זעהר גענוי.
די דאָזיגע געזעצען פֿון די פּערסער שטאַמען פֿון דעם פּערסישען געזעץ־
געבער זאַראַטוסטראַ, וואָס זיינע פּריסטער, די מאַגיער, האָבען זיי אָבגעהיט
זעהר שטרענג און צוזאַמענגעשטעלט מיט משנה'דיגע דינים און מיטלען,

האט מען שוין אויך צוגעגעבען געהילף־שדים סמאל, אשמדאי מיט א מלאך המות, וועלכער לויערט אויפ'ן לעבען פון מענשען, כדי איהם וואס גיכער צו טויטען. פון די פערסישע מאגיער האבען אידען אויך איבערגענומען אבערגלויבישע פארשטעלונגען און בעגריפען, אז מען זאל מיט א לחש, אדער א צוזאמענשטעלונג פון אותיות, לויט א געוויסען כלל, קאנען ארויסרופען פערשיעדענע איבערנאטירליכע מעשים, אדער אויך, אז ארום די מתים געפינען זיך פיעל אונרייניע רוחות, שדים און מלאכי חבלה, פון וועלכע מען קאן זיך אבריינינגען נאר דורך טובל'ן זיך אין מקוואות. אלע עהנליכע בעגריפען און אמונות זענען גאנץ פרעמד געוועזען דער אלטער אידישער אמונה אין גאט, ווי מיר בעגעגנען איהר אין דער תורה, אדער אין די נביאים, אין דורך זיי איז אריינגעבראכט געווארען א נייער עלעמענט אין אידישען לעבען און אין דער אידישער וועלט־אנשויאונג: א פעסימיסטישער קוק אויפ'ן לעבען פונ'ם מענשען און אויף דער וועלט. צום גן עדן, אין וועלכען גאט האט דעם מענשען אריינגעזעצט, ווען ער האט די וועלט בעשאפען, איז צוגעגעבען געווארען א פינסטערער גיהנם...

דען אויך דער בעגריף ויעגען שכר און עונש האט זיך ענטוויקעלט אין אידענטום אונטער'ן איינפלוס פון פערסישען גלויבען. לויט דער לעהרע פון די פערסישע מאגיער, טיילט זיך איין די גאנצע וועלט אין צוויי גרויסע מלוכות: אין דער מלוכה פון ליכטיגקייט און אין דער מלוכה פון פינסטערניש. אין דער ערשטער מלוכה געפינען זיך די ריינע מענשען, די וועלכע געהען נאך דעם גאט פון דער ליכטיגקייט, און אין דער אנדערער — די אונריינע מענשען, די וועלכע דינען דעם גאט פון דער פינסטערניש. נאך דעם טויט פונ'ם מענשען בלייבט די נשמה, לויט דער אמונה פון די פערסער, דריי טעג ליגען נעבען זיין קערפער, דעם טויטען גוף; דערנאך ווערט זי אויפגענומען, אויב דער מענש איז געוועזען א צדיק, דורך יאזאטאס, צום גאט פון דער ליכטיגקייט, אין זיין ליכטיגער וועלט, אדער, אויב דער מענש איז געוועזען א רשע — דורך די פערדערבענדע מלאכים — דעוואס — אין דער וועלט פון פינסטערניש, וואו עס הערשט דער גאט פון דער פינסטערניש. די דאזיגע פארשטעלונג וועגען דעם טויט איז מיט קליינע ענדערונגען איבערגענומען אויך דורך אידען אין פרס. דען מען האט פאר'ן גלות בבל ביי אידען קיין שום בעגריף דערפון נישט געהאט. דער גארטען עדן, אין וועלכען עס האבען געלעבט אדם און חוה, איידער זיי האבען געגעסען פון עץ הדעת, לויט ווי עס דערצעהלט די תורה, האט מען פערגליכען מיט דער מלוכה פון דער ליכטיגקייט — גן־עדן — און דעם טהאל הנם, נעבען ירושלים, וואו דער מלך אחז האט אויפגעשטעלט דעם תפת און מקריב געוועזען קינדער פאר קרבנות צום שוידערהאפטען אבגאט מולך, האט מען פערגליכען צו דער מלוכה פון דער פינס־

רינגלען גאָט מיט מיליאָנען מלאכים, וועלכע שטעהען גרייט יעדען מאָמענט זיין ווילען צו ערפילען. אמת, אין די ספרים פון נביאים און אפילו אויך אין דער תורה ווערען שוין דערמאָהנט גאָט'ס שלוחים, אָדער מלאכים, אָבער דאָרט האָבען זיי נישט געהאט קיין ספּעציעלע בעשטימונג נישט אין הימעל און נישט אויף דער ערד, זיי בעדייטען אין דער ווירקליכקייט בלויז „גאָט'ס געשיקטע", שלוחים, און אַלס אַזעלכע ווערען אויך פיעל מאָל בעצייכענט בעזונדערע מענשען, ווי, למשל, די נביאים. אין פרס אָבער האָבען אידען געגעבען די מלאכים אַ בעזונדערען חאַראַקטער, לויט'ן מוסטער פון דער פּערסישער רעליגיע Yazats) און (Amescha Spentas). יעדער מלאך איז געוואָרען אַ ספּעציעלע פּערזענליכקייט מיט אַ שטענדיגער התמנות אויף אַ בעשטימטע זאַך. די דאָזיגע מלאכים האָבען זיי געגעבען בעזונדערע העברעאישע נעמען און דאַדורך נאַציאָנאַליזירט זיי. ווי, למשל, רפאל — דער מלאך, וואָס איז ממונה אויף צו קורירען חולאים, גבריאל — אויף גבורה און נצחון, אוריאל — דער מלאך פון ליכטיגקייט א. אַ. וו.

פון פרס און בבל האָבען אידען געבראַכט נישט בלויז די אמונה אין מלאכים, נאָר אויך דעם בעגריף פון מלאכי חבלה, פון רוחות און שדים. ביי די פּערסער איז דער דאָזיגער גלויבען געווען אַ גאַנץ נאַטירליכע זאַך: זייער אָבגאָט פון דער פינסטערניש, אַהרימאַן, אָדער אַנגראַ מאַיניוּס, האָבען זיי געמוזט אַרומרינגלען מיט אַ גאַנצער מחנה פינסטערע מלאכים, אָדער שדים (Dävas) כדי זיי זאָלען אַבוואַרטען דעם מענשען אומעטום און טהון איהם שלעכטס. אין די אַלטע אידישע ספרים איז אָבער אַזעלכעס נישטאָ. אין ספר איוב בעגעגענען מיר צום ערשטען אַ מין מלאך, וועלכער זוכט צו טהון שאָדען דעם מענשען — דעם שטן — ער שטעהט, פאַר גאָט און איז מקטרג אויף מענשען, אפילו אויף די בעסערע פון זיי. דאָס איז אָבער כלל נישט קיין פינסטערע קראַפט און דער וועלט, וועלכע צושטערט אַלץ, וואָס עקזיסטירט און קעמפּפט געגען אַלץ, וואָס לעבט, מיט דער בלויזער כונה, כדי צו טהון שלעכטס, כדי צו פערניכטען גאָט'ס בּרואים. ידער אידישער בעגריף וועגען גאָט איז געווען גאָר אַנ'אַנדערער: גאָט איז גוט, ער האָט אַלץ בעשאַפען און וויל נישט עמיצען פערדערבען. דער שטן אין ספר איוב איז נאָר דער קריטישער גייסט, וועלכער פאָרשט אויס דעם מענשען'ס מעשים און נעהמט אויף זיך די שווערע אויפגאַבע אויך צו פרובען איהם, צו וועט ער ביישטעהן נסיונות און בלייבען געטריי פאַר גאָט. אויף דעם דאָזיגען קריטישען גייסט שרייט אויך גאָט אָן, ווען ער וויל באמת ברענגען פערדערבען. בכלל פערנעהמט דער בעגריף „שטן" אַ גאַנץ קנאַפּען אָרט אין די עלטערע אידישע ספרים, אין די ספרים פון די נביאים, אָדער אין די כתובים. מיט דער צייט האָט זיך אָבער דער דאָזיגער בעגריף ענטוויקעלט, לויט'ן מוסטער פון די פּערסישע שדים; איהם

אויפשטעהן צום אייביגען לעבען, נאכדעם, ווי זיי וועלען זיך אויסלייטערן אין גיהנום. — אין דער אידעאלער צוקונפטיגער אידישער וועלט בע־שטעהט אלזא דאס גאנצע גליק פון די מענשען, זייער העכסט פער־גניגען, די בעלוינונג פאר זייערע גוטע מעשים, נאר דערין, וואס זיי וועלען לעבען אין א וועלט, וואס איז פיל גערעכטיגקייט און די מענשען וועלען זיין גוט, נישט שטרעבענדיג צו טהון עמיצען שלעכטס...

ווי אזוי אבער וועט פארקומען אט די אויפלעבונג פון די מתים, ווען וועט דאס פארקומען, און ווי אזוי וועט זיין איינגעארדענט דאס לעבען אין עולם-הבא? — אויף די דאזיגע שאלות האט מען קיין ענט־פער נישט געגעבען, ווייל דאס איז בכלל איבער די קרעפטען פונ'ם מענשענס פערשטאנד. די פעסטע אמונה און די זיכערע האפנונג האט אויך כלל נישט געזוכט קיין ענטפער אויף די דאזיגע שאלות; זי האט געגעבען דעם מענשען די נויטיגע רוהיגקייט און טרייסט אין דער פינ־סטערער געגענווארט, דאדורך האט זי פערלייכטערט די יסורים פון דעם ליידענדען. מעהר האט זי נישט געוואלט און נישט געדארפט געבען. דער אידישער נאציאנאלער גייסט האט אבער געמאכט זעהר פרוכטבאר די אמונה אין תחית-המתים, דען זי איז געווארען דער פונדאמענט פון א גאנצער מאראלישער וועלט-אנשויאונג.

פון דער גרויסער עפאכע, וועלכע האט געדויערט לערך צוויי הונ־דערט יאהר, פונ'ם טויט פון נחמיה ביז'ן אונטערגאנג פון דער פער־סישער מלוכה, איז אונז נישט איבערגעגאנגען קיין איין-איינציגער אידישער נאמען פון א פערזענליכקייט, וועלכע זאל זיך האבען בעזונ־דערס אויסגעצייכענט מיט איהר איינפלוס אויפ'ן גאנג פון דער אידישער געשיכטע; און דאך געהערט די דאזיגע עפאכע צו די מערקווירדיגסטע אין דער אידישער געשיכטע, דען אין איהר האט זיך ענטוויקעלט און געשטארקט דאס יודענטום, און ס'איז בעפעסטיגט געווארען זיין געבייד'ע אזוי גרינדליך, אז טויזענדער יאהרען רדיפות און שטורעמס האבען זי נישט געקאנט אומווארפען. און נישט בלויז קיין נעמען זענען אונז נישט איבערגעגעבען געווארען פון יענער צייט, עס פעהלען אויך ערצעהלונגען וועגען וועלכע עס איז געשעהענישען. די גאנצע טעטיג־קייט פון אידישען פאלק איז געווען א אינערליכע, א קולטורעלע, און די מענשען פון יענער צייט האבען קיין וויכטיגע געשעהענישען נישט גע־האט צו פערשרייבען; וועגען דעם האראקטער פון דער עפאכע גופא אבער האבען זיי נישט געקאנט שרייבען, ווייל זיי האבען איהם אליין נישט געקאנט זעהען, דען ערשט שפעטער אין די ביטערע נסיונות האט דער אידישער גייסט ארויסגעוויזען, וואס ער האט מיט זיך גע־בראכט פון דער עפאכע פון די ספרים. אין די שטארקע מעשים פון לעבען האט מען ערשט דערקענט דעם האראקטער פון דער פריהערדיגער עפאכע און איהר גרויסע בעדייטונג. עס זענען בכלל נישט געווען

טערניש — גיהנם. אין גן עדן קומען אריין צדיקים און אין גיהנם — די רשעים.

אין יענער צייט איז אויך אנגענומען געוואָרען דורך די סופרים, אַלס אַ גרונד־פּרינציפּ פון דער רעליגיע, די אמונה אין תחית־המתים. פון אַלערליי דעות און אנשויאונגען, וואָס האָבען געהערשט דאַמאַלס ביי די פערסער, איז די דאָזיגע אמונה בעזונדערס גוט אויפגענומען געוואָרען דורך אידען, ערשטענס, דערפאַר, וואָס זי דערהויבט דעם גייסט, אָנפילענדיג איהם מיט ליכטיגע האָפנונגען אויף אַ גרויסע צוקונפט, און, צווייטענס, דערפאַר, וואָס אין דער תורה און אין די נביאים געפינען זיך אין דער ווירקליכקייט אנווייזונגען אויף דער דאָזיגער אמונה. אין „דעם גרויסען שרעקליכען טאָג“, אין „דעם לעצטען טאָג פון געריכט“ האָבען די סופרים געזעהען די צייט פון תחית המתים און האָבען דעריבער אָנגענומען דאָס פאַר איינעם פון די יסודות פון אידישען גלויבען. אין דער טעגליכער פריהמאָרגענדיגער תפלה האָט מען אריינגעשטעלט די ברכה „מחיה המתים“, אַלס דאַנק דערפאַר, וואָס גאָט וועט די געשטאָרבענע שפּעטער צוריק לעבעדיג מאַכען, און איינער פון די זעהער פון יענער צייט, זעהענדיג די אונמענשליכע יסורים, וואָס אידען ליידען, קעמפפענדיג ערבּיטערט און מיט פערצווייפלונג געגען דעם פיינד, וואָס האָט געשטרעבט זיי צו פערניכטען, כדי אידען זאָלען פערשווינדען אַלס אַבגעזונדערט פאָלק,— האָט ער זיי געטרייסט מיט דער ערקלערונג: „פיעל פון די, וועלכע שלאָפען שוין אין שטויב פון דער ערד, וועלען ערוואַכען און אויפכאַפּען זיך צוריק, איינינע — צום לעבען, און אַנדערע — צו איביגער חרפּה און פערדערבונג“. פון דער שענער אמונה אין „תחית המתים“ האָט זיך ענטוויקעלט אויך די נישט ווענינער שענע אמונה אין „שכר ועונש“—ד. ה., אַז גאָט וועט בעצאָהלען אין דער „צוקונפטיגער וועלט“— אין עולם־הבא—מיט גוטס דעם, וואָס האָט גוטס געטהון אויף דער וועלט, און מיט גרויסער בעשטראָפונג דעם, וואָס האָט געפיהרט אַ פערברעכעריש לעבען. וועגען דעם „עולם הבא“ האָט זיך דער אידישער גייסט אויסגעאַרבייט אַ גאַנץ רייכע בעצויבערטע וועלט, וועלכע איז ערהאַבען און שען, גוט און פול ליעבע, — אַנ׳איביג לעבען אין אַ וועלט, וואָס איז איינגאַנצען גוט. אין „עולם הבא“ — דאָס הייסט: אין דער גרויסער צוקונפט וועלען אַלע שלעכטיגקייטען פון לעבען אויסגעבעסערט ווערען, אַלע אונגערעכטיגקייטען פון די מענשען וועלען פערשווינדען. די פרומע און גוטע לייט, וועלכע האָבען אַבגעהיט די תורה און געפיהרט אַ לעבען פון גערעכטיגקייט, די, וועלכע האָבען אויך פיעל געליטען אויף דער וועלט, וועלען אויפשטעהן פון זייערע קברים ריינע און אויסגעלייטערטע. אפילו אויך די זינדיגע מענשען, וועלכע האָבען אָבער בעזונדיגט נאָר צוליעב זייער לייכטזיניגקייט און שוואַכקייט, וועלען

דאזיגע מחנות. ס׳איז קיין ספק נישט, אז אידען זענען דערביי נישט געבליבען גאר נישט אנגערירט, ווארום אויב מען האט זיי אפילו נישט געצוואונגען צוצושטעלען מחנות צו דער פערסישער ארמעע, האט מען דאך אבער געווים געפאדערט פון זיי אויסצוהאלטען די פערסישע ארמעע אין זייער לאנד מיט אלעם נויטיגען. אויך די בעציהונג פון אידען צו די פערסישע מלכים בכלל איז דאמאלס שטארק פערערגערט געווארען, וויל אונטער׳ן פרעמדען איינפלוס זענען די פערסישע מלכים געווארען העסליכע געצענדינער. זייער ריינערע רעליגיע פון אהועסטא, וועלכע האט פערבאטען צו בוקען זיך פאר אבגעטער, האבען זיי פער־לאזען און אנגעהויבען דינען דער געטין פון גלוסטיגקייט, וועלכע די פערסער האבען געטראפען אין אלע לענדער, וואס זיי האבען איינגע־נומען, אונטער פערשידענע נעמען, אבער מיט׳ן זעלביגען כאראקטער; זי האט געהייסען אין איין לאנד בעלטים, אין׳ם צווייטען — מיליטע, אין׳ם דריטען — אפראדיטא, — איבעראל איז זי אבער געווען די זעל־ביגע מיט איהרע פערפיהרערישע זנות־מעשים. וואס האבען אויך פער־פיהרט די פערסער, וועלכע זענען שוין אהן דעם אויך געווען שטארק אויסגעלאסען, נאכדעם ווי זיי זענען רייך און שטארק געווארען דורכ׳ן איינגעהמען פיעל לענדער און פעלקער. ווי נאר די פערסער האבען אריינגעבראכט ביי זיך די שאנד־געטין, האבען זיי זי נאציאנאליזירט, געבענדיג איהר א פערסישען נאמען אנאהיטא און אריינברענגענדיג זי אין זייער מיטאלאגיע. ארטאקסערקסעס דער דריטער האט איהר דיענסט איינגעפיהרט אין זיין גאנצער מלוכה, אויסשטעלענדיג איהרע בילדער אין זיינע דריי הויפט־שטעדט: בבל, שושן און עקבאטאנא, ווי אויך אין דמשק, סארדעס און אין אלע איבריגע שטעדט פון פרס און באקטריען. דאדורך האט די פערסישע רעליגיע דאפעלט געליטען: מען האט זי ביסלעכווייז פערנאכלעסיגט און מען האט אנגעהויבען דיענען צו בילדער. עס איז אבער דאדורך אויך בטל געווארען דער גייסטיגער פערבאנד צווישען די אידען און די פערסער, וועלכע האבען ביז איצט אויך אזוי געהאסט דעם דיענסט צו די בילדער, ווי אידען. די פערסער הייבען שוין איצט אויפגעהערט צו פערערען שטארק דעם אידישען גאט, אזוי ווי זיי האבען עס געטהון פריהער. ווי עס שיינט, האט ארטא־קסערקסעס געצוואונגען די פעלקער, וואס זענען איהם געווען אונטער־טעניג, אנצונעהמען ביי זיך דעם דיענסט פון דער געטין פון גלוסטיג־קייט, און אויך אידען האט מען דערצו געצוואונגען, וויל די היסטא־ריקער פון יענער צייט דערצעהלען, אז די לעצטע פערסישע סאטראפען האבען אפט בעהאנדעלט זעהר שלעכט די אידען און זיי מבזה געווען, צווינגענדיג זיי, אבצוזאגען זיך פון זייער אמונה; אידען האבען אבער בעסער געליטען רדיפות, די גרויזאמסטע בעהאנדלונג און אפילו אויך דעם טויט, אבי נאר צו בלייבען געטריי דער אמונה פון זייערע אבות.

דאַמאָלס קײן געשעהעניששען, פֿון װעלכע מען זאָל קאָנען מאַכען געשיכטע. ערשט שפּעטער, פֿון דערװײַטען, האָט מען אײַנגעזעהן, אַז די אמת'ע געשיכטע פֿון פֿאָלק, זײַן װאַקסען און זײַן ערציהונג, זײַן בילדונג און פֿאַרבעריטונג צו אַ לאַנג לעבען — אַז דאָס אַלץ איז פֿאָרגעקומען אין דער דאָזיגער שטילער עפּאָכע. דער מענש אָבער פֿון דער צײַט האָט זיך אַלײן געפֿונען אינגאַנצען אונטער'ן אײַנפֿלוס פֿונ'ם לעבען, אַז עס זאָל איהם אפילו אויך גאָר אײַנפֿאַלען צו פּרובירען שרײַבען עטװאָס װעגען איהם. און װאָס פֿאַר געשעהענישען האָט מען דען געקאָנט פֿערצײכענען? דאָס פֿאָלק האָט זיך בעשעפֿטיגט מיט אַ פֿרידליכער קולטור־אַרבײט. יאָהר־אײַן, יאָהר־אויס האָט מען דאָס לאַנד בעאַרבײט, געערטנער און סעדער געזעצט און געפֿלאַנצט און אָבגעטײלט דעם אָרימאַן אַלץ, װאָס די תּורה האָט געהײסען. אין דער פֿרײַער צײַט פֿלעגט מען געהן אין די שולען, צו הערען תּורה לערנען און אויך לערנען מיט די אײגענע קינדער, אָדער מען פֿלעגט קײַן ירושלים עולה־רגל זײַן, כּדי צו געפֿינען זיך אַרום בית־המקדש און לעבען מיט'ן כּלל־ישׂראל צוזאַמען. פֿון קײן געװעהר האָט מען נישט געװאוסט; מעגליך, אַז מען האָט אפילו אויך נישט געהאַט קײן געװעהר אויף צו קאָנען בעשיצען זיך פֿון די אַרומיגע שכנים, אויב זײ װאָלטען געװאָלט מאַכען אַנ'אָנפֿאַל. דאָס לאַנד יהודה מיט זײַן בעפֿעלקערונג האָט איצט פֿאָרגעשטעלט אַ בילד, װי עס האָט איהם יחזקאל געזעהען אין זײַן נבואה: „אַ לאַנד, װאָס האָט זיך אָבגעװענדעט פֿונ'ם שװערד, אײַנגעזאַמעלט געװאָרען פֿון פֿיעל פֿעלקער אויף די בערג פֿון ישׂראל". אַזאַ פֿריעדליך, שטיל לעבען האָט װעניג אינטערעס פֿאַר יענעם היסטאָריקער, װעלכער פֿערשרײַבט בלויז געװאַלדיגע געשעהענישען, און דער רוהיגער בעאָבאַכטער קאָן ערשט נאָך פֿערלויף פֿון פֿיעל יאָהרען גוט אײַנזעהן זײַן װירקליכע בעדײַטונג.

אין דער מלחמה־בעװעגונג, װעלכע איז פֿאָרגעקומען אויף די גרענניצען פֿון ארץ־ישׂראל, האָט דאָס אידישע פֿאָלק געװיס קײן אָנטײל נישט גענומען. אונטער אַרטאַקסערקסעס (אַרתּחשסתּא) דעם צװײטען (404—362 פֿאַר דער אַלגעמײנער צײַט־רעכנונג), װעלכער האָט געהאַט דעם צונאָמען מנעמאָן, װי אויך אונטער אַרטאַקסערקסעס דעם דריטען מיט'ן צונאָמען אָכוס (362—338 פֿאַר דער אַלגעמײנער צײַט־רעכנונג), האָבען די מצרים'ער נישט־צופֿריעדענע פֿערװאַלטער, װעלכע האָבען זיך גערופֿען מלכים, געפּרובט מאַכען אַנ'אויפֿשטאַנד, כּדי אָבצופֿאַלען פֿון פּרס און װערען צוריק אונאָפּהענגיג, װי פֿאַרצײַטען. אָפֿט פֿלעגען דורכגעהן דורך ארץ־ישׂראל בײַ די ברעגען פֿון ים גרויסע אַרמײען — פּערסישע — קײן מצרים, און מצרים'ער קײן פֿעניקיען; אויך גריכישע געדונגענע מחנות, װעלכע האָבען געדיענט אין אײנער אָדער אין דער אַנדערער אַרמײ, פֿלעגען אָפֿט דאָרט דורכגעהן, און די אידען האָבען פֿון זײערע בערג אַרונטער געקאָנט בעאָבאַכטען די בעװעגונג פֿון די

שטאַרק בייז איבער דער מערדערײַ, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין בית־המקדש, און האָט בעשטראָפֿט די בעפֿעלקערונג פֿון ירושלים, צו בעצאָהלען איהם אַ גרויסע סומע געלד פֿאַר יעדען שעפּס, וואָס מען ברענגט טעגליך פֿאַר אַ קרבן־תמיד אין בית־המקדש. דאָס געלד האָט געמוזט אויסגעצאָהלט ווערען יעדעס מאָל, איידער מען ברענגט דעם קרבן. באַגאָזעס האָט אויך געוואָלט אַרײַנקומען אין קודש הקדשים, און ווען די כהנים האָבען איהם פֿערשטעלט דעם וועג, ערקלערענדיג, אַז דאָס איז פֿערבאָטען פֿאַר אַ זײַטיגען מענשען, האָט ער זיך אויסגעלאַכט פֿון זיי, און געזאָגט, אַז דאָרט, וואו עס איז פֿאָרגעקומען אַ ברודער־מאָרד, מעג ער שוין אוודאי אַרײַנקומען. באַגאָזעס האָט געדריקט אידען אין אַ משך פֿון זיבען יאָהר, רײַסענדיג בײַ זיי גרויסע סומעס געלד.

אין יענער צײַט איז אידען אויסגעקומען צו פֿיהרען אַ האַרטען קאַמפּף פֿאַר זייער עקזיסטענץ. בכלל האָבען אידען אין די ערשטע צוויי הונדערט יאָהר פֿון צווייטען בית־המקדש געזעהען ווייניג נחת אין זייער פּאָליטיש־עקאָנאָמישען לעבען. נאָר אין דער ערשטער צײַט, באַלד נאָך דעם קומען צוריק פֿון בבל, אונטער דער רעגירונג פֿון דריוש דעם ערשטען, וועלכער איז געווען גנעדיג פֿאַר אידען, ווי אויך אין נחמיה'ס צײַט, האָבען אידען איבערגעלעבט ליכטיגע מאָמענטען. אין דער גאַנצער איבעריגער צײַט, אָבער, זענען זיי געווען זעהר געדריקט און אָרים; זיי האָבען געלעבט אין אַ צושטאַנד, וועלכער מוז דערוועקען רחמנות דורך זײַן פֿאָלקאָמער הילפֿלאָזיגקײַט. זיי האָבען געמאַכט אַן אײַנדרוק פֿון אַ געמיינדע אָרימע לײַט, וואָס שטעהען שטענדיג און קוקען צום הימעל, מיט אויגען, פֿיל טרערען, און מיט אַ פֿערקלעמט האַרץ וואַרטען זיי אַן ענטפֿער אויף זייער פֿראַגע: „פֿון וואַנען וועט אונזער הילף קומען"? די שפּורען פֿון אָרימקײַט און שוואַכקײַט קאָן מען אויך געפֿינען אין די געצעהלטע ספרים, וועלכע זענען בײַ אונז איבערגעבליבען פֿון יענער צײַט. אין גלית בבל האָט דאָס אידישע געמיט געלעבט מיט זײַן ליעבע פֿאַר דעם טײַערען פֿאָטערלאַנד און די שטענדיגע אָנגעשטרענגטע ערוואַרטונג פֿון ישועות, ווען מען וועט שוין געהאָלפֿען ווערען צו קאָנען קומען צוריק אַהיים — אָט די ערוואַרטונג האָט בעשאַפֿען גרויסע נבואות און אַ רײַכע פּאָעזיע. ווי נאָר אָבער די האָפֿנונג איז ערפֿילט געוואָרען און די אויפֿרעגונג האָט אויפֿגעהערט, זענען בײַ'ם פּאָעטישען גײַסט אונטערגעהאַקט געוואָרען די מעכטיגע פֿליגלען. יענע תהלים־געזאַנגען, וועלכע שטאַמען פֿון דער לעצטער צײַט, צייכענען זיך שוין אויס דורך זייער שוואַכקײַט; עס פֿעהלט אין זיי דער יונגער שטאַרקער גײַסט פֿון דער פּאָעזיע, דאָס טיעפֿע געפֿיהל און די וויכטיגקײַט פֿון די עלטערע מזמורים. אפילו דער ריהיגער גײַסט, וועלכער האָט געשוועבט איבער די געשיכטליכע ספרים פֿון דער אַלטער צײַט, פֿעהלט שוין איצט. די ספרים פֿון עזרא און נחמיה זענען מעהר ענליך צו מע־

גוואונדערליכע זאך ווערט ערצעהלט פון יענער צייט: דער פערסישער קעניג, ארטאַקסערקסעס־אָכוס דער דריטער, האָט, בשעת זיינער א מלחמה געגען מצרים (361—360 פאַר דער אלגעמיינער צייט־רעכנונג) פער־טריבען פיעל אידען פון ארץ־ישראל און בעזעצט זיי אין הירקאַניען אויף די ברעגען פון קאַספישען ים.

אין ירושלים האָבען אידען דאמאָלס פיעל געליטען פון איינעם פון יענע אויפגעקומענע לייט, וועלכע האָבען זיך דערהויבען פון נידע־ריגען שטאנד אזש ביז'ן טהראָן, נאָר א דאנק דער אויסגעלאסענהייט פון פערסישען קעניגליכען הויף און דער וואקסענדער שוואכקייט פון דער מלוכה בכלל. דאָס איז געווען דער סריס באַגאָאַס, אָדער באַגאָזעס, הערכבער האָט אין דער רעגירונג פון ארטאַקסערקסעס דעם דריטען דער־גרייכט צו אזא מאכט, אז ער האָט פאקטיש דערוויטערט פון טהראָן דעם דאָזיגען קעניג מיט זיין קעניגליכער משפחה און האט געקאָנט ארויפ־זעצען אויפ'ן טהראָן וועמען נאָר ער האָט געוואָלט. צו זיין מאכט האָט ער דערגרייכט אין אידישען לאנד, וואו ער איז געווען א ממונה אויף דער פערסישער ארמעע, וועלכע איז געווען אין סיריען און פע־ניקיען, און דארט האט ער אויסגענוצט זיין ממשלה, כדי בדלות צו שטעלען די בעפעלקערונג און אנזאמלען גרויסע עשירות. צום דאָזיגען כאַטראַפּ האָט זיך געווענדעט דער זוהן פונ'ם כהן גדול, ישוע, א מענש, וואָס האָט שטארק ליעב געהאַט כבוד, און אונטערגעקויפט איהם מיט געלד, אז ער זאָל איהם בעשטימען פאַר א כהן־גדול נאָך זיין פאטער'ס טויט, אנשטאַט זיין עלטערען ברודער, יוחנן. ישוע און יוחנן זענען געווען די זיהן פונ'ם כהן־גדול יהוידע, וואָס זיינע קרובים האָבען זיך מתחתן געווען מיט סנבלט'ן, און דאריבער האָט זיי נחמיה ארויסגע־טריבען פון לאנד יהודה. דאמאָלס האָבען זיי אויפגעבויט דעם מקדש אויפ'ן בארג גריזים פאַר די שומרונים. נאָך יהוידע'ס טויט איז זיין יונגערער זוהן ישוע ארויסגעטראטען מיט א פאדערונג, אז מען זאָל איהם בעשטימען אין בית־המקדש אין ירושלים פאַר א כהן־גדול. גע־האָפט האָט דערביי ישוע אויף דער שטיצע פון פערסישען סאטראַפּ באַ־גאָזעס זיין עלטערער ברודער, יוחנן, איז אזוי שטארק אויפגערעגט גע־וואָרען. דערוויסענדיג זיך וועגען דער דאָזיגער פאָדערונג, אז ער האָט דער'הרג'עט זיין ברודער ישוע אין בית־המקדש, נישט רעכענענדיג זיך דערמיט, וואָס ישוע איז געשטאנען אונטער'ן שוץ פון סאַטראַפּ באַ־גאָזעס. דער דאָזיגער ברודער־מאָרד איז געוואָרען זעהר א טרויעריגע התחלה פון א שלעכטער צוקונפט. ווען באַגאָזעס האָט זיך דערוואוסט וועגען דעם מאָרד, איז ער געקומען קיין ירושלים, אבער נישט כדי צו מישפּט'ן דעם מערדער, אדער צו נעהמען נקמה פאַר'ן ערמאָרדען זיין בעשיצטען מענשען, נאָר כדי אויסצופרעסען געלד ביים אידישען פאָלק. באַגאָזעס האָט געמאַכט דערביי א אָנשטעל, ווי ער איז כלומרש'ט

מוּאַרעֶן, צוּ פֿעֶרצײַכנוּנגעֶן פֿוּן פֿעֶרזעֶנליכעֶ זכרונות, אײדעֶר צוּ געֶשיכטעֶ. זײ צײַכעֶנעֶן זיך אוֹיס דוּרך זײעֶר קוּרצקײַט אוּן דוּרכ׳ן פֿעֶהלעֶן פֿוּן אַ ליטעֶראַרישעֶר פֿאָרם. שוֹין גאָר אין סוֹף פֿוּן דעֶר דאָזיגעֶר עֶפּאָכעֶ איז פֿעֶרעֶפֿעֶנטליכט געֶוואָרעֶן דעֶר ספר „דברי הימים“, אָדעֶר די היסטאָרישעֶ כראָניק, וועֶלכעֶ הוֹיבּט זיך אָן פֿוּן אָדם׳ן אוּן עֶנדיגט זיך בּיז כּוֹרש׳עֶס צײַט, ווען עֶר האָט עֶרלוֹיבּט צוּ בּוֹיעֶן דעֶם צווײטעֶן בּית־המקדש. דאָ געֶפֿינעֶן זיך זעֶהר וויכטיגעֶ זכרונות פֿוּן דעֶר אַלטעֶר צײַט, אָבּעֶר זעֶהר ווענינ פֿוּן דעֶר לעֶצטעֶר צײַט. קעֶנטיג, אַז דעֶר מחבר פֿוּן „דברי הימים“ האָט געֶזעהעֶן די ספרים עזרא אוּן נחמיה אוּן האָט זײ טײלווײַז בּעֶאַרבּײַט.

נאָך בּײַ׳ם לעֶבּעֶן פֿוּנ׳ם מחבר פֿוּן ספר „דברי הימים“, אָדעֶר בּאַלד נאָכ׳ן שלוּם פֿוּנ׳ם ספר, האָט זיך אָנגעֶהוֹיבּעֶן אַ גאַנץ נײַעֶ עֶפּאָכעֶ, וועֶלכעֶ האָט דעֶרוועֶקט די אידעֶן אוּן דאָס יוּדעֶנטוּם צוּ אַ נײַעֶר אָנגעֶשטרעֶנגטעֶר טעֶטיגקײַט אין געֶצוואוּנגעֶן זײ אוֹיך אוֹיסצוּשטעֶהן גרוֹיסעֶ נסיוֹנוֹת. די דאָזיגעֶ נײַעֶ צײַט האָט מיטגעֶבּראַכט דער העֶלעֶניזם, אָדעֶר די גריכעֶן מיט זײעֶר גריכישעֶר קוּלטוּר. דאָס גריכישעֶ פֿאָלק אוּן דעֶר גריכישעֶר גײַסט האָט איבּעֶראַל, וואוּ עֶר איז אַרײַנגעֶדרוּנגעֶן, איבּעֶרגעֶאַרבּײַט די אָנשוֹיאוּנגעֶן, דאָס דעֶנקעֶן, די מדות אוּן דעֶם אוֹפֿן לעֶבּעֶן פֿוּן די פֿעֶלקעֶר אוּן מעֶנשעֶן. די פֿעֶהיגעֶ פֿעֶלקעֶר זעֶנעֶן דוּרך דעֶם גריכישעֶן גײַסט דעֶרהוֹיבּעֶן געֶוואָרעֶן אוֹיף אַ העֶכעֶרעֶר מדרגה פֿוּן קוּלטוּר. אָבּעֶר די פֿעֶרבּרײטוּנג פֿוּן דעֶר גריכישעֶר קוּלטוּר, דוּרך גרוֹיסעֶ נצחונות אין דוּרך אַ שטאַרק ענטוויקעלטעֶר פּאָליטישעֶר קראַפֿט, איז פֿעֶרווירקליכט געֶוואָרעֶן נישט דוּרך די גריכעֶן גוּפֿא, נאָר דוּרך די מאַקעֶדאָניעֶר — אַ פֿאָלק, וואָס איז געֶוועֶן אַ געֶמיש פֿוּן גריכעֶן אוּן פֿעֶרשידעֶנעֶ בּאַרבּאַרישעֶ פֿעֶלקעֶר.